שמעון דובנאָוו.

# אַלגעמיינע
# אידישע געשיכטע

פון די עלטסטע צייטען ביז דער נייער צייט

איבערגעזעצט פון ה. קאַלמאַנאָוויטש.

## דריטער טייל.

די אלטע געשיכטע (א).

פון גלות־בבל ביז דער בעפרייאונג פון מלכות יהודה דורך די חשמונאים.




ווילנע, תר"ף — 1920.

# אינהאלט פון דריטען טייל.

די אַלטע געשיכטע (א):

## ערשטע אָבטיילונג.

גלות=בבל און די פערסישע הערשאַפט (586—332 פאַר קריסט.)



## צווייטע אָבטיילונג.

די גריכישע אויבערהערשאַפט: די תלמיים און סעלייקידען (332—140 פאַר קריסט.).

# דרוקפעהלער

## צום דריטען טייל.

| זייט | שורה | | געדרוקט: | דארף זיין: |
|---|---|---|---|---|
| 5 | 10 | פון אויבען | אין דאָס | איז דאָס |
| 17 | 2 | „ | בע ענוגענט זיך | בעגענוגענט זיך ניט |
| 27 | 1 | פון אונטען | פערשיסער | פערסישער |
| 29 | 2 | פון אויבען | זבכרול | זרבבל |
| 59 | 7 | „ | גאָטעסדיענס | גאָטעסדיענסט |
| 59 | 6 | פון אונטען | זיין | איהר |
| 65 | 15 | פון אויבען | אויף | אויך |
| 94 | 13 | פון אונטען | אטעניאָן | אנטעניאָן |

# ערשטע אבטיילונג.

## גלות-בבל און די פערסישע הערשאפט.

(586—332 פאר קריסט.).

### אלגעמיינער איבערבליק.

§ 1. נאכדעם, ווי דאס קעניגרייך יהודה איז געפאלען אונטער די קלעפ פון מלכות-בבל, האט זיך געענדיגט דער יוגענד-פעריאד פון אידישען פאלק. אנגעהויבען האט זיך דער דאזיגער פעריאד, בשעת די וואנדערנדע בני-ישראל זענען אריין אין כנען, און געענדיגט האט ער זיך, בשעת מ'האט אוועק-געפיהרט די געפאנגענע אידען קיין בבל. צווישען די דאזיגע צוויי מאמענטען ציהט זיך אנ'עפאכע פון 800 יאהר. אין משך פון דער צייט איז דאס וואנדער-פאלק געווארען לכתחלה א ישוב-פאלק, און דערנאך א פאליטישע נאציע, וואס האט ארויסגעוויזען א פעהיגקייט צו א מעכטיגער גייסטיגער שאפונג, און צולעצט ווידער — א צעשפרייטע, וואנדערנדע מאסע.

דאס איז געווען א שטורמישע יוגענד, וואס האט זיך אויסגעצייכענט דורך גרויסע בעוועגונגען און איבערקעהרענישען אין סאציאלען און גייסטיגען לעבען, דורך נצחונות און מפלות, דורך גענִיאלע אויסדרוקען פונ'ם שאפונגס-גייסט און קינדערשע טעות'ן. ס'איז געווארען איינגענומען א טעריטאריע אויף די ברעגען פון ירדן, צווישען די צוויי וועלט-מלוכות — מצרים און מעסאפאטאמיען; די שבטים פון ישראל, וואס האבען דארט בעזעצט, האבען זיך פאמעליך צונויפגעשמאל-צען אין איין פאלק; ס'איז פארבייגעלאפען, ווי א גלענצענדער מעטעאר, די צייט פון די ערשטע מלכים — און די פעראייניגטע מלוכה איז צעשפאלטען גע-ווארען אויף צוויי טיילען, מחמת ס'האט געהערשט צווישען פאלק א גייסטיגער סעפאראטיזם, און אימליכער שבט האט געוואלט זיין פאר-זיך; ס'איז שארפער געווארען דער פאליטישער קאמפף אינעווייניג אין כנען און פון אויסווייניג; עס האבען ערקלונגען די אונשטערבליכע רעדעס פון די נביאים, די אמת'ע שאפער פון דער אלטער יהדות; אשור — דער מושל בכפה — האט איינגעשלונגען דאס צעהנדיגע קעניגרייך ישראל מיט זיינע איינוואוינער, און אין אנדערהאלבען יאהר-

הונדערט יאָרן האָט אשור׳ס יורש, בבל, חרוב געמאַכט אויך דאָס דרום׳דיגע קעניגרייך יהודה, האָט צעשלײַדערט אויף אַלע עקן וועלט און אַוועקגעפֿירט אין גלות דעם בעסטען טייל פֿון די אידען. און איצטער איז די געפֿאַנגענע נאַציע געזעסען ביי די וואַסערן פֿון בבל און האָט בעוויינט איהר פֿערלאָרענע יוגענד.

אונטער די שווערסטע נסיונות איז פֿאָרגעקומען אין לעבען פֿון אידישען פֿאָלק דער איבערגאַנג פֿון יוגענד צום בגרות-פּעריאָד. דער האַלב-הונדערט-יאָהריגער גלות-בבל (586—537) איז דאָס געווען די איבערגאַנגס-צייט. דאָס פֿאָלק „ישראל" פֿונם קעניגרייך שמרון האָט די נסיונות ניט געקאָנט בײַשטעהן — און איז אומגעקומען אין אַסירישען שטראָם, וואָס האָט איהם פֿערפֿלייצט. דאָס פֿאָלק פֿון יהודה איז אָבער גלענצענד בײַגעקומען דעם שווערען נסיון און האָט בעוויזען, אַז עס זענען פֿאַראַן אײַזערנע אָרגאַניזמען, וואָס דער האַמער פֿון דער געשיכטע שמידט זיי נאָך פֿעסטער צונויף, אַנשטאַט זיי צו צעברעקלען. די אידען האָבען אַפֿילו אין גלות בעהאַלטען זייער נאַציאָנאַל-רעליגיעזע איינהייט, און האָבען דערוואַרט זיך שפּעטער אַפֿילו אויף אַ פּאָליטישער אויפֿלעבונג, הגם אין אַ געמינערטער געשטאַלט.

דער פּראָצעס פֿון גייסטיגער בענייאונג, וואָס האָט געראַטעוועט די **נאַציע**, איז פֿאָרגעקומען ניט אין לאַנד נאָכדעם ווי די מלוכה איז אונטערגעגאַנגען, — אין יהודה, וואָס איז געווען חרוב ומוחרב און וואו ס׳איז דער עיקר פֿערבליבען מעהר ניט די אָרימע דאָרפֿישע בעפֿעלקערונג (דלת-הארץ), נאָר אין „גלות-לאַנד" בבל, וואוהין ס׳איז פֿערטריבען געוואָרען די גאַנצע גייסטיגע און יחוס-אַריסטאָקראַטיע פֿון פֿאָלק. אָבגעריסען פֿון פֿאָטערלאַנד און פֿאָרט פֿעראייניגט דורך געמיינזאַמע געפֿיהלען, אמונות, מנהגים און האָפֿנונגען אויף דער צוקונפֿט, — האָבען די אידישע פֿערטריבענע ערשט דאַ בעגומען די טיפֿע אידעע פֿון די נביאים: אַז דער עצם קראַפֿט פֿון דער נאַציע ליגט נאָר אין איהר גייסטיגער אחדות. זיי האָבען געוואוינט אויף די ברעגען פֿון פרת ענג פֿערבונדען צווישען זיך, האָבען זיך ניט צונויפֿגעמישט מיט די אָרטיגע איינוואוינער און מיט טיעפֿער איבערגעבענהייט האָבען זיי אָבגעהיט זייער אייגענאַרטיגע קולטור. אין דער פֿרעמד איז שטאַרקער געוואָרען דער אינסטינקט פֿון נאַציאָנאַלער זעלבסטאיינהיטונג, און צווישען די גולי-בבל האָט געהערשט מעהר אחדות, איידער פֿריהער צווישען די פֿרייע איינוואוינער פֿון ירושלים. די גייסטיגע שאַפֿונג לא די, וואָס זי איז ניט אָרימער געוואָרען, נאָר זי האָט זיך אַפֿילו פֿערשטאַרקט אין גלות. דער נביא פֿון דער „עמיגראַציע", יחזקאל, און בעזונדערס „ישעיה דער צווייטער", האָבען געשאַפֿען די געניאַלסטע ווערק אין דער ליטעראַטור פֿון די נביאים. אין די רעדעס פֿונם ערשטען האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט דער פֿערפּלאָנטערטער איבערווייניגסטער קאַמפּף פֿונם ערשטען דור פֿון די פֿערטריבענע און די שטרעבונגען פֿון די בעסטע מענשען צו אַ גייסטיגער אויפֿלעבונג. אין די רעדעס

פֿונים לעצטען קלינגט דער פֿרישער און מינטערער חוף ווידער אויפֿצושטעלען דעם חרוב׳ען סאָציאַלען געביי אין דער פֿערלאָזענער היים.

ווידער אויפֿלעבען די אידישע מלוכה איז געוואָרען מעגליך אַ דאַנק דעם, וואָס מלכות־בבל איז אונטערגעגאַנגען. די צווייטע וועלט־מאַכט נאָך אַסיריען איז געפֿאַלען — די איבערהערשאַפֿט איז אַריבער צו פּערסיען, וואָס דעם אָנהויב פֿון איהר ממשלה האָט בעפֿעסטיגט דער גרויסער ערָאָבערער קירוש (כורש מלך פּרס). די נייע וועלט־מלוכה האָט אַריינגעצויגען מלכות־יהודה אין איהר מאַכט־ספֿערע. נאָר די ממשלה פֿון פּערסיען האָט זיך ניט אָנגעהויבען אַזוי, ווי די ממשלה פֿון די פֿריהערדיגע צוויי וועלט־מלוכות — אשור און בבל. די פּערסער זענען די ערשטע צייט געווען ניט די אונטערדריקער פֿון די אידען, נאָר זייערע בעפֿרייער. כורש, דער נייער מושל פֿון אַזיען, האָט בעקומען בירושה פֿון בבל דאָס חרוב׳ע לאַנד יהודה, וואָס האָט געהאַט אָנגעוואָרען דעם בעסטען טייל פֿון זיינע איינוואוינער און ערטערווייז האָבען עס געהאַט פֿערנומען די אַרומיגע שבטים. כורש האָט געגעבען די מעגליכקייט די צעזייטע און צעשפּרייטע אידען זיך אומצוקערען אין זייער געבאָרען־לאַנד און עס ווידער איינצואָרדנען אויף די יסודות פֿון אַנ׳אַוטאָנאָמער פּערסישער פּראָווינץ. אַ טייל פֿון די פֿערטריבענע האָבען דאָס באַלד אויסגענוצט; דער אַנדער טייל איז אַפֿילו דערווייל געבליבען זיצען אין בבל און אין פּערסיען, נאָר ער האָט אונטערגעהאַלטען שטענדיגע בעציהונגען מיט פּאַלעסטינע און האָט געשיקט אַהין פֿון צייט צו צייט נייע גרופּען עמיגראַנטען.

אויף אַזאַ אופֿן האָט די איבערהערשאַפֿט פֿון פּערסיען געבראַכט די אידען אַ בעפֿרייאונג פֿון זייער פֿאָטערלאַנד און די אויפֿלעבונג פֿון דער נאַציע. דאָס פּאָליטישע לעבען איז דערווייל נאָר טיילווייז צוריק איינגעפֿיהרט געוואָרען: מלכות־יהודה איז ניט געוואָרען אַ זעלבשטענדיגע מלוכה מיט אַ נאַציאָנאַלער דינאַסטיע בראש, נאָר זי איז געוואָרען אַ טעאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס האָט געהערט צו דער סירישער סאַטראַפּיע פֿון דער פּערסישער מאָנאַרכיע. נאָר די דאָזיגע פּאָליטישע אָבהענגיגקייט איז ניט געווען זעהר שווער פֿאַר מלכות־יהודה, וואָס האָט געהאַט אַ ברייטע אינעווייניגסטע זעלבסטפֿערוואַלטונג. אמת טאַקע, אַז די פּערסישע איבערהערשאַפֿט האָט אָבגענומען ביים אידישען פֿאָלק אַ געוויסען טייל פֿון פּאָליטישער זעלבשטענדיגקייט, דערפֿאַר אָבער האָט זי עס בעפֿרייט פֿון דער זאָרג צו בעשיצען זיין טעריטאָריע קעגען אויסווייניגסטע פֿיינד. אויף אַ לאַנגער צייט איז מלכות־יהודה געווען בעפֿרייט פֿונים געוועהנליכען מיליטעריש־פּאָליטישען רעזשים, וואָס ווערט אַרויסגערופֿען דורך דער נויטווענדיגקייט צו פֿערטיידיגען דאָס לאַנד, — און די פֿאָלקס־ענערגיע, וואָס איז אויף אַזאַ אופֿן פֿריי געוואָרען, האָט געקאָנט געפֿינען אַנ׳אויספֿלוס אין סאָציאַלען און גייסטיגען געביט.

## ש. דובנאָוו

דער ערשטער יאָרהונדערט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט קאָן אָנגערופֿן ווערן דער יאָרהונדערט פֿון דער „רעסטאַוראַציע". לכתחילה איז געוואָרן באַזעצט דער צענטער — ירושלים און די סביבה, צו ביסלעכווײַז ווערן אויסגעבויט צוריק די חרבֿע שטאָט און דער בית־המקדש, און מחודש אײַנגעשטעלט אַ געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג, וואָס איז אָבער דערווײַל נאָך שוואַך. די דאָזיגע ערשטע רעסטאַוראַציע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט די נעמען פֿון זרובבֿל און ישוע, האָט געדויערט אַנערך 20 יאָר (537—616). אין פֿופֿציג יאָר אַרום איז נייטיג געווען אַ צווייטע רעסטאַוראַציע, וואָס האָט פֿאַרברייטערט און פֿאַרפֿעסטיגט די נאַציאָנאַל־גײַסטלעכע אָרדנונג אין מלכות־יהודה; זי איז פֿאַרבונדן מיט די נעמען פֿון עזרא און נחמיה (458—420). די אָנפֿירער פֿון אָט די ביידע רעסטאַוראַציעס זענען אידן, וואָס זענען געקומען פֿון בבֿל (עולי־גולה), וואו די אידישע קאָלאָניע איז געווען טיף דערצויגן מיט אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גײַסט און פֿון וואַנען דאָס אידישע לאַנד האָט געקאָנט שעפּן פֿרישע גײַסטיגע קרעפֿטן. אין לעצטן יאָרהונדערט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט (420—332) פֿאַרפֿעסטיגט זיך אין מלכות־יהודה ענדגילטיג אַ טעאָקראַטישע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, וואָס איז געווען מער פֿון אַלץ צוגעפּאַסט סײַ צו דער פּאָליטישער לאַגע פֿון אידישן פֿאָלק און סײַ צו זײַן קולטורעלן צושטאַנד אין יענער צײַט.

די צײַט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט, וואָס איז געווען אָהן באַטײַטונג אין פּאָליטישער הינזיכט, איז זעהר פֿרוכטבאַר בנוגע צו דער קולטורעלער שאַפֿונג. דער פּראָצעס פֿון נאַציאָנאַל־גײַסטיגער באַפֿעסטיגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צײַט פֿון גלות־בבֿל, דויערט ווײַטער און גיט גרויסע רעזולטאַטן. דער קריטישער איבערגאַנגס־מאָמענט צווישן דער יוגענד־ און בגרות־צײַט איז פֿאַרענדיגט, און ס'איז אָנגעקומען אַ צײַט פֿון אַ גלײַכער און נאָרמאַלער ענטוויקלונג.

דעם פֿאָלקס וועלט־אָנשויאונג שטעלט זיך אײַן ענדגילטיג. דער בעדינגטער מאָנאָטעאיזם, וואָס האָט געהערשט צווישן דער מאַסע אין דער צײַט פֿון ערשטן בית־המקדש און וואָס לויט איהם האָבן עקסיסטירט צוגלײַך מיט אידישן נאַציאָנאַלן גאָט יאַהווע נאָך געטער פֿון אַנדערע שבֿטים, טרעט אָב זײַן אָרט דעם אַבסאָלוטען מאָנאָטעאיזם, וואָס רעכענט יאַהווע פֿאַר איינציגען גאָט פֿון דער וועלט, און די אידען — פֿאַר זײַן אויסדערוועהלט פֿאָלק, וואָס דאַרף פֿערשפּרייטען זײַן נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט. די נביאים פֿון „גלות־בבֿל" (בעזונדערס ישעיה, דער צווייטער) האָבן פֿערבונדען מיט דער דאָזיגער אידעען־איבערקעהרעניש די פֿאָרשטעלונג וועגען דער הויכער רעליגיעז־עטישער מיסיע פֿון די אידען צווישען אַנדערע פֿעלקער.

נאָר די ווירקליכקייט האָט באַוויזען, אַז די דאָזיגע אידעע וועגען אוניווערזאַליזם געהערט צו יענע הויכע אידעאַלען, וואָס זייער פֿערווירקליכונג איז מעג-

ליך נאָר אין דער ווייטער צוקונפֿט. איידער דאָס אידישע פֿאָלק האָט געקאָנט אויסקלערן די וועלט, האָט עס אַליין געמוזט שטאַרק ווערען אַלס אַ גייסטיגע פּערזענליכקייט. נאָך אַ שווערען פּאָליטישען קריזיס איז די אידען פֿאָרגעשטאַנען זיך צו פֿעראייניגען אויף אַנ׳אמת, שאַפֿען אַ פֿעסטע געזעלשאַפֿטליכע און רע-ליגיעזע דיסציפּלין, וואָס זאָל ניט לאָזען זיי צעשמעלצען צווישען די שכנישע נאַציעס. דעם אָרט פֿון די גרויסע אידעאָלאָגען — די נביאים האָבען איצט פֿערנומען פּראַקטישע טוער — די כהנים און סופֿרים. די טעטיגקייט פֿון עזרא, נחמיה און די הורות, וואָס נאָך זיי, איז געווענדט אינגאַנצען דערויף צו פֿעראייניגען און אָבזונדערן די נאַציע מיט דער הילף פֿון דער רעליגיע און קולט.

דערביי האָט מען געהאַט בדעה ניט צווינגען דאָס פֿאָלק צו טון בלינדער-הייד אַלצדינג, וואָס די כהנים און סופֿרים וועלען הייסען, נאָר מען האָט גע-וואָלט עס לערנען, ווי אַזוי בעוואוסט אָנצואייגענען זיך די יסודות פֿון דער יהדות. ס׳איז אויפֿגעקומען אַ שטרעבונג צונויפֿצוקלייבען די תורה שבכתב, אי-בערצואַרבייטען זי און סיסטעמאַטיזירען, און צו פֿערשפּרייטען רעליגיעזע ידיעות צווישען פֿאָלק. די גייסטיגע רייכטימער, וואָס זענען פֿריהער אָנגעקליבען גע-וואָרען, זענען איצט געוואָרען קאַפּיטאַליזירט; ס׳זענען אויך צוגעקומען נייע שאַפֿונגס-פּראָדוקטען, וואָס זענען אַריין אין אַלע טיילען פֿון תנ״ך, בעזונדערס אין דריטען טייל, וואָס איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען כתובים (האַגיאָגראַפֿען). אין עזראס צייטען איז צוגעקומען צו דער תורה דער ספֿר „תורת כהנים“ (דער ספֿר „ויקרא“ און טיילען פֿון ספֿר „שמות“ און „במדבר“). זינט יענער צייט, פֿערנעהמען זיך די סופֿרים מיט אויספֿאָרשען די תורה, און די מאַסע געפֿינט אין איהר בעלעהרונג. מען ליינט די תורה עפֿענטליך אין פֿאָלקס-פֿערזאַמלונגען, דאָס פֿאָלק אייגענט זיך אָן מעהר אָדער ווייניגער בעוואוסט די יסודות פֿון אמונה, קולט און עטיק, וואָס זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען פֿון זיינע בעסטע מענשען, און ביי איהם אַרבייט זיך אויס מדרגותווייז אַ בעשטימטע וועלט-אַנשויאונג.

דאָס אידישע פֿאָלק בעקומט אַליין מעהר די טיפּישע שטריכען פֿון אַ גייסטיגער נאַציע, וואָס איז אין שטאַנד צו פֿערטיידיגען איהר קולטורעלע אייגענאַרטיגקייט אין אַ פֿיעל גרעסערער מאָס, איידער איהר פּאָליטישע זעלבּ-שטענדיגקייט. און צום סוף פֿון דער פּערסישער אויבערהערשאַפֿט האָט דאָס אידישע פֿאָלק בעוויזען אויף אַזוי פֿיעל זיך צו בעשטימען און פֿערפֿעסטיגען אין נאַציאָנאַל-קולטורעלען זין, אַז עס האָט געקאָנט שפּעטער זיך אַנטקעגענ-שטעלען דעם שטורם און דראַנג פֿון דער העלעניסטישער קולטור, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין פּאַלעסטינע.

ש. דובנאוו

# ערשטער קאפּיטעל

## גלות בבל (586—537).

די אידישע פערטריבענע אין נבוכדנצר'ס צייטען. — די ענטוויקלונג פון תורה שבכתב. — יחזקאל הנביא! — כורש'ס נצחונות און די האפנונגען פון די אידען. — דער נביא פון דער אויסלעזונג (ישעיה דער צווייטער). — דער אונטערגאנג פון בבל און די בעפרייאונג פון די אידען. —

### די אידישע פערטריבענע אין נבוכדנצר'ס צייטען.

§ 2. די ערשטע אידען, וואס האבען זיך בעזעצט אין בבל, זענען געווען יענע תשובי ירושלים, וואס נבוכדנצר האט פערשיקט אין דער הויפט-שטאדט פון זיין מלוכה אינאיינעם מיט דעם אראבגעווארפענעם קעניג יהויכין, נאך מיט צעהן יאהר פריהער, איידער דאס קעניגרייך יהודה איז געפאלען (597)[1]. די דאזיגע ערשטע געפאנגענע האבען בעטראכט זייער גלות, ווי עפיס צייטווייליגעס, און האבען גאר ניט געטראכט, אז זיי וועט אויסקומען לאנג צו בלייבען אין דער פרעמד. לא די וואס זיי האבען געחלומ'ט, אז זיי וועלען אין גיכען זיך אומקעהרען אהיים, נאר זיי האבען אויך ענערגיש אגיטירט אין דעם זין און האבען געפיהרט שטילערהייד אונטערהאנדלונגען מיט זייערע גוטע פריינד אין לאנד יהודה, בכדי ארויסצורופען אנאלגעמיינע מרידה קעגען נבוכדנצר[2]. אז די דאזיגע מרידה איז אויסגעבראכען (אין צדקיה'ס צייטען), איז ביי די פערטריבענע שטארקער געווארען די האפנונג, אז דאס פאטערלאנד וועט ווערען בעפרייט. איטליכען טאג האבען זיי זיך געריכט צוריקצוקעהרען אהיים, און דעריבער האבען זיי קיין חשק ניט געהאט איינצואָרדנען זיך אין פרעמדען לאנד, וואס זיי האבען אויף איהם געקוקט, ווי אויף א צייטווייליגע דירה. זיי האבען דעריבער געלעבט אבגעזונדערט, ענג פערבונדען צווישען זיך, און אין זייערע געדאנקען האבען זיי זיך ניט געשיידט מיט זייער היים.

אזא מין צושטאנד פון אנגעשטרענגטער ערווארטונג האט געדויערט בערך 10 יאהר, ביז'ן חורבן ירושלים (586). די בשורה וועגען דער דאזיגער קאטא-סטראפע האט נאך שטארקער געטראפען די פערטריבענע, וואס ווינציגער זיי

---

1) זעה אלגעמיינע אידישע געשיכטע, I, § 114.

2) דארט גופא, § 115.

האָבען זיך אויף איהר געריכט. באַלד ווען אָנגעקומען קיין בבֿל נײַע צאָהל־רײַכע פּאַרטיעס פֿערטריבענע פֿון לאַנד יהודה, דעם אומגליקליכען קעניג צדקיה, וואָס נבוכדנצר האָט בײַ איהם אויסגעשטאָכען די אויגען אין רבֿלה, האָט מען געבראַכט צו פֿיהרען אין קייטען קיין בבֿל און אַרײַנגעוואָרפֿען איהם אין תּפֿיסה, וואו ער האָט זיך געמאַטערט ביזן טויט. אין די הערצער פֿון די פֿערטריבענע איז פֿערלאָשען געוואָרען די האָפֿנונג אויף אַ באַלדיגער פּאָליטישער אויסלייזונג.

נאָר דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען דאָס נאַציאָנאַל־רעליגיעזע געפֿיהל. די געמיינזאַמע צרות האָבען נאָך שטאַרקער פֿעראייניגט די מיטגלידער פֿון דער פֿעריתומ'טער נאַציאָנאַלער פֿאַמיליע; ס'האָט זיך געשטאַרקט דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענבונד צווישען די פֿערטריבענע. די אידישע קאָלאָניעס אין בבֿל האָבען זיך פֿערגרעסערט, ווײַל ס'זענען צוגעקומען אַלץ נײַע מענשען, און זיי האָבען אָנגעהויבען אָרגאַניזירען זיך אין רעליגיעזע געמיינדעס, אויף יסודות פֿון אינערווייניגסטער אויטאָנאָמיע, — און די דאָזיגע אויטאָנאָמיע האָט געראַטעוועט די נאַציע, וואָס איז אָפּגעריסען געוואָרען פֿון איהר טעריטאָריע.

די פֿערטריבענע האָבען איצט געפֿאָלגט דער עצה, וואָס ירמיה האָט זיי שוין לאַנג געהאַט געגעבען[3], און האָבען אָנגעהויבען פֿיהרען אַ ישובֿ־לעבען אין בבֿל. זיי האָבען געבויט זיך הײַזער, געפֿלאַנצט גערטנער, בעאַרבײַט די פֿעלדער; אַ סך האָבען גענומען אַנטייל אין האַנדעל און אינדוסטריע, וואָס זענען געוועזען מעהר ענטוויקעלט אין באַבילאָניען, איידער אין מלכות־יהודה.

נבֿוכדנצר האָט, ווי עס ווײַזט אויס, געגעבען די עמיגראַנטען בעדײַטענדע פֿרײַהייט אויסקלײַבען זיך וואוינונגס־ערטער און פּרנסות אין די גרעניצען פֿון לאַנד. דאָס האָט זיי געגעבען די מעגליכקײַט זיך אײַנצואָרדנען אין גרופּעס אָדער גמיינדעס אויף אַ לפֿי־ערך קליינעם שטח אויף די דרום'דיגע ברעגען פֿון פּרת און פֿון די טײַכען, וואָס פֿאַלען אין איהם אַרײַן. פּונקט אַזוי ווי די פֿערטריבענע פֿון יהויכינ'ס פּאַרטיע, אַזוי האָבען זיך אויך די שפּעטערדיגע גולי־בבֿל געהאַלטען אָפּגעזונדערט פֿון דער אָרטיגער בעפֿעלקערונג. ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ שבֿטים־געמיינדע־אָרדנונג, וואָס האָט פֿערביטען די פֿערלאָרענע מלוכה־אָרגאַניזאַציע. די פֿערטריבענע האָבען זיך גרופּירט טיילווייז לויט זייערע פֿריהערדיגע וואוינערטער אין פּאַלעסטינע. ס'האָבען עקזיסטירט קהלות פֿון געוועזענע אײַנוואוינער פֿון בית־לחם, יריחו, רמה, ענתות און אַנדערע אידישע שטעדט. די פֿערטריבענע פֿון ירושלים האָבען זיך געטיילט דער עיקר לויט די משפּחות, וואָס איטליכע פֿון זיי האָט געהאַט אַ געמיינזאַמען עלטער־פֿאָטער. די יחוס־בריעף פֿון איטליכער משפּחה פֿלעגען ווערען געפֿיהרט זעהר גענוי און פֿלעגען ווערען געהיט אונטער דער השגחה פֿון איהרע פֿאָרשטעהער אָדער עלטסטע. די דאָזיגע עלטסטע האָבען פֿערוואַלטעט איבער די אינעווייניגסטע ענינים

3) דאָרט גופֿא.

פֿון זייערע געמיינדעס אין די גרעניצען פֿון דער אויטאָנאָמיע, וואָס זיי איז געגעבן געוואָרן.

ס'איז פֿאַראַן אַ יסוד משער צו זיין, אַז מיט די דאָזיגע אידישע געמיינדעס אין בבל האָבן זיך פֿאַראייניגט אין יענער צייט אייניגע גאַנץ געבליבענע רעשטען פֿון די בני־ישראל, וואָס זענען פֿאַרטריבען געוואָרן פֿון דער מלוכה פֿון די עשרת השבטים. דער גרעסטער רוב פֿון די בני־ישראל, וואָס זענען אין VIII יאָהרהונדערט פֿאַרטריבען געוואָרן אין מיטעל־אַסיריען, האָבען זיך צונויפֿגעמישט מיט די אָרטיגע פֿעלקער. נאָר אַ מיעוט פֿון זיי, וואָס האָבען זיך באַזעצט אין די מערבֿדיגע פּראָווינצען פֿון אשור, וואָס אין נבֿוכדנצר'ס צייטען זענען זיי פֿאַראייניגט געוואָרן מיט בבל,—האָבען געקאָנט באַהאַלטען זייער נאַציאָנאַליטעט אין משך פֿון 130 יאָהר, ביז ס'זענען אָנגעקומען קיין בבל די פֿאַרטריבענע פֿון מלכות־יהודה. און אָט דער דאָזיגער גאַנץ־געבליבענער טייל פֿון די בני־ישראל האָט זיך ווידער פֿאַראייניגט מיט די אידען פֿון קעניגרייך יהודה, וואָס האָבען זיך באַזעצט מיט זיי אין שכנות. „ישראל" און „יהודה" וואָס זענען ביי זיך אין דער היים פֿיינדליך געווען איינער צום אַנדערן, האָבען זיך דערנעהנטערט אין דער פֿרעמד, און האָבען זיך דערנאָך צונויפֿגעגאָסען, הגם אין אַ געמינערטער צאָהל. די נביאים פֿון יענער צייט (יחזקאל און אַנדערע) האָבען איינגעזעהן אין דעם דאָזיגען פֿאַקט דעם אָנהויב פֿון דער גאולה פֿון צעזייטען און צעשפּרייטען אידישען פֿאָלק און האָבען פֿאָראויסגעזאָגט, אַז די ענדגילטיגע פֿאַראייניגונג פֿון „הויז יהודה" און „הויז אפֿרים" וועט פֿאָרקומען גאָר אין גיכען.

די געמיינדע־אויטאָנאָמיע האָט פֿאַרביטען די פּאָליטישע זעלבשטענדיגקייט, און דעם אָרט פֿון די קעניגליכע באַאַמטע האָבען פֿאַרנומען די ראשי־המשפּחות. אין דעם זעלביגען גייסט האָט זיך אויך געמוזט אומבייטען די גייסטליכע אָרדנונג. נאָכ'ן חורבן פֿון ירושלים און פֿון בית־המקדש, איז דער אָפֿיציעלער קולט מיט די קרבנות אָבגעשאַפֿט געוואָרען אַפֿילו אין פּאַלעסטינע. אין דער פֿרעמד האָט קיינער גאָרניט געקאָנט טראַכטען וועגען ברענגען קרבנות פֿון בהמות אָדער ערד־פּראָדוקטען, וואָס זענען ניט אויסגעוואַקסען אין כנען. דער קולט פֿון די שלש־רגלים איז געווען צונויפֿגעגאָסען מיט'ן לאַנדווירטשאַפֿטליכען לעבענס־סדר פֿון פּאַלעסטינע, און חוץ פּאַלעסטינע האָט ער אָנגעוואָרען זיין הויפּטליכע באַדייטונג. און אַזוי האָבען זיך איינגעשטעלט ביי די גולי־בבל אַנשטאָט דעם קולט אין בית־המקדש, רעליגיעזע פֿערזאַמלונגען, און דער באַשיידענער שבת האָט באַקומען די באַדייטונג פֿון די גרויסע יעהרליכע ימים־טובֿים. אין די רעליגיעזע פֿערזאַמלונגען, וואָס פֿלעגען פֿאָרקומען געוועהנליך אַם שבת, פֿלעגט מען דאַווענען, לייענען די תורה און הערען די דרשות פֿון די נביאים.

ביים דאַווענען פֿלעגען די אידען זיך שטעלען מיט'ן פּנים צו ירושלים, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך אין זייערע געדאַנקען אַריבערטראָגען אין דעם חרובֿ'ען

בית-המקדש. פיער טעג אין יאהר זענען בעשטימט געוואָרען פאַר תעניות-צבור אין טרויער-טעג צו דעם זכר פון חורבן ירושלים: צעהן טעג אין טבת, ווען עס האט זיך אָנגעהויבען די בעלעגערונג פון ירושלים; זיבצעהן טעג אין תמוז, ווען די שטאָדט-מויערן זענען איינגעבראָכען געוואָרען; ניין טעג אין אָב, ווען דער בית-המקדש איז פערברענט געוואָרען, און צום גדליה, ווען דער פער-וואַלטער גדליה איז דערהרג'עט געוואָרען.

די רעליגיעזע פערזאַמלונגען האָבען מיטגעהאָלפען דער גייסטיגער פעראייניגונג פון די געמיינדע-מיטגלידער. דאָ האָבען די פערטריבענע געהערט און געלייענט אויף זייער אייגענער נאַציאָנאַלער שפראַך, האָבען געהערט די בעגייסטערטע רעדעס פון זייערע דרשנים און נביאים, וואָס האָבען אונטערגעהאַלטען ביי זיי די האָפ-נונג אויף אַ בעסערער צוקונפט. דורך שבת, ווען מען האָט געמוזט רוהען פון דער אַרבייט, האָבען די אידען נאָך אָבגעהיט אַנדערע מנהגים, וואָס זענען גע-ווען אַ סימן מובדל, אַז דער, וואָס היט זיי אָב, געהערט צו דער אידישער נאַציע, ווי למשל, מילה און אייניגע געזעצען וועגען שפייז. בכלל האָבען די אידען זיך געמיהט אין זייער אַרט לעבען זיך אָבצוזונדערן פון דער היידנישער בעפעלקערונג, וואָס האָט זיי אַרומגערינגעלט.

פערטריבען פון פאָטערלאַנד, האָבען די אידען אין בבל געלעבט מיט זכרונות וועגען איהם. זייער פייערדיגע תשוקה צום פאָטערלאַנד איז שפעטער בעזונגען געוואָרען אין רידהרענדע קאַפּיטלעך תהלים, וואָס איינער פון זיי איז געבליבען אויף שטענדיג דער הימן פונ'ם אידישען נאַציאָנאַלען טרויער:

„ביי די טייכען פון בבל זענען מיר געזעסען און האָבען געוויינט, דערמאָנענדיג ציון. אויף די ערבות, וואָס וואַקסען דאָרט, האָבען מיר אויפגעהאַנגען אונזערע האַרפען. דאָרט האָבען געפאָדערט פון אונז אונ-זערע פאַנגער לידער, און די שפּאָטער — פרייד: „זינגט אונז פון ציונ'ס לידער!" — נאָר ווי זאָלען מיר זינגען גאָט'ס ליעד אין אַ פרעמדען לאַנד? אויב איך וועל דיך פערגעסען, אָ ירושלים, זאָל אָבטריקענען מיין רעכטע האַנד. זאָל זיך צוקלעפּען מיין צונג צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדענקען, אויב איך וועל ניט שטעלען ירושלים העכער פון אַלע מיינע פריידען. דערמאָן, אָ גאָט די בני-אדום דעם טאָג פון ירושלים, ווען זיי האָבען געשריען: צעשטערט, צעשטערט (די שטאָדט) ביז'ן גרונד! טאָכטער פון בבל, דו רויבערין! וואויל איז צו דעם, ווער ס'וועט דיר אָבצאָהלען פאַר דאָס אַל'ץ, וואָס דו האָסט אונז אָנגעטאָן! וואויל איז צו דעם, ווער ס'וועט נעהמען און צעשמעטערן דיינע קליינע קינדער אָן פעלז!" (תהלים, קאַפּ. קל"ז).

### די ענטוויקלונג פון תורה שבכתב; יחזקאל הנביא.

3. די ענערגיע פון פאָלק, וואָס האָט זיך אָבגעשטעלט אין איהר פאָ-

ליטעראַרישער ענטוויקלונג, איז אײנגאַנצען אַריבערגעטראָגען געוואָרען אויף דער גייסטיגער שאַפונג. פון זייער פאַטערלאַנד האָבען די פערטריבענע מיטגענומען איינציגע הייליגע ספרים, וואָס די האַנד פון'ם צעשטערער האָט זיי ניט אָנגערירט. די דאָזיגע הייליגע ספרים האָבען מסתמא ענטהאַלטען די עלטסטע טיילען פון חומש, פון די כראָניקען, רעליגיעזע שירים און משלים[4]. חוץ די דאָזיגע געשריבענע ספרים, האָבען עקסיסטירט נאָך אַ סך מסורות שבעל־פה מיט אַ היסטאָרישען און רעליגיעזען אינהאַלט, וואָס זענען געבליבען אין זכרון פון דעם פאָלק'ס גייסטיגע פאָרשטעהער.

אין גלות האָט זיך בעדאַרפט אַרויסווייזען צווישען די אידען מיט אַ בעזונדער שטאַרקייט די שטרעבונג — פון איין זייט צו שטודירען די הייליגע ספרים און מגלות, וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער היים (מען מוז געדענקען, אַז די ערשטע פערטריבענע האָבען געהערט צו די העכסט געבילדעטע קלאַסען פון פאָלק), און פון דער אַנדער זייט — צו פערגרייסערען די מסורות שבעל־פה אין שריפטליכע ווערק, בכדי זיי זאָלען ניט פערגעסען ווערען. די ערשטע בעדערפעניש האָט מען בעפרידיגט דערמיט, וואָס מען פלעגט לייענען קאַפּיטלעך פון דער תורה אין די רעליגיעזע פערזאַמלונגען; די צווייטע אויפגאַבע האָט ערפילט דער עיקר די גייסטליכקייט. די געבילדעטע כהנים און לויים, וואָס זענען, נאָך דעם חורבן און נאָך דעם גלות אין דער פרעמד, בעפרייט געוואָרען פון דער עבודה אין בית־המקדש, האָבען געהאַט איצט אַ סך פרייע צייט אויף בעאַרבייטען שריפטליך יענע מסורות שבעל־פה, וואָס זיי האָבען זיי געהיט.

אַ גענייאַלער געשיכטס־שרייבער, וואָס האָט געלעבט אין יענע צייטען, האָט פערפאַסט אויפ'ן סמך פון אַלטע כראָניקען אַ פּראַגמאַטישע געשיכטע פון'ם אידישען פאָלק אין דער צייט פון די מלכים ביז גלות־בבל (דעם ספר „מלכים" א' און ב'). ס'איז זעהר וואָהרשיינליך, אַז גראָד אין יענער צייט זענען פערשריבען געוואָרען, אַלס הוספה צו די פריהערדיגע „געזעץ־ביכער", יענע טיילען פון דער תורה, וואָס האָבען אַ דירעקטע שייכות צו דער עבודה אין בית־המקדש און בכלל צו דער צערעמאָניען־סיסטעם (ספר תורת כהנים, בעזונדערס דער ספר „ויקרא"). דאָ איז אָבער דער ערשטער, עלטסטער שיכט פון דער תורה־שבכתב אָנגעוואַקסען אַ נייע שיכט. די געלעהרטע אָדער „סופרים" האָבען צוערשט בעקומען אַ בעדייטונג גראָד אין דער דאָזיגער עפּאָכע. הערפון האָט זיך גענומען יענע פערשטאַרקטע ענטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס דאָס איז דער הויפּט־שטריך פון דער ווייטערדיגער „עפּאָכע פון די סופרים".

אָבער אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס געשריבענע וואָרט, האָט

[4]) דאָרט גופא, §§ 96, 109, 111.

געווירקט אויף די פערטריבענע אידען דאָס לעבעדיגע מינדליכע וואָרט פון די נביאים, וואָס האָבען זיך געפונען צווישען זיי. דער פאַקט, וואָס די פריהערדיגע נבואות בנוגע צו דעם טרויעריגען סוף פון מלכות־יהודה זענען מקוים געוואָרען, האָט איינגעפליסט דעם פאָלק צוטרוי צו די ווערטער פון די נייע נביאים, וואָס האָבען אינאיינעם מיט זייערע ברידער איבערגעטראָגען דעם שווערען יאָך פון גלות. דער עלטסטער נביא פון יענער צייט איז געוועזען יחזקאל[5], וואָס האָט געהערט צו א מיוחסדיגער משפחה פון כהנים. ער האָט געוואוינט נעבען טייך כבר, וואָס פליסט אריין אין פרת, צווישען די געפאַנגענע פון יהויכינ'ס פּאַרטיי, וואָס איז פערשיקט געוואָרען אין יאָהר 597. אָבגעריסען פון פאָטערלאַנד אין יענער צייט, ווען ירושלים און דער בית־המקדש זענען נאָך געשטאַנען, האָט יחזקאל פונדעסטוועגען זיך ניט איינגערעדט, אַזוי ווי זיינע חברים אין דער געפאַנגענשאַפט, אַז מלכות־יהודה קאָן מנצח זיין אינ'ם קאַמף קעגען נבוכדנצר'ן. די ערשטע צייטען האָט ער פערנומען צווישען די פּאָליטישע פּאַטריאָטען, וואָס זענען פערשיקט געוועזען קיין בבל, די זעלביגע לאַגע, וואָס ירמיה האָט פערנומען צווישען זייערע געזינונגס־חברים אין מלכות־יהודה. יחזקאל'ס ערשטע רעדעס, וואָס זענען שייך צו די צעהן יאָהר, וואָס צווישען גלות־יהויכין און חורבן־ירושלים, טראָגען דעריבער א כאַראַקטער פון אָפּאָזיציאָנעלע שטראָף־רייד. דער נביא פלעגט מבטל זיין די פאַלשע האָפנונגען פון זיינע לאַנדסלייט און האָט געטענהט, אַז פאַר דעם פאָלקס זינד וועט ירושלים אין גיכען חרוב ווערען, מלכות־יהודה וועט ווערען פערקנעכטעט און דער קעניג צדקיה און זיינע שרים וועלען אַוועק אין גלות. אין דער מרידה, וואָס צדקיה האָט אויפגעהויבען, האָט ער איינגעזעהן ניט קיין נאַציאָנאַלע גבורה, נאָר א צוועקלאָזע בגידה בנוגע צו נבוכדנצר'ן און א פערדאַרבליכען שריט פאַר דער אידישער מלוכה. אַזוי ווי יחזקאל האָט פאָראויסגעזעהן, אַז די קאַטאַסטראָפע איז ניט אויסצומיידען, דעריבער האָט ער געוואָלט צוגרייטען זיינע לאַנדסלייט, אָבצירעדען זיי פון די פרוכטלאָזע פּאָליטישע ליידענשאַפטען און אויסרופען זייער גייסטיגע ענערגיע, וואָס וואָלט געקאָנט געבען זיי די קראַפט איבערצוטראָגען דעם פערשטערענדען קלאַפּ.

נאָר אַז די קאַטאַסטראָפע איז געשעהן, און די בשורה וועגען דעם האָט דערוועקט יאוש־געפיהלען ביי די גולי־בבל, האָט דער נביא איבערגעביטען דעם טאָן און דעם אינהאַלט פון זיינע רעדעס. ער האָט אויפגעהערט צו שטראָפען און צו סטראַשען, און האָט אָנגעהויבען איינצופליסען מוט און צו טרייסטען זיינע בעטריבטע ברידער. די געוועזענע פּאָליטישע פּאַטריאָטען האָבען ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלען די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון דער נאַציע אין גלות, צעזייט און צעשפּרייט, אָהן א מלוכה, אָהן א קעניג, אָהן א בית־המקדש.

[5] דאָרט גופא, §§ 115.

אין דיזער יאוש האָבען די געטענ׳עט: „אונזערע זינד הענגען, ווי א שווערע משא איבער אונז, און מיר קומען אום אונטער דער שווערקייט". ווי האָבען אַנגעווענדעט אויף זיך דעם אַלטען גלייכוואָרט: „די עלטערן האָבען געגעסען זויערע ווייַנטרויבען, און די ציינער פון די קינדער זענען הייליג געוואָרען". דערויף האָט די יחזקאל געענטפערט:

„סקומט אום נאָר די זינדיגע נשמה; דער זוהן טראָגט ניט קיין אחריות פאַר די זינד פון זיין פאָטער, און דער פאָטער איז ניט ערב פאַר זיין זוהן; די גערעכטיגקייט פונ׳ם צדיק וועט בלייבען ביי איהם, און די שלעכטיגקייט פונ׳ם רשע — ביי איהם.

„ווען ביי עמיצען וועט געבוירען ווערען א זוהן, וואָס וועט זעהן אַלע זינד פון זיין פאָטער, נאָר ער וועט איהם ניט נאָכמאַכען; ווען ער (דער זוהן) האָט אויף די במות ניט געגעסען, ניט אויפגעהויבען די אויגען צו די געצענבילדער פון הויז ישראל (שמרון), די ווייב פון זיין חבר האָט ער ניט פעראונרייניגט, קיינעם ניט אָבגענאַרט, ניט גענומען קיין שוחד און ניט געראַבירט, געגעבען דעם הונגעריגען פון זיין ברויט און דעם נאַקעטען מיט קליידונג בעדעקט; ווען ער האָט ניט אויפגעלעגט זיין האַנד אויפ׳ן אָרימאַן, קיין וואַכער און צינזען ניט גענומען און גאָט׳ס געזעצען אָבגעהיט, — ער וועט ניט אומקומען פאַר זיין פאָטער׳ס זינד... און אַפילו דער זינדיגער גופא, ווען ער וועט טון תשובה אויף זיינע זינד, וואָס ער האָט בעגאַנגען, און ער וועט נעהמען אָבהיטען אַלע געזעצען גאָט׳ס, און וועט שאַפען אמת און לייטזעליגקייט, — איז וועט אויך ער לעבען, און וועט ניט שטאַרבען... צי דען פערלאַנג איך דעם טויט פונ׳ם זינדיגער? — זאָגט גאָט. ניין, איך וויל, ער זאָל תשובה טון אויף זיינע מעשים און זאָל לעבען... וואַרפט־זשע אַראָב פון זיך אַלע אייערע זינד, בעשאַפט זיך א ניי האַרץ און א נייעם גייסט, — און צוליעב וואָס זאָלט איהר שטאַרבען?" (ספר יחזקאל, קאַפּ. י״ח, 20, 14, 17, 21—31).

אין יחזקאל׳ס רייד איז דאָס ערשטע מאָל געוואָרען בעגרינדעט דער יסוד פון אינדיווידואַליזם אין דער רעליגיע, אַז איטליכער יחיד טראָגט די אחריות פאַר זיין אויפפיהר אויף זיך אַליין. דער דאָזיגער פרינציפּ איז לכתחלה געווען פרעמד דער אידישער וועלט־אַנשויאונג, לויט וועלכער איטליכער רעליגיעזע מצוה אָדער עבירה האָט זיך גערעכענט פאַר א געזעלשאַפטליכען אַקט (כל ישראל ערבים זה לזה). יחזקאל האָט מבטל געווען דעם יסוד פון אַלגעמיינער ערבות אין גלויבען און מאָראַל: פאַר איהם איז די רעליגיעזע איינהייט די פערזאָן, און ניט די געזעלשאַפט. איבעריגענס, לייקענט ער ניט אָב לגמרי די געזעלשאַפטליכקייט, נאָר ער שטעלט זי אַ סך נידעריגער פאַר דעם אינדיווידואַליזם. די רעכטשאַפענקייט פון די איינצעלנע יחידים איז נויטיג

צוליב דעם, כדי די נאַציע, אַלס כּלל, זאָל אויפֿלעבן, און ניט פֿאַרקערט. דער נבֿיא באַגעגנט זיך דערמיט, וואָס ער וויל אויסבעסערן די מדות. ער קעמפֿט אויך דירעקט קעגן יענעם יאוש און פֿאַלען פֿונם נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט די אידישע פֿאַרטריבענע די ערשטע צייט נאָכן חורבן ירושלים. די אונטערדריקטע שטימונג אין פֿאָלק און דער באַגייסטערטער גלויבן פֿונם נבֿיא זענען העל פֿאַרגעשטעלט אין יחזקאלס זעלטן-שיינער פּאָעטישער נבֿואה וועגן די טויטע ביינער (קאַפּ. ל״ז):

„עס איז געווען אויף מיר גאָטס האַנט, און גאָט האָט מיך אַרויס־געפֿירט אין גייסט און האָט מיך געלאָזן שטיין אין אַ טאָל, וואָס איז פֿול געווען מיט ביינער. און ער האָט מיך געפֿירט אַרום און אַרום זיי, און זעה: זעהר פֿיל זענען זיי אויפֿן פֿלאַך פֿונם טאָל, און טריקענע זענען זיי זעהר. און ער האָט געזאָגט צו מיר: „מענשען-זוהן, צי וועלען די דאָזיגע ביינער אויפֿלעבן?“ — און איך האָב געענטפֿערט: „מיין האַר און גאָט, נאָר דו אַליין ווייסט דאָס!“ — און ער האָט צו מיר געזאָגט: „זאָג נבֿיאות איבער די טריקענע ביינער און זאָג זיי: „איהר טריקענע ביינער, הערט גאָטס וואָרט! אָט וועל איך אַריינפֿיהרען אין אייך אַ גייסט — און איהר וועט אויפֿלעבן. און איך וועל אייך געבן אָדערן, וועל אַרויפֿלייגען אויף אייך פֿלייש, און וועל אַרומציהען אייך מיט אַ הויט“. און איך האָב נבֿיאות געזאָגט, ווי מיר איז באַפֿוילען געוואָרען. און ווי נאָר איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין נבֿואה, האָט זיך דערהערט אַ רעש, און די ביינער האָבן אָנגעהויבן צו דערנעהנטערן זיך צו אַנאַנד. און איך האָב דערזעהן: אָט זענען פֿאַראַן אויף זיי אָדערן, און פֿלייש איז אויסגעוואַקסען, און פֿון אויבען האָט אַ הויט זיי באַדעקט; נאָר קיין גייסט איז אין זיי ניט געווען. און (גאָט) האָט צו מיר געזאָגט: „זאָג נבֿיאות וועגן גייסט און זאָג: פֿון פֿיער ווינטען קום, אַ גייסט, בלאָז אויף די דאָזיגע דערהרג׳עטע, און זאָלען זיי לעבעדיג ווערען!“ און איך האָב נבֿיאות געזאָגט, ווי מיר איז באַפֿוילען געוואָרען, און עס איז אַריין אין זיי אַ גייסט, און זיי האָבען אויפֿגעלעבט און געשטעלט זיך אויף די פֿיס, זעהר אַ גרויסער חיל.

„און ער האָט צו מיר געזאָגט: „מענשען-זוהן, די דאָזיגע ביינער זענען דאָס גאַנץ ישראל. אָט זיי זאָגען: אויסגעטריקענט זענען געוואָרען אונזערע ביינער, פֿאַרלאָרען איז אונזער האָפֿענונג, אָפּגעשניטען זענען מיר. דעריבער זאָג זיי נבֿיאות און זאָג צו זיי אַזוי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט: „איך עפֿען אויף אייערע קבֿרים און וועל אייך אַרויספֿיהרען פֿון אייערע קבֿרים, מיין פֿאָלק, און וועל אייך ברענגען אין לאַנד פֿון ישראל... און וועל אַריינלייגען אין אייך מיין גייסט — און איהר וועט אויפֿלעבן, און

איך וועל אייך געבען מנוחה אין אייער לאנד — און איהר וועט וויסען, אז איך, גאט, ווי איך האב געזאגט, אזוי האב איך געטאן“.

יחזקאל האט זיך געמיהט צו איבערצייגען זיינע צוהערער, אז די דאזיגע גליקליכע צוקונפט וועט פערווירקליכט ווערען, ווען די אידען וועלען אבקומען פאר זייערע זינד אין גלות און וועלען פיהלען א דארשט נאך אינעווייניגסטער בענייאונג. די אינווייניגסטע אויסלייזונג דארף פיהרען צו אן אינעווייניגסטער איבערלעבונג.

„איך וועל אייך נעהמען פון צווישען די פעלקער — זאגט גאט דורכ'ן מויל פונ'ם נביא — און וועל אייך צונויפקלייבען פון אלע לענדער און וועל אייך ברענגען אין אייער לאנד. און איך וועל שפריצען אויף אייך ריינע וואסער, און איהר וועט זיין ריין. און וועל אייך געבען א ניי־הארץ, און א נייעם גייסט וועל איך אין אייך אריינלעגען; איך וועל ארויסנעהמען פון אייער גוף דאס שטיינערנע הארץ און וועל אייך געבען א הארץ פון פלייש... און איהר וועט לעבען אין לאנד, וואס איך האב געגעבען אייערע עלטערן; איהר וועט זיין מיין פאלק, און איך וועל זיין אייער גאט... איך וועל בעפעלקערן די שטעדט, און בעבויט וועלען ווערען די חורבות, און די פערוויסטע ערד וועט בעארבייט ווערען, און אלע וועלען זאגען: אט די דאזיגע וויסטע ערד איז געווארען א גן־עדן. די חרוב'ע און פערוויסטע שטעדט וועלען ווידער פערוואנדעלט ווערען אין בעפעסטיגטע ערטער“ (קאפ. ל"ו, 24—35).

לויט דעם נביא'ס פארשטעלונג האט די בענייטע אידישע מלוכה געדארפט טראגען דעם כאראקטער פון א שטרענגער טעאקראטיע. עס האט געדארפט זיין ניט אזוי א פאליטישע, ווי א רעליגיעזע געזעלשאפט. ירושלים וועט זיין די גייסטיגע הויפט־שטאדט, ווארום אין איהר וועט זיך געפינען דער בית־המקדש. אין די לעצטע קאפיטלען פון ספר „יחזקאל“ איז פארגעשטעלט א גענויער פלאן פונ'ם צוקונפטיגען בית־המקדש אין ירושלים, מיט דער בעשרייבונג פון זיין אויסווייניגסטען און אינעווייניגסטען אויסזעהן. אין דער נייער ירושלים גיט אב דער נביא דעם ערשטען ארט די כהנים פון הויז צדוק, וואס האבען זיך קיינמאל ניט מטמא געווען דורך געצענדיענסט. די קרבנות, די צערעמאניעס אין בית־המקדש, רעליגיעזע פייערליכקייטען און ימים־טובים — דאס זענען די הויפט־פונקטען פון דער קאנסטיטוציע, וואס יחזקאל האט אויסגעצייכענט פאר דער דאזיגער בענייטער גייסטליכער מלוכה. אין די דאזיגע אידעאלען פונ'ם נביא האט זיך ארויסגעוויזען זיין אבשטאמונג פון כהנים.

לויט'ן טאן אונטערשיידען זיך אויך יחזקאל'ס רעדעס פון די רעדעס פון די פריהערדיגע נביאים: אין זיי הערשט א מיסטישע שטימונג. ער זאגט נביאות וועגען משיח'ס צייטען און וועגען קץ; די צוקונפט איז אין די דאזיגע רייד איינגעהילט אין א סודות'פולער פינסטערניש. דאס איז געווען ניט אויסצומיידען

אין אזא צייט, בשעת אלץ ארום איז געווען אזוי פאנטאסטיש און פול מיט רעטענישען, בשעת בלויז א טיפער גלויבען האט געקאנט אבציהען די גע-מיטער פון דער טרויעריגער ווירקליכקייט. די ערהאבענע רעדעס יחזקאל'ס וועגען משיח'ס צייטען האבען געגעבען די אידען קראפט אריבערצוטראגען די ליידען איבער דעם, וואס מען האט זיי פערטריבען פון זייער לאנד, און האבען אונ-טערגעהאלטען אין זיי דעם גלויבען אין א בעסערער צוקונפט.

## כורש'ס נצחונות און די האפענונגען פון די אידען.

§ 4. נבוכדנצר האט געקיניגט העכער 40 יאהר, ביזן יאהר 562. אין זיינע צייטען האט בבל בעפעסטיגט איהר איבערהערשאפט אין פארדעראזיען. מעדיען (מדי), וואס האט אויך גענומען א חלק אין דער ירושה פון אשור, האט אפילו געפרובט פערשפרייטען איהר ממשלה איבער קליין-אזיען, נאר ס'האט זיך איהר ניט איינגעגעבען, און זי האט זיך געמוזט אבזאגען פון דער עראבערונגס-פאליטיק. די אלטע שונאים פון די מעסאפאטאמישע מאנארכיעס, די עגיפטער, האט נבוכדנצר אויך מנצח געווען, און זיי האבען זיך בערוהיגט.

די לעצטע יאהרען פון זיין קיניגען האט נבוכדנצר פערברויכט אויף בע-פעסטיגען זיין הויפט-שטאדט און אויספוצען זי מיט גרויסארטיגע בנינים. דערביי האבען געארבייט טויזענדער געפאנגענע פון מצרים, סיריען און פאלעסטינע. בבל, פונקט אזוי ווי די אלטע נינוה, איז געווארען איינע פון די שענסטע שטעדט אין דער דעמאלטיגער וועלט. אין צענטער פון שטאדט האט זיך דער-הויבען א ריזיגער זיבען-גארענדיגער טורם פינ'ם גאט בל, וואס אויף זיין שפיץ איז געשטאנען א גאלדענע סטאטוע פינ'ם דאזיגען גאט. דער קעניגליכער פאלאץ איז געווען ארומגערינגעלט מיט „הענגענדיגע גערטנער", וואס זענען געשטאנען אויף הויכע אנגעשטאטענע בערגלעך. די הויפט-שטאדט איז געווען ארומגערינגעלט מיט צווייענדיגע מויערן, וואס זענען געווען אזוי דיק, אז אויף זיי האבען גע-קאנט פאָרען פריי צוויי ברייטע פוהרען. פערשענערט איז געווארען בבל נאך דורך הונדערטער שענע טויערן, טעמפלען און אנדערע געביידעס. און בשעת דער באבילאנישער קעניג האט דאס אלץ געבויט, האט ער גארניט געטראכט, אז אין א דרייסיג יאהר ארום וועט זיין שענע הויפט-שטאדט אריינפאלען אין די הענט פון שונאים און וועט האבען דעם זעלביגען סוף, וואס נינוה.

דינאסטישע מהומות האבען זיך אנגעהויבען אין בבל באלד נאך נבוכדנצר'ס טויט. זיין זוהן, אויל-מראדך (אווילאמאראדאם) האט געקיניגט אינגאנצען צוויי יאהר (560—562). פאר די אידען האט אויל-מראדך פאר דער קורצער צייט, וואס ער האט געקיניגט, געמאכט געוויסע הנחות. אזוי האט ער בעפרייט דעם געוועזענעם קעניג פון יהודה, יהויכין, וואס איז געלעגען 37 יאהר אין תפיסה, האט איהם דערנעהנטערט צו זיך און אבגעגעבען איהם א בכבוד'יגען ארט ביי זיין

הריה. סאיז ניט בעוואוסט, וואס פאר א טובות וואלט אויל-מראדך נאך געטאן פאר אידען, אויב ער וואלט לענגער געקעניגט. נאר נאך א רעגירונג פון צוויי יאהר האט איהם אראבגעווארפען זיין שוואגער נעריגליסאר, וואס האט פערכאפט דעם טראן. דער קרוין-רויבער האט געקעניגט נאר פיער יאהר. נאך איהם איז געווארען קעניג זיין יונגער זוהן, נאר ער איז געווארען דערהרגעט פון די אונצופרידענע באבילאנישע שרים, וואס האבען געמאכט פאר א קעניג איינעם פון זייער קאמפאניע — נאבונאיד (נאבאנאד, 555). דער נייער קעניג איז ניט געווען קיין פעהיגער רעגירער, ניט קיין קריגס-העלד; ער האט נאר געזארגט וועגען בויען נייע שענע געביידעס אין דער הויפט-שטאדט און אין דער פראווינץ און וועגען פערריכטען אלטע טעמפלען. דערווייל איז גראד אין זיין צייט צעשטערט געווארען דער פאליטישער גלייכגעוויכט אין פאדער-אזיען, וואס האט זיך געהאט פריהער איינגעשטעלט, און אויף בבל זענען אנגעפאלען די פערסער.

אין דער העלפט פון VI יאהרהונדערט איז דער יונגער קעניג פון פרס און עילם קירוס (קורוש, כורש), וואס האט זיך געפינען אונטער דער איבערהערשאפט פונ'ם גרויסען קעניג פון מעדיען אסטיאגעס, ארויסגעטראטען אין א מלחמה קעגען זיין מושל, און האט איהם מנצח געווען. נאכדעם, ווי כורש האט איינגענומען די הויפט-שטאדט פון מעדיען, עקבאטאנא (אחמתה), און א סך פראווינציעלע שטעדט, האט ער זיך ערקלערט פאר'ן קעניג פון דער פעראייניגטער פערסישער אימפעריע (פרס ומדי), (550).

אין זיין זיגעס-צוג האט זיך דער זיגער דערנעהנטערט צו די גרעניצען פון דער לידישער מלוכה, אין קליין-אזיען. דער בארוהמטער לידישער קעניג קרעזוס האט באלד געשלאסען א פערטיידיגונגס-בונד מיט עגיפטען און די גריכען פון לאקעדעמאניען, כדי אלע אינאיינעם צו קעמפפען קעגען די פערסער. צו דעם דאזיגען בונד איז צוגעשטאנען אויך נאבונאיד. נאר קרעזוס האט ניט געווארט ביז די פערבינדעטע וועלען קומען, איז אליין אריבער דעם טייך האליס און איז ארויס קעגען דעם פערסישען חיל. כורש האט אינגאנצען צעקלאפט די לידיער, האט איינגעשלאסען קרעזוס'ן אין זיין הויפט-שטאדט סארדעס און האט איינגענומען די שטאדט נאך א קורצער צייט און האט פעראייניגט מיט זיין לאנד גאנץ קליין-אזיען ביז'ן עגעאישען ים (546). דערנאך האט כורש אנגעהויבען זיך גרייטען ענערגיש צום קריג מיט די באבילאניער. א גרויסע פערסישע ארמעע איז אנגעפאלען אויף די באבילאנישע פראווינצען, און מ'איז געווען בעשיינפערליך, אז די אנימעלט מעכטיגע און איצט געפאלענע אימפעריע וועט ניט קאנען בעשטעהן קעגען דעם דאזיגען אנפאל.

די ידיעות וועגען כורש'ס נצחונות האבען ארויסגערופען א גערודער אין גאנץ פאדער-אזיען. א בעזונדערס שטארקען איינדרוק האבען די דאזיגע ידיעות געמאכט אויף די אידישע פערטריבענע, וואס האבען זיך געפונען אין בבל.

נאך אזא לאנגער צייט, וואס זיי האבען זיך געפונען אין גלות, האבען שוין א סך אידען אויפגעהערט צו האפען אויף א גיכער אויסלייזונג — און מיט א מאל האט א שיין געטאן א שטראהל פון האפנונג. די קלאנגען וועגען כורש'ס גרויסמוטיגקייט, וועגען זיינע מענשליכע באציהונגען צו די איינגענומענע פעלקער און זיין סבלנות צו אנדערע רעליגיעס — האבען נאך פערשטארקט די דאזיגע האפנונג. די פערטריבענע אידען האבען געהאט א יסוד צו טראכטען, אז נאכדעם, ווי כורש וועט איינגעהמען בבל, וועט ער אראבנעהמען פון זיי די שרעקליכע שטראף, וואס נבוכדנצר האט אויף זיי ארויפגעלעגט, און וועט זיי ערלויבען זיך אומצוקעהרען צוריק קיין פאלעסטינע, נאכדעם ווי די וועט ווערען אנשטאט א באבילאנישער א פערסישע פראווינץ.

## דער נביא פון דער אויפלעבונג (ישעיה דער צווייטער).

§ 5. די אבקלאנגען פון די דאזיגע בעגייסטערטע שטרעבונגען צו אויפלעבונג און פון דער געהויבענער נאציאנאלער שטימונג, וואס האט געהערשט דעמאלט צווישען די אידען אין בבל — זענען דערגאנגען צו אונז אין די רעדעס פון אן אנאנימען נביא, וואס זיינע ווערק — איינע פון די בעסטע שאפונגען פון די נביאים — פערנעהמען דעם צווייטען טייל פון ספר „ישעיה" (קאפיטלען מ'—ס"ו). מחמת דעם, איז אנגענומען אין דער וויסענשאפט אנצורופען דעם „גרויסען אנאנים" מיט'ן נאמען ישעיה דער צווייטער.

דער דאזיגער נביא, וואס האט געלעבט צווישען די גולי־בבל, איז געווען אינגאנצען דורכגעדרונגען מיט'ן אידעאל פון פאליטישער און גייסטיגער בעפרייאונג פון זיין נאציע. אויב אין יחזקאל'ס רעדעס האט זיך אבגעשפיגעלט די לאנגע נאכט פון גלות, מיט איהרע מיסטישע זעהונגען און רוחות, — איז אין די נביאות פון ישעיה דעם צווייטען שיינט דער אבגלאנץ פונ'ם אויפגעהענדען מארגענשטערן, ס'הערט זיך דער ערפרישענדער רוף צו בעפרייאונג, צו א נייעם לעבען, צו א ברייטער טעטיגקייט. דער נביא הערט גאט'ס שטים, וואס איז געווענדט צו די פיהרער פון אידישען פאלק:

„טרייסט, טרייסט מיין פאלק! רעדט צום הארצען פון ירושלים און זאגט איהר אן, אז געענדיגט איז די צייט פון איהר געפאנגענשאפט, אז איהר זינד איז בעוויליגט געווארען... א קול רופט: אין דער מדבר (צווישען בבל און יהודה) מאכט א וועג פאר גאט, גלייכט אויס אין דער סטעפ א שטעג פאר אונזער גאט!... געהט ארויס פון בבל, איילט פון כשדים מיט געזאנג, זאגט: גאט האט בעפרייט זיין קנעכט יעקב" (קאפיטעל מ').

ערפילען גאט'ס ווילען אין דער דאזיגער איבערקעהרעניש האט געדארפט דער עראבערער כורש.

„אַזוי האָט געזאָגט גאָט וועגען זײן משיח כּורש: איך האָבּ גע-
שטאַרקט זײן רעכטע האַנד, האָבּ איהם אונטערטעניג געמאַכט פעלקער,
פונאַנדערגעגורט די לענדען (אָבּגענומען די געווער) בּײ מלכים, געעפענט
פאַר איהם טירען און אַראָבּגענומען די שלעסער פון טויערן (פון שטעדט)...
(און דאָס אַלץ האָבּ איך געטאָן) צוליעבּ מײן קנעכט יעקב און מײן
אויסדערוועהלטען ישראל. און זאָלען אַלע וויסען פון מזרח בּיז מערב,
אַז סאיז נישטאָ חוץ מיר — איך בּין גאָט — און מעהר קײנער ניט. איך
שאַף ליכט און מאַך פינסטערניש, איך מאַך שלום און טו שלעכטס...
איך האָבּ געבּילדעט די ערד און האָבּ בּעשאַפען דעם מענשען אויף איהר,
מײנע הענד האָבּען אויסגעשפּרײט די הימעל-אויסשפּרײטונג, און איך האָבּ
פונאַנדערגעשטעלט איהרע חילות (די שטערען). איך האָבּ אויפגעהויבּען
איהם (כּורש'ן) צוליעבּ'ן אמת, און איך וועל אויסגלײכען אַלע זײנע וועגען; ער וועט אויפבּויען מײן שטאָדט, און מײנע פערטריבּענע וועט ער אָבּלאָזען" (קאַפּיטעל 45).

אין אַלע נבואות פון ישעיה דעם צווייטען ווערט ענטוויקעלט פאָלגענדע קלאָרע אידעען-רייה. די אידישע נאַציע איז שוין אָבּגעקומען פאַר איהרע זינד און, לויט'ן יושר, דאַרף זי בּעפרייט ווערען. א פערמיטלער אין דעם דאָזיגען בּעפרייאונגס-ווערק דאַרף זיין כּורש. פיעל אידען וועלען ניט פערשטעהן, פאַרוואָס איז עפּיס אַזאַ שליחות אַרויפגעלעגט געוואָרען ניט אויף א אידען, נאָר אויף א פרעמדען. נאָר דער נביא ערקלערט, אַז גאָט האָט מיט א כּיון אויסגעקליבּען דעם גרויסען עראָבּערער, וואָס האָט געווירקט אויפ'ן גורל פון א סך מלכים און מלוכות, בּכדי ער זאָל בּעפרייען זיין פאָלק. די ערשיטערטע וועלט וועט איינזעהן, אַז דער לעבּעדיגער גאָט, וואָס האָט איבּערגעגעבּען מעכטיגע מלוכות אין כּורש'ס הענד, האָט געמאַכט דעם לעצטען פאַר א געצייג פון דער אויפלעבּונג פון דער קליינער אידישער נאַציע; אַז די שטאָלצע בּבל איז געפאַלען צוליעבּ דעם, בּכדי די אידישע געפאַנגענע זאָלען בּעפרייט ווערען. דערפון וועלען אַלע קומען צו דער מסקנא, אַז דער גאָט פון די אידען איז אויך דער גאָט פון אַנדערע פעלקער. פאַרוואָס-זשע איז דאָס? — דערפאַר, ווייל דער אידישער גאָט איז ניט א מעשה ידי אדם, געמאַכט פון מענשענ'ס הענד, אַזוי ווי די אָבּגעטער פון די אַנדערע פעלקער, נאָר ער אַליין איז דער בּעשעפער פון הימעל און ערד, דער רעגירער איבּער וועלט און מענשען, וואָס קען נאָר בּעגרייפען ווערען דורכ'ן שכל פון די אויסדערוועהלטע.

„מיט וועמען וועט איהר פערגלייכען גאָט, וואָס פאַר א געשטאַלט
וועט איהר פאַר איהם אויסטראַכטען? (שוין-זשע וועט איהר איהם פערגליי-
כען) מיט דעם געצענבּילד, וואָס א מייסטער האָט אָבּגעגאָסען, און א
שמיד האָט מיט גאָלד בּעשלאָגען, האָט צוגעמאַכט צו איהם זילבּערנע קיי-
טען?... צי דען ווייסט איהר ניט, צי דען האָט איהר ניט געהערט?

צי רעדן איז אייך שוין לאַנג ניט אָנגעזאָגט געוואָרען? (גאָט איז דער, וואָס זיצט איבער'ן קרייז פון דער ערד, און אירע איינוואוינער זענען פאַר איהם דאָס אייגעגע, וואָס הײשעריקען; דער וואָס האָט אויסגעשפּרייט דעם הימעל, ווי א טעפּיך, און האָט איהם אויפגעשלאָגען ווי א געצעלט אויף צו וואוינען: ער פערוואַנדעלט פירשטען אין גאָרנישט און ערדישע רעגירער אין תהו (כאָאָס)" (קאַפּ. מ').

דייטש עס, אַז די אידעע פון א וועלט-בעשעפער, די אידעע פון העכסטען עצם, וואָס רעגירט איבער'ן גורל פון דער מענשהייט און די פאָר-שטעלונג וועגען יאַהוועה, דעם ספּעציעלען בעשיצער פון ישראל — גיסען זיך דאָ צונויף אין איין אידעע פון א וועלט-גאָט. דער נאַציאָנאַלער גאָט פון די אידען ווערט אַן אוניווערסאַלער, איינציגער גאָט. ס'איז ניטאָ קיין גאָט, חוץ יאַהוועה, און ישראל איז פון איהם אויסדערוועהלט געוואָרען און דאַרף זיין נאָמען פערשפּרייטען איבער דער וועלט — דאָס איז דער לאָזונג, וואָס איז געדרונגען פון ישעיה II אַלע רעדעס. „גאָטס קנעכט" — דאָס איז זיין ליעבלינגס-עפּיטעט, וואָס ער ווענדט איהם אָן אָפט צום אידישען פאָלק. דאָס דאָזיגע פאָלק, וואָס איז בערופען צו פערווירקליכען דעם אידעאַל פון העכ-סטען אמת און גערעכטיגקייט, האָט געמוזט איבערליידען פורעניות און ערני-דריגונגען, און אויסשטעהן רדיפות צווישען אַלע פעלקער, נאָר סוף כל סוף וועט עס טריאומפירען: עס וועט זיין א „ליכט פאַר די פעלקער", דער פאָר-נען-טרעגער פונ'ם אמת פאַר דער גאַנצער מענשהייט. ס'איז, אויף אַזאַ אופן, איבערגעוואָרפען א בריק צווישען נאַציאָנאַליזם און אוניווערסאַליזם. דאָס אי-דישע פאָלק, הגם עס איז א בעזונדערע נאַציע, אַרבייט צוגלייך צום נוצען פון דער מענשהייט. עס בעהאַלט ניט עגאָאיסטיש זיינע גייסטיגע אוצרות, נאָר עס צעטיילט זיי צווישען אַלעמען, ווער עס נויטיגט זיך אין זיי, וואָרום דאָס איז זיין מיסיע. דער גלות-בבל האָט געדאַרפט מיטווירקען, אַז די נאַציאָנאַלע רעליגיע זאָל איבערגעהן אין אַן אוניווערסאַלע: דאָס איז א שול פאַר א פאָלק-א מיסיאָנער, וואָס האָט געדאַרפט א סך אויסשטעהן, מיט פיעלען זיך צו-זאַמענשטויסען, בכדי גוט צו ערפילען זיין מיסיע.

דער נביא שטעלט זיך אָבער ניט אָב אויף דעם דאָזיגען אידעאַל פון א ריין-גייסטיגער נאַציע. איהם ציהט אָן אין דער נאָהענטער צוקונפט די פּער-ספּעקטיווע אויף א פּאָליטישער אויפלעבונג פון אידישען פאָלק, אויסגעליטערט דורך די צרות, דאַרף די נאַציע אומקעהרען זיך אין פאָטערלאַנד און דאָרט בעווייזען דער וועלט א מוסטער פון גייסטיגער מאַכט ביי א לפי-ערכ'דיגער פּאָ-ליטישער שוואַכקייט. דער נביא זאָגט צו דער בעפרייטער נאַציע ניט א מילי-טערישע מאַכט, ניט די ממשלה איבער אַנדערע פעלקער דורכ'ן שווערד און געוואַלד-מיטלען, נאָר די ערָאָבערונג פונ'ם פערשטאַנד און האַרץ דורך פערשפּריי-טען די אידעען פון גוטס און אמת.

אין דער רעליגיע גיט ישעיה דער צווייטער אָב דעם ערשטען אָרט ניט, ווי יחזקאל הנביא, די אויסווייניגסטע צערעמאָניעס, נאָר די מדות טובות. אין שאַרפֿע ווערטער טאַדעלט ער די אויסווייניגסטע תשובה, וואָס דריקט זיך אויס נאָר אין תעניתים און תפֿלות, און אין דערזעלביגער צייט בעסערט ניט דער בעל-תשובה זיינע מדות. אין ישעיה II-טענס נבֿואות וועגען דער צוקונפֿטיגער בענייטער מלכות-יהודה פֿערנעמט ניט דער בנין בית-המקדש אַזאַ ווילכטיגען אָרט, ווי אין יחזקאלס נבֿואות. דעם ערשטען איז אויך פֿרעמד דעם לעצטענס נעפֿעלדיגער מיסטיציזם. אין ישעיה II-טענס רעדעס איז מעהר פֿאַראַן אַ ליכטיגע, לעבענס-פֿריידיגע שטימונג: אין זיי קלינגט אַ מונטערער רוף צו טעטיגקייט, און ניט צו פּאַסיווער ערוואַרטונג.

„וואַך אויף, וואַך אויף, קלייד זיך אָן מיט גבֿורה, ציון; טו אָן דיינע גלענצענדע קליידער, ירושלים, דו הייליגע שטאָדט, ווארום מעהר וועט אין דיר ניט אַריינגעהן קיין ערל וטמא! שאָקעל אַראָב פֿון זיך דעם שטויב, שטעה אויף און שטאַרק דיך, ירושלים! בינד פֿונאַנדער די קייטען אויף דיין האַלז, דו געפֿאַנגענע טאָכטער פֿון ציון!“

„ציון זאָגט: פֿערלאָזען האָט מיך יאַהווע, מיין גאָט האָט מיך פֿערגעסען. נאָר צי קאָן פֿערגעסען אַ פֿרוי איהר קינד און ניט רחמנות האָבען אויף איהר לייבס-פֿרוכט? ווען אַפֿילו זי זאָל פֿערגעסען, וועל איך (גאָט) דיך ניט פֿערגעסען. אָט איילען שוין צו דיר דיינע קינדער, און דיינע צעשטערער געהען אַוועק פֿון דיר. הויב אויף דיינע אויגען און קוק זיך אַרום: זיי אַלע (דיינע קינדער) האָבען זיך צונויפֿגעקליבען און זענען געקומען צו דיר... זיי וועלען אויפֿבויען דיינע חורבות, און ס'וועט זיין ענג אין דיר מחמת די פֿיעל איינוואוינער“.

„ווי שען זענען אויף די בערג די פֿיס פֿונ'ם מבשר, וואָס זאָגט אָן שלום, וואָס רופֿט אויס גליק און רעטונג, וואָס זאָגט צו ציון: דיין גאָט איז קעניג געוואָרען! דיינע היטער האָבען אויפֿגעהויבען זייערע שטימען און זינגען אינאיינעם, ווארום אויג אין אויג זעהען זיי, אַז גאָט קעהרט זיך אום קיין ציון“. (קאַפּ. נ״ב, מ״ט).

## דער אונטערגאַנג פֿון בבֿל און די בעפֿרייאונג פֿון די אידען.

§ 6. די אַנגעשטרענגטע ערוואַרטונגען פֿון די אידען, וואָס זענען געוואָרען אַרויסגערופֿען דורך די קלאַנגען וועגען כורש'ס נצחונות, זענען אין גיכען מקוים געוואָרען, הגם ניט אין דער אידעאַלער פֿאָרם, וואָס אין איהר האָט דער בעגייסטערטער כח-הדמיון פֿון די נבֿיאים זיך פֿאָרגעשטעלט די דאָזיגע איבערקעהרעניש. אין עטליכע יאָהר אַרום נאָכ'ן קריג קעגען לידיען האָט כורש זיך געלאָזט געהן מיט זיין חיל צו דער הויפּט-שטאָדט פֿון באַבילאָניען, נאָכדעם

ווי ער האָט פֿריִער אײַנגענומען די באַבילאָנישע פּראָווינצן. אין יאָהר 539 איז פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען די פּערסער און די באַבילאָניער נים ווײַט פֿון סיפּאַר. די דאָזיגע גרויסע שטאָדט האָט זיך אונטערגעגעבען די פּער- סער. דער זאָרגלויזער באַבילאָנישער קעניג נאַבונאַאיד האָט ניט אַרויסגעוויזען קיין געהעריגען ווידערשטאַנד קעגען דעם שונא. אַ טייל פֿון דער באַבילאָנישער בעפֿעלקערונג האָט, ווי עס ווײַזט אויס, מורד געווען קעגען דעם שוואַכען קעניג און האָט בעגריסט דעם פּערסישען זיגער. די פּערסער זענען אונטער דער אָנ- פֿירונג פֿון גאָבריאַס (אוגבאַר) אַרײַנגעטראָטען אָהן אַ קאַמפּף אין בבל. נאַ- בונאַאיד'ן האָט מען אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זײַן מלוכה.

אין גיכען, אין חודש מרחשון, איז אָנגעקומען אין דער הויפּט-שטאָדט כורש גופֿא. ער האָט ערקלערט בבל פֿאַר זײַנע קעניגליכע רעזידענץ און האָט דאָרט אײַנגעשטעלט זײַנעם אַ פֿערוואַלטער. כורש האָט זיך פֿערהאַל- טען זעהר ליבעראַל צו די בעזיגטע און אַפֿילו אַרויסגעוויזען יראת-הכבוד צו זײַערע נאַציאָנאַלע געטער, הגם אַליין איז ער געווען אַ מאמין אין דער רע- ליגיע פֿון אָרמוזד.

דאָס זענען די היסטאָרישע אויספֿירונגען פֿון די ערצעהלונגען וועגען פֿאַלען פֿון בבל, וואָס זענען געפֿונען געוואָרען אין די עלטסטע קלינעס-אויפֿשריפֿטען און אין די באַבילאָנישע כראָניקען. אין אַנאַנדער געשטאַלט דערצעהלען וועגען דעם די גריכישע מקורים (העראָדאָטוס און קסענאָפֿאָן). לויט זײַערע ווערטער האָבען די באַבילאָניער בעגעגענט כורש'ן מיט געווער אין די הענד. נאָכדעם, ווי זיי זענען בעזיגט געוואָרען אין די ערשטע געשלעגען, האָבען זיי זיך אײַנ- געשלאָסען אין בבל, מחמת זיי האָבען געהאָפֿט, אַז דער שונא וועט ניט קאָנען אײַננעהמען די דאָזיגע שטאָדט, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט דיקע מויערן און שטאַרק בעפֿעסטיגט. כורש האָט לאַנג בעלעגערט בבל אָהן ערפֿאָלג. נאָר דער- נאָך האָט ער געפֿונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אײַנצונעהמען די שטאָדט. ער האָט אָבגעפֿירט די וואַסער פֿון פּרת, וואָס איז דורכגעפֿלאָסען דורך די הויפּט-שטאָדט, אין אַ גרויסער אָזערע, וואָס איז געוואָרען אויסגעגראָבען הינטער'ן שטאָדט. איין מאָל, אַז די באַבילאָניער האָבען זיך זאָרגלויז משמח געווען צוליעב זײַער'ן אַ יום-טוב, האָבען די פּערסער אונבעמערקט זיך אַרײַנגעשליכט איבער דעם גרונד פֿון פּרת אין דער שטאָדט און האָבען זי אײַנגענומען.

צום טייל ענליך צו דעם איז די ערצעהלונג פֿון די שפּעטערדיגע אי- דישע מסורות, וואָס זענען אַרײַן אין ספֿר „דניאל". אין דער דאָזיגער לעגענדאַ- רישער ערצעהלונג זענען אומגעענדערט הן די כראָנאָלאָגיע, הן די נעמען פֿון די פּערזאָנען. דער לעצטער באַבילאָנישער קעניג, וואָס די פּערסער האָבען אַרום אַראָבגעוואָרפֿען, איז אָנגערופֿען דאָ בלשצר (בילשאַר-אוסור איז, לויט די אויפֿשריפֿטען, געווען נאַבונאַאיד'ס אַ זוהן). דער דאָזיגער קעניג האָט אַמאָל געמאַכט אַ גרויסען מאָלצײַט פֿאַר זײַנע שרים און האָט געהייסען ברענגען די

אַלאַין די כלים, וואָס אַנטעלט האָט זיי נבוכדנצר אַרויסגעפירט פון בית-המקדש אין ירושלים. בשעת דער קעניג און זיינע געסט זענען געזעסן בײַם טיש און האָבן געטרונקען ווײַן פֿון די הייליגע בעכערס, האָט זיך באַוויזען אויף דער וואַנט קעגען טיש אַ סוד-פֿולע האַנט און האָט דאָרט אויפֿגעשריבען עפּיס אונפֿערשטענדליכע ווערטער. דער קעניג האָט זיך דערשראָקען און האָט געלאָזט רופֿען זיינע מאַגען, בכדי זיי זאָלען דורכלייענען די אויפֿשריפֿט, נאָר די מאַגען האָבען עס ניט געקאָנט. דאַן האָט מען גערופֿען דעם אידישען חכם דניאל. דניאל האָט באַלד דורכגעלייענט די אויפֿשריפֿט און האָט געזאָגט: „דאָ זענען אויפֿגעשריבען פֿאָלגענדע (אַראַמישע) ווערטער: מנא מנא תקל ופרסין. דאָס בעטייט: ס'איז געצעהלט, געוואויגען און צעטיילט. ס'זענען געצעהלט די טעג פֿון דײַן קיניגען, ס'זענען אָבגעוואויגען אויף אַ וואָגשאָל אַלע דײַנע שלעכטע מעשים, און דײַן מלוכה איז צעטיילט צווישען די מעדיער און פּערסער". די דאָזיגע נבואה איז מקוים געוואָרען: די זעלביגע נאַכט איז בלשצר, דער קעניג פֿון בבל, דערהרגעט געוואָרען. זײַן ממשלה איז איבערגעגאַנגען צו דאַריוש מלך מדי.

אין דער דאָזיגער פּאָעטישער ערצעהלונג האָט זיך קלאָר אָבגעשפּיגעלט די פֿאָרשטעלונג פֿון פֿאָלק וועגען דעם, אַז דער אונטערגאַנג פֿון דער אַלמעכטיגער בבל איז דאָס געקומען, ווי אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר'ן חורב מאַכען ירושלים און פֿאַר פֿערשוועכען דעם בית-המקדש.

די אידישע פֿערטריבענע, וואָס האָבען געוואוינט אין בבל, האָבען מיט גרויס פֿרייד בעגעגענט דעם גרויסען פּערסישען קעניג, וואָס אין איהם האָבען זיי געזעהן זייער גואל פֿון דער פֿופֿציג-יאָהריגער קנעכטשאַפֿט. נאָך פֿריהער, פנים, זענען דערגאַנגען צו כורש'ן קלאַנגען וועגען דעם, אַז די אידען לעגען אויף איהם גרויסע האָפֿנונגען, און אַז די אידישע נביאים האָבען איהם געלויבט, ווי אַ שליח פֿון גאָט. נאָכדעם, ווי בבל איז אײַנגענומען געוואָרען, האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך שטאַרקער די סימפּאַטיע פֿון די פֿערטריבענע צום זיגער. כורש, וואָס איז געווען בכלל גרויסמוטיג בנוגע צו בעזיגטע און טאָלעראַנט בנוגע צו פֿרעמדע רעליגיעס, האָט געמוזט הויך שאַצען די סימפּאַטיעס פֿון דער אונטערדריקטער נאַציע, וואָס האָט געהאָפֿט דורך איהם בעפֿרייט צו ווערען (און וואָס האָט אפֿשר — דורך אידישע פֿאָרשטעהער — געבעטען איהם וועגען דעם). אין דעם, האָט עס איהם אין פּאָליטישער הינזיכט געלוינט צו ערלויבען די אידען זיך אומקעהרען אין פֿאָטערלאַנד, און געבען זיי די מעגליכקייט ווידער ברענגען אָרדנונג אין דער חרובער פּאַלעסטינע, וואָס זאָל בלייבען אַ פּערסישע פּראָווינץ. פּאַלעסטינע, וואָס וואָלט געווען בעוואוינט פֿון אַ דאַנקבאַרען און איבערגעבענעם פֿאָלק, וואָלט געדיענט כורש'ן פֿאַר אַ וויכטיגען שוץ קעגען די פֿיינדליכע אָנפֿאַלען מצד די עגיפּטער, וואָס מיט זיי האָט ער זיך געגרייט פֿירען מלחמה. דאָס אַלץ האָט געמוזט בעווייזען דעם פּערסישען עראָבערער צו ער-

פילען דעם היימען פערלאנג פון די אידישע פערטריבענע, וואס ער האט גע־פונען אין בבל.

אין יאהר 538 האט כורש ארויסגעגעבען די אידען אערלויבניש זיך אומצוקעהרען אין זייער פאטערלאנד, צוריק אויפצובויען ירושלים און דעם בית־המקדש. אין תנ"ך ווערט דערצעהלט, אז כורש האט ארויסגעגעבען וועגען דעם א ספעציעלע שריפטליכע פעראָרדנונג, וואס איז פערעפענטליכט געוואָרען אין דער גאנצער פערסישער אימפעריע. פאר'ן ערשטען פערוואלטער פון לאנד יהודה האט דער פערסישער מאנארך בעשטימט א געוויסען ששבצר, וואס איינינע רעכענען אידם פאר א פערסער, און אנדערע—פאר א אידען.

אויסנוצען זיך מיט דער ערקלערטער פרייהייט האבען געקאנט אבער די ערשטע צייטען נים אלע פערטריבענע אידען. ס'איז נים געווען גרינג פאר א צאהלרייכער בעפעלקערונג, וואס האט זיך איינגעלעבט אין בבל אין משך פון 60 אדער 50 יאהר, צו פערלאזען די נייע היים, זייערע הייזער, פעלדער און גערטנער און זיך איבערקלייבען אין דער וויטער פאלעסטינע. א סך האבען זיך אבגעשטעלט, מחמת זיי האבען מורא געהאט, אז אין חרובען פאטערלאנד וועט זיך זיי ערגער לעבען, איידער אין „גלות־לאנד". פונדעסט־וועגען האבען זיך איינגעפונען ביז 50,000 מאן אועלכע, וואס זענען גערן געווען זיך אומצוקעהרען אין זייער געבארען־לאנד[6]. צווישען זיי זענען געווען א סך כהנים און לויים. בראש פון די שבי־גולה זענען געשטאנען א פרינץ פון הויז דוד, זרבבל (אנאייניקעל פון קעניג יהויכין, וואס איז געשטארבען אין בבל), און דער כהן ישוע בן יהוצדק, אנאייניקעל פון כהן־גדול שריה, וואס נבוכדנצר האט איהם דערהרגעט[7]. די דאזיגע צוויי פיהרער, וואס איינער פון זיי איז געווען א געזעצליכער יורש פון דער קעניגליכער ממשלה, און דער אנדערער איז געווען א פארשטעהער פון דער גייסטליכער דינאסטיע פון מלכות־יהודה,—האבען בעקומען פון כורש'ן בעשטימטע פאלמאכטען[8].

---

[6] לויט די יחוס־בריעף פון ספר „עזרא" איז די ערשטע פארטיע פון די שבי־גולה בע־שטאנען פון 42,360 פרייע מענשען, 7337 שקלאפען און שקלאפינען און 200 זינגער. מחמת עס איז נים בעשטימט, וואס עס בעטייט די ערשטע צאהל: צי די צאהל פון נפשות אדער די צאהל פון די משפחות,—דעריבער זענען פאראן א סך היסטאריקער, וואס זאגען משער, אז אינגאנצען האבען זיך צוריקגעקעהרט ביז 200,000 מענשען.

[7] לויט'ן סדר הדורות פון ספר דברי־הימים א', קאפ. ה' 40; זעה די אלגעמיינע אידישע געשיכטע I, § 116.

[8] ס'איז נאך נים אויפגעקלערט, וואס פאר א שייכות עס האט געהאט ששבצר, וואס איז געווען דער ערשטער אידישער „פירשט" (נשיא, פחה), צו זרבבל'ן, וואס ווערט אין תנ"ך אויך אנגערופען „דער פערוואלטער פון יהודה" (פחת יהודה). איינינע פארשער זאגען משער, אז ששבצר איז גאר דער פערסישער נאמען זרבבלס; אנדערע נעהמען אן, אז זרבבל איז

אין ספר „עזרא“ (קאפ. ה׳) ווערט דערצעהלט, אז כורש האט בעפוה־לען צוריק אבצוגעבען די אידען די היילינע כלים, וואס נבוכדנצר האט אוועק־גענומען פון בית־המקדש, און האט אפילו געהייסען ארויסגעבען פון דער מלוכה־קאסע (מסתמא פון די הכנסות פון דער אידישער פראווינץ) א בעשטימטע סומע געלד אויף די הוצאות צום בויען דעם בית־המקדש. די אידען, וואס זענען גע־בליבען אין בבל, האבען אונטערשטיצט די שבי־גולה מיט געלד, לאסט־בהמות און שפייז־פראָדוקטען. דער נאציאנאלער געפיהל איז געווען שטארק אויך ביי די, וואס זענען געבליבען; זיי האבען געקוקט אויפ׳ן בית־המקדש, ווי אויף זייער הייליגסטען צענטער, און דאס לאנד יהודה האבען זיי בעטראכט, ווי זייער אמת׳ן פאטערלאנד, וואוהין א סך פון זיי האבען געדאכט שפעטער זיך אומ־צוקעהרען.

אין יאהר 537 האבען זיך מאסען אידען געלאזט געהן פון בבל צוריק אין פאטערלאנד, וואס נאך איהם האבען אזוי שטארק געבענקט צוויי דורות פון די פערטריבענע. די פלוצלינגדיגע בעפרייאונג פון קנעכטשאפט האט זיך זיי אויסגעדאכט, ווי א נס מן השמים אדער א צויבערפולער חלום. א שפע־טערדיגער קאפיטעל תהלים גיט איבער די פרעהליכע שטימונג פון די שבי־גולה.

אז גאט האט אומגעקעהרט ציון׳ס געפאנגענשאפט,
זענען מיר, ווי אין חלום געווען;
דאן איז מיט פרייד־געלעכטער פול געוואָרען אונזער מויל,
און אונזער הארץ — מיט געזאנג.
דעמאלט פלעגט מען רעדען צווישען די פעלקער:
„גאט האט גרויסעס געטאן מיט די דאזיגע!“
גאט האט מיט אונז גרויסעס געטאן,
פריידען פול זענען מיר געווען!

---

געווען פחה נאך ששבצר, וואס איז באמת געווען א פארוואלטער די ערשטע יאָרען פון דער רעסטאווראציע.

# צווייטער קאפיטעל.

## די ערשטע רעסטאווראציע; זרובבל און ישוע.

(537—516 און ווייטער).

דער צושטאנד פון לאנד יהודה. — די בעניאונג פון דער עבודה און די ערשטע שוועריגקייטען. — דער נייער בית־המקדש. — חגי און זכריה. — א טונקעלע צייט. — די לעגענדע וועגען אסתר המלכה.

### דער צושטאנד פון יהודה.

§ 7. אין א טרויעריגען צושטאנד האט זיך געפונען דאס לאנד יהודה אין יענער צייט, ווען די ערשטע פארטיע פון די שבי־גולה האט זיך צוריקגעקעהרט אהין. דער צענטער פון לאנד — ירושלים און די סביבה — איז געווען כמעט אהן איינוואוינער און האט נאך געטראגען אויף זיך סימנים פון חורבן, וואס נבוכדנצר האט געלאזען נאך זיך. אין דער פראווינץ האבען געוואוינט צוזאמען די ארימע אידישע דארפס־איינוואוינער, וואס דער באבילאנישער ערא־בערער האט דארט איבערגעלאזט. זיי האבען איינגענומען ניט די גאנצע טע־ריטאריע פון לאנד יהודה. א בעדייטענדען טייל פון דער דאזיגער טעריטאריע האבען פערכאפט די שכנישע פעלקער, וואס האבען אויסגענוצט די שוואכקייט פון די איצטיגע איינוואוינער. די אלטע שונאים פון אידישען פאלק, די אדומים, האבען איינגענומען דעם דרום־קאנט פון מלכות־יהודה, דעם פעלזען־רייכען „נגב", וואס האט זיך געגרעניצט מיט זייער לאנד, און האבען געשטרעבט צו פער־כאפען נאך געגענדען. די עמונים, וואס האבען געוואוינט אין מזרח־זייט, אויף יענער זייט ירדן, יענען, ווי עס ווייזט אויס, גרופענווייז אריינגעדרונגען אין מלכות־יהודה און האבען זיך דארט בעזעצט[1]. אין צפון־זייט, אין געווע־זענעם קעניגרייך ישראל, האבען געוואוינט די שומרונים, וואס זענען געווען א מישפאלק פון די אלטע בני־ישראל מיט די אסירער[2]. אזוי געמישט איז אויך געווען די רעליגיע פון די שומרונים: זיי האבען אבגעהיט דעם האלב־היידנישען קולט פון יאהווע, וואס האט געהערשט אין געוועזענעם קעניגרייך ישראל, און דערביי האבען זיי צוגעמישט די מנהגים פון זייערע עלטערן. ביי לויט

[1] נאך אין דער צייט פון חורבן־ירושלים האט דער עמונישער קעניג בעלים געהאט בעציהונגען מיט ישמעאל בן נתניה, דעם מערדער פון גדליה (אלג. איד געש. I § 117).

[2] זעהט גופא, § 103.

זייער ראָסע, סיי לויט זייער רעליגיע זענען די שומרונים געווען נאָר האַלבע אידען.

אַרומגערינגעלט פֿון אַזעלכע שכנים, האָבען די אידען געדאַרפֿט אָנווענדען ניט ווייניג מיה און מאַטעריעל, כּדי ווידער צו ווערען די בעלי־בתים איבער זייער פֿריהערדיגער טעריטאָריע און אײַנשטעלען די צעשטערטע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג. זיי איז אויסגעקומען פֿון איין זייט אַרויסצושטופּען די פֿרעמדע פֿון די אידישע געגענדען, וואָס יענע האָבען פֿאַרכאַפּט, און פֿון דער אַנדער זייט — ווידער אויפֿבויען ירושלים און די אַנדערע שטעדט, וואָס זענען געווען חרוב. די ערשטע צײַטען האָבען זיי ניט געקאָנט אויסערפֿילען די דאָזיגע שווערע אויפֿגאַבע אָהן דער הילף מצד דער פּערסישער רעגירונג. נאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז די דאָזיגע הילף געווען אונבעדייטענד. די נײַע עראָבערער האָבען נאָך ניט בעוויזען אײַנצושטעלען אָרדנונג אין דער נײַער פּאַלעסטינישער פּראָווינץ, וואָס זיי האָבען אײַנגענומען. און מ'איז ניט בעוואוסט, אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט די הילף, וואָס זיי האָבען געגעבען די אידען. לויט איין ידיעה, וואָס מיר געפֿינען אין תנ"ך, האָט גענומען אַ טעטיגען אָנטייל אין דער רעסטאַווראַציע דער אידישער פֿערוואַלטער ששבצר, וואָס כּורש האָט אידם בעשטימט (§ 6). אַן־אַנדער מסורה שרײַבט צו די דאָזיגע ראָל פֿון פֿיהרער צוויי פֿון די שבי־גולה: דעם פּרינץ זרבבל און דעם כּהן ישוע. פֿאַר זיכער קאָן מען אָננעהמען נאָר דאָס, אַז די ערשטע פּאַרטיע פֿון די שבי־גולה האָבען זיך בעזעצט אין ירושלים גופֿא און אין דער נאָהענטסטער אומגעגענד, און האָבען אויף אַזאַ אופֿן געבילדעט אַ קליינע קאָלאָניע פֿאַר זיך.

## די בענײַאונג פֿון דער עבודה און די ערשטע שוועריגקײַטען.

§ 8. איינע פֿון די ערשטע זאָרג פֿון די צוריקגעקומענע אידען איז געווען — ווידער אָנצוהויבען דעם גאָטעסדיענסט אין ירושלים. דאָס האָט געפֿאָדערט דער אָנגעשטרענגטער רעליגיעזער געפֿיהל פֿון פֿאָלק, וואָס האָט כּמעט צוזאַמענגעבונדען זײַן בעפֿרײַאונג מיט יאָהוועס ווידערקעהר אין זײַן הייליגער שטאָדט און אין זײַן בית־המקדש. אַז עס איז אָנגעקומען דער זיבעטער חודש, תּשרי, ווען עס פֿאַלען די גרויסע האַרבסטיגע ימים־טובים, האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אין ירושלים אַ סך מענשען פֿון די אַרומיגע שטעדט. אויף יענעם אָרט, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען דער מזבח אין בית־המקדש, איז אויסגעבויט געוואָרען אַ נײַער מזבח, און מען האָט ווידער אָנגעהויבען ברענגען קרבנות, וואָס זינט דעם חורבן־ירושלים האָט מען עס אָבגעשאַפֿט.

באַלד נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבען זיך צו גרייטען צום בויען אַ נײַעם בית־המקדש, אויפֿן אָרט פֿונם חורבן. מען האָט געשלאָסען אָבמאַכען מיט די צורים און צידונים, וואָס האָבען זיך מתחיל געווען צוצושטעלען, פֿאַר

געצאָהלט אין געלד און נאַטור-פּראָדוקטען, צעדערן-האָלץ פון לבנון; מען האָט אויך געדונגען אַרבייטער אויף אויסהאַקען און אַרומהאַקען שטיינער פון די בערג.

אַז די דאָזיגע הכנות זענען פאַרטיג געוואָרען, איז מען צוגעטראָטען צום לעגען דעם פונדאַמענט פונ'ם נייעם בית-המקדש. דאָס איז געווען אין פריה-יאָהר-חודש איר, אין צווייטען יאָהר זינט די געפאַנגענע האָבען זיך אומגעקעהרט אין זייער געבאָרען-לאַנד. די פיהרער און עלטסטע פון פערשיידענע געמיינדען זענען אָנגעקומען קיין ירושלים אויפ'ן יום-טוב פון יסוד-בית-המקדש. די כהנים האָבען זיך פון דאָס-ניי באַוויזען אין זייערע הייליגע קליידער; די לויים פון דער משפחה אסף האָבען געזונגען דאַנק-ליעדער מענינא-דיומא, וואָס ביז איצט זענען זיי פערבליבען אין ספר תהלים, און ווייט אַרום האָט מען געקאָנט הערען די פריידענס-געשרייען פון פאָלק. צווישען דעם דאָזיגען פרעהליכען המון זענען געשטאַנען ישישים און האָבען געוויינט אויפ'ן קול: די דאָזיגע ישישים האָבען נאָך געזעהן דעם ערשטען בית-המקדש אין זיין גאַנצער פּראַכט, און איצטער, ווען זיי האָבען פערגליכען דעם נאָר-וואָס אָנגעהויבענעם בעשיידענעם בנין מיט'ן אַלטען בית-המקדש, האָבען זיי ניט געקאָנט איינהאַלטען זייערע טרערען. „און דאָס פאָלק — דערצעהלט דער תנ"ך — האָט ניט געקאָנט אונטערשיידען די פריידענס-געשרייען פונ'ם הויכען געוויין".

נאָר ווייטער בויען דעם בית-המקדש איז ניט מעגליך געווען איבער די אינטריגעס מצד די „פיינד פון יהודה און בנימין". דאָס זענען געווען די שכנישע פעלקער, וואָס האָבען פערנומען א טייל פון דער אידישער טעריטאָריע און וואָס האָבען ניט געוואָלט, אַז אין ירושלים זאָל זיך בילדען א נייער צענטער פאַר'ן אידישען פאָלק.

אויך די שמרונים האָבען זיך אַרויסגעוויזען אַלס פיינד פון די אידען. בשעת זרובבל און די אידישע עלטסטע האָבען אָנגעהויבען בויען דעם בית-המקדש, זענען געקומען צו זיי שלוחים פון די שמרונים און האָבען ערקלערט, אַז זיי, די שמרונים, ווילען אויך דינען דעם גאָט פון ישראל, און דעריבער ווילען זיי נעהמען א חלק אין בויען דעם בית-המקדש. ווי עס ווייזט אויס, איז דער דאָזיגער פערלאַנג פון די שמרונים אַרויסגערופען געוואָרען ניט פון זייער פרומקייט, נאָר מחמת זיי האָבען גערעכענט, אַז דער בונד מיט די אידען קאָן זיי ברענגען טובות אין פּאָליטישער הינזיכט. זרובבל און די עלטסטע האָבען בעשלאָסען צו פערוואַרפען דעם פאָרשלאַג פון די שמרונים. זיי האָבען מורא געהאַט, טאָמער וועט דער בונד מיט די האַלב-היידנישע שכנים ווידער ברענגען דערצו, עס זאָלען זיך פערשפּרייטען צווישען די אידען פערקערטע רעליגיעזע השגות און פערדאָרבענע מדות. די שמרונים זענען אין כעס געוואָרען דעריבער, וואָס מען האָט זיי אָבגעזאָגט, און האָבען אָנגעהויבען מיט גרויס רשעות רודף זיין די ירושלמי'ער געמיינדע און שטערען אַלע אידישע אונטערנעהמונגען, אַמאָל דורך געוואַלד, אַמאָל דורך רמאות. זיי פלעגען אונ-

טערהעצען איך די פּערסישע בעאַמטע קעגען די אידען, און צו יענע פֿלעגען זיך װענדען מיט זייערע אָנקלאַגען צו דער העכערער פּערסישער רעגירונג, האָבען זיך די שמרונים געמיהט דורך שוחד און אינטריגעס מאַכען צו־נישט זייער השתדלות.

אין משך פֿון יענער צייט האָבען די אידען געהאַט אויסצושטעהן נאָך שװערע נסיונות. כורש איז געשטאָרבען און נאָך איהם איז געװאָרען קעניג זיין זוהן קאַמביזעס (522—529). קוים איז דער נייער קעניג אַריינגעשטיגען אויף זיין טרון, איז ער שוין אַרויס אין מלחמה קעגען עגיפּטען און עטיאָפּיען. אַבטיילונגען פֿון דער גרויסער פּערסישער אַרמעע זענען דורכגעגאַנגען דורך פּאַלעסטינע, און דאָס לאַנד האָט איבערגעטראָגען אַלע פּורעניות פֿון אַ קריגס־צייט. די שכנישע האַלב־ווילדע פֿעלקער האָבען בעאונרוהיגט די אידען דורך זייערע אָנפֿאַלען און אויסגענוצט די קריגס־מהומות, כדי אָבצוטון אַלערליי געװאַלדטאַטען. אויך שוין מצד דער פּערסישער רעגירונג איז שװער געװען זיך צו ריכטען: די איז געװען פֿערנומען מיט איהרע אייגענע עסקים. נאָכדעם, װי קאַמביזעס האָט זיך אומגעקעהרט פֿון בעריהמטען עגיפּטישען קריג, איז ער געשטאָרבען אין סיריען און דעם פּערסישען טרון האָט פֿערכאַפּט גוימאַטאַ (דער פֿאַלשער סמערדיז); די מלוכה־אָרדנונג איז דורך דעם שטאַרק געשעדיגט געװאָרען.

חוץ דעם, װאָס מלכות־יהודה איז געװען פּאָליטיש שװאַך, איז צוגעקומען נאָך אַ צרה. איינגע יאָהר נאָכאַנאַנד זענען געװען אין לאַנד ניט־געראָטענישען, צום טייל מחמת דעם, װאָס די ערד איז געװען פֿערלאָזען און װאָס די נייע קאָלאָניסטען זענען ניט געװען צוגעפּאַסט צו די תנאים פֿון דער אָרטליכער ערדאַרבייט. די פֿערדינסטען זענען געװען שװאַכע; דער האַנדעל האָט ניט געקאָנט זיך ענטװיקלען, מחמת די קאַראַװאַנען־װעגען זענען געװען מסוכנדיגע איבער די שטענדיגע מהומות און קריג אין פּערסיען. ירושלים האָט זיך נאָר פּאַמעלעך דערהויבען פֿון די חורבות, און איהר בעפֿעלקערונג איז געװען זעהר אומבעדייטענד. די שטימונג ביים פֿאָלק איז געװען אַ געדריקטע, די אבלות פֿון גלות האָט כמעט װי װייטער געדויערט. די תעניות־צבור, װאָס זענען איינגעשטעלט געװאָרען אין בבל (§ 2), פֿלעגט מען אָבהיטען, װי פֿריהער.

## דער נייער בית־המקדש; חגי און זכריה.

§ 9. אַ גינסטיגערע צייט איז אָנגעקומען פֿאַר אידען, בשעת דאַריוס היסטאַספּעס (דריוש, 485—521) איז געװאָרען קעניג אין פּערסיען. דריוש האָט איינגעשטעלט צוריק די מלוכה־אָרדנונג אין פּערסיען און איהרע פּראָװינצען. ער איז, אַפּנים, געװען גוט־גינציג צו אידען, און פּונקט אַזוי װי כורש, איז ער געװען גרייט צו העלפֿען װידער אויפֿצובויען ירושלים, אַלס אַ אידישען רעליגיעזען צענטער.

אין אנהויב פון דריושס קיניגען זענען אין ירושלים ארויסגעטראטען צוויי נביאים, חגי און זכריה, וואס האבען אנגעהויבען ענערגיש צו אגיטירען צווישען פאלק, מען זאל זיך נעהמען פאר'ן בויען דעם בית=המקדש. די דאזיגע נביאים האבען בעוויזען, אז די ארימקייט פון פאלק און זיין טרויעריגע פאליטישע לאגע קאנען ניט פערענטפער'ן דאס, וואס „גאט'ס הויז" איז נאך ניט אויסגעבויט. אדרבה, די דאזיגע טרויעריגע לאגע איז א פועל=יוצא פון דער גלייכגילטיגקייט צו דער הייליגער זאך.

געווענדט צו די פיהרער פון פאלק, זרבבל און ישוע, האט חגי געזאגט:

„אט דאס פאלק טענה'ט, אז עס איז נאך ניט געקומען די צייט צו בויען גאט'ס הויז. נאר ווי שטעהט עס אייך אן צו זיצען בעקוועם אין אייערע הייזער, בשעת דאס דאזיגע הויז איז חרוב?... גיט=זשע אכטונג אויף אייערע וועגען. איהר זייט א סך און נעהמט צונויף ווינציג; איהר עסט — און ווערט ניט זאט; איהר טרינקט — און ניט גענוג; איהר קליידט זיך אן, נאר אייך איז ניט ווארים, און דער וואס פערדיענט, לייגט זיין פערדיענסט אין א לעכעריגען בייטעל... פארוואס איז דאס? — דערפאר איז דאס — זאגט גאט — וואס מיין הויז איז חרוב, אין דער צייט, ווען איהר לויפט איטליכער אין זיין הויז. דעריבער האלט איין דער הימעל זיין טוי, און די ערד — איהר פרוכט. און איך האב ארויסגערופען א טריקעניש אויף דער ערד, אויף די בערג, אויף דעם קארן, אויף דער ווייַנטרויבען=זאפט, אויפ'ן בוימיל און אויף אלץ, וואס די ערד ברענגט ארויס, און אויפ'ן מענשען, און אויף בהמות, און אויף אלע האנדווערק" (חגי, קאפ. א', 2—6, 9—12).

דאס בעגייסטערטע ווארט פון די נביאים האט געווירקט. זרבבל, ישוע און אנדערע עלטסטע פון פאלק, האבען זיך גענומען מיט גרויס חשק פאר'ן בנין בית=המקדש. די ארבייטען האבען זיך ווידער אנגעהויבען אין צווייטען יאהר פון דריושס קיניגען און האבען געדויערט בערך א יאהר פינף.

אין משך פון יענער צייט האבען די פאלקס=פיהרער געמוזט אנשטרענגען זייערע אלע כחות, בכדי צו דערפיהרען ביז'ן סוף די אנגעהויבענע ארבייט און אפצושאפען די מניעות, וואס זענען געשטאנען אין וועג.

דער תנ"ך דערצעהלט, אז איין מאל, בשעת מען האט געהאלטען אין בויען דעם בית=המקדש, איז געקומען קיין ירושלים דער פערסישער פערוואלטער איבער דער סאטראפיע עבר=נהרה (יענע זייט טייך, דאס הייסט סיריען) תתני מיט זיין סוויטע. ער האט זיך פערוואונדערט, דערזעהענדיג די גרויסארטיגע געביידע, וואס מען האט געבויט. ער האט געפרעגט ביי די אידישע עלטסטע: ווער האט זיי דערלויבט צו בויען די דאזיגע געביידע? האט מען איהם געענטפערט, אז די דאזיגע ערלויבניש האבען די אידען, וואס זענען געקומען פון בבל, בעקומען נאך פון כורש'ן, און אז אנגעהויבען בויען דעם בית=המקדש האט מען שוין לאנג, נאך צו ששבצר איז געוועזען פערוואלטער אי-

בערין לאַנד יהודה. אַז תתני האָט אויסגעהערט די דאָזיגע ערקלערונג, האָט ער ניט אָבגעשטעלט די ווייטערדיגע אַרבייט, נאָר ער האָט אונגעזאָגט מודיע געווען וועגען אַלץ דריוש'ן. דער קעניג האָט געהייסען זוכען אין די אַרכיוון,— און באַלד האָט מען געפֿונען אין דער מעדישער שטאָדט אחמתא (עקבאַטאַנאַ) כורש'ס פֿעראָרדנונג וועגען בויען „גאָט'ס הויז" אין ירושלים. יעמאָלט האָט דער סאַטראַפּ תתני בעקומען אַ בעפֿעהל פֿון דריוש'ן — אַז לא די וואָס ער זאָל ניט שטערען בויען דעם בית-המקדש, נאָר ער זאָל אַפילו העלפֿען דער-רין, מיט וואָס נאָר ער וועט קענען.

דער בנין בית-המקדש איז בעענדיגט געוואָרען אין זעקסטען יאָהר פֿון דריוש'ס קעניגען (516), דעם דריטען טאָג פֿון חודש אדר, אין זיבעציג יאָהר אַרום נאָכ'ן חורבן בית ראשון (דערפֿאַר ווערט לויט דער טראַדיציע דער גלות-בבל גערעכענט זיבעציג יאָהר). ישוע און זרבבל האָבען געמאַכט אַ פֿייער-ליכע חנוכת-הבית, און באַלד האָט מען פֿרעהליך אָבגעהאַלטען פּסח, און אַ גרויסע מאַסע פֿון פֿאָלק האָט זיך צונויפֿגעקליבען קיין ירושלים.

ביים אידישען פֿאָלק האָט מען געקאָנט פֿון דאָס-ניי בעמערקען אַ גייסטיגע אויפֿלעבונג. די נביאים חגי און זכריה האָבען מיט זייערע רעדעס בעגייסטערט די ירושלמים און איינגעפֿליסט ביי זיי האָפֿענונג אויף אַ ליכטיגער צוקונפֿט. חגי פֿלעגט זאָגען, אַז דער נייער, דער צווייטער בית-המקדש וועט זיין גרע-סער פֿאַרן ערשטען בית-המקדש, הגם יענער איז געווען גרויסאַרטיגער גע-בויט. דער נביא האָט אָנגערופֿען זרבבל'ן גאָט'ס אויסדערוועהלטער און האָט איהם פֿאָראויסגעזאָגט אַ סודות-פֿולע גלענצענדע צוקונפֿט. מיט נאָך מעהר סודות און רמזים רעדט זכריה. ער רעדט שטענדיג וועגען משיח'ס צייטען. ס'רוב בעשטעהען זיינע רעדעס פֿון פּאָעטישע זעהונגען, וואָס דערמאָנען צום טייל אָן די נבואות פֿון יחזקאל. אין איין זעהונג זאָגט אָן אַ מלאך דעם נביא, ער זאָל איבערגעבען זרבבל'ן פֿאָלגענדע ווערטער פֿון גאָט: „ניט מיט אַ חיל און ניט מיט כח, נאָר מיט מיין גייסט (וועסטו מנצח זיין)!"... דער נביא האָט דערמיט געמיינט, אַז מלכות-יהודה וועט אויסגעלייזט ווערען ניט דורך וועלטליכע, נאָר דורך גייסטיגע געוועהר. זכריה שטעלט תמיד דעם כהן-גדול ישוע אין איין שורה מיט זרבבל'ן, וואָס קומט אַרויס פֿון מלכות בית-דוד. פֿאַר דעם נביא'ס אויג שוועבט אַ מטושטש'ער בילד פֿון אַ צוקונפֿטיגען קעניג פֿון הויז דוד, וואָס וועט רעגירען איבער מלכות-יהודה איינאיינעם מיט'ן כהן-גדול, וואָס קומט אַרויס פֿון צדוק'ס משפחה. זכריה זעהט פֿאָראויס צייטען פֿון רוה און גליק פֿאַר'ן בעפֿרייטען פֿאָלק:

„אזוי האָט געזאָגט גאָט: איך האָב זיך אומגעקעהרט קיין ציון און האָב זיך בעזעצט אין ירושלים, און ירושלים וועט אָנגערופֿען ווערען די שטאָדט פֿון אמת, און גאָטס באַרג — דער הייליגער באַרג. ס'וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען עס וועלען זיצען זקנים און זקנות אויף די גאַסען

פון ירושלים, און איטליכער וועט זיך אנשפארן אויף א שטעקן מחמת זייערע אלטע יאהרען, און די גאסען פון שטאדט וועלען פיל ווערען מיט מיידלעך און יינגלעך, וואס וועלען זיך שפילען אויף די דאזיגע גאסען".

בשעת צווישען די כהנים איז אויפגעקומען די פראגע, צי מען בעדארף אפהיטען די תענתים, וואס זענען איינגעשטעלט געווארען צום זכר פון חורבן בית-ראשון, — האט זכריה געזאגט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען די דאזיגע תענתים וועלען ווערען צו ימים-טובים. נאר דערביי האט ער, פונקט ווי די אלטע נביאים, בעמיהט זיך צו איבערצייגען דעם פאלק, אז ניט דורך אויסווייניגסטע פרומקייט קאן קומען די גאולה, נאר דורך גוטע מעשים. „אט וואס טוט: רעדט אמת צו אנאנד און שאפט שלום און גערעכטיגקייט אין אייערע שטעדט; טראכט ניט בייז קעגען אנאנד אין אייערע הערצער, און האט ניט ליעב קיין פאלשע שבועה, ווארום דאס אלץ האב איך פיינט, — זאגט גאט".

דער בנין פון צווייטען בית-המקדש האט אויף א געוויסער צייט אויפגעהויבען דעם גייסט פון פאלק, נאר די ליכטיגע האפנונגען פון די נביאים זענען נאך ניט אזוי גיך מקוים געווארען. די טעג פון פרייהייט און גליק זענען פאר מלכות-יהודה נאך ניט אנגעקומען. די איז, ווי פריהער, געבליבען אן ארימע פראווינץ, וואס געפינט זיך אונטער דער ממשלה פון פערסישע סאטראפען. זרובבל האט זיך ניט דערווארט אויף א קעניגליכער קרוין. נאכדעם, ווי דער בית-המקדש איז אויפגעבויט געווארען, איז זרובבל פלוצלינג אראב פון סצענע, און וועגען איהם ווערט אין תנ"ך מעהר ניט דערמאנט. א שפעטערדיגע אידישע מסורה דערצעהלט, אז זרובבל האט זיך אומגעקעהרט קיין בבל און איז דארט געבליבען. ס'איז פאראן א השערה, וואס איז קרוב לאמת, אז זרובבל איז דערווייטערט געווארען, מחמת די פערסישע רעגירונג האט מורא געהאט, ער זאל ניט פרעטענדירען אויפ'ן קעניגליכען שטול אין מלכות-יהודה. די פערוואלטונג איבער דער ירושלמ'ער געמיינדע איז געבליבען ביים כהן-גדול ישוע און נאך זיין טויט איז זי איבער צו זיין זוהן יהויקים.

## א טונקעלע צייט; די לעגענדע וועגען אסתר המלכה.

§ 10. די ווייטערדיגע געשיכטע פון די אידען, אין דער צייט פון דריוש און זיין יורש קסערקסעס I (485—465), בלייבט אינגאנצען אומבעקאנט. גראד אין יענער צייט, ווען פערסיען הויבט אן זיך ארויסצורוקען אין דער וועלט-געשיכטע, א דאנק די בעריהמטע גריכיש-פערסישע קריג, — איז וועגען דער לאגע פון די אידען אין דער דאזיגער אימפעריע ווערט גארניט ניט דערמאנט אין די כראניקען. ס'איז געבליבען נאר א טונקעלע אנווייזונג, אז אין אנהייב פון אחשורוש'ס (קסערקסעס) קיניגען האבען „די שונאים פון די אידען" געשריבען אנקלאגען אויף זיי אין א בריעף צום פערסישען קעניג (עזרא, קאפ.

ד׳, 6). אין אַ שפּעטערדיגען מקור, וואָס איהר מחבר איז אונבעוואוסט (מגלת אסתר), ווערט דערצעהלט, אַז אין יענער צײַט זענען די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין פּערסיען, געשטאַנען אין אַ גרויסער סכנה, און ווי אַזוי זיי זענען ניצול געוואָרען.

אין דער מגלת־אסתר ווערט דערצעהלט פאָלגענדעס: בײַם הויף פון קעניג אחשורוש[3], האָט זיך געפונען אַ חשובער שר מיטן נאָמען המן, וואָס האָט פײַנט געהאַט אידען. אַזוי ווי המן איז געווען שטאַרק אָנגענומען בײַם קעניג, האָט ער דאָס אויסגענוצט און האָט אָנגערעדט אויף די אידען פאַרן קעניג, אַז זיי לעבען אָבגעזונדערט, האָבען בעזונדערע געזעצען און היטען ניט אָב די מלוכה־געזעצען. דעם אידען־פײַנד האָט זיך אײַנגעגעבען אײַנצורעדען דעם קעניג, ער זאָל אַרויסגעבען אַ פאָראָרדנונג צו ערלויבען די פּערסער צו רויבען און טויטען די אידען, וואָס וואוינען אין אַלע שטעדט פון דער פּערסישער מלוכה. די אידען אין פּערסיען זענען געשטאַנען אין סכנה אינגאַנצען פאַרטיליגט צו ווערען. יעמאָלט איז אַרויסגעטראָטען צו פאַרטיידיגען דאָס געיודפטע פאָלק מרדכי, איינער פון די חשובסטע אידען אין שושן, וואָס איז געווען נאָהענט צום קעניגליכען הויף און וואָס האָט אַמאָל געטאָן דעם קעניג אַ גרויסע טובה.

מרדכי האָט געהאַט אַ קרובה, אַ יתומה, וואָס ער האָט אויפגעהאָדעוועט, מיטן נאָמען אסתר. מחמת איהר שענקײַט איז אסתר אָנגעקומען אין הויף און איז געוואָרען אחשורושס ליעבלינגס־פרוי. אַז אסתר האָט זיך דערוואוסט פון מרדכי וועגען דער שרעקליכער הריגה, וואָס גרייט זיך אויף איהר פאָלק, האָט זי אָנגעווענדט איהר גאַנצע ווירקונג אויפן קעניג, בכדי צו פאַרוואָהרענען דעם אונגליק. זי האָט געבעטען דעם קעניג, ער זאָל אָבשאַפען די פאָראָרדנונג וועגען אויסהרגענען אַלע אידען און האָט איהם געמסרט וועגען אַלע פאַרברעכערישע מעשים המנ׳ס. אחשורוש האָט זיך איבערצײַגט אין דער ריכטיגקײַט פון איהרע ווערטער, האָט זיך דערמאָנט וועגען מרדכי׳ס פאַרדיענסטען, און האָט דעריבער ערפילט דעם פערלאַנג פון דער קעניגין. ער האָט געהייסען המנ׳ען אויפהענגען, און די אידען האָט ער ערלויבט אומעטום צו אָרגאַניזירען זעלבסטשוץ קעגען די פײַנד, וואָס האָבען זיך געגרייט אָנצופאַלען אויף זיי. געענדיגט האָט זיך דערמיט, וואָס אין טאָג, וואָס המן האָט איהם בעשטימט אויף אויסהרגענען די אידען (13 טעג אין אדר), זענען די לעצטע מיט געווער אין די הענט אָנגעפאַלען אויף זייערע פײַנד און האָבען זיי פאַרטיליגט

3) יוסף פלאַוויוס („קדמוניות היהודים") און דער תרגום פון די שבעים זקנים (סעפּטואַגינטאַ) רופען אַן אחשורושען אַרטאַקסעַרקסעס; נאָר די שפּעטערדיגע פאָרשונגען האָבען בעוויזען, אַז די געשעהעניש, וואָס ווערט דערצעהלט אין מגלת־אסתר, קאָן זיך בעציִהען נאָר צו קסערקסעס׳ס צײַטען.

ביי אין דער פּראָווינץ, ווי אין דער הויפּט־שטאָדט שושן. אַלס אַ זכר דער־
פֿון, וואָס די פּערסישע אידען זענען ניצול געוואָרען פֿון סכנה, איז געוואָרען
פֿעסטגעשטעלט דער יערליכער יום־טוב פּורים, וואָס דאָס אידישע פֿאָלק
פֿייערט איהם נאָך עד היום פֿערצעהן טעג אין אדר.

די אָנגערופֿענע מגלת־אסתר, וואו עס ווערט גענוי דערצעהלט די גאַנצע
מעשה, טראָגט אויף זיך געוויסע סימנים, וואָס בעווייזען, אַז זי איז שפּעטער
פֿערפֿאַסט געוואָרען. די נייע היסטאָרישע קריטיק האָט איינגעפֿינען, אַז אין
אַ סך פּרטים איז די ערצעהלונג פֿון מגלת־אסתר ענליך אויף די געשעהענישען
פֿון דער שפּעטערדיגער מאַקאַבעאישער עפּאָכע, בשעת די רדיפֿות, וואָס דער
אַכזריותדיגער סירישער קעניג אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס האָט אויפֿגעהויבען קעגען
די אידען, זענען אָבגעשטעלט געוואָרען אַ דאַנק דעם מוטיגען ווידערשטאַנד
מצד די אידען, אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון די ברידער חשמונאים[4]. אויף סמך
פֿון דער דאָזיגער אויסערגעוויינליכער ענליכקייט, זענען די פֿאָרשער געקומען צו
דער מסקנא, אַז די גאַנצע ערצעהלונג פֿון מגלת־אסתר איז נאָר אַן אויסגע־
טראַכטע, און אַז זי איז נאָר אַן אַלעגאָרישער ראָמאַן, וואָס בעשרייבט די
טוער פֿון דער שפּעטערדיגער עפּאָכע אין אויסגעטראַכטע געשטאַלטען פֿון דער
לאַנג־פֿערגאַנגענער צייט. נאָר דער דאָזיגער הנחה איז סותר דער פֿאַקט, וואָס
לכבוד דער געשעהעניש, וואָס ווערט דערצעהלט אין מגלת־אסתר, איז פֿון דורי־
דורות איינגעשטעלט דער יום־טוב פּורים[5]. מען קאָן ניט אָננעהמען, אַז אַ
פֿאָלק זאָל איינפֿיהרען ביי זיך אַ נאַציאָנאַלען יום־טוב לכבוד אַן אויסגעטראַכ־
טער מעשה. ס'איז קיין ספק ניט, אַז עפּיס אַזוינס, וואָס איז נאָהענט דערצו,
וואָס איז דערצעהלט אין „מגלת־אסתר", איז טאַקע אין דער אמת'ן פֿאָרגע־
קומען אין דער צייט פֿון דער פּערסישער ממשלה, בערך אין V יאָהרהונדערט
פֿאַר קריסטוס. נאָר אין משך פֿון דער צייט האָט די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע אויסגע־
ציערט די דאָזיגע געשעהעניש מיט פֿערשיידענע לעגענדעס און פּאָעטישע
גוזמאות. אין אַזאַ לעגענדאַרישער פֿאָרם איז די דאָזיגע היסטאָרישע געשעהע־
ניש דערצעהלט אין מגלת־אסתר, וואָס איז פֿערפֿאַסט געוואָרען אין דער שפּע־
טערדיגער מאַקאַבעאישער צייט, דערביי האָט דער מחבר צונויפֿגעמישט אמת'ע
פֿאַקטען מיט פֿאָלקס־אגדות און האָט עס בעלייכטען אין גייסט פֿון די אָנ־
שויאונגען, וואָס האָבען געהערשט אין זיין צייט.

---

4) זעה אונטען, § 39 און ווייטער.

5) וועגען פּורים אָדער „מרדכי'ס טאָג" ווערט דערמאָנט שוין אין צווייטען בוך „המכבים" (קאַפּ. ט"ו). ביי יוסף פֿלאַוויוס (קדמוניות היהודים) ווערט דערצעהלט די מעשה פֿון מרדכי און אסתר כמעט אַזוי, ווי אין „מגלת־אסתר".

ש. דובנאוו

# דריטער קאפיטעל.

## די צווייטע רעסטאווראציע; עזרא און נחמיה (458—420).

אונארדנונגען און פעראָרימונג. — מלאכי הנביא. — עזרא הסופר און דער קאמפף קעגען די געמישטע שדוכים. — נחמיה און די בעפעסטיגונג פון ירושלים. — נחמיה'ס און עזרא'ס רעפארמען. — נחמיה דאס צווייטע מאל אין ירושלים. — אבזונדערונג פון די שמרונים.

### אונארדנונגען און פעראָרימונג; מלאכי הנביא.

§ 11. די ערשטע רעסטאווראציע, וואס זרובבל און ישוע האבען געשאפען, קאן פערגליכען ווערען צום ערשטען אויפאקערן א פערלאזענע פעלד, וואס קאן נאך ניט גאראנטירען די פרוכטבארקייט. מיט'ן אויפבויען דעם בית-המקדש אין ירושלים האט מען נאך ניט געקאנט אבשאפען יענע אונארדנונגען, וואס זענען געוועזען געדרונגען דערפון, וואס דער געזעלשאפטליכער און עקאנאמישער לעבענספיהר פון פאלק איז נאך ניט געוועזען איינגעשטעלט. אזוי ווי דאס לאנד יהודה איז געוועזען פאליטיש אבהענגיג פון פערסיען, דעריבער האט די זיך גענויטיגט אין א ברייטער און פעסטער נאציאנאלער אווטאנאמיע, וואס זאל ארומנעהמען אלע צווייגען פון פאלקס-לעבען; נאר צוליעב דעם זענען נויטיג געוועזען שטעפער און ארגאניזאטארען. אין דער צייט, וואס באלד נאך דער רעסטאווראציע, איז ניט צו זעהן אזעלכע גרויסע טוער.

די אידען האבען געבילדעט א רעליגיעזע געמיינדע, וואס איז געוועזען פערוואלטעט פון כהנים, וואס בראש פון זיי איז געשטאנען דער כהן-גדול. נאך יהויקים'ן, דעם זוהן פון ישוע, האט דעם דאזיגען פאסטען פערנומען דעם לעצטענ'ס אייניקעל, אלישיב (בערך אין יאהר 460). מיט דער דאזיגער גייסטליכער אריסטאקראטיע איז געוועזען ענג פערבונדען די געלד-אריסטאקראטיע. די עקאנאמישע אונגלייכהייט האט זיך שוין דעמאלט קלאר ארויסגעוויזען: קעגען דעם הייפעל גבירים איז געשטאנען די אונגעהייער גרויסע ארימע מאסע. די גבירים האבען אויסגענוצט זייער נאהענטקייט צו דער רעגירונג צוליעב אונטערדריקען די ארימע קלאסען. אין ניט-געראטענע יאהרען פלעגען די ארימע לייט פערקויפען די גבירים אדער פערזעצען אלס משכנות זייערע פעלדער, וויינגערטנער, הייזער, אפטמאלס אפילו זייערע קינדער, בכדי צו בעקומען בתור הלואה תבואה, אויף זיך צו דערנעהרען אדער געלד אויף צו צאהלען שטייערן דעם פערסישען סאטראפ.

דער ערשטער דור פון די אידען, וואס האבען זיך אומגעקעהרט פון דער

באַבילאָנישער געפאַנגענשאַפט און כורשים צײַטען (בני-הגולה), האָבען זיך געהאַלטען אָבגעזונדערט פון די אידען, וואָס זענען געבליבען אין פאַלעסטינע; די לעצטע זענען בעשטאַנען סרוב פון די נידעריגע קלאַסען. נאָר די ווײַטערדיגע דורות האָבען זיך שוין צונויפגעגאָסען, די שבי-גולה און די היימישע אידען האָבען זיך מתחתן געווען צווישען זיך, און די געמיינדע-אָרגאַניזאַציע האָט זיי פעראייניגט אינגאַנצען. די דאָזיגע צונויפגיסונג איז ניט געבליבען אָהן רעזולטאַטען פאַר ביידע צדדים. די פאַלעסטינער אידען זענען געשטאַנען אין גײַסטיגער הינזיכט נידעריגער פאַר די באַבילאָנישע, וואָס זענען אויסגעלײַטערט געוואָרען אין „טיגעל פון די אונגליקען" (כור-העוני); די ערשטע האָבען נאָך אַלץ געהאַט אין זייער רעליגיעזען פיהר רעשטען פון אַלטע האַלב-הײדנישע השגות און מנהגים, וואָס זיי האָבען גע"ירש"עט, הגם אין אַנ'אָבגעשוואַכטער געשטאַלט, פון זייערע עלטערן.

נאָר די שבי-גולה האָט זיך אײַנגעגעבען אויפהויבען ביז אַ געוויסער מדרגה די דאָזיגע מאַסע און אויסלײַטערן אירע רעליגיעזע השגות. דער נײַער בית-המקדש, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען אין ירושלים, איז געוואָרען דער צענטער פונ'ם גאָטעסדינסט, און דער אַלטער קולט אויף די „במות" איז בטל געוואָרען. אַ צאָהלרײַכע גײַסטליכקייט — די כהנים און לויים — האָבען זיך קאָנצענטרירט אין דער הייליגער שטאָדט, אַרום בית-המקדש. דער געזעצליכער קולט פון דער תורה און יחזקאלס תורת-כהנים (§ 3) האָט אַרויסגעשטופט די פאָלקס-מנהגים, וואָס האָבען מיט איהם ניט געשטימט. דער אידישער געמיינדע איז ניט גרינג געווען אויסצוהאַלטען די עבודה אין בית-המקדש. ס'איז אויסגעקומען צוצושטעלען די בהמות פאַר'ן קרבן-תמיד איטליכען טאָג און פאַר די קרבנות אין די ימים-טובים און אויסהאַלטען אַ צאָהלרײַכען שטאַט פון כהנים און לויים. דאָס האָט אויסגעמאַכט אַ בעדײַטענדע אָבצאָהלונג, וואָס איז געווען איבער די כחות פאַר'ן אָרימען קלאַס, וואָס אויף איהם זענען סײַ ווי סײַ געלעגען אַנדערע שטײַערן. די מתנות-כהונה (דער מעשר פון תבואה פאַר די לויים וכדומה) פלעגט מען ברענגען זעהר ווייניג, און מחמת דעם איז די לאַגע פון די כהנים געווען ניט גאָר קיין גוטע.

מיט דער צײַט זענען אַרײַנגעדרונגען אין דער אידישער געמיינדע אויך פרעמדע עלעמענטען. אַ סך הײדען פון די אַרומיגע קליינע שבטים פלעגען אָננעהמען דעם אידישען גלויבען, און אַזעלכע גרים האָבען געהאַט די אייגענע רעכט, וואָס די געבאָרענע אידען. נאָר מחמת דעם, וואָס די אידישע געמיינדע איז געוואַקסען אין כמות, איז זי אָבער דערפאַר געפאַלען אין איכות. די גרים זענען געווען אַ בריק, וואָס איז געווען אַריבערגעוואָרפען צווישען די אידען און די אַרומיגע פעלקער; זיי האָבען זיך מתחתן געווען מיט די מיטגלידער פון זייער שבט, וואָס זענען נאָך געבליבען הײדען. זיי האָבען פערפיהרט אויך די געבאָרענע אידען, וואָס האָבען אויך אָנגעהויבען זיך מתחתן זײַן מיט די הײדען

אין נעהמען זיך היידנישע פרויען. אין אידישע משפחות פלעגט מען אפט בעגעגענען עמוניישע, אשדודישע און שמרונישע פרויען. דאס האט מען געקאנט מערקען בעזונדערס צווישען די אידישע אריסטאָקראַטען און גבירים, וואס האבען גענומען אנטהייל אין דער פערוואלטונג און האבען געקאנט זיך דערנעהנטערן צו די חשוב'ע און איינפלוסרייכע פארשטעהער פון די שכנישע פעלקער. אזעלכע געמישטע שדוכים האבען איינגעשטעלט אין א גרויסער סכנה די ריינקייט פון דער אידישער ראסע און רעליגיע. דאס אידישע פאלק איז נאך אויף אזוי פיעל ניט שטארק געווען נאציאָנאל און גייסטיג, אז עס זאל קאָנען אסימילירען די דאזיגע פרעמדע עלעמענטען און ניט אונטערגעבען זיך זייער ווירקונג. דאס אידישע פאלק האט זיך דעמאלט גענויטיגט אין א שטרענגער נאציאָנאלער אָבזונדערונג; אנדערש איז עס געשטאנען אין סכנה צעשמאָלצען צו ווערען צווישען די אנדערע פעלקער, און די יהדות — צו פערוואנדעלט ווערען אין עפיס אַני־אונבעשטימטע פארם פון מאָנאָטעאיזם, וואס האט ניט קיין פראקטישע רעליגיעזע־זיטליכע יסודות.

קעגען דער דאזיגער סכנה זענען אויפגעשטאנען די בעסטע קרעפטען פון פאלק. ס'האט זיך בעוויזען א נאציאָנאלע אפאָזיציע, וואס האט זיך געשטעלט א ציעל צו פערהיטען דאס אידישע פאלק פון דער סכנה זיך צו אסימילירען. מטושטש'ע אָפּקלאנגען פון דעם דעמאָלטיגען קולטור־קאמפף זענען דערגאנגען צו אונז אין די וועניגע רעדעס פונ'ם נביא, וואס איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען מלאכי. דער נביא ווארפט פאר זיינע מיטבירגער, פארוואס זיי זענען עובר אויפ'ן געבאָט פון הייליגקייט, וואס איז געגעבען געוואָרען דעם אידישען פאָלק, דאס הייסט דעם געבאָט פון ריינקייט פון ראסע און רעליגיע. „יהודה איז פאלש געוואָרען, און מיאוס'ע מעשים זענען אָבגעטאָן געוואָרען אין ישראל און ירושלים, וואָרום יהודה האט פערשוועכט גאָטס הייליגטום דערמיט, וואס ער האט ליעב בעקומען און איז געוואָרען א מאַן פון א טאָכטער פון א פרעמדען גאָט". דער נביא שטעהט אויף קעגען די געמישטע שדוכים און שטראָפט בעזונדערס די, וואס גט'ען זיך מיט אידישע פרויען, בכדי צו האָבען התונה מיט פרעמדע, קעגען געזעץ. „א זוהן גיט אָב כבוד זיין פאטער, און א קנעכט — זיין האר. נאָר אויב איך בין א פאטער — זאָגט גאָט — איז וואו איז דער כבוד, וואס איהר גיט מיר אָב? און אויב איך בין א בעל־הבית, איז וואו איז די מורא פאר מיר?"

מלאכי טאַדעלט בעזונדערס שארף די כהנים און לויים, וואס בעציהען זיך ניט ערנסט צו דער עבודה אין בית־המקדש און אויך צו זייער חוב אלס גלויבענס־לעהרער. ניט אזוי ווי די אלטע נביאים, האלט ער, אז די כהנים אין בית־המקדש דארפען שפיעלען די העכסטע, די פיהרענדע ראָל אין דער געזעלשאפט. „די ליפּען פון כהן דארפען אָבהיטען וויסענשאפט, און תורה זוכט ביי איהם, וואָרום ער איז גאָט'ס שליח". „איהר אָבער — ווענדט ער זיך

צו דער גייסטליכקייט — זייט אראב פון וועג, האט פערפירט א סך קעגען
געזעץ, — און אט דערפאר וועל איך אייך מאכען פעראכטעט און ערנידעריגט
אידישען פאלק". מיט בעגייסטערונגס־פולע ווערטער ענדיגט זיך די נבואה פון מלאכי:

„איך וועל שיקען מיין מלאך, וואס וועט אבריימען דעם וועג פאר
מיר, און פלוצלינג וועט קומען אין בית־המקדש דער האר, וואס אויף
איהםווארט איהר, און דער שליח פון בונד (מלאך הברית), וועמען איהר
פערלאנגט. און ווער וועט איבערטראגען דעם טאג, ווען ער וועט קומען,
און ווער וועט אויסהאלטען, ווען ער וועט ערשיינען? ווארום ער איז,
ווי דער פייער פון די גיסער און ווי די זייף פון די וועשער. און ער
וועט זיך זעצען איבערשמעלצען און לייטערן זילבער, און ער וועט
אויסלייטערן די זיהן פון לוי און וועט זיי איבערשמעלצען, ווי גאלד
און זילבער. איך וועל זיך דערנעהנטערן צו אייך צוליעב משפט, איך
וועל זיין א גיכער שטראפער פון מכשפים, פון אויסגעלאסענע, פון די,
וואס שווערען פאלש, וואס בערויבען דעם געדונגענעם ארבייטער און זיין
לוין, וואס אונטערדריקען אן אלמנה און א יתום און וואס שטויסען אב
א גר".

דער שליח פון גאט, וואס וועגען איהם האט מלאכי גערעדט, האט זיך
באלד בעוויזען און האט זיך גענומען פאר דער „אויסלייטערונג" פונ'ם אידישען
פאלק. נאר דאס איז שוין ניט געווען קיין נביא. די נבואה האט איבערגעלעבט
אירע לעצטע טעג, און מלאכי רעכענט זיך פאר'ן לעצטען פון די ביבלישע
נביאים. אזוי ווי די דעמאלטיגע געזעלשאפטליכע ארדנונג איז געווען שוואך,
איז דעריבער נויטיג געווען א מענש, וואס זאל פעראייניגען דאס ווארט מיט
דער טאט, רעדעס — מיט א פראקטישער דיסציפלין. ס'איז נויטיג געווען אני-
אונטערנעהמענדער געזעלשאפטליכער טוער, אן ענערגישער רעפארמאטאר. אין
לאנד יהודה איז אזא מענש ניט געווען; — ער איז געקומען אהין פון דער
אידישער קאלאניע אין בבל, וואו עס איז פון לאנג־אן געווען פערבארגען
א סך בעהאלטענע גייסטיגע קרעפטען און נאציאנאלע ענערגיע.

## עזרא הסופר און דער קאמפף קעגען די געמישטע שדוכים.

§ 12. עזרא האט געלעבט אין בבל און האט אבגעשטאמט פון כהנים.
ער איז געווען א געלערנטער אדער א „סופר", און אין די שפעטערדיגע
צייטען האט מען איהם פערגליכען צו משה רבנו. ער האט טיעף אויסשטודירט
די אידישע ליטעראטור און האט געשטרעבט צו פערשפרייטען זי אין איבער-
געשריבענע מגלות, וואס ער אליין האט, אפנים, זיי געשריבען מיט די אייגענע
הענד. „עזרא — דריקט זיך אויס דער תנ"ך — האט אנגעגרייט זיין הארץ צו
לערנען גאטס תורה און דאס זי מקיים געווען, און האט אויך מיט די אידען
געלערנט תורה און אמת"

עזרא האָט קלאָר און דײַטליך פֿאַרשטאַנען, אַז די אידישע נאַציע װעט נאָר דאַן זײַן שטאַרק, װען זי װעט אין איהר אינעװײניגסטען לעבען זיך פֿיהרען לױט איהר נאַציאָנאַלער תּורה. אין דער האָזיגער ריכטונג האָט ער געװירקט צװישען די אידישע געמײנדען אין בבל און פּערסיען.

אַז ער האָט דערהערט, װי עס איז אַראָבגעקומען די אידישע געמײנדע אין ירושלים, האָט ער בעשלאָסען זיך אַריבערציקלײַבען אַהין, כּדי אַרױסצורופֿען בײַם פֿאָלק אַ שטרעבונג צו אַ גײַסטיגער אױפֿלעבונג. כּדי צו װירקען מיט ערפֿאָלג אין מלכות־יהודה און צו רעפֿאָרמירען אַלע צװײַגען פֿון געזעלשאַפֿטליכען און פֿאַמיליען־לעבען אין גײַסט פֿון תּורת־משה, האָט עזרא געמוזט האָבען אַ געװיסע װעלטליכע מאַכט און אַ כּח־הרשאה מצד דער פּערסישער רעגירונג. גראָד אַזאַ כּח־הרשאה האָט זיך איהם אײַנגעגעבען צו בעקומען פֿונ'ם פּערסישען קעניג אַרטאַקסערקסעס I לאָנגימאַנוס (465—425). עזרא האָט בעקומען דאָס רעכט צו בעשטימען אין מלכות־יהודה שופֿטים און לערנען מיט זײ, װי אַזױ צו משפּט'ן לױט די געזעצען פֿון דער יהדות. חוץ דעם, איז איהם דערלױבט געװאָרען צו קלײַבען נדבות צװישען די באַבילאָנישע אידען לטובת דעם בית־המקדש אָדער לטובת די פֿאַראָרימטע פּאַלעסטינישע אידען, און נעהמען מיט זיך קײן ארץ־ישראל יענע אידען, װאָס װילען זיך אַהין אַריבערקלײַבען. אַזעלכע האָבען זיך צונױפֿגעקליבען אַרום אַנדערהאַלבען טױזענד מאַנסבילען; צו זײ זענען צוגעשטאַנען אַ גרופּע לויים און בעדינטע פֿון בית־המקדש.

אַלס אַ זאַמעל־פּונקט פֿאַר דעם האָזיגען גאַנצען קאַראַװאַן איז בעשטימט געװאָרען די געגענד אױפֿ'ן ברעג פֿון טײַך אַהוא. דאָרט האָט עזרא געהײסען די פֿאַרזאַמעלטע פֿאַסטען און מתפּלל זײַן, אַז די נסיעה זאָל אַריבער בשלום, מחמת ס'האָט איהם ניט געפּאַסט צו בעטען בײַ אַרטאַקסערקסעס אַ מיליטערישע שוץ־אָבטײלונג פֿאַר די װאַנדערער. נאָר אַלס אַ שמירה פֿאַר זײ האָבען געקאָנט אױך דינען די אָפֿענע בריעף (פּרשגן הנשתון), װאָס עזרא האָט בעקומען פֿון קעניג, צו די סאַטראַפּען פֿון „עבר נהרה", דאָס הײסט מעסאָפּאָטאַמיען און סיריען, װאָס זענען געלעגען אױפֿ'ן װעג קײן פּאַלעסטינע און װאָס זענען געװען צונױפֿגעבונדען מיט איהר אין אַדמיניסטראַטיװער בעציהונג. דער תּנ"ך איז מוסיף, אַז עזרא האָט געפֿיהרט קײן ירושלים אױך טײַערע מתּנות פֿונ'ם קעניג און פֿון די באַבילאָנישע אידען לטובת דעם בית־המקדש.

צװעלף טעג אין ניסן האָט זיך עזרא מיט זײַנע חברים געלאָזט אין װעג אַרײַן און דעם ערשטען אָב זענען זײ בשלום אָנגעקומען אין ירושלים (458). עזרא האָט אױסגערוהט זיך דרײַ טעג, און דערנאָך האָט ער איבערגעגעבען די געבראַכטע מתּנות אין בית־המקדש, און די פּערסישע בעאַמטע האָט ער פֿאַרגעװיזען אַרטאַקסערקסעס בעפֿעהלען װעגען אײַנפֿיהרען אַ נײַע געזעל־

שאַפטליכע אָרדענונג אין פּאַלעסטינע און וועגען דער ראָל, וואָס איהם, עזרא'ן, איז בעשטימט געוואָרען אין דער דאָזיגער רעפאָרם.

צו עזרא הסופר זענען צוגעשטאַנען די פאָרשטעהער פון דער ירושלמ'ער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, וואָס זענען געווען אויפגעבראַכט קעגען דער הנהגה פון די אַסימילאַטאָרען. אַט פון די דאָזיגע געזינונגס-חברים זיינע האָט עזרא זיך דערוואוסט, אַז דער מצב איז נאָך אַ סך ערגער, איידער ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער רעליגיעז-נאַציאָנאַלער גייסט איז אויף אַזויפיעל אָבגעשוואַכט געוואָרען ביי די פערשיידענע שיכטען פון דער אידישער געזעלשאַפט, אַז דער קיום פון פאָלק שטעהט אין סכנה. איינער פון די פאָרשטעהער פון דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, שכניה בן-יחיאל, האָט זיך געווענדט צו עזרא מיט פאָלגענדע ווערטער: „מיר האָבען טאַקע פערזינדיגט קעגען גאָט דערמיט, וואָס מיר האָבען גענומען פרעמדע פרויען; נאָר פאַר אונז איז נאָך פאַראַן אַ האָפנונג. לאָמיר זיך מתחייב זיין דאָ פאַר גאָט, אַז מיר וועלען אַוועקשיקען פון אונז אַלע אַזעלכע פרויען און די קינדער, וואָס זענען פון זיי געבאָרען, לויט דער אָנווייזונג פון מיין האַר און פון די, וואָס היטען אָב געטריי גאָט'ס מצוות. זאָל געטאָן ווערען לויט'ן געזעץ. שטעה אויף, וואָרום אויף דיר ליגט די זאַך, און מיר וועלען זיין מיט דיר. שטאַרק זיך און טו!" — עזרא האָט געפאָלגט דעם דאָזיגען ריף און דאָ אויפ'ן אָרט האָט ער אָבגענומען אַ שבועה פון אַלעמען, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, אַז זיי וועלען ווירקען אין גייסט פון דער רעליגיע און פאָלקסטום.

אין גיכען האָט עזרא צונויפגערופען אין ירושלים אַ גרויסע פאָלקספערזאַמלונג פון די אָרטיגע און אַרומיגע איינוואוינער. די פערזאַמלונג איז פאָרגעקומען 20 טעג אין כסלו, אויפ'ן פּלאַץ פאַר'ן בית-המקדש. ס'האָט געגאָסען אַ שלאַקס-רעגען, און די פערזאַמעלטע האָבען, לויט ווי דער תנ"ך דריקט זיך אויס, געציטערט פון קעלט און אויפרעגונג. עזרא האָט ערקלערט זיי זיין פאָדערונג — זיי זאָלען אַוועקלאָזען די פרעמדע פרויען און זאָלען זיך בכלל אָבזונדערן פון די פרעמדע. דאָס פאָלק האָט הויך אויפ'ן קול אויסגעדריקט זיין הסכמה דערצו, נאָר עס האָט געפאָדערט, אַז עס זאָלען איינגעשטעלט ווערען ספּעציעלע ועדים פון די עלטסטע און שופטים פון איטליכער געמיינדע, וואָס זאָלען פונאַנדערקלייבען אַלע פאַלען פון גט'ען. אין גיכען האָט אין ירושלים זיך געבילדעט, אונטער עזרא'ס אָנפיהרונג, אַ ועד פון די ראשי-המשפחות, וואָס האָט בעדאַרפט אויספאָרשען אַלע פאַלען פון געמישטע שדוכים און מיטהעלפען, אַז זיי זאָלען זיך פונאַנדערגעהן. מ'האָט צונויפגעשטעלט די רייסטערס פון די משפחות, וואו ס'האָבען זיך געפונען פרעמדע פרויען, און אין די דאָזיגע רייסטערס זענען אַריין אַ סך מיוחסדיגע משפחות ניט בלויז פון ישראלים, נאָר אויך פון כהנים און לויים. וואָס ווייטער איז געווען — דאָס דערצעהלט דער תנ"ך ניט. נאָר ווי ס'ווייזט אויס, האָבען עזרא'ס אָנשטרענגונגען פאָרט גע-

האָלפֿען. די פֿרעמדע פֿרויען זענען דערווייטערט געוואָרען פֿון אַ סך אידישע משפּחות.

דאָס איז געווען זעהר אַ שטרענגע מאָסרעגעל, וואָס האָט צעשטערט דעם שלום־בית פֿון אַ סך משפּחות און צעריסען אַ סך פֿריינדשאַפֿטליכע בעציהונגען. נאָר דער דאָזיגער שווערער קרבן איז נויטיג געווען בכדי צו פֿערשטאַרקען די אידישע נאַציע. פֿון אידישען פֿאָלק האָבען געמוזט אָבגעטיילט ווערען די פֿרעמדע עלעמענטען, בכדי צו פֿערהיטען די ריינקייט פֿון דער ראַסע און פֿון דער רעליגיע און צו פֿערזיכערן דעם קיום פֿון דער נאַציע.

## נחמיה און די בעפֿעסטיגונג פֿון ירושלים.

§ 13. דער קאַמפּף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין מלכות־יהודה קעגען די געמישטע שדוכים און קעגען דער דערנעהנטערונג מיט די פֿרעמדע, האָט אַרויסגערופֿען ביי די שכנישע פֿעלקער אַ שטאַרקע צערייצטקייט. די פֿרעמדע פֿרויען, וואָס זענען דערווייטערט געוואָרען פֿון לאַנד יהודה, האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיך אַהיים און האָבען בעוואויגען זייערע שטאַם־ברידער, זיי זאָלען זיך נוקם זיין פֿאַר דער חרפּה, וואָס די אידען האָבען אָנגעטאָן זייערע פֿרויען.

אין יענער צייט זענען פֿאָרגעקומען מהומות אין דער סירישער סאַטראַפּיע, וואָס צו איהר האָט געהערט אויך פּאַלעסטינע. דער סירישער סאַטראַפּ מעגאַביז, האָט מורד געווען קעגען דעם קעניג אַרטאַקסערקסעס (ארתחשסתא) און האָט מיט איהם מלחמה געהאַלטען אין משך פֿון עטליכע יאָהר, בכדי אָבצורייסען זיין פּראָווינץ פֿון פּערסיען. די דאָזיגע מהומות האָבען אויסגענוצט די שכנישע שבטים, וואָס זענען געווען פֿיינדליך געזונען צו די אידען. זיי האָבען זיך אַריינגעריסען אין ירושלים — וואָס איז נאָך דאַן געווען שלעכט בעפֿעסטיגט און האָט געהאַט ווייניג איינוואוינער, — האָבען צעשטערט די רעשטען פֿון די שטאָדט־מויערן און פֿערברענט די שטאָדט־טויערן. די עמונים, אשדודים און שמרונים האָבען בעקומען אַ פֿרייען צוטריט אין דער הויפּט־שטאָדט, און האָבען דאָרט בעל־הבית'עוועט, ווי ביי זיך אין דער היים.

דאָס אַליין האָט שטאַרק אויפֿגערעגט די ירושלמ'ער פּאַטריאָטען, עזרא'ס מיטאַרבייטער. זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז בכדי פֿון אינעווייניג אָבצוהיטען דאָס פֿאָלק, מוז מען עס אָבזונדערן פֿון אויסווייניג; אַז ירושלים מוז ווערען אַ בעפֿעסטיגטע, איינגעשלאָסענע שטאָדט, וואוהין די פֿרעמדע זאָלען ניט קאָנען זיך אַריינרייסען. די אידישע פּאַטריאָטען האָבען זינט יענער צייט ניט אויפֿגעהערט צו טראַכטען וועגען דעם, ווי אַזוי אַרומצורינגלען ירושלים מיט מויערן. עזרא, וואָס האָט אָנגעהויבען צו רעפֿאָרמירען די געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג און גייסט פֿון דער אידישער רעליגיע און פֿאָלקסטום, האָט זיך גענויטיגט אין אַ געהילף, וואָס זאָל בעזיצען פּאָליטישע און צום טייל דיפּלאָמאַטישע פֿעהיגקייטען

און וואס זאל קאנען פארפעסטיגען די אויטוריינגסטע לאגע פון דער אידישער נאציע צווישען די ארומיגע פעלקער. אזא מענש האט זיך ווידער אמאל בע־וויזען צווישען די גולי־בבל. דאס איז געווען נחמיה בן־חכליה, וואס איז געווען א שר־המשקים אין שושן, דער הויפט־שטאדט פון פערסיען, ביים קעניג ארטאקסערקסעס I

ס׳איז ניט בעוואוסט, צי די ירושלמ׳ער פאטריאטען האבען זיך געווענדעט צו דיזער איינפלוסרייכען פאלקס־חבר דורך א שליח־מיוחד, אדער צי אידם איז צופעליג דערגאנגען די ידיעה וועגען דעם מצב אין לאנד יהודה. ווי דאס זאל ניט זיין, איז אז נחמיה האט זיך דערוואוסט פון זיין ברודער חנני און נאך עטליכע ירושלמים, וואס זענען געקומען קיין שושן, וועגען דער טרויעריגער לאגע פון דער הייליגער שטאדט, האט אידם אנגענומען א גרויסער טרויער. לעבענדיג אין דער פרעמד, האט ער קיינמאל ניט פערגעסען אן דעם געבארען־לאנד פון זיינע עלטערן, און אן די אינטערעסען פון זיינע ברידער, וואס האבען דארט געוואוינט. דער דאזיגער פערסישער שר איז געווען א היסער אידישער פאטריאט. א געניטער הויפס־מאן, האט ער בעזעסען די פעהיגקייטען פון א דיפלאמאט און א שטאטס־מאן — און אז עס איז געקומען די ענטשיידענע שעה, האט ער בעשלאסען צו ווידמען זיינע קרעפטען און פעהיגקייטען צו דינען זיין אייגענער נאציע.

נחמיה׳ן האט זיך איינגעגעבען צו בעקומען פון ארטאקסערקסעס, ביי וועמען ער האט נושא־חן געווען, אנערלויבניש ניט בלויז אויף אבצופארען אויף א לענגערער צייט אין לאנד יהודה, נאר אויך אנאויסערארדענטליכע הרשאה איינצופיהרען אנארדנונג אין די ענינים פונ׳ם דאזיגען לאנד. דער קעניג האט אידם ערלויבט אויפצובויען די האלב־חרוב׳ע ירושלים און אידרע פעסטונגס־מויערן. די פערסישע סאטראפען און פערוואלטער איבער סיריען און פאלעסטינע איז בעפוילען געווארען, זיי זאלען אונטערשטיצען נחמיה׳ס אונטערנעהמונג און פערזארגען אידם מיט בוי־מאטעריאל פון די קעניגליכע וועלדער. אין פאלעסטינע האט נחמיה בעקומען דעם טיטעל פון א צייטווייליגען פערוואלטער אדער פאשא (פחה), וואס האט די מאכט פון א דיקטאטאר.

אין פריהיאהר 445 („אין 20־טען יאהר פון ארטאקסערקסעס קיניגען“) איז נחמיה אנגעקומען פון שושן קיין ירושלים. אין משך פון די ערשטע דריי נעכט איז ער געריטען, בעגלייט פון א קליינער סוויטע, ארומגעפאהרען איבער׳ן שטאדט און האט מיט טרויער געקוקט אויף די צעשטערטע מויערן און פער־ברענטע טויערן. דערנאך האט ער מודיע געווען די עלטסטע פון פאלק און די כהנים וועגען זיין אפיציעלער הרשאה און האט זיי איינגעלאדען, זיי זאלען אידם ענערגיש מיטהעלפען אין דער פאטריאטישער ארבייט צו בעפעסטיגען די הויפט־שטאדט. אויף נחמיה׳ס רוף האבען זיך אבגערופען א סך אידען, ישראלים און כהנים, מיוחסדיגע לייט און מענשען פון המון, ירושלמים און איינוואוינער

פֿון פּראָווינץ. ס'האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצע אָרמעע פּריוויליגע אַרבײַטער, וואָס איז צעטיילט געווען אויף גרופּעס. איטליכע גרופּע האָט אויף זיך גע-נומען אויפֿצובויען אַ בעשטימטען טייל פֿון די פֿעסטונגס-מויערן.

ווי נאָר די אַרבײַטען האָבען זיך אָנגעהויבען, האָבען די אָנפֿיהרער פֿון די „שכנ'ישע פֿעלקער אָנגעהויבען צו אַגיטירען קעגען נחמיה'ן און זײַנע מיט-אַרבײַטער. דאָס זענען געווען דער שמרוני סנבלט, דער עמוני טוביה און דער אַראַבער גשם. די דאָזיגע לײַט און זייערע קרובים האָבען פֿריהער געהאַט אַ צוטריט אין ירושלים און די לעצטע צײַט האָבען זיי אײַנגענומען דאָרט אַ הערשענדע שטעלונג; מיט די פֿאָרשטעהער פֿון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע זענען זיי געשטאַנען אין פֿרײַנדשאַפֿטליכע בעציהונגען און האָבען זיך אַפֿילו מתחתן געווען מיט זיי. אויב ירושלים וואָלט געוואָרען בעפֿעסטיגט און די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי וואָלט שטאַרקער געוואָרען, יעמאָלט וואָלט געקומען אַ סוף צום בעלי-בת'עווען פֿון די פֿרעמדע, — און דאָס האָבען זיי ניט געוואָלט דער-לאָזען. די האָבען פֿײַנט בעקומען די אידישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי און האָבען זיך געמיהט מיט אַלע מיטלען צו שטערען איהר און איהר פֿיהרער נחמיה. זיי האָבען אַפֿילו געסטראַשעט צו מסר'ן דעם פּערסישען קעניג אויף די אידען, אַז זיי ווילען קעגען איהם מורד זײַן, און צוליעב דעם בעפֿעסטיגען זיי זייער הויפּט-שטאָדט. נאָר נחמיה האָט אויסגענוצט זײַן אָפֿיציעלע הרשאה און האָט פֿערשטאַנען צו מאַכען צו נישט אַלע שווינדעלייען פֿון די פֿײַנד און האָט געפֿיהרט ווײַטער די אַרבײַט.

סנבלט און טוביה, וואָס זענען אַרויסגעטריבען געוואָרען פֿון ירושלים — אַז זיי האָבען געזעהן, ווי די אידען בויען די מויערן, האָבען זיי געלאַכט און געשפּאָט איבער זיי און האָבען געזאָגט: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בנין! ס'וועט קומען אַ פֿוקס און וועט אײַנוואַרפֿען זייער גאַנצען שטיינערנעם מויער!" אַז אָבער די מויערן זענען שוין געווען בעדײַטענד הויך און די פֿריהערדיגע אײַנ-געבראָכענע שטעלען זענען פֿערמויערט געוואָרען, האָבען די אידען-פֿײַנד בע-שלאָסען איבערגעוואַלד אָבצושטעלען די אַרבײַט. נחמיה'ן האָט מען אָנגעזאָגט, אַז די עמונים, שמרונים און אַנדערע שכנים גרייטען זיך אָנצופֿאַלען אויף ירושלים. נאָר די דאָזיגע ידיעה האָט בעצוואונגען די בויער צו זײַן פֿאָרזיכטיגער. נחמיה האָט בעוואָפֿענט אַלע אַרבײַטער און האָט געשטעלט איין טייל פֿון זיי היטען די מויערן אין פֿערשיידענע פּונקטען, אין דער צײַט, ווען דער צווייטער טייל האָט געאַרבײַט.

נאָך אַנ'אָנגעשטרענגטער אַרבײַט, וואָס האָט געדויערט כמעט צוויי חדשים, זענען די פֿעסטונגס-מויערן אַרום ירושלים פֿאַרטיג געוואָרען, און אין גיכען זענען אויך ווידער אויפֿגעבויט געוואָרען די טויערן פֿון שטאָדט. בײַ די טויערן האָט מען געשטעלט אַ וואַך. די פֿערוואַלטונג איבער דער שמירה פֿון שטאָדט האָט נחמיה איבערגעגעבען זײַן ברודער חנני און דעם פֿעסטונגס-הויפּטמאַן חנניה.

די מויערן פֿלעגט מען ביי־נאַכט פֿערשליסען און עפֿענען נאָר אין דער פֿריה, „אַז די זון האָט שוין געוואַרימט". די אידישע הויפּט־שטאָדט, וואָס איז פֿריהער געווען אָדן שוין, איז איצט געוואָרען אַ בעפֿעסטיגטע און פֿערשלאָסענע שטאָדט, און די אַרומיגע פֿעלקער האָבען זיך שוין געשראָקען פֿאַר איהר.

## נחמיה'ס און עזרא'ס רעפֿאָרמען.

§ 14. נאָכדעם, ווי ירושלים איז פֿון אויסווייניג בעפֿעסטיגט געוואָרען, האָבען נחמיה און די אידישע עלטסטע אָנגעהויבען צו זאָרגען וועגען פֿערגרעסערן איהר בעפֿעלקערונג. ס'איז געוואָרען בעשלאָסען, אַז פֿון איטליכע צעהן פּראָווינציעלע איינוואוינער זאָל איינער, אויף וועמען ס'וועט אויספֿאַלען דער גורל, זיך בעזעצען אין דער הויפּט־שטאָדט. אַ סך האָבען זיך חוץ דעם גורל, פֿריינוויליג בעזעצט אין ירושלים, וואו די איינוואוינער האָבען זיך געפֿיהלט זיכערער, אידער אין דער פּראָווינץ. נחמיה האָט זיך געמיהט אויך צוצוציהען אין דער הויפּט־שטאָדט אַלע לויים און זינגער פֿון בית־המקדש, וואָס האָבען פֿריהער געוואוינט חוץ שטאָדט.

אַ סך זאָרג האָט פֿערשאַפֿט נחמיה'ן דער עקאָנאָמישער קלאַסען־קאַמפּף, וואָס האָט געהערשט אין מלכות־יהודה און וואָס האָט געשטערט דער נאַציאָנאַלער פֿעראייניגונג. אין ירושלים אין דער סביבה האָבען געוואוינט אַ סך אָרימע לייט, וואָס זענען געוואָרען שטאַרק אונטערדריקט פֿון די פֿערמעגליכע קלאַסען. די גבירים פֿלעגען אויסגעבען די נצרכים הלואות אין געלד אָדער תבואה און נעהמען פֿאַר משכנות זייערע פֿעלדער, וויינגערטנער, הייזער און אַפֿילו זייערע קינדער. בדלות געשטעלט דורך אַ שורה ניט־געראָטענע יאָהרען און בעדריקט פֿון די פּערסישע בעאַמטע אין דערצו נאָך אונטערדריקט פֿון זייערע קרעדיטאָרען, — האָבען די אָרימע לייט זיך בעקלאָגט פֿאַר נחמיה'ן איבער זייער ביטערן מזל.

נחמיה האָט אויסגענוצט זיין מאַכט, בכדי צו פֿערגרינגערן דעם גורל פֿון די אָרימע לייט. ער האָט צונויפֿגערופֿען די רייכע קרעדיטאָרען און האָט זיי אויפֿגעוויזען, ווי אונגערעכט זיי בעגעהען זיך, אונטערדריקענדיג זייערע אָרימע ברידער. „מיר — האָט געטענה'ט נחמיה אויפֿגערעגט — האָבען אויסגעלייזט פֿון קנעכטשאַפֿט די אידען — וואָס זענען פֿערקויפֿט געווען צו אַנדערע פֿעלקער, און איצט מאַכט איהר אַליין פֿאַר קנעכט אייערע אייגענע ברידער!" ער האָט אויפֿגעוויזען די גבירים, אַז צוליעב דער פֿעראייניגונג פֿון אַלע פֿאָלקס־קלאַסען, צוליעב'ן פּאַטריאָטיזם, מוזען זיי מקריב זיין זייערע פּערזענליכע חשבונות. דערביי האָט נחמיה דער ערשטער בעוויזען אַ ביישפּיעל און האָט ערקלערט, אַז ער איז מוחל די אָרימע לייט די הלואות, וואָס ער האָט זיי געגעבען פֿריהער אין געלד און תבואה. מחמת דער אָרימקייט פֿון פֿאָלק האָט נחמיה נאָך פֿריהער זיך אָבגעזאָגט פֿון דער אָבצאָהלונג אין געלד און פּראָדוקטען, וואָס די

אידען האָבען בעדאַרפט צאָהלען איהם אַלס קעניגליכען פערוואַלטער, און זיינע בעדיענטע („לחם הפחה"). נחמיה'ס בייזפיעל און זיינע רייד האָבען געווירקט אויף די רייכע אידען. זיי האָבען צוגעזאָגט אַרויסצולאָזען פריי זייערע קנעכט, צוריק אָבצוגעבען די בעלי-חובות די פערמשכנטע הייזער, פעלדער און גערטנער און ניט איינצומאָנען די חובות. אויף נחמיה'ס פאָדערונג האָבען זיי געמוזט בעשטעטיגען זייער צוזאָג דורך א שבועה.

צוועלף יאָהר האָט נחמיה פערוואַלטעט איבער דאָס לאַנד יהודה, און פאַר דער צייט האָט ער בעוויזען איינצושטעלען א בעשטימטע אָרדנונג אין געזעלשאַפטליכען לעבען. נאָר כדי, די דאָזיגע אָרדנונג זאָל זיך בעפעסטיגען אויף לאַנגע יאָהרען, איז נויטיג געווען, אַז דאָס פאָלק זאָל אָנערקענען, אַז זי איז נויטווענדיג און אַז זי איז ענג פערבונדען מיט די יסודות פון זיין אמונה. צוליעב דעם האָט נחמיה זיך גענויטיגט אין הילף מצד עזרא הסופר, און זינט יענע צייטען אַרבייטען שוין די ביידע גרויסע מענער אינאיינעם.

ביידע אידישע פיהרער טיילען פונאַנדער צווישען זיך די אַרבייט. עזרא נימט זיך אָב איינגאַנצען צו פערשפּרייטען די „תורת-משה" צווישען פאָלק, און נחמיה, אַלס פערוואַלטער, נעהמט אָן מיטלען, אַז די דאָזיגע תורה זאָל ווערען איינגאַנצען פּראַקטיש דורכגעפיהרט אין לעבען. דאָס פאָלק ווערט צוגעגרייט דערצו, אַז עס זאָל בעוואוסט זיך אָנאייגענען יענע „תורה פון לעבען", וואָס פריהער האָבען געוואוסט פון איהר נאָר די כהנים און סופרים. וועגען דער דאָזיגער רעפאָרמאַטאָרישער טעטיגקייט פון עזרא און נחמיה ווערט דערצעהלט אין תנ"ך פאָלגענדעס.

אין מאָל אום ראש השנה (צווישען יאָהר 444 און 443) האָט דאָס פאָלק זיך צונויפגעקליבען אויף איינעם פון די פּלעצער פון ירושלים, קעגען איבער דעם „וואַסער-טויער" (שער-המים) און האָט געפאָדערט פון עזרא'ן, ער זאָל פאָרלייענען פאַר'ן גאַנצען עולם „דעם ספר תורת-משה", וואָס גאָט האָט געגעבען ישראל. עזרא איז, אַפנים, שוין געווען צוגעגרייט צו דער דאָזיגער פאָדערונג. ער האָט זיך געשטעלט אויף א הויכער הילצערנער בימה, אַרום האָבען זיך געשטעלט די כהנים און די סופרים, און ער האָט פאָרגעלייענט בקול רם א סך קאַפּיטלען פון חומש. דער לייענען האָט געדויערט פון פריה-מאָרגען ביז האַלבען טאָג. דאָס פאָלק האָט דאָס אַלץ איבערגעהערט שטעהענדיג לכבוד די כתבי-הקדש. ס'האָט זיך איבערגעחזר'ט דאָס אייגענע, וואָס עס איז פאָרגעקומען, בשעת מען האָט פערעפענטליכט די משנה-תורה אין קעניג יאשיהו'ס צייטען[1]. דער לייענען האָט געמאַכט א גרויסען רושם אויף די פערזאַמעלטע. זיי האָבען זיך איבערצייגט, ווי ווייט אָבגעשטאַנען עס איז זייער לעבען פון יענע הייליגע רעליגיעז-זיטליכע געבאָטען, וואָס זענען פערשריבען אין די פאָר-

[1] אַלגעמיינע אידישע געשיכטע, I, § 111.

געבליענטע הייליגע מגלות. אַ סך האָבען געוויינט אויפֿ'ן קול. נאָר עזרא און נחמיה האָבען בערוהיגט דאָס פֿאָלק און האָבען געזאָגט: „דער היינטיגער טאָג איז געהייליגט דעם אייביגען גאָט אייער'ן; זייט ניט טרויעריג און וויינט ניט; געהט עסט פֿעטע שפּייז און טרינקט זיסע געטראַנקען (אכלו משמנים ושתו ממתקים), און שיקט מתנות די, וואָס האָבען ניט צוגעגרייט". דאָס פֿאָלק האָט געפֿאָלגט דער עצה און האָט פֿערבראַכט דעם איבעריגען טייל פֿון טאָג אין פֿריילעכע מאָלצייטען.

אויפֿ'ן אַנדער טאָג האָבען זיך צונויפֿגעקליבען ביי עזרא'ן די ראשי-המשפּחות. עזרא האָט זיי איבערגעטייטשט די תּורה, בעזונדערס די בעדייטונג פֿון די צערעמאָניעס און ימים-טובים, ווי עס ווייזט אויס, אין דעם טייטש, ווי דאָס איז געשריבען אין ספֿר „ויקרא" אָדער „תּורת-כּהנים". מעהר פֿון אַלץ זענען געוואָרען געטומען אין אַכט די געזעצען און צערעמאָניעס, וואָס זענען שייך צום אַכט-טאָגיגען יום-טוב סוכּות, וואָס איז געווען פֿריהער בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „חג האסיף", דאָס-הייסט, דער יום-טוב לכבוד דעם אָראָבנעהמען די תּבואות פֿון די פֿעלדער. דאָס מאָל האָט מען געפֿייערט סוכּות מיט אַלע צערעמאָניעס, ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תּורה. אַלע אידען האָבען זיך איינגעבויט ביידלעך (סוכּות), איינע אויף די דעכער פֿון זייערע הייזער, די אַנדערע — אויף זייערע הויפֿען. איינגע האָבען געבויט סוכּות אין די ווייטע הויפֿען פֿון בית-המקדש אָדער אויף די שטאָדטישע פּלעצער. די סוכּות זענען געווען בעצירט מיט בלעטער אין צווייגען פֿון איילבּוימער, מירטען און פּאַלמען, וואָס מען האָט געבראַכט צו פֿיהרען פֿון די וועלדער.

נאָך יום-טוב האָבען זיך די עפֿענטליכע לערנונגען פֿון דאָס-ניי אָנגעהויבען. 24 טעג אין תּשרי איז געוואָרען בעשטימט פֿאַר אַ תּענית. אין דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג האָט מען ווידער געלייענט קאַפּיטלעך פֿון דער תּורה, דערנאָך האָבען אַלע פֿערזאַמעלטע זיך מתודה געווען אויף זייערע זינד און האָבען תּשובה געטהאָן. די לויים האָבען אין זייערע דרשות געשילדערט די הויפּטליכע געשעהענישען אינ'ם עבר פֿון דער אידישער נאַציע, אידהערע גרויסע גבורות און גרויסע פֿעהלערן, וואָס האָבען געבראַכט דערצו, אַז מלכות-יהודה איז אונטערטעניג געוואָרען אַ פֿרעמדען פֿאָלק.

לסוף איז פֿאָרגעקומען דער שלוס-אַקט פֿון אַלע די דאָזיגע דעמאָנסטראַציעס. די וועלטליכע און גייסטליכע פֿאָרשטעהער פֿון דער ירושלמ'ער געמיינדע האָבען זיך אונטערגעשריבען אויף אַן אָבמאַך, וואו זיי האָבען זיך מתחייב געווען צו היטען אַלע געזעצען און געבאָטען, וואָס גאָט האָט געגעבען דורך משה'ן און וואָס שטעהען געשריבען אין דעם פֿולשטענדיגען ספֿר-התּורה, וואָס עזרא האָט זיי פֿאָרגעלייענט. דאָס איבעריגע פֿאָלק האָט בעשטעטיגט די דאָזיגע התחייבות דורך אַ שבועה, וואָס עס האָט געגעבען הויך אויפֿ'ן קול. אין דעם שריפֿטליכען אָבמאַך האָבען זיך געפֿונען, צווישען אַנדערע, פֿאָל-

גענדע דינסט-התחייבות'ען 1) ניט טון קײן שידוכים מיט די הײדען. 2) שטרענג אָבהיטען די שבת-רוה און ניט פירען קײן שום משא-ומתן אום שבת. 3) אָבהיטען דעם געזעץ וועגען שמיטה-יאָהר, ווען די ערד טאָר ניט בעאַרבײט ווערען און ס'זוערען בטל אַלע חובות. 4) צאָהלען אַ בעזונדער אָבצאָהלונג פון אַ דריטעל שקל פון קאָפּ אויף אויסהאַלטען דעם בית-המקדש און די קרבנות. 5) געבען די כהנים און לויים אַ געוויסען טײל פון די אַראָבגענומענע תבואות: די פריה-צײטיגע פירות (בכורים) און אַ צעהנט-חלק פון די תבואות און פירות פאַר די לויים (מעשר ראשון). די דאָזיגע אַלע תבואות און פירות האָט מען בעדאַרפט צונױפקלײבען אין בעזונדערע שײערן בײם בית-המקדש און פונאַנדערטײלען זײ צווישען די כהנים און לויים, לויט די געזעצען.

## נחמיה דאָס צווײטע מאָל אין ירושלים.

§ 15. עזרא'ס און נחמיה'ס רעפאָרמעס, וואָס האָבען געשטרעבט צו בעפעסטיגען די נאַציאָנאַל-גײסטיגע אײגענאַרטיגקײט פון אידישען פאָלק, האָבען זיך ניט מיט אַמאָל אײנגעוואָרצעלט בײם פאָלק. כל-זמן נחמיה האָט פערנומען דעם פאָסטען פון אַ פערוואַלטער איבער דאָס לאַנד יהודה, האָט ער אײנטערגעהאַלטען די רעפאָרמירטע אָרדנונג מיט'ן אויטאָריטעט פון זײן מאַכט. נאָר אַז מען האָט אים, נאָך אַ 12-יאָהריגער פערוואַלטונג, אָבגערופען אין דער הויפּט-שטאָדט פון פערסיען, צום הויף פון אַרטאַקסערקסעס (433), איז די נײע אָרדנונג אין מלכות-יהודה, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען מיט אַזויפיעל מיה, ווידער צעשטערט געוואָרען. די אַריסטאָקראַטישע פּאַרטײ, וואָס איז געווען נוטה צו די פרעמדע און וואָס אין נחמיה'ס צײטען איז זי געוואָרען אָבגעשטופּט אין הינטערגרונד, — האָט איצט בעקומען אַן אײנפלוס און איז שטאַרקער געוואָרען, מחמת זי איז געשטאַנען אין פערבינדונג מיט די שכנ'ישע הײדנישע פירשטען און מיט אײנפלוסרײכע פערסישע בעאַמטע. אין ירושלים האָבען זיך ווידער בעוויזען פרעמדע פירשטען. דער כהן-גדול אלישיב האָט אָבגעגעבען זײן קרוב טוביה העמוני אַ בעזונדערען אָרט אין בית-המקדש, און אויף אַזאַ אופן האָט דער ביזער שונא פון אידישען פאָלק געקאָנט אָבטון זײנע שלעכטע מעשים אונטער'ן דאַך פון הײליגטום. די אָבצאָהלונגען פאַר'ן בית-המקדש און פאַר די כהנים פלעגט מען ברענגען ניט אַקוראַט, מ'פלעגט בפרהסיה מחלל שבת זײן. שבת האָט מען בעשטימט פאַר אַ מאַרק-טאָג, און דעמאָלט פלעגען זיך צונױפפאָהרען אין ירושלים די אײנוואוינער פון די אַרומיגע דערפער מיט זײערע פּראָדוקטען, און צורישע הענדלער פלעגען אויף די גאַסען האַנדלען מיט פיש און מיט אַנדערע פּראָדוקטען. ווידער האָבען זיך פערמעהרט די געמישטע שידוכים צווישען אידען מיט ניט-אידען. אין דעם פרט האָט געגעבען אַ שלעכטען בײשפּיעל דער אײניקעל פון כהן-גדול אלישיב נפא, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט סנבלט השמרוני'ס אַ טאָכטער.

אַז נחמיה האָט זיך דערוואוסט וועגען דער טרויעריגער לאַגע אין מלכות-יהודה, איז ער ווידער אוועקגעפאָרען אהין, מיט דער ערלויבניש פון קעניג אַרטאַקסערקסעס און מיט דער פריהערדיגער הרשאה. באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין ירושלים, האָט ער אָנגעהויבען אויסריינִיגען די געמיינדעס פון די אַנטי-נאַציאָנאַלע עלעמענטען. קודם כל, האָט ער פערטריבען פון דער לשכה אין בית-המקדש טוביה העמוני, האָט אַרויסגעוואָרפען פון דאָרטען זיינע זאַכען און האָט געהייסען אויסריינִיגען די לשכה און בעהאַלטען דאָרט זאַכען, וואָס זענען שייך צו דער עבודה אין בית-המקדש. אלישיב'ס אייניקעל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ שמרוֹנישער פרוי, האָט נחמיה אויך אויסגעשלאָסען פון דער געמיינדע. דערנאָך האָט ער אָנגענומען מיטלען צו פערזיכערן, אַז דער בית-המקדש און די כהנים זאָלען בעקומען זייערע אָפּצאָהלונגען. וועגען שבת-רוה איז ערקלערט געוואָרען, אַז אַלע איינוואוינער פון ירושלים זענען מחויב עס אָפּצוהיטען. אויף נחמיה'ס בעפעהלען, זענען די טויערן פון ירושלים געבליבען פערשלאָסען פון פרייטאָג פאַר-נאַכט ביז שבת צו-נאַכט, בכדי פאַר דער צייט זאָל מען קיין סחורות אין שטאָדט ניט אַריינפיהרען. די אָרטיגע איינוואוינער האָט מען פערזאָגט, ניט צו פערנעהמען זיך מיט משא-ומתן אום שבת. פאַר די, וואָס וועלען דעם פערבאָט ניט היטען, איז בעשטימט געוואָרען אַ שטרענגע שטראָף. נחמיה האָט געפונען עטליכע אידישע משפחות, וואָס האָבען בייַ זיך נאָך געהאַט פרעמדע פרויען. אין אַזעלכע פאַמיליעס האָבען די קינדער אָפט גערעדט ניט אויף העברעאיש, נאָר אויף דער שפּראַך פון זייערע פרעמדע מוטערס — עמוניש און אשודיש. נחמיה האָט שטאַרק געזידעלט און אפילו בעשטראָפט די פאָטערס פון אַזעלכע פאַמיליעס; דערנאָך האָט ער בייַ זיי גענומען אַ שבועה, אַז זיי וועלען זיך מעהר ניט מתחתן זיין מיט פרעמדע. זינט יענער צייט האָבען די געמישטע שדוכים ביסלעכווייז אויפגעהערט אין מלכות-יהודה.

אַזוי האָט זיך פערענדיגט די גרויסע רעפאָרם, וואָס עזרא און נחמיה האָבען אונטערגענומען. עס האָט זיך פערענדיגט דער פּראָצעס פון אָבזונדערן דאָס אידישע פאָלק פון די שכנ'ישע שבטים. לויט די תנאים פון יענער צייט איז דאָס געווען נויטווענדיג, מחמת דעם, וואָס דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם איז אויסגעריינִיגט געוואָרען און האָט בעקומען יענע שטאַנדהאַפטיגקייט, וועלכע דאָס אידישע פאָלק ווייזט אַרויס זינט יענער צייט אין אַלע שטורמישע און געפעהרליכע מאָמענטען פון דער געשיכטע.

די אָבזונדערונג פון די שמרונים.

§ 16. די נאַציאָנאַלע רעפאָרם, וואָס עזרא און נחמיה האָבען דורכגעפיהרט, האָט אָבגעשטויסען פון דער ירושלמ'ער געמיינדע די פאָרשטעהער פון דער אַסימילאַציאָנס-פּאַרטיי, וואָס האָבען געהאַט פערבינדונגען מיט די פרעמדע. אַזעלכע אויסגעפירעטע זענען צום טייל פערטריבען געוואָרען פון ירושלים,

צום טייל זענען זיי פֿרייוויליג אַרויס פֿון דאָרט און זענען צוגעשטאַנען צו די שכנים — די שמרונים, וואָס צווישן זיי האָבן אַ סך געהאַט נאָענטע מחותנים.

די שמרונים האָבן אינגאַנצן אָנגעוואָרן די האָפֿענונג אויף אַ רעליגיעזן בונד מיט די אידן, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געהאַלטן פֿון ראַסן־ריינקייט. ביי זיי איז אויפֿגעקומען אַ שטרעבונג — זיך אויסצוטיילן אין אַ באַזונדערע רעליגיעזע געמיינדע, וואָס זאָל זיין ניט אָפּהענגיג פֿון דער אידישער און פֿון איר צענטער — דעם בית־המקדש אין ירושלים. כּדי צו באַפֿרידיגן די דאָזיגע רעליגיעזע באַדערפֿעניש פֿון די שמרונים, האָט זייער פֿירער סנבלט באַשלאָסן אויפֿצובויען פֿאַר זיי אַ באַזונדערן טעמפּעל, וואָס זאָל קאָנען זיך פֿאַרגלייכן מיטן בית־המקדש אין ירושלים. דער נייער טעמפּעל איז געוואָרן אויפֿגעבויט ניט ווייט פֿון דער אַלטער שטאָדט שכם אויפֿן באַרג גריזים, וואָס אין דער תורה ווערט ער אָנגערופֿן „דער באַרג פֿון די ברכות“. פֿאַר אַ כּהן־גדול איז באַשטימט געוואָרן סנבלטס איידעם, יענער אייניקל פֿון ירושלימער כּהן־גדול אלישיב, וואָס נחמיה האָט אים אויסגעשלאָסן פֿון דער אידישער געמיינדע[2]. אַנדערע כּהנים, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון ירושלים, און סופֿרים, וואָס האָבן באַקומען אַ שלעכטן נאָמען ביי זיך אין דער היים, זענען געוואָרן שמרונישע גייסטליכע.

דער רעליגיעזער קולט פֿון די שמרונים האָט זיך געבילדעט פֿון אַ געמישעכץ פֿון אידישע און אַלטע האַלב־הייִדנישע עלעמענטן. די חמשה חומשי תורה האָבן די שמרונים אָנערקענט פֿאַר זייער הייליגן קאָדעקס. אין אַ שפּעטערדיגער צייט האָבן זיי נאָך מוסיף געווען דעם ספֿר „יהושע“, אין אַ פֿאַלשטענדיגן פֿערענדערטן טעקסט, וואָס איז פֿול מיט אויסגעטראַכטע לעגענדעס וועגן דער געשיכטע פֿון די שמרונים (יהושע'ן האָבן די שמרונים באַזונדערס געערט, מחמת ער שטאַמט אַרויס פֿון שבט אפֿרים, און זיי, די שמרונים, האָבן זיך אויך גערעכנט, אַז זיי קומען אַרויס פֿון שבט אפֿרים). דער אַלטער טעקסט פֿון דער שמרונישער תורה האָט זיך ווינציג וואָס אָפּגעשיידט פֿון דער אידישער, וואָס איז פֿאַרעפֿנטליכט געוואָרן דורך עזרא הסופֿר. שפּעטער אָבער זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן טענדענציעזע שנויים. די ספֿרי־הנביאים, וואו דאָס קעניגרייך שמרון ווערט שטאַרק פֿאַראורטיילט, האָבן די שמרונים כּלל ניט אָנערקענט. אויף אַזאַ אופֿן איז זיי געבליבן פֿרעמד דער ערהאַבנסטער טייל פֿון דער ביבלישער רעליגיעז־עטישער וועלט־אַנשויאונג.

צו די שמרונים זענען, ווי עס ווייזט אויס, צוגעשטאַנען אַ טייל פֿון די איינוואוינער פֿון צפֿון־יהודה, וואָס פֿאַר זיי איז צו שווער געווען די צענט-

[2] דער נאָמען פֿון דעם דאָזיגן אייניקל איז געווען מנשה, אויב מען זאָל גלויבן דער שפּעטערדיגער ערצעהלונג פֿון יוסף פֿלאַוויוס, וואָס איז כראָנאָלאָגיש ניט ריכטיג (קדמוניות, XI, 8).

רעאַליזירונג פֿונ'ם גאָטעסדינסט אין ירושלים, וואָס עזרא און נחמיה האָבען איינגעפֿירט. מיט דער צייט איז פֿון די שמרונים אויסגעוואַקסען אַ גאַנץ צאָהל־רייך פֿאָלק, וואָס איז געווען אַ דם־שונא דעם אידישען פֿאָלק. די דאָזיגע האַלבע אידען האָבען זיך גערעכענט פֿאַר די יורשים פֿון געוועזענעם קעניגרייך אפֿרים אָדער שמרון, און מחמת דעם האָבען זיי געירש'עט אויך די אַלטע שנאה פֿון אפֿרים צו יהודה. און נאָך אַ סך יאָהרהונדערטען וועט געדויערן די פֿיינד־שאַפֿט צווישען די צוויי צווייגען פֿון כנעני'שען יודענטום, וואָס האָבען זיך צע־שפּאָלטען און האָבען מעהר ניט געקאָנט זיך צונויפֿוואַקסען.

---

# פֿערטער קאַפּיטעל.

## די אידישע טעאָקראַטיע און די ענטוויקלונג פֿון דער יהדות.

דער צווייטער יאָהרהונדערט פֿון דער פּערסישער הערשאַפֿט. — די תורה, אַלס די אידישע קאָנסטיטוציע. — די ממשלה פֿון די כהנים און די כנסת־הגדולה. — דער גייסטיגער און קולטורעלער לעבענספֿיהר. — דער צונויפֿקלייבען און איבער־אַרבייטען די ליטעראַטור. — די רעליגיעזע ליריק. — די רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע. — כּללים פֿאַר'ן לעבען און מאָראַל. — די ווירקונג פֿונ'ם פּאַרסיזם.

### דער צווייטער יאָהרהונדערט פֿון דער פּערסישער הערשאַפֿט.

§ 17. זעהר ווייניג ידיעות זענען פֿערבליבען אין דער געשיכטע וועגען דער אויסווייניגסטער לאַגע פֿון מלכות־יהודה אין משך פֿון צווייטען יאָהרהונדערט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט (332—420). די לעצטע ביבלישע כראָ־ניקען הערען אויף מיט דער עפּאָכע פֿון עזרא און נחמיה. דערנאָך ציהט זיך אין דער אידישער געשיכטע עפּיס אַ טונקעלע צייט, וואו מען בעגעגענט ניט קיין גרויסע מענשען, ניט קיין גרויסע געשעהענישען. די דאָזיגע תקופה שטעלט זיך פֿאַר פֿאַר די שפּעטערדיגע דורות איינגעהילט אין אַ נעפּיל פֿון מטושטש'ע לעגענדעס, ווארום די פֿאַקטישע כראָניקען, וואָס זענען שייך צו איהר, זענען צו אונז ניט דערגאַנגען. אין די דענקמעלער און כראָניקען פֿון אַנדערע פֿעלקער ווערט וועגען דער דעמאָלטיגער מלכות־יהודה כּמעט ווי ניט דערמאָנט, ווארום זי האָט אין יענער צייט כּמעט ניט געשפּיעלט קיין פּאָליטישע ראָל. אַ קליינע פּראָווינץ פֿון דער גרויסער פּערסישער מאָנאַרכיע, וואָס איז רעגירט געוואָרען פֿון די אַכעמענידען (כּורש'ס דינאַסטיע), — האָט מלכות־יהודה ניט גענומען קיין אַקטיווען אַנטייל אין די פּאָליטישע בעוועגונגען, וואָס האָבען איבערגעוועהרט יעמאָלט פֿאָדער־אַזיען, דרום־אייראָפּע (גריכענלאַנד, איטאַליען) און

צפון-אפריקא. די דאזיגע בעוועגונגען און מלחמות האבען אמאל געקאנט זיך אפשפיגלען אויף איהר בלויז אינדירעקט, אויף וויפיעל זיי האבען זיך דער-נעהנטערט צו איהר טעריטאריע.

אין דער צייט פון ארטאקסערקסעס II מנעמאן (404—358), האבען זיך אויס'ן נייע אנגעהויבען די אונאויפהערליכע קריג צווישען פערסיען און עגיפטען, וואס האט ניט אויפגעהערט מורד צו זיין קעגען דער איבערהערשאפט פון די אכעמענידען. אין לאנד יהודה פלעגען זיך אפשטעלען די פערסישע מיליטער-אפטיילונגען, וואס זענען געגאנגען איינצושטילען עגיפטען, און דאס לאנד האט מסתמא ניט ווינציג געליטען פון די מהומות פון דער קריגס-צייט.

פאר ארטאקסערקסעס III-ענס צייטען (358—337) האבען מורד געווען קעגען דער פערסישער איבערהערשאפט א טייל פון סיריען און פעניציען (צידון). די מרידה האט דערשטיקט ארטאקסערקסעס'ס בעריהמטער קריגס-הויפטמאן, דער סריס באגאאס. מיט דער דאזיגער געשעהעניש פערבינדט מען די שפעטער-דיגע ידיעה פון די כראניקען, אז דעמאלט האבען געליטען אויך די אידען, בעזונדערס די איינוואוינער פון דער שטאדט ירחו, וואס האבען, אפנים, זיך בעטייליגט אין דער סיריש-פעניצישער מרידה; ירחו איז צעשטערט געווארען און איהרע איינוואוינער זענען פערטריבען געווארען קיין הירקאניען, וואס ליגט אין דרום-זייט פון קאספישען ים[1].

מיט'ן נאמען פונ'ם פערסישען קריגס-הויפטמאן באגאאס איז פערבונדען נאך א געשעהעניש, וואס האט איבערגעלאזען נאך זיך א טרויעריגע אנדענ-קונג אין מלכות-יהודה[2].

אין יענער צייט איז געווען כהן-גדול אין ירושלים יוחנן, אלישיב'ס אור-איניקעל. יוחנן'ס ברודער, יהושע, האט מיט איהם געפיהרט א שטרייט וועגען דער כהונה-גדולה. ער האט זיך בעפריינדעט מיט באגאאס'ן, און יענער האט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט אפנעהמען די כהונה-גדולה פון יוחנן און וועט עס איבערגעבען איהם, יהושע'ן. דער כהן-גדול איז געווען איבערגעבראכט איבער די נידעריגע אינטריגעס פון זיין ברודער. איין מאל איז ארויס א שטרייט צווישען

1) לויט די כראניקען פון איוויביוס און סאלינוס (אין III יאהרהונדערט נאך דער קריסטליכער צייטרעכנונג). איינער פון די פערסישע קריגס-הויפליייט פון יענער צייט איז געווען אראפערנוס, וואס האט געשטאמט פון קליינאזישע סאטראפען. דאס, וואס דער דאזיגער נאמען איז ענליך אויפ'ן נאמען האלאפערנוס, דעם העלד פון ספר „יהודית", וואס געהערט צו די „כתובים אחרונים" — לאזט משער זיין, אז די געשעהענישען פון דער צייט, פון וועלכער מיר רעדען דא, האבען געדיענט אלס מאטעריאל פאר דער נאציאנאל-עפישער ערצעהלונג פון די „כתובים אחרונים, וואס מען האט עס בעצויגען אויף דער פריהערדיגער צייט.

2) די איז פערבליבען אין א האלב-לעגענדארישער פארם אין „קדמוניות היהודים" פון יאזעפוס-פלאוויוס (XI, 7).

די גרידער אין בית-המקדש נגפא, און דער עלטסטער יוחנן האט אויפן ארט דערהרגעט זיין ברודער, דעם בוגד. יעמאלס איז בגואס געקומען מיט א מיליטער-אבטיילונג קיין ירושלים און האט זיך אריינגעריסען אין בית-המקדש. אז די כהנים האבען איהם געוואלט אבשטעלען, בעטענדיג איהם, ער זאל ניט פערשוועכען דעם הייליגטום, האט ער מיט כעס אויסגערופען: „שוין-זשע בין איך ווייניגער ריין, איידער יענער, וואס האט געטויט זיין ברודער אין בית-המקדש?“ בגואס האט ארויפגעלעגט אויף די אידען א שווערען קנס: פאר יעדען שעפס, וואס מען וועט ברענגען טעגליך פאר א קרבן אויפן מזבח (קרבן תמיד), האבען די ירושלמים געמוזט צאהלען דער פערסישער רעגירונג אנאבצאהלונג פון 50 דראכמעס. זיבען יאהר איז אויסגעקומען דעם פאלק צו צאהלען דעם דאזיגען שווערען צינז.

נאך אזעלכע צופאלען, ווען די פערסישע רעגירונג האט זיך אריינגעמישט אין די אינעווייניגסטע ענינים פון לאנד יהודה, בעגעגענען מיר לפי-ערך ווייניג. די צענטראלע רעגירונג אין פערסיען איז יעמאלט געווען זעהר שוואך. די סאטראפען זענען געווען זעלבשטענדיגע מושלים אין זייערע פראווינצען און האבען אפט געמאכט אויפשטאנדען קעגען זייערע מלכים, און דאס האט זעהר אבגעשוואכט די כחות פון דער מלוכה. פון שטענדיג אן איז מלכות-יהודה געווען א טייל פון דער סירישער סאטראפיע. אין ירושלים איז נאך נחמיה'ן ניט געווען קיין בעזונדער פערוואלטער אדער פחה. ירושלים האט מען, אפנים, אין אדמיניסטראטיווער הינזיכט צוגערעכענט צו דער שכנישער שמרונישער פראווינץ. די אבהענגיגקייט פון מלכות-יהודה צו פערסיען האט זיך אויסגעדריקט דערין, וואס די דאזיגע אבהענגיגקייט איז אפיציעל אנערקענט געווארען און וואס די אידען האבען געצאהלט א בעשטימטען צינז אן פערסיען. אין אלץ איבעריגע האבען די אידען גענאסט א ברייטע זעלבסטפערוואלטונג.

## די תורה, אלס די אידישע קאנסטיטוציע.

§ 18. דער יסוד פון דער אידישער זעלבסטפערוואלטונג, די קאנסטיטוציע פון לאנד, איז געווארען די תורה (דער חומש) אין דער גרויס, ווי עזרא הסופר האט זי איינגעשטעלט. כיי די ביבלישע, סיי די שפעטערדיגע תלמודישע מסורות רוהמען עזרא'ן, אז ער האט ווידער בעגרינדעט און פערשפרייט דעם „געזעץ“. אין באמת, היסטאריש, איז ניט צו בעשטרייטען, אז עזרא און די סופרים-שול, וואס ער האט געשאפען, האבען ענדגילטיג פעסטגעשטעלט די פארם פון דער תורה-שבכתב. די נייעסטע פארשער זענען משער ניט אהן א יסוד, אז אין עזרא'ס רעדאקציע איז צוערשט איינגעשלאסען געווארען אין דער תורה די אבטיילונג, וואס ווערט אנגערופען תורת-כהנים. דער ספר תורת-כהנים איז אריין דער עיקר אין ספר „ויקרא“ און צום טייל אין ספר „במדבר“. אויב אין דער עפאכע פון די צווי קעניגרייכען האבען עקסיסטירט

שוין די עלטסטע היסטאָרישע און געזעצגעבערישע טיילען פון דער תורה[3]; אויב שפּעטער, אין קעניג יאשיהו׳ס צייטען, האָבען די נביאים פערעפענטליכט איהר ערהאַבענסטען סאָציאַל-עטישען טייל — די משנה-תורה[4], — איז אין עזרא׳ס און נחמיה׳ס צייטען אין פולער מאָס פּראַקטיש אָנגעווענדט געוואָרען דער ספר „תורת-כהנים“, וואָס לויט איהם ווערט גערעכענט פאַר׳ן צענטער פון קולט דער בית-המקדש און בראש פון דעם פאָלקס-זעלבסטפערוואַלטונג דאַרף שטעהן דער כהן-גדול. אָט די שטרענג טעאָקראַטישע געזעצגעבונג איז געוועזען צוגע-פּאַסט צו דער לאַגע פון מלכות-יהודה אונטער דער פּערסישער איבערהערשאַפט.

דעם אידעאַל פון דער טעאָקראַטיע האָט יחזקאל הנביא אויסגעאַרבייט נאָך אין גלות-בבל[5]. אין זיינע נבואות האָט דער נביא געזעהן די גייסטליכע ירושלים, מיט׳ן כהן-גדול בראש פון דער הנהגה, מיט זעהר אַ פערפלאַנטערטען קולט אין בית-המקדש און מיט אַ סך רעליגיעזע צערעמאָניעס. די טעאָקראַטישע קאָנסטיטוציע, וואָס יחזקאל האָט אויסגעצייכענט, איז זעהר נאָהענט צו יענער, וואָס איז מעהר בפרטיות׳דיג פאָרגעשטעלט אין ספר „ויקרא“ און וואָס האָט בעקומען אַ פּראַקטישע פערווירקליכונג זינט עזרא׳ס צייטען[6]. ביז׳ן גלות-בבל האָבען די טעאָקראַטישע שטרעבונגען בעגעגענט אַ ווידערשטאַנד מצד דער קעניגליכער מאַכט. אָבער אין דער צייט פון דער פּערסישער הערשאַפט, אַז קיין מלכים זענען אין מלכות-יהודה מעהר ניט געוועזען, האָבען די דאָזיגע שטרעבונגען געקאָנט אינגאַנצען פערווירקליכט ווערען. מלכות-יהודה איז איצט געוועזען מעהר אַ גייסטליכע, איידער אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. אין הסכם דערמיט זענען פערענדערט געוואָרען סיי די כללים פון דער געזעצגעבונג, כיי די אַלטע מסורות. אין געוויסע טיילען פון חומש טרעט ישראל אַרוים ניט אַלס פאָלק, נאָר אַלס רעליגיעזע געמיינדע, וואָס גרופּירט זיך אַרום דעם „אוהל-מועד“. צו דער נייער לעבענס-אָרדנונג זענען צוגעפּאַסט געוואָרען די לעגענדאַרישע פאָרשטע-לונגען וועגען דער פאָרהיסטאָרישער צייט פונ׳ם פאָלקס-לעבען; מחמת דעם האָט די געזעצגעבונג אויסגעוויזען ווי אַנאַייביגע, אינפערענדערליכע.

דער יסוד פון דער דאָזיגער טעאָקראַטישער אָרדנונג איז די אידעע פון היילינקייט, קדושה. „זייט היילינג, וואָרום היילינג בין איך, דער אייביגער, אייער גאָט!“[7]. די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט ווערט געווענדט אויף דער רע-ליגיעזער אָדער ריטועלער קדושה, וואָס דריקט זיך אוים אין די צערעמאָ-ניעס פון קערפּערליכער „ריינינונג“ און אין אָבהיטען מעסינונג ביים בעפרידיגען

---

[3] אַלג. איד. געשיכטע I, § 96.

[4] דאָרט גופא, § 111.

[5] אויבען § 3.

[6] פערגלייך ספר „יחזקאל“, קאפ. מד—מו און ספר „ויקרא“, קאפ. ח' ט, כא—כב, כג.

[7] ויקרא, קאפ. י"ט, 2.

פּיוּאַלאַגישע בעדערפֿענישען. פֿאַר כּהנים און לויים זענען אין דעם פּרט איינגעשטעלט געוואָרן שטרענגערע כּללים, איידער פֿאַר ישׂראלים. צו די אַלגעמיין-גילטיגע נאָרמען געהערן די געזעצן וועגן כּשרע און טריפֿע מינים עסנוואַרג, וועגן די מדרגות פֿון קרובֿה׳שאַפֿט ביים חתונה האָבן (אסורי נשׂואין), וועגן דער הייליקער און געשלעכטליכער היגיענע. אַ סך פֿון די דאָזיגע געזעצן האָבן דעם צוועק צוגעוועהנען דעם מענטשן צו זיין איינגעהאַלטן און ריין, כּדי צו היטן זיין געזונדהייט און אונטערהאַלטן ביי אים די שטאַרקייט פֿון קערפּער און פֿרישקייט פֿון גייסט. אין זיי בעווייזט זיך אַ שטרעבונג ניט צום אַסקעטיזם, וואָס איז אינגאַנצן פֿרעמד דער ביבלישער וועלט-אַנשויאונג, נאָר צו אַ געזונטער היגיענישער מעסיקייט. צו גלייכער צייט פֿאָדערט דער געזעץ אַ מאָראַלישע הייליקייט, ער פֿאָדערט, אַז עס זאָלן פֿערווירקליכט ווערן יענע ערהאַבענע זיטליכע אידעאַלן, וואָס די נבֿיאים האָבן זיי אַרויסגעשטעלט. ביי די אַלטע נבֿיאים ווערן די ריטועלע און מאָראַלישע הייליקייט, די צערעמאָניעס און די עטיק — אָפטמאָלס אַרויסגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן סותר געווען איינע די אַנדערע; אין ספֿר „תּורת-כּהנים" אָבער זענען זיי ענג פֿערבונדן צווישן זיך. אין איין און דעמזעלבן קאַפּיטעל ווערט גערעדט וועגן קרבנות, אויסווייניגסטע צערעמאָניעס — און וועגן ליבן אַנדערע מענשען, פֿערטיידיגן אַ שוואַכן, וועגן גערעכטיגקייט און סאָציאַלער גלייכהייט.

די רעפֿאָרם, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין עזרא׳ס צייט, האָט געבראַכט דערצו, אַז די פּאָליטישע דיסציפּלין איז געוואָרן פֿערוואַנדלט אין אַ רעליגיעזער. די רעליגיע האָט בעגרענעצט מיט בעשטימטע כּללים אויך די אַלטע פֿאָלקס-מנהגים, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצעלט אינ׳ם לעבענספֿיהר; מען האָט צוגעפּאַסט די דאָזיגע מנהגים אַלץ מעהר צום קולט אין בית-המקדש. די שלש רגלים: פּסח, שבֿועות, סוכּות, וואָס האָבן פֿריהער געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון לאַנדווירטשאַפֿטליכע ימים-טובֿים, האָבן איצט בעקומען אַ ריטועל-רעליגיעזן כאַראַקטער[8]. דער פֿריהערדיגער פּאַטריאַרכאַלישער מנהג צו ברענגען אין בית-המקדש לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטן און מאַכן דאָרט פֿאַמיליען-מאָלצייטן (זבֿח-משפּחה) איז נאָך פֿערבליבן, נאָר אויפֿ׳ן ערשטן פּלאַץ שטעהען איצט די צערעמאָניעס ביים מקריבֿ זיין די קרבנות; דער כּהן בעקומט איצט די הויפּט-בעדייטונג. צווישן די יעהרליכע ימים-טובֿים בעקומען אין יענער צייט אַ בעזונדערע בעדייטונג צוויי ימים-טובֿים, וואָס בעווייזן, אַז זיי זענען שפּעטער איינגעשטעלט געוואָרן. דאָס זענען דער „יום-תּרועה" (דער טאָג פֿון שופֿר בלאָזן) — דעם ערשטן טאָג אין תּשרי, און יום-כּפּור — צעהן טעג אין תּשרי[9]

8) ויקרא, קאַפּ. כ״ג, 4—22, 34 ווי״ט.

9) דאָרט גופֿא, 24—33; „במדבר" קאַפּ. כ״ט, 1—11. אינ׳ם „ספֿר הבּרית" (שמות, קאַפּ.

דער ערשטער פון די דאָזיגע ימים-טובים איז אויסגעקומען אין אָנהויב יאָהר, און דערפאַר האָט ער בעקומען דעם נאָמען „ראש השנה". זיין עלטערע נאָמען ווייזט אָן אויף'ן אַלטען מנהג — צו בלאָזען שופר אין'ם דאָזיגען טאָג. פון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיגער מנהג און וואָס האָט ער געדאַרפט בעטייטען — דאָס איז נאָך ניט גענוג אויפגעקלערט. על-פי השערה קען מען מעהר ניט ערקלערען די דאָזיגע צערעמאָניע דורך דעם פאַקט, וואָס איז שוין אויבען (S 14) דערצעהלט געוואָרען: אַז דעם ערשטען טאָג אין תשרי איז פאָרגעקומען די גרויסע פאָלקס-פערזאַמלונג, וואו עזרא האָט צוערשט געלייענט און ערקלערט די תורה.

א מעהר בעשטימטע בעדייטונג האָט געהאַט יום-כפור. דאָס איז געווען א טאָג, ווען דאָס גאַנצע פאָלק האָט געמוזט פאַסטען און תשובה טון אויף זיינע זינד, א טאָג פון לחלוטין'דיגער רוה (שבת שבתון) און ריינעגונג. דאָ האָט די דאָגמע פון רעליגיעזער היילינקייט געפונען איהר העכסטען אויסדריק. דער פערשוועכען די היילינקייט ברענגט צו זינד; נאָר דורך תשובה און כפרת-עוון ווערט די קדושה ווידער איינגעשטעלט. אַלס מיטלען פאַר כפרת-עוון דינען צוערשט זיכטבאַרע סימבאָלען — קרבנות אין פייערליכע צערעמאָניעס אין בית-המקדש, און דערנאָך — תפלה און אינעווייניגסטע אויסלייטערונג פון דער נשמה.

שבת, וואָס איז לכתחלה איינגעשטעלט געוואָרען אַלס א רוהע-טאָג[10], ווערט אויך איצט א מיטעל צו פערהייליגען די פערזענליכקייט. דער מענש מוז זיך אויס פון אַלע עניני-חול און בעקומט די מעגליכקייט זיך אינגאַנצען אַריינצוטאָן אין גייסטיגע אינטערעסען. פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט האָבען די שטרענגע סיגים און גדרים, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען, בכדי איינצוהיטען שבת-רוה (שבות), געהאַט א גרויסע ערציהערישע בעדייטונג פאַר'ן פאָלק.

דער קולט פון די קרבנות האָט זיך שטאַרק פערברייטערט אין יענער צייט. ס'האָבען עקסיסטירט א סך פערשיידענע מינים קרבנות פאַר פערשיידענע פערזאָנען און צופאַלען. קרבנות פלעגען ווערען געבראַכט פון בהמות, עופות, מעהל, פירות, בוימיל און שמעקענדיגע געווירצען (קטורת). ס'זענען געווען קרבנות, וואָס מען האָט די געדאַרפט אינגאַנצען פערברענען (קרבן-עולה), אויף כפרה פאַר די זינד אָדער פאַר עובר זיין א לאו (חטאת און אָשם), פרידענס-קרבנות (שלמים) וכדומה. מען פלעגט ברענגען פערשיידענע קרבנות אין'ם נאָמען פון גאַנצע געמיינדעס און איינצעלנע פערזאָנען, פריעסטער און מאַנסבילען, ישראלים און כהנים, מענשען פון המון-עם און מיוחס'דיגע לייט[11]. צוויי מאָל אין טאָג,

---

כא—כג) און אין די עלטסטע טיילען פון דער תורה ווערט ניט דערמאָנט וועגען די דאָזיגע צוויי ימים-טובים.

10) אלגעמ. איד. ענציקלאָפּעדיע I, S 97.

11) ויקרא, קאַפּ. א'—ז' און אנד.

אין דער פֿריה און פֿאַר־נאַכט, פֿלעגט מען ברענגען קרבּנות אויפֿן מזבח אין בית־
המקדש אין'ם נאָמען פֿון דער גאַנצער געמיינדע (קרבּן־תּמיד). אום דער וואָכען פֿלעגט
דער „קרבּן־תּמיד“ בּעשטעהן פֿון צוויי יונגע שאָף און אַ בּעשטימטען סכום
מעהל און בּוימל. יום־טוב־צייט פֿלעגט דער דאָזיגער געמיינדע־קרבּן בּעשטעהן
פֿון אַ סך בּהמות, רינדער און שאָף, מיט צוגאָבען[12].

אויף אַזאַ אופֿן איז דער קולט פֿון די קרבּנות, וואָס האָט געהאַט זיינע
וואָרצלען אין די פּרימיטיווע פֿאָרמען פֿון גאָטעסדיענס, געבּליבּען אין רעליגיעזען
לעבּען פֿון די אידען. נאָר די תּורה האָט בּעדייטענד אויסגעלייטערט דעם דאָזיגען
קולט, בּעפֿרייט פֿון דער היידנישער שאָלעכץ און צוגעפּאַסט איהם צו איהר
וועלט־אַנשויאונג. דער קרבּן איז דאָ ניט אַ דירעקטער מיטעל אויף צו געפֿינען
גענאָד אין גאָט'ס אויגען; דאָס איז גיכער אַ מיטעל צו פֿערהייליגען דורך
דעם אוטאָריטעט פֿון דער רעליגיע די וואָכעדיגע לעבּענס־אַקטען. דאָס איז אַ
סימבּאָל פֿון אויסלייטערן און הייליגען דאָס לעבּען, — אַ סימבּאָל, וואָס האָט די
בּעדייטונג פֿון אַן איבּערגאַנגס־שטאַפּעל פֿון די פּרימיטיווע פֿאָרשטעלונגען וועגען
גאָט צו יענע הויכע אידעאַלען פֿון גאָטס־ערקענטעניש און מאָראַלישער קדושה,
וואָס זענען אַזוי העל אַרויסגעשטעלט אין משנה־תּורה און אין דער תּורה
פֿון די נביאים.

קולט און מאָראַל, די אויסווייניגסטע צערעמאָניע און נשמה־ריינקייט
(קדושה) — דאָס זענען די בּעשטאַנדטיילען פֿון דער רעליגיע לויט'ן גייסט פֿון
דער תּורה. אָט די דאָזיגע בּיידע עלעמענטען זענען געוועזן היסטאָריש נויטווענ־
דיג. אויב די יהדות וואָלט בּעשטאַנען נאָר אין די אויסווייניגסטע צערעמאָניעס
אָהן אַ מאָראַלישען אינהאַלט, וואָלט זי געוועזן, ווי אַ גוף אָהן אַ נשמה, און
וואָלט זיך דערנעהנטערט צום היידענטום; פֿערקעהרט, אַ מאָראַל אָהן אויס־
ווייניגסטע צערעמאָניעס וואָלט געבּראַכט דערצו, אַז עס זאָל בּטל ווערען יענע
רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, וואָס האָט פֿעראייניגט דאָס אידישע פֿאָלק
און האָט געשאַפֿען פֿון איהם אַ געשלאָסענע גייסטיגע אַרמעע. די ריין־עטישע
אידעאַלען פֿון די נביאים האָבּען געקאָנט בּעשאַפֿען אַ וועלט־אַנשויאונג פֿאַר
די העכסטע גייסטער; דער פּראַקטישער קאָדעקס פֿון דער תּורה האָט געשאַפֿען
אַ לעבּעדיגע און לעבּענס־פֿעהיגע נאַציאָנאַלע מאַכט, וואָס איז אין שטאַנד איינ־
צושטעלען זיך פֿאַר זיין פֿערזענליכקייט בּיי אַלע אונגינסטיגע תּנאים.

## די ממשלה פֿון די כּהנים און די כּנסת הגדולה.

§ 19. אַזוי ווי די אידישע נאַציע האָט בּעקומען די פֿאָרם פֿון אַ גייס־
טליכער געמיינדע, וואָס ווערט פֿערוואַלטעט לויט די גייסטליכע געזעצען פֿון
דער תּורה, — דעריבּער זענען איהרע אָנפֿיהרער געוואָרען די כּהנים. די טעאָקראַ־

---

12) בּמדבּר, קאַפּ. כ"ח—ל' און אַנד.

טיע האט געמאכט צו א „הירעאקראטיע“ — דאס־הייסט צו א ממשלה פון די כהנים. אין ערשטען יאהרהונדערט פון דער פערסישער איבערהערשאפט בעגעגענט מען נאך אין מלכות־יהודה סיי א וועלטליכע און סיי א גייסטליכע מאכט. לכתחלה שטעהט אויף א גלייכער מדרגה מיט'ן כהן־גדול ישוע דער וועלטליכער פערוואלטער זרבבל, און שפעטער פערשטעלט דער פערוואלטער נחמיה מיט זיין דיקטאטארישער ממשלה אינגאנצען דעם שוואכען אויטאריטעט פון ישוע'ס אייניקעל. נאר נאך נחמיה'ן זעהען מיר שוין ניט קיין וועלטליכע פערוואלטער אידען. דער אפיציעלער איבערשטער איבער'ן פאלק איז דער כהן־גדול אין ירושלים; ער איז דער פערמיטלער צווישען די אידען און דער פערסישער רעגירונג. די כהונה־גדולה געהט איבער בירושה אין דער כהנים־משפחה פון צדוק, וואס צו איהר האט געהערט אויך ישוע[13]. צדוק'ס דינאסטיע (בני־צדוק) פערנעהמט דעם ארט פון דוד'ס קעניגליכער דינאסטיע. די כהנים־גדולים, ווי אמאל די מלכים, ווערען אנגערופען „געזאלבטע“ (כהן משיח אין דער תורה), ווארום זיי ווערען ארויפגעזעצט אויף זייער פאסטען דורכ'ן אקט פון זאלבונג; זיי טראגען א קרוין און א פורפור־מאנטיע.

נאך דער דאזיגער העכסטער מאכט, קומען די עלטסטע אדער חשוב'ע לייט (זקנים), וואס נאך אין עזרא'ס צייטען האבען זיי גענומען אנטהייל אין דער זעלבסטפערוואלטונג. די ירושלמ'ער זקנים זענען געווען, ווי עס ווייזט אויס, די צענטראלע רעגירונג פון לאנד, און אין די פראווינציעלע געמיינדעס זענען די אדמיניסטראציע און דער געריכט געווען אין די הענד פון די ארטיגע זקנים. די עלטסטע האבען זיך גענומען פון די רייהען פון דער העכסטער אריסטאקראטיע, דער וועלטליכער און גייסטליכער.

נאר חוץ דער העכסטער גייסטליכקייט און דער וועלטליכער אריסטאקראטיע, איז געווען נאך א קלאס מענשען, וואס האבען געהאט א בעדייטענדע ווירקונג אויפ'ן גייסטיגען און געזעלשאפטליכען לעבען פון די אידען. דאס זענען געווען די סופרים, וואס האבען ווייטער געפיהרט די ארבייט, וואס עזרא האט אנגעהויבען בנוגע צו דער פאלקס־בילדונג. זייער ווירקונג איז געווען א פועל־יוצא פון יענער גייסטיגער בעוועגונג, וואס האט ארומגענומען געוויסע שיכטען פון דער אידישער געזעלשאפט נאך עזרא'ס רעפארמעס. די עפענטליכע לייענישען פון די כתבי־הקודש האבען דעם פאלק די מעגליכקייט זיך בעוואוסט-

[13] אין דער עפאכע פון דער פערסישער איבערהערשאפט זענען בעקאנט — עטליכע בלויז נאך זייערע נעמען — פאלגענדע כהנים־גדולים פון צדוק'ס משפחה: ישוע בן יהוצדק, זיין זוהן יהויקים, זיין אייניקעל אלישיב, אור־אייניקעל — יהוידע (?), יוחנן, וואס ער רעכענט זיך פאר דעם לעצטענס אייניקעל (§ 17) און יוחנן'ס זוהן ידוע, וואס האט געלעבט אין דער צייט, ווען די פערסישע ממשלה איז געפאלען.

זיינ אַנצואייגענען די יסודות פון זיין אמונה. קענטשאַפט און אַנגעלייענטקייט („קלוגשאַפט", חכמה) זענען צום העכסטען געשאַצט געוואָרען.

די סופרים זענען געאַכט געוואָרען אין דער געזעלשאַפט און האָבען בעקומען א גרויסע מאַכט איבער איהר. צווישען די סופרים האָבען זיך גע-פינען ניט בלויז כהנים, נאָר אויך ישראלים. זיי האָבען געבילדעט אין מלכות-יהודה א פרייע דעמאָקראַטישע גייסטליכקייט, וואָס האָט קאָנקורירט מיט דער אָפיציעלער גייסטליכקייט, מיט די כהנים אין בית-המקדש. וואָס פאַר א ראָל די סופרים האָבען געשפּיעלט אין דער אידישער זעלבסטפערוואַלטונג און בכלל וואָס פאַר אַנ'איינריכטונגען זענען געוואָרען אַרויסגערופען צום לעבען דורך דער דאָזיגער זעלבסטפערוואַלטונג, — וועגען דעם זענען קיין גענויע היסטאָרישע ידיעות ניטאָ. נאָר אין די שפּעטערדיגע תלמודישע קוועלען זענען פערבליבען מסורות, וואָס גיבען א פאָרשטעלונג וועגען דער דעמאָלטיגער רעכטליכער אָרד-נונג אין מלכות-יהודה. הגם די דאָזיגע ידיעות זענען לעגענדאַרישע, פונדעסט-וועגען זענען זיי, ווי עס ווייזט אויס, ניט ווייט פון דער ווירקליכקייט.

די גרויסע פאָלקס-פערזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין עזרא'ס און נחמיה'ס צייטען אויף צו פעראָפענטליכען די תורה, אַלס די געטליכע קאָנסטי-טוציע, האָט איבערגעלאָזען, לויט ווי די טראַדיציעס גיבען איבער, א טיעפען רושם ניט בלויז אין גייסטיגען לעבען פון די אידען, נאָר אויך אין דער אָרדנונג פון זייער זעלבסטפערוואַלטונג. די דאָזיגע אויסעראָרדענטליכע פערזאַמלונג איז אין משך פון דער צייט פערוואַנדעלט געוואָרען אין א שטענדיגער פּערזאַמ-לונג פון פאָלקס-פאָרשטעהער, וואָס איז בעשטאַנען פון 120 ביז 70 מענשען און וואָס האָט געשפּיעלט די ראָל פון א העכסטער געזעצגעבערישער און געריכטליכער איינריכטונג אין לאַנד. בראש פון דער דאָזיגער פערזאַמלונג פון פאָלקס-פאָרשטעהער, גייסטליכע און וועלטליכע, איז געשטאַנען דער כהן-גדול, — צי פאַקטיש אַלס איהר דירעקטער פאָרזיצענדער, אָדער יורידיש, אַלס אָפיציעלער אויבערשטער פון די אידען. די קאָלעגיאַלע איינריכטונג, וואָס האָט זיך געבילדעט אויף אַזאַ אופן, האָט בעקומען דעם נאָמען „גרויסע פערזאַמלונג" (כנסת-הגדולה), און אירע מיטגלידער, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער קענטשאַפט און אינטערנעהמונגס-גייסט זענען מיט א צייט שפּעטער געוועזען בע-וואוסט ביים פאָלק אונטער'ן אַלגעמיינעם נאָמען „אנשי כנסת הגדולה".

אין „פרקי אבות", דער עטישער מסכתא פון תלמוד, ווערט געבראַכט אינם נאָמען פון די אנשי כנסת-הגדולה פאָלגענדע מימרא: „זייט אָבגעהיט אין גע-ריכטליכע ענינים, ערציהט א סך תלמידים און מאַכט א צוים אַרום דער תורה". (הוו מתונים בדין והעמידו תלמידים הרבה ועשו סיג לתורה). אין דער דאָזיגער מימרא זענען אָנגעמערקט די דריי הויפּט-צווייגען פון דער טעטיגקייט פון דער כנסת-הגדולה: די געריכטליכע, ערציהערישע און רעליגיעז-געזעצגעבערישע.

לויט ווי דער תנ"ך דערציילט, איז שוין עזרא צוגעטראָטן צום איינאָרדנען רעגעלמעסיגע בתי-דינים אין מלכות-יהודה; די כנסת-הגדולה האָט, ווי עס ווייזט אויס, פאָרענדיגט די דאָזיגע אַרבייט און האָט אויסגעאַרבייט אַ סך פּראַקטישע ערקלערונגען און הוספות צו די אַלגעמיינע יסודות פון די יורידישע געזעצן, וואָס זענען אָנגעוויזן אין דער תורה. דער צווייטער טעטיקייטס-צווייג פון דער כנסת-הגדולה איז געווען געווענדט אויף צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק די תורה פון דער יהדות. מענשן, וואָס זענען געווען פעהיג צו פאַרשטעהן די תורה, האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן פון די סופרים; און די פאָלקס-מאַסע פלעגט ווערן בעקאַנט מיט די הייליגע ביכער דורך די עפענטליכע לייענישען אויף די פאַרזאַמלונגען. דער דריטער פּונקט פון דער מימרא: „מאַכט אַ צוים אַרום דער תורה", כאַראַקטעריזירט די געזעצגעבערישע טעטיגקייט פון דער כנסת-הגדולה. אַ סך געזעצן פון דער תורה זענען ניט געווען גענוג קלאָר צוליעב דער פּראַקטישער אָנווענדונג, אָדער מען האָט זיי געקאָנט פאַרשיידען אויסטייטשען. חוץ דעם, האָבן מחמת די נייע לעבענס-תנאים, די נייע בירגערליכע און רעליגיעזע פאַרהעלטענישען געמוזט צוקומען ענטשפּרעכענדע הוספות אין דער געזעצגעבונג. ס'איז קיין ספק ניט, אַז ס'האָבן עקזיסטירט אויך אַלטע מסורות שבעל-פה, וואָס האָבן געבילדעט הוספות צו דער תורה שבכתב און פלעגן ווערן אָפּגעהיט און זכרון פון די כהנים און סופרים. די כנסת-הגדולה האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די דאָזיגע מסורות שבעל-פה זאָלן בעקומען די קראַפט פון געזעצן; זי האָט געמאַכט פּירושים אויף די גרונד-געזעצן פון דער תורה לויט די פאָדערונגען פון דער צייט און האָט אַרויסגעגעבן אַלס הוספות צו זיי נייע געזעצן, גדרים וסיגים, כדי אָפּצוהיטען, אַז מען זאָל אויף זיי ניט עובר זיין.

לויט דער טראַדיציע, האָבן סיי די אנשי כנסת-הגדולה, סיי עזרא און די סופרים (דברי סופרים) איינגעפיהרט אַ גאַנצע ריי געזעצן, וואָס האָבן שפּעטער בעקומען אַ וויכטיגע בעדייטונג אין רעליגיעזען לעבען פון די אידען. דורך די דאָזיגע געזעצן איז איינגעשטעלט געוואָרען אַ בעשטימטע אָרדנונג פון יענעם ריין-גייסטיגען גאָטעסדיענסט, וואָס איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט די קרבנות אין בית-המקדש און האָט שפּעטער פאַרנומען זייער אָרט. די תפלות האָבן אין יענער עפּאָכע צוערשט פאַרנומען אַ בעדייטענדען אָרט אין דער רעליגיעזער פּראַקטיק. לויט דער טראַדיציע, האָט מען אין יענער צייט אָנגעהויבן טעגליך צו זאָגען די הויפּט-תפלה שמע ישראל (קריאת-שמע) און די ערשטע פון די „18 ברכות" (שמונה-עשרה) מיט דער „קדושה". אין יענער צייט זענען אויך אויסגעאַרבייט געוואָרען, אַלס הוספות צו דער תורה, די כללים וועגען די מלאכות, וואָס מען טאָר און מען טאָר ניט טון אום שבת, וועגען הגיעניש און סאַניטאַרישער „ריינקייט" (טהרות) וכדומה.

מאיז זעהר מעגליך, אז בנוגע צו די פרטים שטימען ניט די תלמודישע מסורות וועגען דער כנסת-הגדולה מיט דער ווירקליכקייט, און אז די שפּעטערדיגע תקנות האבען די חכמי-התלמוד גערעכענט פאר פריהערדיגע. נאר על-כל פנים איז קיין ספק ניט, אז א העכסטע געזעצגעבערישע אנשטאלט, א מין כנסת-הגדולה, האט געוויס עקזיסטירט דעמאלט אין מלכות-יהודה. אנדערש וואלט די זעלבסטפערוואלטונג פון פאלק ניט מעגליך געווען. ס׳איז אויך קיין ספק ניט, אז חוץ די כהנים און די וועלטליכע אריסטאקראטען, האבען אין דער דאזיגער געזעצגעבערישער פערזאמלונג גענומען אנטהייל אויך די סופרים, אלס געלערנטע יוריסטען. א דאנק דעם, איז די פערוואלטונג פון די כהנים-גדולים אין מלכות-יהודה ניט פערוואנדעלט געווארען אין א הערשאפט פון א געשלאסענער קאסטע פון כהנים, ווי אין אנדערע טעאקראטיעס. מלכות-יהודה איז דעמאלט געווען א גייסטליכע רעפובליק, וואו בעזונדערס הויך איז געשאצט געווארען דער גייסטיגער אריסטאקראטיזם, וואס האט אויך די מיטגלידער פון די נידעריגע קלאסען געעפענט א פרייען צוטריט אין די העכערע געזעלשאפטס-קרייזען. די פאלקס-מאסע איז אלץ מעהר ציוויליזירט געווארען. דערמיט קאן דערקלערט ווערען דער פאקט, וואס די אידישע פאלקס-מאסע, וואס אין עזרא׳ס און נחמיה׳ס צייטען איז זי נאך געווען פאליטיש און גייסטיג אונצייטיג — איז שפּעטער, אין דער צייט פון גריכישער הערשאפט, שוין געווען א שטארקע און גוט דיסציפלינירטע גייסטיגע ארמעע, וואס איז געווען פעהיג זיך אנטקעגענצושטעלען געגען דעם דראנג פון דער העלענישער קולטור.

## דער גייסטיגער און קולטורעלער לעבענס-פיהר.

§ 20. פונקט אזוי ווי די פריוואט-געלעהרטע, די סופרים, האבען קאנקורירט מיט דער אפיציעלער גייסטליכקייט, אזוי האבען אויך די סינאגאגעס (שולען, בתי-כנסיות) קאנקורירט מיטן בית-המקדש. בתי-כנסיות, אין דער געשטאלט פון פריוואטע רעליגיעזע פערזאמלונגען, זענען אויפגעקומען צוערשט אין דער צייט פון גלות-בבל, צווישען די פערטריבענע, וואס האבען ניט געהאט ניט קיין פאטערלאנד און ניט קיין בית-המקדש (§ 2). נאר אפילו נאכדעם, ווי דער בית-המקדש איז ווידער אויפגעבויט געווארען, איז נאך אלץ געווען זעהר גרויס די בעדערפעניש אין רעליגיעזע פערזאמלונגען פאר געמיינדעס אדער קרייזלעך. אין אזעלכע פערזאמלונגען האבען זיך גענויטיגט קודם כל די איינוואוינער פון דער פראווינץ, וואס האבען געקאנט בעזוכען דעם בית-המקדש אין ירושלים נאר זעלטען-ווען, אין די שליש-רגלים. פון דער אנדער זייט, איז דאס פאלק געווארען אלץ מעהר בעוואוסט רעליגיעז, און דעריבער האט עס זיך גענויטיגט אלץ מעהר אין בתי-כנסיות, וואו די מיטגלידער האבען געקאנט ענגער זיך צונויפשליסען אין גייסטיגער הינזיכט, איידער אין בית-המקדש מיט זיין אפיציעלען שטאט כהנים און מיט די גרויסארטיגע לוויים-כארען און מיט די צע-

רעמאָניעס בײַם ברענגען די קרבנות. די בתי־כנסיות זענען דאָס געווען יענע „פֿערזאַמלונגען פֿון די פֿרומע“ (קהל חסידים), וואָס וועגען זײ ווערט אָפֿט דערמאָנט אין תהלים. דאָרט האָט מען ניט נאָר געדאַוונט, נאָר אויך געלערנט. דאָ פֿלעגט מען אין בעשטימטע צײַטען לײענען געוויסע קאַפּיטלעך פֿון דער תורה, און צום שלוס — קאַפּיטלעך פֿון די נביאים (הפֿטורה). דער דאַוונען פֿלעגט בעשטעהן פֿון זינגען רעליגיעזע שירים אָדער קאַפּיטלעך תהלים; דערין פֿלעגט נעהמען אַנאָנטייל דער גאַנצער עולם. ס'איז מעגליך, אַז שוין דעמאָלט פֿלעגט מען זאָגען עטליכע פֿון די צונויפֿגעשטעלטע תּפֿלות, וואָס, לויט דער טראַדיציע, האָט זיי אויסגעאַרבײַט די כנסת־הגדולה (§ 19). די סינאַגאָגעס האָבען, אויף אַזאַ אופֿן, אונטערגעהאַלטען אין פֿאָלק דאָס רעליגיעזע געפֿיהל און האָבען פֿערשפּרייט די קענטעניש פֿון די כתבֿי־הקדש. זיי האָבען געהאַט אין נאַציאָנאַלען לעבען פֿון די אידען אַ גרויסע ערציהערישע בעדײַטונג.

מען מוז משער זײַן, אַז די דעמאָקראַטישע גײַסטליכקײט פֿון די סופֿרים האָט פֿערנומען אין די סינאַגאָגעס און רעליגיעזע קרײַזלעך יענעם אָרט, וואָס די כּהנים פֿון די בני־אַהרן און די לויים האָבען פֿערנומען אין בית־המקדש. די סופֿרים זענען געווען די אמתע לעהרער פֿון פֿאָלק. זיי האָבען זייער קענטשאַפֿט ניט בעהאַלטען, אַזוי ווי די כּהנים, זיי האָבען דערפֿון ניט געמאַכט קיין סתרי־תורה, וואָס אַ פּשוט'ער מענש קאָן דאָס ניט פֿערשטעהן, אדרבה — זיי האָבען געשטרעבט צו פֿערשפּרייטען די קענטענישען אין אַלע פֿאָלקס־שיכטען. אַ דאַנק זיי איז אָפֿטמאָלס ניט געווען צו מערקען קיין אונטערשייד צווישען דער גײַסטליכקײט און די וועלטליכע מענשען. די כתבֿי־הקדש פֿלעגען פֿאַרלײענען פֿאַרן עולם ניט בלויז די ספּעציאַליסטען־סופֿרים, נאָר אויך געוועהנליכע מענשען פֿון עולם.

כּדי צו פֿערגרינגערן די וועלטליכע מענשען צו לײענען די כתבֿי־הקדש, איז אויסגעקומען צו מאַכען פּשוט'ער די אותיות פֿונ'ם אלף־בית. דער אַלטערטימליכער העברעאיש־פֿעניציש'ער כתבֿ איז בעשטאַנען פֿון רונדע און עקיגע אותיות, וואָס זענען געווען זעהר פֿערפּלאָנטערט און ניט בעקוועם צום לײענען. אַנשטאָט דעם דאָזיגען כתבֿ האָט מען אָנגעהויבען צו געברויכען אין יענער צײַט אַ נײַעם קוואַדראַט־ אָדער אַסירישען כתבֿ (כתבֿ־מרובע אָדער אשורי)[14], וואָס צייכענט זיך אויס דערמיט, וואָס די אותיות זײַנע זענען זעהר פּשוט'ע. דער נײַער פֿעראײנפֿאַכטער כתבֿ פֿון אַראַמישען טיפּ האָט צוביסלעכווײַז אַרויסגעשטופּט דעם אַלט־העברעאישען, און דאָס האָט בעדײַטענד גרינגער

14) לויט דער טראַדיציע, האָט עזרא גופֿא אײַנגעפֿיהרט דעם דאָזיגען כתבֿ (תלמוד־בבלי סנהדרין, כ"א—כ"ב). אין דער שפּעטערדיגער צײַט פֿלעגט מען דעם כתבֿ־אשורי געברויכען בײַם שרײַבען ספֿרי־תורות, און אַז עס איז אויפֿגעקומען די בוכדרוקערײַ, איז ער אויך אַריבער, מיט אונבעדײַטענדע שנויים, אין די געדרוקטע ביכער.

געמאכט דעם פאלק זיך וואס מעהר אסימילירן לייענען און שרייבן. נאר די שמרונים האבן אויף שטענדיק בעהאלטן די אותיות פונ'ם אלטן כתב.

די אלטע העברעאישע שפראך פלעגט מען געברויכן דער עיקר אין דער ליטעראטור און ביים גאטעסדינסט. נאר אלס געברויך-שפראך האט זי אין יענער צייט שוין אנגעהויבן אפטרעטן דעם ארט דעם אראמישן דיאלעקט, וואס האט געהערשט אין סיריען און פאלעסטינע. די דאזיגע ערשיינונג איז, ווי עס ווייזט אויס, ארויסגערופן געווארן דורך א לעבנס-נויטווענדיגקייט. אנ-דערש קאן מען זיך ניט ערקלערן, פארוואס די נאציאנאלע שפראך איז אב-געשוואכט געווארן גראד אין יענער צייט, ווען אלע אנדערע נאציאנאלע פאק-טארן אין אידישן פאלק זענען אזוי שטארק געווארן. דער אראמישער דיא-לעקט איז אריבערגעפירט געווארן קיין מלכות-יהודה דורך די שבי-גולה, וואס זענען געקומען פון בבל, נאך אין דער צייט פון ביידע רעסטאווראציעס — פון זרובבל און עזרא. ער האט אויך געדינט אלס די אפיציעלע שפראך ביי די באציהונגען מיט די פערסישע סאטראפן און בעאמטע. די דאזיגע אינטערנאציא-נאלע שפראך פון פאדער-אזיען איז געווען, לסוף, נויטווענדיג אויף צוליעב אונטערהאלטן די האנדעלס-פערבינדונגען מיט די שכנישע פעלקער, וואס האבן גערעדט אראמיש.

אין עזרא'ס און נחמיה'ס צייטן איז צווישן די אידן און די שכנישע פעלקער אויפגעשטעלט געווארן אן אונדורכדרינגליכע וואנט. די אידן האבן געדארפט זיך אפזונדערן, כל-זמן זיי זענען ניט שטארק געווארן אין נאציאנאל-רעליגיעזן זין אויף אזויפיל, אז זיי זאלן זיך ניט צונויפגיסן מיט די ארומיגע פעלקער. נאר שפעטער, אז דאס דאזיגע ציל איז געווארן דער-גרייכט, האט מען אפגעשוואכט די פריהערדיגע שטרענגקייט פון דער אפזונדערונג. די אידן האבן אנגעהויבן צונעהמען צו זיך מיט מעהר חשק פרעמדע, מחמת זיי זענען געווען בעזיכערט, אז די לעצטע, אלס ווייניגער קולטורעלע מענשן, וועלן זיך אסימילירן מיטן אידישן פאלק און ניט פערקעהרט. דער אידי-שער געזעץ האט זיך פערהאלטן זעהר טאלעראנט צו אזעלכע פרעמדע. די אנדערש-גלויביגע פלעגן אפט אננעהמען דעם אידישן גלויבן פרייוויליג, נאר סווערט ניט דערצעהלט פון יענער צייט וועגן דעם, אז מען זאל ווען עס איז האבן געצוואונגען פרעמדע אננעהמען דעם אידישן גלויבן. דורך אזא צוואוקס פון אויס[illegible] איז די בעפעלקערונג פון לאנד יהודה, וואס איז פריהער געווען קליין אין צאהל, ביז אויסגעוואקסן, און אין אנהויב פון דער גריכישער ממשלה האט זי דערגרייכט צו א בעדייטענדער גרייס.

נאר דאס אידישע פאלק האט געוואוינט ניט בלויז אין לאנד יהודה. שוין אין יענער צייט האט עקזיסטירט א צאהלרייכע „דיאספארע“ (גולה, גלותא), דאס הייסט. אידישע געמיינדעס, וואס זענען געווען צעשפרייט אין אנדערע לענ-דער. א סך אידן האבן געוואוינט אין באבילאניען, וואס איז געווען דער

צווייטער רעליגיעזער צענטער פֿון פֿאָלק און האָט אָפֿט געשיקט קיין ארץ־ישראל גרויסע נאַציאָנאַלע טוער. צווישען מלכות־יהודה און באַבילאָניען האָבען עקסיסטירט שטענדיגע פֿערבינדונגען. די באַבילאָנישע אידען פֿלעגען שיקען די אָבצאָהלונגען, וואָס זענען איינגעשטעלט געוואָרען פֿאַרן בית־המקדש אין ירושלים און די פֿרומסטע צווישען זיי פֿלעגען קומען עולה לרגל זיין קיין ירושלים צו שלש־רגלים, בכדי צו נעהמען אַנטייל אין דעם גאָטעסדינסט אין בית־המקדש.

ס'האָבען עקסיסטירט אידישע געמיינדעס אויך אין עגיפּטען און סיריען; נאָר זייערע בעציהונגען צו ארץ־ישראל איז גאָרנישט ניט בעוואוסט ביז דער עפּאָכע פֿון דער גריכישער הערשאַפֿט.

## דער צונויפֿקלייבען און איבערארבייטען די ליטעראַטור.

§ 21. אַלטע מסורות, וואָס זענען פֿערבליבען אין דער אידישער ליטעראַטור[15], דערציילען, אַז אין דער עפּאָכע פֿון עזרא און נחמיה, פֿון די סופֿרים און פֿון דער כנסת־הגדולה, זענען פֿערפֿאַסט געוואָרען, אָדער געבראַכט אין אָרדנונג און רעדאַקטירט, אַ סך ספֿרים פֿון תנ"ך. אין די דאָזיגע טראַדיציעס הערט זיך די מטושטש'ע אָבקלאַנגען פֿון יענער אינטענסיווער ליטעראַרישער טעטיגקייט, וואָס אַ התחלה פֿון איהר האָבען געמאַכט עזרא און די סופֿרים־שול אין V און IV יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג. בכלל שטימען איין כמעט די אַלטע מסורות מיט די מסקנות פֿון די נייע ווינסענשאַפֿטליך־קריטישע פֿאָרשונגען. ביז גלות־בבל זענען מעהר ניט געווען בעזונדערע, ניט צונויפֿגעבונדענע שטיקער פֿון תנ"ך: די היסטאָרישע טיילען בעזונדער, די געזעצגעבונג בעזונדער, און די ספֿרים פֿון די נביאים בעזונדער[16]. אין משך פֿון יאָהרהונדערטען זענען אַנגעוואַקסען אַלץ מעהר כתבים, און צווישען די פֿערטריבענע אין בבל האָט זיך בעוויזען אַ שטרעבונג זיי צונויפֿצוקלייבען (§ 3). בעזונדערס אַ סך האָט אויפֿגעטאָן עזרא אינ'ם צונויפֿקלייבען און פֿעראייניגען די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, און דערנאָך איז די זאַך רעגעלמעסיג אָרגאַניזירט געוואָרען דורך די סופֿרים, וואָס נאָך זיין צייט.

אַ בעדייטענדער טייל פֿון דער ביבלישער ליטעראַטור איז געוואָרען איבערגעאַרבייט און געבראַכט אין אָרדנונג אין דער עפּאָכע פֿון דער פּערסישער אויבערהערשאַפֿט. די רעדאַקציע פֿון די סופֿרים האָט פֿעסטגעשטעלט די ענדגילטיגע פֿאָרם פֿון אַ סך ביכער, אַזוי אַז אין די שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטען זענען מעהר ניט געמאַכט געוואָרען קליינע שנויים. ביים רעדאַקטירען די תורה,

---

15) השמונאים ב׳, קאַפּ. ב׳, 13—14; תלמוד־בבלי, בבא בתרא ט"ו; שרים ל"ז און אנדערע.

16) אלג. איד. געשיכטע I, 88, 96, 109, 111.

האָט מען גענומען אין באַטראַכט יענעם טייל (דעם ספר תורת-כהנים), וואָס עזרא האָט באַאַרבייט און פערעפענטליכט (§ 18).

די רעדאַקטאָרען האָבען אַריינגעשטעלט אינ'ם טעקסט פון די עלטסטע טיילען פון דער תורה הוספות און ערקלערונגען, וואָס האָבען בעלויכטען די פאַקטען אינ'ם גייסט פון נייעם רעליגיעזען רעזשים. למשל, איז געשריבען, אז שוין אין „אוהל-מועד“, אין דעם לעגענדאַרישען וואַנדער-פעריאָד פון דער אידישער געשיכטע, האָבען די כהנים פערנומען דעם ערשטען אָרט. די שפּעטערדיגע תקנות וועגען דעם, ווי אַזוי אָפּצוהיטען שבת און יום-טוב, די כללים פון ריינקייט און „קדושה“ האָט מען פאַרגעשטעלט אַזוי, ווי זיי וואָלטען געווען איינגעפירט שוין פון אַלטע צייטען אָן. דערצו פלעגט מען ברענגען בייספּיעלען פונ'ם לעבען פון די אבות פון דער אידישער נאַציע. אויף דעם זעלביגען אופן זענען אויך רעדאַקטירט אַלע כראָניקען-ביכער, וואָס בעציהען זיך צו דער צייט, ווען כנען איז איינגענומען געוואָרען, צו דער צייט פון די שופטים און מלכים. מען האָט אַריינגעטראָגען אַהין אַ שטרענגען היסטאָרישען פראַגמאַטיזם, לויט וועלכען די פּערזאָנען און געשעהענישען זענען אָבגעשאַצט לויט די פּרינציפּען פון דער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער אָרדנונג, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין דער עפּאָכע פון די סופרים. שמואל הנביא, למשל, בשעת ער טאַדעלט דעם פערלאַנג פון די בני-ישראל אויסצוקלייבען פאַר אַ קעניג אַ קריגס-מאַן, זאָגט זיך אַרויס אינ'ם גייסט פון דער טעאָקראַטישער רעפּובליק, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרען אין מלכות-יהודה נאָך עזרא'ס און נחמיה'ס צייטען.

אין דער עפּאָכע, וואָס ווערט דאָ בעשריבען, איז געמאַכט געוואָרען אַ פּרוּב צו פערפאַסען אַ נייע געשיכטע פון די מלכים פון יהודה און ישראל, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די אָנשויאונגען, וואָס האָבען דעמאָלט געהערשט. אין די צווי ביכער „דברי-הימים“ ווערט דערצעהלט די געשיכטע פונ'ם אידישען פאָלק פון שאול'ס צייט ביז'ן סוף פון גלות-בבל; פאַר דער דאָזיגער ערצעהלונג געהט אַ לאַנגער סדר-הדורות פון די שבטים פון ישראל און פון די פאַמיליען-גרופּען פון די עלטסטע צייטען אָן. דער מחבר פון „דברי-הימים“ האָט איבערגעאַרבייט די ספרים „מלכים“ און אַנדערע אַלטע כראָניקען, וואָס זענען צו אונז ניט דערגאַנגען. אין זיין בעשרייבונג זוכט ער שטענדיג אַרויסצושטעלען „יהודה“ העכער פאַר „ישראל“; ער דערמאָנט שטענדיג צום גוטען די געזעצליכע דינאַסטיע דוד'ס, און טאַדעלט די מלכים פון די עשרת-השבטים; אויפ'ן ערשטען פּלאַץ שטעלט ער אַרויס די כהנים פון בית-המקדש און בכלל בעאַרבייט ער דעם מאַטעריאַל לויט זיינע איבערצייגונגען. דעם גרעסטען טייל פונ'ם ספר „דברי-הימים“ פערנעהמען לעגענדעס און שטראָף-רייד, בלויז דער קלענערער טייל גיט איבער היסטאָרישע געשעהענישען. לויט זיין כאַראַקטער איז דער ספר „דברי-הימים“ אַ מין פּירוש אָדער מדרש אויף ספר „מלכים“.

אין דערזעלביגער צייט זענען אויך פערפאַסט געוואָרען די לעצטע, לויט

דער כראָנאָלאָגישער אָרדנונג, ביבלישע כראָניקען — די ביכער „עזרא" און „נחמיה". כאָטש מעגליך, אַז אויך די דאָזיגע צוויי ספרים האָט פֿערפֿאַסט דער מחבר פֿון ספר „דברי־הימים". די לעצטע דריי ביכער זענען ערשט אין דער שפּעטערדיגער צייט אַריינגענומען געוואָרען אין תנ"ך און שטעהען דאָרט צום סוף.

די רעדאַקטירונג פֿון די כתבים פֿון די נביאים איז באַשטאַנען, דער עיקר, דערין, וואָס מען האָט פֿון די רעדעס פֿון איטליכען נביא באַזונדער געמאַכט אַ באַזונדערן ספר. אין יענעם פֿאַל, ווען דער מחבר איז ניט געווען באַוואוסט, האָט מען אַריינגעשטעלט זיינע רעדעס אינ'ם ספר פֿון אַנ'אַנדערן אַ באַוואוסטען נביא (למשל, דער צווייטער טייל פֿון ספר „ישעיה" און ספר „זכריה"). חוץ דעם, האָט מען אויסגעגליכען און פֿערריכט דעם טעקסט פֿון די נביאים'ס רעדעס, פֿונאַנדערגעטיילט דעם מאַטעריאַל אין קאַפּיטלען, וואָס מען פֿלעגט אַוועקשטעלען אין אַ געוויסען סדר, לויט'ן אינהאַלט אָדער לויט דער כראָנאָלאָגיע.

אויף אַזאַ אופֿן זענען בערך אין IV יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, צונויפֿגעשטעלט געוואָרען און געבראַכט אין אָרדנונג די ערשטע דריי אָבטיילונגען פֿון תנ"ך. די ערשטע אָבטיילונג איז באַשטאַנען פֿון די פֿינף חומשים (חמשה חומשי תורה). די צווייטע ענטהאַלט די כראָניקען־ביכער: יהושע, שופֿטים, שמואל און מלכים (די טראַדיציאָנעלע „נביאים ראשונים"). אין דער דריטער אָבטיילונג זענען אַריין די ספרים פֿון די נביאים (נביאים אחרונים), וואָס זענען געגאַנגען אין פֿאָלגענדען סדר: ישעיה, ירמיה, און יחזקאל, דער־נאָך די 12 קליינע ספרים פֿון די נביאים פֿון יהודה און ישראל (תרי עשר): הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפֿניה, חגי, זכריה, מלאכי.

אויב מען זאָל אורטיילען לויט די באַמערקונגען, וואָס מיר געפֿינען אין די פֿאַרהאַנענע ביכער, ווייזט אויס, אַז אַ כך אידישע שריפֿטליכע ווערק זענען פֿערלאָרען געגאַנגען דערפֿאַר, וואָס מען האָט זיי ניט אַריינגענומען צווישען די „כתבי־הקדש", מחמת זייער אינהאַלט איז מעהר אַ וועלטליכער, איידער גייסטליכער. עטליכע זענען געוואָרען אַריינגענומען אַהין ערשט שפּעטער, בשעת עס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרען די לעצטע אָבטיילונג פֿון תנ"ך, וואָס איז באַוואוסט אונטער'ן נאָמען כתובים.

אויף אַזאַ אופֿן איז דאָס אַלץ, וואָס איז פֿערבליבען אין די ערשטע אָבטיילונגען פֿון תנ"ך אונטער'ן נאָמען „תורה און נביאים", אַ רעשט פֿון דער גייסטיגער שאַפֿונג פֿונ'ם אידישען פֿאָלק אין משך פֿון אַ גאַנצער ריי יאָהרהונדערטען. דער פֿערדינסט פֿון די מסדרים באַשטעהט דערין, וואָס זיי האָבען קאַפּיטאַליזירט דעם דאָזיגען גאַנץ־געבליבענעם גייסטיגען רייכטום, וואָס איז דער־נאָך געוואָרען אַ קוואַל פֿון באַלעהרונג פֿאַר דער מענשהייט. פֿאַר'ן אידישען פֿאָלק אָבער האָט דער צונויפֿשטעלען און אָרדנונג ברענגען זיין ליטעראַטור געהאַט אומבערעכענבאַרע פּועל־יוצאים. פֿון דעמאָלט אָן ווערט די יהדות פֿאַר אַ כך מענשען ניט אַ זאַך, וואָס אין איהר מוז מען בלויז גלויבען, נאָר אַ מקור

פון ערקענטעניש, פון פארשונג. אויף איין מדרגה מיט דער רעליגיעזער פרומקייט שטעהט די רעליגיעזע וויסענשאפט. ניט דער כהן האט געפיהרט דאס גייסטיגע לעבען פון פאלק, נאר די תורה, וואס ענטהאלט אין זיך דן כללים פון קולט, דן סאציאלע געזעצגעבונג, דן אנ'ערהאבענע סיסטעם פון מאראל, דן היגיענע, דן פילאזאפיע. די יהדות שלעפערט ניט איין דעם געדאנק, נאר זי וועקט איהם. דערפון נעהמט זיך יענע ניט-געוועהנליכע אינטעלעקטועלע קראפט, יענע גייסטיגע ענערגיע, וואס איז שפעטער, אין משך פון יאהרהונדערטען, געווען דער סימן-מובהק פון דער אידישער נאציע.

### די רעליגיעזע ליריק.

§ 22. די געבילדעטע אידען פאר דער צייט, וואס ווערט דא בעשריבען, האבען ניט נאר צונויפגעקליבען און אויסגעפארשט די אלטע ליטעראטור. אבהיטענדיג די פרוכטען פון זיין פריהערדיגער שאפונג, אויסנוצענדיג די אינטעלעקטועלע רייכטימער, וואס די פריהערדיגע דורות האבען בעשאפען, — האט דאס פאלק געשאפען אויך נייע גייסטיגע ווערטען. דער אידישער זשעני האט אלץ ווייטער געשאפען, הגם אין אנאנדער פארם, ווי פריהער. דעם ארט פונ'ם נביא פערנעהמט איצט דער געלעהרטער, פאעט און חכם. די געלעהרטע אדער יוריסטען — דאס זענען געווען די סופרים, וואס וועגען זיי איז גערעדט געווארען אויבען. די פאעזיע און די פילאזאפיע האבען שטענדיג א רעליגיעזען אינהאלט. נאר אמאל שטייגען זיי איבער די גרעניצען פון דער רעליגיע אדער, ריכטיגער געזאגט, זיי פערברייטערן די דאזיגע רעליגיע ביז צו א וועלט-אנשויאונג, וואס נעהמט אלצדינג ארום.

א לירישע שטימונג איז פון שטענדיג אן געווען א סימן מובהק פון דער אידישער שאפונג. די דרשות פון די נביאים זענען געווען דורכגעדרונגען מיט א ליידענשאפטליכען ליריזם; דאס זענען געווען בעגייסטערטע פאעטישע רעדעס, וואס זענען אמאל שטראפענדע און דערצארנטע, אמאל ערמוטיגענדע, פול מיט רירענדע נחמות. בשעת די פאליטישע מהומות, וואס האבען געהערשט אין דער עפאכע פון די מלכים, האבען זיך איינגעשטילט, און דאס קעניגרייך יהודה איז פערוואנדעלט געווארען אין א גייסטליכע רעפובליק, איז די לירישע שאפונג אריבערגעטראגען געווארען פון סאציאלען און פאליטישען געביט אין געביט פון ריינער רעליגיע, אינדיווידועלע געפיהלען און געדאנקען.

אין דער צייט פון בית-שני האט בעזונדערס געבליהט יענער מין פון רעליגיעזער ליריק, וואס אויפגעקומען איז ער אין א פריהערדיגער צייט[17]. דער גרעסטער חלק פון די מזמורים, וואס זענען אריין אין ספר „תהלים", איז פערפאסט אינ'ם פעריאד פון דער פערסישער ממשלה און אין דעם פעריאד, וואס גלייך דערנאך, בשעת די גריכען האבען פערנומען די איבערהערשאפט. די דאזיגע

17) דארט גופא, § 109.

איינענאַרטיגע רעליגיעז-פּאָעטישע שאַפונג האָט זיך ענטוויקעלט און פאַרשטאַרקט אין יענער צייט, דער עיקר, מחמת דעם, וואָס אַ בעזונדערע בעדייטונג האָבען בעקומען די תפלות און די בתי-כנסיות, אַלס אַ הוספה צום קולט פון די קרבנות אין צום בית-המקדש. פאַר די מאמינים איז עס געוואָרען אַ בעדערפעניש איסצוגיסען זייער האַרץ אין יענע „פערזאַמלונגען פון די פרומע", וואָס זענען געווען פעראייניגט ניט אַזוי דורך דער אויסווייניגסטער צערעמאָניע, ווי דורך דער אינעווייניגסטער שטימונג.

אין דער פרייהייטליכער אידישער טעאָקראַטיע, וואו עס האָט געהערשט דער געטליכער געזעץ, האָט מען געדינט צו גאָט, אַלס צו יענער העכסטער מאַכט, וואָס איז אַנשטאָט פאַר דעם פאָלקס שטאַרקייט. ניט אַ קעניג, ניט אַ קריגס-הויפּט-מאַן, ניט אַ העלד, נאָר גאָט איז דער פיהרער פון ישראל; אַ נאַציע, וואָס שטיצט זיך אויף אַזאַ גייסטיגען יסוד, רעכענט זיך פאַר אונפערטיליגבאַר. פאָלגענדער קאַפּיטעל תהלים איז מעהר אַ נאַציאָנאַלער, איידער אַ רעליגיעזער הימן:

אונזער שוץ, אונזער שטאַרקייט איז גאָט,<br>אונז צו העלפען אין ענגשאַפט בעריים;<br>ווען די ערד ווערט צעטרייסעלט — מיר האָבען ניט מורא,<br>ווען די בערג פאַלען איין אין דעם האַרצען פון ים.<br>זאָלען ברומען און שטורמען די וואַסערען זיינע,<br>פון זיין גרויסקייט די בערג זאָלען ציטערן כלה!<br>אָט דער טייך, וועמענס שטראָמען גאָטס שטאָדט מאַכען פרעהען,<br>וואו דעם איבערשטענס הייליגע וואוינונגען שטעהען.<br>און אַז גאָט איז אין איהר, דעמאָלט וועט זי ניט פאַלען;<br>אַז דער מאָרגען וועט קומען, וועט גאָט איהר דאַן העלפען.<br>פעלקער ברויזען, געפאַלען די קעניגרייכען זענען.<br>ס'האָט ערקלונגען זיין שטים — איז צעגאַנגען די ערד.<br>גאָט צבאות איז מיט אונז, אונזער שילד — יעקב'ס גאָט.

(תהלים קאַפּ. מ"ו)

פון דעם דאָזיגען נאַציאָנאַלען הימן קאָן מען זעהן, אַז דער איד איז טיעף איינגעגלויבט, אַז זיין פרייהייטליכע טעאָקראַטישע רעפּובליק געפינט זיך דירעקט אונטער גאָט'ס השגחה, וואָס וועט זי היטען און שיצען, ווען אַפילו אַלע קעניגרייכען און פעלקער זאָלען אונטערגעהן. אַ בירגער פון אַזאַ רעפּובליק דאַרף האָבען ניט אַ קריגערישען מוט, נאָר אַ גייסטיגע קראַפט, דאַרף האָבען די געוועהר פון גלויבען און געדאַנק:

גאָט איז מיין ליכט און מיין הילף, פאַר וועמען האָב איך מורא?<br>גאָט איז מיין לעבענס-שוץ, פאַר וועמען האָב איך זיך צו שרעקען?<br>אַז שלעכטע מענשען וועלען זיך צו מיר דערנעהנטערן, צו עסען מיין פלייש,

מײַנע בעדריקער און פֿײַנד — זיי שטרויכלען און פֿאלען.
אויב סזועט מיך א מחנה בעלעגערן, וועט מײַן הארץ זיך ניט שרעקען;
אויב סזועט א קריג אויף מיר אויפֿשטעהן — אויך דאן בין איך זיכער.
איינס בעט איך בײַ גאט, דאס איז מײַן בקשה:
צו זיצען אין גאטס הויז מײַן גאנץ לעבען לאנג,
צו זעהן די שענקייט פֿון גאט און בעזוכען זײַן טעמפעל.
ער וועט מיך אין זײַן ביידעל בעהאלטען אין אונגליקסטאג,
פֿערבארגען מיך וועט ער טיעף אין געצעלט זײַנעם...

(תהלים, קאפ. כ"ז)

א גײַסטיגע השלמה ווערט דערגרייכט דורך א רעליגיעזער טיעפער בעטראכטונג (הסתכלות), דורך פֿערטיעפֿען זיך אין דאס געטליכע ווארט. די ליעבע צום ספר האט געפֿונען איהר אויסדרוק אין פֿאלגענדע פסוקים:

גאטס תורה איז גאנץ, זי ערקוויקט די נשמה,
גאטס געבאט איז אמת, עס מאכט קלוג דעם נארען.
גאטס בעפֿעהלען זענען גערעכט, זיי דערפֿרעהען דאס הארץ.
גאטס געזעץ איז קלאר, ער דערלײַכט די אויגען.

איינפֿאכקייט און ערליכקייט — דאס איז דער אידעאל פֿון א פֿרומען אידען. ניט צו פֿרעהליכע מאלצײַטען און תענוגים שטרעבט ער, נאר צו שלום-בית, צו ארבײַט און צו ריינער ליעבע:

וואויל איז צו דעם, וואס דיענט גאט, וואס געהט אין זײַנע וועגען!
די מיה פֿון די הענד טוסטו עסען, וואויל און גוט איז צו דיר!
דײַן פֿרוי, ווי א פֿרוכטבארער ווײַנשטאק אין דײַן הויז;
דײַנע קינדער, ווי איילבערטען-צווייגען ארום דײַן טיש.
אזוי איז געבענשט א גאטספֿארכטיגער מאן!

(תהלים, קאפ. קכ"ח)

די פערזענליכע מאטיווען אין דער אידישער ליריק זענען ענג פֿערבונדען מיט די נאציאנאלע. דער עבר פֿון דער אידישער נאציע, איהר גרויסקייט און פֿאלען, איהרע פֿריידען און לײַדען זענען דא געשילדערט אין העלע פאעטישע בילדער און מיט א טיעפֿען געפֿיהל. דער אידעאל פֿון דער נאציאנאלער אויפֿלעבונג גיסט זיך צונויף מיט דער פֿארשטעלונג וועגען א שטארקער און זיכערער גײַסטליכער רעפובליק. די מחברים פֿון די קאפיטלען תהלים דערמאנען זיך מיט הארצקלעמעניש וועגען דער גלענצענדער בליהונגס-צײַט פֿונ'ם הויז דוד, נאר אין זייערע חלומות וועגען דער צוקונפֿט מאלט זיך זיי ניט די איבערהערשאפֿט פֿונ'ם קעניג, נאר די איבערהערשאפֿט פֿון פֿאלק. די נאציע און דאס פֿאטערלאנד, ישראל און ציון — אט וואס עס בעפֿליגעלט זייער בעגײַסטערונג. דער פראדוקט פֿון דער דאזיגער בעגײַסטערונג זענען יענע „לידער פֿון די טרעפ" (שירי המעלות, תהלים, קאפ. ק"כ—קל"ד), וואו עס שפיגעלט זיך אפ

סײַ די פּאַטריאָטישע שטימונג פון די אידען, וואָס קערען זיך צוריק פון בבל, סײַ די איפּרעגונג פון די בויער פון בית־המקדש אין ירושלים, כּדי די באַגײַסטערונג פון די דאָרפס־אײַנוואוינער, וואָס געהען אויף די שלש־רגלים קיין ירושלים:

איך פרעה זיך, אַז מען זאָגט מיר, לאָמיר געהן אין גאָטס הויז!
געשטאַנען זענען אונזערע פיס בײַ דײַנע טויערן, ירושלים, —
ירושלים, וואָס איז געבויט, ווי אַ שטאָדט,
וואָס אין איהר זענען אינאײנעם בעהעפט (די הײַזער);
אַהין זענען געגאַנגען די שבטים, די שבטים פון גאָט,
די פאָרשטעהער פון ישראל, צו דאַנקען גאָטס נאָמען.
דאָרט זענען געשטאַנען די שטולען פון געריכט, די שטולען פון הויז דוד.
ווינשט פריעדען ירושלים, זאָלען גליקליך זײַן די, וואָס האָבען דיך ליעב;
זאָל זײַן שלום אין דײַנע מויערן און רוה אין דײַנע פּאַלאַצען!
פון מײַנע ברידערס און גוטע פרײַנדס וועגען זאָג איך: שלום צו דיר;
פון וועגען אונזער גאָטס הויז ווינש איך דיר אַל דאָס גוטס"
(תהלים, קאַפּ. קכ"ב)

סײַ די פערזענליכע, סײַ די נאַציאָנאַלע מאָטיווען האָבען אין דער דעמאָלטיגער פּאָעזיע אַ רעליגיעזע בעפאַרבונג; נאָר דאָס פערטיעפט נאָך דאָס געפיהל און בעפליגעלט דעם געדאַנק. דאָ דערהויבט זיך דער גײַסט צו אַ גײַטערגרײַכבאַרער הויך. די פּאָעזיע ווערט רעליגיע, און די רעליגיע פּאָעזיע און אַפילו פילאָזאָפיע. דאָס איז בעזונדערס צו זעהן אין די לירישע נאַטור־בעשרײַבונגען, וואָס צו זיי איז קײַן גלײַכען ניטאָ אין דער גאַנצער אַלטער ליטעראַטור. דער קאַפּיטעל ק"ד איז אַנעררדאַבענער הימן דער נאַטור, וואָס ענטהאַלט אין זיך סײַ די פערגעטערונג פון דער רעליגיע, סײַ דעם צויבער פון דער פּאָעזיע, סײַ די טיעפקײַט פון פילאָזאָפישען פאַנטעזיום:

גאָט הילט זיך אײַן אין ליכטיגקײַט, ווי אין אַ קלייד, שפּרייט אויס
די הימלען, ווי אַ טעפּיך;
ער בויט אין די וואַסערן זײַנע וואוינונגען, ער מאַכט די וואָלקען פאַר
זײַן רײַטוואָגען
און טראָגט זיך אויף די פליגלען פונ'ם ווינד.
ער מאַכט פאַר זײַנע שלוחים די ווינטען, פאַר זײַנע דיענער — דעם
פלאַם־פײַער.
ער האָט בעפעסטיגט די ערד אויף איהרע גרונדפעסטען, אום זי זאָל
אייביג פון אָרט זיך ניט ריהרען.
דעם אָבגרונד האָסטו מיט אַ קלייד בעדעקט, אויף די בערג שטעהען
וואַסערן,
פון דײַן געשרײַ לויפען זיי, פון דײַן דונער־שטים אײַלען זיי;

זיי שטייגען אויף די בערג, זיי נידערן אין די טאָלען, אינם אָרט,
וואו דו האָסט זיי בעשטימט.

אַ גרענעץ האָסטו געמאַכט, זיי זאָלען ניט אַריבער און פֿערפֿלייצען
די ערד.

ער לאָזט פֿליסען די קוואַלען צו די טייכלעך, צווישען די בערג געהען זיי;

זיי טרענקען אַן אַלע חיות פֿון פֿעלד, די ווילדע שטילען זייער דאָרשט.

איבער זיי רוהען די פֿייגלען פֿון הימעל, פֿון צווישען די צווייגען לאָזען
זיך הערען זייערע שטימען...

עס זעטיגען זיך גאָטס בוימער, די צעדערן פֿון לבנון, וואָס ער האָט
געפֿלאַנצט;

וואו דאָרט בויען די פֿייגעל נעסטען, דער בוטשאַן האָט אויף ציפּרע-
סען-ביימער זיין הויז.

די הויכע בערג — פֿאַר די אינדען, די פֿעלזען — אַ שוץ פֿאַר די קראָליקעס.

ער האָט בעשאַפֿען די לבנה צוליעב די צייטען, די זון ווייס איהר
אונטערגאַנג.

ער מאַכט פֿינסטער, סוועט נאַכט — דאַן ווידעמען זיך אַלע חיות פֿון
וואַלד.

די טיגערן שרייען נאָך רויב, בעטען ביי גאָט זייער שפּייז;

שיינט אויף די זון — און זיי פֿערשווינדען און לאַגערן אין זייערע
הייהלען.

סגעהט אַרויס דער מענש צו זיין אַרבייט און צו זיין דיענסט ביז
אויף דער נאַכט.

ווי גרויס זענען דיינע ווערק, אָ גאָט! אַלע האָסטו מיט קלוגשאַפֿט
בעשאַפֿען,

פֿול איז די ערד מיט דיינע בעשעפֿענישען!...

## די רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע.

§ 23. אינאיינעם מיט דער טיפֿער פּאָעזיע פֿון תהלים, בעווייזט זיך
אויך אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור אַ רעליגיעז-פֿילאָזאָפֿישע ריכ-
טונג. דער רעליגיעזער געוויסען איז נאָך ניט ביי אַלעמען געווען רוהיג. אַנדערע
האָבען געמאַטערט ספֿקות און ניט פֿערענטפֿערטע פֿראַגען. אין תנ״ך איז פֿער-
בליבען ניט בלויז דער הימן פֿון דעם טריומפֿירענדען גלויבען, נאָר אויך דער
געשריי פֿון די קטני-אמונה, פֿון די צווייפֿלער, וואָס זוכען דעם אמת.

די יהדות איז געווען געגרינדעט אויף דער דאָגמע, אַז גאָט איז שטרענג
גערעכט, אַז ער צאָהלט אימליכען נאָך זיינע פֿערדיענסטען, — און פֿונדעמט-
וועגען איז געווען אַזאַ פּונקט, וואו די דאָזיגע דאָגמע האָט, אין פֿלוג, אָנ-
געוואָרען איהר קראַפֿט. די אַלטע אידען האָבען געהאַט ניט אַ מיסטישע,

נאָר אַ קאָנקרעטע פֿאָרשטעלונג וועגן „שכר ועונש“. אין יענער צייט זענען זיי געווען נאָך ווייט פֿון די באַגריפֿן וועגן עולם־הבא, וועגן יענער וועלט. און זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז דער שכר אָדער עונש קומט פֿאָר אין קאָנקרעטע פֿאָרמען, נאָך אויף דער וועלט. אַ צדיק האָט, לויט דער שטה פֿון דער אַלטער יהדות, באַדאַרפֿט זיין גליקליך, מאַטעריעל אָדער גייסטיג, אין פּריוואַטלעכן, פֿאַמיליען־ אָדער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן; אַ רשע אָבער, וואָס איז עובר אויף די געטלעכע געבאָטן, האָט באַדאַרפֿט ליידן אין דער אָדער יענער פֿאָרם.

די העכערע גייסטער, וואָס זענען מסוגל צו באַנעמען, אַז גליק און ליידן זענען נאָר רעלאַטיווע באַגריפֿן, האָבן נאָך געקאָנט תופֿס זיין די דאָזיגע שטה און צונויפֿפּאַסן זי, דורך אַבסטראַקטע טעאָלאָגישע פּירושים, מיטן יסוד פֿון דער געטלעכער גערעכטיגקייט. נאָר פֿאַר מענשן, וואָס טראַכטן פּראַקטיש, איז געווען באַשיינפּערלעך, אַז די דאָזיגע שטה שטייט אין אַ סתירה מיט דער ווירקלעכקייט. אין דער ווירקלעכקייט זענען געווען אַ סך פֿאַלן, ווען דער צדיק האָט געליטן צרות, און דער רשע האָט געלעבט גוט (צדיק ורע לו, רשע וטוב לו), — און אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגן זיך איבערחזרן ניט בלויז אינעם גורל פֿון איינצעלנע יחידים, נאָר אויך פֿון גאַנצע קיבוצים, שטאַנדן, אַפֿילו נאַציעס. דאָ שטייט אויף נאַטירלעכערווייז די פֿראַגע: וווּ איז דאָ דער געטלעכער יושר? וווּ איז דער שכר לויט די פֿאַרדינסטן? אויב ס'וואָלט יעמאָלט עקזיסטירט דער באַגריף וועגן עולם־הבא, איז דאַן וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז דער שכר איז אָנגעגרייט אויף יענער וועלט; נאָר די ביבלישע יהדות האָט אָנערקענט, אַז דער שכר דאַרף אָפּגעצאָלט ווערן אויף דער וועלט. מחמת דעם איז געבליבן אַ „תיקו“, אַ קשיה אָן אַ תירוץ, וואָס האָט פֿאַרטומלט אָפֿט דעם געוויסן פֿון די מאמינים. די פֿראַגע: „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו“, האָט געפֿינען אַן אָפּקלאַנג אַפֿילו אין תהלים, וווּ דער מאמין דריקט אויס זיינע ספֿקות אין פֿאָלגנדע ווערטער:

„איך זעה דעם גליק פֿון די רשעים: זיי האָבן קיין ליידן ניט ביים טויט, און (ביים לעבן) זענען זיי געזונד און שטאַרק. וווּ מענשן האָרעווען, זענען זיי ניטאָ, און אינאיינעם מיט מענשן ווערן זיי ניט געפּלאָגט. דערפֿאַר האָט זיי אַ האָפֿערדיגקייט אַרומגעכאַפּט... זיי דערהייבן קעגן הימעל זייער מויל, און זייער צונג גייט איבער דער ערד. און דאָס פֿאָלק טראַכט: צי ווייס גאָט, צי האָט דער אויבערשטער אַ פֿאַרשטאַנד? וואָרום אָט די דאָזיגע רשעים זענען גליקליך אויף דער וועלט און האָבן דערגרייכט צו שטאַרקייט. הייסט עס (זאָגט דער צדיק), נאָר אומזיסט האָב איך מיין האַרץ געלייטערט און געוואַשן אין ריינקייט מיינע הענט, אויב אַלע טאָג בעקום איך פּלאָגן און אַלע מאָרגן — שטראָף... און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, כדי דאָס צו פֿאַרשטיין,

נאָר סדאַט זיך מיר איינגעוויזען שווער,— ביז וואַנען איך בין אַריין אין גאַנצע הייליגטום און האָב בעטראַכטעט זייער (די רשעים׳ס) סוף. זיי האָט זיי נאָר אויפגעשטעלט אויף אַ גליטשיגען אָרט, בכדי זיי צו וואַרפען אין פערדאַרבעניש. ווי זענען זיי אין איין כהרף-עין פערוויסט געוואָרען, פערשוואונדען, פערטיליגט פון שרעק!... אַז מיין האַרץ האָט געקאָכט און מיינע אינעווייניגסטע האָט זיך געריסען, דאַן בין איך געווען אונוויסענד און האָב ניט פערשטאַנען, בין געגליכען געווען צו אַ בהמה פאַר דיר. פון איצט אָן בין איך שטענדיג נעבען דיר, דו האַלטסט מיך פאַר מיין רעכטע האַנד. דו פיהרסט מיך מיט דיין עצה און וועסט מיך פיהרען צו רוהם. וועמען דאַרף איך אויפ׳ן הימעל? גלייך מיט דיר וויל איך קיינעם ניט אויף דער ערד! אַז מיין קערפער און האַרץ גערט אויס, ביזטו אַליין, אַ גאָט, מיין שוץ אויף אייביג״ (קאַפּ. ע״ג).

דאָ בעריהרט דער צווייפלער זיין רעליגיעזען געוויסען דורך אַ טעאָלאָגישען און פסיכאָלאָגישען אַנאַליז, וואָס ברענגט אידם צו דער איבערצייגונג, אַז ניט די אויסווייניגסטע לאַגע פונם מענשען שאַפט דעם גליק, נאָר דער אינעווייניגסטער בעוואוסטזיין. נאָר אַזאַ בעריהרונג איז ניט אַלע מאָל גרינג צו בעקומען. דאָס בעווייזט דער ספר „איוב״, אַ טיעפזיניגעס מאָראַל-פילאָזאָפישעס בוך, וואָס איז געשריבען אין דער פאָרם פון דיאַלאָגען (שמועסען) און וואָס אין שפּעטערדיגער צייט איז ער אַריינגענומען געוואָרען צווישען די כתבי-הקודש[18].

איוב איז אַנאַמאָת פרומער מאַן און צייכענט זיך אויס מיט זיינע מדות-טובות, און פונדעסטוועגען קומט אידם אויס אויסצושטעהן אַ סך צרות: זיין עשירות איז צעריבט געוואָרען, זיין משפחה צעשטערט, און ער גופא איז גע-וואָרען געשטראָפט מיט אַ שרעקליכער צרעת. דער אונגליקליכער צדיק זעצט זיך אויף דער ערד און הויבט אָן צו בעקלאָגען זיך פאַר זיינע פריינד, וואָס זענען געקומען אידם צו טרייסטען, אויף זיין ביטערן מזל. ער פערשילט דעם טאָג, וואָס ער איז געבוירען געוואָרען, און מיט שרעק זאָגט ער אַרויס זיינע ספקות אין דער געטליכער גערעכטיגקייט. איך — זאָגט איוב — האָב געדיענט גאָט און געהיט זיינע געבאָטען, געראַטעוועט דעם אָרימאַן פון צער, דעם יתום און די אַלמנה פון אינטערדריקונגען; איך בין געווען אַנ׳אויג פאַר אַ בלינדען און אַ פוס פאַר אַ לאַהמען״. און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אויסלעבען מיינע יאָהרען בשלום,— צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז איך בין דער אומגליקליכסטער אין דער וועלט. און דאָ שטעלט ער די האַרבע שאלה:

---

18) נאָך אין תלמוד ווערט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דער ספר „איוב״ איז מעהר ניט ווי אַ משל (אַלעגאָריע): איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה; בבא בתרא, ט״ו.

„פאַרוואָס זאָלען די רשעים לעבען, שטאַרקען זיך און אַלט ווערען, זייערע קינדער בעפעסטיגט ווערען, זייערע הייזער פערזיכערט קעגען אומגליקען? זיי זעגען זיך משמח מיט פייקען און צימבלען, פערברענגען אין גליק זייערע טעג און נידערען אַראָב אין גרוב אין איין אויגענבליק (אָהן קראַנק צו זיין)... פאַרוואָס שטאַרבט איינער אין פולען גליק, גאַנץ רוהיג און צופרידען, און אַנאַנדערער שטאַרבט מיט אַ פערביטערטער נשמה, און האָט קיינמאָל קיין גוטס ניט אָבגעשמעקט?" (איוב, קאַפּ. כ"א, 7—9, 12, 23, 25).

די פריינד הויבען אָן טרייסטען איוב'ן און בעווייזען איהם, אַז גאָט, וואָס האָט איהם געשטראָפט, קאָן איהם צוריק אומקעהרען זיין פריהערדיגען גליק. נאָר אַז איוב דריקט אויס שאַרף זיין יאוש, מיהען זיי זיך איהם צו איבערצייגען, אַז היות ווי גאָט איז לחלוטין גערעכט, — איז ווייבאַלד אַז ער שטראָפט יאָ וועלכען עס איז מענשען, איז דערפון געדרונגען, אַז דער דאָזיגער מענש איז געווען זינדיג, און בכלל קאָן קיין ילוד-אשה, לויט זיין טבע נאָך, ניט זיין אַ מושלם. איוב איז געווען אויפגעבראַכט קעגען דעם דאָזיגען דאָגמאַטישען אויספיהר, און האָט בעוויזען, אַז ער פיהלט זיך אונשולדיג און גערעכט, אַז אויב גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען שוואַך און ניט פולקומען, איז בעדאַרף ער ניט פאָדערן פון איהם, ער זאָל זיין אַ מושלם, און שטראָפען איהם פאַר זיין שוואַכקייט. דאָ דערגעהט דער פּראָטעסט פון'ם פעסימיסט אַזוי הויך, אַז ער לייקענט אָב אינגאַנצען דעם זיטליכען יסוד פון דער רעליגיע:

„ווער וועט זאָגען צו גאָט: וואָס טוסטו?... צי דען קאָן איך קעגען איהם טענה'ן, אויסקלייבענדיג די ווערטער? ווארום אפילו ווען איך בין גערעכט, קאָן איך אויך ניט פ א ד ע ר ן, נאָר איך מוז ב ע ט ע ן מיין שופט... ער קאָן אין שטורם מיך פערטיליגען... ווי גערעכט איך זאָל ניט זיין, מיין מויל (דער פאַקט גופא פון פּראָטעסט) בעשולדיגט מיך; איך בין אונשולדיג, און ער אָנערקענט מיך פאַר שולדיג... דעריבער זאָג איך איינס: ער ברענגט אום גלייך דעם צדיק מיט דעם רשע... צי דען קאָן אַ מענש, וואָס איז גלייך צו מיר, שטרייטען מיט איהם? צווישען אונז איז דאָך ניטאָ קיין שופט-פערמיטלער, וואָס זאָל די האַנד אויפלעגען אויף אונז ביידען" (קאַפּ. ט')

אַז איוב'ס פּראָטעסט דערגרייכט צום העכסטען פונקט, דעמאָלט טרעט קעגען איהם אַרויס שאַרף דער יונגסטער פון די פריינד, אליהוא. דער נייער אָפּאָנענט איז אויפגעבראַכט סיי קעגען איוב'ס אינטעלעקטועלער העזה און סיי קעגען די שוואַכע ענטפערן פון זיינע אַלטע פריינד. ער בעווייזט, אַז פאַר דעם אַלמעכטיגען בורא-עולם, וואָס איז א ו נ ב ע ד י נ ג ט גערעכט, זענען ניט גילטיג אַלע די קליינע, רעלאַטיווע מאָסען פון גערעכטיגקייט, וואָס אַ מענש קאָן זיי תופס זיין. דער מושל איבער דער וועלט און נאַטור דאַרף ניט אָבגעבען

קין דין־וחשבון פֿאַר זײַנע מעשׂים דעם מענשען, אײנעם פֿון דײַנע קלענסטע ברואים:

„גיב א קוק אויפֿן הימעל און זעה, וואַרף א בליק אויף די וואָלקענס, וואָס זענען אַזוי הויך איבער דיר. אויב דו זינדיגסט, וואָס ווערסטו ווירקען אויף איהם, און אויב דײַנע פֿערברעכענס זענען א סך, וואָס ווערסטו איהם טון? אויב דו ביזט פֿרום, וואָס ווערסטו איהם געבען, אָדער וואָס קאָן ער נעהמען פֿון דײַן האַנד? בײַם מענשען בלײַבט כּי זײַן שלעכטסקײט, כּי זײַן גוטסקײט". (קאַפּ. ל"ה).

נאָך א בּיזערן ענטפֿער בעקומט איוב „פֿון שטורם אַרויס", אין גאָטס נאָמען. גאָט ווײַזט איהם אָן אויף די גרויסאַרטיגע נאַטור־ערשײַנונגען, אויף דער אונבעגרײַפֿליכער קראַפֿט פֿון די סטיכיעס און צוגלײַך אויף דער געזעצמעסיגקײט פֿון דער וועלט־אָרדנונג,—בּכדי איהם צו בעווײַזען, ווי קלײַן דער מענש מיט זײַנע תּביעות איז. אויף אַזא אופֿן ווערען די ספקות פֿונ'ם פֿילאָזאָפֿישען גײַסט ניט געלעזט, נאָר פֿערשטיקט. קעגען יכוח פֿון פּעסימיזם ווערט אַרויסגעשטעלט דער פּרינציפּ פֿון הכנעה און בטחון. איוב ווערט אַנט־שולדיגען און אָנערקענט זײַן מאַכטלאָזיגקײט,—און דער מחבר פֿונ'ם ביבלישען בוך איז מוסיף, אַז שפּעטער האָט גאָט איהם אומגעקעהרט צוריק זײַן געזונד און זײַן עשירות.

## כּללים פֿאַרן לעבען און מאָראַל.

§ 24. אַזוי זעהען מיר, אַז דער פֿילאָזאָפֿישער פּראָטעסט קעגען די פּלומרשטע אונגערעכטיגקײטען פֿון דער וועלט־אָרדנונג ווערען דערשטיקט דורך דער העכסטער מאַכט, וואָס רופֿט דעם מענשען צו הכנעה. די האַרבּע שאלות וועגען גערעכטען שכר און עונש, וועגען גוטס און שלעכטס אויף דער וועלט, וועגען ווילענספֿרײַהײַט און נויטווענדיגקײט אין דער מענשליכער אויפֿפֿיהרונג (בּחירה וידיעה)—בּלײַבען דערווײַל אָהן א דירעקטען ענטפֿער. אין דעם פּרט מוז דער מענש גלױבען, נאָר ס'בלײַבט אָבער נאָך א געוויסער געביט, וואו ס'ווירקט די מענשליכע ערקענטעניש. די רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע און די מעטאַפֿי־זישע זוכענישען מוזען זיך אָבשטעלען בּײַ א געוויסער גרעניץ, נאָר די פּראַק־טישע פֿילאָזאָפֿיע איז פֿרײַ אין איהר ענטוויקלונג. די לעבענס־„חכמה", וואָס דריקט זיך אויס אין מאָראַלישע כּללים, משלים און גלײַכווערטלעך, איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער צײַט, ווען קענטשאַפֿט איז צום העכסטען גע־שאַצט געוואָרען. קורצע אַפֿאָריזמען און גלײַכווערטלעך, אַלס א פּראָדוקט פֿון דער פֿאָלקס־שאַפֿונג, זענען פֿערשפּרײַט געווען אויך פֿריהער[19], נאָר אַצט בעווײַזען זיך דורך די אַלטע, נאָך א סך נײַע משלים, אָפֿטמאָלס אין דער

19) אַלג. איד. געשיכטע I, § 109.

פאָרם פון גאַנצע מאַמרים, וואָס וועגן זיי איז צו באַמערקן א באַשטימטע סיסטעם. דאָ ווערט צום מיינסט געלויבט די „חכמה“, וואָס אונטער דעם קאָן מען פאַרשטעהן אַמאָל קענטשאַפט, אַמאָל מדות-טובות אָדער מאָראַלישע שטימונג. אין קאַפּיטעל ח׳ פונ׳ם זאַמעלבוך „משלי“, וואָס פאַר זיין מחבר רעכענט זיך דער לעגענדאַרישער חכם, שלמה המלך, איז די חכמה פאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון א פּרוי, וואָס שטעהט אויפ׳ן שייד-וועג און רופט צו זיך די מענשען. זי זאָגט צו די מענשען אמת, אינעווייניגסטען גליק און יושר, וואָס זענען טייערער פאַר אַלע זילבערנע אוצרות און תענוגי עולם-הזה. זי ערקלערט, אַז זי באַגייסטערט די מלכים און שופטים און אַז זי איז אפילו דער געצייג, וואָס מיט זיין הילף האָט גאָט די וועלט באַשאַפען[20]. די חכמה איז ענג פאַרבונדען מיט זיטליכקייט (מוסר) פון איין זייט, און מיט אמת׳ער פרומקייט — פון דער אַנדער זייט. אונוויסענקייט ווערט גערעכענט איינס און דאָס זעלבע, וואָס אונזיטליכקייט, אונערליכקייט און חלול-הקדש (אויל, כסיל, רשע וכדומה ווערען געברויכט כמעט ווי סינאָנימען, שמות נרדפים).

אין די פיעל מימרות פונ׳ם ספר „משלי“, דגם זיי זענען פאַרשיידענאַרטיג אין בוינט, פינדעסטוועגען ווערט דורכגעפיהרט אין זיי איין גאַנצע פראַקטישע פילאָזאָפיע, וואָס איז געגרינדעט אויפ׳ן געזונדען מענשען-פאַרשטאַנד און אויף א גרויסער לעבענס-געניטקייט. די מאָראַל ווערט דאָ אַרויסגעשטעלט ניט אַלס עפּיס מיסטישעס, נאָר אַלס די היגיענע פון דער נשמה און פון גוף, וואָס איז נויטווענדיג פאַר איטליכען מענשען. פלייסיג זיין אין דער אַרבייט, אָבהאַלטען זיך פון איבערפליסיגע תענוגים, האַלטען זיך בעכט פאַר די יסודות פון פאַמיליען-לעבען, געטריי זיין אין פריינדשאַפט, די יונגע זאָלען פאָלגען די עלטערע, אָבהיטען די געזעלשאַפטליכע דיסציפלין, ערהליך זיין אין האַנדעל, זאָגען אמת, רחמנות האָבען אויף שוואַכע — דאָס זענען די הויפט-יסודות פון דער דאָזיגער מאָראַל. זי איז א פועל-יוצא ניט פון אַבסטראַקטע, פון קאָם אויסגעטראַכטע השערות, נאָר פון טיעפע באָאָבאַכטונגען פון לעבען, פון א פיינעם פאַרשטעהן, וואָס איז טאַקט-פול און פאַכיג. זי זאָגט ניט קיין מוסר, זי טיילט מיט נאָר נוצליכע ידיעות:

„זאָל דיך לויבען אַן אַנדערער, און ניט דיין מויל, א פרעמדער, נאָר ניט דיין צונג“. — „אפילו א נאַר, ווען ער שווייגט, קאָן אויסזעהן, ווי א קלוגער. ווער ס׳פאַרמאַכט זיין מויל, — דער איז א פאַרשטאַנדיגער מענש“. — „בעסער טרוקענע ברויט, אבי רוהיג (און שטיל), איידער א הויז, וואָס איז פול מיט פליישיגע מאכלים, ווען מען קריגט זיך“. — „פונקט ווי צו א חזיר א גאָלדענע נאָזבאַנד, אזוי פאַסט זיך שעהנקייט

20) משלי ח׳, 21—22.

צו אַ נאַרישער פֿרוי". — „אַן אָרימאַן האָט פֿײַנט אַפֿילו אַ נאָענטער מענש, אַ רײַכער אָבער האָט אַ סך פֿרײַנד".

צום סוף פֿון האַמעלבוך „משלי" איז פֿאַרהאַן אַ לויב-ליד לכּבוד דער „גוטער פֿרוי" (אשת-חיל); די פּסוקים פֿונם ליד גייען נאָכן אלף-בית. לויט דעם דאָזיגן ליד קאָן מען באַקומען אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם פֿאַמיליען-לעבען פֿון די דעמאָלטיגע אידען. אָט איז דאָס ליד:

ווער קאָן געפֿינען אַ טעטיגע פֿרוי? טײַערער פֿון פּערל איז איהר פּרײַז.

עס איז זיכער מיט איהר דעם מאַנס האַרץ, און קיין פֿאַרדינסט וועט איהם ניט פֿעהלען.

זי באַצאָהלט איהם מיט גוטס, און ניט מיט שלעכטס אַלע טעג פֿון איהר לעבען.

זי שאַפֿט וואָל און לײַווענט און אַרבײַט גערן מיט די הענד.

זי איז געוועזן אויף די האַנדעלסשיפֿען[21], פֿון ווײַט ברענגט זי איהר ברויט.

זי שטעהט אויף בײַ-נאַכט, צעטײַלט שפּײַז איהר הויזגעזינד און חלקים איהרע דינסטען.

זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן אַ פֿעלד — און האָט געקויפֿט, מיט דער אַרבײַט פֿון איהרע הענד האָט זי געפֿלאַנצט אַ ווײַנגאָרטען.

זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איהר געשעפֿט איז גוט, און בײַ-נאַכט לעשט זיך ניט אויס איהר ליכט:

די אָרעמע האָט זי אויסגעשפּרייט צום שפּינראָד, און די הענד שטיצען אונטער דעם וועבשטול.

איהר האַנד האָט זי אויסגעשטרעקט דעם אָרימאַן און איהר אָרם (מיט הילף) — דעם אביון...

זי האָט זיך געמאַכט טעפּיכען, איהר קלייד איז פֿון ביסאָך און פּורפּור-געוואַנט.

איהר מאַן איז באַוואוסט בײַ די טויערן[22], ווען ער זיצט צווישען די עלטסטע פֿון לאַנד.

זי האָט געמאַכט אַ געוואַנט און האָט עס פֿאַרקויפֿט, און אַ גאַרטעל האָט זי געגעבען דעם כּנעני[23].

21) ריכטיג איז, באַשײַנפּערליך, צו לייענען „כּאניות", אַנשטאָט „כּאניות".

22) דער זיצונגס-אָרט פֿון די שופֿטים אין די שטעדט.

23) פֿון דעם דאָזיגן אויסדרוק און נאָך עטליכע אַנדערע, קאָן מען קומען צו דער מסקנא, אַז די אידען האָבען דעמאָלט געהאַט האַנדעלס-באַציהונגען מיט אַנדערע פֿעלקער, בפֿר-

שטאַרק און שײן איז איהר קלײד, און פרעהליך קוקט זי אויפ'ן קו־
מענדיגען טאָג.
איהר מויל עפענט זי מיט חכמה, און א לעהרע פון גענאָדע איז
אויף איהר צונג.
זי פּאַסט אויף אויף דער פיהרונג פון הויז, און קײן ברויט אומזיסט
עסט זי ניט.
עס שטעהען אויף איהרע קינדער און בענטשען זי, און איהר מאַן
לויבט זי.
א סך טעכטער האָבען גרויסעס אויפגעטאָן, נאָר דו ביזט זיי אַלעמען
איבערגעשטיגען.
ליגען איז דער חן, נאַריש איז די שענקײט; נאָר א גאָטספאָרכטיגע
פרוי דאַרף װערען געלויבט.
גיט איהר פון די פרוכטען פון איהרע הענד און לויבט ביי די טויערן
איהרע מעשים!

די אַלע איבען־אָנגעוויזענע פערשיידענאַרטיגע ליטעראַטור־װערק, װאָס זענען געשאַפען געװאָרען אין דער פּערסישער און אין דער שפּעטערדיגער גריכיש־סירישער עפּאָכע, זענען נאָך א לאַנגע צײַט שפּעטער ניט אַרײַנגענומען געוואָרען צווישען די כתבי־הקודש, וואָס זענען בעשטאַנען דעמאָלט נאָר פון דער תורה, כראָניקען און נביאים. ערשט אין דער שפּעטערדיגער צײַט זענען די דאָזיגע װערק, מיט נאָך עטליכע װערק פון די שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטען, אַרײַנגענומען געוואָרען אין דעם טײל פון תנ"ך, וואָס האָט בעקומען דעם נאָמען „כתובים".

## די ווירקונג פון פּרסיזם.

§ 25. ווי אָבגעזונדערט און אײגענאַרטיג א נאַציע זאָל ניט זײַן און איהר אינעוויינגסטען לעבען, פונדעסטוועגען קאָן זי ניט אויסמײַדען, און א גרע־סערן אָדער קלענערן גראַד, די ווירקונג פון יענער קולטורעלער סביבה, וואָס רינגעלט זי אַרום. די קראַפט פונ'ם אײגענאַרטיגען פאָלק בעשטעהט נאָר דערין, וואָס בשעת עס נעהמט אָן פרעמדע אַנשויאונגען און מנהגים, שמעלצט עס זי צונויף מיט זײַנע אײגענע מנהגים, פערענדערט זיי און פּאַסט זיי צו צו זײַן גאַנצער וועלט־אַנשויאונג. פונקט אַזאַ ערשײַנונג בעמערקען מיר אין דער אידישער געשיכטע אין דער צײַט פון דער פּערסישער איבערהערשאַפט.

אין דעם זעלביגען מאָמענט, ווען די דאָזיגע איבערהערשאַפט האָט זיך אָנגעהויבען, איז אין פּערסיען פאָרגעקומען א גרויסע רעליגיעזע איבערקעהרעניש.

---

זונדערט מיט די פעניציער (כנענים), וואָס פלעגען קומען צו פאָהרען מיט סחורות קײן ירושלים (זעה „נחמיה", קאַפּ. י"ג, 16 און אַנדר.).

ס׳איז אויפֿגעקומען אַ רעליגיע, וואָס לויט איהר אַבסטראַקטען, גייסטיגען כאַראַקטער איז די געווען ווייט פֿון גראָבען געצענדיענסט און לפֿי־ערך נעהענטער צום וועלט־בעגריף פֿון דער יהדות. די רעליגיע, וואָס, לויט דער טראַדיציע, האָט זי געגרינדעט זאַראַטוסטראַ (זאָראָאַסטער) — דער פּערסישער משה, — האָט איינגעשטעלט די הערשאַפֿט פֿון צוויי שאַפֿענדע כחות: אַהור־מאַזד און אַנגראַ־מיין (אָרמוזד און אַריִמאַן, הורמיז און אחרימון), וואָס האָבען פֿערקערפּערט ליכט און פֿינסטערניש, לעבען און טויט, גוטס און שלעכטס. אונטער זייער ביידענס ממשלה שטעהען גאַנצע מחנות גייסטער, ליכטיגע און פֿינסטערע, מלאכים (איזעדען) און שדים (דעוועס). די געצענבילדער און מיטישע העלדען פֿונ׳ם אַלטען הייִדענטום האָבען אָבגעטראָטען זייער אָרט די רוחות און סטיכיעס (פֿייערדיענסט).

דער גייסטיגער כאַראַקטער פֿונ׳ם פּרסיזם אָדער „מאַזדאַאיזם“ האָט געמוזט צוציהען צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אידען, בעזונדערס פֿון די, וואָס האָבען געוואוינט אין בבל און פּרס. דער דואַליזם פֿון דער גאָטהייט און פֿון דער נאַטור איז אַוודאי סותר געווען דעם שטרענגען מאָניזם פֿון די אידען, וואָס האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט די וועלט אַלס אַנ׳איינהייט. אַנ׳אונדייטליכען פּראָטעסט קעגען דעם דאָזיגען דואַליזם קאָן מען בעמערקען אין די ווערטער פֿונ׳ם גרויסען אַנאָנימען נביא, וואָס האָט געלעבט אין כורש׳ס צייטען: „זאָלען וויסען אַלע, פֿון מזרח ביז מערב, אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט, חוץ מיר: איך בין גאָט און מעהר קיינער ניט. איך מאַך ליכט און שאַף פֿינסטערניש, מאַך שלום און בעשאַף שלעכטס; איך, גאָט, טו דאָס אַלץ“ (ישעיה, קאַפּ. מ״ה, 6—7). דאָ ווערט אַרויסגעשטעלט גאָטס איינציגער ווילען, וואָס שאַפֿט אַלץ און רעגירט בעוואוסט איבער אַלץ, קעגען דעם טונקעלען קאַמפּף פֿון די פֿיינדליכע קרעפֿטען, וואָס איינע פֿון זיי שטרעבט צו ליכטיגקייט און גוטס, און די אַנדערע — צו חושך און בייז. פֿונדעסטוועגען האָבען די אָנשויאונגען פֿון פּרסיזם אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויף דער וועלט־אָנשויאונג און אויפֿ׳ן קולט פֿון די אידען און, אין אַ ביסעל אומגעענדערטער פֿאָרם, האָבען זיי זיך איינגעוואָרצעלט אין אידישען לעבען.

אין אַ געוויסער מאָס האָט דער פּרסיזם געווירקט דערויף, ס׳זאָלען זיך אויסאַרבייטען ביי אידען געוויסע אמונות וועגען מלאכים און שדים. שוין אין ספר „יחזקאל“ ווערען געשילדערט בעפֿליגעלטע, פֿייערדיגע ברואים, וואָס רינגלען אַרום גאָטס כסא־הכבוד. אינ׳ם ספר „איוב“ (קאַפּ. א׳—ב׳) ווערען געשילדערט די צוויי סותר׳דיגע קרעפֿטען, וואָס שטעהען פֿאַר גאָט אין הימעל: די מלאכים אָדער „גאָטס קינדער“ (בני־האלהים) און דער שטן, דער בייזער דעמאָן, דער גייסט פֿון צעשטערונג, וואָס זעהט אין דער וועלט נאָר בייז, און אין מענשען — נאָר נידערטרעכטיגקייט און שווינדעלעריי. דער דאָזיגער בייזער רוח פֿיהרט אויס אַזעלכע שליחות, וואָס ברענגען מענשען קראַנקהייטען, חורבן און

דלות. שפּעטער האָט די תּורה וועגען מלאכים און שדים זיך ווײַט פֿערשפּרייט צווישען אידען און האָט געפֿונען איהר אויסדרוק אין פֿערשיידענע ספֿרים, וואָס זענען פֿערפֿאַסט געוואָרען אין דער צייט פֿון דער גריכיש-רוימישער הערשאַפֿט. אין די וויזיאָנען פֿון ספֿר „דניאל", למשל, וואָס איז פֿערפֿאַסט געוואָרען אין אָנהויב פֿון דער חשמונאים-צייט, געפֿינען מיר שוין גאַנצע מחנות מלאכים און רוחות, וואָס זענען צעטיילט לויט אַ געוויסען סדר אין פֿערשיידענע אַבטיי-לונגען: עירין קדישין (הייליגע שומרים) און שרים, וואָס איטליכער פֿון די האָט זיך זיין שליחות.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיגע מיסטישע פֿאָרשטעלונגען האָט זיך אפֿשר שפּעטער ענטוויקעלט צווישען די אידען דער גלויבען אין השארת הנפֿש און עולם-הבא, וואָס אין דער אַלט-ביבלישער צייט איז ער נאָך אין דער יהדות ניט בעשטעטיגט געוואָרען און איז נאָר שפּעטער אַריין אין איהר. די תּורה וועגען גן-עדן און גיהנם און בפֿרט וועגען תּחית-המתים האָט זיך גענומען אַפּנים, אין יענער עפּאָכע, בשעת עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ געוויסע גע-גענזייטיגע ווירקונג צווישען פּרסיזם און יהדות. מען קאָן ניט זאָגען, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי אַ מקרה-זאַך, וואָס די געזעצען וועגען „טהרות" און עטליכע צערעמאָניעס ביי די קרבּנות, וואָס זענען איינגעשטעלט געוואָרען אין עזרא'ס „תּורת-כּהנים", זענען שטאַרק ענליך אויף דער צערעמאָניען-סיסטעם פֿון פּרסיזם. אויך די פּערסער האָבען געהאַט צערעמאָניעס פֿון ריינינונג פֿאַר מענשען, וואָס האָבען אָנגערירט אַ טויטען קערפּער, פֿאַר פֿרויען נאָכ'ן קינפּעט און פֿאַר בעשטימטע קראַנקהייטען וכדומה. דער מזבח פֿאַר'ן קרבּן תּמיד אין צווייטען בית-המקדש, וואו עס האָט שטענדיג געברענט אַ פֿייער (אש תּמיד, ויקרא, קאַפּ. ו', 6) דערמאָנט אָן דעם הויפּטליכען פּערסישען קולט פֿון פֿייער.

מען קאָן, פֿערשטעהט זיך, ניט אָננעהמען מיט אַ פֿאָלקאָמער געוויסהייט, אַז דער פּרסיזם האָט געווירקט אויף דער ענטשטעהונג גופֿא פֿון די דאָזיגע אמונות און מנהגים, נאָר ס'איז קיין ספֿק ניט, אַז די דאָזיגע ווירקונג האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט אויף זייער ענטוויקלונג אין יהדות. קערנדלעך פֿון אַ סך אמונות האָבען זיך געפֿונען אויך אין דער אַלטער יהדות, נאָר דורך דער בעריהרונג מיט גלייכע עלעמענטען אין דער פֿרעמדער רעליגיע און אין פֿרעמדען לעבענס-פֿיהר, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען אין אַ בעשטימטער ריכטונג. אין דער עפּאָכע פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט זענען די דאָזיגע מיסטישע אמונות נאָך שוואַך אויסגעדריקט, ערשט אין די שפּעטערדיגע עפּאָכעס האָבען זיי געטראָגען ממשותדיגע פּירות.

# צווייטע אבטיילונג.

## די גריכישע איבערהערשאפט (די תלמיים און סעלייקידען).

(332—140 פאר דער קריסטל. צייטרעכ.).

### אלגעמיינער איבערבליק.

§ 26. אין משך פון די ערשטע טויזענד יאהר, זינט דאס אידישע פאלק האט עקזיסטירט (XV—IV יאהרה. פאר קר.), האט עס געדארפט צו טון אויסשליסליך מיט די פעלקער פון מזרח. עס איז געקומען אין בערירונג מיט אלע גרויסע מזרחדיגע מאנארכיעס, וואס האבען איינע די אנדערע פערביטען אויף דער בינע פון דער וועלט-געשיכטע: מיט מצרים, אשור, בבל און פרס, — האט איבערגעטראגען א סך אינעווייניגסטע און אויסווייניגסטע שטורמען, און פונדעסטוועגען האט דער קרעפטיגער שטאם פון דער נאציע אויסגעהאלטען אלע שטורמווינטען, איז געבליבען פעסט איינגעווארצעלט און האט ארויסגעלאזט נייע צווייגען אנשטאט די אפגעבראכענע.

בשעת דאס אידישע פאלק איז אריינגעטראטען אין צווייטען יאהרטויזענד פון זיין היסטארישען לעבען, געפינט ער זיך שוין אין אן אנדער סביבה: פון אלע זייטען רינגלען איהם ארום די פעלקער פון מערב, אדער אזעלכע, וואס האבען זיך אנגעאייגענט די מערבדיגע קולטור. לכתחלה פאלט עס אריין אין'ם ווירקונגס-קרייז פון די גריכען און העלעניזירטע מזרחדיגע) פעלקער, און שפעטער — אין נעץ פון דער רוימישער ממשלה, וואס איז געווען אויסגעשפרייט איבער דריי ערדטיילען. אט דער נייער פעריאד — די איבערהערשאפט פונ'ם מערב איבער'ן מזרח הויבט זיך אן, זינט אלכסנדר מוקדון איז אריין אין אזיען (332 פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג), און געדויערט כמעט ביז'ן אונטערגאנג פון דער רוימישער אימפעריע (V יאהרהונדערט נאך דער קריסטליכער צייטר.).

א לאנגע צייט האבען זיך ענטוויקעלט די העלענען און די אידען אין פערשיידענע ערד-טיילען און האבען גארנישט ניט געוואוסט איינע פון די אנדערע. אין דער צייט, וואס מלכות-יהודה האט זיך אויפגערודעט, נאך די אשוריש-באבילאנישע קאטאסטראפעס, אונטער דער ממשלה פון דער פערסישער אימפעריע, זענען צווישען דער דאזיגער אימפעריע און דעם קליינעם גריכענלאנד פארגעקומען א רייה בלוטיגע מלחמות (500—470), וואו מ'האבען מנצח געווען די געבילדעטע און פאליטיש פרייע גריכען; זיי האבען מציל געווען אייראפע פון דער ממשלה פון אזיען.

יענעמאָלט איז אָנגעקומען די בליהונגס-צייט פון דער גריכישער קולטור אין אַטען (אַתונא). פּעריקלעס און סאָקראַטעס האָבען געלעבט אין דער זעלבער צייט, וואָס נחמיה און עזרא, — נאָר ווי גרויס איז דער חילוק צווישען דעם, וואָס קומט פאָר ביי ביידע פעלקער אין יענער צייט! אין אַטען פערפעסטיגט זיך אַ וועלט-ליכע רעפּובליק, אויף די יסודות פון דעמאָקראַטישער פרייהייט; אין ירושלים — אַ גייסטיגע רעפּובליק מיט אַ דינאַסטיע פון כהנים-גדולים בראש, וואָס איז געגרינדעט אויף די יסודות פון אַ שטרענגער טעאָקראַטיע. אין אַטען — פּאָ-ליטישע, זיטליכע און אינדיווידועלע פרייהייט, אַ בונטע אויסמישעכץ פון אמונות און קולטען, סעפּעראַט אויס אַ פעראייניגענדע נאַציאָנאַל-גייסטיגע דיסציפּלין; אין ירושלים — די ממשלה פון רעליגיעזען געזעץ, זיטליכען חוב און טעאָקראַטישען שולחן-ערוך. דאָרט — אַ סענסואַליסטישער פּאָליטעאיזם, פערשיידענע מדות, אַ קולט פון שענקייט, אַ לעבענסלוסטיגע פּאָעזיע, פּלאַסטישע קונסטען, קענטשאַפט אַלס אַ מקור פון תענוגים, דער עסטעטישער עלעמענט פערנעהמט דאָרט בעשטימט אַ גרעסערן אָרט, ווי דער עטישער; דאָ — אַ ספּיריטואַליסטישער מאָנאָטעאיזם, דער גלויבען, אַלס דער צענטער פון לעבען, קענטשאַפט, אַלס אַ מיטעל צו ערקענען די גאָטהייט, איינגעהאַלטען זיין, ווי אַ דאָגמע פון דער מאָראַל, די רעליגיעזע ליריק פון תהלים, די לעבענס-קלוגשאַפט פון פיעלגעניטע זקנים, די הערשאַפט פונ'ם עטישען פּרינציפּ איבער דעם עסטעטישען. דאָרט זענען די פ י ל אָ ס אָ פ ע ן; דאָ — די ס ו פ ר י ם; דאָרט — מענשען, וואָס שפּיעלען זיך מיט'ן אמת, ווי אַן אינטעלעקטועלען שפּיעלצייג; דאָ — מענשען, וואָס האָבען געפונען אָדער זוכען דעם אמת, בכדי צו געפינען אַ מורה-דרך אין לעבען. אמת טאַקע, סאָקראַטעס האָט געפרובט פעראייניגען די וויסענשאַפט מיט דער מאָראַל, אָבשוואַכען די גראָבע ערשיינונגען פונ'ם פּאָליטעאיזם און אַוועקשטעלען אַנשטאָט דעם אינ-דיווידועלען קולט דעם סאָציאַלען קולט פון גוטע מדות. און דעם דאָזיגען פּרט איז די גריכישע פילאָזאָפיע כמעט ווי צונויפגעגאַנגען זיך מיט דער אידישער וועלט-אָנשויאונג. נאָר די עטישע ריכטונג פון סאָקראַטעס, וואָס די אַטענער האָבען איהם פערמשפּט, האָבען געקאָנט אויפנעהמען נאָר די העכסטע גייסטער. אָבער אין לעבען פון העלענישען פאָלק האָט זי זיך ניט איינגעוואָרצעלט. צווישען די העלענען און אידען האָט עקזיסטירט אַ גאַנצער תהום אין זייער אַרט דענקען, אין בענעהמען די וועלט, אין אַרט לעבען, שטרעבונגען און גוסט.

און אָט הויבט זיך אויף אַנ'אונגעהויערע היסטאָרישע כוואַליע און פיהרט צונויף די דאָזיגע ביידע שטרעמונגען, וואָס זענען ביז אַהער געגאַנגען אין פער-שיידענע וועגען, צו פערשיידענע ציעלען. דער גרויסער גריכישער עראָבערער אַלכסנדר פון מאַקעדאָניען (אַלכסנדר מוקדון) צעשטערט די אייביגע גרעניצען, וואָס האָבען אָבגעטיילט דעם גראָהען מזרח פונ'ם יונגען מערב. פּונקט אַזוי ווי די אייראָפּעער האָבען שפּעטער ענטדעקט און קאָלאָניזירט אַמעריקע, אַזוי האָבען אויך די אַלטע גריכען, אין אַלכסנדר'ס צייט און שפּעטער, אין די צייטען פון

די סעלעווקידען און תּלמיים (פּטאָלעמייער), בעדעקט מיט זייערע קאָלאָניעס דעם גאַנצען שטח פֿון פֿאָדער־אַזיען און צפֿון־אַפֿריקאַ, וואָס פֿאַר זיי איז עס געווען „אַ נײַע וועלט". די גריכישע קולטור האָט זיך גיך פֿערשפּרייט איבערן מזרח; די ווינציג קולטורעלע אָרטיגע פֿעלקער זענען העלעניזירט געוואָרען און האָבען זיך צונויפֿגעמישט מיט די גראָבערער; פֿעלקער אָבער מיט אַ מעהר שטאַנדהאַפֿטיגער קולטור האָבען בעקומען אַ גרעסערן אָדער קלענערן אײַנפֿלוס מצד דעם העלעניזם.

די ערשטע צײַטען האָט אויך די אידישע נאַציע, וואָס איז אַפֿילו געווען גײַסטיג פֿעסט בײַ זיך, ניט געקאָנט אויסמײַדען די ווירקונג מצד דעם העלעניזם. דער אײַנפֿלוס פֿון דער העלענישער קולטור אויף דער יהדות האָט זיך אָנגעהויבען ניט אין לאַנד יהודה, נאָר אין עגיפּטען, אין דער צײַט פֿון די תּלמיים. אין עגיפּטען האָט זיך געבילדעט אין III יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער צײַטרעכענונג אַ גרויסע אידישע קאָלאָניע, מיט איהר גײַסטיגען און אינדוסטריעלען צענטער אין דער העלעניזירטער אַלכּסנדריאַ. דאָ האָבען זיך די בײדע קולטורען — די גריכישע און די אידישע — בעגעגענט לפּי־ערך אויף אַ פֿרידליכען אופֿן. סהאָט זיך בעוויזען אַפֿילו אַ נטיה צו געגענזײַטיגער ווירקונג. די אידען האָבען זיך אָנגעאײגענט די גריכישע שפּראַך און האָבען זי אָנגענומען, אַלס אַ געברויכס־שפּראַך; די געבילדעטע לײַט זענען געווען נתפּעל פֿון די הערך פֿון דער גריכישער ליטעראַטור, — און אין דער זעלביגער צײַט איז די אידישע תּורה איבערזעצט געוואָרען אויף גריכיש און האָט אויפֿגעעפֿענט פֿאַר די העלענען די אוצרות פֿונם אידישען גײַסט.

נאָר אין דער זעלביגער צײַט, וואָס די געבילדעטע אידען און העלענען האָבען זיך דערנעהנטערט אויפֿ'ן גײַסטיגען געביט, איז אויך פֿאָרגעקומען די העלעניזירונג פֿון די האַלב־געבילדעטע מאַסען דורך איבערנעהמען די אויסווייניגסטע גריכישע קולטור. אַ סך אידען איז געפֿעלען געוואָרען דאָס פֿערשײַטע לעבען פֿון די גריכען, וואָס זענען ניט געווען געבונדען מיט די רעליגיעז־זיטליכע געבאָטען; זיי איז געפֿעלען געוואָרען זייער קולט פֿון שענקײַט און תּענוגים, וואָס איז אָנגענעהמער פֿון דעם אידישען קולט פֿון זיטליכען חוב און אײַנגעהאַלטענקײַט, — בקיצור, זיי איז געפֿעלען געווען גראָד דאָס, וואָס איז סותר דעם גײַסט פֿון יהדות, אַלס אַ פּראַקטישער וועלט־אָנשויאונג. דאָ האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזען די סכּנה, וואָס איז געלעגען אין דער בעגעגעניש פֿון די צוויי סותרדיגע קולטורען — און עס איז פֿאָרגעקומען אַ שאַרפֿע צוזאַמענשטויסונג.

פֿאָרגעקומען איז די אין לאַנד יהודה, וואָס איז איבערגעגאַנגען (בערך אין יאָהר 200), נאָך דער הונדערטיאָהריגער ממשלה פֿון די עגיפּטישע תּלמיים, צו דער גריכיש־סירישער איבערהערשאַפֿט. די ווירקונג פֿונם סירישען העלעניזם אין מלכות־יהודה האָט זיך אויסגעדריקט דערין, וואָס אַ געוויסען טײל פֿון דער אידישער געזעלשאַפֿט איז שטאַרק געפֿעלען געוואָרען דער אויסווייניגסטער קול-

טרעלער גלאַנץ פונם גריכישען לעבען. אין ירושלים האָט זיך געבילדעט א שטאַרקע אידישע פּאַרטיי פון העלעניסטען, וואָס זענען געווען אָנהענגער פון דער אַסימילאַציע. דער אַרט לעבען פון די דאָזיגע לייט איז געווען כותר דעם גייסט פון יהדות און האָט אַרויסגערופען דעם כעס פון דער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי אָדער חסידים. ס'האָבען זיך באַוויזען סימנים פון א געפערליכער צעשפּאַל־טונג. די פּאַרטיי פון די העלעניסטען איז אַלץ געוואָרען שטאַרקער און איז דערגאַנגען דערצו, אַז די האָט אַפילו דערגעפירט אידרע כהנים־גדולים (יאַזאָן, מענעלויס), וואָס טרעטען אַריין אין פערבינדונג מיט'ן סירישען דעספּאָט אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, כּדי צו העלעניזירען די אידען. דער בעסטער טייל פונם פאָלק שטעלט זיך אַרויס קעגען דעם, און דאָס רופט אַרויס אכזריות'דיגע רדיפות מצד אַנטיוכוס'ן אויף דער אידישער רעליגיע. ס'פאַלען א סך קרבנות אויף קדוש־השם....

נאָר דאָ באַווייזט זיך די קראַפט פונם אידישען גייסט: ס'קומט פאָר דער בערי־המטער אויפשטאַנד פון די פּאַטריאָטען, אונטער דער אָנפירונג פון דער העלדישער משפּחה חשמונאים (168). לכתחלה שטרעבען די פּאַטריאָטען נאָר צו באַפרייען דאָס פאָלק פון רעליגיעזען דרוק; נאָר צו ביסלעכווייז וואַקסט די באַוועגונג אויס און ווערט אַלץ שטאַרקער און שטרעבט צו דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון דער נאַציע. דער 28־יאָהריגער העלדישער קאַמפּף פון די חשמונאים אָדער מכּבים ברענגט דערצו, אַז מלכות־יהודה ווערט פּאָליטיש אונאָבהענגיג (140). די נאַציע איז באַפרייט געוואָרען פונם פרעמדען יאָך, און די יהדות האָט מנצח געווען אינם קאַמפּף מיט'ן אַלמעכטיגען העלעניזם.

דאָס איז דער אַלגעמיינער סך־הכּל פון דער צווייהונדערטיאָהריגער עפּאָכע פון דער גריכישער איבערהערשאַפט. אין אַלע דריי ערדטיילען איז די גריכישע קולטור געווען א מושלת בכּפּה. אַלע פעלקער זענען געווען איהר אונטער־טעניג; אומעטום האָבען די כוואַליעס פונם העלענישען דראַנג צונויפגעמישט און פערניכטעט די קעניגרייכען און נאַציעס. און אין מיטען דעם דאָזיגען שטורמיגען ים, אין א קליינער מדינה, וואָס לויט איהר געאָגראַפישער לאַגע איז זי געווען דער מיטעלפּונקט פון אַלע דריי ערדטיילען, האָט געלעבט א קליינעס פאָלק, וואָס אויף איהם האָט די שטורמישע קולטורעלע סטיכיע געמאַכט אומזיסטע אָנפאַלען. די יהדות האָט שטאָלץ געקוקט אין די אויגען דעם העלעניזם און האָט צו איהם גערעדט: „איך וועל זיך ניט אונטערגעבען, וואָרום איך בין עלטער און שטאַרקער פון דיר. דו נעהמסט איין די וועלט, און מיר איז געגוג די ממשלה איבער איין קליינינקער נאַציע. נאָר ס'וועט קומען א צייט, ווען די וועלט, וואָס דו האָסט איינגענומען, וועט קומען צו מיר, אַנאַנערקענען און בעני־קענדע, און וועט פרעגען: וואו איז דער אמת?"....

# די אידישע געשיכטע

## ערשטער קאַפּיטעל

## די מאַקעדאָנישע עראָבערונג און די ממשלה פֿון די תלמיים.

(332—198).

אלכסנדר מוקדון. — די אידען אין'ם קאַמפּף פֿון די דיאַדאָכען (אלכסנדר מוקדון'ס יורשים). — תלמי (פּטאָלעמיי) I און II. — תלמי און יוסף בן־טוביה. — דער איבערגאַנג פֿון דער ממשלה איבער מלכות־יהודה פֿון די תלמיים צו די סעלייקידען. — דאָס אינעוויינסטע לעבען פֿון די אידען. — די ליטעראַרישע שאַפֿונג. — משלי בן־סירא. — די גריכישע איבערזעצונג פֿון תנ"ך.

### אלכסנדר מוקדון.

§ 27. אין צוויי שלאַכטען, ביי גראַניקוס און איסוס (334—333), האָט אלכסנדר פֿון מאַקעדאָניען געגעבען דעם טויט־קלאַפּ דער פֿערעלטערטער פערסישער מאָנאַרכיע. די פערסישע איבערהערשאַפֿט איבער פֿאָדער־אזיען, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט מיט צוויי יאָרהונדערטען פֿריהער, איז צעשטערט געוואָרען. דער גריכישער זיגער האָט איינגענומען איין מדינה נאָך דער אַנדערער און האָט אָבגעריינט דעם אָרט פֿאַר אַ נייער וועלט־מאַכט. פֿון מעסאָפּאָטאַמיען און סיריען האָט אלכסנדר זיך געלאָזט גיהן קיין פֿעניציען און פּאַלעסטינע. נאָך אַ בעלעגערונג פֿון זיבען חדשים האָט זיך איהם אונטערגעגעבען די גרויסע שטאָדט צור, און נאָך אַ בעלעגערונג פֿון צוויי חדשים — די געוועזענע פּלשתישע שטאָדט עזה (332). אַזוי ווי אלכסנדר איז געגאַנגען פּאַזע ברעג ים, מחמת ער האָט זיך געאיילט קיין עגיפּטען, דעריבער האָט ער זיך ניט געקאָנט אויף לאַנג אָבשטעלען אין דער אינעוויינסטער פּאַלעסטינע. נאָך איידער ער האָט איינגענומען צור, האָט ער געהייסען זיין קריגס־הויפּטמאַן פּאַרמעניאָן איינעמען סיריען און פּאַלעסטינע — פֿון לבנון ביז ים־המלח. פּאַרמעניאָן האָט אָהן שוועריגקייטען אויסגעפֿיהרט דעם דאָזיגען בעפֿעהל. ירושלים האָט זיך אונטערגעגעבען דעם מאַקעדאָנישען עראָבערער אָהן אַ קאַמפּף.

שטילערהייד איז פֿאָרגעקומען דער איבערגאַנג פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט צו דער גריכישער, און קיין זאַך האָט כמעט ניט פֿאַראויסגעזאָגט די גרויסע היסטאָרישע איבערקעהרעניש. לכל הפחות ווייס די געשיכטע מעהר קיין זאַך ניט וועגען דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יענעם רעטענישפֿולען איבערגאַנגס מאָמענט. אַ סך דערצעהלט וועגען דעם נאָר די שפּעטערדיגע פֿאָלקס־לעגענדע. אידרע ספרים זענען אינטערעסאַנט, נאָר מען קאָן זיי קוים געטרויען: דער

קערנדיל פֿון אמת ווערט דאַ פֿערלאָרען צווישען אַ גאַנצען הויפֿען אויסגעטראַכטע מעשיות, צום טייל פּאָעטישע, צום טייל פּאָליטיש-טענדענציעזע.

די סאַמע בעוואוסטע אידישע לעגענדע[1] דערצעהלט, אַז אין דער צייט, וואָס אַלכּסנדר האָט בעלעגערט צור, האָט ער געשיקט שלוחים צום כּהן-גדול ידוע אוּן האָט געפֿאָדערט פֿון איהם, ער זאָל זיך אונטערגעבען די מאַקעדאָניער און שיקען זיי הילף. דער כּהן-גדול האָט אָבגעזאָגט די שלוחים, מחמת ער האָט ניט געוואָלט עובר זיין די שבועה, וואָס ער האָט געגעבען דעם פּערסישען קעניג דריוש, איהם צו זיין געטריי. דאָס האָט צערייצט אַלכּסנדר'ן, און נאָכדעם, ווי ער האָט איינגענומען צור און עזה, האָט ער זיך איילינג געלאָזט געהן קיין ירושלים, בכדי צו בעשטראָפֿען אידרע איינוואוינער.

אַז דער כּהן-גדול האָט דערזעהן, אַז די סכּנה איז נאָהענט, האָט ער בעשלאָסען זיך אונטערצוגעבען דעם זיגער. בכדי איינצושטילען אַלכּסנדר'ס כּעס, איז ידוע אַרויס פֿון ירושלים אַנטקעגען איהם, אָנגעטאָן אין זיינע הייליגע קליי-דער, און דער בעגלייטונג פֿון די כּהנים און אַ סך ירושלמ'ער בירגער. אַז אַלכּסנדר האָט דערזעהן די אידישע דעפּוטאַציע, איז ער נשתומם געוואָרען, ווייל ער האָט זיך ניט גערייכט אויף אַזאַ פֿייערליכער בעגעגעניש. ער האָט דער ערשטער זיך געבוקט פֿאַר'ן כּהן-גדול, און דער צייט, וואָס די אידען האָבען בקול רם בעגריסט דעם מאַקעדאָנישען קעניג. די דויפּטלייט, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין דעם קעניגס סוויטע, האָבען זיך געוואונדערט איבער זיין אויפֿפֿיהרונג, און איינער פֿון זיי, פּאַרמעניאָן, האָט געפֿרעגט ביי אַלכּסנדר'ן: ווי קומט עס, אַז ער, דער מעכטיגער וועלט-בעהערשער, האָט זיך געבוקט פֿאַר'ן אידישען כּהן-גדול און ניט געוואַרט, אַז יענער זאָל זיך פֿאַר איהם בוקען? דער קעניג האָט געענטפֿערט: „איך האָב זיך געבוקט ניט פֿאַר דעם דאָזיגען מענשען, נאָר צו יענעם גאָט, וואָס האָט איהם געמאַכט פֿאַר זיין כּהן-גדול. די געשטאַלט פֿון דעם דאָזיגען זקן, אין דער זעלביגער קליידונג, האָט זיך מיר בעוויזען אין חלום נאָך אין יענער צייט, בשעת איך בין געווען אין דער מאַקעדאָנישער שטאָדט דיאָם און האָב אַרומגעטראַכט דעם פּלאַן, ווי אַזוי איינצונעהמען אַזיען. יעמאָלט האָט ער מיר געגעבען אַן עצה, אונגעזאַמט אַריבערגעהן (דעם העלעספּאָנט) און האָט מיר פֿאָראויסגעזאָגט דעם נצחון איבער די פּערסער". באַלד נאָכדעם האָט אַלכּסנדר גענומען דעם כּהן-גדול פֿאַר'ן האַנד, איז אַריינגעטראָטען אין ירושלים און האָט געבראַכט אַ קרבּן אויפֿ'ן מזבּח.

אויפֿ'ן אַנדער טאָג האָט ער מודיע געווען די אידען, אַז ער ערלויבט זיי צו לעבען פֿריי, לויט זייערע אַלטע געזעצען און מנהגים. די שטייערן, וואָס

---

[1] זי איז פֿערבליבען ביי יוסף פלאוויוס („קדמוניות", קאפּ. י"א, 8), און אין אַ פֿערענדערטער פֿאָרם — אין תּלמוד, יומא, ס"ט; מגלת תענית, פּרק ט', און מדרש „ויקרא רבא". פּרק י"ג, צום סוף

זיי האבען, פריהער געצאהלט די פערסער, מוזען זיי איצט צאהלען דעם מאַקעדאָנישען פערוואלטער, נאר אין שמיטה-יאהרען, ווען די פעלדער ווערען ניט בעארבייט, זענען די איינוואוינער פריי פון די אבצאהלונגען. די אייגענע הנהגה האט ער צוגעזאגט אויך די אידען, וואס האבען געוואוינט אין באבילאניען און מעדיען. חוץ דעם האט אלכסנדר פארגעלעגט די אידען, זיי זאלען שיקען יונגע לייט צו דינען אין זיין חיל, און א סך האבען דערויף מסכים געווען.

דער פאקט גופא, אז אלכסנדר האט בעזוכט ירושלים, קען מאַקע זיין אַן אמת'ער; ס'איז אבער ניט בעוואוסט, ווי וויים ריכטיג עס זענען די פרטים פונים געבראכטען ספור. על-כל-פנים איז ניט צו בעשטרייטען, אז די ערשטע בעגעגעניש פון די גריכען מיט די אידען איז געווען א פריידליכע. אלכסנדר דער גרויסער פלעגט בכלל ניט צווינגען די איינגענומענע פעלקער, זיי זאלען אננעהמען די גריכישע ציוויליזאציע, נאר ער האט זיך געמיהט זי צונויפפאַרען מיט דער מזרח'דיגער. ער האט אומעטום ארויסגעוויזען סבלנות בנוגע צו די געזעצען און מנהגים פון אונטערטעניגע נאציעס. פונקט אזוי איז ער זיך בעגאנגען אויך מיט די אידען.

נאכדעם, ווי מלכות-יהודה איז געווארען איינגענומען פון די גריכען, איז זי צוגערעכענט געווארען צו דער פראווינץ, וואס האט געהייסען קעלעסיריען (חלל-סוריא). די לעצטע האט זיך דעמאלט געצויגען פון בארג לבנון ביז צום ים-המלח און האט ארומגענומען די גאנצע געגענד, וואס ווערט בעוואסערט פונ'ם ירדן. זי האט אויך געהייסען דרום-סיריען, בכדי אבצושיידען זי פון דער צפוני'דיגער מעסאפאטאמישער סיריען, וואס האט זיך געגרעניצט מיט'ן באסיין פון פרת. דער פערוואלטער פון דער דאזיגער פראווינץ פלעגט זיצען אין שמרון, מחמת זי איז געווען א בעפעסטיגטע שטאדט, וואס איז געלעגען אין סאמע צענטער פון דער פראווינץ.

דער ערשטער גריכישער פערוואלטער איז געווען א נ ד ר א מ א כ א ס. א טונקעלע ידיעה, וואס איז געבליבען אין די גריכישע כראניקען דערצעהלט, אז די שמרונים האבען מורד געווען קעגען אנדראמאכאס'ן, האבען געכאפט איהם און פערברענט לעבעדיגערהייד. אלכסנדר איז אין יענער צייט געווען אין עגיפטען. נאכדעם, ווי ער האט זיך אומגעקעהרט קיין סיריען, האט ער הארט בעשטראפט די אויפטוער פון דער מרידה און האט בעזעצט די שטאדט שמרון מיט מאקעדאָניער (331). צו די אידען אבער, וואס האבען אנערקענט זיין ממשלה, האט ער זיך גוט פערהאלטען און האט אפילו צוגעגעבען צו זייער טעריטאריע עטליכע געגענדען נעבען דער גרעניץ, וואס האבען געהערט פריהער צו די שמרונים.

א גרויסע היסטארישע בעדייטונג האט בעקומען אלכסנדרס א צווייטע טאט: די גרינדונג פון דער שטאדט א ל כ ס נ ד ר י א אין מצרים, אויפ'ן ברעג פון מיטעללענדישען ים. באלד ווי עס איז געגרינדעט געווארען די דאזיגע שטאדט,

וואס איז אין גיכען געווארען די הויפט-שטאדט פון מצרים און דער צענטער פון דער העלענישער בילדונג אין אריענט, האבען זיך דארט בעזעצט, אינאיינעם מיט גריכען און ארטיגע תושבים, אויך אידען. די לעצטע האבען בעקומען אלע בירגערליכע רעכט, צוגלייך מיט די מאקעדאנישע קאלאניסטען. אזוי איז אוועקגעלעגט געווארען א פונדאמענט צו א אידישער קאלאניע, וואס איז שפעטער שטארק אויסגעוואקסען און האט בעקומען די בעדייטונג פון א גרויסען קולטור-צענטער פאר די אידען, וואס האבען געלעבט אין גלות, אין דער עפאכע פון דער גריכיש-רוימישער איבערהערשאפט.

## די אידען אינם קאמפף פון די דיאדאכען (אלכסנדר מוקדונים יורשים).

§ 28. נאכדעם, ווי אלכסנדר דער גרויסער האט איינגענומען גאנץ מערב-אזיען און צפון-אפריקא, איז ער צוגעטראטען צום איינארדנען זיין אונגעהויערע אימפעריע. די איינגענומענע ארטיגע תושבים האט ער געגעבען א פולשטענדיגע אינעווייניגסטע זעלבסטפערוואלטונג, ער האט מעהר ניט געווארגט דערפאר, אז אויף א פרידליכען אופן זאלען זיך צונויפגיסען די גריכישע עלעמענטען מיט די אריענטאלישע. נאר פלוצלינג, אין מיטען די דאזיגע דאגות וועגען איינארדנען די וועלט-מאנארכיע, איז אלכסנדר געשטארבען אין בבל, 33 יאהר אלט (323). יעמאלט האט זיך אנגעהויבען דער פיעל-יאהריגער קאמפף צווישען די דיאדאכען, דאס הייסט אלכסנדרס הויפטלייט אדער „יורשים", וואס האבען צעטיילט צווישען זיך זיין מאנארכיע אין דריי ערדטיילען.

אין מזרח האבען זיך פערפעסטיגט צוויי פון די הויפט-דיאדאכען: תלמי המלך (פטאלאמיי לאגוס) אין עגיפטען און סעלייקוס אין באבילאניען. מלכות-יהודה איז געלעגען נעהנטער צו די גרעניצען פון עגיפטען, איידער צו באבילאניען, און מחמת דעם האט תלמי דער ערשטער אבגענומען דאס לאנד יהודה ביים פערוואלטער פון קעלעסיריען לאאמעדאן (320).

אין יענער צייט האט אלכסנדרס עלטסטער קריגס-הויפטמאן, אנטיגנוס, פערטראכט איינצונעהמען גאנץ אזיען און האט אנגעהויבען ארויסצושטופען אלע איבעריגע פערוואלטער פון זייערע לענדער. קעגען איהם האט זיך געבילדעט א קריגס-בונד, וואס אין איהם זענען אריין תלמי און סעלייקוס. נאך לאנג דויערנדיגע מלחמות האט תלמי אבגעהאלטען א נצחון נעבען דער פאלעסטינישער האפען-שטאדט עזה (312) און האט פון דאס-ניי איינגענומען קעלעסיריען אינאיינעם מיט מלכות-יהודה. די גריכישע כראניקען בעהויפטען, אז תלמי איז אריינגעדרונגען אין ירושלים אום שבת, בשעת די אידען, וואס האבען שטרענג אבגעהיט זייער רעליגיע, האבען ניט געוואלט נעהמען זיך פאר די געוועהר, און אויף אזא אופן האט זיך איהם איינגעגעבען איינצונעהמען די שטאדט אהן א ווידערשטאנד.

דער נצחון פֿון די פֿערבינדעטע בײַ עזה האָט געגעבן די מעגליכקייט סעלעוקוס'ן פֿון דאָס נײַ צו פֿערכאַפּן די באַבילאָנישע סאַטראַפּיע אָדער מעסאָפּאָטאַמיען. אַזוי האָט זיך אײַנגעשטעלט אינ'ם צענטער פֿון דער געוועזענער פּערסישער אימפּעריע דאָס קעניגרײַך פֿון די סעלעוקידען, וואָס איהר אָנהויב, דעם יאָהר 312, איז אָנגענומען געוועזען צו רעכענען פֿאַר אַן אָנהויב פֿון אַ נײַער צײַטרעכענונג. „די סעלעוקידישע צײַטרעכענונג", וואָס איז געוועזען פֿערבונדען מיט דער בעפֿעסטיגונג פֿון דער גריכישער ממשלה אין אַזיען, האָבען שפּעטער געברויכט די אַזיאַטישע גריכען און אידען אין משך פֿון עטליכע יאָהרהונדערטען. בײַ די אידען האָט זי געהייסען „די צײַטרעכענונג פֿאַר דאָקומענטען" (מנין שטרות), ווײַל מען פֿלעגט זי געברויכען ברוב אין שריפֿטליכע אָבמאַכען און קאָנטראַקטען.

נאָר מיטן נצחון בײַ עזה האָבען זיך די קריג צווישען די דיאַדאָכען נאָך ניט געענדיגט. אַנטיגונוס און זײַן זוהן דימיטריוס פּאָליאָרקעטעס האָבען פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבען מאַכען ווײַטערע אָנפֿאַלען, מחמת זיי האָבען געוואָלט שאַפֿען אַ פֿעראייניגטע אימפּעריע אין אָריענט. קעגען זיי האָט זיך געבילדעט אַ נײַער בונד, וואָס האָט נאָך אַ גאַנצער ריי פֿון מלחמות אָבגעהאַלטען אַ גלענצענדען נצחון בײַ איפּסאָס, אין פֿריגיען (301). אַנטיגונוס איז אומגעקומען אין דער דאָזיגער שלאַכט. דער הויפּט־זיגער בײַ איפּסאָס איז געוועזען סעלעוקוס, וואָס האָט בעקומען דעם צונאָמען ניקאַטאָר (זיגער). צו זײַנע לענדער זענען צוגעקומען סיריען און קליין־אַזיען. דאָ, אויפֿ'ן אָרט, וואו דער טײַך אָראָנטעס פֿאַלט אַרײַן אין מיטעלענדישען ים, האָט סעלעוקוס געגרינדעט די שטאָדט אַנטיוכיא, וואָס איז געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פֿונ'ם גרויסען גריכיש־סירישען קעניגרײַך און האָט שפּעטער געהאַט אַ צאָהלרײַכע אידישע בעפֿעלקערונג.

קעלעסיריען מיט מלכות־יהודה, וואָס האָבען זיך געגרענעצט מיט סיריען, זענען געבליבען אין די הענד פֿונ'ם עגיפּטישען קעניג תּלמי. נאָר סעלעוקוס I און זײַנע יורשים האָבען גערעכענט, אַז געזעצליך געהערט די דאָזיגע פּראָווינץ צו זיי, און האָבען דעריבער געפֿיהרט לאַנגדויערנדיגע מלחמות מיט די תּלמיים.

## תּלמי I און II.

§ 29. וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מלכות־יהודה פֿאַר דער צײַט פֿון די דאָזיגע קריגס־שטורמען, וואָס האָבען צעטרייסעלט דעם גאַנצען אָריענט? די אידען האָבען געזעהן, „ווי עס האָבען געשטורעמט די פֿעלקער, און געפֿאַלען זענען קעניגרײַכען"; אַרום זיי האָט געזידט און געקאָכט די גרויסע פֿעלקער־שלאַכט, און „עס האָט זיך געביטען דער פּנים פֿון דער ערד"; זיי זענען אַריבער פֿון דער פּערסישער ממשלה אַמאָל צו די סירישע, אַמאָל צו די עגיפּטישע גריכען.

פֿאַר קײן אַקטיוון אָנטײל האָבן זײ נישט גענומען אין אַלע די איבערקערענישן. אַז די קריגס־שטורעמען האָבן זיך אײנגעשטילט (301), איז מלכות־יהודה שוין געשטאַנען אונטער דער ממשלה פֿונעם נײ־עגיפּטישן קעניגרײַך פֿון די תּלמיים; אין דער הױפּט־שטאָדט פֿון דער דאָזיקער מלוכה האָט זיך געבילדעט אַ צאָהלרײַכע אידישע קאָלאָניע. יענע אידן אָבער, װאָס האָבן פֿריִער געװאױנט אין פּערסיען גופֿא, אין באַבילאָניען און מדיען, האָבן זיך אײנגעפֿונען אין דער גרױסער אימפּעריע פֿון די סעלײקידען, װאָס איז געגרינדעט געװאָרן אױף די חורבות פֿון דער פּערסישער מאָנאַרכיע.

מיט דער עגיפּטישער איבערהערשאַפֿט האָבן די אידן גאָר גיך זיך אײנגעלעבט, װאָרום זי האָט, לכל הפּחות די ערשטע צײַט, נישט געשטערט זײער אינערלעכסטע פֿרײַהײט מער, װי די פֿריִערדיקע פּערסישע איבערהערשאַפֿט. תּלמי I לאַגוס, װאָס האָט באַקומען דעם צונאָמען ס אָ ט ע ר, האָט אין דער צײַט פֿון דער מלחמה צװישן די דיאַדאָכן פֿאַרכאַפּט ירושלים און אַװעקגעפֿירט אַ סך געפֿאַנגענע אידן קײן עגיפּטן; נאָר אַז די דאָזיקע מלחמות האָבן זיך געענדיקט, איז ער געװאָרן אַ פֿרײַנדלעכער הערשער, װאָס האָט זיך גוט פֿאַרהאַלטן צו די אונטערטעניקע פֿעלקער.

אין מלכות־יהודה איז געבליבן די פֿריִערדיקע פֿאַרװאַלטונגס־אָרדנונג, נאָר אײניקע פֿאָרמען אירע זענען אין אַ געװיסער מאָס אומגעביטן געװאָרן. בראש פֿון פֿאָלק איז געשטאַנען דער כּהן־גדול פֿון ירושלים, װאָס האָט פֿאַרװאַלטעט איבער די ענינים פֿון מלכות־יהודה מיט דער הילף פֿון אַ ראַט פֿון זקנים (אױף גריכיש „געראוזיאַ"). דער כּהן־גדול האָט זיך גערעכנט, אַלס דער אָפֿיציעלער איבערשטער פֿון אידישן פֿאָלק (עטנאַרך) און אַלס זײַן פֿאָרשטײער פֿאַר דער עגיפּטישער רעגירונג. ער האָט געמוזט דירעקט צושטעלן אין דער קעניגלעכער קאַסע אַ יערלעכע אָבצאָהלונג פֿון די אידן, װאָס אין דער העלפֿט פֿון III יאָהרהונדערט האָט זי בעטראָפֿן צװאַנציג טאַלענטן זילבער. אין ערשטן יאָהרהונדערט פֿון דער גריכישער איבערהערשאַפֿט זענען געװען כּהנים־גדולים (לױט יוסף פֿלאַװיוס) אײנער נאָכן אַנדערן פֿאָלגענדע מיטגלידער פֿון דער אַלטער דינאַסטיע פֿון די בני־צדוק: דער שױן דערמאָנטער ידוע, װאָס האָט געלעבט אין אלכּסנדר מוקדונס צײַטן; זײַן זוהן חוניו I; חוניוס זוהן: שמעון I און אלעזר (פֿאַר דער צײַט פֿון די ערשטע צװײ תּלמיים) און שמעונס זוהן חוניו II.

אױב אין מלכות־יהודה איז די אינערלעכסטע אָרדנונג כּמעט װי נישט אומגעביטן געװאָרן, איז דערפֿאַר אָבער זענען אױסער איהר פֿאָרגעקומען אַ סך שנויים. דער הױפּט־שנוי איז בעשטאַנען דערין, װאָס סדאָס זיך געבילדעט אַ גרױסער אידישער צענטער אין דער הױפּט־שטאָדט פֿון דער נײַער עגיפּטן — אין אַלכּסנדריאַ. שױן אין דער צײַט פֿון אלכּסנדר מוקדון האָבן אידן אָנגעהױבן בעזעצן זיך אין אלכּסנדריאַ, נאָך מער זענען צוגעקומען נאָך אלכּסנדרס

טוּיט. אין דער צייט פון דער מלחמה צווישען די דיאַדאָכען האָט תּלמי פער־שיקט אהין אַ סך קריגס־געפאַנגענע איינוואוינער פון מלכות־ יהודה. ס'איז מעגליך, אַז אַנדערע אידען זענען אַליין אַנטלאָפען געוואָרען קיין עגיפּטען פון סיריען און פּאַלעסטינע, וואו עס האָט געבּרענט די מלחמה. אַז עס האָט זיך איינגעשטעלט רוה, האָבען אַ סך אידען אָנגעהויבען פריוויליג עמיגרירען קיין אַלכּסנדריאַ, וואו די אימיגראַנטען האָבען געקאָנט ענטוויקלען אַ ברייטע אינדוסטריעלע טעטיגקייט. תּלמי I האָט אונטערשטיצט די דאָזיגע אימיגראַציע. ס'איז פאַראַן אַ מסורה, אַז ער האָט אָנגעטרויט אפילו אידישע קריגס־לייט צו בעשיצען די בעפעסטיגטע שטעדט אין עגיפּטען.

אין אַלכּסנדריאַ האָבען די אידען לכתחלה זיך בעזעצט מאַסענווייז אין איין שטאָדט־קוואַרטאַל, בכדי זיך ניט צונויפצומישען מיט די אָרטיגע איינוואוינער. פונדעסטוועגען האָט זיך גאָר גיך אָבגערופען די ווירקונג פון דער גריכישער קולטור אויפ'ן לעבען פון די אידען אין אלכּסנדריאַ. זיי האָבען געלעבט אפילו אָבגעזונדערט פון די קאָפּטען, די אַלטע עגיפּטישע איינוואוינער, דערפאַר אָבער האָבען זיי זיך גרינג דערנעהנטערט צו די געבילדעטע גריכען. די אַראַמישע שפּראַך, וואָס אויף איהר האָבען גערעדט דעמאָלט אַלע אידען פון פאָדער־אַזיען, איז אַלץ מעהר אַרויסגעשטופּט געוואָרען דורך דער גריכישער שפּראַך. אויף גריכיש זענען אויך שפּעטער איבּערזעצט געוואָרען אפילו די הייליגע ביכער פון תּנ"ך.

אַן אַלטע לעגענדע דערצעהלט, אַז די כּתבי־הקודש זענען איבּערזעצט געוואָרען אויף גריכיש אין דער צייט פון תּלמי II פילאַדעלפוס (283—247). ווי עס וועט ווייטער דערקלערט ווערען, איז די דאָזיגע לעגענדע אין אַ סך פּרטים היסטאָריש ניט גענוי. נאָר אין יעדען פאַל איז צום סוף פון ערשטען יאָהרהונדערט, זינט די תּלמיים האָבען געהערשט, געמאַכט געוואָרען דער אָנהויב צום איבּערזעצען דעם תּנ"ך אויף גריכיש.

די לעגענדע שטרייכט אונטער, אַז תּלמי II האָט זיך בכלל פערהאַלטען ניט־געוועהנליך גוט צו די אידען. ס'ווערט דערצעהלט, אַז דער נייער קעניג האָט בּעפרייעט אַלע אידען, וואָס מען האָט איבּערגעוואַלד אַריבּערגעשיקט קיין עגיפּטען; אין זיין פאָטערס צייטען האָבען זיך די דאָזיגע אידען זיך געפונען אין מיליטער, אַלס קריגס־געפאַנגענע, אָדער האָבען זיך געמאַטערט אין קנעכט־שאַפט ביי פּריוואַטע בעלי־בּתּים. ס'איז וועהר מעגליך, אַז הגם ווי תּלמי II האָט שטענדיג געפיהרט מלחמות מיט די סירישע מלכים צוליעב קעלע־סיריען און מלכות־יהודה, איז דעריבער האָט ער געמיהט זיך צוצוציהען צו זיך די אידישע בעפעלקערונג דורך אַלערליי הנחות און פּריווילעגיעס, בכדי זיי אָבצוציהען דורכדעם פון זיינע פיינד. דאָס איז געווען ניט אַזוי איבּער טעמים פון מענשען־ליעבע, ווי פון פּאָליטישער קלוגשאַפט, וואָס האָט געהאַט אידישע

ווארצלען אין די דעמאָלטיגע אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען אין אריענט, — ווי עס האָבען בעוויזען די שפּעטערדיגע געשעהענישען.

## תלמי און יוסף בן־טוביה.

§ 30. די בעציהונגען פון מלכות־יהודה צו דער עגיפּטישער איבערהער־שאַפט זענען געוואָרען מעהר פערפלאָנטערט אין דער צייט פונ'ם דריטען קעניג פון דער תלמי'שער דינאַסטיע, וואָס האָט בעקומען דעם צונאָמען אייערגעטעס (221—247). דער דאָזיגער קעניג האָט זיך פערהאַלטען פריינדליך צו אידען, פונקט אַזוי ווי די פריהערדיגע מלכים. נאָר אין די העכסטע ספערען פון ירושלים האָט זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען א נטיה צו סיריען, וואָס האָט נאָך אַלץ געפיהרט מלחמה מיט עגיפּטען צוליעב קעלעסיריען און וואָס איהרע מושלים האָבען זיך געמיהט אַריבערציהען אויף זייער צד די איינפלוסרייכע מענשען פון מלכות־יהודה. לכל הפחות נאָר דערמיט קאָן מען ערקלערען די מאָדנע אויפפיהרונג פונ'ם דעמאָלטיגען ירושלמ'ער כהן־גדול חוניו II, וואָס האָט מיט אַמאָל זיך אָבגעזאָגט צו צאָהלען עגיפּטען די איינגעשטעלטע יעהרליכע שטייער פון 20 טאַלענטען. צי מחמת א פערזענליכען סכסוך, וואָס איז אַרויסגעקומען צווישען חוניו II מיט די תלמיים, אָדער מחמת די סעליוקידען האָבען איהם צוגעזאָגט גרויסע הנחות, האָט ער געקאָנט צושטעהן צו דער פּאַרטיי, וואָס האָט בעסער געוואָלט זיין אונטערטעניג סיריען, איידער עגיפּטען. די דאָזיגע פּאַרטיי איז, אפנים, געווען נאָך זעהר קליין; דער גרעסטער רוב פון פאָלק האָבען גאָרנישט ניט געהאַט קעגען דער איבערהערשאַפט פון די תלמיים, וואָס האָט געהיטערט די אינעווייניגסטע פריהייט פון מלכות יהודה.

בשעת חוניו האָט זיך אָבגעזאָגט פון צו צאָהלען צינז, איז תלמי שטאַרק אין כעס געוואָרען. דער קעניג האָט געשיקט אין ירושלים א שליח, מיט'ן נאָמען אַטעניאָן, מיט דער פאָדערונג אָבצוצאָהלען דעם געזעצליכען צינז; באם ניט, האָט ער געסטראַשעט צו צעטיילען די אידישע לענדער צווישען די גריכישע סאָלדאַטען. נאָר דער כהן־גדול האָט גאָרנישט ניט געוואָלט הערען. חוניו'ס עקשנות האָט געקאָנט ברענגען א גרויסע צרה אויף מלכות־יהודה. ביים פאָלק איז געוואַקסען אַן אונצופרידענקייט קעגען דעם כהן־גדול און זיין פּאַרטיי, וואָס האָבען געוואָלט אײנשטעלען דאָס פאָטערלאַנד אין סכנה. עס האָט גע־האַלטען דערביי, עס זאָל זיך פונאַנדערפלאַקערן א בירגער־קריג, נאָך איידער דער עגיפּטישער חיל וועט אָנקומען. נאָר דאָ האָט זיך געפונען א מענש, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען אַרויסצופיהרען דאָס לאַנד פון דער געפעהרליכער לאַגע.

חוניו האָט געהאַט א יונגען פּלימעניק, יוסף בן־טוביה, וואָס איז געווען אַן ענערגישער און א קלוגער מענש. אינם סכסוך פונ'ם כהן־גדול מיט דער עגיפּטישער רעגירונג, האָט יוסף זיך געשטעלט אויפ'ן צד פון דער לעצטער. ער איז אוועק צו זיין [illegible] פעטער און דער האָט איהם געמאַכט פאַר־

דאורפֿען אינ'ם נאָמען פֿון פֿאָלק און האָט איהם געגעבּען אַנ'עצה, ער זאָל פֿאָהרען קיין עגיפּטען און בּעטען ענטשולדיגונג בּיים קעניג. חוניו האָט געענטפֿערט, אַז ער איז בּעסער גרייט זיך אָבּצוזאָגען פֿון דער כּהונה, אײדער צו פֿאָהרען קיין אַלכּסנדריא. יעמאָלט האָט יוסף געפֿאָדערט, אַז דער פֿעטער זאָל איהם אַליין ערלױבּען הינפֿאָהרען זיך קיין אַלכּסנדריא, כּדי צו פֿיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט'ן קעניג. אַז יוסף האָט בּעקומען די ערלױבּניש דערויף, האָט ער צונויפֿגעקליבּען אין בּית-המקדש אַ פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג און האָט בּערוהיגט די ירושלמ'ער און צוגעזאָגט זיי, אַז ער וועט איינאָרדנען די גאַנצע זאַך און וועט איבּערציינגען דעם קעניג, אַז די אידען זענען איהם געטריי. אין דער זעלבּיגער צייט האָט ער דורך רייכע מתּנות געוואונען די פֿריינדשאַפֿט פֿונ'ם עגיפּטישען שליח אַנטעניאָן, איידער יענער איז אַוועקגעפֿאָהרען קיין אַלכּסנדריא, כּדי ער זאָל איהם העלפֿען בּיים הויף.

יוסף האָט געליהען געלד אויף דער נסיעה בּיי זיינע רייכע פֿריינד אין שומרון, האָט געמאַכט די נויטיגע הכנות און איז אַוועקגעפֿאָהרען קיין עגיפּטען. אונטערוועגס האָט ער זיך צופֿעליג געטראָפֿען מיט די איבּערשטע און עלטסטע פֿון די סוריא-פּאַלעסטינישע שטעדט, וואָס פֿלעגען אַלע יאָהר פֿאָהרען קיין אַלכּסנדריא, כּדי צו נעהמען אין חכירה די קעניגליכע שטייערן אין זייערע שטעדט. די רייכע חוכרים האָבּען זיך פֿערהאַלטען מיט פֿעראַכטונג צו יוספֿ'ן, און ער האָט נאָר געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי אַליין צו ווערען אַ חוכר און דערשלאָגען זיך אויף אַזאַ אופֿן צו רייכקייט און מאַכט.

אַז יוסף איז אָנגעקומען קיין עגיפּטען, האָט דער שליח אַנטעניאָן, וואָס האָט זיך שוין פֿריהער געהאַט אומגעקעהרט אַהין, בּעוויזען צו מאַכען איהם בּעליעבּט אין תּלמיים אויגען. בּיים הויף האָט מען יוספֿ'ן, אַלס אַ פֿריינד פֿון דער עגיפּטישער רעגירונג, גוט אויפֿגענומען. דורך גוטע רייד און חניפֿה האָט זיך איהם איינגעגעבּען אינגאַנצען צו בּערוהיגען דעם קעניג בּנוגע צו דעם „קאַפּריז" פֿונ'ם אַלטען כּהן-גדול און צו איבּערציינגען איהם, אַז דאָס אידישע פֿאָלק איז איהם געטריי.

אַז יוסף איז שוין געוואָרען אַנ'אָנגעלעגטער גאַסט בּיים הויף, איז ער צוגעטראָטען צום פֿערווירקליכען זיין פֿינאַנציעלען פּלאַן. אַז עס איז אָנגעקומען דער טאָג פֿון די טאָרגעס וועגען דער חכירה פֿון די שטייערן, און די סורישע חוכרים האָבּען אָנגעהויבּען בּאַטען מקחים פֿאַר דער חכירה אין קאָעלעסיריען, פֿעניציען, שומרון און מלכות-יהודה, האָט יוסף ערקלערט, אַז ער גיט צוויי מאָל אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל מען האָט פֿאָרגעלעגט, וואָס האָט אויסגעמאַכט אַכט טויזענד טאַלענטען — און די חכירה איז פֿערבּליבּען פֿאַר איהם. אַז דער קעניג האָט בּאַלד נאָכדעם געפֿרעגט, וואָס פֿאַר אַנ'ערבֿות יוסף קאָן פֿאָרשטעלען אויף צו פֿערזיכערן די חכירה, האָט יוסף געענטפֿערט, אַז ערבֿ זיין פֿאַר איהם קאָנען דער קעניג און די קעניגין פֿון עגיפּטען. דער דאָזיגער דרייסטער

ענטפֿער איז געפֿעלען געוואָרען, יוסף איז געוואָרען בעפֿרייט פֿון ערבֿות און בעשטימט פֿאַר'ן הויפּט-חוכר פֿון די שטייערן אין פּאַלעסטינע.

אַלס פֿינאַנציעלער אַגענט, האָט יוסף אין גיכען גלענצענד אויסגעפֿילט זיין אויפֿגאַבע. פֿון קעניג האָט ער בעקומען אַנ'אָבטיילונג פֿון צוויי טויזענד קריגס-לייט, אויף דעם פֿאַל, טאָמער וועט נויטיג זיין אויפֿצומאָנען די שטייערן איבערגעוואַלד, און איז אַרויסגעפֿאָהרען פֿון אלכסנדריא אין זיין שטייער-ראַיאָן. די הויפּטישע איינוואוינער פֿון אַשקלון האָבען בעגעגענט מיט געלעכטער דעם נייעם אידישען חוכר און האָבען זיך אָבגעזאָגט צו צאָהלען אידם די פֿעסט-געשטעלטע שטייערן. יעמאָלט האָט יוסף געהייסען טויטען צוואַנציג חשובֿ-סטע בירגער פֿון שטאָדט, אַלס די אויפֿטועער פֿון די אונאָרדנונגען, האָט קאָנ-פֿיסקירט זייער פֿערמעגען און אָבגעשיקט עס אין דער קעניגליכער קאַסע. אַזוי האָט ער אויך געטאָן אין סקיטאָפּאָליס (בית-שאָן). מחמת דער דאָזיגער שטרענג-קייט האָבען אַלע מורא געקראָגען פֿאַר אידם — און אַלע איבעריגע שטעדט, וואו יוסף מיט זיין אָבטיילונג זענען דורכגעפֿאָהרען, האָבען אָהן שום טענות אויסגעצאָהלט די שטייערן, וואָס מען האָט פֿון זיי געפֿאָדערט. דער נייער שטייער-קלייבער האָט פֿערמעהרט די הכנסות פֿון דער קרוין, פֿלעגט צייטענווייז שיקען טייערע מתנות דעם קעניג און דער קעניגין קיין אלכסנדריא, און דורך דעם האָט ער נאָך מעהר פֿערפֿעסטיגט זיין אָפֿיציעלע לאַגע. אין דערזעלביגער צייט האָט ער אויך ניט פֿערגעסען זיינע אייגענע אינטערעסען: זיין רייכקייט איז אַלץ געוואַקסען, און זיין מאַכט אין דעם גרויסען שטייער-ראַיאָן איז געווען כמעט גלייך צו דער מאַכט פֿון אַ קעניגליכען פֿערוואַלטער. אין מלכות-יהודה האָט יוסף אינגאַנצען אָבגעשטופּט אָן אַ זייט דעם כהן-גדול און איז אַליין געוואָרען דער איינציגער איינפֿלוסרייכער פֿערמיטלער צווישען פֿאָלק און דער עגיפּטישער רעגירונג.

22 יאָהר האָט יוסף בן-טוביה פֿערוואַלטעט איבער'ן קלייבען די שטייערן אין קעלעסיריען און פּאַלעסטינע, און האָט געהאַט בכלל אַ בעדייטענדען איינ-פֿלוס אויף דער פֿערוואַלטונג אין די דאָזיגע עגיפּטישע פּראָווינצען. אין וואָס דער דאָזיגער איינפֿלוס האָט זיך אויסגעדריקט אין פּאָליטישען לעבען פֿון מלכות-יהודה — איז ניט בעוואוסט. די ידיעות, וואָס די כראָניקען ברענגען וועגען יוסף'ן, זענען פֿול מיט אַנעקדאָטישע שטריכען, זענען כראָנאָלאָגיש ניט גענוי און ניט גענוג צונויפֿגעבונדען מיט די שפּעטערדיגע געשעהענישען[2]. נאָר ס'איז קיין ספֿק ניט, אַז דער עצם פֿון דעם דאָזיגען עפּיזאָד טראָגט אַ היסטאָרישען כאַ-ראַקטער. די סיסטעם פֿון חכירות, וואָס איז געוואָרען איינגעפֿיהרט אין מלכות-יהודה, האָט געהאַט אַ ווירקונג ניט בלויז אויף דער פֿערוואַלטונגס-אָרדנונג אין

---

[2]) זעה די גענויע ערצעהלונג אין „קדמוניות היהודים" פֿון יוסיפוס פֿלאַוויוס, קאַפּ. י"ב, 4, וואו עס זענען פֿערמישט תלמי III און תלמי V אין דעם גאַנצען עפּיזאָד

לאנד, נאר אויך אויף דער ענטוויקלונג פון דער אויסוויינסטער קולטור. סיהאט זיך ענטוויקעלט דער קאפיטאליזם, סיזענען פערברייטערט געווארען די אינטער־נאציאנאלע עקאנאמישע פערבינדונגען, די אידען האבען זיך גיך אנגעאייגענט די קאסמאפאליטישע גריכישע קולטור — מיט איין ווארט, סיאיז געלעגט געווא־רען א פונדאמענט פאר יענער העלעניסטישער ריכטונג אין מלכות־יהודה, וואס האט אין דעם פאלגענדען יאהרהונדערט געשפיעלט אזא בעדייטענדע ראלל אין דער געשיכטע פונים דאזיגען לאנד.

## דער איבערגאנג פון דער ממשלה איבער מלכות־יהודה פון די תלמיים צו די סעלייקידען.

§ 31. דער קאמפף צווישען עגיפטען און סיריען צוליעב קעלעסיריען האט דערגרייכט צו דער שארפסטער פארם אין דער צייט פון תלמי IV פילאפאטאר (221—204). פאר די צייטען פון דעם דאזיגען קעניג האט די דינאסטיע פון די תלמיים שוין אנגעהויבען אראבלאזען זיך און פאלען, מחמת דעם, וואס די מושלים זענען געווען שטארק נוטה צו לוקסוס, צו אנ'אויסגעלאסענעם לעבען און צו דעספאטיזם.

און אין דערזעלביגער צייט האט די דינאסטיע פון די סעלייקידען ארויס־געריקט א שטארקען און ענערגישען קעניג, וואס האט געשטרעבט צו מאכען זיין מלוכה פאר א וועלט־קעניגרייך. דאס איז געווען אנטיוכוס III דער גרויסער (223—187). אנטיוכוס האט זיך בענוצט דערמיט, וואס טעאדאטוס, דער עגיפטישער פערוואלטער אין קעלעסיריען און פאלעסטינע, האט מורד געווען קעגען זיין קעניג, און האט אהין ארייגעשיקט זיין חיל און פערנומען דארט עטליכע שטעדט. נאר אין יאהר 217 איז תלמי פילאפאטאר ארויסגעטראטען קעגען איהם מיט זיין חיל און האט איהם געגעבען א גרויסע מפלה ביי ראפיא.

א שפעטערדיגע לעגענדע[3] דערצעהלט, אז נאך דעם דאזיגען נצחון איז תלמי IV ארייגעטראטען אין ירושלים, און ניט קוקענדיג אויף די בקשות פון די כהנים, האט ער זיך ארייגעריסען אין קדשי־קדשים פון בית־המקדש, וואוהין קיין מענש, חוץ'ן כהן־גדול, האט ניט געטארט ארייגעהן; נאר דארט איז ער געפאלען אין חלשות, און מ'האט איהם געמוזט ארויסטראגען אויף די הענד. די ירושלמים האבען בעהויפטעט, אז דאס האט ער בעקומען א שטראף דערפאר, וואס ער האט פערשוועכט דעם הייליגטום. נאר תלמי איז מחמת דער מעשה גע־ווארען שטארק איפגעבראכט קעגען די אידען, און אז ער האט זיך אומגע־קעהרט קיין עגיפטען, האט ער אנגעהויבען אונטערדריקען זיינע אידישע אונ־טערטאנען. ער האט בעגרענעצט די בירגערליכע רעכטע פון די עגיפטישע אידען

[3] ספר השמונאים

און האָט איבערגעריבען רדיפות קעגען דער אידישער רעליגיע. ערשט שפעטער האָט ער אָבגעשטעלט זיינע געוואַלדטאַטען. די דאָזיגע לעגענדאַרישע ערצעהלונג האָט אפשר מעהר ניט ווי איין קערנדיל אמת אין זיך, דאָס-הייסט, אָט וואָס: אַז זינט תלמי IV-טענס צייטען זענען שוין ערגער געוואָרען די בעציהונגען פון די עגיפּטישע מושלים צו די אידען.

דערמיט קאָן ערקלערט ווערען מסתמא דער פאַקט, וואָס אין מלכות-יהודה האָט זיך פערגרעסערט די סימפּאַטיע צו די סעליִיקידען. אין ירושלים האָט אָנגעהויבען ניט דייטליך אַרויסצוטרעטען דער קאַמפּף פון די פּאָליטישע פּאַר-טייען. דער ליעבלינג פונ'ם הויף אין אַלכסנדריא, דער קעניגליכער חוכר יוסף בן-טוביה, איז, פערשטעהט זיך, געשטאַנען אינגאַנצען פאַר דער איבערהערשאַפט פון עגיפּטען. נאָר אין זיין משפחה זענען אַרויסגעקומען מחלוקות, וואָס האָבען געבראַכט צו פּאָליטישע שוועריגקייטען.

יוסף האָט געהאַט זיבען זיהן פון זיין ערשטער פרוי און אַ זיבעטען זוהן, וואָס האָט געהייסען הורקנוס, פון זיין פּלימעניצע. די ערצעהלונג וועגען הורקנוס'עס אָבשטאַמונג בעווייזט, אַז די אידישע גבירים האָבען געהאַט שוין אָנגענומען די פערשייטע מדות פון די העלענען. הזות, ווי יוסף פלעגט אָפט קומען צו פאָהרען קיין אַלכסנדריא און בעזוכען דעם קעניגליכען הויף, האָט ער, אַפּנים, זיך אָנגעאייגענט די אונזיטליכע נטיות פון די הויפס-לייט. איין מאָל, ביי אַ מאָלצייט אין הויף, האָט זיך ביי איהם דערוועקט אַ תאוה צו אַ שענער טענצערין און ער האָט אויסגעזאָגט דעם דאָזיגען סוד זיינעם אַ ברודער, וואָס איז אויך גראָד דעןמאָל געקומען צו פאָהרען קיין אַלכסנדריא מיט זיינער אַ טאָכטער, אַ יונגער מיידעל, מיט'ן נאָמען שלומיה. בכדי אָבצוהיטען יוסף'ן פון אַ חטא, האָט דער ברודער חתונה געמאַכט מיט איהם זיין טאָכטער — און הורקנוס איז דאָס געווען שלומיה'ס זוהן. דעם דאָזיגען זוהן האָט יוסף ליעב געהאַט מעהר פון אַלע זיינע איבעריגע זיהן, און אַז יענער איז אויסגעוואַקסען, האָט ער אָנגעהויבען שיקען איהם צום קעניגליכען הויף אין אַלכסנדריא, בכדי ער זאָל איהם דאָרט פערטרעטען. הורקנוס האָט שטאַרק נושא חן געווען ביים קעניג און ביי די הויפס-לייט; ער האָט בעקומען גרויס חשק צו לוקסוס און האָט גיך פערשוועגדט די געלד, וואָס זיין פאָטער האָט זיך איינגעגעבען צונויפ-צוקלייבען אין משך פון אַ לאַנגער צייט. די עלטערע ברידער האָבען פיינט געהאַט הורקנוס'ן. איינמאָל האָבען זיי אַפילו צונויפגערעדט זיך איהם צו הרג'ענען, נאָר ער האָט זיך פערהיט פון דער סכנה און האָט געטויט צוויי פון זיינע ברידער.

נאָך יוסף'ס טויט זענען די מחלוקות אין זיין משפחה נאָך שטאַרקער געוואָרען, און האָבען געבראַכט דערצו, אַז עס האָבען זיך געבילדעט צוויי פיינד-ליכע פּאָליטישע גרופּעס. הורקנוס, וואָס האָט אפשר געירש'ט נאָכ'ן פאָטער דעם אָפיציעלען פּאָסטען פון אַ חוכר, איז געשטאַנען בראש פון די אָנהענגער פון עגיפּטען.

זײַנע ברידער אָבער, װאָס האָבן געהאַט דעם צונאָמען בני־טוביה (נאָך זײער זײדנס נאָמען), זענען געשטאַנען פֿאַר סיריען און די סעלעוקידן. צו די בני־טוביה איז צוגעשטאַנען אױך דער נײַער כהן־גדול שמעון II, אַ זון פֿון יענעם חוניו II, װאָס האָט געפֿירט אַן אַנטי־עגיפּטישע פּאָליטיק נאָך אין דער צײַט פֿון תלמי איװערגעטעס.

אין יענער צײַט (204) איז געשטאָרבן פּטאָלעמײַאָס און האָט געלאָזן נאָך זיך אַ יונגן יורש, תלמי V עפּיפֿאַנעס. דער סירישער קעניג אַנטיוכוס דער גרױסער האָט װידער אױסגענוצט די שװעריקע לאַגע פֿון עגיפּטן און האָט אױף דאָס־נײַ אָנגעהױבן דעם קריג צוליב קעלעסיריען. דאָס מאָל האָט זיך אים אײַנגעגעבן אײַנצונעמען די גאַנצע טעריטאָריע פֿון מלכות־יהודה (בערך אין יאָר 201). די עגיפּטישע רעגירונג האָט אָנגעשטרענגט אירע לעצטע כוחות, כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן אַנטקעגן דעם פֿײַנד. זי האָט אַרױסגעשיקט קעגן אַנטיוכוס'ן דעם קריגס־הױפּטמאַן סקאָפּאַס מיט אַ סך געדונגענע זעלנער. סקאָפּאַס מיט זײַן חיל האָט זיך אַרײַנגעריסן אין ירושלים און האָט געלאָזן זײַן גאַרניזאָן אין דער שטאָטישער פֿעסטונג.

נאָר אױך אַנטיוכוס האָט ניט געשלאָפֿן. ער האָט צונױפֿגעקליבן אַ גרױסן חיל און איז אַרױסגעטראָטן קעגן די עגיפּטער. נעבן די קװאַלן פֿון ירדן, ניט װײַט פֿון דער שטאָט פּאַניִאָן אָדער פּאַנעאַס (װאו עס האָט זיך געפֿונען אַ טעמפּעל פֿונ'ם גריכישן גאָט פּאַן), איז פֿאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט, אין װעלכער סקאָפּאַס'עס אַרמײ איז געשלאָגן געװאָרן (198). אַנטיוכוס האָט פֿאַרטריבן די עגיפּטער פֿון קעלעסיריען און איז געװאָרן הערשער איבער דער גאַנצער געגנט, װאָס צו איר האָט געהערט אױך מלכות־יהודה. די ירושלמים, װאָס צװישן זײ האָט בעקומען די איבערהאַנט די סעלעוקידישע פּאַרטײ, האָבן פֿרײַװיליק אַרײַנגעלאָזט די סירער אין דער הײליקער שטאָט, האָבן געגעבן זײ פּראָװיאַנט, װיפֿיל זײ האָבן נײטיק געהאַט, און האָבן געהאָלפֿן זײ פֿאַרטרײַבן פֿון דער ירושלמ'ער פֿעסטונג דעם עגיפּטישן גאַרניזאָן, װאָס סקאָפּאַס האָט געלאָזן. ס'זענען פֿאַראַן דאָקומענטאַלע ידיעות (הגם נאָך ניט גענוג בעגלױביקטע), אַז בשעת אַנטיוכוס איז אַרײַנגעטראָטן אין ירושלים, זענען אים אַנטקעגן אַרױס די עלטסטע און די חשובֿע לײַט צװישן די אידן און האָבן אים גלענצנד אױפֿגענומען.

אַנטיוכוס III האָט פֿאַרשטאַנען אָפּצושאַצן די פֿרײַנדשאַפֿט פֿון די אידן, װאָס האָט אים גרינגער געמאַכט אײַנצונעמען דאָס לאַנד. כּדי צו פֿאַרפֿעסטיגן די דאָזיקע פֿרײַנדשאַפֿט און כּדי צו בעװײַזן די אידן, אַז די ממשלה פֿון די סעלעוקידן איז בעסער פֿאַר זײ, אײדער די ממשלה פֿון די תלמיים, האָט אַנטיוכוס געשאָנקען זײ אַ סך הנחות און פּריװילעגיעס. ס'זענען פֿאַרבליבן דרײַ פֿעראָרדנונגען אַנטיוכוס'עס, װאָס בעװײַזן, װי װײַט ער האָט זיך געמיט נאָכצוגעבן די אײַנװױנער פֿון מלכות־יהודה. אין דער ערשטער

פֿאַראָרדנונג האָט דער קעניג באַפֿוילן אַרויסצוגעבן די ירושלמים פֿון דער קעניגליכער קאַסע שטיצע אויף צוריק אויפֿצובויען די טיילן שטאָט, וואָס זענען צעשטערט געוואָרן אין דער צייט פֿון מלחמה, אויף פֿאַרריכטן דעם בית-המקדש און די גאַלעריען, וואָס אַרום אים, און אויף ברענגען קרבנות אין בית-המקדש. די אידן איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו פֿירן זייער פֿאַרוואַלטונג לויט זייערע אייגענע געזעצן; די מיטגלידער פֿונ'ם ראַט פֿון די זקנים, די כהנים און סופֿרים זענען באַפֿרייט געוואָרן פֿון צו צאָלן שטייַערן, און פֿאַר די איבעריגע איינוואוינער זענען די שטייַערן באַדייַטנד פֿאַרקלענערט געוואָרן. אין דער צווייטער פֿאַראָרדנונג אַנטיאָכוס'עס ווערט פֿאַרבאָטן איטליכן פֿרעמדן אַרייַנצוטרעטן אין די הייליגע חדרים פֿון בית-המקדש, וואו אַפֿילו קיין איד, חוץ'ן כהן-גדול, האָט, לויט'ן אידישן דין, ניט געטאָרט אַרייַנגיין. אין דער דריטער פֿאַראָרדנונג באַפֿוילט דער קעניג אַריבערצופֿירן אין די אומרוהיגע פּראָווינצן לידיען און פֿריגיען (אין קליין-אַזיען) צוויי טויזנט אידישע משפּחות פֿון מעסאָפּאָטאַמיען און באַבילאָניען; די דאָזיגע פֿאַראָרדנונג ווערט דערקלערט דערמיט, וואָס די אידן האָבן שוין אַרויסגעוויזן זייער געטרייַשאַפֿט דער סירישער רעגירונג, און בלי-ספֿק וועלן זיי זייַן געטרייַע היטער פֿון דער סעלייקידישער מאַכט אין די דאָזיגע אומרוהיגע פּראָווינצן. אויך דאָ האָבן די אידישע קאָלאָניסטן באַקומען דאָס רעכט אויף אַ פֿרייַער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג און באַדייַטנדע הנחות בנוגע צו שטייַערן.

אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך די סעלייקידישע ממשלה איבער מלכות-יהודה אָנגעהויבן מיט זייער גוטע סימנים, און קיין זאַך האָט נאָך ניט געוויזן אויף יענע צרות, וואָס דעם אידישן פֿאָלק איז אויסגעקומען שפּעטער אויסצושטיין מצד דער דאָזיגער איבערהערשאַפֿט.

ווי גאָר די איבערהערשאַפֿט פֿון די סעלייקידן האָט זיך איינגעפֿעסטיקט אין מלכות-יהודה, האָט די עגיפּטישע פּאַרטיי אין ירושלים, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר די תּלמיים, אָנגעהויבן אײַנגאַנצן דעם באָדן אונטער די פֿיס. איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער דאָזיגער פּאַרטיי, הורקנוס בן-יוסף, האָט געמוזט פֿאַרלאָזן ירושלים. ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין דער געגנט פֿון עבר-הירדן, נעבן חשבון, ניט ווייַט פֿון די גרעניצן פֿון אַראַביען, האָט זיך אויסגעבויט דאָרט אין אַ פֿעלדז אַ באַפֿעסטיקטן שלאָס, מיט'ן נאָמען „טירת" און פֿון דאָרט פֿלעגט ער מיט זייַנע מענטשן מאַכן אָנפֿאַלן אויף די שכנישע אַראַבער. אין משך פֿון זיבן יאָהר האָט ער געהערשט איבער דער דאָזיגער ווילדער געגנט. נאָר שפּעטער האָט די סירישע רעגירונג אָנגעהויבן צו מטראַשען דעם דאָזיגן דרייַסטן רויבער. אַזוי ווי הורקנוס האָט מורא געהאַט פֿאַר דער סירישער רעגירונג און האָט פֿאַר זיך קיין אויסוועג ניט געזען, האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן. זייַן גאַנצן פֿאַרמעגן האָט קאָנפֿיסקירט דער סירישער קעניג אַנטיאָכוס IV, אַ זוהן פֿון אַנטיאָכוס III.

§ 32. די גרויסע פּאָליטישע איבערקערענישען, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין מזרח אין IV און III יאָרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג, האָבען זעהר ווייניג אומגעביטען די אָרדנונג פֿונ'ם אינעווייניגסטען לעבען אין מלכות־יהודה. די טעאָקראַטיע, וואָס האָט זיך פֿעסט איינגעשטעלט נאָך אין דער צייט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט, האָט זיך אויך געהאַלטען אין דער צייט פֿון די תּלמיים. די פֿרייהייט פֿון דער זעלבסטפֿערוואַלטונג איז, ווי עס ווייזט אויס, אפֿילו נאָך פֿערברייטערט געוואָרען. דער כהן־גדול אין ירושלים און דער ראַט פֿון די זקנים אָדער חשובֿ'ע לייט, טרעט אַרויס פֿאַר דער גריכישער רעגירונג אַלס די געזעצליכע רעגירונג פֿון מלכות־יהודה. די וועלטליכע ממשלה פֿונ'ם כהן־גדול, און בפֿרט זיין מאַכט צונויפֿצוקלייבען די קרוינישע שטייערן, האָט זיך ניט שטענדיג געפּאַסט מיט זיין הייליגען גייסטליכען פּאָסטען; נאָר אין אַ טעאָקראַטיע איז ניט אויסצומיידען אַזאַ צונויפֿמישונג פֿון קודש מיט חול, פֿון הייליגקייט מיט געשעפֿט.

לויט די אַבגעריסענע ידיעות, וואָס זענען פֿערבליבען אין דער ליטעראַטור, איז זעהר שווער צו אורטיילען וועגען כאַראַקטער פֿון דער פּאָליטישער און גייסטליכער טעטיגקייט פֿון די כהנים־גדולים אין דעם פּעריאָד, וואָס ווערט דאָ בעטראַכט. די טעאָקראַטיע האָט אַרויסגערוקט סיי גוטע און סיי שלעכטע רעגירער. אין דער אידישער טראַדיציע איז געבליבען נאָר איין ליכטיגער בילד פֿון אַ כהן־גדול, וואָס האָט בעקומען אַ שם מחמת זיין פֿרוכטבאַרער טעטיגקייט לטובֿת זיין נאַציע. זיין נאָמען איז געוועזען שמעון. אין דער עפּאָכע, וואָס ווערט דאָ בעשריבען, האָבען געלעבט צוויי כהנים־גדולים, וואָס האָבען געהייסען שמעון: איינער האָט געלעבט, בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען די איבערהערשאַפֿט פֿון די תּלמיים (בערך אין יאָהר 300), און דער אַנדערער — צום סוף פֿון דער תּלמיישער הערשאַפֿט, בשעת מלכות־יהודה איז אַריבער צו די סעלייקידען (בערך אין יאָהר 200). ווען מען זאָל צוזאַמענשטעלען פֿערשיידענע היסטאָרישע ידיעות, דאַן מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז דער שמעון, וואָס ווערט געריהמט אין די אידישע מסורות און וואָס ווערט אָנגערופֿען שמעון הצדיק, איז דאָס דער כהן־גדול שמעון II, אַ זוהן פֿון דערמאָנטען חוניו II. אין „פּרקי־אָבֿות“ ווערט שמעון הצדיק אָנגערופֿען אַלס איינער פֿון די לעצטע פֿאָרשטעהער פֿון דער כנסת־הגדולה (משירי אנשי כנסת־הגדולה), דאָס הייסט, פֿון יענעם ראַט פֿון עלטסטע אָדער סענאַט, וואָס האָט אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון די כהנים־גדולים פֿערוואַלטעט איבער מלכות־יהודה אין דער צייט פֿון דער פּערסישער און גריכישער איבערהערשאַפֿט. אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פּאַסט זיך לחלוטין פֿאַר שמעון II, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גרענץ צווישען דער הערשאַפֿט פֿון די תּלמיים און פֿון די סעלייקידען. דער דאָזיגער שמעון איז טאַקע געוועזען דער

לעצטער פֿאַרשטעהער פֿון דער אַלטער ריין טעאָקראַטישער אָרדנונג, וואָס האָט זיך געהאַלטען מעהר פֿון דריי יאָהרהונדערטען. אין דער צייט פֿון זיין יורש חוניו III, האָבען זיך שוין אָנגעהויבען מחלוקות אין דער משפּחה פֿונ'ם כהן־גדול, און די דאָזיגע מחלוקות האָבען געבראַכט דערצו, אַז די כהנים־דינאַסטיע פֿון די בני־צדוק איז געפֿאַלען, און עס האָט זיך איינגעשטעלט די וועלטליכע ממשלה פֿון די חשמונאים, וואָס האָבען געשאַפֿען אַן אומאָבהענגיגע אידישע מלוכה.

ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען (§ 31), האָט שמעון II געהערט צו דער פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען דערפֿאַר, אַז מלכות־יהודה זאָל אַריבער צו דער ממשלה פֿון די סעליוקידען, און וואָס האָט באַגריסט אנטיוכוס III, בשעת ער איז אַריינגעטראָטען אין ירושלים. אַלס באַלוינונג פֿאַר דער דאָזיגער געטריישאַפֿט האָט אנטיוכוס געשאָנקען פֿערשיידענע הנחות די איינוואוינער פֿון ירושלים און די כהנים. די ממשלה פֿונ'ם כהן־גדול איז גרעסער געוואָרען. אין שמעון II־ענס רשות האָבען זיך, אפֿנים, געפֿונען יענע סומעס געלד, וואָס אנטיוכוס האָט באַפֿוילען אַרויסצוגעבען פֿון דער קעניגליכער קאַסע אויף פֿערריכטען דעם בית־המקדש און פֿערשענערן ירושלים. לויט ווי עס דערצעהלט יהושע בן־סירא, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, איז פֿאַר דער צייט פֿון שמעון כהן־גדול דער בית־המקדש פֿערריכט און באַפֿעסטיגט געוואָרען; די שטאָדט־מויערן זענען געוועזען אַזוי ווייט באַפֿעסטיגט, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ירושלים איז פֿערזיכערט קעגען פֿיינדליכע אָנפֿאַלען; חוץ דעם, איז אויסגעגראָבען געוואָרען אַ גרויסער קאַנאַל, „וואָס איז געוועזען פֿול מיט וואַסער, ווי אַ ים“, אויף דורכצופֿיהרען די וואַסער פֿון די קוואַלען, וואָס געפֿינען זיך חוץ׳ן שטאָדט, אין שטאָדט אַריין פֿאַר׳ן געברויך פֿון די איינוואוינער אָדער ספּעציעל פֿאַר טבלות אין בית־המקדש.

דער גאָטעסדיענסט אין בית־המקדש איז געוועזען ניט־געוועהנליך גרויסאַרטיג. יהושע בן־סירא האָט אונז איבערגעלאָזט אַ גלענצענדע פּאָעטישע שילדערונג פֿון אַ יום־טוב אין בית־המקדש, וואָס אין צענטער פֿון איהם שטעהט שמעון כהן־גדול:

ווי שעהן איז ער געוועזען, אַז ער האָט אַרויסגעקוקט פֿון געצעלט
און אַרויסגעטראָטען פֿון הינטער דעם פּרכת!
ער איז געגליכען צום מאָרגענשטערן, וואָס גלענצט הינטער די וואָלקענס,
ווי די לבנה אין איהר פֿולען שיין אין די טעג פֿון יום־טוב (פּסח).
ער איז ווי די זון, וואָס גיסט אירע שטראַהלען אויף אַ קעניגליכען פּאַלאַץ,

און ווי אַ רעגענבויגען, וואָס באַווייזט זיך אין די וואָלקענס;
ווי די בלימען אויף די צווייגען אין די טעג פֿונ'ם יום־טוב (אין פֿריהלינג)
און ווי אַ ליליע, וואָס האָט זיך איינגעבויגען איבער'ן וואַסער־שטרוים...

אָט הילט ער זיך אײַן אין זײַנע עדעלקלײדער,
און טוט אָן די טײַערע געוואַנטען;
ער שטײַגט אַרױף אױפ'ן דערהױבענעם מזבח,
ער נעהמט די שטיקער פֿון זײַנע ברידערס הענד,
און שטעהט איבער דעם פֿונאַנדערגעלעגטען פֿײַער,
אַרומגערינגעלט, װי מיט אַ קראַנץ, פֿון זײַנע ברידער, די יונגע צעדערן פֿון לבנון.
עס רינגלען איהם אַרום די זיהן פֿון אהרן אין זײער פּראַכט,
געגליכען צו די װײַדענבױמער אױפ'ן ברעג טײַך.
און זײערע הענד רױכערנדיגע קרבנות פֿאַר גאָט,
פֿאַר דער גאַנצער פֿערזאַמלונג פֿון ישראל.
אָט האָט ער געענדיגט די עבודה אױפ'ן מזבח,
און די זיהן פֿון אהרן, די כהנים, בלאָזען אין שופרות —
און רופען אױס הױך, בכדי צו דערמאָנען דעם אױבערשטען
אַלע שטערבליכע פֿאַלען תכף מיט זײער פּנים צו דער ערד,
און בוקען זיך פֿאַר'ן אױבערשטען, דעם הײליגען פֿון ישראל.
עס האָבען ערקלונגען די שטימען פֿון די זינגערס און האָבען אָנגעצונדען די הערצער פֿון פֿאָלק.
עס האָבען געיובעלט אַלע מענשען פֿון דער ערד...
אַז ער האָט געענדיגט די עבודה אױפ'ן מזבח, לױט די געזעצען
געהט ער (דער כהן-גדול) אַראָב און הױבט אױף זײַנע בײדע הענד
איבער דער גאַנצער פֿערזאַמלונג פֿון ישראל;
אין זײַן מױל — אַ ברכה, —
און ער בענשט אין גאָטס נאָמען.
און דאָס פֿאָלק, שטעהענדיג אױף די קניע, הערט אױס די ברכה[4].

די דאָזיגע בעשרײַבונג גיט אַ געװיסע פֿאָרשטעלונג װעגען דער עבודה אין בית-המקדש אין יענער צײַט. די שפּעטערדיגע תלמודישע לעגענדעס דערצעהלען אױך אַ סך װעגען דעם רעליגיעזען לעבען און װעגען דער פֿריכטבאַרער טעטיגקײַט פֿון שמעון הצדיק אין װעגען דעם גלענצענדען צושטאַנד פֿון דער עבודה אין זײַנע צײַטען. דעם פֿאָלקס זכרון האָט זיך מיט ליבשאַפֿט אומגעקעהרט צו דער דאָזיגער פֿרידליכער עפּאָכע, װאָס איז געװען פֿאַר דער שטורמישער מרידה פֿון די חשמונאים, און צו דעם לעצטען גרױסען פֿאָרשטעהער פֿון דער כהנים-משפּחה פֿון די בני-צדוק. דער תלמוד גיט אָב שמעון הצדיק דעם ערשטען פּלאַץ צװישען די גדולי-ישראל, נאָך די טוער פֿון דעם ביבלישען פּעריאָד. פֿון איהם װערט געבראַכט פֿאָלגענדע מימרא: „אױף דרײַ זאַכען האַלט זיך

4) משלי בן-סירא, קאַפּ. נ׳.

די וועלט: אויף דער תּורה, אויף דער עבֿודה און אויף גמילות־חסדים" (דאָס הייסט, אויף דער וויסענשאַפֿט, גלויבען און גוטע מדות).

## די ליטעראַרישע שאַפֿונג.

§ 33. וואָס פֿאַר אַ ווירקונג האָט דער העלעניזם געהאַט אויף די אידען פֿאַר דער צייט פֿון דער הערשאַפֿט פֿון די תּלמיים, און צי האָט זיך די דאָזיגע ווירקונג אָבגעשפּיגעלט אין דער ליטעראַטור? — דאָס איז קיין ספֿק ניט, אַז בשעת עס האָבען זיך בעגעגענט אַזעלכע צוויי ענטוויקעלטע קולטורען, ווי די אידישע און די העלענישע, האָט זיך געמוזט בעווייזען צווישען זיי סיי אַ קאָנקורענץ, סיי אַ געגענזייטיגע ווירקונג. ווי שטאַרק עס איז ניט געווען די נאַציאָנאַלע אָבגעזונדערטקייט אין מלכות־יהודה זינט עזרא'ס צייטען, זענען פֿונדעסטוועגען אַריינגעדרונגען די אידעען פֿון דער שכנישער קולטור־וועלט צווישען דער אידישער אינטעלעקטועלער אַריסטאָקראַטיע. דער העלעניזם האָט די ערשטע צייט נאָך ניט אָנגערירט די פּראַקטישע יסודות פֿון דער יהדות, ווי דאָס איז געווען צו בעמערקען שפּעטער, אין דער צייט פֿון די סעלייקידען, ער האָט מעהר ניט געהאַט אַ טעאָרעטישע ווירקונג: ער האָט פֿערברייטערט דעם געזיכטסקרייז פֿון די דענקענדע מענשען, געגעבען זיי נייע דענקונגס־ און שאַפֿונגס־פֿאָרמען, געוועקט דעם שכל און געפֿירט דעם זוכענדען גייסט אין נייע, ביז אַהער אומבעקאַנטע געגענדען.

די רעזולטאַטען פֿון דער ווירקונג פֿון העלעניזם וואָלט מען געקאָנט בעסער פֿון אַלץ אַרויסזעהן אין די ליטעראַטור־ווערק פֿון יענער צייט, אויב מ'וואָלט זיך איינגעגעבען פֿעסטצושטעלען גענוי, וואָסערע ווערק געהערען גראָד צו יענער צייט. צום בעדויערן, גיט אונז ניט די היסטאָרישע וויסענשאַפֿט, חוץ איינציגע אויסנאַהמען, קיין ריכטיגע פֿאַקטען, נאָר בלויז מעהר אָדער ווייניגער בעגרינדעטע השערות. דעם היסטאָריקער קומט דאָ אויס צו בעשטימען די צייט, ווען די אָדער יענע ווערק זענען פֿערפֿאַסט געוואָרען, לויט דעם, אויף וויפֿיעל אויף זיי איז צו בעמערקען די ווירקונג פֿונ'ם העלעניזם. אויף דעם סמך איז אויפֿגעבויט די השערה, אַז אין דער צייט פֿון דער הערשאַפֿט פֿון די תּלמיים זענען פֿערפֿאַסט געוואָרען צוויי ווערק, וואָס געהערען אַריין אין דער לעצטער אָבטיילונג פֿון תּנ"ך (כּתובֿים) און וואָס לויט דער טראַדיציע האָט זיי פֿערפֿאַסט שלמה המלך: דאָס איז שיר השירים און קהלת[5].

---

[5] די פֿראַגע וועגען דעם, ווען די דאָזיגע בידע ביכער זענען געשריבען געוואָרען, בעזונדערס דער ערשטער, איז נאָך ביז איצט ניט פֿערענטפֿערט געוואָרען אין דער ביבלישער קריטיק. בנוגע צום ספֿר „שיר השירים" איז דער רוב פֿון די פֿאָרשער גוטה אָנצונעהמען, אַז ער איז אַ פּראָדוקט פֿון דער עלטסטער אידישער פּאָעזיע און איז פֿערפֿאַסט געוואָרען נאָך אין קעניגרייך ישׂראל, בערך אין נייניטען יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער צייט־

„שיר-השירים“ איז אַן אידילישע פּאָעמאַ, וואָס באַזינגט די ליבע פֿון אַ שיינער פּאַסטושקע שולמית צו איר „פֿריינד“, אַ פּאַסטוך. שולמית איז צוגענומען געוואָרן אין הויף פֿון קעניג שלמה. די פּאָעמאַ איז דורכגעפֿירט מיט דראַמאַטישע עפּיזאָדן, וואו די ליבענדע רעדן זיך דורך מיט אַנאַנד אָדער מיט די אַרומיגע. אין די דאָזיגע לירישע באַשרייבונגען און דיאַלאָגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די לעבעדיגע, לעבנס-לוסטיגע שטימונג פֿונ׳ם העלעניזם, וואָס איז אַריבערגעטראָגן אין מלכות-יהודה, נאָר דאָרט איז זי אויסגעלייטערט, פֿאַראיידעלט געוואָרן. אין „שיר-השירים“ קאָן מען הערן אָפּקלאַנגען פֿון די גריכישע ליריקער טעאָקריט און אַנאַקרעאָן, צונויפֿגעמישט מיט די האַרציגע טענער פֿון דער אידישער ליריק. דאָס איז די איינציגע ווערק פֿון תנ״ך, וואו עס ווערט באַזונגען די נאַטור און די ראָמאַנטישע ליבע. זי האָט קיין שום רעליגיעזע פֿאַרבונג ניט,— און אין תנ״ך איז זי אַריינגענומען געוואָרן נאָר דערפֿאַר, וואָס שפּעטער האָט מען זי אָנגענומען פֿאַר אַ רעליגיעזע אַלעגאָריע (כל הספרים קדש ושיר השירים קדש קדשים).

וואָסערע עס זאָלן ניט זיין די איינפֿלוסן פֿון אויסווייניג, וואָס האָבן מיטגעהאָלפֿן דערצו, אַז אין מלכות-יהודה זאָל אויפֿקומען די עראָטישע פּאָעזיע, אַלס אַ נייער אַרט שרייבן,— אָבער דער אינהאַלט גופא פֿון „שיר-השירים“ איז טיף אָריגינעל און טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿונ׳ם אידישן גייסט. אין דער דאָזיגער פּאָעמאַ איז אַפֿילו די תאוה פֿאַראיידעלט און אויסגעלייטערט אַ דאַנק דער רירנדער נאַאיווקייט פֿון די פֿאַרליבטע און דער דאָרפֿישער איינפֿאַכקייט פֿון דער סביבה. די ליבע פֿון שולמית מיידט אויס דעם געפּילדער און טאַראַראַם פֿונ׳ם שטאָט-לעבן, דעם איבערנאַרפֿיגן גלאַנץ פֿון די הויפֿן; זי זוכט זיך אַנאָרט אין די ענטלעגענע „ווייַנגערטנער“ פֿון „עין-גדי“, זי הופֿט „אין פֿעלד, אין דאָרף“, אויף די באַרגלעך, באַדעקטע מיט שמעקענדיגע בלומען. זי פֿאַרגייסטיגט די נאַטור און ווערט אַליין דורך איהר פֿאַרגייסטיגט. אין דער דאָזיגער קליינער פּאָעמאַ, וואָס איז דער איינציג פֿאַרבליבענער רעשט פֿון דער

רעכנונג. נאָך די פֿאָרמאַלע יסודות פֿון דער דאָזיגער השערה (דאָס, וואָס דער מחבר פֿון „שיר השירים“ איז נוטה צו טאַדלען דעם לוקסוס אין שלמה׳ס הויף, וואָס ער שטעלט אַנטקעגן ירושלים די שטאָט תרצה, וואָס איז געווען צייטווייליג די הויפּט-שטאָט פֿון קעניגרייך ישראל אין ערשטן יאָהרהונדערט פֿון זיין עקזיסטענץ, וכדומה) זענען צופֿיל ניט גענוג. אַז מען זאָל קאָנען פֿעסטשטעלן אַזאַ אַלטע צייט. שוין דער פֿאַקט, וואָס דער ספר „שיר השירים“ געפֿינט אַריין צווישן די כתובים, אינאיינעם מיט אַנדערע שפּעטערדיגע ווערק, וואָס מען האַלט זיי פֿאַר שלמה המלכ׳ס ווערק, באַווייזט, אַז ער איז שפּעטער פֿאַרפֿאַסט געוואָרן.—וואָס איז שייך צום ספר „קהלת“, איז די מיינונג פֿונ׳ם גרעסטן רוב געלעהרטע, אַז ער איז פֿערפֿאַסט געוואָרן אין די ערשטע יאָהרהונדערטן פֿון דער גריכישער איבערהערשאַפֿט, און בלויז עטליכע האַלטן, אַז ער איז פֿערפֿאַסט געוואָרן נאָך שפּעטער.

אידישער ערעטישער ליריק, איז אויך אַזויפיעל ענג צונויפגעבונדען די פּאָעזיע פון דער נאַטור מיט דער פּאָעזיע פון דער ליעבע, אַז די ליעבע גופא בעקומט עפּיס אַן ערדאַבענעם פּאַנטאַסטישען כאַראַקטער און ווערט אַ געטליכע, אַ הייליגע. ושולמית רופט זיך אַליין „די ליליע פון שרון" און „די רויז פון די טאָלען".

איהר געליעבטער זאָגט צו איהר:

שטעה אויף, מיין פריינדין, מיין שענע, און קום!
דער ווינטער איז פאַרביי, די רעגענס-צייט איז אַוועק,
בלומען האָבען זיך בעוויזען אויף דער ערד;
עס איז אָנגעקומען די צייט פון דער נאַכטיגאַל,
און די שטים פון דער טורטעל-טויב הערט זיך אין אונזער לאַנד.
די פייגען זענען רייף געוואָרען, דער וויינשטאָק בליהט און שמעקט.
שטעה אויף, מיין פריינדין, מיין שענע, און קום!

. . . . . . . . . . . . .

ביז ס'וועט בלאָזען דער מאָרגען-ווינטעל און ס'וועלען אַנטלויפען די שאָטענס,
וועל איך אַרויפגעהן אויפ'ן באַרג פון מור און אויפ'ן בערגעל פון ווייהראַך.

מיט מיר פון לבנון, כלה, מיט מיר פון לבנון וועסטו געהן,
וועסט קוקען פונ'ם שפּיץ פון אמנה, פונ'ם שפּיץ פון שניר און חרמון,
פון די הייהלען פון לייבען, פון בערג פון די לעמפּערטען

און שולמית ענטפערט:

קום, מיין פריינד, אין די פעלדער, צו נעכטיגען אין די דערפער.
לאָמיר זיך פעדערן אין די וויינגערטנער,
לאָמיר זעהן, צי האָט שוין דער וויינשטאָק אויפגעבליהט, צי האָבען די קנאָספּען זיך געעפענט,
און צי די מילגרוימען וואַקסען שוין.
דאָרט וועל איך דיר מיין ליעבע שענקען.

די שטימונג פון דער העלדין, וואָס איז אַ טאָכטער פון דער נאַטור, ווערט אָפּט אַנטקעגענגעשטעלט קעגען דער שטימונג פון די „טעכטער פון ירושלים". איהר ליעבע איז אַ שעמעוודיגע, אַ צניעות'דיגע, און אפילו די אָפּענהאַרציגסטע ערקלערונגען פון די העלדין פון דער פּאָעמע צייכענען זיך אויס דורך זייער נאַאיווער גראַציע. צום סוף פּאָעמע ווערט געזאָגט: „שטאַרק ווי דער טויט איז די ליעבע... איהרע פלאַמען זענען פייערדיגע, זיי זענען אַ פלאַם פון גאָט. פיעל וואַסערן קאָנען ניט פערלעשען די ליעבע און טייכען וועלען זי ניט פערפליצען".

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, האָט מען אין דער שפּעטערדיגער צייט אַריינגענומען „שיר-השירים" צווישען די כתבי-הקודש, און די אידען פלעגען עס

אױסטײַטשען, װי אַנאַלאָגיע, װאָס די אידישע נאַציע (שולמית) גיבט אױס אירע האַרץ פֿאַרן רבונו של עולם. אױף אַזאַ אופֿן האָט זיך די דאָזיגע װערק דערנענטערט צו דער רעליגיעזער ליריק, װאָס איז אַזױ אָריגינעל אױסגעדריקט אין ספֿר „תהלים“.

אַ דירעקטער היפּוך צום „שיר השירים“ איז דער ספֿר „קהלת“, װאָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿען פֿילאָזאָפֿישען סקעפּטיציזם. נאָר צװישען די דאָזיגע בײדע װערק איז פֿאַראַן אַ געװיסער פּסיכאָלאָגישער צוזאַמענבונד. דאָס איז שױן בעמערקט געװאָרען אין אַ מאמר פֿון אגדתא (װעגען דער טראַדיציע, אַז שלמה המלך זאָל האָבען פֿערפֿאַסט בײדע ספֿרים): „אַז דער מענש איז יונג, זינגט ער לידער, און אַז ער װערט אַלט, איז ער אַלצדינג מבטל“. איב אין „שיר השירים“ הערשט די לעבענסלוסטיגע שטימונג פֿון דער יוגענדצײַט, עס שײַנט דער פֿרילינג אין דער נאַטור, און אַ יונגעס לעבען טוט בליהען, — איז אָבער דערפֿאַר אין „קהלת“ אױסגעדריקט דער טיפֿער יאוש פֿון דער עלטער, די טרױעריגע שטימונג פֿון אַ מענשען, װאָס איז איבערזעטיגט פֿיזיש און גײַסטיג און װאָס האָט אין לעבען ניט געפֿונען ניט קײן מאַטעריעלען גליק, ניט קײן גײַסטיגע בערוהיגונג. דאָס איז די פֿילאָזאָפֿיע פֿון סקעפּטיציזם, װאָס איז געדרונגען פֿון איבערזעטיגונג מיט תענוגים, פּונקט אַזױ װי אין ספֿר „איוב“ איז אױסגעדריקט די פֿילאָזאָפֿיע פֿון פּעסימיזם, װאָס איז געקומען פֿון שװערער נױט און צרות. דער סקעפּטיציזם פֿון קהלת איז שײַך דער עיקר צו אינטעלעקטועלע פּראָבלעמען, איובס פּעסימיזם — צו עטישע פּראָבלעמען. דער ערשטער רעכענט זיך ניט מיט דער רעליגיע, מחמת זי איז אַ געפֿיהלס־זאַך, דער צװײטער אָנערקענט זי יאָ, נאָר ער מאַטערט זיך איבער די עטישע סתירות, װאָס געפֿינען זיך אין איהר. דאָ איז אַ פּראָטעסט פֿונ׳ם שכל און געזונדען מענשען־פֿערשטאַנד קעגען דער ניט־על־פּי־שכלדיגער הנהגה פֿון דער װעלט; דאָרט — אַ געשרײ פֿונ׳ם פֿערטומעלטען געװיסען פֿונ׳ם מאמין. אין קהלת איז כמעט דער רעליגיעזער מאָמענט פֿערשװאונדען. דאָ הױבט זיך אָן דאָס ערשטע מאָל די פֿערװעלטליכונג פֿונ׳ם אידישען געדאַנק. דער מחבר פֿונ׳ם ספֿר האָט אַלצדינג פֿערזוכט, אַלצדינג אױסגעפּרובט; ער האָט זיך שטענדיג געװאָרפֿען צװישען פֿיזישע און גײַסטיגע תענוגים, האָט געלעבט אין לוקסוס, אַ סך געגעסען און געטרונקען און זיך אַמוזירט; דערנאָך האָט ער ליעב בעקומען „חכמה“, בערײַכערט זײַן שכל מיט קענטעניסען — און סוף־כל־סוף איז ער געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז אַלץ איז „הבל הבלים הכל הבל“. מען קאָן ניט װיסען, װאָס איז דער אמת און װאָס דער שקר, װאָס איז גוטס און װאָס איז שלעכטס, װאָרום די זענען אומעטום אױסגעמישט אינאײנעם, אומעטום זענען פֿאַראַן סתירות, קשיות, װאָס אױף זײ איז קײן תירוץ ניטאָ, — און סוף־כל־סוף קומט דער טױט, װאָס שױנט קײנעם ניט, װאָס גלײַכט אױס דעם צדיק מיט׳ן רשע, דעם חכם און דעם נאַרען, דעם גליקליכען און דעם אונגליקליכען. דאָס לעבען

דאָס קען רעאַלען ווערן ניט, וואָרום דער מענש ווערט אַ שפּילצייג אין דער האַנד פון אַלע צופעליגקייטען און צולעצט פאַלט ער אַריין אין די הענד פון טויט. דער שכל איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען נאָר בכדי אים צו פערביטערן דאָס לעבען. די נאַטור איז בלינד און געפינט זיך אונטער דער ממשלה פון שטענדיגע געזעצען, וואָס דער ווילען פון מענשען קאָן בשום אופן זיי ניט ענדערן. טאָ צוליעב וואָס איז די גאַנצע מיה פון לעבען, אַלע זיינע שטורמען און שטרעבונגען? וואָס איז דער חילוק צווישען מענשען און בהמה?

„דער גורל פון די מענשען און דער גורל פון די בהמות איז דאָך איין און דער זעלביגער: וואָרום סיי די איינע סיי יענע שטאַרבען, און איין גייסט איז ביי אַלעמען, און דער מענש שטעהט ניט העכער פאַר דער בהמה, וואָרום אַלץ איז הבל. אַלצדינג גערט אין איין אָרט: אַלץ איז געוואָרען פון שטויב און אין שטויב וועט עס זיך אומקעהרען. ווער ווייס, צי דערהויבט זיך דער גייסט פון די מענשען נאָך אויבען און דער גייסט פון די בהמות, צי נידערט ער אַראָב נאָך אונטען, אין דער ערד"? (קאַפּ. ג׳, 18—20).

מחמת דער דאָזיגער פערצווייפעלטער לאַגע קומט דער מחבר פון „קהלת" גאַנץ אָפט צוריק צום געדאַנק, אַז בעסער פון אַלץ איז גאָרניט טראַכטען וועגען די העכסטע פּראָבלעמען פון לעבען, נאָר געניסען פון לעבען, כל־זמן מען לעבט, זיך צופרידענשטעלען מיט די קורצע אויגענבליקען פון גליק, וואָס עס גיט און ניט פערגיפטען זיי מיט ספקות און „פערפלוכטע פראַגען". (קאַפּ. ב׳, 24, 11; ה׳, 17; ו׳, 9; ט׳, 7, 11; י״א, 9). פון סקעפּטיציזם געפינט דער מחבר אַ רעטונג אין עפּיקורעאיזם. נאָר אין דער צייט, וואָס דער גריכישער גרינדער פון דער דאָזיגער שיטה, וואָס האָט געלעבט מסתמא אין איין צייט מיט אים, (בערך אין III יאָהרהונדערט פאַר קריסט.), געפינט, אַז דאָס איז די ריכטיגע און נאָרמאַלע לעבענס־פילאָזאָפיע, — האַלט דער מחבר פון „קהלת", אַז די עפּיקורעאישע וועלט־אַנשויאונג איז מעהר ניט אַ לעצטער נויט־מיטעל, אַ שלאָפטרונק צו פערטויבען די קראַנקהאַפטיגע שטרעבונגען פונ׳ם זוכענדען שכל. ער פעראורטיילט שאַרף די ביכער־וויסענשאַפט פון זיין צייט. „מעהר פון אַלץ, זאָגט ער, היט זיך, מיין זוהן, צו מאַכען אַ סך ספרים אָהן אַ סוף, וואָרום צו־פיעל קלערען זיך מאַכט מיעד דעם קערפּער" (קאַפּ. י״ב 12). און אומעטום דריקט ער אויס זיין מסקנא, צו וועלכער ער קומט, מיט׳ן מאמר המוסגר: „הבל הבלים הכל הבל".

אַ ספר מיט אַזאַ אינהאַלט וואָלט אייגענטליך ניט בעדאַרפט אַריינגענומען ווערען צווישען די כתבי־הקדש. נאָר מען האָט געהאַלטען, אַז דער ספר איז זעהר אַלט (אויפ׳ן סמך פון איינינע אויסדרוקען אין טעקסט האָט די אידישע טראַדיציע אָנגענומען, אַז שלמה המלך איז זיין מחבר), און חוץ דעם איז צום סוף פון ספר פאַראַן אַ פסוק אין אַ שטרענג רעליגיעזען גייסט: „דאָס לעצטע

וואָרט איז: האָב פֿאָרכט פֿאַר גאָט און היט אָב זײַנע געבאָטען, וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענש (דער גאַנצער זין פֿון לעבען)". אין תלמוד און מדרש זענען פֿערבליבען בעמערקונגען, אַז די געלעהרטע האָבען ניט אָהן ספֿקות און פּקפּוקים אַרײַנגענומען דעם ספֿר „קהלת“ צווישען די כתבֿי־הקודש, מחמת „אין אידם זענען פֿאַראַן אַ סך סתירות“, און אַז אַפֿילו שפּעטער איז ער, לויט'ן געזעץ, געווען ווענינער הייליג, ווי די איבעריגע ספֿרים פֿון תנ"ך[6].

## משלי בן־סירא.

§ 34. בערך אין די יאָהרען צווישען 190 און 170, באַלד נאָכדעם, ווי די סעלייקידען האָבען פֿערבײַטען די תּלמיים אין דער איבערהערשאַפֿט איבער מלכות־יהודה, איז ערשינען אַ מערקווירדיגע ווערק, וואָס איז ניט אַרײַנגענומען געוואָרען אין תנ"ך און איז פֿערבליבען צווישען די „אַפּאָקריפֿען“ (בעהאַלטענע ביכער, ספֿרים חיצונים), מסתמא דערפֿאַר, ווײַל דער מחבר האָט ניט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו בעהאַלטען זײַן נאָמען אונטער אַ פּסעוודאָנים פֿון אַ בערימטען חכם פֿון אַלטערטום. דאָס איז דער ספֿר „משלי“ אָדער „חכמת־יהושע בן־סירא“, וואָס האָט געלעבט אין ירושלים אין דער צייט פֿון כהן־גדול שמעון II. דער מחבר פֿונ'ם ספֿר האָט, אַפּנים, געהערט צום שטאַנד פֿון די סופֿרים אָדער געלעהרטע. נאָר חוץ ספּעציעלע רעליגיעזע קענטענישען, האָט ער געהאַט אויך אַ גרויסע וועלטליכע בילדונג און אַ רײַכע לעבענס־געניטקייט. „ווער עס האָט קיין ערפֿאַהרונג ניט געהאַט — זאָגט ער — דער ווייס ווינציג; נאָר ווער עס האָט אַ סך געבלאָנדזשעט, יענער קאָן זיך אָנאייגענען אַ כּח חכמה. פֿיעלעס האָב איך געזעהן, וואַנדערנדיג פֿון איין אָרט אויפֿ'ן אַנדערן, און איך האָב געוואוסט מעהר, איידער איך האָב גערעדט. אָפֿטמאָל איז מיר געשטאַנען דער טויט פֿאַר די אויגען, נאָר דאָס (די געניטקייט) האָט מיך געראַטעוועט"[7].

די משלים פֿון יהושע בן־סירא דערמאָנען, לויט זייער פֿאָרם, דעם ספֿר „משלי שלמה“, און עס איז בעשײַנפּערליך, אַז דער מחבר פֿונ'ם ערשטען האָט נאָכגעמאַכט דעם לעצטען; נאָר לויט דער פֿערשיידענאַרטיגקייט און רײַכקייט פֿון זײַן אינהאַלט שטעהט ער נאָך העכער פֿון זײַן מוסטער. צווישען דער לעבענסלוסטיגער ראָמאַנטישער ליריק פֿון „שיר־השירים“ און דעם סקעפּטיציזם פֿון „קהלת“ פֿערנעהמען די קלוגע משלים פֿון בן־סירא דעם מיטעלסטען אָרט, פּונקט אַזוי ווי די „משלי־שלמה“ שטעהען צווישען דער רעליגיעזער ליריק פֿונ'ם

6) שבת ל'; מגלה, ז'; משנה ידים, פ"ג, מ"ה; עדיות, ה' ג'.

7) משלי בן־סירא, ל"ד, 10—12 אָדער ל"ו לויט דעם נײַעם קריטיש־פֿערריכטען טעקסט (די נײַ ענטדעקטע שטיקער פֿונ'ם העבראַאישען אָריגינאַל פֿון „בן־סירא“ זענען אָבגעדרוקט אין „השלח“, כרך ג' און ט' [1898, 1902]).

ספר „תהלים“ און דעם פעסימיזם פון ספר „איוב“[8]. בן־סירא—ניט ער ווערט נתפעל פונ׳ם לעבען, ניט ער איז אויפגעבראכט קעגען איהם: ער קוקט אויף איהם ניכטער און גיט עצות, ווי אזוי צו פערלעבען די טעג מיט׳ן גרעסטען נוצען. ער איז א ניכטערער אוטיליטאריסט, וואס שטעלט דעם פראקטישען פערשטאנד העכער פונ׳ם פילאזאפישען דענקען און פון דעם געפיהלס־לעבען. „חכמה“ און „יראת שמים“ געהען ביי איהם שטענדיג האנד אין האנד, פילאזאפיע און רעליגיע זענען איינס און דאס זעלבע; ביידע שטעלען זיך אב ביי א בעשטימטער גרעניץ, וואס אריבער איהר איז אונניציג און ניט פערשטאנדיג צו געהן:

„פרעג ניט דאס, וואס איז העכער פון דיין פערשטאנד, און זוך ניט דאס, וואס איז פון דיר בעהאלטען: טראכט זיך אריין נאר דערין, וואס דיר איז צוגענגליך. וואס האט מען פאר א נוצען פונ׳ם אריינדרינגען אין די סודות פון דער בריאה?... כיי ווי סיי זענען א סך זאכען בעוויזען געווארען דעם מענשליכען שכל. דער כח־הדמיון האט א סך מענשען אראבגעפירט פון וועג, און די שטאלצקייט פונ׳ם שכל האט געבראכט צום פאלען“ (קאפ. ג׳, 20 און ווייטער).

בן־סירא׳ס מאראלישע און לעבענס־כללים זענען צוגעפאסט צו אלע צופאלען אין לעבען. אין זיין מאראל הערשען די יסודות פון חוב און איינגעהאלטענקייט, ס׳ווערט פעסטגעשטעלט דער פרינציפ פון פרייען ווילען, וואס אהן דעם איז ניט מעגליך קיין זיטליכע אחריות פונ׳ם מענשען פאר זיינע מעשים:

„זאג ניט: איך האב געזינדיגט, ווייל גאט האט געוואלט... גאט האט לכתחלה בעשאפען דעם מענשען, און דערנאך האט ער איהם געלאזען געהן, וואוהין ער וויל. פאר דיר איז פייער און וואסער: קאנסט אויסשטרעקען די האנד, וואוהין דו ווילסט. פאר׳ן מענשען שטעהט לעבען און טויט, און וואס איהם געפעלט, דאס וועט איהם געגעבען ווערען“ (קאפ. ט״ו, 11—17).

בן־סירא לערנט מעסיגקייט פונקט אזוי, ווי דער ספר „משלי שלמה“, נאר בן־סירא איז נאך מוסיף אייניגע פרטים, גענומען פון לעבען. נעהמענדיג אין אכט די פערשייטע מדות פון די גריכען, וואס זענען אריינגעדרונגען צום טייל אויך צווישען די העכערע קלאסען פון די אידען, פאדערט ער בעזונדערס שטרענגע צניעות און געשלעכטליכער הינזיכט. ער איז מתרה די מאנסבילען, זיי זאלען זיך ניט לאזען פערפירען פון לייכטזיניגע פרויען, בעזונדערס פון זינגערינס און טענצערינס, און גיט אן עצה, מען זאל שטרענג אכטונג געבען אויף די מיידלעך.

8) איובען §§ 22—24.

אין דער קינדער־ערציהונג שטעהט ער פאר א שטרענגער דיסציפלין: די קינדער מוזען אונבעדינגט פאלגען עלטערע מענשען און מוזען בעשטראפט ווערען פאר'ן ניט פאלגען (קאפ. ז', ט' און אנדערע). דאס לעבען איז ניט קיין שפיעלכעל, נאר א שווערע און פערפלאנטערטע אויפגאבע, און צו איהר לעזונג מוז מען דעם מענשען צוגרייטען.

נאר דהגם בן־סירא פערארטיילט לייכטזיניגקייט און אלערהאנד איבער־פליסיגקייטען, פונדעסטוועגען איז ער גאנץ ווייט פון אבזאגען זיך, ווי א נזיר, פון אלע תענוגים פון דער וועלט; אדרבה, ער גיט אנ'עצה אויסצונוצען זיי מיט'ן גרעסטען נוצען פאר זיך; מעסיג זיין אין די תענוגים — הייסט פערשטעהן ארויסצוציהען פון זיי נאר די גוטע זייט, אהן זייערע שלעכטע רעזולטאטען. „די בעסטע רייכקייט איז די געזונדהייט פון קערפער; די בעסטע פרייד — א גוטער צושטאנד פון געמיט" (קאפ. ל', 16). ער טאדעלט גלייך סיי קארגקייט, סיי פערשווענדעריי. ער פרעדיגט ענוות, נאר אין דער זעלביגער צייט פאדערט ער פון דער פערזענליכקייט אויך זעלבסטאכטונג. „מיין זוהן, אויך אין ענוות זאלסטו זיך אכטען, וויפיעל דו פערדיענסט... ווארום ווער וועט עס אכטען יענעם, וואס אכט זיך אליין ניט?" (קאפ. י', 33—34). אין די לעבענס־פראגען פרעדיגט בן־סירא פארזיכטיגקייט און מעסיגונג און זעהר אפט — יענעם „גאלדענעם מיטען", וואס איז דער הויפט־פרינציפ פאר פראקטישע מענשען, וואס פערנעהמען זיך ניט דערמיט, וואס עס דארף זיין, נאר דערמיט, וואס עס איז.

בן־סירא'ס ספר פערנעהמט זיך דער עיקר מיט'ן יחיד אין אלע צושטאנדען פון זיין לעבען. דער נאציאנאלער עלעמענט פערנעהמט דארט בלויז דעם צווייטען ארט. אין טעקסט פון בוך ווערט אגב־אורחא דערמאנט וועגען דעם, אז ישראל איז אנ'אויסדערוועהלט פאלק (למשל: „איבער אלע פעלקער האט גאט געשטעלט הערשער, ישראל אבער איז די נחלה פון גאט אליין", קאפ. י"ז, 14); ס'איז אויך פאראן א תפלה וועגען דעם, אז דאס אידישע פאלק זאל אויסגעלייזט ווערען פון זיינע אונטערדריקער, די היידען, אז די הייליגע שטאדט ירושלים זאל אין גיכען פייערן א נצחון און אז עס זאלען מקוים ווערען די אלטע נבואות (קאפ. ל"ו).

אינגאנצען אבגעגעבען דעם נאציאנאלען עפאס זענען די לעצטע זעקס קאפיטלען פון בן־סירא'ס ספר. דא „לויבט דער מחבר די מעשים פון די נביאים" און ווארפט א קורצען איבערבליק אויף דער געשיכטע פון אידישען פאלק, פון נח'ן ביז דער צייט פון כהן־גדול שמעון II. ער בעלייכט די היסטארישע געשעהענישען אינ'ם גייסט פון דער טעאקראטיע פון זיין צייט. ער לויבט שמואל הנביא, נאר ער דערמאנט ניט וועגען ערשטען קעניג שאול, וואס איז ארויס־געשטופט געווארען דורך דוד'ס דינאסטיע. אין דער לעצטער געפינט ער נאר דריי גערעכטע מלכים: דוד, חזקיהו און יאשיהו. נאך זרבבל, ישוע און נחמיה (וועגען עזרא'ן ווערט ניט דערמאנט) געהט דער מחבר גלייך איבער צו שמעון

כהן-גדול, וואָס האָט געלעבט אין זיין צייט, און גיט די גלענצענדע כאַראַקטעריסטיק פון זיין פערזענלעכקייט און פון דער עבודה אין בית-המקדש, וואָס איז איבערגעבראַכט געוואָרען (§ 32).

דער ספר פון יהושע בן-סירא איז אָנגעשריבען געוואָרען אויף העברעאיש אין'ם סטיל פון דעם ספר „משלי", און אין אַ האַלב יאָהרהונדערט אַרום איז ער געוואָרען איבערזעצט אויף גריכיש. איבערזעצט האָט איהם דעם מחבר'ס איינינקעל, וואָס האָט זיך אַריבערגעקליבען קיין עגיפּטען בערך אין יאָהר 132 (פאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג). אין דער הקדמה איז דער איבערזעצער אַליין מודה, אַז אין דער איבערזעצונג זענען פאַראַן אַ סך חסרונות און אונגענויאיגקייטען.

שפּעטער-צו איז דער העברעאישער טעקסט פערלאָרען געגאַנגען. גאַנץ געבליבען זענען נאָר די דערמאָנטע גריכישע איבערזעצונג און נאָך אַן איבערזעצונג אויף אַרמייש, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אָדער פונ'ם העברעאישען אָריגינאַל אָדער פון דער גריכישער איבערזעצונג. פאַר דער ערשטער השערה בעווייזט דאָס, וואָס די אַרמיישע איבערזעצונג אונטערשיידט זיך אין אַ סך ערטער פון דער גריכישער און איז, ווי עס ווייזט אויס, נעהנטער צום אָריגינאַל. מיטגעווירקט האָט דערצו, אַז דער העברעאישער אָריגינאַל-טעקסט זאָל פערלאָרען גייען, האָט דאָס, וואָס דער ספר „בן-סירא" איז ניט אַריינגענומען געוואָרען אין תנ"ך, וואָס דער לעצטער טייל פון איהם (כתובים) איז נאָך דעמאָלט ניט געשלאָסען געוועזען. היות, ווי דער מחבר האָט זיין נאָמען ניט פערהוילען, האָבען אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז אַ נייער ספר, און דערפאַר האָט מען איהם ניט אַריינגענומען צווישען די כתבי-הקדש, וואו עס זענען אַריין נאָר די ספרים, וואָס זענען באמת געוועזען אַלט אָדער מען האָט זיי גערעכענט פאַר אַלטע. אַזוי איז דער ספר „משלי בן-סירא" פערבליבען צווישען די „ספרים חצונים".

נאָר אין דער לעצטער צייט (זינט דעם יאָהר 1896) האָבען די געלעהרטע געפונען כתב-יד'ען, וואָס ענטהאַלטען אַ סך שטיקער פון ספר „בן-סירא" אין העברעאיש. דעם גרעסטען טייל פון די דאָזיגע פעראייניצעלטע כתב-יד'ען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין XI—XII יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייטרעכענונג, האָט מען געפונען אין אַ „גניזה", דאָס הייסט, אַ סקלאַד פון אַלטגעוואָרענע און אָבגעניצעוועטע כתב-יד'ען ביי אַ שול אין קאַאירא. ביז אַהער האָט זיך די געלעהרטע איינגעגעבען אויפצוזוכען און ווידער אויפצושטעלען דעם העברעאישען טעקסט כמעט פון אַ העלפט פון גאַנצען ספר „בן-סירא"; אויסדרוקען אָדער ווערטער, וואָס פעהלען, ווערען ערגענצט לויט דער גריכישער אָדער אַרמיישער איבערזעצונג. ס'איז פאַראַן אַ כמך אָנצונעהמען, אַז די געפונענע פראַגמענטען זענען אַ טייל פונ'ם העברעאישען אָריגינאַל-טעקסט, וואָס מען האָט גערעכענט פאַר פערלאָרען. איבעריגענס, איז דער דאָזיגער טעקסט, וואָס מען האַלט איהם פאַר'ן אָריגינאַל, ערטערווייז פערדאָרבען דורך די גרייזען

און הוספות מצד די איבערשרײַבער, און די פֿראַגע, פֿון װאַנען ער האָט זיך גענומען, איז נאָך דערװײַל אָנאָפֿענע.

## די גריכישע איבערזעצונג פֿון תנ״ך.

§ 35. אין דער צײַט, װען אין מלכות־יהודה װעגן, אונטער דער אָנדירעקטער װירקונג פֿונעם העלעניזם, פֿערברײַטערט געװאָרען די ראַמען פֿון גײַסטיגען שאַפֿען, און דער װעלטליכער עלעמענט אין דער ליטעראַטור שטעלט זיך אַװעק אין אײן רײַהע מיט׳ן רעליגיעזען, — איז פֿאָרגעקומען אינעם צענטער פֿונעם העלעניזם, אין דער „װעלט־הױפּטשטאָדט“ אלכסנדריא אַ פּראָצעס פֿון דירעקט איבערנעהמען די גריכישע קולטור מצד די אידען און די אידישע קולטור מצד די גריכען. בשעת די דאָזיגע צװײ קולטור־נאַציעס, װאָס זענען יאָרהונדערטען לאַנג געװען אָבגעשײדט און פֿרעמד אײנע פֿון דער אַנדערער, האָבען זיך בעגעגענט, האָבען זײ געמוזט אָנהױבען צו פֿיהלען אַ פֿערלאַנג זיך נעהנטער צו בעקענען מיט אַנאַנד. פּונקט אַזױ װי פֿאַר׳ן אידען איז אַלץ געװען פֿרעמד אין גריכישען לעבען און װעלט־אָנשױאונג, אַזױ האָט זיך אױך דעם גריכען אױסגעדאַכט אַלץ נײַ און ניט־געװעהנליך אין דער אידישער לעבענס־אָרדנונג, אין דער אידישער רעליגיע און עטיק.

די אידען, װאָס האָבען געװאױנט אין עגיפּטען, האָבען בעװיזען שױן אױף אַזױפֿיעל זיך אָנצואײגענען די שפּראַך פֿון דער הערשענדער נאַציע, אַז די געבילדעטע צװישען זײ האָבען פֿערשטאַנען די װערק פֿון דער גריכישער ליטעראַטור. די גריכען אָבער האָבען ניט געקאָנט די העבּרעאישע שפּראַך, װאָרום אַפֿילו אין פּאַלעסטינע איז זי אױסגעשטופּט געװאָרען אין געברױך דורכ׳ן אַראַמישען דיאַלעקט, — און דעריבער האָבען זײ ניט געקאָנט בעקאַנט װערען מיט דער אידישער ליטעראַטור. די געבילדעטע אידען פֿון אלכסנדריא האָבען, פֿון דײער צד, שטאַרק חשק געהאַט צו בעװײַזען זײערע העלענישע שכנים, װאָס האָבען שטאָלצירט אַזױ מיט זײער קולטור, די גרױסקײט פֿון דער יהדות און די רײַכקײט פֿון דער אידישער ליטעראַטור און האָבען געהאָפֿט אױף אַזאַ אופֿן אײַנצופֿליסען צו זיך אַכטונג און אפֿשר אױך װירקען אױף דער װעלט־אָנשױאונג פֿון די געבילדעטע הײדען.

דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ פּראַקטישע נױטװענדיגקײט. װאָס מעהר אין עגיפּטען האָט זיך פֿערברײטערט די גריכישע שפּראַך, אַלס געברױכס־ און ליטעראַטור־שפּראַך, אַלץ װיניגער האָבען די אידען גופֿא געקענט העבּרעאיש. פֿערשטעהן די תורה אין אָריגינאַל האָבען געקאָנט נאָר די געלעהרטע, און פֿאַר׳ן פֿאָלק האָט מען געמוזט ערקלערען זי אױף גריכיש. דערפֿאַר האָט מען מורא געהאַט, אַז די פֿאָלקס־מאַסע װעט לחלוטין פֿערגעסען לײענען די הײליגע ביכער, אױב זײ װעלען ניט איבערזעצט װערען אױף דער געברױכס־שפּראַך.

דער פּועל־יוצא פֿון אָטאָ די אַלע סבֿרות איז געווען די איבערזעצונג פֿון תנ"ך אויף גריכיש.

קודם כּל האָט מען איבערזעצט אויף גריכיש די תּורה, אָדער חומש, אַלס דעם יסוד פֿון תנ"ך. אין „בריעף פֿון אַריסטעאַס", וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען אין אַלעקסאַנדריאַ אין II יאָרהונדערט פֿאַר קריסטוס, געפֿינט זיך אַ פֿאַנטאַסטישע ערצעהלונג וועגען דעם, ווי אַזוי עס איז געמאַכט געוואָרען די דאָזיגע איבערזעצונג. דער עצם אינהאַלט פֿון דער דאָזיגער ערצעהלונג איז פֿאָלגענדער.

דער קעניג תּלמי II פֿילאַדעלפֿוס האָט זיך דערוואוסט פֿון זיין ביבליאָטעקאַר, דימעטריוס פֿאַלעריוס, וועגען די גרויסע מעלות פֿון די אידישע כּתבֿי־הקודש און האָט געוואָלט בעקומען אַ פּינקטליכע גריכישע איבערזעצונג פֿאַר זיין רייכער ביבליאָטעק, וואו עס זענען געווען צונויפֿגעקליבען די ליטעראַטור־ווערק פֿון אַלע פֿעלקער. ער האָט געשיקט שלוחים קיין ירושלים צום כּהן־גדול אלעזר בעטען ער זאָל שיקען קיין אַלעקסאַנדריאַ געבילדעטע סופֿרים, וואָס זענען פֿעהיג צו איבערזעצען די תּורה אויף גריכיש. דער כּהן־גדול האָט ערפֿילט דעם קעניגס פֿערלאַנג און האָט געשיקט צו איהם 72 געלעהרטע, וואָס האָבען געוואוסט סיי אידיש סיי גריכיש און האָבען געבראַכט מיט זיך דעם טעקסט פֿון חומש. ביים הויף פֿון קעניג תּלמי האָט מען די געלעהרטע זעהר גוט אויפֿגענומען. דער קעניג האָט מיט זיי אַ סך געשמועסט וועגען פֿראַגען פֿון פֿילאָזאָפֿיע, עטיק און פּאָליטיק, און האָט זיך געוואונדערט איבער זייער קלוגשאַפֿט. דערנאָך האָט מען די איבערזעצער אָבגעגעבען אַ בעזונדער הויז אויפֿ'ן אינזעל פֿאַראָס נעבען אַלעקסאַנדריאַ, און דאָרט, ביחידות, האָבען זיי געאַרבייט פֿלייסיג איבער דער איבערזעצונג פֿון חומש. איטליכער פֿון זיי האָט איבערזעצט דעם אידישען טעקסט בעזונדער; נאָר די קאַפּיטלען, וואָס איטליכער האָט איבערזעצט פֿאַר אַ טאָג, פֿלעגען דערנאָך אַלע אינאיינעם איבערקוקען, און דערנאָך ערשט פֿלעגט ווערען פֿעסטגעשטעלט די גענויע פֿאָרם פֿון דער איבערזעצונג. (אַן אַנדער לעגענדע איז מוסיף, אַז על־פּי־נס האָבען זיך אַלע איבערזעצונגען אַרויסגעוויזען גלייך). די אַרבייט איז געוואָרען פֿערענדיגט אין 72 טעג. אַז מען האָט דערנאָך פֿאָרגעלייענט די איבערזעצונג אין אַ פֿערזאַמלונג פֿון פֿאָרשטעהער פֿון דער אַלעקסאַנדרישער אידישער קהלה, האָבען אַלע אין איין קול געלויבט די פּינקטליכקייט און דעם שעהנעם סטיל פֿון דער איבערזעצונג. דערנאָך האָט מען דעם נייעם גריכישען חומש בעוויזען דעם קעניג, וואָס האָט זיך געוואונדערט איבער דער טיעפֿקייט פֿון משה'ס געזעצגעבונג און האָט געהייסען אַוועקלעגען די דאָזיגע ביכער אין דער קעניגליכער ביבליאָטעק. דערנאָך האָט מען די איבערזעצער געגעבען רייכע מתּנות און אָבגעלאָזט זיי קיין מדינת־יהודה.

די היסטאָרישע פֿאָרשונגען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעוואָרפֿען פֿון דער דאָזיגער ערצעהלונג איהר לעגענדאַרישע שאָלעכץ, האָבען בעשטעטיגט, אַז די

גריכישע איבערזעצונג פון חומש איז מאקע געשען אין אלעקסאנדריא אין III יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס (צווישען 250—200). אין II יאָהרהונדערט זענען איבערזעצט געוואָרען די נביאים און א טייל פון די עלטסטע כתובים.

די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה איז געווען א גרויסע געשעעניש סיי אין דער אידישער געשיכטע, סיי אין דער געשיכטע פון דער גריכיש-רוימישער ציוויליזאציע. די אידען פון אלעקסאנדריא האָבען איינגעזעהן דערין דעם אָנהויב פונ'ם נצחון פון יהדות. נאָך א לאַנגע צייט דערנאָך פלעגען זיי אַלע יאָהר מאַכען א יום-טוב אויפ'ן אינזעל פאַראָס אין יענעם טאָג, ווען עס איז, לויט דער טראַדיציע, פערענדיגט געוואָרען די איבערזעצונג פון דער תורה. די פאַלעסטינישע אידען אָבער, לכל הפחות, אין דער שפּעטערדיגער צייט, האָבען געקוקט שלעכט אויף דער איבערזעצונג און האָבען זי בעטראַכט כמעט ווי א חילול-הקדש. אין תלמוד ווערט געזאָגט, אַז יענער טאָג, ווען די „פינף זקנים" האָבען איבערזעצט פאַר תלמי המלך די תורה אויף גריכיש, איז געווען פונקט אַזוי שווער פאַר אידען, ווי דער טאָג, ווען עס איז געמאַכט געוואָרען דער גאָלדענער קאַלב (קשה לישראל כיום שנעשה בו העגל). אין אַן אַנדער גירסא ווערט געזאָגט, אַז דעמאָלט איז געווען דריי טעג פינסטערניש אויף דער וועלט. דער טעם איז געווען, מחמת די תורה קאָן מען ניט גענוי איבערגעבען אויף גריכיש (אין התורה יכולה להתרגם כל צרכה). די געשיכטע בעווייזט אָבער, אַז די גריכישע איבערזעצונג פון תנ"ך, ביי אַלע איהרע חסרונות, האָט א סך מיטגעווירקט, אַז דער תנ"ך זאָל זיך פערשפּרייטען צווישען די אידען אין די גלות-לענדער, און אויך אַז די אידישע אידעען זאָלען אַריינדרינגען צווישען די געבילדעטע היידען. די דאָזיגע איבערזעצונג, וואָס האָט בעקומען, לויט דער דערמאָנטער טראַדיציע, דעם נאָמען „די איבערזעצונג פון די שבעים זקנים" (תרגום השבעים, סעפּטואַגינטאַ), האָט געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָל שפּעטער-צו, אין יענעם מאָמענט, ווען די גריכיש-רוימישע וועלט איז איבערגעגאַנגען צום קריסטענטום.

דער גריכישער סטיל פון דעם תרגום השבעים בעווייזט אונשטרייטיג, אַז די איבערזעצונג האָבען געמאַכט אידען. אין דער שפּראַך זענען פאַראַן א סך העברעאישע אויסדרוקס-פאָרמען, כ'איז א מין צונויפמישונג פון די צוויי דיאַלעקטען — דעם מזרחדיגען און מערבדיגען. בכלל איז דער העברעאישער אָריגינאַל-טעקסט איבערגעגעבען געוואָרען וואָרט אין וואָרט, אַזוי אַז ערטערווייז איז די איבערזעצונג מסתמא געווען שווער צו לייענען פאַר מענשען, וואָס ווייסען ניט די בעזונדערהייטען פונ'ם העברעאישען סטיל. בלויז אין עטליכע ערטער זענען די איבערזעצער אָבגעטראָטען פונ'ם העברעאישען אָריגינאַל, בכדי אויסצומיידען אַזעלכע צווייטייטיגע אויסדרוקען, וואָס מען קאָן זיי פאַלש אויסטייטשען. אַזוי, למשל, זענען איבערגעגעבען געוואָרען אין א מעהר אַבסטראַקטער פאָרם די אויסדרוקען, וואו גאָט ווערט פערגליכען צו א מענשען (אַנטראָפּאָמאָרפיזמען).

און עפּיס אומגעענדערט זענען די ערטער, וואָס וואָלטען געווען אונפערשטענד-
ליך פאַר געבילדעטע מענשען. צווישען אַנדערע, איז אין ספר „ויקרא“ אין
דעם רייסטער פון די טרפה׳ע בהמות פערבאָטען געוואָרען דער נאָמען „לאַגאָס“
(האָז, — ארנבת), וואָס איז געוועזען דער צונאָמען פון דעם ערשטען תלמי, הערן
דעם נאָמען דאַזיפּאָס“ (האַרפּוסין).

---

# צווייטער קאַפּיטעל.

## די גריכיש-סירישע איבערהערשאַפט איבער מלכות-יהודה (198—168).

אנטיוכוס III און סעלייקוס IV. — די העלעניסטען און די חסידים. — יאָזאָן און דער נצחון פון די העלעניסטען. — מענעלוים און דער בירגערקריג. — רעליגיעזע רדיפות; טעראָר. — די ליטעראַטור אין דער צייט פון די רדיפות.

### אנטיוכוס III און סעלייקוס IV.

§ 36. נאָכדעם, ווי מלכות-יהודה איז איבערגעגאַנגען צו דער ממשלה פון די סעלייקידען, איז דאָס אידישע פאָלק אַריינגעריסען געוואָרען אין סאַמע מיטען שטורעם פון דער העלענישער ציוויליזאַציע. די גריכיש-סירישע אימפּעריע פון די סעלייקידען, וואָס האָט אַרומגענומען אַ גרויסען טייל פון פאָדער-אַזיען, האָט אין אַ געוויסער מאָס פערווירקליכט אלכסנדר מוקדון׳ס חלום וועגען אַן אַלוועלטליכער גריכישער מאָנאַרכיע. סיריען איז געווען די מוטער-לאַנד פון מזרח׳-דיגען העלעניזמוס, אין דער צייט ווען עגיפּטען איז נאָר געווען זיין קאָלאָניע. לויט זיין געאָגראַפישער לאַגע, איז דאָס לאַנד יהודה געווען ענגער פערבונדען מיט סיריען, איידער מיט עגיפּטען. און טאַקע דערפאַר האָט מלכות-יהודה אונטער דער ממשלה פון די תלמיים געשפּיעלט בלויז אַ פּאַסיווע ראָל אין די פּאָליטישע בעוועגונגען אין אָריענט, אונטער די סעלייקידען אָבער איז זי אַריינגעצויגען געוואָרען אין סאַמע צענטער פון די דאָזיגע בעוועגונגען — און איז באַלד גענויטיגט געווען איבערצוגעהן צו אַן אַקטיווער פּאָליטיק.

אַז די ירושלמים האָבען בעגריסט דעם קעניג אנטיוכוס III דעם גרויסען, בשעת ער איז אַריינגעטראָטען אין דער הייליגער שטאָדט (§ 31), האָבען זיי נאָך ניט געקאָנט וויסען, וואָס פאַר אַ מזל עס וועט האָבען זייער לאַנד אונטער דער איבערהערשאַפט פון די סעלייקידען. אנטיוכוס האָט געלאָזען די אידען

פולע פרייהייט פון זעלבסטפערוואלטונג, פונקט אזוי ווי זיי האבען געהאט אין די צייטען פון די תלמיים, און האט נאך פערברייטערט זייער פרייהייט דורך נייע הנחות און פריווילעגיעס. מען האט געקאנט זיך רעכטען, אז אונטערן שוץ פון דער שטארקער אימפעריע פון די סעלייקידען, וועט דאס פאלק אויך ווייטער געניסען אויטאנאמיע און רוה. נאר די דאזיגע האפענונג איז ניט מקוים געווארען. שוין אין עטליכע יאָהר ארום, נאכדעם ווי די סירישע מאנארכיע האט ארייגענומען מלכות־יהודה, האט זי בעקומען א שטארקען קלאפּ, וואס האט איינגעבראכען איהר מאכט.

אנטיוכוס III האט זיך דערוועגט צו קעמפפען קעגען דער זיגרייכער רוימישער רעפובליק, וואס האט דעמאלט ענטוויקעלט איהר מיליטערישע מאכט אין די בעריהמטע פונישע קריג און האט געשטרעבט ארייגצוכאפּען די גריכישע מלוכות, וואס זענען פונאנדערגעווארפען געווען ארום דעם מיטעללענדישען ים. אין דער שלאכט ביי מאגנעזיא (190) האט אנטיוכוס בעקומען א שרעקליכע מפלה. ער האט געמוזט אבטרעטען די רוימער קליין־אזיען ביז די טאוורישע בערג, ארויס־געבען זיין פלאָט און אויסצאהלען זיי א גרויסע קריגס־קאנטריבוציע. אלס א משכון פאר דער דאזיגער קאנטריבוציע האט ער געמוזט שיקען קיין רוים, צווישען אנדערע יונגע אדעל־לייט, אויך זיינעם א זוהן, וואס האט שפעטער געשפּיעלט אזא שרעקליכע ראָל אין דער אידישער געשיכטע אונטער'ן נאמען אנטיוכוס עפּיפאנעס. זוכענדיג מיטלען אויף צו בעצאהלען רוים די שווערע קאנטריבוציע, האט אנטיוכוס איין מאל געפּרובט אבצונעהמען די רייכ־טימער פון א הײדנישען טעמפּעל אין עלי־מאאיס, וואס ליגט אין מזרח־מעסאפּאטאמיען. נאר די ארטיגע איינוואוינער זענען געווארען אויפגעבראכט איבער אזא חלול־הקדש און האבען דערהרג'עט דעם קעניג און זיין סוויטע (187). אנשטאט איהם איז געווארען קעניג אין סיריען זיין זוהן, סעליוקוס IV (175—187).

סעליוקוס IV האט געמוזט טראגען אויף זיך אלע שווערע רעזולטאטען פון זיין פאטערס באנקראט. היות, ווי ער האט געמוזט צאהלען די קריגס־קאנטריבוציע אן רוים, איז ער פאקטיש געווען איהר אונטערטעניג. דערפון האבען געליטען אלע פעלקער, וואס זענען געשטאנען אונטער דער סירישער ממשלה; מען האט אויף זיי ארויפגעלעגט שטענדיגע און אויסערארדענטליכע שטייערן, וואס די קעניגליכע בעאמטע אָדער הוכרים פלעגען זיי איינמאנען אויפ'ן שטרענגסטען אופן. אפטמאלס פלעגען די בעאמטע, מיט'ן הסכם פון דער העכערער רעגירונג, אנווענדען אפילו געוואלד איבער די פרידליכע בירגער, בכדי צו בעקומען געלד. אזא צופאל האט אויך געטראפען אין ירושלים.

אין יענער צייט איז געווען כהן־גדול אין ירושלים חוניו III, שמעון II־ענס יורש. אונטער איהם האט געדיענט א געוויסער שמעון, פון שבט בנימין, וואס האט פערנומען די שטעל פון א פערוואלטער אָדער אויפזעהער

אין בית־המקדש. אבער עפּיס אַ מעשה איז אויסגעבראָכען אַ שטרייט צווישען שמעון און דעם כהן־גדול, און מחמת דעם האָט מען דעם ערשטען, ווי עס ווייזט אויס, אָבגעזאָגט פון זיין שטעל, אַלס אויפזעהער אין בית־המקדש. הייות די שמעון האָט געוואָלט זיך נוקם זיין אין דעם כהן־גדול, איז ער אַוועק צום פערוואַלטער איבער קעלעסיריען, טראַזייאָס, און האָט איהם געמסר'ט, אַז אין בית־המקדש געפינען זיך גרויסע רייכטימער, וואָס וואָלטען גוט צו־נוץ געקומען פאַר דער קעניגליכער קאַסע. דער פערוואַלטער האָט געגעבען צו וויסען דעם סעלייקוס IV, און דער קעניג, וואָס האָט זיך שטאַרק גענויטיגט אין געלד, האָט געשיקט קיין ירושלים זיין מלוכה־קאַסיר העליאָדאָרוס מיט אַ בעפעהל צוצונעהמען די אוצרות פון בית־המקדש. דער כהן־גדול האָט געבעטען ביי העליאָדאָרוס'ן, ער זאָל ניט אָנריהרען די קאַסע פון בית־המקדש, וואָס עס האָט זיך געפונען דאָרט געלד, וואָס פּריוואַטע פּערזאָנען, בעזונדערס אלמנות און יתומים, האָבען אָבגעלעגט; נאָר דער קעניגליכער שליח האָט זיך ניט געלאָזט איינבעטען. העליאָדאָרוס איז אַריינגעדרונגען אין דעם הייליגטום, בכדי אויסצופיהרען זיין פּלאַן, נאָר דאָ האָט איהם עפּיס וואָס אונגעריכטעהייד אָבגעשטעלט. צווישען פאָלק, וואָס איז נוטה צו פאַנטאַסטישע בילדער, האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ווי נאָר העליאָדאָרוס איז אַריבער דעם שוועל פון הייליגטום, זענען אַהים אַנטקעגען איהם אַ מעכטיגער רייטער אויף אַ פערד און צוויי יונגע לייט, וואָס האָבען אומגעוואָרפען דעם עזות'דיגען מחלל הקדש אויף דער ערד און געשמיסען איהם אָהן רחמנות. העליאָדאָרוס'ן, אַ שיער ניט געשטאָרבענעם פון שרעק, האָט מען אויף אַ טראָגבעט אַוועקגעטראָגען פון בית־המקדש, און ער האָט געמוזט אַוועקפאָהרען פון ירושלים מיט גאָרניט.

נאָר דער בוגד שמעון איז ניט אָבגעשראָקען געוואָרען דורך דעם, וואָס זיין פּלאַן האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען, און האָט ניט אויפגעהערט צו פיהרען זיינע אינטריגעס קעגען חוניו. ער האָט געמסר'ט דעם קעניג, אַז דער כהן־גדול איז שולדיג דערין, וואָס העליאָדאָרוס'ן האָט זיך זיין שליחות ניט איינגעגעבען, און האָט בכלל אַרויסגעשטעלט חוניו, אַלס אַ פיינד פון דער סירישער רעגירונג. דעמאָלט איז חוניו אַליין אַוועק צום קעניג, בכדי צו ערקלערען איהם דעם אמת'ן מצב און צוריק אויפצושטעלען די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וואָס איז געשטערט געוואָרען.

נאָר באַלד איז די לאַגע אין מלכות־יהודה נאָך ערגער געוואָרען. סעלייקוס IV איז געשטאָרבען, און קעניג פון סיריען איז געוואָרען זיין ברודער אנטיוכוס IV, וואָס האָט זיך אין יענער צייט אומגעקעהרט פון רוים (164—175). דער דאָזיגער בייט פון די מלכים האָט קיין גוטס ניט געבראַכט די אידען.

אנטיוכוס איז געווען לייכטזיניג, ווי אַ נאַריך, און דעספּאָטיש, ווי אַ רוימער. אין דער געשיכטע האָט ער בעקומען צוויי צונעמען: עפּיפאַנעס (דער גלענצענדער) און עפּימאַנעס (דער ווילדער, משוגענער) — אין דערמיט איז אָנ־

געװיזען אױף זײן צװײאַרטיגען כאַראַקטער: דעם חשק צו אױסװײניגסטען גלאַנץ און די משונעת'ן פון אַ טיראַן. אנטיוכוס האָט געשטרעבט אַרױפצוציהען אױף אַלע נאַציעס, װאָס האָבען זיך געפונען אונטער זײן ממשלה, דעם אױסװײניג־סטען גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור. און אין דער דאָזיגער שטרעבונג, װאָס פלעגט אָפט בײ איהם אױסקומען װי אַ װילדער קאַפּריז, האָט ער זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר קײן שום מיטלען. פון דער אַנדער זײט, האָט דער קולטור־קאַמפף, װאָס איז דעמאָלט אױסגעבראָכען צװישען די אידען גופא, געגעבען דעם סירישען מושל די געלעגענהײט זיך אַרײנצומישען אין זײערע אינעװײניגסטע ענינים. און אױף אַזאַ אופן איז פאָרגעקומען יענע שרעקליכע צוזאַמענשטױסונג, װאָס האָט געבראַכט צו אײנעם פון די גרעסטע קריזיסען אין דער אידישער געשיכטע.

## די העלעניסטען און די חסידים.

§ 37. אין דער צײט, װאָס די תלמידים האָבען געהערשט, איז דער פּראָצעס פון העלעניזירונג אָדער פערשפּרײטונג פון דער גריכישער קולטור, געװען נאָך שװאַך אין מלכות־יהודה, װאָס איז געװען פערבונדען מיט עגיפּטען נאָר פּאָליטיש, בלױז פון אױסװײניג. אַ סך אַ װיכטיגערע בעדײטונג האָט בעקומען דער דאָזיגער פּראָצעס אין אידישען לעבען, נאָכדעם, װי מלכות־יהודה איז אַריבער אונטער דער ממשלה פון סיריען, און דאָס לאַנד איז געקומען אין דירעקטער פערבינדונג מיט די מזרח'דיגע צענטרען פונ'ם העלעניזם.

אַ סך תנאים אין בירגערליכען און עקאָנאָמישען לעבען האָבען מיטגע־האָלפען, אַז די גריכישע קולטור זאָל זיך גיך פערשפּרײטען. די ים־שטעדט פון פּאַלעסטינע (עזה, יפו, אשקלון, עכו אָדער פּטאָלעמאַאידע) זענען געװען בע־װאױנט דער עיקר פון גריכען. גריכיש איז געװאָרען די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך אין פאָדער־אַזיען און האָט אַרױסגעשטופּט די פריהערדיגע אַראַמישע שפּראַך. גריכיש איז געװען די שפּראַך פון דער האַנדעלס־װעלט און פון די אָפיציעלע כפערען, און מחמת דעם האָט זי געמוזט זיך פערשפּרײטען אױך צװישען אידען, לכל־הפּחות, צװישען די העכערע און מיטעלע קלאַסען פון פאָלק. און די אַל־געמײנע געברױכס־שפּראַך האָט שױן בעשאַפען אַ באָדען פאַר דער דערנענ־טערונג פון פערשידענע נאַציעס און פאַר אײנפירען די גריכישע קולטור אין געװיסע קרײזען פון דער אידישער געזעלשאַפט.

די ערשטע צײט איז צו בעמערקען אין די העכערע שיכטען פון דער אידישער געזעלשאַפט אַ שטרעבונג איבערצונעהמען יענע אױסװײניגסטע זײטען פון דער גריכישער קולטור, װאָס האָבען בעדאַרפט אױסזײען בעזונדערס אָנ־ציהענד פאַר מענשען, װעמען עס איז שװער געװען אַריבערצוטראָגען דעם שטרענגען זיטליכען רעזשים פון דער יהדות אָדער די סך אױסװײניגסטע רע־ליגיעזע צערעמאָניעס. אַ געװיסער טײל פון דער אידישער יוגענד האָט געמוזט

געפֿעלן װערן דאָס אָפֿענע און פֿרײלעכע לעבן פֿון די גריכן, זײערע עפֿנט-ליכע שפּילן, טעאַטערן און שױשפּילן, די פֿיזישע איבונגען און ראַנגלערײַען פֿון די יונגע לײַט אין די „גימנאַזיעס" אָדער אַרומגעצאַמטע פּלעצער, דער יאָגן זיך אויף פֿערד. אַ סך אידן האָבן געװאָלט, אַז די גאַסן פֿון דער הײליגער שטאָט ירושלים זאָלן זײַן גלײַך צו די גאַסן פֿון אַלכּסנדריאַ אָדער אַנטיוכיאַ; אַז דעם אָרט פֿון געשלאָסענעם פֿאַמיליען־לעבן זאָל פֿאַרנעמען אַ פֿרײַעס און אָפֿענעס לעבן; אַז אין די עפֿנטליכע פּלעצער זאָלן די װעלטליכע פֿאַרגעניגענס זיך רעכענען פּונקט אַזױ געזעצליך, װי די רעליגיעזע צערעמאָניעס.

אין פּלוג האָט געקאָנט אויסזײַן, אַז אַזאַ שטרעבונג אַרײַנצופֿירן נײַע פֿאָרמען אין אידישן לעבן קאָן ברענגען אַ געװיסן נוצן, יעדנפֿאַלס קאָן זי ניט שאַטן. דער העלענישער קולט פֿון שײנקײט און תענוגים װאָלט געקאָנט אַ ביסעל װײכער מאַכן די שטרענגקײט פֿון די אידישע מדות און מאַכן שענער זײער אײַנפֿאַרביגעס, אײַנגעשלאָסענעם לעבן. נאָר אין דער אמתן איז עס אַנדערש אַרויסגעקומען. די העלעניסטען — אַזױ האָבן זיך אָנגע-רופֿן די אָנהענגער פֿון דער גריכישער קולטור אין מלכות־יהודה — האָבן אָנ-געהויבן דערפֿון, װאָס זײ האָבן איבערגענומען אומשולדיגע גריכישע שפּילן און פֿאַרגעניגענס, און געענדיגט האָבן זײ דערמיט, װאָס זײ האָבן אָנגעװאָרען אַ בעדײַטענדן טײל פֿון זײערע גוטע מדות און פֿון זײערע רעליגיעזע טראַדיציעס. אויף די עפֿנטליכע שפּילן, למשל, פֿלעגן די אידישע יונגע לײַט, לױט׳ן גריכישן מנהג, אַרויסטרעטן נאַקעטערהײד און האָבן אײַנגאַנצן דערשטיקט בײַ זיך דעם געפֿיהל פֿון שעמעװדיגקײט און צניעות. בכדי די גריכן זאָלן איבער זײ ניט שפּאָטן, פֿלעגן זײ דורך פֿאַרשײדענע אָפּעראַציעס זוכן צו מאַכן, אַז מען זאָל ניט דערקענען, אַז זײ זענען געמלט. נאָכמאַכענדיג בלינדערהײד די פֿרעמדע, זענען די העלעניסטען אויך אין אַנדערע לעבענס-ספֿערען דערגאַנגען דערצו, אַז זײ האָבן זיך אָנגעהויבן צו שעמען פֿאַר אַלצדינג, װאָס שײדט זײ אָב אַלס אידען, האָבן אָנגעװאָרען זײער נאַציאָנאַלע פּער-זענליכקײט און זענען דעמאָראַליזירט געװאָרען. זײ האָבן אָנגעהויבן פֿון אַנ-אויבענאויפֿיגער אויסװײניגסטער אַסימילאַציע, און געענדיגט האָבן זײ מיט אַ טיפֿער אינעװײניגסטער אַסימילאַציע, װאָס האָט געבראַכט זײ שפּעטער אַפֿילו דערצו, זײ זאָלן זיך אָבזאָגן פֿון די הײליגסטע אינטערעסען פֿון זײער נאַציע.

קעגען דער דאָזיגער סכּנה זענען אַרויסגעטראָטען די קאָנסערװאַטיװע עלע-מענטען פֿון דער אידישער געזעלשאַפֿט. עס האָט זיך באַװיזען אַ פּאַרטײ פֿון קנאים פֿאַר׳ן גלויבן, װאָס האָבן געהײסן חסידים אָדער „פֿרומע", װאָס האָבן געמיהט זיך, דורך אַ שטרענגער רעליגיעזער דיסציפּלין, אָבצוהאַלטען די געזעלשאַפֿט פֿון איבערצוגעבן זיך דער פֿרעמדער קולטור. די חסידים האָבן װײַטער געפֿיהרט די פּאָליטיק פֿון עזרא און די סופֿרים, און מיט אַלע זײערע קרעפֿטען זענען זײ געװען קעגען דעם, אַז עס זאָלן אַרײַנדרינגען די פֿרעמדע

מנהגים צווישען די אידען; קעגען דער עקסטרעמער אַסימילאַציע האָבען זיי אַרויסגעשטעלט אַן עקסטרעמע נאַציאָנאַלע אָבזונדערונג. ס'איז פֿערבאָטען געוואָרען צו דערנעהנטערן זיך צו די גריכען, עסען זייער שפּייז, אָנטיילנעהמען אין זייערע פֿערזאַמלונגען, בפֿרט אָבער — אין די עפֿענטליכע שפּיעלען. שטרענג זענען אָבגעהיט געוואָרען די פֿיעל געזעצען וועגען שבת און ימים-טובים, די אַלע קליינע צערעמאָניעס און מנהגים, וואָס האָבען רעגולירט אַלע זייטען פֿון פּריוואַטליכען, פֿאַמיליען- און געזעלשאַפֿטליכען לעבען. איטליכען, וואָס האָט נאָר עובר געווען אויף די דאָזיגע געזעצען און מנהגים, פֿלעגט מען בעטראַכטען, ווי אַ בוגד, ווי איינעם, וואָס איז גרייט אַריבערצולויפֿען אין אַ פֿרעמדען לאַגער.

ביי אַ נאָרמאַלען צושטאַנד וואָלט דער קאַמפּף פֿון די ביידע עקסטרעמע פּאַרטייען — די העלעניסטען און חסידים — ניט אַרומגענומען די ברייטע שיכטען פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָלט ניט געקאָנט איבערדרעהן דאָס גאַנצע פֿאָלקס-לעבען, פֿון אויבען ביז אונטען, און בכל אופֿן, וואָלט עס געבליבען אַן אינער-ווייניגסטער ענין פֿון אידישען פֿאָלק און וואָלט זיך אויסגעלאָזען אַזוי, ווי עס האָבען זיך אויסגעלאָזען אַ סך אַנדערע קולטור-קריזיסען אין דער אידישער געשיכטע. נאָר דאָ האָבען זיך אַריינגעמישט אויסווייניגסטע פּאָליטישע געשעהענישען, וואָס האָבען פֿערפּלאָנטערט דעם קולטור-קאַמפּף און פֿערוואַנדעלט איהם אין אַ בירגער-קריג. איינע פֿון די שטרייטענדע פּאַרטייען, די העלעניסטישע, האָט ניט געקאָנט ביישטעהן דעם נסיון צו זוכען אונטערשטיצונג ביי דער סירישער רעגירונג, וואָס איז דעמאָלט בעזונדערס שטאַרק געווען פֿערנומען מיט'ן געדאַנק צו העלעניזירען די אידען. די דאָזיגע אונזיניגע און ניט-ערליכע טאַט פֿון די אַסימילאַטאָרען האָט געבראַכט צו די טרויעריגסטע רעזולטאַטען.

## יאַזאָן און דער נצחון פֿון די העלעניסטען.

§ 38. די שפּאַלטונג, וואָס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורכ'ן קולטור-קאַמפּף, האָט זיך אַרויסגעוויזען אויך אין דער משפּחה פֿונ'ם כהן-גדול, וואָס איז געשטאַנען בראש פֿונ'ם אידישען פֿאָלק. אַ ברודער פֿונ'ם כהן-גדול חוניו III, ישוע, האָט געהערט צו דער פּאַרטיי העלעניסטען, און איז אפֿשר געווען איינער פֿון איהרע פֿיהרער. ער האָט אומגעביטען זיין אידישען נאָמען אויף אַ גריכישען — יאַסאָן אָדער יאַזאָן. יאַזאָן האָט, ווי עס ווייזט אויס, לכתחלה ניט געוואָלט איבערגעוואַלד העלעניזירען די אידען, נאָר ער האָט געהאָפֿט מדרגות'וויז איינפֿלאַנצען ביי זיי אַ חשק איבערצונעהמען פֿערשיידענע גריכישע מנהגים, לעבענס-געוואוהנהייטען און בעקוועמליכקייטען; נאָר שפּעטער איז ער אַוועק צו ווייט אין דער דאָזיגער ריכטונג. היות, ווי ער האָט בעגעגענט אַ ווידערשטאַנד צו זיינע שטרעבונגען מצד דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, דעריבער האָט ער בעשלאָסען צו בעזייטיגען זיין ברודער פֿון דער ממשלה, בכדי צו פֿערנעהמען זיין אָרט און איינצופֿיהרען זיינע קולטורעלע רעפֿאָרמעס אָפֿיציעל,

מיט דער הילף פֿון דער סירישער רעגירונג. חוץ פּאַרטיי־אינטערעסען, האָט יאָזאָן, אפנים, געהאַט דערביי אין זינען אויך בעפֿרידיגען זיין אייגענעם שטרעבען צו כבוד. סיי דאָס, סיי יענס, האָט אים בעוואויגען צו ווערען אַ בוגד קעגען זיין נאַציע.

יאָזאָן האָט פֿאָרגעלייגט דעם קעניג אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס אַ גרויסע סומע געלד — צי דאָס איז געוועזען אַן'איינמאָליגער צינז אָדער מען האָט בעדאַרפֿט פֿער־גרעסערן די יערליכע אָבצאָהלונגען, וואָס מלכות־יהודה האָט געצאָהלט — בכדי דער קעניג זאָל אים בעשטעטיגען אַלס כהן־גדול אַנשטאָט חוניון. צו גלייכער צייט האָט ער פֿאָרגעלייגט אנטיוכוסן אויסצובויען אין ירושלים אַ בנין פֿאַר גימנאַסטישע שפּיעלען און איבונגען און מאַכען אַ פּלאַץ פֿאַר די עפֿענטליכע ראַנגלערייען פֿון יונגע לייט. יענע איינוואוינער פֿון ירושלים, וואָס וועלען נעהמען אַנ'אָנטהייל אין די דאָזיגע שפּיעלען, האָט יאָזאָן געבעטען, אַז דער קעניג זאָל זיי שענקען די רעכט פֿון „אנטיוכישע בירגער", דאָס הייסט, די אייגענע רעכט, וואָס די גריכען. היות, ווי די דאָזיגע פֿאָרשלאָגען האָבען פֿולקום איינגעשטימט מיט די אינטערעסען און פֿערלאַנגען פֿון אנטיוכוס'ן גופֿא, דעריבער האָט ער קיין שהיות ניט געמאַכט און האָט ערפֿילט יאָזאָנ'ס בקשה. חוניון האָט מען אָבגעזעצט פֿון זיין אָרט, און פֿאַר אַ כהן־גדול איז בעשטימט געוואָרען זיין ברודער — דער העלעניסט (174).

נאָכדעם, ווי יאָזאָן האָט בעקומען די ממשלה, האָט ער איינגעפֿיהרט אין ירושלים נייע פֿאָראָנדיקעס, אינ'ם גייסט פֿון דער העלעניסטישער פּאַרטיי. דער רעליגיעזער קולט אין בית־המקדש איז ניט אומגעביטען געוואָרען, נאָר ניט ווייט פֿונ'ם אידישען הייליגטום איז אויסגעבויט געוואָרען אַ נייער טעמפּעל — אַ „גימנאַזיע", וואו עס האָט געהערשט דער גריכישער קולט פֿון שפּיעלען און פֿערגעניגענס. אידישע יונגע לייט פֿלעגען מאַסענווייז צונויפֿקלייבען זיך אויפֿ'ן פּלאַץ, לערנען זיך פֿעכטען און וואַרפֿען דיסקען (קיילעכדיגע שטיקער מעטאַל) און אָנטיילנעהמען אין פֿערשיידענע גימנאַסטישע שפּיעלען און האָבען אפילו ניט געשעמט זיך אַרויסצוטרעטען נאַקעטערהייד פֿאַר'ן גאַנצען עולם מענשען. אפילו יונגע כהנים פֿלעגען אָפֿטמאָלס פֿערלאָזען די עבודה בײַם מזבח און אַוועק־געהן אויפֿ'ן שכנות'דיגען פּלאַץ, בכדי צו נעהמען אַנ'אָנטהייל אין די פֿרעהליכע גריכישע שפּיעלען. דאָס אַלץ האָט טיעף בעליידיגט סיי דעם רעליגיעזען, סיי דעם זיטליכען געפֿיהל פֿון די פֿרומע אידען.

נאָר יאָזאָנ'ען האָבען ניט געאַרט די פּראָטעסטען פֿון דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, און ער האָט אַלץ ווייטער געפֿיהרט זיין פּאָליטיק פֿון העלעניזירען דאָס פֿאָלק. איין מאָל זענען אין צור פֿאָרגעקומען די יום־טובֿ'דיגע אָלימפּישע שפּיעלען פֿון די גריכען. אנטיוכוס איז געווען דערביי. אַהין האָט יאָזאָן גע־שיקט עטליכע אידישע יונגע לייט מיט אַ בעדייטענדער סומע געלד אויף צו קויפֿען מתנות לכבוד דעם פֿעניצישען אָבגאָט הערקולעס. נאָר די שלוחים האָבען

ניט געוואגט צו ערפילען דעם דאזיגען בעפעהל, מחמת דאס וואלט געווען גלייך ווי זיי וואלטען גענומען אנ'אנטייל אין געצענדיענסט, און האבען אבגעגעבען די געלד אין דער קעניגליכער קאסע אויף בויען דערפאר קריגס-שיפען.

די כראניקען דערצעהלען, אז, בשעת אנטיוכוס איז געווען אין פעניציען, איז ער אריינגעפאהרען אין דער האפענשטאדט יפו און האט בעזוכט ירושלים. יאזאן האט איהם אויפגענומען מיט גרויס פאראד. אנטיוכוס איז אריינגעטראטען אין ירושלים מיט א פאקעל-צוג, און די שטאדט-איינוואוינער האבען איהם בעגריסט. יאזאן האט אלצדינג געטאן, בכדי צו געווינען פאר זיך דעם קעניג, וואס האט איהם געגעבען די ממשלה כנגד דער קאנסטיטוציע פון מלכות-יהודה. נאר יאזאן האט באלד דערשמעקט, ווי ווייט ניט זיכער עס איז די מאכט, וואס איז געווען געגרינדעט אויף אנטיוכוס'עס קאפריז און וואס ער האט בעקומען קעגען דעם געזעצליכען ווילען פון פאלק.

## מענעלויס און דער בירגער-קריג.

§ 29. דריי יאהר איז יאזאן געווען כהן-גדול. היות, ווי די סירישע ממשלה האט זיך אריינגעמישט, ווען איהר האט זיך געוואלט, אין די ענינים פון דער אידישער זעלבסטפערוואלטונג, דעריבער איז דער געפיהל פון געזעצליכקייט אזוי אבגעשוואכט געווען אין די העכערע שיכטען פון פאלק, אז אויף דער כהונה-גדולה האט געהאט די העזה צו פרעטענדירען אזא מענש, וואס איז גאר אפילו קיין כהן ניט געווען. איינער א געוויסער מ ע נ ע ל ו י ס, וואס האט אבגעשטאמט פון שבט בנימין, האט בעשלאסען אבצונעהמען די כהונה-גדולה ביי יאזאנען[1]. דער נייער פרעטענדענט האט געהערט צו דער פארטיי פון די עקסטרעמע העלעניסטען, וואס בראש פון זיי איז געשטאנען די משפחה פון די בני-טוביה, דאס הייסט די אייניקלעך פון די עלטסטע זוהן פון געוועזענעם חוכר יוסף בן-טוביה. נאר איהם האבען, אפנים, געטריבען ניט אזוי די אינטערעסען פון זיין פארטיי, ווי די אייגענע תשוקה צו כבוד.

ער האט דערגרייכט זיין צוועק דורך א צווייאיגער בגידה: א פערזענליכער און נאציאנאלער. די כראניק דערצעהלט, אז יאזאן, וואס האט קיין שום חשד ניט געהאט קעגען מענעלויס'ן, האט איין מאל געשיקט דורך איהם קיין אנטיוכיא די צינז, וואס ער פלעגט אלע יאהר דארפען צאהלען. דער פאלשער

---

1) לויט ווי עס ווערט דערצעהלט אינ'ם ספר חשמונאים ב' (קאפ. ד', 23), איז מענעלויס געווען א ברודער פונ'ם אויפזעהער אין בית-המקדש, שמעון, וואס איז געווען שולדיג דערין, וואס דער בית-המקדש איז צעראבירט געווארען אין דער צייט פון סעלייקוס IV (אויבען § 36). די ידיעה פון יוסף פלאוויוס (קדמוניות, קאפ. י"ב, 5), אז מענעלויס איז געווען יאזאנ'ס א יונגערער ברודער און האט פריהער געהייסען חוניו, איז, אפנים, גענומען פון ווער אנ'אונזיכערען מקור.

שליח האָט געפֿונען חן אין אנטיוכוס'עס אויגען, און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז יענער איז אַ נאוהב-כּסף, האָט ער איהם פֿאָרגעלעגט פֿאַר דער כּהונה-גדולה מיט 300 טאַלענטען זילבער מעהר, ווי יאַזאָן. ס'קאָן זיין, אַז מענעלויס האָט נאָך צוגעזאָגט אנטיוכוס'ן, אַז בנוגע צו דער העלעניזירונג פֿון די אידען, וועט ער אַרבייטען נאָך ענערגישער, איידער יאַזאָן. דער קעניג האָט דערויף מסכּים געווען. יאַזאָן איז געוואָרען אַראָבגעזעצט פֿון זיין שטעל און האָט געמוזט אַנטלויפֿען אין לאַנד פֿון די עמונים (171), און כּהן-גדול איז געוואָרען אַזאַ מענש, וואָס, לויט דער מיינונג פֿונ'ם כּראָניקען-שרייבער, האָט ער ניט געהאַט קיין איינע פֿון די מעלות, וואָס אַן אמת'ער כּהן-גדול דאַרף האָבען, נאָר בלויז „די אכזריות פֿון אַ טיראַן און די ווילדקייט פֿון אַ חיה-רעה“. די אַסימילאַציע, וואָס יאַזאָנ'ס פּאַרטיי איז פֿאַר איהר געשטאַנען, האָט געמאַכט נאָך ווייטערדיגע שריט און איז איבערגעגאַנגען אין אַן אָפֿענער נאַציאָנאַלער בגידה.

אַזוי ווי דער נייער כּהן-גדול האָט אָהן אויפֿהער געשטרעבט צו אַלץ אַ גרעסערער מאַכט, האָט ער צוגעזאָגט אנטיוכוס'ן אַזעלכע זאַכען, וואָס ער האָט דערנאָך ניט געקאָנט אויספֿיהרען. איין מאָל האָט דער קעניג געפֿאָדערט דורך זאָסטראַטעס'ן, דעם קאָמענדאַנט פֿון דער ירושלמ'ער פֿעסטונג, דעם צינז, וואָס מענעלויס האָט צוגעזאָגט. נאָר דער לעצטער האָט ניט געהאַט וואָס צו צאָהלען. יעמאָלט האָט מען איהם אַרויסגערופֿען קיין אנטיוכיא, ער זאָל געבען אַן ערקלערונג דעריבער. פֿאַר זיין פֿערטרעטער אין ירושלים האָט ער געלאָזען זיין ברודער ליזימאַכוס'ן און איז אַוועקגעפֿאָהרען, און האָט גענומען מיט זיך אַ סך טייערע כּלים פֿון בית-המקדש. אַז מענעלויס איז אָנגעקומען קיין אנטיוכיא, האָט ער דאָרט ניט געטראָפֿען דעם קעניג, וואָס איז אַוועק אין קריג קעגען די קיליקיער, וואָס האָבען קעגען איהם מורד געווען. מענעלויס האָט געמוזט אָנקומען צום קעניגליכען פֿערוואַלטער אַנדראָניקוס'ן. איהם האָט זיך איינגעגעבען אונטערצוקויפֿען דעם פֿערוואַלטער מיט רייכע מתּנות פֿון די אוצרות פֿון בית-המקדש, וואָס ער האָט געבראַכט.

ווענען די דאָזיגע מעשׂים מענעלויס'ס האָט זיך דערוואוסט דער געוועזענער כּהן-גדול חוניו III, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין דאַפֿנאַ, אַ פֿאָרשטאָדט פֿון אַנטיוכיאַ. דער זקן איז געוואָרען אויפֿגעבראַכט קעגען מענעלויס'ן און האָט איהם בעשולדיגט דערין, וואָס ער האָט בעראַבט דעם היילינגטום פֿון ירושלים און האָט אונטערגעקויפֿט אַנדראָניקוס'ן. היות, ווי חוניו האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלען די, וועמען ער בעשולדיגט, נעהמען נקמה פֿון איהם, דעריבער איז ער ניט אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דאַפֿנע, וואָס איז געווען אַן עיר-מקלט, מחמת דאָרט האָט זיך געפֿונען אַ בערימטער טעמפּעל פֿון די גריכישע געטער אַפּאָלאָ און אַרטעמיס. נאָר אַנדראָניקוס'ן, מענעלויס'ס חבר צו זיינע פֿאַלשקייטען, האָט זיך איינגעגעבען אַרויסצונאַרען חוניו'ן פֿון זיין בעהעלטעניש און איהם צו טויטען. דער כּראָניקען-שרייבער איז מוסיף, אַז ניט בלויז די אידען, וואָס האָבען גע-

וואוינט אין אנטיוכיא, נאָר אַפילו די גריכען זענען געווען אויפגעבראַכט איבער דעם דאָזיגען מאָרד. אַז דער קעניג אנטיוכוס האָט זיך אומגעקעהרט פון קיליקיען, האָט מען געמסר׳ט פאַר איהם אויף אנדראָניקוס׳ן, און דער קעניג האָט געהייסען איהם טויטען אויפ׳ן זעלבען אָרט, וואו ס׳איז דערהרג׳עט געוואָרען דער אַלטער חוניו. נאָר דער הויפּט־אויפטוער פון דעם פערברעכען, מענעלויס, האָט קיין שטראָף ניט בעקומען און איז אַפילו געבליבען כהן־גדול. איהם האָט זיך, אַפנים, איינגעגעבען איבערצובעטען אנטיוכוס׳ן מיט טייערע מתנות און חניפה־ריידי.

דערווייל האָבען זיך אָנגעהויבען אין ירושלים אונאָרדנונגען צווישען פאָלק. מענעלויס׳ס ברודער און שטעלפערטרעטער, ליזימאַכוס, האָט ניט אויפגעהערט צו ראַבעווען די אוצרות פון בית־המקדש, בכדי עס אָבצושיקען אַלס צינז קיין אנטיוכיא. ס׳איז זעהר מעגליך, אַז ליזימאַכוס האָט זיך ניט אָבגעהאַלטען פון צו נעהמען אויך די געלד, וואָס פּריוואַט־פּערזאָנען האָבען איינגעלעגט אין בית־המקדש. אָט די אַלע גזלות און חלול־הקדש, וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען, האָבען צולעצט אַרויסגעבראַכט דאָס פאָלק פון געדולד. דער דערצאָרנטער המון האָט זיך געלאָזט געהן צום בית־המקדש, קעגען ליזימאַכוס׳ן, מיט פלעקער און מיט שטיינער. האָט ער פונאַנדערגעטריבען די מיליטערישע אָבטיילונג, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרען קעגען איהם, און ליזימאַכוס׳ן גופא דערהרג׳עט.

נאָך דער מעשה זענען דריי פאָרשטעהער פונ׳ם ירושלמ׳ער ראַט פון די זקנים („געראוזיא“) אַוועק קיין צור, וואו אנטיוכוס האָט זיך דעמאָלט געפינען, בכדי איהם צו דערקלערען די סבות, פאַרוואָס דאָס פאָלק האָט מורד געווען, און אַרויסצושטעלען מענעלויס׳ן, אַלס דעם אמת׳ן שולדיגען פון אַלע צרות. אנטיוכוס איז אָבער שוין געווען איינגענומען קעגען די ירושלמים, און לא די וואָס ער האָט פערשפּראָכען מענעלויס׳ן, נאָר ער האָט נאָך געהייסען טויטען די דריי פאָרשטעהער פון דער געראוזיא, אַלס פאָרשטעהער פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די דאָזיגע אָפענע אונגערעכטיגקייט האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די אידען און האָט זיי ענדגילטיג איבערצייגט, אַז דער סירישער קעניג איז דער הויפּט־פיינד פונ׳ם אידישען פאָלק.

פון צור איז אנטיוכוס אַוועק האַלטען מלחמה מיט עגיפּטען, סוריענ׳ס אַלטען שונא (170). פלוצלינג האָט זיך אין מלכות־יהודה פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער סירישער קעניג איז פלומר׳שט אומגעקומען אין דער דאָזיגער מלחמה. דאָס פאָלק איז געוואָרען מלא שמחה. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מענעלויס׳ס טיראַניע האָט שוין מעהר ניט אויף וואָס זיך צו האַלטען, און עס קומט שוין צו איהר אַ סוף. דער פערטריבענער יאַזאָן איז געוואָרען ערמוטיגט דורך די דאָזיגע קלאַנגען, איז גיך אַוועק קיין ירושלים און בראש פון אַן אָבטיילונג פון טויזענד מאַן איז ער אַריינגעדרונגען אין שטאָדט. מענעלויס האָט זיך דער־שראָקען און האָט זיך איינגעשלאָסען אין ירושלמ׳ער פעסטונג, אונטער׳ן שוץ פון סירישען גאַרניזאָן. יאַזאָן האָט, ווי עס ווייזט אויס, בעקומען שטיצע מצד

אַ געוויסען טײל פֿון דער אידישער בעפֿעלקערונג, וואָס האָט געוואָלט האָבען פֿאַר אַ כהן־גדול בעסער איהם, וואָס איז געווען אַ מעסיגער העלעניסט, אַ אידער דעם שווינדלער און פֿערעטער מענעלױס׳ן.

נאָר ניט לאַנג האָט יאַזאָן געוועלטיגט אין ירושלים. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר פֿאַלש דער קלאַנג, אַז אנטיוכוס איז אומגעקומען. דער סירישער קעניג האָט זיך דערוואוסט וועגען די אונרוהען אין ירושלים און האָט גיך געלאָזט זיך גיהן אַהין. יאַזאָן איז אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿון דער הױפּט־שטאָדט אין לאַנד פֿון די עמונים. נאָר אַזוי ווי אויך דאָרט האָט ער קײן מקום־מנוחה ניט געפֿונען, האָט ער גענומען וואָגלען פֿון לאַנד צו לאַנד, ביז וואַנען ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין לאַקעדעמאָן, וואו ער איז געשטאָרבען.

דערווייל איז אנטיוכוס מיט זײן חיל אַרײַנגעדרונגען אין ירושלים און האָט מיט אכזריות נקמה גענומען פֿון די אײַנוואוינער פֿאַר דער מרידה. טויזענדער אידען זענען דערהרג׳עט געוואָרען מיט דער הילף פֿון מענעלױס׳ן. צווישען אַנדערע זאַכען זענען אַוועקגעגזל׳ט געוואָרען די דרײַ הױפּט־צירונגען פֿון די אינעווײניגסטע חדרים פֿון היילינגטום: דער מזבח־הקטרת, דער שלחן פֿאַר׳ן „לחם הפנים“ און די מנורה — אַלע די דאָזיגע זאַכען זענען געווען פֿון רײנעם גאָלד. נאָך דער דאָזיגער מעשה איז אנטיוכוס אַוועק צוריק קײן אנטיוכיא, איבערלאָזענדיג אין די הערצער פֿון די אידען אַ פֿײַערדיגע שנאה צו דער סירישער טיראַניע. מענעלױס איז געבליבען בראש פֿון דער נאַציע, וואָס האָט איהם פֿײַנט געהאַט; נאָר דערפֿאַר האָט איהם געשיצט די געוועהר פֿונ׳ם סירישען גאַרניזאָן אין ירושלים, וואָס איז נאָך מעהר פֿערשטאַרקט געוואָרען.

## רעליגיעזע רדיפֿות; טעראָר

§ 40. די סירישע ממשלה איז פֿאַר׳ן פֿאָלק געוואָרען אַלץ שווערער איבערצוטראָגען, און אַ סך אידען האָבען איצט מיט האַרצקלעמעניש דערמאָנט זיך וועגען יענער פֿרײַהײַט, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געהאַט, בשעת די תלמיים האָבען געהערשט. ס׳איז מעגליך, אַז אין דער צײַט, וואָס די פּאַרטײַ העלעניסטען האָט זיך געשטיצט אויף דער סירישער ממשלה, וואָס איז געווען פֿײַנדליך געזאָנען צו דער יהדות, האָט די נאַציאָנאַלע פּאַרטײַ געחלומ׳ט וועגען אַראָבוואַרפֿען די סירישע ממשלה מיט דער הילף פֿון עגיפּטען. אין ירושלים האָט מען מיט אויפֿמערקזאַמקײַט זיך צוגעקוקט צום קריג, וואָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען צווישען סיריען און עגיפּטען, און מען פֿלעגט בעגעגענען מיט פֿרײַד איטליכע מפּלה פֿון אנטיוכוס׳ן. אױב אין יאָהר 170 האָט די פֿרײַד, וואָס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך פֿאַלשע קלאַנגען, אַרויסגעוויזען זיך פֿאַר פֿריהצײַטיג, איז דערפֿאַר אָבער אין צוויי יאָהר אַרום, אַז דער קריג האָט זיך ווידער אָנגעהויבען, האָבען די אידען טאַקע דערוואַרט זיך די מפּלה פֿון זײַער טיראַן. אין יאָהר 168 האָט אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס אונטערנומען אַ צווייטען קריג קעגען עגיפּטען;

נאָר דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף דער אומבעזיגליכער קראַפֿט פֿון רוים. אַזוי ווי די רוימישע רעגירונג האָט געמיהט זיך אונטערצוהאַלטען דעם פּאָליטישען גלייכגעוויכט אין מזרח, דעריבער האָט זי זיך איינגעשטעלט פֿאַר עגיפּטען, כדי ניט צו דערלאָזען, אַז די סירישע מאָנאַרכיע זאָל ווערען צו שטאַרק.

אַז דער סירישער קעניג איז געשטאַנען שוין פֿאַר די טויערן פֿון אלכסנדריא, זענען פּלוצלינג געקומען אין זיין לאַגער רוימישע שלוחים, בראש מיט דעם הויפּט־מאַן פּאָפּיליוס לענאַ. פּאָפּיליוס לענאַ האָט איהם איבערגעגעבען אַ דעקרעט פֿון רוימישען סענאַט, וואָס האָט געפֿאָדערט, אַז אנטיוכוס זאָל אונגעזאַמט אויפֿהערען צו פֿיהרען קריג מיט עגיפּטען, אויב ער וויל נאָר ניט אָנערקענט ווערען פֿאַר אַ פֿיינד פֿון רוימישען פֿאָלק. דער איבערגעראָשענער אנטיוכוס האָט געבעטען, אַז מען זאָל איהם ערלויבען צו בעקלערען די זאַך. נאָר דער שטאָלצער רוימער האָט איהם געענטפֿערט מיט אַ קורצען אולטימאַטום: מיט זיין שטעקען האָט ער געמאַכט אַנ'עגול אין זאַמד אַרום אנטיוכוס'ן און האָט געזאָגט: דאָ זאָלסטו זיך בעקלערען (דאָס הייסט, ניט אַרויסגעהענדיג פֿונ'ם עגול)! אנטיוכוס, וואָס איז אַנומעלט געווען אין רוים און וואָס האָט דעריבער געוואוסט אויס ערפֿאַהרונג, וואָס דאָס בעטייט אַזוינס אַ סטראַשונעק מצד די רוימער, האָט געמוזט אָבטרעטען. ער איז געווען אַפּילו צערייצט, נאָר ער האָט פֿערלאָזען עגיפּטען און האָט זיך געלאָזט געהן צוריק אין זיין לאַנד.

צי האָט זיך דער קעניג דערוואוסט וועגען דער שמחה פֿון די ירושלמי'ער איינוואוינער איבער דער מפּלה, וואָס ער האָט געהאַט, און וועגען דעם, אַז אַ געוויסער טהייל פֿון פֿאָלק איז נוטה אויפֿ'ן צד פֿון די עגיפּטער, אָדער מענעלוים האָט איהם געמסר'ט, אַז אין דער אידישער הויפּט־שטאָדט וויל מען קעגען איהם מורד זיין? יעדענפֿאַלס האָט ער געוואָלט, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פֿון דעם אומגליקליכען קריג, אויסלאָזען זיין כעס צו די אידען. ער האָט בעשלאָסען ענדגילטיג איינצושטעלען די דאָזיגע פּראָווינץ, מבטל זיין אין איהר די זעלבסטפֿערוואַלטונג און איינפֿיהרען דאָרט העלעניסטישע פּאָראַנדקעס, ווי אין אַלע איבעריגע געגענדען פֿון זיין מלוכה.

מיט אַזאַ בעפֿעהל איז געשיקט געוואָרען קיין ירושלים דער איבערשטער שטייערקלייבער אַפּאָלאָניוס, אין דער בעגלייטונג פֿון אַ גרויסער מיליטערישער אָבטהיילונג. איידער עס איז איינגעשטעלט געוואָרען די נייע אָרדנונג, האָבען די סירער געמאַכט אַ בלוטיגען אָנפֿאַל אויף די אידען. איין מאָל, אום שבת, זענען די סאָלדאַטען פֿון אַפּאָלאָניוס אָנגעפֿאַלען אויף דער פֿרידליכער בעפֿעלקערונג פֿון דער הויפּט־שטאָדט, האָבען אויסגעהרג'עט די מאַנסלייט, וואָס זיי האָבען בעגעגענט אויפֿ'ן גאַס, גענומען געפֿאַנגען פֿרויען און קינדער, געראויבט האָב־און־גוטס, צעשטערט הייזער. די איבערגעראָשענע איינוואוינער האָבען מאַסענווייז פֿערלאָזען די שטאָדט, וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען אויף צעראַ־

בידונג. אנשטאט זיי האבען זיך דארט בעזעצט סירער און גריכען. דער שטאָדט-קוואַרטאַל, וואָס איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „עיר-דוד" (דוד'ס שטאָדט), איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטאַרקער פעסטונג, וואָס האָט בעקומען דעם גריכישען נאָמען אַקראַ, און דאָרט איז אַריינגעזעצט געוואָרען אַ גרויסער סירישער גאַרניזאָן. מצד דער דאָזיגער פעסטונג, וואָס איז אויך ווי אַ אַנדער גריכישער אריסטאָקראַטען „איינצושטילען" די בעפעלקערונג, איז געווען אַ שטענדיגע סכנה פאַר דער הויפט-שטאָדט און פאַר'ן גאַנצען לאַנד. אַקראַ איז געווען דער הויפטליכער שטיץ-פונקט פאַר דער סירישער ממשלה אין מלכות-יהודה אויך שפעטער, פאַר דער צייט פון די בעפרייאונגס-קריג.

דער פאָגראָם אין ירושלים איז געווען נאָר אַ פאָרשפּיעל צום פולשטענדיגען פאָגראָם פון דער נאַציע. אנטיוכוס עפיפאַנעס האָט פערשטאַנען, אַז די הויפט-קראַפט פון די אידען ליגט בעהאַלטען אין זייער שטרענגער רעליגיעזער דיסציפלין, אין זייער אייגענאַרטיגער נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס גיט זיי די מעגליכקייט זיך אנטקעגענצושטעלען קעגען יעדען פרוב פון העלעניזירונג. בכדי צו פערניכטען דאָס אידישע פאָלק, אַלס נאַציע, אָדער גייסטליך-בירגערליכע געמיינדע און צונויפגיסען איהם מיט דער הערשענדער גריכישער נאַציע, האָט מען בעדאַרפט מבטל זיין זיין אינעוויינינגסטע אויטאָנאָמיע, זיין גייסטליכע קאָנסטיטוציע. און היות, ווי די לעצטע געפינט זיך דאָך אין דער תורה, דעריבער האָט מען בעדאַרפט אָבשאַפען דעם דאָזיגען אַלמעכטיגען געזעצבוך פון רעליגיע, מאָראַל און געזעלשאַפטליכקייט. און מחמת דעם טאַקע איז אנטיוכוס אַריבער פון אויסוויינינגסטען קאַמפף צום אינעוויינינגסטען; פון רדיפות קעגען די אידען — צו רדיפות קעגען דער יהדות. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, וואו ער האָט, לויט ווי דער ספר חשמונאים א' דערצעהלט, געפאָדערט, „אַז אַלע פעלקער, וואָס זענען אונטערטעניג דער סירישער מאָנאַרכיע, זאָלען ווערען איין פאָלק, אַז איטליכער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיינע בעזונדערע מנהגים".

פאַר מלכות-יהודה איז בעפוילען געוואָרען אייצופיהרען גאָר אַ נייע אָרדנונג. די אידישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז פערשריבען אין דער תורה, איז אָבגעשאַפט געוואָרען; די יהדות איז בטל געוואָרען אָפיציעל אין גאַנצען לאַנד און צוגלייך אויך די עבודה אין בית-המקדש. ס'איז פערבאָטען געוואָרען אונטער טויט-שטראָף צו היטען די אידישע געזעצען, בעזונדערס וועגען שבת, מילה און טרפות. אנשטאָט דער עבודה אין בית-המקדש, וואָס איז אָבגעשאַפט געוואָרען, האָט מען אַרויפגעלעגט אויף די אידען אַ חוב צו היטען דעם גריכישען מלוכה-קולט. אין אַלע שטעדט פון לאַנד יהודה פלעגט מען בויען היידנישע טעמפּלען און מזבחות, וואו די איינוואוינער זענען מחויב געווען צו ברענגען קרבנות צו די גריכישע אָבגעטער. ס'זענען בעשטימט געוואָרען בעזונדערע אויפזעהער, וואָס זיי איז בעפוילען געוואָרען אויפצופאַסען, אַז די קעניגליכע בעפעהלען זאָלען ערפילט ווערען. יענע אידען, וואָס האָבען ניט געוואָלט פריוויליג זיך

אונטערגעבען דעם פֿרעמדען קולט, זענען געצוואונגען געוואָרען דערצו איבער־געוואַלד, און אויב די זענען געווען שטאַרק פֿעראקשנ׳ט, פֿלעגט מען זיי בע־שטראָפֿען מיט טויט. אויב מען פֿלעגט כאַפּען עמיצען ביים האַלטען שבת אָדער מאַכען אַ ברית ביי זיין קינד, פֿלעגט מען אידם, לויט דעם קעניגליכען בעפֿעהל, אָבמשפּט׳ן אויף טויט. ספר־תורה׳ס פֿלעגט מען פֿערברענען אָדער מטמא זיין.

דער טעראָר האָט דערגרייכט זיין העכסטען פּונקט, בשעת מען האָט, אין חודש כסלו פֿון יאָהר 168, אויפֿגעבויט איבער׳ן גרויסען מזבח אין בית־המקדש אַ נייעם מזבח לכבוד דעם אָלימפּישען אָבגאָט ציים. אין מיטען זייער היליגטום האָבען די אויפֿגעבראַכטע אידען דערזעהן דעם „אָבשרעקענדיגען עקעל״ (שקוץ משומם) פֿונ׳ם היידענטום, וואָס פֿאַר אידם פֿלעגט מען ברענגען קרבנות.

אויף אַזאַ רעזולטאַט האָבען מסתמא אפֿילו די אידישע העלעניסטען ניט גערעכענט זיך, לכל הפּחות דער רוב פֿון זיי. לפֿי־ערך קליין איז געווען די צאָהל פֿון יענע, וואָס האָבען זיך פֿריוויליג אָבגעזאָגט פֿון דער אידישער רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט. ס׳רוב האָבען אידען פֿערלאָזען זייער גלויבען, נאָר מחמת מען האָט זיי געצוואונגען דורך שרעקליכע מטראַשונגען. אַ סך אידען פֿלעגט מען צווינגען איבערגעוואַלד צו נעהמען אַנטייל אין די חגאות און קרבנות לכבוד די גריכישע געטער. אויף די פֿרעהליכע חגאות פֿון באַקכוס, דעם גאָט פֿון וויין און פֿרעהליכקייט, פֿלעגט מען אַרויפֿשלעפּען די אידען אויף די קעפּ קראַנצען פֿון ווילדען ווינשטאָק, לויט דעם גריכישען מנהג. מען פֿלעגט זיי אויך צווינגען צו עסען חזיר־פֿלייש, וואָס האָט בעדאַרפֿט בעטייטען, אַז דער וואָס עסט זאָגט זיך אָב פֿון דער אידישער אָבגעזונדערטקייט. אייניגע פֿלעגען זיך אונטערגעבען דער געוואַלד, נאָר אַנדערע פֿלעגען זיך האַרטנאַקיג אַנטקעגענ־שטעלען און פֿלעגען אָפֿטמאָלס בעצאָהלען מיט זייער לעבען פֿאַר זייער שטאַנד־האַפֿטיגקייט. ס׳האָבען זיך געפֿונען דעמאָלט אַ סך, וואָס האָבען געליטען על קדוש־השם.

אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז איין מאָל האָבען זיך אַ מאַסע אידען בע־האַלטען אין אַ הייהל הינטער׳ן שטאָדט, בכדי צו האַלטען דאָרט שבת. די סיריער האָבען זיך דערפֿון דערוואוסט, האָבען אַרומגערינגעלט די הייהל און האָבען מיט אכזריות דערהרג׳עט אַלע אידען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפֿונען. לויט אַנאַנדער נוסח, האָבען די סיריער אונטערגעלעגט פֿייער אין הייהל, און די בעהאַלטענע זענען פֿערברענט געוואָרען אָדער דערשטיקט פֿון רויך.

אויך דערצעהלט מען וועגען אייניגעם אַ זקן אלעזר, אַז נאָכדעם, ווי די קעניגליכע אויפֿזעהער האָבען אומזיסט געפּרובט צו צווינגען אידם, ער זאָל עסען חזיר, האָבען זיי געבעטען אידם, ער זאָל אויפֿעסען עפֿענטליך כאָטש אַ שטיק כשר׳ע פֿלייש, בלויז צוליעב דעם, אַז דאָס פֿאָלק זאָל מיינען, אַז ער האָט פֿלומרשט אָבגעשמעקט חזיר־פֿלייש. נאָר דער זקן האָט זיך קאַטע־

נאַיִש אָבגעזאָגט צו ווײַזן זײַנע ברידער, אַז ער איז כּלומרשט אָבגעטראָטן פון זײַן גלויבן — און איז געשטאָרבן אונטער די שרעקליכסטע עינויים.

אין שפּעטערדיגע צײַטען האָט די פאָלקס-לעגענדע באַזונדערס שטאַרק געריהמט די העלדישקייט פון איין אידישער פרוי און אירע זיבן זיהן, וואָס זענען געשטאָרבן אויף קדוש-השם (חנה און אירע זיבן זיהן). ס'ווערט דערצעהלט, אַז דער קעניג האָט פערזענליך אײַנגערעדט איטליכן זוהן באַזונדער, ער זאָל זיך אָבזאָגן פון אידישן גלויבן, און אַלס סימן דערפון זאָל ער אויפעסן אַ שטיק חזיר-פלייש; נאָר די ברידער האָבן איינער נאָכ'ן אַנדערן זיך אָבגעזאָגט צו ערפילען דעם קעניגליכן באַפעהל. מען האָט זיי געפּײַניגט אָהן רחמנות פאַר זייער מוטערס אויגען, מען האָט פון זיי די הויט געריסען, לעבעדיגערהייד אויפגעבראָטן — נאָר די העלדישע מוטער האָט נאָר אויפגעמונטערט אירע קינדער און האָט זיי אַליין צוגערעדט, זיי זאָלען געדולדיג איבערטראָגען אַלע יסורים און ניט אָבטרעטען פון זייער גלויבען. נאָך די ברידער, וואָס פון זיי איז באַזונדערס שטאַנדהאַפטיג געווען דער יונגסטער, איז אויך זייער מוטער געטויט געוואָרען. אַזוי איז געשטאָרבען אָט די גרויסע העלדין, וואָס האָט איהר מוטער-געפיהל געבראַכט אַלס אַ קרבן פאַר די נאַציאָנאַל-רעליגיעזע אידעאַלען פון איהר פאָלק.

אין יענער צײַט איז צוערשט אין אידישען פאָלק אויפגעקומען יענער הערואיזם פון מערטירטום (שטאַרבען אויף קדוש-השם), וואָס איז דער סימן מובהק פון אַ סך שפּעטערדיגע עפּאָכעס פון דער אידישער געשיכטע. דאָס אידישע פאָלק האָט באַוויזען דער וועלט אַ מוסטער, ווי אַזוי עס קאָנען ניט בלויז איינציגע יחידים, נאָר אַפילו גאַנצע מאַסען באַוואוסט לײַדען צוליעב אַ אידעע, מקריב זײַן אַלע גיטער פון דער וועלט, אויסשטעהן עינויים און אַפילו שטאַרבען, אַבי נאָר ניט אָבזאָגען זיך דערפון, וואָס זיי האַלטען פאַר אמת און הייליג. בעסער פערלירען דאָס לעבען, איידער דעם זין פון לעבען — דאָס איז דער לאָזונג, וואָס האָט געפיהרט זינט יענער צײַט טויזענדער גלויביגע און איבערצייגטע מענשען אויף תליות, עשאַפאָטען, אויף שייטער-הויפענס צוליעב רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אידעאַלען.

נאָר דאָס גערודפ'טע פאָלק האָט זיך ניט באַגנוגענט דערמיט, וואָס עס האָט געבראַכט קרבנות אויף קדוש-השם. עס האָט אַרויסגערוקט אויך מענשען, וואָס האָבען זיך געגרייט צום אַקטיווען קאַמפּף, צו אַ גרויסער נקמה פאַר זײַנע געשענדעטע רעכט, פאַר די פערשוועכטע הייליגטימער, פאַר טויזענדער דערהרגעטע און פערמאַטערטע קרבנות פונ'ם סירישען ווילדערייען. די דאָזיגע מוטיגע פּאַטריאָטען, בפרט פון דער פּאַרטיי „חסידים", האָבען פערלאָזען ירושלים און די גרויסע שטעדט, וואו דער פײַנד האָט געפּייערט זײַן נצחון, און האָבען זיך הערומגעוויסערט אין די מדבריות, באַהאַלטען זיך אין די הייהלען און אין די שפּאַלטען פון די בערג פון לאַנד יהודה. אָפט פלעגען זיי אַרויסגעהן פון זייערע באַ-

העלעניסטישען און דורך זייטענוועגען זיך אריינגנב'ען אין שטעדט און דערפער. דא האבען די וואנדערנדע אגיטאטארען בעגייסטערט דאס פאלק, בעשטארקט זיין גלויבען און ערמוטיגט די קטני־אמנה, געריפען צום הייליגען קאמפף קעגען היידנישען דעספאטיזם, און האבען אויף אזא אופן צוגעגרייט דעם פאלקס־אויפשטאנד. א שטארקע איפרעגונג איז געווען אין גאנץ לאנד יהודה. אנטיוכוס'עס דעספאטיזם האט אויפגעוועקט די שלאפעדיגע ענערגיע פון פאלק. דער נאציאנאל־רעליגיעזער געפיהל איז זעהר אנגעשטרענגט געווען. די נאציע, ארויסגעבראכט פון געדולד, האט זיך געגרייט אויפצושטעהן קעגען אידרע אונטערדריקער.

## די ליטעראטור אין דער צייט פון די רדיפות.

§ 41. שונקעלע אבקלאנגען פון יענער שרעקליכער עפאכע, וואס איז שפעטער בעשריבען געווארען אין די ביכער „חשמונאים", זענען דערגאנגען צו אונז אויך אין איינגע ווערק פון דער פאלקס־שאפונג, וואס זענען פערבליבען אין תנ"ך. דער גרויסער נאציאנאלער אונגליק האט געפונען זיין אבקלאנג אין דער רעליגיעזער ליריק פון ספר „תהלים". דער קרעכצען פון געפייניגטען פאלק הערט זיך אין פאלגענדען קאפיטעל תהלים, וואס שילדערט העל דעם ווילדעקען פון די גריכישע דעספאטען אין מלכות־יהודה:

פארוואס, א גאט, דאסטו פערלאזען אונז אויף אייביג,
עס ברענט דיין צארן קעגען די שאף פון דיין ווייד?...
דויב אויף דיינע טריט צו די אייביגע חורבות,
צו אלץ, וואס דער פיינד האט צעשטערט אין הייליגטום.
ס'האבען געשריען די פיינד אין דיינע פערזאמלונגען,
האבען געשטעלט זייערע צייכענס, ווי (גאטס) צייכענס...
ווי עמיצער הויבט אויף א האק אויף געדיכטע צווייגען,
אזוי האבען זיי געהאקט אלע שניצערייען (פון בית־המקדש).
מיט האמערס און מיט העק טוען זיי קלאפען.
זיי האבען פערברענט אין פייער דיין הייליגטום,
ביז צו דער ערד האבען זיי פערשוועכט דיין נאמענס וואוינונג...
זיי האבען פערברענט אלע גאטס פערזאמלונגען אין לאנד.
מיר זעהען שוין ניט מעהר אונזערע מופתים,
מיר האבען ניט קיין נביא, וואס זאל וויסען, ביז וואנען,
ביז וואנען נאך, א גאט, וועט דער אונטערדריקער לעסטערען?
צי וועט אייביג דער פיינד דיין נאמען פערשוועכען?...

(קאפ. ע"ד)

דער זעלביגער טרויער, בעגלייט דורך א פאטריאטישען רוף צום קאמפף קעגען די פיינד פון פאטערלאנד, קלינגט אויך אין אן אנדערער קאפיטעל תהלים (קאפ. ע"ט):

## ש. דובנאָוו

אָ גאָט, ס'זענען געקומען פעלקער אין דיין ארב,
האָבן מטמא געווען דיין הייליגן היכל,
געמאַכט ירושלים צו הויפנס חורבות,
האָבן אָבגעגעבן די קערפּערס פון דיינע קנעכט
אויף צו פרעסן די פויגלען פון הימל,
און די קערפּערס פון דיינע חסידים — די חיות פון דער ערד
האָבן פערגאָסן זייער בלוט, ווי וואַסער, אַרום ירושלים...
מיר זענען געוואָרן צו שאַנד פאַר אונזערע שכנים...
גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער, וואָס קענען דיך ניט
אויף קעניגרייכן, וואָס רופן דיין נאָמען ניט אָן,
וואָרום זיי האָבן אויפגעגעסן יעקב און זיין וואוינונג האָבן זיי
פערוויסט!

צו דער דאָזיגער פינסטערער עפּאָכע געהערט אויך אַ בוך, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן צום טייל אויף העברעאיש, צום טייל אויף אַרמיש און וואָס ענטהאַלט אַ רייה „זעהונגען" און נביאות אין אַ מיסטישער פאָרם. דער מחבר פון דעם דאָזיגן ספר האָט, בעשיינפּערליך, געהערט צו דער פּאַרטיי חסידים און פרייערדיגע פּאַטריאָטן. צערודערט פון אַלע שרעקליכע מעשים פון אַנטיאָכוס IV-טנס רעזשים, האָט ער זיך פערטיפט אין זיינע מחשבות און האָט אַליין געקלערט וועגן היסטאָרישן גורל פון דער אידישער נאַציע. די פרוכט פון זיינע מחשבות איז געווען אַ רייה אויספירונגען, וואָס ער האָט בעשלאָסן צו פערעפענטליכן, בכדי אויפצוהייבן דעם געפאַלענעם גייסט פון זיינע צייט-חברים און איינפלאַנצן אין זיי אַ האָפנונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

דער אומבאוואוסטער מחבר האָט אויפגעשריבן זיינע געדאַנקען אין פאַנטאַזיעם אונטערן נאָמען פונם אַלטן חכם דניאל, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון גלות-בבל. די ערשטע העלפט פון זיין ספר (קאַפּ. א'—ו') איז פערנומען מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון איינציגע מאָמענטן פון דער פערגאַנגענהייט, וואָס זענען שטאַרק ענליך אויף די געשעהענישן אין די צייטן פון אַנטיאָכוס עפּיפאַנעס. צוערשט ווערט דערציילט וועגן דעם, אַז אויף נבוכדנצר'ס בעפעהל האָט מען געבראַכט קיין בבל פיער אידישע יונגע לייט, דניאל און זיינע חברים, חנניה, מישאל און עזריה, און מען האָט זיי געלאָזן ערציהען זיך אין קעניגליכן הויף. דאָ האָט מען זייערע אידישע נעמען אומגעביטן אויף באַביליאָנישע, און עסן פלעגט מען זיי געבן פון קעניגליכן טיש. נאָר די פרומע יונגע לייט האָבן זיך ניט צוגערירט צום פלייש און וויין פון די היידן, און האָבן זיך דערנעהרט נאָר פון פירות און פון וואַסער.

דערנאָך ווערט דערציילט די געשיכטע, ווי אַזוי דניאל'ס דריי חברים זענען על-פּי-נס ניצול געוואָרן, בשעת מען האָט געוואָלט זיי טויטן איבער זייער גלויבן. נבוכדנצר האָט אַרויסגעגעבן אַ בעפעהל, אַז אַלע איינוואוינער

פון זיין מלוכה זאלען קומען פיקען זיך פאר'ן גרויסען גאלדענעם געצענבילד, וואס ער האט אויפגעשטעלט אין טאל דורא. דניאל'ס דריי חברים האבען זיך אבגעזאגט צו ערפילען דעם דאזיגען בעפעהל, און מחמת דעם האט מען זיי אריינגעווארפען אין א ברענענדיגען קאלך-אויווען. נאר צו דער גרויסער ערשטוינונג פון די צושויער, האט די פלאם ניט אנגערירט די יונגע לייט, ניט אבגעשמאליעט אפילו זייערע האר, און זיי זענען ארויס גאנץ פון פייער.

פון דער אנדער זייט ווערט דערצעהלט, ווי גאט האט בעשטראפט דעם צעשטערער פון ירושלים נבוכדנצר'ן און האט איהם אויף עטליכע יאהר פערוואנדעלט אין א חיה-רעה, און דערנאך — זיין יורש בלשאצר, וואס האט בשעת א מאלצייט מטמא געוועזען די היילינגע כלים פון בית-המקדש[2].

פון די דאזיגע אלע ערצעהלונגען איז געוועזען געדרונגען, אז די אלטע צדיקים פלעגען אפילו אין דער צייט פון רדיפות מצד די געצענדיענער ניט אבזאגען זיך פון זייער גלויבען, ניט בוקען זיך צו געצענבילדער און ניט עסען טרפות, און אז די מעכטיגסטע פיינד פון אידישען פאלק זענען סוף-כל-סוף בעשטראפט געווארען פון גאט. הייסט עס, אז אויך אנטיוכוס עפיפאנעס וועט סוף-כל-סוף בעקומען זיין שטראף, אויב נאר די אידען וועלען ניט נאכגעבען און וועלען בלייבען געטריי זייער רעליגיע און זייער נאציאנאליטעט.

אין צווייטען טייל פון ספר „דניאל“ געהט איבער דער אלטער באבילאנישער נביא צו דער עפאכע פון דער גריכישער ממשלה, און עס דוכט זיך, ווי ער וואלט פאראויסגעזעהן איהרע געשעהענישען פאר א כך יאהרהונדערטען. ער זאגט פאריס, וואס עס וועט זיין מיט קעניגרייכען און פעלקער, און זיינע נבואות זענען געזאגט אין דער פארם פון סודות'דיגע זעהונגען, פאנטאסטישע בילדער און טונקעלע רעטענישען. אונטער דעם נעפעלדיגען דעקטוך פון „זעהונגען“ בעהאלט זיך דא אן אייגענארטיגע געשיכטס-פילאזאפיע. דער מחבר טראכט זיך טיעף אריין אין זין פון די היסטארישע געשעהענישען און קלאסיפיצירט זיי לויט די עפאכעס. ער שטעלט פעסט א צוזאמענהאנג צווישען דער אידישער און דער אלוועלטליכער געשיכטע, דערמיט וואס ער בעווייזט, ווי אין משך פון יאהרהונדערטען האבען זיך געביטען די פרעמדע מלוכות, וואס האבען געהערשט איבער מלכות-יהודה. שוין אין איינער פון די ערשטע זעהונגען (נבוכדנצרס חלום, קאפ. ג') איז אנגעמערקט די טיילונג פון דער געשיכטע אויף פיער עפאכען אדער „קעניגרייכען“: באבילאנישע (מלכות-בבל), מעדישע (מלכות-מדי), פערסישע (מלכות-פרס) און מאקעדאנישע אדער גריכישע (מלכות-יון). דאס גריכישע קעניגרייך ווערט געשילדערט אין די ווייטערדיגע קאפיטלעך בעזונדערס גענוי. עס ווערט צעטיילט אויף צוויי הויפט-טיילען: דעם דרומ'דיגען (מלך הנגב, עגיפטען) און דעם צפונ'דיגען (מלך הצפון, סיריען). די „מלכים פון דרום“ (תלמיים) פירען

---

2) זעה אויבען § 6.

שטענדיק מלחמה מיט די „מלכים פֿון צפֿון" (סעלייקידען). צולעצט בעקומט איינער פֿון די מלכים פֿון צפֿון (אנטיוכוס עפּיפֿאנעס) פֿיינט אידען (עם הקדש, „דאָס הייליגע פֿאָלק"). ער פֿיהרט צוויי מאָל קריג קעגען עגיפּטען, איין מאָל געווינט ער, דאָס אַנדערע מאָל ניט.

„...און סוועלען קומען קעגען איהם (אנטיוכוס'ן) שיפֿען פֿון די כתים (רוימער), און ער וועט אראָבפֿאַלען ביי זיך און ער וועט ווערען אין כעס אויף דעם הייליגען בונד (ברית-קודש, די תורה), און ער וועט זיך צונויפֿרעדען מיט די אָבטריניגע פֿון הייליגען בונד (מענעלדים און זיין פּאַרטיי) און ער וועט אַוועקשטעלען פֿערוואַלטער, וואָס וועלען פֿערשוועכען דעם הייליגטום, און וועלען אָבשטעלען דעם תמיד (דעם טעגליכען קרבן אין בית-המקדש) און וועלען אַוועקשטעלען (אין בית-המקדש) אַ שרעקענדען עקעל (שקוץ משמם, דעם מזבח פֿון צייס). די, וואָס וועלען עובר זיין אויפֿ'ן בונד, וועט ער מיט גלאַטע רייד צוציהען צו זיך, נאָר מענשען, וואָס ווייסען זייער גאָט, וועלען זיך שטאַרקען און וועלען ווירקען. און די פֿערשטאַנדיגע (חסידים) וועלען אַ סך אויפֿפֿיהרען אויפֿ'ן וועג, הגם זיי וועלען ליידען אַ געוויסע צייט פֿון שווערד און פֿייער, געפֿאַנגענשאַפֿט און רויב... און דער קעניג וועט טון לויט זיין ווילען, און וועט זיך שטעלען העכער פֿון איטליכען גאָט, און קעגען דעם גאָט פֿון די געטער וועט ער רעדען עזות'דיגע רייד און וועט האָבען ערפֿאָלג, ביז וואַנען דער צאָרן וועט פֿול ווערען, וואָרום דאָס, וואָס איז בעשטימט, וועט געשעהן". (ספֿר דניאל, קאַפּ. י"א, 30—36).

אין די דאָזיגע רעטענישפֿולע זעהונגען זענען די געשעהענישען פֿון יענער צייט אַרויסגעשטעלט געוואָרען, ווי עפּיס אַוויגס, וואָס איז שוין לאַנג פֿאָרויסגעזאָגט געוואָרען. אָבער אָפֿטמאָלס זאָגט דער מחבר אויס דעם סוד פֿון זיין כח-נבואה. צום סוף פֿון בוך זאָגט ער פֿאָרויס אין נאָמען פֿון'ם אַלטען דניאל, אַז אין גיכען וועט נעהמען אַ סוף צו די צרות, פֿון די אידען. פֿון דער צייט, זינט דער קרבן תמיד איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען און זינט עס איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין בית-המקדש דער „שקוץ משמם", דאָס הייסט דער מזבח פֿון צייס, ביז דער צייט, ווען דער בית-המקדש וועט ווידער אויפֿגעבויט ווערען, — דאַרפֿען פֿאַרבייגעהן 1335 טעג, וואָס דערפֿון זענען שוין 1290 טעג (בערך פֿירטהאַלבען יאָהר) פֿאַרבייגעגאַנגען (ומעת הוסר התמיד ולתת שקוץ שמם ימים אלף מאתים ותשעים. אשרי המחכה ויגיע לימים אלף שלש מאות ושלשים וחמשה). דערפֿון קאָן מען זעהן, אַז דער ספֿר איז אָנגעשריבען בערך אין יאָהר 165, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען דער קאַמפּף פֿון די אידען פֿאַר זייער אומאָבהענגיגקייט. דער מחבר האָט איבערגעלעבט די טרויעריגע צייט פֿון די רדיפֿות און האָט דערנאָך געזעהן דעם אָנהויב פֿון נצחון פֿון דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי און די ערשטע גבורות פֿון די חשמונאים, וואָס האָבען געבראַכט צום

„רייניגען" דעם בית-המקדש. ער האט טיעף געגלויבט דערין, אז גאט מישט זיך אריין אין דער הנהגה פון דער וועלט. אין דער צוקונפט, נאכדעם ווי אלע „קעניגרייכען" וועלען פאלען, האט זיך איהם פארגעשטעלט אין זיין פאנטאזיע אן אייביגע קעניגרייך, וואו די ממשלה וועט געהערען דעם „הייליגען פאלק" (עם הקדש) — דעם אידישען. די, וואס ליידען איצט, וועלען „ירש'ן דאס קעניגרייך"; אפילו די, וואס זענען געפאלען אויף קדוש-השם, וועלען אויפשטעהן צום לעבען, בכדי צו נעהמען אנאנטייל אין דעם נצחון. אין דער פערזאן פון אנטיוכוסן האט די טומאה פונ'ם היידענטום דערגרייכט צו איהר העכסטען פונקט; נאך איהם קומט אן די הערשאפט פון משיח'ן — דאס הייסט, פונ'ם אידישען פאלק. די דאזיגע שטראהלענדע חלומות האבען בעלויכטען די געדיכטע פינסטערניש פונ'ם דעמאלטיגען לעבען און האבען אונטערגעהאלטען איינ'ם ליידענדען פאלק מוט און האפנונג.

---

# דריטער קאפיטעל.

## דער אויפשטאנד פון די חשמונאים און די מלחמות פון יהודה המכבי

(160—167).

מתתיהו חשמונאי און דער אנהויב פונ'ם אויפשטאנד. — יהודה המכבי, זיינע ערשטע נצחונות און די רייניגונג פון בית-המקדש. — די מלחמה אין גליל און גלעד. — די מלחמה פאר דער צייט פון אנטיוכוס V און דער צייטווייליגער שלום. — דמיטריוס I און דער כהן-גדול אלקימוס. — „דער טאג פון נקנור". — יהודה המכבי'ס טויט.

### מתתיהו חשמונאי און דער אנהויב פונ'ם אויפשטאנד.

§ 42. אין יאהר 168 פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג איז דאס לאנד יהודה געווען חרוב ומחרב. דער גרעסטער רוב איינוואוינער האבען פערלאזען ירושלים און איבערגעלאזט די שטאדט אין רשות פון די גריכען און פון די אידען-העלעניסטען פון מענעלויס'ס פארטיי. אין דער פעסטונג אקרא איז געשטאנען א שטארקע סירישע גארניזאן, און אין דעם פערשוועכטען בית-המקדש איז די עבודה צו יאהוע פערביטען געווארען דורך דעם דינענסט צו

ייִם. איבער'ן גאַנצן לאַנד פֿלעגן אַרומגישטערן אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס'ס בעאַמטע און האָבן געפּאָדערט פֿון די אידן, זיי זאָלן אָפּהיטן דעם קעניגס גזירות'דיגע באַפֿעלן: דאָס הייסט, זיך אָפּזאָגן פֿון זייער גלויבן און פֿאָלקסטום. און אין די מדבריות און אין די בערג-שפּאַלטן פֿלעגן אַרומוואָגלען אידישע פּאַטריאָטן, וואָס זענען געווען אויפֿגעבראַכט איבער די געוואַלדטאַטן פֿונ'ם קעניג דעם דעספּאָט און זענען געווען גרייט אויפֿצוהייבן אַ מרידה קעגן די בעדריקער פֿון זייער פֿאָטערלאַנד.

אין דער דאָזיגער מהומה-צייט האָט געלעבט אין אַ בערג-שטעטל, מודעין, ניט ווייט פֿון ירושלים, אַן אַלטער כהן מתּתיהו בן-יוחנן, פֿון דער משפּחה חשמונאים. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַט דעם פֿייערדיגן פּאַטריאָטיזם, וואָס איז מסוגל אין דער צייט פֿון אַן אויסווייניגסטן דריק איבערצוגיין, מחמת דער ערשטער בעסטער סבה, פֿון מחשבות צו מעשים. מיט דעם אייגענעם פּאַטריאָטיזם און מיט אַ טיפֿער שנאה צו די סירישע אונטערדריקער זענען געווען דורכגעדרונגען אויך זיינע פֿינף זיהן: יוחנן, שמעון, יהודה, אלעזר און יונתן. אָט אַ די גאַנצע פֿאַמיליע, וואָס צו איהר זענען צוגעשטאַנען אויך אַנדערע מיטגלידער פֿון דער משפּחה חשמונאים, האָט געהאַט אַ גרויסן איינפֿלוס אין מודעין און אין איהר סביבה, און דער עלטסטער פֿון דער פֿאַמיליע, מתּתיהו, האָט געשפּילט די ראָל פֿון אַ פּאַטריאַרך צווישן די אָרטיגע אידן.

איין מאָל זענען אין מודעין אָנגעקומען סירישע בעאַמטע, האָבן אויפֿגעבויט דאָרט אַ היידנישן מזבח און האָבן אָנגעהויבן נויטן די איינוואוינער צו נעהמען אַן אָנטייל אינ'ם געצענדינסט, לויט דעם בעפֿעהל פֿון אנטיוכוס'ן. אייניגע אידן, וואָס זענען געווען ניט פֿעסט אין זייער גלויבן אָדער ניט גענוג דרייסט, האָבן זיך אונטערגעגעבן די פֿאָדערונגען פֿון די בעאַמטע, נאָר אַלע איבעריגע האָבן זיך מוטיג אַנטקעגענגעשטעלט. דעמאָלט האָבן זיך די בעאַמטע געווענדט צו מתּתיהו'ן, אַלס צום בכבוד'סטן מענשן אין שטאָדט, און האָבן איהם געוואָלט צורעדן, ער זאָל זיך בעטייליגן אינ'ם געצענדינסט און בעוויזן דערמיט זיינע פֿאָלקס-חברים, אַז מען מוז פֿאָלגן דעם קעניגס בעפֿעהל. דערביי האָבן זיי ערקלערט, אַז לויט'ן געזעץ איז די גריכישע רעליגיע די רעליגיע פֿון דער מלוכה, און אַז אַלע בירגער פֿון דער סירישער אימפּעריע מוזן די דעריבער האַלטן; אַלע אַנדערש-גלויביגע פֿעלקער פֿאָלגן דעם דאָזיגן געזעץ און אַפֿילו אַ סך אידן. נאָר מתּתיהו האָט שטאָלץ געענטפֿערט: „זאָלן אַלע פֿעלקער, וואָס געפֿינען זיך אונטער דעם קעניגס ממשלה, פֿאָלגן איהם און אָפּטרעטן איטליכער פֿון דער רעליגיע פֿון זיינע עלטערן, — נאָר איך, מיינע זיהן און מיינע ברידער וועלן טון, ווי אונזערע עלטערן האָבן אונז געבאָטן. מיר וועלן ניט פֿאָלגן דעם קעניגס געזעצן, מיר וועלן ניט אָפּטרעטן פֿון אונזער אמונה ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס".

און אַז באַלד נאָכדעם איז אַרויסגעטראָטען אויף דעם שטאָדט־פּלאַץ אַני־אָבטריניגער איד און איז צוגעגאַנגען צום הײדנישען מזבח מיט׳ן מײן צו ברענגען אַ קרבן, האָט מתתיהו ניט געקאָנט אײנהאַלטען זײן גרימצאָרן. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום חוצפהדיגען אָבטריניגען און דערהרג׳עט איהם אויפ׳ן אָרט. אינאײנעם מיט זײנע זיהן און אַ הײפעל הײסטע קנאים, איז ער אויך אָנגעפאַלען אויפ׳ן העכסטען קעניגליכען בעאַמטען, אָדער דעם הויפּטמאַן פון דער סירישער אָבטײלונג (אַפּעלעס), האָט איהם געטײט און דעם הײדנישען מזבח אין מודעין האָט ער צעשטערט (167).

נאָך דער דאָזיגער ערשטער גבורה, וואָס איז געווען דער ערשטער אויפ־פלאַקערן פונ׳ם פאָלקס־צאָרן, האָט די פאַמיליע פון די חשמונאים שוין ניט געקאָנט בלײבען זיצען צונויפגעלעגט די הענד. מתתיהו האָט צונויפגעקליבען אַלע זײנע פרײנד און געזינונגס־חברים און איז אַװעק מיט זײ אין די בערג. דאָרט האָט ער בעשלאָסען צו אָרגאַניזירען אָבטײלונגען מורדים פון יענע גרופּעס חסידים און פּאַטריאָטען, וואָס האָבען אַרומגעוואָגעלט איבער׳ן לאַנד, פלעגען אָפטמאָל האָבען קלײנע צוזאַמענשטויסונגען מיט די סירער, נאָר מחמת זײ האָט געפעהלט אַ פיהרער, האָבען זײ ניט געקאָנט פיהרען קײן רעגעלמעסיגען קאַמפף. געשטערט צו פיהרען דעם קאַמפף מיט ערפאָלג האָט אויך דאָס, וואָס די חסידים זענען געווען צו־שטאַרק פרום. ס׳פלעגט טרעפען, אַז די סירער פלעגען מיט אַ כיון אָנפאַלען אויף די אײנצעלנע הײפלעך אידען אום שבת און פלעגען זײ פערטיליגען נאָר דערפאַר, ווײל די אידען פלעגען מחמת זײער צו־גרויסער פרומקײט ניט וועלען פערטײדיגען זיך אום שבת מיט געוועהר אין די הענד. איבער דער סכנה־צײט, האָבען די חשמונאים בעשלאָסען פערטײדיגען זיך אַפילו אום שבת און בכלל פיהרען קריג אומעטום, וואו ס׳זענען פאָרהאַן שאַנסען אויף ערפאָלג. די אָבטײלונג פון די חשמונאים איז אַלץ גרעסער געוואָרען. טויזענדער פּאַטריאָטען זענען צו זײ צוגעשטאַנען, מחמת זײער הײסען פערלאַנג אַרויסצוטרעטען אין שטרײט פאַר זײער גלויבען און פרײהײט. די דאָזיגע העלדענמוטיגע אָבטײלונג פלעגט, אונטער דער אָנפיהרונג פון מתתיהו און זײנע זיהן, אַרומגעהן איבער׳ן לאַנד, צעשטערען אומעטום די הײדנישע מזבחות, הרג׳ען די אָבטריניגע אידען, אָנפאַלען אויף קלײנע גרופּעס סירער, וואָס זײ פלעגען אָנטרעפען, און בעגײסטערן דאָס פאָלק צום קאַמפף מיט די אונטערדריקער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דער אויפשטאַנד.

נאָר דער ערשטער אויפטוער פון דער דאָזיגער פאָלקס־בעוועגונג האָט ניט דערלעבט ביז יענער צײט, ווען זי האָט אָבגעהאַלטען איהר נצחון. דער אַלטער מתתיהו איז געשטאָרבען באַלד נאָכדעם, ווי די מרידה האָט זיך אָנגעהויבען (166), און מען האָט איהם מקבר געווען אין זײן געבאָרען־שטאָדט מודעין. פאַר׳ן טויט האָט ער געלאָזען אַ צוואה זײנע זיהן — ווײטער צו פיהרען דעם הײליגען נאַציאָנאַלען קאַמפף. פאַר׳ן עלטסטען פון דער משפחה האָט ער גע־

מאַכט זיין זוהן שמעון'ען, און אויף'ן יונגערן ברודער, דעם דריסטען און קריגערישען יהודה'ן, האָט ער אָנגעוויזען, ווי אויף דעם צוקינפֿטיגען אָנפֿירער אינ'ם בעפֿרייאונגס-קריג.

## יהודה המכבי, זיינע ערשטע נצחונות און די רייניגונג פֿון בית-המקדש.

§ 43. בראש פֿון דער העלדענמוטיגער אָנטיילונג אידישע קעמפֿער האָט זיך געשטעלט דער קריגערישסטער פֿון אַלע זיהן מתתיהו'ס, יהודה, מיט'ן צונאָמען המכבי[1]. די אידישע נאַציע האָט אין משך פֿון אַ סך יאָהרהונדערטער ניט געבוירען אַזאַ גרויסען העלד, אַזאַ מיליטערישען זשעני, ווי יהודה המכבי. אין איהם האָט ווי אויפֿגעלעבט די גאַנצע אַלטע גבורה פֿון דוד המלך און זיינע לעגענדאַרישע גבורים, די גבורה אינאיינעם מיט דער נאַציאָנאַלער בעגייסטערונג פֿון אַ פֿרייהייטס-קעמפֿער. דער כראָניקען-שרייבער כאַראַקטעריזירט יהודה'ן, אַלס „אַ יונגען לייב, וואָס ברומט איבער זיין רויב". דער סוד פֿון יענער לייבען-מוט, וואָס האָט איהם אָפֿטמאָלס בעוואויגען בלויז מיט אַ הייפֿעל העלדענמוטיגע שטרייטער אָנצופֿאַלען אויף גאַנצע אַרמעען פֿון פֿיינד, איז געלעגען בעהאַלטען אין יענער נאַציאָנאַלער בעגייסטערונג, וואָס האָט אויך אין דער נייעסטער צייט פֿערהאָלפֿען צום נצחון אַזעלכע העלדען-בעפֿרייער, ווי וואַשינגטאָן און גאַריבאַלדי: אין אַזעלכע פֿאַלען גיט די גייסטעס-קראַפֿט, די ענערגיע פֿונ'ם מאָראַלישען צאָרן און דער דאָרשט נאָך פֿרייהייט אַ הייפֿעל קעמפֿער דעם נצחון איבער אַ גאַנצער אַרמעע פֿון פֿערדאַמטע אונטערדריקער, וואָס האָבען נאָר אַ גראָבע פֿיזישע קראַפֿט אָהן אַ זיטליכען אינהאַלט.

גלייך פֿון אָנהויב אָן האָבען יהודה המכבי און זיינע דרייסטע אָנהענגער געהאַט גליק. אַז אַפּאָלאָניוס, דער סירישער פֿערוואַלטער אין פּאַלעסטינע (§ 40), האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם אויפֿשטאַנד, וואָס די חשמונאים האָבען אויפֿגעהויבען, האָט ער זיך געלאָזט געהן פֿון שומרון מיט אַ בעדייטענדען חיל קעגען די מורדים. יהודה מיט זיין אָבטיילונג איז אַרויס אַנטקעגען דעם פֿיינד און האָט איהם מנצח געוועזען; אַפּאָלאָניוס אַליין איז געפֿאַלען אין שטרייט.

---

1) דער זין פֿון דעם דאָזיגען צונאָמען איז נאָך עד היום ניט קלאָר. ס'איז פֿאַרהאַן אַן אַלטע השערה, אַז דער וואָרט „מכבי" געהערט זיך פֿון די ראשי-תבֿות פֿונ'ם פּסוק: מי כמוכה באלים יהוה, וואָס איז געווען דער לאָזונג פֿון די אידישע קעמפֿער. נאָר בכדי מען זאָל זיך קאָנען סומך זיין דערויף, האָט מען בעדאַרפֿט פֿריהער בעווייזען, אַז אַזאַ לאָזונג האָט טאַקע עקזיסטירט, נאָר דאָס גראָד איז ניט בעוויזען. גיכער וואָלט מען בעדאַרפֿט שרייבען „מקבי" פֿונ'ם וואָרט „מקבה" — האַמער (פּונקט אַזוי איז געוועזען צווישען די אַלטע פֿראַנצויזישע קריסט-העלדען איינער קאַרל מאַרטעל, דאָס הייסט, דער האַמער).

יהודה האָט אַראָבגענומען פֿון אים זײַן שווערד און האָט עס צוגעבונדען צו זײַן גאַרטל; זינט יענער צײַט פֿלעגט ער אין אַלע שלאַכטען געברויכען דעם דאָזיגען שווערד.

באַלד נאָכדעם איז קעגען יהודה׳ן אַרויסגעטראָטען דער ערשטער סורישער קריגס־הויפּטמאַן אין פּאַלעסטינע, סעראָן. די צוזאַמענטרעפֿונג איז פֿאָרגעקומען נעבען בית־חורון, איניגע שעה רײַזע אין צפֿונית־מערבֿית־זײַט פֿון ירושלים. אַז די קלײנע אידישע אָבטײלונג האָט דערזעהן דעם שטאַרקען חיל פֿונים שונא, האָט זי זיך גענוג דערשראָקען; נאָר יהודה האָט אױפֿגעמונטערט זײַנע קריגס־לײַט דורך אַ פֿײַערדיגער רעדע, און האָט דערמאָנט זײ, אַז זײ שטרײַטען פֿאַר גאָט און פֿאַר זײער פֿאָלק קעגען די רשעים און אונטערדריקער און אַז גאָט מוז געבען דעם נצחון זײ, וואָס קעמפֿען פֿאַר אַ גערעכטע זאַך. דערמאָלט האָבען די אידען זיך אַ וואָרף געטאָן אױפֿ׳ן סורישען חיל און האָבען אים געשלאָגען און צעטריבען; דער רעשט פֿון סעראָנ׳ס חיל איז אַנטלאָפֿען געוואָרען אין דער געגענד, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו די פּלשתים (166).

די דאָזיגע צוויי נצחונות האָבען, פֿון איין זײַט, צוגעגעבען מוט די אידען, און פֿון דער אַנדער זײַט, האָבען זײ שטאַרק באַאונרוהיגט די סורישע רעגירונג. די בשורה, וועגען דעם אױפֿשטאַנד אין מלכות־יהודה איז דערגאַנגען צום קעניג אַנטיוכוס און האָט אים בעוואויגען אַנצונעהמען ענטשלאָסענע מיטלען אױף צו דערשטיקען די מרידה. אַנטיוכוס אַליין האָט ניט געקאָנט געהן קײן מלכות־יהודה, מחמת ער האָט געמוזט געהן קריג האַלטען אין דער געוועזענער פּערסיען, קעגען די פּאַרטער. פֿאַר דער צײַט, וואָס ער וועט ניט זײַן אין דער הײם, האָט דער קעניג בעשטימט דעם קריגס־הויפּטמאַן ליזיאַס פֿאַר׳ן פֿערוואַלטער איבער דער מלוכה און פֿאַר אַנאַפּיטראָפּוס איבער זײַן יונגען זוהן אַנטיוכוס V, און האָט אים געהייסען שיקען אַ גרויסע אַרמעע, בכדי אײַנצושטילען דאָס לאַנד יהודה. דער אײַנשטילונגס־פּלאַן איז בעשטאַנען דערין, אַז מען זאָל פֿערטיליגען אָדער פֿערטרײַבען פֿון לאַנד די ווידערשפּעניגע אידישע אײַנוואוינער און צעטײלען דאָס גאַנצע לאַנד צווישען פֿרעמדע קאָלאָניסטען. די פֿערווירקליכונג פֿון דעם דאָזיגען שרעקליכען פּלאַן האָט ליזיאַס אַרױפֿגעלעגט אױפֿ׳ן נײַעם פֿערוואַלטער פֿון קעלעסיריען, תלמי. דער לעצטער האָט געשיקט קײן מלכות־יהודה אַ חיל פֿון פֿיעל טויזענד מאַן אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון צוויי אויסגעצײכענטע קריגס־הויפּטלײַט, ניקנור און גאָרגיאַס. די געניטע סורישע הויפּט־לײַט זענען געווען אַזוי זיכער אין זײער נצחון, אַז זײ האָבען לכתחילה צוגעלאָזען אין זײער לאַגער פּאַלעסטינישע שקלאַפֿען־הענדלער, וואָס זענען געקומען מיט אַ סך געלד, בכדי אָבצוקױפֿען די אידען, וואָס וועלען אַרײַנפֿאַלען אין געפֿאַנגענשאַפֿט.

אַ שרעק האָט אָנגענומען די אידישע בעפֿעלקערונג, אַז דער דאָזיגער מוראדיגער חיל האָט זיך דערנעהנטערט. די אידישע אָבטײלונגען האָבען זיך צונױפֿ-

געקליבן אין מצפה, דער אַלטער הייליגער שטאָט פֿונ׳ם שבט בנימין, וואָס האָט איצט פֿאַרביטן די שכנישע ירושלים, וואָס איז געווען פֿאַרנומען פֿון געצענדינער. דאָ האָט מען געמאַכט אַ פֿייערלעכן גאָטעסדינסט מיט אַ תּענית און תּפֿילות; דאָס פֿאָלק האָט הייס געבעטן ביי גאָט הילף. דאָ האָט אויך יהודה מיט זיינע רייד בעגייסטערט די קריגס־לייט, זיי זאָלן זיין גרייט צו פֿאַרטיידיגן דעם גלויבן און פֿאָטערלאַנד. ער האָט דערווייטערט דערנאָך פֿון זיין חיל אַלע שרעקעדיגע און שוואַכהאַרציגע, און ביי איהם אין רשות זענען געבליבן אַ מאַן 6000, וואָס זענען פֿונאַנדערגעטיילט געוואָרען אויף רעגעל־מעסיגע אָבטיילונגען, וואָס איטליכע פֿון זיי האָט געהאַט איהר בעזונדערן קאָמאַנדיר.

דעם שונא׳ס חיל אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון גאָרגיאַס האָט זיך געפֿונען נעבען עמוים (די אַראַבישע אַמוואַס, 3 מייל פֿון ירושלים). אַזוי ווי גאָרגיאַס האָט געוואָלט פּלוצלינג אָנפֿאַלן אויף די אידען, דעריבער האָט ער זיך געלאָזט געהן ביי־נאַכט צו מצפה נאָר מיט איין טייל פֿונ׳ם חיל און די איבעריגע טיילען האָט ער געלאָזען אין לאַגער נעבען עמוים. אַז יהודה האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם, איז ער איהם ניט אַרויס אַנטקעגען, נאָר ער האָט זיך געלאָזט געהן מיט זיין חיל אין דער אַנדערער זייט, צום לאַגער פֿון די סירער, וואָס גאָרגיאַס האָט פֿערלאָזען, און דאָ איז ער פּלוצלינג אויף זיי אָנגעפֿאַלען. די סירער זענען צום טייל געפֿאַלען אין שלאַכט, צום טייל זענען זיי זיך צעלאָפֿען. דערווייל האָט גאָרגיאַס מיט זיין פֿאָדערשטען חיל זיך אומגעקעהרט פֿון מצפה, מחמת ער האָט דאָרט דעם אידישען חיל ניט געטראָפֿען. בשעת ער האָט זיך דערנעהנטערט צו עמוים, האָט ער דערזעהן זיין חרוב׳ען לאַגער און דאָרט גופֿא האָט ער בעגעגענט די זיגער, וואָס זענען ווידער גרייט געווען אַריינצוטרעטען אין קאַמפֿף. גאָרגיאַס האָט זיך ניט ענטשלאָסען אויף אַ קאַמפֿף און איז גיך אָבגעטראָטען מיט זיין אָבטיילונג אין לאַנד פֿון די פּלשתּים און האָט איבערגעלאָזט יהודה׳ן זיין גאַנצען לאַגער, וואו עס האָט זיך אויך געפֿינען די גאָלד, וואָס די שקלאַפֿען־הענדלער האָבען צוגעגרייט אויף קויפֿען די געפֿאַנגענע אידען (165—166).

באַלד (אין האַרבסט פֿון יאָהר 165) איז אָנגעקומען אין מלכות־יהודה, מיט נאָך אַ גרעסערן חיל, ליזיאַס גופֿא, דער פֿערוואַלטער פֿון דער מלוכה. ער האָט אויסגעקליבן אַנאַנדער וועג און איז אַריינגעדרונגען אין לאַנד ניט פֿון צפֿון־זייט, נאָר פֿון דרום־זייט, פֿון מדבר־אדום. נעבען בית־צור, אין דרום־זייט פֿון ירושלים, האָבען זיך צונויפֿגעטראָפֿען ליזיאַס׳ס און יהודה המכבי׳ס חיל. ניט קוקענדיג דעריויף, וואָס דער שונא האָט געהאַט אַ פֿיעל גרעסערן חיל, פֿונדעסטוועגען האָבען די אידען אויך איצט אָבגעהאַלטען אַ פֿולקומען זיג; ליזיאַס איז געוועזן געצוואונגען אומצוקעהרען זיך קיין אַנטיוכיא, כדי צונויפֿצוקלייבען אַ נייעם חיל אויף איינצושטילען דאָס לאַנד יהודה.

אַלע די דאָזיגע נצחונות האָבען אָבגערייניגט יהודהס חיל אַ חוץ קיין ירושלים. אַהין האָט זיך יהודה געלאָזט געהן מיט זײַנע מוטיגע קריגס-לײַט. אָהן שוועריגקייט האָבען זיי איינגענומען די הויפּט-שטאָדט מיט'ן באַרג פֿון בית-המקדש (הר-הבית); נאָר די פֿעסטונג אַקרא, וואו עס האָט זיך געפֿינען דער סירישער גאַרניזאָן, איז געבליבען נאָך אין די הענד פֿון די שונאים. יהודה האָט אַרומגערינגעלט די דאָזיגע פֿעסטונג מיט זײַן בעוואָפֿענטער אָבטיילונג און האָט דאָרט געהאַלטען בעלעגערט די סירער, און אָהן מניעות האָט ער געקאָנט צוטרעטען ווידער איינצושטעלען דעם נאַציאָנאַלען היילינגטום אין ירושלים.

אַ טרויעריגע בילד האָט זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די אויגען פֿון די אידישע קריגס-לײַט, אַז זיי זענען אַרויף אויפֿ'ן הר-הבית. זיי האָבען דערזעהן דעם בית-המקדש—האַלב חרוב און צעראַבירט, דעם הויפּט-מזבח—פֿערשוועכט דורך דעם געצענדיענסט; די טויערן—פֿערברענט, די אינעווייניגסטע חדרים פֿון בית-המקדש—פּוסט און די הויפֿען—בעוואַקסען מיט גראָז. אַז יהודה און זײַנע חברים האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען זיך צע-וויינט אויפֿ'ן קול; נאָר ס'איז קיין צײַט ניט געווען צו טרויערן נאָך דעם פֿערגאַנגענעם: מען האָט געמוזט אַרבייטען פֿאַר דער צוקונפֿט.

מען איז באַלד צוגעטראָטען צום ריינינגען און ווידער פֿעררייכטען דעם בית-המקדש. דעם היידנישען מזבח, וואָס איז געווען אויסגעבויט איבער דעם אידישען מזבח, האָט מען אינגאַנצען צעשטערט, און די שטיינער פֿון איהם האָט מען אַרויסגעוואָרפֿען אין אַן „אומריינעם אָרט" (מקום-הטומאה). דעם היילינגען מזבח אָבער, וואָס האָט געדיענט פֿאַר איהם אַלס פֿונדאַמענט, האָט מען צענומען, און זײַנע שטיינער האָט מען אָבגעלעגט אין אַ בעזונדער אָרט, „ביז וואַנען עס וועט אויפֿשטעהן אַ נביא און וועט בעשליסען, וואָס מיט זיי צו טון". אויף דעם אָרט האָט מען אויסגעבויט אַ מזבח פֿון גאַנצע שטיינער, וואָס „קיין אייזען האָט זיי ניט אָנגערירט". אָנשטאָט די צערויבטע כלים פֿון בית-המקדש האָט מען געמאַכט נייע פֿונ'ם גאָלד און זילבער, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלען אַלס רויב צו די אידישע קריגסלײַט אין דער צײַט פֿון די אָקאָרשט פֿערענדיגטע מלחמות.

אַז די אינעווייניגסטע און אויסווייניגסטע חדרים פֿון בית-המקדש זענען שוין געוואָרען אויסגערייניגט, ווי עס בעדאַרף צו זײַן, האָט זיך אָנגעהויבען די צערעמאָניע פֿון „חנוכת-הבית". 25 טעג אין כסלו, דעם זעלביגען טאָג, וואָס פֿאַר דרײַ יאָהרען האָט מען דעמאָלט איינגעפֿיהרט דעם דיענסט פֿון צײַס אין בית-המקדש,—האָט מען איינגעאָרדענט אַ פֿײַערליכען גאָטעסדיענסט און מען האָט געבראַכט קרבנות פֿאַר דעם גאָט פֿון ישראל, און דערמיט האָט זיך אָנ-געהויבען די „חנוכת-הבית" פֿונ'ם בית-המקדש. אַכט טאָג צײַט האָט געדויערט דער יום-טוב, וואָס האָט געהאַט מעהר אַ נאַציאָנאַלע, איידער אַ רעליגיעזע בע-דייטונג. איטליכען אָבענד פֿלעגט מען אָנצינדען בײַם אַרײַנגאַנג אין בית-המקדש אַ סך ליכט. מען האָט אויך איינגעשטעלט אַ דין, אַז אויף להבא זאָל מען

יערליך פייערן די דאָזיגע אַכט טעג, אַלס אַנאָנדענקען פאַר די געשעהעניששען, וואָס האָבען געבראַכט צום ריינגען דעם בית-המקדש און צום איינהויטען די נאַציאָנאַלע פרייהייט. דער דאָזיגער יום-טוב ווערט אָנגערופען חנוכה, אַלס זכר פון דער חנוכת-הבית פון בית-המקדש.

אין תלמוד איז פערבליבען אַ פאָלקס-לעגענדע, וואָס דערצעהלט, אַז בשעת די חשמונאים האָבען געזוכט אין די חדרים פון בית-המקדש הייליגען בוימיל אויף אָנצוצינדען די מנורה, האָבען זיי געפונען נאָר איין קליינעם פערזיגעלטען קריגעל. נאָר סאיז געשעהן אַ נס, און די ביסעל בוימיל האָט געקלעקט אויף אָנצוצינדען די מנורה אין משך פון אַלע אַכט טעג. די דאָזיגע מעשה וועגען „נס-חנוכה" איז צווישען אונזערע פאָלקס-מאַסען מעהר בעוואוסט, ווי די אמת'ע היסטאָרישע געשעהענישען, ווי די גרויסע גבורות פון די חשמונאים.

## די מלחמה אין גליל און אין גלעד (164).

§ 44. נאָך די ערשטע נצחונות פון די חשמונאים, האָט זיך דער צענטראַלער טייל פון לאַנד יהודה, חוץ דער פעסטונג אַקראַ אין ירושלים, געפונען אין די הענד פון די אידישע פאַטריאָטען. יהודה האָט געמאַכט דעם הר-הבית פאַר אַ שטאַרקע פעסטונג און האָט אַהין אַריינגעזעצט אַ שטענדיגען גאַרניזאָן, וואָס האָט בעדאַרפט ניט דערלאָזען דעם סירישען גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַקראַ, אַריבערגעהן אין די אַנדערע טיילען פון שטאָדט. ער האָט אויך בעפעסטיגט די שטאָדט בית-צור, אויפ'ן גרעניץ פון אֱדום, וואו ניט לאַנג איז פאָרגעקומען די שלאַכט מיט ליזיאַס'ן. די דאָזיגע פעסטונג האָט געדאַרפט פערטיידיגען דאָס לאַנד קעגען די אָנפאַלען פון די פיינד דורך דער דרומדיגער גרעניץ.

אַדאַנק די אַלע מיטלען און אויך מחמת דעם, וואָס די דעמאָלטיגע סירישע רעגירונג האָט זיך געפונען אין אַ שווערינער לאַגע, האָט דער רעגולערער סירישער מיליטער ניט בעאונרוהיגט דאָס לאַנד יהודה כמעט אין משך פון צוויי יאָהר נאָך ליזיאַס'ס מפלה ביי בית-צור. נאָר די אידישע קריגסלייט האָבען ניט געקאָנט זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענד: צווישען די שכנישע קליינע פעלקער און אין די נאָהענטסטע שטעדט, וואו עס האָבען געוואוינט גריכען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ פיינדליכע בעוועגונג קעגען אידען, און קעגען דעם האָט מען בעדאַרפט אויסשטעלען אַן ענערגישען ווידערשטאַנד.

די פעניציער און די גריכען אין פאַלעסטינע, וואָס זענען געוואָרען בעאונרוהיגט דורך די ערפאָלגען פון די אידישע מורדים, האָבען אָנגעהויבען רודף זיין די אידען, וואָס האָבען געוואוינט צווישען זיי. די גריכען און העלעניזירטע אַרטיגע איינוואוינער האָבען זיך אויף אַזאַ אופן נוקם געווען פאַר די מפלות פון זייערע פאָלקס-ברידער אין צענטער פון מלכות-יהודה. די אַרומיגע היידנישע

שבטים האָבן אױסגענוצט די מהומה, װאָס האָט געהערשט אין פּאַלעסטינע, בכדי צו מאַכן רױבערישע אָנפֿאַלן.

יהודה המכבי האָט מען אָנגעזאָגט, אַז די אײנװאױנער פֿון צור, פּטאָלעמאַאידע (עכו) און פֿון גאַנץ צפֿון־פּאַלעסטינע, װאָס איז באַװאוסט אונטערן נאָמען גליל, באַדריקן שטאַרק די אידן, װאָס װאױנען צװישן זײ. דעמאָלט האָט ער געשיקט קײן גליל זײַן ברודער שמעונען מיט אַ חיל פֿון 3000 מאַן. שמעון האָט אין אײניקע שלאַכטן געשלאָגן די הײדן פֿון גליל, האָט באַפֿרײַט די אָרטיקע אידישע אײנװאױנער און האָט זײ אַװעקגעפֿירט קײן מלכות־יהודה, װאו זײ האָבן געקאָנט לעבן בשלוה.

אין יענער צײַט זענען אָנגעקומען באַאונרוהיקנדע ידיעות פֿון גלעד, דער געגנט אין מזרח־זײַט, אין עבר־הירדן. דאָרט האָבן די עמונים און אַנדערע שבטים, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם סירער טימאָטױס, ערטערװײַז גע־הרגעט אידן און ערטערװײַז האָבן זײ זײ באַלעגערט. באַזונדערס מצבֿדיק איז געװען די לאַגע פֿון די אידן, װאָס זענען געװען באַלעגערט אין דער פֿעסטונג דאַטעמאַ (דימון). אַז יהודה המכבי האָט זיך דערװאוסט װעגן דעם, איז ער אינאײנעם מיט זײַן ברודער יונתן אַריבער דעם ירדן בראש פֿון אַ גרױסן חיל: זײ זענען אָנגעפֿאַלן אױף די גלעדער הײדן, װאָס האָבן זיך געגרײט צו שטורעמען די פֿעסטונג דאַטעמאַ, און האָבן באַפֿרײַט די דאָרטיקע באַלעגערטע אידן. די עמונים זענען װי געהעריג באַשטראָפֿט געװאָרן; אַ כך שטעדט זײערע האָט מען חרוב געמאַכט.

נאָר בצלה האָבן זײ װײַטער אָנגעהױבן דעם קריג אין דעם צפֿונדיקן טײל פֿון עבר־הירדן, אין בשן. טימאָטױס׳ס חיל, פֿאַרשטאַרקט דורך אַראַבישע באַנדעס, האָט זיך אָבגעשטעלט הינטער דעם טײַך ירמוק. יהודה איז אײליק אַװעק אַהין, איז אַריבער דעם טיפֿן טײַך, אָנגעפֿאַלן אױפֿן שונא און האָט אים פֿאַרטריבן ביז קרנים. דערנאָך האָט ער אײַנגענומען די דאָזיקע שטאָט און פֿאַרברענט דאָרט דעם הײדנישן טעמפּעל, װאו עס האָבן זיך געהאַט אײַנגעשלאָסן אַ כך פֿון די אַנטלאָפֿענע. נאָך אַ גאַנצער רײ נײַע נצחונות איז יהודה המכבים חיל צוריק אַריבער דעם ירדן, האָט גענומען מיט זיך די באַפֿרײַטע גלעדער אידן מיט זײערע װײַבער און קינדער און געבראַכט זײ קײן ירושלים. די אידן פֿון גלעד און פֿון גליל האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים, װאו זײ האָבן זיך געפֿונען אונטערן שוץ פֿון אַ שטאַרקן גאַרניזאָן, װאָס האָט געלאַגערט אין דער פֿעסטונג אױפֿן הר־הבית.

ניט װײניקער זיגרײַך זענען געװען יהודה׳ס מלחמות קעגן די שכנים פֿון דרום און דרומית־מערבית — די אדומים און די אײנװאױנער פֿון די ים־שטעדט. די אידישע קריגסלײַט זענען אָנגעפֿאַלן אױף חברון, װאו דעמאָלט האָבן זיך געהאַט אײַנגעפֿעסטיקט די אדומים, און אױף דער געװעזענער פּלשתּישער שטאָט אשדוד און האָבן זײ צעשטערט. די אידן, װאָס ניט לאַנג זענען

זיי געווען געהודפּט, האָבן בעוויזן, אַז זיי זענען בכח זיך אַנטקעגנצושטעלן ניט בלויז קעגן דעם סירישן יאָך, נאָר אויך דעם פֿײַנדלעכן בונד פֿון די שכנישע פֿעלקער.

נאָר איין שלאַכט האָבן די אידן ניט געוואונען אין יענער צײַט. בשעת יהודה און יונתן זענען געווען אין גלעד און שמעון אין גליל, זענען געשטאַנען בראש פֿון דעם מיליטער, וואָס איז געבליבן אין מלכות־יהודה, די קריגס־הויפּטלײַט יוסף און עזריה. הוית ווי יוסף און עזריה האָבן זיך אָנגעהערט וועגן די גבֿורות פֿון די ברידער חשמונאים אין די גרעניץ־לענדער, האָבן זיי אויך באַשלאָסן אָפּטון אַ העלדנטאַט: זיי האָבן זיך געלאָזט געהן מיט זייער חיל צו דער שטאָדט יבֿנה (יאַמניאַ), וואָס איז געלעגן ניט ווײַט פֿון ברעג ים, בכדי צו מאַכן אַן אָנפֿאַל אויף די סירער, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט. נאָר דאָ זענען די אידן מיט אַ גרויסן אָנווער געוואָרן צוריקגעשלאָגן דורך דעם חיל פֿונם הויפּטמאַן גאָרגיאַס, וואָס זינט דער מפּלה בײַ עמאוס האָט ער זיך געפֿונען אין געוועזענעם לאַנד פֿון די פּלשתים. די כראָניקן־שרײַבער ערקלערן, אַז דער דאָזיגער קריג איז ניט געוואונען געוואָרן דערפֿאַר, האָס מען האָט איהם געפֿירט אָהן דעם וויסן פֿון יהודה׳ן, ווארום נאָר „דורך זיי (די חשמונאים) האָט געדאַרפֿט קומען די ישועה פֿאַר ישׂראל״.

די מלחמה פֿאַר דער צײַט פֿון אנטיוכוס V און דער צײַטווײַליגער שלום.

45. דערווײַל זענען אין די העכסטע רעגירונגס־קרײַזן פֿון סיריען פֿאָרגעקומען גרויסע ישנויים. אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס האָט אין זײַנע מלחמות מיט פּערסיען אויך ניט געהאַט קיין הצלחה, פּונקט ווי זײַנע קריגס־הויפּטלײַט אין מלכות־יהודה. נאָך אַ ניט־געלונגענעם פּרוּוו אויסצורויבן די אוצרות פֿון אַ הײדנישן טעמפּעל אין פּערסיען, האָט זיך אנטיוכוס אומגעקערט צוריק אין זײַן הויפּטשטאָדט, נאָר אונטערוועגס איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן (164). די לעצטע טעג פֿונם טיראַן זענען פֿערפֿינסטערט געוואָרן דורך די בשורות וועגן די נצחונות פֿון די פֿערהאַסטע אידן. די טראַדיציע איז מוסיף, אַז אנטיוכוס איז געשטאָרבן אין שרעקלעכע עינויים (אָדער אין אַן אָנפֿאַל פֿון משוגעת), און אַז פֿאַר׳ן טויט האָט ער חרטה געקראָגן דערויף, וואָס ער האָט אַזוי געפּײַניגט דאָס אידישע פֿאָלק. די לעצטע ידיעה איז אָבער מסתמא מעהר אַ מוסר־השכל, איידער אַ היסטאָרישער פֿאַקט.

אנטיוכוס IV־ענס טויט האָט אַרויסגערופֿן אַ מהומה צווישן די הויפֿישע קרײַזן אין אַנטיוכיאָ. דער קרוין־יורש איז געווען דער יונגער זוהן פֿון פֿערשטאָרבענעם, אנטיוכוס V אויפּאַטאָר. פֿאַר אַנאַפּטרופּוס איבער דעם דאָזיגן יורש און פֿאַר אַ פֿערוואַלטער איבער דער מלוכה, ביז יענער וועט אויסוואַקסן,

איז, לויט אנטיוכוס'ס צוואה, בעשטימט געווארען דער סירישער קריגס-הויפטמאן פיליפוס. נאר דער פריהערדיגער צייטווייליגער פערוואלטער איבער דער מלוכה, ליזיאס, האט ניט געוואלט ארויסלאזען פון זיינע הענד די ממשלה און די אפטרופסות איבער דעם יונגען קעניג. הזות, ווי ליזיאס האט געהאט א גרויסען איינפלוס, האט ער זיך דערשלאגען דערצו, אז פאקטיש איז די ממשלה געבליבען ביי איהם. דער דאזיגער אינעווייניגסטער קאמפף אין אנטיוכיא האט אבגעווענדט די אויפמערקזאמקייט פון דער רעגירונג פון די געשעהענישען אין מלכות-יהודה. ליזיאס פלעגט אליין אבלעגען זיין קריגס-צוג אין דעם דאזיגען ווידערשפעניגען לאנד, מחמת ער האט מורא געהאט, אז פאר דער צייט, וואס ער וועט ניט זיין אין אנטיוכיא, וועט זיין קאנקורענט, פיליפוס, ארייננאפען די ממשלה.

נאר צולעצט איז אנגעקומען דער מאמענט, ווען ווייטער אבלעגען די מלחמה איז שוין ניט מעהר מעגליך געוועזען. יהודה המכבי'ס זיגרייכער חיל האט בעלעגערט די פעסטונג אקרא, מחמת ער האט געוואלט ארויסשטויסען דעם סירישען גארניזאן פון ירושלים. דאס האט ארויסגעווארפען א שרעק אויף די סירישע קריגסלייט און בעזונדערס אויף די אידען-העלעניסטען פון מענעלויס'ס פארטיי, וואס האבען זיך געפונען אונטער זייער שוץ. עטליכע פון די בעלעגערטע אין אקרא האט זיך איינגעגעבען ארויסצוכאפען זיך פון דער פעסטונג און צו אנטלויפען קיין אנטיוכיא. דארט האבען זיי זיך ביטער בעקלאגט דערויף, וואס די רעגירונג האט פערלאזען איהרע פערטיידיגער און אנהענגער אין מלכות-יהודה, וואס זי האט געגעבען די מורדים די מעגליכקייט צו בעפעסטיגען בית-צור און דעם הר-הבית און וואס זי שטערט ניט זייער שטרעבונג אינגאנצען ארויסצווארפען די סירישע איבערהערשאפט. די אידען-העלעניסטען האבען מוסיף געווען, אז זייערע געזינונגס-חברים האבען אויסצושטעהן רדיפות מצד די מורדים, וואס טויטען אלע די, וואס פאלגען דעם קעניגס בעפעהל, קאנפיסקירען זייער האב-און-גוטס און אויף אזא אופן טוען זיי אן צרות פאר זייער געטריישאפט דעם סירישען קעניג.

ערשט דעמאלט האט די רעגירונג פערשטאנען, ווי ווייט די מרידה איז אוועק אין מלכות-יהודה, און דער פערוואלטער ליזיאס האט אנגעהויבען ענערגיש זיך גרייטען צו א מלחמה. סאיז צונויפגעקליבען געווארען א גרויסער חיל פון פוס-פאלק און רייטעריי מיט קריגס-העלפאנדען. ליזיאס אליין האט איבערגענומען די קאמאנדע איבער דעם דאזיגען חיל און האט זיך געלאזט געהן קיין מלכות-יהודה און גענומען מיט זיך אויך דעם יונגען אנטיוכוס V (163).

די סירער זענען אויך דאס-מאל אריינגעדרונגען אין מלכות-יהודה פון דרום-זייט און האבען בעלעגערט די פעסטונג בית-צור. דער אידישער גארניזאן, וואס האט זיך דארט געפונען, האט זיך געשלאגען העלדיש, נאר ער האט ניט געקאנט בעשטעהן קעגען דעם אונגעהויערן חיל פון ליזיאס'ן און האט גע-

מיט אונטערגעבען די פֿעסטונג, מעהר ניט פֿאַר זיך האָבען די אידישע קריגס־לײַט אױסגעפֿאָדערט אַ תּנאַי, מען זאָל זײ לאָזען פֿרײַ דורכגײן.

אַז יהודה המכּבּי האָט זיך דערװאוסט װעגען דעם, האָט ער אָבגעשטעלט די בעלעגערונג פֿון אַקרא און איז אַרױס מיט זײַן חיל פֿון ירושלים אַנטקעגען דעם שונא. בײַ בית־זכריה, צװישען ירושלים און בית־צור, האָבען זיך בעגעגענט בײדע אַרמעען, און ס'איז פֿאָרגעקומען אַ הױפּט־שלאַכט. יהודה'ס חיל האָט אױך דאָ אַרױסגעװיזען זײַן געװײנליכען מוט, נאָר פֿונדעסטװעגען האָט ער ניט געקאָנט גובר זײַן דעם אונצעהליגען סירישען חיל. אײנער פֿון יהודה'ס ברידער, אלעזר, האָט געװאָלט בעװײזען אַ גבורה און האָט געדאַכט דורכ־דעם מיט אַמאָל פֿערשאַפֿען דעם נצחון די זײַניגע. דערזעהענדיג פֿאַר זיך צװישען דער פֿײַנדליכער אַרמעע אַ הױכען און שטאַרק אױסגעפּוצטען העלפֿאַנד, װאָס אױף איהם איז געריטען עפּיס אַ יונגער קריגס־הױפּטמאַן, האָט ער אָנגענומען דעם דאָזיגען מענשען פֿאַר'ן קעניג. און אלעזר האָט גענומען שנײַדען אױף רעכטס און אױף לינקס, האָט זיך דורכגעשלאָגען אַ װעג דורך די רײהען פֿון די פֿײַנד, האָט זיך אונטערגעװאָרפֿען אונטער די פֿיס פֿונ'ם העלפֿאַנד און דורכ־געשטאָכען איהם מיט זײַן שװערד. די מוראדיגע גרױסע חיה האָט געגעבען אַ פֿאַל אַנידער אױף דער ערד, נאָר דורך איהר שװערקײַט האָט זי דערשטיקט אױף טױט דעם מוטיגען שטרײַטער.

אַזעלכע העלדישע מעשׂים פֿון אײנציגע פּערזאָנען האָבען אָבער ניט גע־קאָנט פֿערשאַפֿען די אידען דעם נצחון. נאָך אַ האַרטנאַקיגען קאַמפּף איז יהודה המכּבּי'ס חיל געצװאונגען געװען אָבצוטרעטען צוריק קײן ירושלים. דער שונא האָט זיך געלאָזען נאָך איהם און באַלד האָט ער זיך בעװיזען נעבען די מױערן פֿון ציון און האָט בעלעגערט די פֿעסטונג אױפֿ'ן הר־הבית. די לאַגע פֿון די בעלעגערטע איז געװען אַ געפֿעהרליכע. עס האָט אױסגעפֿעהלט בײַ זײ עסענ־װאַרג, װאָרום דעמאָלט איז געװען אַ שמיטה־יאָהר, די פֿעלדער אין לאַנד יהודה זענען ניט בעאַרבײַט געװאָרען און אין לאַנד איז װײניג געװען צוגעגרײט תּבואות.

ס'האָט אױסגעזעהן, אַז װי נאָר ציון װעט צעשטערט װערען, װעלען פֿער־פֿאַלען װערען אַלע גלענצענדע רעזולטאַטען פֿונ'ם אױפֿשטאַנד, און דאָס לאַנד יהודה װעט װידער אַרונטערפֿאַלען אונטער דער טיראַניע פֿון די סירער. נאָר ס'האָט זיך אױסגעלאָזען אַנדערש. ליזיאַס, װאָס איז שױן געװען נאָהענט צום נצחון, האָט דערהערט פּלוצלינג, אַז אין אַנטיאָכיא גרײט מען זיך צו אַ מלוכה־איבערקעהרעניש, מחמת אַהין גײט זײַן קאָנקורענט פֿיליפּוס, װאָס װיל צונעהמען פֿאַר זיך די איבערהערשאַפֿט אַלס געזעצליכער אַפּוטרופּוס פֿונ'ם יונגען קעניג. בײַ אַזאַ מצב האָט ליזיאַס שױן מעהר ניט געקאָנט װײַטער פֿיהרען די מלחמה אין מלכות־יהודה: ער האָט געמוזט זיך אײַלען אין די הױפּט־שטאָדט פֿון סיריען. און דעריבער האָט ער פֿאָרגעשלאָגען די אידען צו שליסען שלום אױף

ווידער גוטע תנאים, לויט זייער דעמאָלטיגען מצב. די אידען האָבען זיין פֿאָר־שלאָג אָנגענומען (163). לויט דעם דאָזיגען שלום־אָבמאַך, האָבען די אידען בעקומען א פֿולקומע רעליגיעזע פֿרייהייט, די רעכט אונגעשטערט אָבצוהיטען זייערע מנהגים און צערעמאָניעס, זיי האָבען מעהר ניט בעדאַרפֿט אָנערקענען די איבער־הערשאַפֿט פֿון סיריען. אַלס א סימן פֿון זייער פּאָליטישער אונטערטעניגקייט האָבען די אידען בעדאַרפֿט צעשטערען די בעפֿעסטיגונגען פֿון דעם הר־הבית; נאָר, פֿון דער אַנדער זייט, האָבען זיי בעקומען פֿינים פֿערוואַלטער א גאַראַנטיע פֿאַר זייער גייסטיגער אויטאָנאָמיע. דער כהן־גדול — דער בוגד מענעלאיס, וואָס איז בעשטימט געוואָרען דורך אנטיאָכוס עפּיפֿאַנעס, איז אַראָבגעזעצט געוואָרען פֿון זיין שטעל.

באַלד אָבער, ווי עס ווערט דערצעהלט אין די כראָניקען, האָט דער קעניג געוואָרפֿען אַנאַמעדען אויף מענעלאיס'ן, און אויף בעפֿעהל פֿון אנטיאָכוס V. אָדער ליזיאַס'ן האָט מען איהם געטויט. ווי נאָר מען האָט אויפגעהערט איבער געוואַלד צו העלעניזירען די אידען און רודפֿ'ן זייער רעליגיע, האָט געמוזט פֿאַלען דער מענש, וואָס איז געווען איינער פֿון די הויפּט־שולדיגע אינים דאָזיגען אכזריותדיגען רעזשים, וואָס האָט אַרויסגערופֿען א געפֿעהרליכען פֿאָלקס־אויפשטאַנד.

אויף אַזא אופֿן, זענען אַפֿיציעל אָבגעשאַפֿט געוואָרען אַלע פֿעראָרדנונגען פֿון אנטיאָכוס עפּיפֿאַנעס קעגען דער יהדות, און ס'איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרען די אָרדנונג, וואָס האָט עקזיסטירט ביז דער עפּאָכע פֿון די רדיפֿות. דער פֿינף־יאָהריגער העלדישער קאַמפּף פֿון די חשמונאים איז ניט אומזיסט: די סירישע רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אַז די פּאָליטיק פֿון איבערגעוואַלדיגער העלעניזירונג און רעליגיעזע רדיפֿות איז מעהר געפֿעהרליך פֿאַר די פֿערפֿאָלגער, מחמת די דאָזיגע אומזיניגע פּאָליטיק האָט שיער ניט געבראַכט דערצו, אַז דאָס לאַנד יהודה זאָל זיך אָבטיילען פֿון דער אימפּעריע פֿון די סעלייקידען. פֿון דער אַנדער זייט, האָבען די אידישע פּאַטריאָטען בעדאַרפֿט זיך דערווייל בעגענוגען מיט דעם רעזולטאַט, וואָס זיי האָבען דערגרייכט — וואָס די רדיפֿות האָבען אויפגעהערט. נאָר אויף להבא האָבען זיי געחלומ'ט וועגען עפּיס־וואָס גרעסערעם פֿאַר זייער פֿאָטערלאַנד, און זייערע חלומות זענען טאַקע מקוים געוואָרען.

## דמיטריוס I און דער כהן־גדול אלקימוס.

§ 46. באַלד נאָכדעם, ווי ליזיאַס מיט אנטיאָכוס'ן האָבען זיך צוריקגעקעהרט פֿון דער מלחמה מיט יהודה המכבי, איז אין סיריען פֿאָרגעקומען א גרויסע דינאַסטישע איבערקעהרעניש, וואָס האָט זיך אויך אָבגערופֿען אויף די ענינים פֿון לאַנד יהודה. דמיטריוס, א זוהן פֿון קעניג סעלייקוס IV און א פּלימעניק פֿון אנטיאָכוס עפּיפֿאַנעס, איז אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿון רוים, וואו ער האָט זיך גע־

פֿונעם אַלס משכּן פֿון דער סירישער רעגירונג. ער איז אַרויס אויפֿן פֿעניצישן ברעג פֿון מיטעללענדישן ים, האָט אַריבערגעצויגן צו זיך אַ טייל פֿון דער אַרמייע און האָט אַרויסגעשטעלט זײַנע תּביעות, אַז אים קומט די סירישע קרוין. מיט דער הילף פֿון זײַנע אָנהענגער איז ער אַרײַנגעטראָטן אין אנטיוכיא און איז געוואָרן אויסגערופֿן אַלס קעניג, אונטער'ן נאָמען דעמעטריוס I סאָטער (162). דעם פֿריערדיקן יונגן קעניג אַנטיאָכוס V און זײַן אַפּוטרופּוס ליזיאַס האָט ער געהייסן טייטן. דער רוימישער סענאַט איז לכתּחילה געווען אויפֿגעבראַכט דעריבער, וואָס דער סירישער פּרינץ איז אַנטלאָפֿן געוואָרן, נאָר דערנאָך האָט ער געגעבן זײַן הסכּמה דעם געשעענעם פֿאַקט און האָט אָנערקענט דעמעטריוס'ן פֿאַר אַ געזעצלעכן קעניג. ער האָט מער ניט באַהאַלטן זײַן פֿריערדיקן פּראָטעקטאָראַט איבער דער דינאַסטיע פֿון די סעלעוקידן.

אין יענער צײַט האָבן זיך די אינעווייניקסטע ענינים אין מלכות־יהודה ווידער אַמאָל איבערגעאַנדערט. נאָכדעם, ווי דער שלום־אָפּמאַך מיט ליזיאַס'ן האָט ווידער אײַנגעשטעלט פֿרײַהייט פֿון רעליגיע אין לאַנד, האָט זיך פֿון דאָס־נײַ אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די העלעניסטן און חסידים. די טרײַמפֿירענדע פּאַרטיי פֿון די חשמונאים האָט ניט געקאָנט לעבן בשלום מיט די אידען־העלעניסטן, וואָס האָבן באַוויזן דורך זייערע מעשׂים, ווי גרינג מען קאָן איבערגיין פֿון אַסימילאַציע צו נאַציאָנאַלער בגידה. ס'האָט ניט געקאָנט זײַן קיין רייד וועגן סבֿלנות מצד נאַציאָנאַליסטן־פּאַטריאָטן בנוגע צו אַ פּאַרטיי, וואָס אַ סך פֿאָרשטייער פֿון איר זענען דאָ ניט לאַנג געשטאַנען אין די רייען פֿון די פֿײַנד און בוגדים פֿון דער נאַציע.

די פּאַרטיי פֿון די העלעניסטן אָבער האָט זיך נאָך ניט גערעכנט פֿאַר באַזיגט. אמת טאַקע, אירע עקסטרעמע פֿאָרשטייער פֿון מענעלויס'ס פֿראַקציע האָבן באַקומען אַ מפּלה, אָבער די געמעסיקטע העלעניסטן האָבן געשטרעבט צו פֿרײַהייט אין זייערע מעשׂים און אַפֿילו צו מאַכט. בראש פֿון אָט די געמעסיקטע אַסימילאַטאָרן איז געשטאַנען אַלקימוס (אויף העברעאיש יהויקים), פֿון דער משפּחה פֿון די כּהנים־גדולים. בכדי צו באַקומען די ממשלה אין אירע הענט, האָט אַלקימוס'ס פּאַרטיי געווענדט זיך מיט אַ השתּדלות צו דער סירישער רעגירונג, אַז עס זאָל ווידער אײַנגעשטעלט ווערן די כּהונה־גדולה, וואָס נאָך מענעלויס'ס פֿאַלן איז די אָפּגעשאַפֿט געוואָרן, און אַז דער כּהן־גדול זאָל ווידער ווערן דער גײַסטלעכער און וועלטלעכער רעגירער איבער די אידען און זאָל זײַן דער פֿערמיטלער צווישן זיי און דער סירישער איבערהערשאַפֿט. אַלס אַ קאַנדידאַט אויף דער כּהונה־גדולה איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלקימוס, וואָס האָט געהאַט דערויף געזעצלעכע רעכט לויט זײַן אָפּשטאַמונג. אַלקימוס איז אַוועק קיין אנטיוכיא, בכדי פּערזענלעך זיך משתּדל צו זײַן, אַז מען זאָל אים באַשטימען פֿאַר אַ כּהן־גדול. דערבײַ האָט ער זיך באַקלאָגט פֿאַר'ן קעניג דעמעטריוס I דעריבער, וואָס די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי פֿון

די חשמונאים אונטערדריקט די העלעניסטען, און האט אָנגעזעהען דערױף, אַז עס איז נויטיג איינצושטעלען אַ געזעצליכע מאַכט און אָרדנונג אין לאַנד, וואָס איז צעטרייסעלט געוואָרען דורך די מהומות.

דער קעניג האָט געמוזט מסכים זיין מיט דער מיינונג פון אַלקימוס'ן. איבערלאָזען די ממשלה איבער דאָס לאַנד יהודה, יהודה המכבי'ן און זיינע אָנהענגער — וואָלט בעטייט אָנערקענען פאַר געזעצמעסיג די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וואָס האָט דערגרייכט צו דער דאָזיגער ממשלה דורך אַן אויפשטאַנד און וואָס האָט נאָך געהאַלטען אין האַרצען אַ שנאה קעגען די סוריער. בכדי איינצושטעלען אין דעם אונרוהיגען לאַנד אַ געזעצליכע אָרדנונג, האָט מען בעדאַרפט אַוועקשטעלען בראש פון פאָלק אַזאַ מענשען, וואָס זאָל זיין אַנאָנהענגער פון דער סורישער רעגירונג. און דעריבער האָט דער קעניג בעשטימט אַלקימוס'ן פאַר אַ כהן־גדול און האָט איהם געהייסען איינפיהרען די אַלטע אָרדנונג אין מלכות־יהודה. אַזוי ווי מען האָט זיך געקאָנט ריכטען, אַז די פאַרטיי פון די חשמונאים וועט אַרויסווייזען אַ ווידערשטאַנד, האָט דעריבער דמיטריוס געשיקט קיין ירושלים זיין קריגס־הויפטמאַן באַקכידעס מיט אַ חיל, בכדי ער זאָל, ווען עס וועט נויטיג זיין, איבער געוואַלד אַריינזעצען אַלקימוס'ן אויף זיין שטעל.

אונטער'ן שוץ פונ'ם סורישען חיל האָט אַלקימוס זיך דערנעהענטערט צו ירושלים. לכתחלה האָט ער ניט אַרויסגעוויזען קיין ענטשלאָסענע אַנטי־נאַציאָנאַלע מיינונגען, נאָר אדרבה, ער האָט פערזיכערט דעם פאָלק, אַז ער איז גרייט צו דינען זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. אַ בעדייטענדער טייל פון פאָלק און אפילו אַ סך חסידים זענען געווען נוטה צו גלויבען די דאָזיגע הבטחות און האָבען בעטראַכט אַלקימוס'ן אַלס דעם געזעצליכען כהן־גדול פון הויז אהרן, וואָס איז בערופען איינצושטעלען שלום אין לאַנד נאָך די לאַנג־יאָהריגע מהומות. נאָכדעם, ווי די קנאים האָבען זיך דערשלאָגען צו רעליגיעזער פרייהייט, האָבען זיי גערעכענט, אַז זיי האָבען דערגרייכט צום ענדציעל פון זייער קאַמפף, און האָבען געמיינט, אַז נאָכדעם, ווי עס איז בעשטימט געוואָרען אַ נייער כהן־גדול, וועט זיך אָנהויבען ווידער איינשטעלען די רעליגיעזע אויטאָנאָמיע אין מלכות־יהודה. אויף אַזאַ אופן האָט אַלקימוס געקאָנט אַריינטרעטען אין ירושלים אָהן אַ ווידערשטאַנד, און דאָ איז צו איהם צוגעשטאַנען אַ גרופּע געלערנטע סופרים און חסידים.

נאָר יהודה המכבי און זיין פאַרטיי פון די פאַטריאָטען האָבען ניט געגלויבט, אַז עס איז מעגליך אַ פולקומע אויטאָנאָמיע אָהן פּאָליטישער פרייהייט. זיי האָבען ניט געטרויט דעם כהן־גדול, וואָס איז בעשטימט געוואָרען דורך די סוריער, און האָבען ניט געגלויבט, אַז ער וועט איינשטעלען שלום; זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דער דאָזיגער שלום זאָל ניט ברענגען צו אַ נייער אונטערדריקונג פונ'ם אידישען פאָלק.

אַז זייער מורא האָט געהאַט אַ יסוד, האָט זיך אַרויסגעוויזן גיכער, איידער מען האָט זיך געקאָנט ריכטן. ווי נאָר אַלקימוס האָט זיך איינגעפעסטיגט אויף זיין שטעל, האָט ער געהייסן טויטן זעכציג מאַן פון דער פאַרטיי חסידים, מסתמא פאַר זייערע פריהערדיגע פיינדליכע מעשים קעגן די העלעניסטן. דער נייער כהן-גדול האָט געוואָלט מיט דעם דאָזיגן אַקט, פון איין זייט, אַרויסווייזן זיין איבערגעגעבנקייט דער סירישער רעגירונג, און פון דער אַנדערער זייט — אַריינוואַרפן אַ שרעק דער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי. נאָר אין לעצטן פּרט האָט ער דערגרייכט פּונקט דעם היפוך דערפון, וואָס ער האָט געוואָלט: מיט זיינע אכזריותדיגע מעשים האָט ער אָפּגעשטויסן פון זיך אפילו די יעניגע, וואָס האָבן אים פריהער געטרויט, און פאַר אים איז געבליבן נאָר איין וועג: זוכן שטיצע ביי דער סירישער רעגירונג און ביי דער העלעניסטישער פאַרטיי, וואָס איז פאַר דער צייט שטאַרק שיטער געוואָרן.

באַקכידעס איז אין יענער צייט שוין אַוועק פון ירושלים און האָט איבערגעלאָזן דאָרט אַ טייל פון זיין חיל אויף היטן אַלקימוס'ן; נאָר די דאָזיגע וואַך איז געווען ווינציג. יהודה המכבי, וואָס איז מיט זיין געטרייען חיל אַוועק פון ירושלים, בשעת אַלקימוס איז אָנגעקומען, האָט ווידער אויפגעהויבן אַ מרידה אין דער פּראָווינץ. דאָס מאָל האָט ער גערופן דאָס פאָלק צום קאַמף קעגן די אינעווייניגסטע פיינד — קעגן די העלעניסטן, וואָס האָבן איינגעשטעלט די אַלטע אָרדנונג מיט דער הילף פון די סירישע זעלנער. אין אַ סך ערטער האָבן יהודה'ס קריגסלייט שטאַרק גערודפט די העלעניסטן, אַלס בוגדים קעגן דער נאַציע. אַז אַלקימוס האָט דערזעהן, אַז ער און זיין פאַרטיי געפינען זיך אין סכנה, האָט ער זיך ווידער אַמאָל געווענדט צום קעניג דימיטריוס מיט אַ בקשה, אים צו שיקן הילף. דער קעניג האָט אומגעזאַמט אַרויסגעשיקט קיין מלכות-יהודה אַ חיל אונטער דער אָנפירונג פונ'ם הויפּטמאַן נקנור (161).

## „דער טאָג פון נקנור"; יהודה המכבים טויט.

§ 47. נקנור איז געקומען קיין מלכות-יהודה מיט'ן באַפעהל איינצושטילן די פערביסענע רעוואָלוציאָנערן פון דער פאַרטיי פון די חשמונאים און פערדעלפען צום נצחון דער „אָרדנונגס-פאַרטיי", וואָס איז געווען געטריי דער סירישער רעגירונג. לכתחלה האָט נקנור געוואָלט אַריינגאַרן יהודה'ן מיט דער אויסרייד פון פרידענס-פערהאַנדלונגען; נאָר אַז דער דאָזיגער פאַלשער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָט ער אָנגעהויבן די מלחמה. אונטערוועגס קיין ירושלים, ביי כפר-שלם, האָט נקנור געהאַט דעם ערשטן געשלעג מיט יהודה'ס חיל, און דאָ האָבן די סירער באַקומען אַ מפלה. אין ירושלים, וואו ס'האָט געהערשט אַלקימוס'ס פאַרטיי, האָט מען אויפגענומען נקנור'ן פריינדליך; נאָר אויפגערייצט דורך זיין לעצטער מפלה, איז יענער זיך באַגאַנגען זעהר אונפריינדליך מיט די פאָרשטעהער פון שטאָט. אַז די כהנים און די אידישע עלטסטע האָ-

בען אים בעגריסט ביים בית-המקדש, האט ער זיך איזדיעקעוועט איבער זיי און האט זיי געסטראשעט, אז ער וועט שפּעטער פֿערברענען דעם בית-המקדש, אויב זיי וועלען ניט ארויסגעבען יהודה'ן און זיין חיל די מורדער. נקנור האט, משמעות, ווייניג געגלויבט, אז די ירושלמים זענען טאקע באמת געטריי דער סורישער רעגירונג, און האט זיי חושד געווען, אז זיי פֿיהלען מיט דער מרידה.

באלד נאכדעם איז נקנור אוועק מיט זיין חיל, וואס איז נאך פֿערשטארקט געווארען דורך נייע אבטיילונגען, וואס זענען געשיקט געווארען פֿון סוריען, קיין בית-חורון, וואו עס האט זיך געפֿינען יהודה'ס לאגער. דא, נעבען דארף אדסה (חדשה), איז 13 טעג אין חודש אדר פֿון יאהר 161 פֿארגעקומען א בלוטיגע שלאכט, וואס האט זיך געענדיגט מיט א פֿולקומען נצחון פֿון די אידען. נקנור איז געפֿאלען אין אנהויב פֿון דער שלאכט, און אז דער פֿיהרער איז שוין ניט געווען, זענען די קריגסלייט אנטלאפֿען געווארען. די אידען האבען זיי נאכגעיאגט און האבען דערהרג'עט די, וועמען זיי האבען געכאפּט. דער דאזיגער נצחון האט פֿערשאפֿט די פּאטריאטען א גרויסע פֿרייד: דא איז געשלאגען געווארען דער פֿיינד, וואס האט נאך ערב דער שלאכט זיך איזדיעקעוועט גראב איבער די הייליגסטע געפֿיהלען פֿון דער אידישער נאציע און האט העזה'דיג געסטראשעט דעם גרויסען נאציאנאלען הייליגטום. אלס זכר וועגען דעם נצחון איבער נקנור'ן איז בעשלאסען געווארען צו מאכען דעם 13-טען אדר (ערב פּורים) פֿאר א יום-טוב. און נאך א לאנגע צייט שפּעטער, פֿלעגט מען אין לאנד יהודה אפּהיטען דעם דאזיגען היסטארישען יום-טוב, וואס איז בעוואוסט אונטער'ן נאמען „יום-נקנור".

אויף א געוויסער צייט איז אלקימוס'עס פּארטיי דערווייטערט געווארען פֿון דער ממשלה, און בראש פֿון פֿאלק זענען ווידער געשטאנען יהודה המכבי און זיינע אנהענגער. איצט האט זיך ענדגילטיג ארויסגעוויזען דער פּאליטישער אונטערשייד צווישען די ביידע פּארטייען, וואס פֿריהער האבען זיי געפֿיהרט צווישען זיך בלויז א קולטור-קאמפף: איינע איז געשטאנען אויפ'ן צד פֿון דער סורישער רעגירונג, די אנדערע האט געשטרעבט צו א פֿולקומענער אויטאנאמיע. ס'איז קלאר געווארען, אז די בעוועגונג, וואס האט זיך אנגעהויבען צוליעב דער בעפֿרייאונג פֿון רעליגיעזען דרוק, וועט געהן ווייטער, ביז דער פּאליטישער בעפֿרייאונג. צו דער לעצטער זענען די חשמונאים געגאנגען אהן אבהאלט, דורך דער קראפֿט פֿון דער היסטארישער נויטווענדיגקייט.

כדי צוצוגרייטען די תנאים, ביי וועלכע ס'זאל זיין מעגליך אראבצו-ווארפֿען די סורישע ממשלה, האט יהודה בעשלאסען צו ווענדען זיך נאך הילף צו דער מעכטיגער רוימישער רעפּובליק, וואס אין יענע צייטען האט זי געדאט די ערשטע דעה אין די ענינים פֿון דער אינטערנאציאנאלער פּאליטיק.

פֿון דעמאָלט אָן, זינט כּאִיז פֿאָרגעקומען דער צוזאַמענשטויס צווישן די רוימער מיט אַנטיאָכוס דעם גרויסן, האָבען די ערשטע אײַנגעשטעלט אַ מין פּראָטעקטאָראַט איבער דער מלוכה פֿון די סעלעוקידן. די סורישע פּרינצען פֿלעגען אָפֿט וואוינען אין רוים, אַלס משכּנות, און די רעפּובליקאַנישע רעגירונג פֿלעגט שטרענג אָבאַכטונג געבען אויף אַלצדינג, וואָס עס קומט פֿאָר אין הויף פֿון די סעלעוקידן און אין זייער קעניגרייך. בשעת די סורייער פֿלעגען וועלען אײַננעהמען נײַע לענדער, פֿלעגען די רוימער זיי ניט דערלאָזען דערצו, און די סורישע מלכים פֿלעגען ניט־ווילענדיג זיך מוזען אונטערגעבען (איבען, § 40). אַזוי ווי רוים האָט ניט געוואָלט, אַז די סורישע ממשלה איבערן מזרח זאָל זיך פֿערשטאַרקען, דעריבער האָט זי געמוזט אונטערשטיצען די שטרעבונגען מצד די פֿעלקער, וואָס זענען געווען אונטערטעניג דער דאָזיגער מאָנאַרכיע, צו ווערען זעלבשטענדיג, ובכן אויך דעם אויפֿשטאַנד פֿון די חשמונאים.

יהודה האָט דאָס געוואוסט, און דעריבער האָט ער געשיקט קיין רוים זיינע שלוחים מיט'ן פֿאָרשלאָג, אַז די רעפּובליק זאָל שליסען מיט די אידען אַ שוץ־בונד. דער סענאַט האָט גערן אָנגענומען דעם דאָזיגען פֿאָרשלאָג, וואָס איז געווען בהסכם מיט די פּאָליטישע פּלענער פֿון דער רעפּובליק אין אָריענט און וואָס האָט אײַנגעשלאָסען אין איהר ווירקונגס־קרייז אויך דאָס לאַנד יהודה. מיט דעם „פֿריינדשאַפֿטליכען אָבמאַך", וואָס איז געוואָרען געשלאָסען, האָבען זיך ביידע צדדים מתחייב געווען צו העלפֿען איינער דעם אַנדערן אין פֿאַל פֿון אַ קריג (אין אָריענט), „לויט ווי דער מצב וועט דאָס פֿאָדערן" (161—160). בשעת די אידישע פֿירער זענען דאָס ערשטע מאָל אַרײַנגעטראָטען אין פֿריינדשאַפֿט־ליכע באַציהונגען מיט רוים, בכדי צו באַקומען אונאָבהענגיגקייט פֿאַר זייער נאַ־ציע, — איז זיי געווים אַפֿילו אין זינען ניט אַרײַנגעפֿאַלען, אַז די דאָזיגע אונ־ערזעטליכע וועלט־מלוכה וועט אין הונדערט יאָהר אַרום אַליין אַרויפֿלעגען איהר האַנד אויף דער אונאָבהענגיגקייט פֿון די אידען...

דער געשלאָסענער בונד האָט באַלד געבראַכט דערצו, אַז דער רוימישער סענאַט האָט פֿאָרגעלעגט דעם קעניג דעמעטריוס I, ער זאָל אָבשטעלען די מלחמה קעגען די אידען. נאָר די דאָזיגע התראה איז געקומען שוין צו־שפּעט. באַלד נאָכדעם, ווי דעמעטריוס האָט באַקומען די ידיעה, אַז נקנור האָט באַקומען די מפּלה, האָט ער אַוועקגעשיקט קיין מלכות־יהודה אַ חיל פֿון 20 טויזענד מאַן אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון באַקכידעס. זעהר גיך האָט באַקכידעס דערנעהנטערט זיך צו ירושלים. יהודה האָט ניט באַוויזען זיך צוצוגרייטען, מחמת ער האָט זיך ניט גערעכנט, אַז די פֿיינד וועלען אַזוי גיך קומען, און דעריבער האָט ער געקאָנט אַרויסשטעלען בלויז 3000 מאַן. דער גרעסטער רוב פֿון די דאָזיגע קריגס־לייט האָבען ניט געהאַט דעם מוט אַרײַנצוטרעטען אין אַן אָפֿענעם געשלעג מיט די סורייער און זענען באַשטאַנען דערויף, אַז מען זאָל אָבטרעטען צוריק, בכדי אָנצוקלייבען אַ שטאַרקערע אַרמעע. נאָר דער אונערשראָקענער יהודה

האָט אפילו ניט געוואָלט הערען וועגען שענדליכען אָבטרעטען. „אויב ס'איז געקומען פאַר אונז די צייט (צו שטאַרבען) — זאָגט ער — טאָ לאָמיר שטאַרבען, ווי מענער, פאַר אונזערע ברידער, נאָר לאָמיר קיין פלעק ניט אַרויפלעגען אויף אונזער כבוד“. פון זיין גאַנצען חיל האָבען 800 שטרייטער מסכים געווען צו געהן מיט אידהם. מיט'ן דאָזיגען הייפעל מוטיגע לייט איז יהודה בעפאַלען דעם שונא ביי אלאַס (ליש, אָדער אדאס). ער האָט שוין געהאַט געשלאָגען דעם רעכטען פליגעל פונ'ם פיינד'ס חיל, וואו ס'האָט זיך געפונען באַקכידעס גופא; נאָר מיט אמאָל האָט ער זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן, אַז ער איז אַרומגערינגעלט דורך קריגסלייט פון לינקען פליגעל. דער מוטיגער קלייגער חיל יהודה'ס האָט זיך געשלאָגען העלדענמוטיג, נאָר ער איז אַלץ קלענער געוואָרען. צולעצט איז געפאַלען אין שלאַכט מיט'ן שווערד אין דער האַנד אויך דער גרויסער פיהרער (אין פריהיאָהר 160). יהודה'ס ברידער האָט זיך איינגעגעבען בלויז אויפצוזוכען זיין טויטען קערפער, וואָס זיי האָבען אָבגעפיהרט קיין מודיעין און מקבר געווען אין פאַמיליען-סקלעפ פון די חשמונאים. אַלע אידען האָבען בעוויינט דעם טויט פונ'ם גרויסען העלד, וואָס האָט געראַטעוועט דעם פאָלקס פרייהייט און וואָס איז געפאַלען אין מיטען זיין גרויסער טאַט אין דעם מאָמענט, בשעת די דאָזיגע פרייהייט איז ווידער געשטאַנען אין סכנה.

---

# פיערטער קאַפּיטעל.

## די מלחמות פאַר דער אונאָבהענגיגקייט; יונתן און שמעון (160—140)

יונתן. די מלחמה מיט באַקכידעס'ן און דער צייטווייליגער שלום. — אלכסנדר באַלאַס און יונתן כהן-גדול. — דמיטריוס II; די פערברייטערונג פון דער טעריטאָריע און אויטאָנאָמיע פון מלכות-יהודה. — די ווייטערדיגע פערשטאַרקונג פון מלכות-יהודה ביז יונתנ'ס טויט. — שמעון און די בעפרייאונג פון מלכות-יהודה.

### יונתן, די מלחמה מיט באַקכידעס'ן און דער צייטווייליגער שלום.

§ 48. יהודה המכבי איז געשטאָרבען אין יענעם איבערגאַנגס-מאָמענט, בשעת די אידען האָבען שוין אָנגעהויבען קעמפפען פאַר זייער פּאָליטישער פריי-הייט נאָך דעם, ווי צו רעליגיעזער פרייהייט האָבען זיי שוין געהאַט דערגרייכט. דאָס ערשטע איז געווען אַ סך שווערער פאַר דאָס לעצטע. אינ'ם קאַמפף

קעגען רעליגיעזען דרוק האָבען אָנטייל גענומען אַ סך אַחלשע, וואָס די רדיפות פון אנטיוכוס IV האָבען זיי דירעקט אָנגערירט. די גראָבע געוואַלד, וואָס מען פלעגט אָנטון דעם געוויסען פון די גלויביגע, האָט זיי בעוואוינגען צו שטעלען זיך אונטער דער פאָהן פון די חשמונאים, און דער דאָזיגער האַרטנאַקיגער ווידער־שטאַנד פון די מאַסען, וואָס זענען געווען בעגייסטערט דורכ'ן גלויבען, האָט גע־בראַכט צו שלום מיט ליזיאַס'ן אין יאָהר 163, וואָס האָט אָפיציעל ווידער איינ־געשטעלט די רעליגיעזע אויטאָנאָמיע פון די אידען. נאָכדעם אָבער, ווי דאָס פאָלק האָט בעקומען די מעגליכקייט צו האַלטען פריי זיין אמונה, האָט זיין גרעסטער רוב געמיינט ניט געדאַרט קעגען דער סירישער ממשלה. אַ סך חסידים האָבען געהאַלטען, אַז די מרידה האָט דערגרייכט איהר צוועק, און זענען געווען גרייט אפילו צו אָנערקענען די ממשלה פון כהן־גדול אַלקימוס, אַבי ער זאָל נאָר זוכען שטיצע ביי זיין פאָלק און ניט אין די געזעצע פון די סירער.

נאָר די פאַרטיי פון די העלדען־חשמונאים האָט פערשטאַנען, אַז מען טאָר זיך ניט אָבשטעלען אויף דעם דערגרייכטען בעשיידענעם רעזולטאַט, נאָר מען מוז געהן ווייטער — ביז צו דער ערעאָבערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז נאָר אַזאַ אויטאָנאָמיע וואָלט געקאָנט פערזיכערן די נאַציע קעגען אַזעלכע מהומות, ווי די, וואָס זי האָט אַקאָרשט איבערגעלעבט. יהודה המכבי האָט אָנגעהויבען קריג פאַר זיין טויט אַרבייטען אין דער דאָזיגער ריכטונג. נאָר הוות, ווי ער האָט ניט געפונען קיין מיטגעפיהל ביי דער פאָלקס־מאַסע, וואָס האָט געגאַרט נאָך רוה נאָך די פיעל־יאָהריגע מלחמות, דעריבער האָט ער געמוזט זיך בעגנוגען מיט די קרעפטען פון זיין קליינעם חיל — און איז געפאַלען אין אונגלייכען שטרייט.

יהודה'ס טויט האָט צייטווייליג אַרויסגערופען אַ טומעל אין די ריידען פון די עקסטרעמע פאַטריאָטען און האָט געבראַכט צום נצחון פון דער פאַרטיי געמעסיגטע אָדער רודפי־שלום, וואָס זענען געווען אָנהענגער פון דער געזעצליכער סירישער ממשלה. אַלקימוס האָט זיך אויפ'ס ניי איינגעפעסטיגט אין ירושלים, אַלס כהן־גדול און פאָרזיצענדער פונ'ם ראַט פון די זקנים (גערוזיאַ). די דאָזיגע אַריסטאָקראַטישע אָליגאַרכיע (ממשלה פון ווייניג מענשען) האָט געוואָרט נאָך פאַר אָרדנונג און רוה אין לאַנד; איהר פראָגראַם איז געווען — הכנעה'דיגע אונ־טערגעבענקייט דער סירישער רעגירונג, וואָס האָט צוריקגעגעבען דער נאַציע איהר רעליגיעזע פרייהייט. זי האָט דעריבער געקוקט אויף דער פאַרטיי פון די חשמונאים, ווי אויף אַ באַנדע מורדים, וואָס קאָנען מיט זייערע מעשים מעהר ניט צורייצען די סירישע רעגירונג און אַרויפשלעפען אַ נייעם אונגליק אויף דאָס לאַנד יהודה.

אַזוי האָט אויך געקוקט אויף דער זאַך דער פערוואַלטער באַקכידעס, וואָס איז געבליבען אין מלכות־יהודה נאָך זיין נצחון ביי אַלאַס (ליש), כדי איינ־צושטעלען „די געזעצליכע אָרדנונג". ער האָט געזעהן, ווי געפעהרליכע רעד־

וואָלוציאָנערן, די אַנהענגער פֿון יהודה המכבי, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. ער האָט איבערגעבויט אַ גאַנצע רייה פֿעסטונגען אין די שטעט (ירחו, עמאָוס, בית־חורון, בית־צור און אַנדערע) און האָט דאָרט פֿונאַנ־געשטעלט סירישע גאַרניזאָנען; ער פֿלעגט נעמען קינדער פֿון חשובֿע אידישע משפּחות און אַוועקשיקן זיי אַלס משכּנות אין ירושלמער פֿעסטונג אַקראַ, כּדי צו זײַן זיכער, אַז די אידען וועלען ניט מורד זײַן קעגען דער סירישער איבער־הערשאַפֿט.

באַקכידעסעס רדיפֿות האָבען בעוואויגען די פּאַרטיי פֿון די „קנאים“ זיך ענגער צו שליסען, כּדי זיך צו פֿערטיידיגען. די רעשטען פֿון חיל פֿון די חשמונאים און די פּאַטריאָטען, וואָס האָבען זיי מיטגעפֿירט, האָבען אויסגעקלי־בען פֿאַר אַ פֿירער יהודהס יונגערן ברודער, יונתן,— און די דאָזיגע וואַהל האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר זייער געלונגען. יונתן האָט ניט געהאַט דעם לייבען־מוט און די היציגע התלהבות פֿון זײַן פֿערשטאָרבענעם ברודער; ער האָט אָבער געהאַט אַנדערע מעלות, וואָס זענען געווען מעהר צוגעפּאַסט צום נייעם פּאָלי־טישען מאָמענט. ער איז געווען זעהר פּאָריכטיג און פֿלעגט גענוי אַרומטראַכטען איטליכען שריט זײַנעם. איב יהודה האָט געקאָנט גיך אָנגעצונדען ווערען, אײַנ־שטעלען זיך אין סכּנה און געהן גלײַך צו זײַן ציעל, דערפֿאַר אָבער האָט יונתן פֿערשטאַנען געדולדיג אָבצוּוואַרטען דעם מאָמענט, ווען מען קאָן עפּיס אויפֿ־טון מיט דער קלענסטער ריזיקע און מיט די גרעסטע שאַנסען אויף הצלחה. ער איז געווען ניט בלויז אַ קריגסמאַן, נאָר אויך אַ פּאָליטיקער, אַ דיפּלאָמאַט, וואָס האָט פֿערשטאַנען אויסצונוצען צוליעב זײַנע צוועקען אַלע פֿעהלערן פֿון זײַנע שונאים. אַדאַנק די דאָזיגע פֿעהיגקייטען פֿון איהר נייעם פֿירער, האָט די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי פֿון די חשמונאים ניט בלויז געקאָנט בלײַבען פֿעסט אין קריטישען מאָמענט, נאָר אַפֿילו שפּעטער פֿערשטאַרקען זיך און דערגרייכען צו דער ממשלה.

היות ווי יונתנס חיל, מחמת ער איז געווען צו קליין, האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך אַנטקעגענצושטעלען אַקטיוו קעגען באַקכידעסן. דעריבער איז ער אַוועק אין מדבר ת ק ו ע, וואָס ליגט ניט ווײַט פֿונ׳ם אָרט, וואו דער ירדן פֿאַלט אַרײַן אין ים־המלח. אין די דאָזיגע ווילדע סטעפּעס, וואו עד־היום וואַנדערען אַרום די בעדואינען, האָבען אַרומגעוואָגעלט די אָבטיילונגען פֿון די אידען און האָבען געוואַרט אויף אַ בעסערער צײַט, כּדי ווײַטער צו פֿירען זייער פּאַטריאָטישען קאַמפּף. יונתן און זײַנע קריגסלייט האָבען גענומען מיט זיך פֿון מלכות־יהודה זייערע פֿרויען און קינדער, און אויך זייער האָב־און־גוטס, וואָס באַקכידעס האָט געקאָנט עס קאָנפֿיסקירען, אַלס דאָס אייגענס פֿון מורדים במלכות. כּדי ס׳זאָל איהם זײַן גרינגער צו בעוועגען זיך, האָט יונתן אַבגעשיקט, אונטער דער השגחה פֿון זײַן ברודער יוחנן, אַלצדינג צום בעפֿרײַנדעטען אַראַ־בישען שבט ב נ י ־ נ ב י ו ת, וואָס האָבען געוואוינט אויף יענער זײַט ירדן. אונ־

ערױעגם, נעבען מידבא (אין מזרח־זײַט פֿון ירדן), זענען אויף יונתן אָנ־
געפֿאַלען רױבּער פֿון שבט בני־אַמרי (יאַמברי), האָבען איהם געטױט און
ערױבּירט זײַן געפּעק. דעמאָלט זענען יונתן און זײַן ברודער שמעון אַריבּער
עם ירדן בּראש פֿון זײער חיל, זענען פֿלוצלינג אָנגעפֿאַלען אויף די רױבּער,
שעת יענע האָבען געפּײַערט עפּיס אַ חתונה, און האָבען זיך אָן די נקמה
געזען דאַרט פֿאַר'ן טױט פֿון זײער ברודער. בשעת זיי האָבען זיך אומגעקעהרט
צוריק, האָבען זיי זיך אָנגעטראָפֿען אויפֿ'ן ברעג פֿון ירדן מיט באַקכידעס'ס חיל.
נאָך אַ קורצען װידערשטאַנד, זענען יונתן און זײַנע קריגסלײַט אַרײַנגעשפּרונגען
אין ירדן און געלאָזט זיך אַריבּערשווימען אויף יענער זײַט. באַקכידעס'עס חיל
זכער, וואָס איז געווען שווער בּעוואָפֿענט, האָט ניט געקאָנט נאָכיאָגען זיך
נאָך די און איז געבליבּען אויפֿ'ן אַנדער ברעג.

באַלד איז אַלקימוס געשטאָרבּען (159). דער פּלוצלינגדיגער טויט פֿונ'ם
כּהן־גדול דעם העלעניסט ווערט אַרויסגעשטעלט אין דער פֿאָלקס־טראַדיציע אַלס
אַ שטראָף פֿון גאָט, וואָס האָט געטראָפֿען דעם רשע גראָד אין יענעם מאָמענט,
בשעת ער האָט געהאַט צעשטערט די אַלטע וואַנט, וואָס האָט אַרומגערינגעלט
דעם אינעווייניגסטען דויף פֿון בית־המקדש, בּכדי צו פֿערגרינגערן די הײדען
צוצוקומען צום הייליגטום. דעמאָלט איז באַקכידעס, וואָס איז געזעסען אין ירושלים
דער עיקר צוליעב דעם, בּכדי אונטערצוהאַלטען דעם כּהן־גדול, וואָס די פּאַט־
ריאָטען האָבען איהם פֿײַנט געהאַט, אוועק צוריק קײן אַנטיוכיא.

יונתן האָט אונגעזאַמט אויסגענוצט די צײַט, וואָס באַקכידעס איז ניט געווען,
און האָט אָנגעהויבּען אַלץ מעהר צונויפֿקלײַבען אַרום זיך אָנהענגער פֿון פֿאָלק.
ער האָט אָנגעהויבּען אָפֿען צו קעמפֿען קעגען די העלעניסטען און אָנהענגער
פֿון דער סירישער רעגירונג, וואָס האָבען איצט אָנגעוואָרען זייערע בּעשיצער.
די העלעניסטען האָבען זיך געווענדעט מיט טענות אין אַנטיוכיא און האָבען גע־
בּעטען, מען זאָל אַרויסשיקען חיל אויף אײַנצושטילען די פּאַטריאָטען.

נאָכדעם, ווי באַקכידעס איז ווידער געקומען מיט זײַן חיל אין מלכות־יהודה,
האָט ער בּעגעגענט אַנ'ענערגישען ווידערשטאַנד מצד יונתן און זײַן ברודער
שמעון, וואָס האָבען שוין בּעוויזען בּעדײַטענד צו פֿערשטאַרקען זײער חיל. די
סירייער האָבען ניט געקאָנט מיט ערפֿאָלג קעמפֿען קעגען פֿײַנד, וואָס האָט זיך
ניט געשלאָגען מיט זיי אין אָפֿענעם פֿעלד, נאָר ער פֿלעגט אויסמאַטערן זיי
דורך זײַנע פּלוצלינגדיגע קלײנע אָנפֿאַלען. באַקכידעס האָט זיך לסוף אײַנגעמודעט
דורך די דאָזיגע קלײנע צוזאַמענשטויסען, וואָס האָבען גאָר קײן סוף ניט גענומען.
איהם איז דערעסען געוואָרען דער אַרײַנמישען זיך אין די מחלוקות'ן פֿון די
אידישע פּאַרטייען, און ער איז שטאַרק געווען אונצופֿרידען מיט די העלעניסטען,
וואָס האָבען איהם אַרויסגערופֿען. דעריבּער האָט ער גערן אָנגענומען יונתנ'ס
פֿאָרשלאָג וועגען דעם, אַז בּײדע צדדים זאָלען אָבשטעלען די מלחמה (157).
מען האָט געשלאָסען שלום, וואָס זײַנע תנאים זענען געווען אונגעפֿעהר פֿאָל־

געגדע: די פּאַרטיי פֿון די חשמונאים אָנערקענט די איבערהערשאַפֿט פֿון סיריען און די סירישע רעגירונג דערלויבט איהר צו טהון, וואָס זי וויל, אַבי איהר טעטיגקייט זאָל ניט אַריבערגעהן די גרענעצען פֿון אַנאָנעווענדיגסטען קולטור־קאַמפּף: די סירישע רעגירונג מישט זיך ניט אַריין אין דעם דאָזיגען קאַמפּף און אַפֿילו קיין כהן־גדול אַנשטאָט אַלקימוס'ן בעשטימט ניט די רעגירונג, נאָר דאָס פֿאָלק קלייבט איהם אויס.

דער פּועל־יוצא פֿונ'ם דאָזיגען אָבמאַך איז געווען דאָס, וואָס אין משך פֿון עטליכע יאָהר איז די שטעל פֿון כהן־גדול ניט געווען פֿאַרנומען, מחמת צווישען די פֿיהרער פֿון פֿאָלק איז קיין אחדות ניט געווען בנוגע צו דעם פּרט אין דער אידישער זעלבסטפֿערוואַלטונג האָט זיך די ממשלה צעשפּאָלטען: אין ירושלים האָט געהערשט די אָליגאַרכיע פֿון די אידישע אַריסטאָקראַטען, וואָס האָט זיך געפֿונען אונטער'ן שוץ פֿון סירישען גאַרניזאָן; יונתן און זיינע אָנהענגער האָבען זיך פֿערפֿעסטיגט אין מכמש, אין צפֿון־זייט פֿון ירושלים, און דאָ האָט די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי געהאַט איהר צענטער פֿון זעלבסטפֿערוואַלטונג באַקבֿידעס איז אויף שטענדיג אַוועק פֿון מלכות־יהודה.

אויף אַזאַ אופֿן האָט די סירישע רעגירונג געמאַכט די אידען נאָך אַ הנחה. פֿריהער האָט זי זיך אָבגעזאָגט פֿון צו בעגרענעצען די פֿרייהייט פֿון רעליגיע, און איצטער האָט זי זיך אָבגעזאָגט פֿון אַריינצומישען זיך אינ'ם אינעווייניגסטען קאַמפּף פֿון די אידישע פּאַרטייען — די העלעניסטען און די נאַציאָנאַליסטען — און האָט איבערגעלאָזט דעם נצחון יענער פּאַרטיי, וואָס האָט מעהר אָנהענגער צווישען פֿאָלק.

## אלכסנדר באַלאַס און יונתן כהן־גדול.

§ 49. בערך אַ יאָהר פֿיער נאָכ'ן שלום מיט באַקבֿידעס'ן איז אין מלכות־יהודה געווען רוהיג, לפֿי־ערך. קיין צוזאַמענשטויסען מיט די סיריער זענען ניט פֿאָרגעקומען, אויך דער פּאַרטיי־קאַמפּף האָט אָנגעוואָהרען זיין פֿריהערדיגען שאַרפֿען כאַראַקטער. נאָכדעם, ווי די העלעניסטען האָבען אָנגעוואָהרען די שטיצע מצד דער סירישער רעגירונג, האָבען זיי צו ביסלעכווייז אָנגעהויבען פֿערלירען זייער פּאָליטישען איינפֿלוס, מחמת דער גרעסטער רוב פֿון אידישען פֿאָלק איז געווען קעגען זיי. אָבער די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי פֿון די חשמונאים איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער. יונתן האָט דערווייל זיך אָבגעהאַלטען פֿון אָנפֿאַלונגס־פּאָליטיק קעגען סיריען, נאָר פֿונדעסטוועגען האָט ער אַלץ געשטרעבט צו זיין ציעל: צו דער פּאָליטישער בעפֿרייאונג פֿון זיין נאַציע. ער איז געגאַנגען צום דאָזיגען ציעל פּאַמעליך, נאָר זיכער, אויסניצענדיג איטליכע געלעגענהייט צו בעפֿעסטיגען און פֿערברייטערן די אידישע נאַציאָנאַלע אַוטאָנאָמיע. אַ גאַנצע רייה פֿון אַזעלכע גינסטיגע צופֿאַלען האָבען געגעבען יונתנ'ן די מעגליכקייט צו פֿערווירקליכען זיין אויפֿגאַבע אַ סך גיכער, איידער ער האָט גערעכענט.

אין יענער צייט האט זיך אין סיריען ווידער אנגעהויבן פון דאס־ניי א קאמפף פאר דער קרוין, וואס האט געבראכט צו לאנג־יאריגע דינאסטישע מהומות, וואס האבן ביז גאר איבערגעשעפט די קרעפטן פון דער דאזיגער מלוכה. די אלטע שונאים פון די סעלייקידן, די מלכים פון עגיפטן און פון קליין־אזיען, האבן גערן אונטערגעהאלטן די דאזיגע מהומות און געגעבן הילף פערשידענע שווינד־לער, וואס זענען ארויסגעטראטן אלס פרעטענדענטן אויפ'ן סירישן טרון. א דאנק אזעלכע פאליטישע אינטריגעס האט זיך באוויזן אין יאהר 153 א פרעטענדענט, וואס האט געוואלט אבנעהמען די קעניגליכע מאכט ביי דמיטריוס I. דאס איז געווען א יונגער מאן פון נידעריגער אבשטאמונג, א געבוירענער פון קליין־אזיען, וואס האט זיך אנגעגעבן פאר א זוהן פון אנטיוכוס עפיפאנעס. וואס אויף איהם איז ער געווען עהנליך לויט זיין אויסווייניגסטען אויסזעהן. זיין אמת'ער נאמען איז געווען באלאס, און אלס פרינץ פלעגט ער זיך אנרופען אלכסנדר. מיט דער הילף פון זיינע בעשיצער איז אלכסנדר באלאס מיט זיין חיל אריינגעדרונגען אין סיריען און האט אנגעהויבן אנערביטערטען קאמפף קע־גען קעניג דמיטריוס. הוות, ווי דמיטריוס האט נויטיג געהאט מיליטער, דעריבער האט ער אבגערופען זיינע גארניזאנען פון די אידישע פעסטונגען, חוץ צווי: — ירושלים און בית־צור.

נאר דא איז פאר'ן קעניג אויפגעשטאנען א נייע סכנה; דער פיהרער פון די אידען, יונתן, האט געקאנט אדער אינגאנצען אבטיילען זיך פון סיריען, אויס־נוצענדיג דאס, וואס אין מלכות־יהודה איז פארהאן ווינציג מיליטער, אדער ער האט געקאנט אריבער אויפ'ן צד פונ'ם נייעם פרעטענדענט, אויב יענער וועט איהם פארלייגען גינסטיגע תנאים. דמיטריוס האט זיך דעריבער געפעדערט פאר זיין קאנקורענט און האט זיך בעמיהט צוציעהן צו זיך די אידען און זייער פיהרער. ער האט בעשטימט יונתנ'ן פאר'ן קאמאנדיר איבער זיין חיל אין מלכות־יהודה, און אלס סימן, אז ער געטרויט די אידען, האט ער געהייסען בעפרייען די מיטגלידער פון די חשובע אידישע משפחות, וואס זענען געווען פערהאלטען אלס משכנות אין דער פעסטונג אקרא. אלס א קעניגליכער בעפולמעכטיגטער, איז יונתן תיכף אריינגעטראטען אין ירושלים, וואס א לאנגע צייט האט ער אהין נים געקאנט אריין, און האט זיך גענומען בעפעסטיגען דעם בארג ציון, וואס האט בעדארפט פערטיידיגען דעם בית־המקדש.

אין באלד איז געשעהן דאס, וואס דמיטריוס האט דערפאר מורא געהאט. דער פרעטענדענט אלכסנדר באלאס, וואס האט בעדארפט האבען פערבינדעטע, האט געמיהט זיך צוציהען צו זיך דעם פיהרער פון די אידען דורך נאך גרעסערע הבטחות. ער האט בעשטימט יונתן פאר א כהן־גדול, האט געשיקט איהם במתנה א פורפור־מאנטעל מיט א גאלדענער קרוין און האט געבעטען, ער זאל שליסען מיט איהם א בונד און געבען איהם הילף. יונתן האט מאקע באלד אנגענומען די כהונה־גדולה, וואס שוין לאנג האט ער אפנים צו איהם

געשטאָרבּען. אום סוכּות פֿון יאָהר 153 איז ער דאָס ערשטע מאָל געקומען אין בּית-המקדש, אָנגעטאָן אין די פּראַכט-קליידער פֿון א כּהן-גדול. דאָס האָט בּעטייט, אַז אָפֿיציעל איז די ממשלה איבּער פֿון דער פּאַרטיי העלעניסטען, וואָס האָבּען אין דער מהומה-צייט איבּערגעוואַלד אַריינגעכאַפּט די כּהונה-גדולה, צו דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי און צו איהרע אָנפֿיהרער — די חשמונאים. ס'איז קלאָר געווען, אַז פֿאַר דער טובה פֿון לאַנד יהודה און פֿאַר'ן נצחון פֿון דער נאַציאָנאַלער בּעוועגונג איז געווען גינסטיגער דער בּונד מיט'ן פּרעטענדענט, איידער מיט דמיטריוס'ן, וואָס האָט נאָך גאָר ניט לאַנג, דורך באַקכידעס'ן, אונטערדריקט די חשמונאים. אָט דעריבּער איז יונתן אַריבּער אויפֿ'ן צד פֿון אַלכּסנדר'ן און האָט אַפֿילו ניט געוואָלט קוקען אויף די נייע גלענצענדע פֿאָרשלאָגען, וואָס דמיטריוס האָט צוגעשיקט, וואָס האָבּען צוגעזאָגט די אידען א בּרייטע אויטאָנאָמיע און פֿרייהייט פֿון אָבּצאָהלונגען. מען מוז אָננעהמען, אַז דער פֿיהרער פֿון די אידען האָט געהאַט א יסוד ניט צו געטרויען די דאָזיגע צוזאָגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין א קריטישען אויגענבּליק, אָדער ער האָט גערעכענט, אַז דמיטריוס האָט דאָ סיי ווי סיי פֿערשפּיעלט.

דער פֿאָרגעפֿיהל האָט יונתנ'ען טאַקע ניט אָבּגענאַרט: נאָך א צוויי-יאָהריגען קריג, איז דמיטריוס אומגעקומען אין'ם קאַמפּף מיט'ן פּרעטענדענט, און אַלכּסנדר איז געוואָרען ערקלערט אַלס קעניג פֿון סיריען (150).

ובּכן האָט יונתן, א דאַנק דעם גליקליכען צופֿאַל און זיין פּאָליטישען פֿערשטאַנד, דערגרייכט צו אַזאַ מעמד, וואָס יהודה המכּבּי האָט זיך ניט געקאָנט דערשלאָגען נאָך אַלע זיינע גבורות. א מיטגליד פֿון דער רעוואָלוציאָנערער משפּחה פֿון די חשמונאים האָט בּעקומען די כּהונה-גדולה, איז געוואָרען דער אָפֿיציעלער מושל פֿון פֿאָלק און איז געווען כּמעט אונאָבּהענגיג פֿון סירישען קעניג. אַלכּסנדר בּאַלאַס פֿלעגט איהם בּעטראַכטען ניט אַלס אונטערטעניגען פֿירשטען, נאָר אַלס זיינעם אַנ'איינפֿלוסרייכען פֿערבּינדעטען. ער האָט איינגעלאַדען יונתנ'ען אויף זיין חתונה, וואָר ער האָט געמאַכט מיט דער טאָכטער פֿונ'ם עגיפּטישען קעניג תּלמי פֿילאָמעטאָר. דאָ איז דער אידישער פֿיהרער געזעסען אינאיינעם מיט'ן קעניג פֿון סיריען, און מען האָט איהם אָבּגעגעבּען גרויס כּבוד, אַלס דעם רעגירער פֿון א בּעפֿריינדעטער נאַציע. א דעפּוטאַציע פֿון די העלעניסטען איז געקומען קיין פּטאָלעמאַאידע און האָט געפּרובּט אָנ'מסר'ן אויף יונתנ'ען פֿאַר אַלכּסנדר'ן, נאָר דער לעצטער האָט אין זייערע מסירות ניט געגלויבּט. דער קעניג האָט בּעשטימט יונתנ'ען פֿאַר א „סטראַטעג" און „מעדיאַרך", דאָס הייסט פֿאַר'ן מיליטערישען און ציווילען פֿערוואַלטער איבּער מלכות-יהודה, און האָט אויף אַזאַ אופֿן בּעשטעטיגט פֿאַר איהם די מאַכט, וואָס ער האָט שוין פֿאַקטיש געהאַט.

## דמיטריוס II; די פֿערברייטערונג פֿון דער טעריטאָריע און פֿון דער אויטאָנאָמיע פֿון מלכות־יהודה.

§ 50. אין משך פֿון איינינע יאָהר האָט יונתן רוהיג פֿערוואַלטעט איבער מלכות־יהודה, אַלס כהן־גדול און אָפֿיציעל אָנערקענטער פֿאָלקס־פֿיהרער (עטנאַרך). דאָס לאַנד, וואָס ניט לאַנג איז עס געווען פֿערשקלאַפֿט, איז שוין געווען אויף דער העלפֿט אומאָבהענגיג. נאָר מדרגות־ווייז איז עס געגאַנגען צו זיין פֿילקומענער פּאָליטישער אומאָבהענגיגקייט, און דערצו האָבען ניט ווייניג מיטגעהאָלפֿען די דינאַסטישע מהומות אין סוריען, וואָס האָט געהאַלטען ביים פֿונאַנדערפֿאַלען.

אלכסנדר באַלאַס איז ניט געווען קיין פֿעהיגער רעגירער; ער האָט מעהר ניט ליעב געהאַט א פֿרעהליך לעבען, פּונקט ווי דער גרעסטער רוב פֿון די גריכיש־סורישע אַריסטאָקראַטען אין יענער צייט. קעגען איהם האָט מורד געווען, אין יאָהר 147, דער געזעצליכער קרוין־יורש דמיטריוס II, דמיטריוס I־ענס א זוהן. דער פֿערוואַלטער פֿון קעלעסוריען, אַפּאָלאָניוס, איז אַריבער אויפֿ'ן צד פֿון דמיטריוס'ן, נאָר יונתן איז געבליבען געטריי זיין בונד מיט אלכסנדר'ן. מחמת דעם איז אַרויסגעקומען א קריג צווישען יונתן און אַפּאָלאָניוס. די אידען האָבען אָבגעהאַלטען א נצחון: יונתן האָט צעשלאָגען אַפּאָלאָניוס'ס חיל ביי אשדוד, האָט צעשטערט די שטאָדט און דעם טעמפּעל פֿון דגון, וואָס האָט זיך דאָרט געפֿונען, האָט פֿערטריבען דעם סורישען גאַרניזאָן פֿון יפֿו, און מיט טריומף זיך אומגעקעהרט קיין ירושלים. אַלס דאַנק פֿאַר דער דאָזיגער הילף, האָט אלכסנדר געשאָנקען יונתנ'ען די אַלטע פּלשתישע שטאָדט עקרון.

נאָר יונתנ'ס הילף האָט ניט געקאָנט איינהאַלטען אויפֿ'ן טראָן אלכסנדר'ן, וואָס קעגען איהם האָבען מורד געווען א סך בירגער פֿון אנטיוכיא און א טייל פֿון דער אַרמעע. אפֿילו זיין שוועהר, דער עגיפּטישער קעניג תּלמי VI, איז אַריבער אויפֿ'ן צד פֿון דמיטריוס און האָט איהם אָבגעגעבען זיין טאָכטער, וואָס ער האָט זי אָבגענומען ביי אלכסנדר'ן. אלכסנדר האָט בעקומען א מפּלה אין א שלאַכט מיט דמיטריוס'ן און תּלמי'ן און איז אַנטלאָפֿען קיין אַראַביען, און דאָרט איז ער באַלד דערהרג'עט געוואָרען. דמיטריוס II איז געוואָרען קעניג פֿון סוריען (145).

נאָר יונתן האָט נאָך אַליין ניט אָנערקענט דעם נייעם קעניג. ער האָט ווי עס ווייזט אויס, גערעכענט דעם דאָזיגען מאָמענט פֿאַר גינסטיג צו דערגרייכען נאָך א גרעסערע אומאָבהענגיגקייט — און האָט אָנגעהויבען בעלעגערן די פֿעסטונג אַקרא אין ירושלים, וואו ס'איז געשטאַנען דער סורישער חיל און וואו די העלעניסטען פֿלעגען זיך בעהאַלטען. דערויף האָט מען געקוקט אין אנטיוכיא, ווי אויף א רעוואָלוציאָנערען אַקט, און אויך די העלעניסטען, וואָס זענען אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿון לאַנד יהודה, האָבען אַרויסגעשטעלט יונתנ'ס אונטערנעהמונג אַלס אַזעלכע. דעמאָלט האָט דמיטריוס אַרויסגעפֿאָדערט יונתנ'ען קיין פּטאָלעמאַאידע.

ער זאל זיך פערענטפערן. דער פירער פון די אידען איז אוועק צום קעניג אהן מורא, נאר די בעלעגערונג פון עקרא האט ער ניט אראבגענומען. ער האט געוואוסט, אז ביי זיין איצטיגער שוואכער לאגע נויטיגט זיך דער סירישער קעניג אין פריינדשאפט מצד די אידען און וועט מיט זיי איצט קיין קריג ניט פירען.

און ס'האט זיך טאקע ארויסגעוויזען, אז יונתן איז געווען גערעכט. דמיטריוס האט איהם אויפגענומען בכבוד גדול, ווי עס פאסט פאר א מעכטיגען מושל. יונתן האט געבעטען דעם קעניג, ער זאל בעפרייען דאס לאנד יהודה פון די אבגאבען און ער זאל צוגעבען צו איהם דריי שכנישע געביטען פון לאנד פון די שמרונים (אפרים, לוד און רמתים), און פאר דער לעצטער הנחה האט יונתן זיך מתחייב געווען אריינטראגען אין דער קעניגליכער קאסע 300 טאלענטען. דמיטריוס האט ערפילט די בקשה פונ'ם אידישען פירער, מחמת ער האט מעהר ניט געוואלט, ער זאל זיין איהם געטריי און קומען איהם צו הילף אין צייט פון א נויט.

און אין גיכען האט דמיטריוס טאקע בעדארפט האבען די דאזיגע הילף. קעגען איהם איז ארויסגעטראטען א נייער פרעטענדענט. טריפאן, דער געוועזענער הויפט-מאן פון אלכסנדר באלאס, איז געווארען דער אפוטרופוס פון דעם לעצטענס יונגען זוהן אנטיוכוס VI, און אין נאמען פונ'ם דאזיגען פרע-טענדענט האט ער אנגעהויבען אויפרודערן דאס פאלק קעגען דמיטריוס'ן. אין אנטיוכיא האט זיך געגרייט א גאסען-רעוואלוציע. דעמאלט האט דמיטריוס זיך געווענדעט נאך הילף צו יונתנ'ען, און דער לעצטער האט געשיקט קיין אנטיוכיא אן אבטיילונג פון דריי טויזענד אידישע קריגסלייט. מיט זייער הילף האט זיך דמיטריוס'ן איינגעגעבען צו דערשטיקען דעם פאלקס-אויפשטאנד. אזוי האבען זיך די צייטען אומגעביטען. מיט צוואנציג יאהר צוריק, בשעת עס האט געהערשט דער טעראר פון אנטיוכוס עפיפאנעס, וואלט קיינער ניט געגלויבט, אז עס איז [illegible] די צייט, ווען די אידען וועט אויסקומען צו ראטעווען דעם טראן פון די סעלייקידען אין דער הויפט-שטאדט גופא פון סיריען.

## די וויטערדיגע פערשטארקונג פון מלכות-יהודה ביז יונתנ'ס טויט.

§ 51. בשעת דמיטריוס II האט זיך געפונען אין סכנה און האט זיך געניטיגט אין הילף מצד די אידען, האט ער צוגעזאגט צו פערברייטערן זייער אויטאנאמיע און איבערגעבען צו יונתנ'ען אין די הענד די ירושלמ'ער פעסטונג עקרא און אנדערע פעסטונגען, וואו ס'האבען זיך געפונען סירישע גארניזאנען. נאר ווי די סכנה איז פאריבערגעגאנגען, אדאנק יונתנ'ס הילף, האט דער קעניג

פֿערגעסען זיינע הבטחות און האט אנגעהויבען אפילו בעציהען זיך פֿיינדליך צום אידישען פֿיהרער. אבער דער דאזיגער פֿארשקייט איז יונתן שטארק אויפֿגעבראכט געווארען און האט בעשלאסען, ביי דער ערשטער בעקוועמער געלעגענהייט, צו צורייסען זיין בונד מיט דמיטריוסן.

אזא געלעגענהייט איז טאקע באלד געווען. דעם יונגען פרעטענדענט אנטיאכוס VI און זיין אפוטרופוס טריפֿאן האט זיך איינגעגעבען צוצוציהען אויף זייער צד א בעדייטענדען טייל פֿון דער קעניגליכער ארמעע און איינצונעהמען אנטיאכיא (144). אין סוריען און איהרע קאלאניעס האט זיך אנגעהויבען א שארפֿער קאמפֿ צווישען דמיטריוס II און זיינע קאנקורענטען. טריפֿאן און אנטיאכוס VI, אלס די יורשים פֿון אלכסנדר באלאס, זענען ארייננעטראטען אין פֿערהאנדלונגען מיט דעם געוועזענעם פֿערבינדעטען פֿונם דאזיגען קעניג, יונתן, און האבען איהם פֿארגעלעגט צו בעניי'ען דעם בונד אויף גינסטיגע תנאים פֿאר ביידע צדדים. לויט'ן אפמאך, וואס איז געשלאסען געווארען, דאט דער כהן-גדול און פֿיהרער פֿון די אידען בעקומען אלע רעכט און פֿרייהייטען, וואס ער האט געוואלט בעקומען פֿון דמיטריוס (חוץ עקרא און די פֿעסטונגען), און ער האט זיך מתחייב געווען צו שטיצען מיט מיליטער דעם קינד-קעניג אנטיאכוס VI. זיין ברודער שמעון איז בעשטימט געווארען אלס „סטראטעג“, דאס הייסט, קאמאנדיר פֿונ'ם מיליטער, וואס איז געשטאנען אויפֿ'ן פאלעסטינער ברעג פֿון מיטעללענדישען ים. די ברידער חשמונאים האבען בעקומען א כח-הרשאה אבצורייסען דאס לאנד יהודה און די שכנישע געגענדען פֿון דמיטריוס II-טענס חיל. דאס האט זיי געגעבען א גרויסע מאכט אין גאנץ פאלעסטינע, — און זיי האבען עס אויסגענוצט סיי צוליעב די אינטערעסען פֿון זייערע פֿערבינדעטע, סיי צוליעב דער טובה פֿון זייער פֿאטערלאנד.

די מלחמה האט זיך געפֿיהרט אין צוויי פּונקטען: אין דער פּלשתישער געגענד נעבען ים און אין גליל. אין ערשטען פּונקט האט יונתן, בראש פֿון סורישע און אידישע אבטיילונגען, איינגענומען פֿאר אנטיאכוס VI די שטעדט אשקלון און עזה. אין גליל האט ער אבגעהאלטען א נצחון איבער דמיטריוס'ס ארמעע, נים ווייט פֿון ים-כנרת (גענעסארעטער אזערע). דערנאך האט ער געפֿיהרט זיין חיל קיין צפֿונית-מזרחית, אהינטער די בערג לבנון, האט אבגעשוואכט דעם פֿיינדליכען חיל פֿון דער געגענד און, איבער דמשק, האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק קיין ירושלים. דא האט יונתן צונויפֿגערופֿען די אידישע עלטסטע און האט בעשלאסען אינאיינעם מיט זיי צו בעפֿעסטיגען די הויפּט-שטאדט און אייניגע פּראווינץ-שטעדט. ער האט געהייסען אויפֿהויבען העכער די מויערן ארום ירושלים און אויפֿבויען צווישען עקרא און דעם הר-הבית א הויכע מויער, כדי אבצושיידען דעם הייליגען טייל שטאדט פֿון סורישען גארניזאן, וואס האט זיך געפֿונען אין עקרא.

אין דער וועלכער צייט האָט שמעון געוואָרט וועגן באַפעסטיקן די גרענ-ניצן פון מלכות-יהודה. נאָך אַ לאַנג-דויערנדיקער באַלעגערונג האָט ער איינגענומען די חשובדיקע הויפּט-פעסטונג בית-צור, האָט פאַרטריבן פון דאָרט דעם סירישן גאַרניזאָן דעמעטריוס II-ענס, און אָנשטאָט אים האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ אידישן. שמעון האָט אויך איינגענומען יפו און האָט געמאַכט די דאָזיקע ים-שטאָט, וואָס געפינט זיך אַזוי נאָענט צו ירושלים, פאַר אַ אידישע פעסטונג. אַזוי האָבן די ברידער חשמונאים פאַרטריבן די סירער מיט דער הילף פון די סירער גופא, און האָבן אויף אַזאַ אופן צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער פולקומענער אומאָפּהענגיקייט פון מלכות-יהודה.

די כראָניקן זענען מוסיף, אַז אין יענער צייט האָט יונתן געשיקט שלוחים צום רוימישן סענאַט מיט דער שליחות צו באַנייען דעם פריינדשאַפטלעכן בונד מיט רוים, וואָס יהודה המכבי האָט נאָך געהאַט געשלאָסן; די דאָזיקע שליחות האָט זיך מסלקים איינגעגעבן. אויב די דאָזיקע ידיעה איז ריכטיק, מוז מען משער זיין, אַז דער פּאָליטיש-מיליטערישער פּלאַן פון די אידן האָט געוואָלט זיין באַזיכערט מיט דער שטיצע פון דער רוימישער רעפּובליק, בשעת ער האָט זיך געגרייט צו דערקלערן זיין לאַנד אַלס אומאָפּהענגיק. אין באמת טאַקע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ צוזאַמענשטויס מיט „פאַרבינדעטע" סירער איז געווען ניט אויסצומיידן, מחמת די אינטערעסן פון ביידע פאַרבינדעטע, ווי עס האָט זיך פריער אָדער שפּעטער געמוזט אַרויסווייזן, זענען געווען סותרדיקע צו אַנאַנד. בשעת יונתן און שמעון פלעגן איינעמען אַלס קעניגלעכע באַפולמעכטיקטע פאַרשיידענע געגנטן פון פּאַלעסטינע פאַר אנטיוכוס VI, פלעגן זיי פּראַקטיש פאַראייניקן איינציקע טיילן פון דער אָפּגעריסענער טעריטאָריע מיט דעם לאַנד יהודה. מ'איז געווען קלאָר, אַז די אידן שטרעבן ניט בלויז צו באַקומען פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, נאָר אויך צו פאַרברייטערן זייער טעריטאָריע.

וואָס האָט מיט-כל-סוף באַמערקט אנטיוכוס'עס אַפּאָטראָפּוס, טריפאָן, וואָס איז געווען אַ פלאַכער און אַמביציעזער מענש. דערביי איז ווי נאָר מ'איז עפּעס שטילער געוואָרן די מלחמה מיט דעמעטריוס II, האָט טריפאָן זיך געווענדט קעגן זיין אייגענעם, כלומרשטיקן פאַרבינדעטן, יונתן. הזות, ווי ער האָט געוואוסט, ווי שווער עס איז מנצח צו זיין יונתנען אין אָפענער שלאַכט, דערביי האָט ער אָנגעווענדט קעגן אים אַ נידערטרעכטיקע רמאות. ער איז אַוועק מיט זיין חיל קיין פּאַלעסטינע און האָט אויפגעשלאָגן זיין לאַגער נעבן סקיטאָפּאָליס (בית-שאָן). יונתן האָט זיך געגרייט אויף אַ צוזאַמענשטויס, און דערביי איז ער מיט זיין אַרמעע אַרויס אים אַנטקעגן. נאָר אומגעריכטערהייד האָט טריפאָן אים באַגעגנט ווי אַ פריינדלעך. דער סירישער הויפּטמאַן האָט געמאַכט אָנשטעל, ווי ער וואונדערט זיך כלומרשט, וואָס יונתן גרייט זיך ווי צו אַ

קריג, בשעת צווישען די געטרייע פערבינדעטע איז גאר קיין שטרייט ניט פאר־געקומען. ער האט איינגערעדט יונתנ'ען, ער זאל פאנאנדערלאזען זיין ארמעע און מיט א קליינער אבטיילונג געהן מיט איהם, מיט טריפאנ'ען, קיין פטאלא־מאאידע (עכו), בכדי צו פיהרען אונטערהאנדלונגען וועגען אבטרעטען די אידען די דאזיגע שטאדט און אנדערע פעסטונגען. יונתן האט געגלויבט דעם פאלשען סיריער און איז אוועק מיט איהם. נאר ווי זיי זענען געקומען קיין פטאלא־מאאידע, האט מען יונתנ'ען אריינגעזעצט אין תפיסה, אלס א קריגסגעפאנגענעם און זיין סוויטע האט מען אומגעבראכט (143).

אז שמעון חשמונאי האט זיך דערוואוסט וועגען אונגליק, וואס דאט גע־טראפען מיט זיין ברודער, איז ער באלד געקומען קיין ירושלים. דאס פאלק, וואס איז געווען איבערגעבראכט איבער דער פאלשקייט פון די סיריער, האט מיט פרייד בעגעגענט דעם לעצטען מיטגליד פון דער משפחה חשמונאים און האט פראקלאמירט שמעונ'ען פאר'ן פערוואלטער איבער'ן לאנד. שמעון דאט בע־דארפט פערענדיגען די בעפרייאונג פון פאלק. נאר קודם כל האט ער געוואלט זיך אברעכענען מיט'ן פאלשען פערבינדעטען און פרובען אדער צו בעפרייען יונתנ'ען פון געפענגענשאפט, אדער נקמה נעהמען פאר איהם.

טריפאן איז מיט זיין חיל געגאנגען צו די גרעניצען פון מלכות־יהודה און האט געפיהרט מיט זיך דעם געפאנגענעם יונתן אין קייטען. איהם אנטקעגען איז ארויסגעטראטען שמעון מיט זיין חיל און האט איהם פערשטעלט די וועג ביי אדידא (חדידה), אין מערב־זייט פון ירושלים. דא האט טריפאן אבגעטאן א נייע נידערטרעכטיגע פאלשקייט. ער האט געשיקט זאגען שמעונ'ען, אז ער איז גרייט צו בעפרייען זיין ברודער, אויב ער וועט נאר בעקומען אנ'אויסקויף פון הונדערט טאלענטען און צוויי זיהן יונתנ'ס פאר א משכון. הגם שמעון האט ווינציג געגלויבט אין די הבטחות פונ'ם פאלשען סיריער, פונדעסטוועגען האט ער איהם צוגעשיקט די געלד, וואס ער האט געפאדערט, און יונתנ'ס זיהן, בכדי מען זאל איהם ניט קאנען פארווארפען, אז ער האט ניט געטאן אלצדינג, וואס עס איז מעגליך געווען, צוליעב בעפרייען זיין ברודער. נאר טריפאן האט אויך דאס מאל אבגענארט. ער האט געפיהרט זיין ארמעע קיין ירושלים דורך די דרומ'דיגער גרעניץ; נאר ווייטער געהן האט ער ניט געקאנט, מחמת ביי־נאכט איז ארויסגעפאלען א טיעפער שניי. דעמאלט איז טריפאן אבגעטראטען אין מזרח־זייט, קיין גלעד, און דארט האט ער אויסגעלאזען זיין כעס פאר דער ניט־איינגעגעבענער מלחמה אויף זיין געפאנגענעם: לויט זיין בעפעהל, האט מען יונתנ'ען דערהרג'עט אין באסקאם (בסמקה) אין עבר־הירדן (143). נאכדעם, ווי טריפאן איז אוועק קיין סיריען, האט שמעון געהייסען איבערפיהרען דעם טויטען קערפער פון זיין ברודער קיין מודיעין און מקבר זיין איהם דארט אין פאמיליען־קלעפ פון די חשמונאים.

## שמעון און די באַפֿרײַאונג פֿון מלכות־יהודה.

§ 52. יונתן איז אומגעקומען אין דעם מאָמענט, בשעת ביז צו דער פֿולקומענער באַפֿרײַאונג פֿון מלכות־יהודה איז געבליבען נאָר איין שריט צו טון. און שמעון האָט דעם דאָזיגען שריט געמאַכט. ער האָט באַפֿעסטיגט ירושלים און ענדגילטיג פֿעראייניגט מיט דער אידישער טעריטאָריע די האַפֿען־שטאָדט יפֿו און פֿון דאָרט פֿערטריבען די סירער. די מדינות, וואָס האָבען זיך גע־שטאַרקט אין סיריען, האָבען איהם באַלד געגעבען די מעגליכקייט צו פֿערגע־וועלטיגען זיינע ערָאָבערונגען.

דער פֿאַלשער טריפֿאָן, וואָס ביז איצט פֿלעגט ער אַרויסטרעטען אַלס אפּוטרופּוס פֿון אנטיוכוס VI, האָט דערהרג'עט דעם דאָזיגען פּרינץ, וואָס האָט זיך געפֿונען אונטער זיין השגחה, און האָט אויף זיך אַליין אָנגעטאָן די קע־ניגליכע קרוין. שמעון, וואָס האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אָבגעזאָגט פֿונ'ם בונד מיט דעם דאָזיגען קרוין־רויבער, איז אַריבער אויפֿ'ן צד פֿון געזעצליכען קע־ניג, דמיטריוס II, נאָר איבערגעגאַנגען איז ער ניט אַלס אָבהענגיגער פֿירשט, נאָר אַלס פֿרייער פֿערבינדעטער. דמיטריוס, וואָס איז געווען געענגט פֿון אַלע זייטען און האָט פֿאַקטיש אָנגעוואָרען די ממשלה איבער מלכות־יהודה, איז געווען גערן צו שליסען אַ בונד מיט שמעון'ען און צו באַפֿרײַען אויף שטענדיג די אידען פֿון צו צאָהלען צינז דער סירישער רעגירונג. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען די סעלייקידען האָבען אָפֿיציעל זיך אָבגעזאָגט פֿון זייער איבערהערשאַפֿט איבער מלכות־יהודה. „דער יאָך פֿון די הײַדען איז אַראָב־גענומען געוואָרען פֿון ישראל" — זאָגט דער כראָניקען־שרײַבער. זינט יענעם מאָ־מענט (170־טער יאָהר פֿון דער סעלייקידישער צײַטרעכענונג, דאָס הייסט 142 פֿאַר קריסטוס) האָט זיך אָנגעהויבען די אונאָבהענגיגקייט פֿון מלכות־יהודה.

אין גיכען איז געפֿאַלען דער לעצטער שטיצפּונקט פֿאַר דער סירישער ממשלה אין מלכות־יהודה. דער סירישער גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער ירושלמ'ער פֿעסטונג אַקראַ, איז בעלעגערט געוואָרען; שמעון'ס חיל האָט אַרומגערינגעלט די פֿעסטונג און האָט ניט דורכגעלאָזען צו־פֿיהרען אַהין קיין עסענוואַרג. דער הונגער האָט געצוואונגען די כיריער זיך אונטערצוגעבען. די שטאָלצע פֿעסטונג, וואָס איז דרייסיג יאָהר נאָכאַנאַנד געווען אַ סכנה פֿאַר דער אידישער פֿרײַהייט, איז אויסגעריינינט געוואָרען פֿון די פֿרעמדע. 23 טעג אין חודש איר (אין מאַי 142) זענען די ירושלמים פֿײַערליך אַרײַנגעטראָטען אין אַקראַ, און דער דאָזיגער טאָג איז אויף להבא בעשטימט געוואָרען פֿאַר אַ נאַציאָנאַלען יום־טוב.

דער 25־יאָהריגער העלדישער קאַמפּף פֿון די אידען האָט זיך אויסגעלאָזען מיט אַזאַ ערפֿאָלג, וואָס די ערשטע אויפֿטוער פֿון דעם דאָזיגען קאַמפּף האָ־בען זיך גאָר ניט גערעכט דערויף. די נאַציע האָט זיך דערשלאָגען ניט בלויז

צו אַ רעליגיעזער, נאָר אויך צו אַ פּאָליטישער פֿרייהייט. איצט האָט מען בעדאַרפֿט זאָרגן וועגן דעם, ווי אַזוי צו פֿעסטיגן די עראָבערטע פֿרייהייט און אײַנצושטעלן אין לאַנד אַ נײַע פּאָליטישע אָרדנונג. פֿאַקטיש איז די העלדישע משפּחה פֿון די חשמונאָים שוין געשטאַנען בראש פֿון פֿאָלק אין משך פֿון דער גאַנצער צײַט, ווען ס'האָבן זיך געצויגן די באַפֿרײַאונגס־קריג. די אַלטע דינאַסטיע פֿון די כּהנים, די בני־צדוק, זענען געפֿאַלן נאָך דער בגידה פֿון זייער פֿאַרשטייער יאַזאָן, וואָס ער איז געווען שולדיג אין די ערשטע רעליגיעזע רדיפֿות אין מלכות־יהודה. נאָכדעם, ווי די רעליגיעזע פֿרייהייט איז ווידער אײַנגעשטעלט געוואָרן, האָט איבערגענומען די כּהונה־גדולה (נאָך אַלקימוס'ן, וואָס איז געווען כּהן־גדול אַ קורצע צײַט) יונתן, דער פֿאַרשטייער פֿון אַ נײַער דינאַסטיע פֿון כּהנים. און דערנאָך, בשעת די חשמונאָים האָבן עראָבערט פֿאַר מלכות־יהודה אויך פּאָליטישע זעלבשטענדיגקייט, האָט זייער משפּחה על־פּי־הכּרח געמוזט ווערן די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע דינאַסטיע. אויף אַזאַ אופֿן איז די גײַסטלעכע און וועלטלעכע מאַכט איבערגעגעבן געוואָרן צו איין משפּחה. די באַפֿרײַטע נאַציע האָט מער ניט בעדאַרפֿט לעגאַליזירן די איבערקערעניש, וואָס איז שוין געשען.

18 טעג אין אלול אין יאָהר 140, איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע פֿערזאַמלונג, וואו ס'האָבן זיך באַטייליגט פֿאַרשטייער פֿון דער גײַסטלעכקייט און פֿאָלקס־עלטסטע, און אויף דער דאָזיגער פֿערזאַמלונג איז שמעון השמונאי אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַר אַ כּהן־גדול, קריגס־הויפּטמאַן און פֿירשט (נשיא, עטנאַרך) פֿון אידישן פֿאָלק, און מ'איז באַשטימט געוואָרן, אַז די ממשלה זאָל איבערגיין אויף בירושה צו זײַנע קינדער. דער נשיא־כּהן־גדול, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורכ'ן פֿאָלקס ווילן, האָט געהאַט אַלע רעכט פֿון אַ מושל: ער האָט בעדאַרפֿט באַשליסן די פֿראַגן וועגן שלום און מלחמה, באַשטימען און אַראָבזעצן באַאַמטע, אונטערחתמ'ען די וויכטיגסטע מלוכה־דאָקומענטן, האָבן די השגחה איבער'ן בית־המקדש און באַשטראָפֿן ווידערשפּעניגע. די נײַע קאָנסטיטוציע פֿון מלכות־יהודה, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אָנגענומען, האָט באַשטימט גענוי די רעכט און די התחייבות'ן פֿון דער העכסטער מאַכט. מען האָט די אויסגעקריצט אויף קופּערנע טאָוולען, און די טאָוולען האָט מען אויפֿגעהאָנגען אין בית־המקדש.

פֿאַר אַ סימבאָל פֿון דער פּאָליטישער זעלבשטענדיגקייט האָבן געדינט די מטבעות, וואָס מען האָט אָנגעהויבן דעמאָלט צו שמעלצן אין ירושלים. אויף די שקלים און האַלבע שקלים („מחצית השקל") פֿלעגט זײַן אויסגעקריצט די ווערטער: „ירושלים הקדושה", דער ווערט פֿון דער מטבע און דער יאָהר, ווען זי איז געמאַכט געוואָרן; די צײַט האָט מען גערעכנט זינט דעם יאָהר, וואָס שמעון איז געוואָרן כּהן־גדול און נשיא.

בכדי צו פערפעסטיגען די לאגע פון די אידען צווישען די איבעריגע פעלקער, האט שמעון בעניים דעם בונד מיט די רוימער. די אידישע שלוחים, וואס זענען געשיקט געווארען קיין רוים, האט דער סענאט פון דער גרויסער רעפובליק אויפגענומען פריינדליך. דער רוימישער סענאט האט גאראנטירט די אידען, אז זייער טעריטאריע וועט בלייבען גאנץ און זייער פאליטישע אומאבהענגיגקייט וועט ניט אנגערירט ווערען, — און וועגען דעם האט מען מודיע געווען דעם קעניג פון מצרים, דעם קעניג פון סיריען, די מלכים פון קליין־אזיען און פון אנדערע שכנישע לענדער.

שמעון דובנאָוו.

# אַלגעמיינע
# אידישע געשיכטע

פון די עלטסטע צייטען ביז דער נייער צייט

איבערגעזעצט פון ה. קאַלמאַנאָוויטש.

## פערטער טייל.

די אַלטע געשיכטע (ב).

פון דער צייט פון שמעון און יוחנן הורקנוס ביז די לעצטע חשמונאים און הורדוסעס דינאַסטיע.




ווילנע, תר"ף—1920.

# אינהאלט פון פערטען טייל.

## די אַלטע געשיכטע (ב):

### דריטע אָבטיילונג.

**די אונאָבהענגיגע מלכות-יהודה פאַר דער צייט פון די חשמונאים (140—36 פאַר קריסט.).**



### פערטע אָבטיילונג.

**דער רוימישער פּראָטעקטאָראַט: די לעצטע חשמונאים און הורדוסעס דינאַסטיע (63 פאַר קריסט.—6 נאָך קריסט.).**

# דרוקפעהלער

## צום פערטען טייל.

| זייט | שורה | | געדרוקט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|---|
| 9 | 11 | פון אויבען | יונתן | יוחנן |
| 20 | 3 | „ | פערוואַלטו | פערוואַלטונג |
| 30 | 8 | „ | צדים | צדיק |
| 41 | 8 | פון אונטען | איז די קעפּל פון § 64. | |
| 54 | 18 | פון אויבען | אַלעקסאַנרו | אַלעקסאַנדרו |
| 58 | 1 | פון אונטען | פורכטבאַרקייט | פרוכפערקייט |
| 89 | 10—9 | „ | | לייענען אומגעקערט |
| 98 | 4 | פון אויבען | 63 | 63 פּאַר |
| 103 | 6 | פון אונטען | הורקנ'ן | הורקניון |
| 126 | 8 | פון אויבען | קו | צו |
| 126 | 13 | „ | אַנדער זייט וועט א. אַ. ח. | קינדער (140—37)— |
| 126 | 16 | „ | אַנטאָנינוס | אַנטאָניוס |
| 142 | 8 | „ | עפענטילכע | עפענטליכע |
| 170 | 17 | „ | עלגיאָנען | לעגיאָנען |
| 181 | 14 | פון אונטען | יסוד | יסוד |

# דריטע אבטיילונג.

## די אונאבהענגיגע מלכות יהודה פאר דער צייט פון די חשמונאים.

(140—63 פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג).

### אלגעמיינער איבערבליק.

§ 53. דער בעפרייאונגס־קריג איז געווען געענדיגט. ער האט געגעבען דעם אידישען פאלק א סך מעהר, ווי עס האט זיך געקאנט ריכטען. דער קאמפף, וואס די חשמונאים האבען אנגעהויבען, בכדי זיך צו פערטיידיגען קעגען דעם נאציאנאל־רעליגיעזען דחק, האט זיך געענדיגט מיט דער פאליטישער בעפרייאונג. איצטער איז געווען פריי ניט בלויז די נאציע, נאר אויך דאס לאנד. לא די וואס עס איז ווידער איינגעשטעלט געווארען די אינעווייניגסטע סאציאלע אויטאנאמיע פון די אידען, וואס אנטיוכוס עפיפאנעס האט זי אזוי גראב צעשטערט, נאר מלכות־יהודה האט אפילו ווידער בעקומען איהר זעלבשטענדיגקייט, וואס זי האט געהאט אנגעווארען פיער מיט א האלב יאהרהונדערט צוריק, ערב גלות־בבל. נאכדעם, ווי עס האבען זיך איבערגעביטען פיער מלוכות, וואס האבען געהערשט איבער מלכות־יהודה — בבל, פרס, מצרים און סיריען — איז זי ווידער געווען פריי פון יעדער פרעמדהערשאפט.

שמעון חשמונאי, וואס דורכ'ן פאלקס ווילען איז ער געווארען אויסגעקליבען אלס כהן־גדול און נשיא, האט כמעט ווי פערווירקליכט די ליכטיגע האפענונגען, וואס האבען בעגייסטערט די גולי־בבל, בשעת זיי האבען זיך אומגעקעהרט אין זייער פאטערלאנד. אמת, דער נשיא איז ניט געווען איצט פון בית־דוד, און דער כהן־גדול ניט פון די בני־צדוק. נאר די חשמונאים האבען פאר דער קורצייט אזוי פיעל אויפגעטאן פאר דער אידישער נאציע, אז זיי האבען געקאנט, און לויט דער היסטארישער נויטווענדיגקייט האבען זיי געמוזט, מאכען די התחלה צו א נייער דינאסטיע, וואס זאל זיין מסוגל צו פערבייטען הן די פערלאשענע דינאסטיע דודים, הן די משפחה פון די בני־צדוק, וואס אויף איהר איז געפאלען א פסול, אדאנק דעם לעצטען פארשטעהער איהרען.

דעם ערשטען נשיא פון דער אונאפהענגיגער מלכות-יהודה און זיין יורש, יוחנן הורקנוס I, איז מעהר ניט געבליבען אונטערפיהרען דעם לעצטען סך-הכל מיט סיריען, וואס האט געהאלטען אין פונאנדערפאלען. שוין די ערשטע בריהדער חשמונאים האבען איינגענומען נייע שטיקער ערד נעבען ברעג פון ים און אין גליל, און האבען אויף אזא אופן פערברייטערט די טעריטאריע פון מלכות-יהודה. זינט אבער יוחנן הורקנוס איז געווארען נשיא, איז זי, א דאנק די גליקליכע מלחמות, נאך מעהר פערברייטערט געווארען; צו איהר זענען צו-געקומען די גרעניץ-לענדער: צפון-גליל, עבר-הירדן, דרום-אדום.

אין די צייטען פון הורקנוס I-ענס זוהן, אלכסנדר ינאי, איז שוין די ערא-בערונגס-פאליטיק אריבער די מאס, און איז געווען מעהר צוגעפאסט צו די פערזענליכע נטיות פונ'ם מושל, ווי צו די אינטערעסען פון פאלק. צו יענער צייט איז דער טיטעל „נשיא" שוין פערביטען געווארען דורכ'ן טיטעל „קעניג". די גייסטליכע ווערדע איז מעהר ניט ווי א צוגאב צו דער קעניגליכער: דער מושל איז אפט מעהר א קעניג, איידער א כהן-גדול. מלכות-יהודה איז אין פלוג געגאנגען אונ'ם וועג פון אנדערע מלוכות. ס'האט געהאלטען דערביי, אז זי זאל ווערען א געוועהנליכע רעפובליק אדער קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע, וואס נעמט אנ'אנטייל אין פאליטישען הארמידער פון די מלוכות אין פאדער-אזיען, וואס זייער גאנצע געשיכטע איז בעשטאנען דערין, וואס זיי פלעגען אונטערטעניג מאכען שוואכערע פאליטישע ארגאניזמען און פלעגען אליין איינגע-שלונגען ווערען דורך שטארקערע.

נאר אין דעם דאזיגען איבערגאנגס-מאמענט טרעט ארויס אפען די קראפט פון דער פריהערדיגער גייסטיג-נאציאנאלער עוואלוציע פונ'ם אידישען פאלק — און קעגען דער נייער ריכטונג ווערט אויפגעשטעלט א שטארקער אפהאלט. בשעת מיר ווארפען א בליק צוריק, זעהען מיר, אז אין משך פון פיער יאהרהונדערטען האט דאס אידישע פאלק זיך צוגעפאסט צו א טעאקראטישער ארדנונג אינ'ם געזעלשאפטליכען לעבען. די דאזיגע צופאסונג האט געבראכט צו זעהר גוטע רעזולטאטען פאר דער צייט פון דער פערסישער ממשלה, בשעת דורך די בע-מיהונגען פון עזרא, נחמיה און די סופרים איז די אבסאלוטע טעאקראטיע אין מלכות-יהודה בעפעסטיגט געווארען אויף די יסודות פון א שטרענגער רעלי-גיעזער דיסציפלין און נאציאנאלער אפגעזונדערטקייט. אין אנ'אפגעשלאסענער מדינה, וואס איז געווען ראשה ורובה אריינגעטאן אין איהר אינעווייניגסטען לעבען און מיטען דער שטילקייט פונ'ם שלעפעריגען פערסישען קעניגרייך, — האט גארנישט ניט געקאנט שטערען די דאזיגע איינגעשטעלטע ארדנונג.

ערשט אין דער צייט פון דער גריכישער ממשלה, בעזונדערס פאר דער צייט פון די סעלייקידען, ווערט דער בנין פון דער אידישער טעאקראטיע בע-שעדיגט. עס רייסט זיך אריין אינ'ם געשלאסענעם געביי דער פרייער ווינט פון דער גריכישער קולטור, וואס בלאזט פון אלכסנדריא, אנטיוכיא, פון די גרי-

ישע קאָלאָניעס, וואָס זענען אַריינגעדריקט געוואָרן אויף דער טעריטאָריע פֿון פּאַלעסטינע גופֿא. אין דער אייגענאַרטיגער גייסטליכער רעפּובליק דרינגען אַריין עלעמענטן פֿון וועלטליכן מלוכה-לעבן. די אָפֿיציעלע פֿאָרשטעהער פֿון דער אידישער טעאָקראַטיע, די כהנים-גדולים, גיבן זיך אונטער צום מיינסט די דאָזיגע נייע שטרעמונגען. פֿאַר דער צייט פֿון די סעלעוקידן שטרעבן זיי צו שפּילן אַ ראָל פֿון וועלטליכע שרים און ווערן שטאַרק איינגענומען פֿאַר די גריכישע פּאַראַדקעס. דער העלעניזם פֿון יאַזאָן, מענעלאַיס און טילגוייז אַלקימוס, האָט זיך אויסגעדריקט דער עיקר דערין, וואָס זיי האָבן געשטרעבט צו פֿערוועלטליכונג (סעקולאַריזאַציע) פֿון דער אידישער גייסטליכער רעפּובליק. נאָר דערמיט, וואָס די אָנהענגער פֿון דער גריכישער קולטור האָבן גערופֿן צו הילף די סירישע רעגירונג, האָבן זיי באַגאַנגען אַ נאַציאָנאַלע בגידה: זיי האָבן געבראַכט דאָס פֿאָטערלאַנד צום שענדליכן רעזשים פֿון אַנטיאָכוס עפּיפֿאַנעס, צו דער איבערגעוואַלטיגער העלעניזירונג, צום ווילדעווען פֿון באַקכידעס.

דער נאַציאָנאַלער אויפֿשטאַנד מאַכט אַ סוף צום דעספּאָטיזם פֿון סיריען און גיט צוריק דער נאַציע איהר רעליגיאָנס-פֿרייהייט און איהר אינעווייניגסטע אויטאָנאָמיע. די רעליגיעזע אויסטוער פֿונ'ם אויפֿשטאַנד, די חסידים, זענען גרייט שוין אויסצוגלייכן די געוועהר און צופֿרידענצושטעלן זיך מיט'ן דערגרייכטן רעזולטאַט: דערמיט, וואָס זיי האָבן אָפּגעראַטעוועט די טעאָקראַטיע. זיי זענען אַפֿילו גרייט מסכים צו זיין, אַז אַלקימוס זאָל זיין כהן-גדול, איידער זיי האָבן נאָך געוואוסט זיינע אמת'ע נטיות. נאָר די אמת'ע אָנפֿיהרער פֿונ'ם אויפֿשטאַנד, די חשמונאים, ווילן זיך ניט באַגנוגענען דערמיט, וואָס די גייסטליכע אויטאָנאָמיע איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרן. זיי גיידען ווייטער און שטרעבן צו פּאָליטישער זעלבשטענדיגקייט. די אומבעזיגבאַרע קראַפֿט פֿון די געשעדע-נישען פֿיהרט דאָס פֿאָלק צום ווידער אויפֿשטעלן די מלוכה, מיט אַן אומאָפּהענגיגער פּאָליטישער אָרדנונג, מיט אַ נשיא, מיט אַ חיל, מיט מלחמות, מיט דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען. און אַזוי איז די נאַציע, וואָס איז שוין זינט לאַנג אָפּגעוואוינט געוואָרן פֿון אַ פֿולקומען פּאָליטישן לעבן, געשטאַנען פֿאַר דער פֿערפּלאָנטערטער אויפֿגאַבע — ווי אַזוי צו שאַפֿן אַ נייע מלוכה-אָרדנונג און צופּאַסן זי צום אַלטן קולטורעלן לעבנספֿיהר, וואָס איז געווען געגרינדעט אויף די יסודות פֿון דער טעאָקראַטיע.

דעמאָלט פֿלאַקערט זיך פֿונאַנדער דער גרויסער קולטור-קאַמפּף, וואָס איז איינער פֿון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע. מ'ווערט באַשלאָסן די פֿראַגע: וואָס דאַרף האָבן די איבערהאַנד אין דער אויפֿס-ניי געשלאָסענער אומאָפּהענגיגער מלוכה — צי דער פּאָליטישער אָדער דער רעליגיעזער עלעמענט? צי וועט מלכות-יהודה זיין דער עיקר אַ וועלטליכע אָדער אַ גייסטליכע רעפּובליק? די מיינונגען פֿון די פֿאָלקס-פֿיהרער האָבן זיך

צעטיילט: די צדוקים האָבען געענטפערט אויף דער פראַגע אויפ׳ן ערשטען אופן, די פרושים — אויפ׳ן צווייטען. דער קאַמפף פון די דאָזיגע צוויי פאַרטייען האָט אַרומגענומען אַלע זייטען פון לעבען, וואָרום אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן שטרייט וועגען טיפּ פון דער מלוכה האָט זיך געפינען דער שטרייט וועגען טיפּ פון דער קולטור, וועגען אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם, וועגען דעם, צי זאָל דאָס אידישע פאָלק נאָכמאַכען פרעמדע אָדער האַלטען זיך פאַר זיין אייגענאַרטיגען לעבענספיהר.

די רעגירער — די חשמונאים, האַלטען געוועהנליך מיט די צדוקים; זיי זענען מעהר פּאָליטיקער און קריגסלייט, איידער כהנים־גדולים; זיי און זייערע משפּחות האַלטען זיך ניט ווייט פון דער גריכישער קולטור, זיי האָבען אָפט גריכישע נעמען (אריסטובול, אלכסנדר, אנטיגונוס) און שטרעבען אָפען צו פערוועלטליכען די פערוואַלטונג. נאָך זיי ציהען די געלד־ און בעאַמטען־אַריסטאָקראַטיע, וואָס זינט לאַנג שוין האָט זי זיך געפינען אונטער׳ן איינפלוס פון דער העלעניסטישער ריכטונג. ס׳קומט פאַר אַ טיעפע צעשפּאַלטונג אין אַלע געביטען פון בירגערליכען און גייסטיגען לעבען, אַ צעשפּאַלטונג, וואָס גראָבט אונטער די יונגע מלוכה פון די חשמונאים, וואָס האָט נאָך ניט בעוויזען זיך איינצופעסטיגען. די טעאָקראַטיע, וואָס האָט פון פריהער געהאַט פעסט איינגעוואָרצעלט זיך ביים אידישען פאָלק, צעשטערט סוף כל סוף די וועלטליכע מלוכה, וואָס האָט נאָך קיין פעסטען מעמד ניט געהאַט, די רעליגיע זיגט איבער דער פּאָליטיק — און די אומאָבהענגיגע אידישע רעפּובליק דערנעהנטערט זיך צו איהר אונטערגאַנג.

צו דעם דאָזיגען רעזולטאַט האָט, א.ג.ב., מיטגעהאָלפען אויך דאָס, וואָס אין דער נייער דינאַסטיע איז די ממשלה ניט געווען איינגעשטעלט, ווי עס בעדאַרף צו זיין. דאָס, וואָס איין און די זעלבינע פּערזאָן איז געווען אי אַ נשיא (אָדער קעניג) אי אַ כהן־גדול — האָט אַרויסגערופען קעגען די חשמונאים ניט ווייניג אונצופרידענקייט, מחמת ס׳איז באמת שווער געווען צו אויספילען, ווי געהעריג, צוויי אַזעלכע פערשידענאַרטיגע התמנות׳ן (פונקציעס), ווי די התחייבות׳ן פון אַ רעגירער, וואָס בעדאַרף זיין אַ קריגסמאַן, און פון דעם העכסטען גייסטליכען פיהרער. פון דער אַנדער זייט האָט דער דאָזיגער פאַקט אַרויסגערופען מחלוקות אָהן אויפהער צווישען די מיטגלידער פון דער פאַמיליע חשמונאים גופא.

און אַזוי פאַלט די יונגע רעפּובליק, וואָס איז געוואָרען אָפּגעשוואַכט דורכ׳ן קאַמפף פון די פּאַרטייען און דורך דינאַסטישע מחלוקות, אין די הענט פונם גרויסען אַלוועלטליכען רויבער — דער רוימישער מלוכה. די ברידער חשמונאים, הורקנוס II און אריסטובול II, וואָס פיהרען קריג צווישען זיך, ווענדען זיך צום רוימישען הויפּטמאַן פּומפּייוס, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט איינגענומען פאָדער־אַזיען, ער זאָל איבערלייגען זייער שטרייט. פּומפּייוס

גלייכט אב דעם שטרייט גרינג און גיך: ער נעהמט דאס לאנד יהודה אונטער דער השגחה פון רוים, לאזט איבער הורקנוס'ן דעם בעשיידענעם טיטעל „כהן־גדול־עטנארך", און דעם אונרוהיגען אריסטובול'ן נעהמט ער מיט זיך אלס געפאנגענעם קיין רוים.

נאך אן 80־יאהריגער עקזיסטענץ פאלט די אומאבהענגיגע מלוכה פון די חשמונאים. מלכות־יהודה פאלט ווידער ארונטער אונטער'ן איינפלוס פון א פרעמדער מלוכה, און דערנאך — אונטער איהר איבערהערשאפט. דער היסטארישער גורל פירט ווידער דאס פאלק צו א טעאקראטישער ארדנונג, דורך פאליטישע איבערקעהרענישען און קריגס־שטורמען.

---

# ערשטער קאפיטעל.

## שמעון און יונתן הורקנוס. (140—104).

די בערוהיגונג פונ'ם לאנד יהודה. — די מלחמה מיט אנטיוכוס סידעטעס און שמעון'ס מארד. — יוחנן הורקנוס און דער סוף פון סירישען קריג. — די ערא־בערונגס־פאליטיק.

### די בערוהיגונג פונ'ם לאנד יהודה.

§ 54. מיט'ן נאמען פונ'ם ערשטען נשיא פון הויז חשמונאים, שמעון, איז אין זכרון פונ'ם אידישען פאלק פערבונדען די פארשטעלונג וועגען דער בערוהיגונג פונ'ם לאנד יהודה. נאך דרייסיג יאהר מהומות און מלחמות, וואס האבען מבטל געווען אין לאנד דאס נארמאלע בירגערליכע און עקאנאמישע לעבען, האט דעם פאלק געקאנט אויסדוכטען, אז אפילו די לפי־ערך'דיגע בערוהיגונג, וואס האט זיך איינגעשטעלט, איז שוין אויך א גליקליכער צושטאנד. דער קריגס־צושטאנד האט אויפגעהערט, און דאס פרייע פאלק אין בעפרייטען לאנד האט מדרגות'זוייז געקאנט זיך אומקעהרען צוריק צום פרידליכען לעבען פון ארבייטער. דער ערד־ארבייטער האט זיך אומגעקעהרט צו זיינע פעלדער און וויינגערטנער, דער סוחר — צו זיין האנדעל; אויף די וועגען, וואס פריהער זענען געגאנגען בלויז מיליטערישע אבטיילונגען, האבען זיך איצט בעוויזען פרידליכע האנדעלס־קאראוואנען, און אין די האפענס האבען זיך בעוויזען שיפען.

שמעון האָט בעקומען בעזונדערס אַ שם מחמת דעם, וואָס ער האָט פֿערברייטערט די טעריטאָריע פֿון מלכות-יהודה דורך דעם, וואָס ער האָט איינגענומען אַ שטרעקע ערד ביים ברעג ים מיט דער שטאָדט יפו, וואָס איז די נאָהענטסטע האַפֿענשטאָדט צו ירושלים. דאָס האָט פֿערבונדען מלכות-יהודה, וואָס איז פֿריער געווען אָבגעשיידט פֿונ'ם ים, מיט דער גאַנצער ציוויליזירטער און אינדוסטריעלער וועלט. פֿון דער אַנדער זייט, האָט שמעון פֿערפֿעסטיגט די מיליטערישע לאַגע פֿון דער הויפּט-שטאָדט דורכדעם, וואָס ער האָט איינגענומען די בעפֿעסטיגטע שטאָדט גזר, וואָס ליגט צווישען ירושלים און יפו, און די פֿעסטונג בית-צור נעבען דער דרומדיגער גרעניץ.

דער מחבר פֿונ'ם „ספר חשמונאים א'", וואָס האָט געלעבט אין די צייטען פֿון די שפּעטערדיגע מלכים פֿון בית-חשמונאי, בעשרייבט אויף פֿאָלגענדען פּאָעטישען אופֿן דעם צושטאַנד פֿון מלכות-יהודה פֿאַר דער צייט, וואָס שמעון איז געווען נשיא.

„ער האָט פֿערברייטערט פֿאַר'ן פֿאָלק די גרעניצען און האָט געוועלטיגט איבער'ן לאַנד. ער האָט געבראַכט צו פֿיהרען (אין פֿאָטערלאַנד) אַ סך געפֿאַנגענע (אידען) און איז געוואָרען דער מושל פֿון גזר, בית-צור און פֿון דער פֿעסטונג אַקרא (אין ירושלים). ער האָט דערווייטערט פֿון דאָרט (פֿון אַקרא) אַל'ן אומריינעס, און ס'איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל קאָנען בעשטעהן אַנטקעגען איהם. זיי (די אידען) האָבען געקאָנט בשלום בעאַרבייטען זייער ערד; די ערד האָט געגעבען איהרע פּירות, און די בוימער אין די טאָלען — זייער אויבס. די זקנים זענען געזעסען אויף די גאַסען און האָבען געשמועסט מכח דער טובה פֿון לאַנד; די יונגע לייט האָבען זיך אָנגעקליידט אין שיינע קליידער פֿון קריגסלייט. די שטעדט האָט ער (שמעון) פֿערזאָרגט מיט שפּייז און בעשיצט מיט געוועהר, אַזוי אַז זיין נאָמען האָט געקלונגען ביז די גרעניצען פֿון לאַנד. ער האָט איינגעשטעלט שלום אין לאַנד, און אַ גרויסע שמחה איז געווען אין ישראל. איטליכער איז געזעסען אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פֿייגענבוים, פֿון קיינעם ניט געשטערט. ס'איז קיינער ניט געווען, וואָס זאָל קענען זיי (די אידען) פֿיהרען קריג אין לאַנד, און די מלכים (די פֿרעמדע) זענען אין יענע טעג ערנידעריגט געוואָרען. שמעון האָט געהאָלפֿען אַלע אומגליקליכע צווישען זיין פֿאָלק. פֿיל איבערגעבענקייט צו דער תורה, האָט ער פֿערטיליגט אַלע פּושעים און רשעים. ער האָט מיט פּראַכט געצירט דעם בית-המקדש און פֿערמעהרט זיינע כלים".

דער דאָ געשילדערטער בילד פֿונ'ם פֿרידליכען לעבען אין מלכות-יהודה געהערט גיכער צו דער צייט פֿון שמעונ'ס נאָהענטסטע יורשים, איידער צו דער קורצער צייט, וואָס ער גופֿא איז געווען נשיא — דעמאָלט האָט ערשט דאָס לאַנד אָנגעהויבען צו קומען אַ ביסעל צו זיך נאָך די מהומות. אין דער פֿאָרשטעלונג פֿון די שפּעטערדיגע דורות האָט דער ערשטער מאָמענט פֿון דער

בעררהונג זיך צווייפגענאסען מיט איהר פארטזעצונג, וואס האט מדרגות־ווייז געבראכט הערצו, עס זאל זיך ווידער איינשטעלען א נארמאלע בירגערליכע און עקאנאמישע ארדנונג. די לפי־ערך רוהיגע בעהערשונג, וואס איז געווארען, האט זיך פארגעשטעלט אין דער פארם פון לחלוטינדיגער רוה און אונגעשטערטער אידילישער שטילקייט. אויף וויפיעל די ווירקליכקייט איז די ערשטע צייטען געווען ווייט פון דער דאזיגער פארשטעלונג, בעווייזען די ווייטערדיגע געשעהעניסען, וואס האבען געטראפען פאר דער צייט פון שמעון חשמונאי.

## די מלחמה מיט אנטיוכוס סידעטעס און שמעונ'ס טויט.

§ 55. כל־זמן אין סיריען האט נאך געדויערט דער בירגער־קריג צווישען קעניג דמיטריוס II און דעם קרוין־רויבער טריפאן (§ 51), האט מלכות־יהודה געקאנט האבען פולקומע רוה. דזות, ווי דמיטריוס האט בעדארפט מורא האבען פאר'ן אינעווייניגסטען פיינד, דעריבער האט ער געמוזט געבען זיין הסכמה דערצו, אז לא די וואס מלכות־יהודה זאל ווערען אונאבהענגיג, נאר אפילו אויך דערצו, אז זי זאל צונעהמען איינינע וויכטיגע פונקטען פון דער סירישער טע־ריטאריע, ווי, למשל, דעם האפען יפו און די פעסטונג גזר. באלד אבער איז דער דאזיגער שוואכער קעניג צייטווייליג אראב פון דער סצענע. ער האט זיך אריינגעדרעהט אין אנאונגעדליכען קריג מיט זיינע מזרח'דיגע שכנים, די פאר־טער, און זייער קעניג האט איהם גענומען געפאנגען. אין סיריען האט ווייטער געפיהרט דעם קאמפף קעגען טריפאנ'ען, שוין מיט מעהר ערפאלג, דמיטריוס'ס ברודער, אנטיוכוס VII סידעטעס. ער האט בעלעגערט טריפאנ'ען אין דער פע־ניצישער פעסטונג דארא (דאר), דערנאך אין אפאמעא. דארט האט מען דעם קרוין־רויבער געכאפט און געהרג'עט (138).

בשעת דער דאזיגער מלחמה איז שמעון געשטאנען אויפ'ן צד פון אנטיוכוס סידעטעס, וואס האט ביי איהם געבעטען הילף. דער אידישער נשיא האט עס גערן געטאן נאך מעהר דערפאר, וואס ער האט געוואלט נקמה נעהמען פאר'ן טויט פון זיין ברודער, וואס דער פאלשער טריפאן האט איהם געטויט בשעת דער מלחמה, וואס איז ניט לאנג פארגעקומען. בשעת דער בעלעגערונג פון דארא האט שמעון געשיקט אנטיוכוס'ן א הילפס־אבטיילונג, געלד און עסענ־ווארג. אבער נאכ'ן אבגעהאלטענעם נצחון, בשעת פאר דער דינאסטיע פון די סעלייקידען איז שוין מעהר קיין סכנה ניט געווען, האט אנטיוכוס ארויסגע־שטעלט זיינע תביעות אויף א טייל פון דער אידישער טעריטאריע. ער האט געפאדערט, אז שמעון זאל איהם צוריק אבגעבען די שטעדט יפו און גזר און די ירושלמ'ער פעסטונג אקרא, און נאך אנדערע גרעניץ־פונקטען, וואס שמעון האט פערנומען בשעת דער מלחמה; אויב שמעון וויל אבער ניט אב־געבען די דאזיגע טעריטאריע, טא זאל ער בעצאהלען סיריען די אונגעהויערע סומע פון טויזענד טאלענטען. שמעון האט ניט מסכים געווען אויף דער דאזיגער

פאָדערונג און האָט ערקלערט, אַז ער איז גרייט צו בעצאָהלען פאַר דער אָבּגענומענער טעריטאָריע נאָר הונדערט טאַלענטען.

דעמאָלט האָט אַנטיאָכוס בעשלאָסען אויסצופיהרען דאָס זייניגע איבער גע־וואַלד. ער האָט אַוועקגעשיקט קעגען שמעונען אַ חיל אונטער דער אָנפיהרונג פון זיין הויפטמאַן קענדעבאיוס. דער לעצטער האָט אויפגעשלאָגען זיין לאַגער ניט ווייט פון יפו, אין יבנה (יאַמניאַ), און פון דאָרט פלעגט ער אָנפאַלען אויף די אינעווייניגסטע געביטען פון מלכות־יהודה. שמעון איז שוין געווען זעהר אַלט און האָט ניט געקאָנט פערזענליך אַרויסטרעטען קעגען שונא; דעריבער האָט ער איבערגעגעבען די פערטיידיגונג פון לאַנד זיינע צוויי זיהן — יוחנן און יהודה. די ברידער האָבען גלענצענד אויסגעפיהרט זייער שליחות. זיי האָבען געגעבען קענדעבאיוס'ן אַן ענטשיידענע שלאַכט און האָבען אינגאַנצען צעשלאָגען די סיריער. יוחנן האָט נאָכגעיאָגט דעם שונא ביז אשדוד און איז צוריקגעקומען אַלס זיגער קיין ירושלים.

נאָך דער מעשה האָט אַנטיאָכוס געלאָזען די אידען צו רוה. דער אַלטער שמעון חשמונאי וואָלט געקאָנט פערברענגען בשלום די לעצטע טעג פון זיין לעבען, וואָס אַ העלפט פון איהם איז געווען פערנומען מיט דער גרויסער נאַציאָנאַלער מלחמה; נאָר אויך דעם לעצטען פון די ברידער חשמונאים איז ניט בעשערט געווען ניט רוהיג צו לעבען, און ניט רוהיג צו שטאַרבען. שמעון האָט געהאַט אַן איידעם, זיין טאָכטער'ס מאַן, מיט'ן נאָמען תלמי בן חבוב, וואָס איז געווען דער פערוואַלטער פון דער געגענד אַרום יריחו. דער דאָזיגער קריגס־הויפטמאַן איז געווען אַ גרויסער רודף־כבוד און האָט בעשלאָסען אַריינצוכאַפּען די ממשלה איבער מלכות־יהודה, פערלאָזענדיג זיך אויף זיין מיליטערישער אָבּטיילונג און אויף הילף מצד אַנטיאָכוס סידעטעס.

בכדי צו דערגרייכען זיין ציעל, האָט תלמי אָנגעווענדט דעם געוועהנליכען מזרחדיגען מיטעל, וואָס פלעגט אָפט געבּרויכט ווערען אין די אַזיאַטישע הויפען. ווינטער־צייט (אין חודש שבט) אין יאָהר 135 האָט שמעון געמאַכט אַ נסיעה איבער'ן לאַנד צוליעב מלוכה־צוועקען און איז אָנגעקומען אין דער פעסטונג דאָק (דגון), ניט ווייט פון יריחו, בכדי צו זעהן זיך מיט תלמי; מיט איהם זענען געווען אויך זיין פרוי און זיינע צוויי זיהן, מתתיהו און יהודה. תלמי האָט געמאַכט לכבוד דעם נשיא אַ פייערליכען מאָלצייט און האָט געגעבען זיינע געסט צו טרינקען אַ סך וויין. און אַז ער האָט בעמערקט, אַז זיינע געסט זענען שוין אַ ביסעל אָנגעטרונקען, האָט ער געהייסען זיינע זעלנער הרגענען שמעונען, זיינע ביידע זיהן און עטליכע מענשען פון זייער סוויטע, און זיין שוועסטער, שמעונס פרוי, האָט ער געלאָזען ביי זיך אין געפענגנישאַפט. דערנאָך האָט ער געשיקט רוצחים קיין גזר, וואו סיהאָט זיך דעמאָלט געפונען אַלס פערוואַלטער שמעונס דריטער זוהן, יוחנן, און האָט געהייסען טויטען איהם אין דער שטיל, בכדי פטור צו ווערען פונ'ם לעצטען געזעצליכען יורש פונ'ם

נשיא. די איבעריגע אידישע הויפט־לייט האט תלמי צוגעזאגט כל־טוב, אויב זיי וועלן אריבער אויף זיין צד.

דער דאזיגער נידערטרעכטיגער מענש איז שוין געווען גרייט אריינצודרינגען אין ירושלים און צו פארכאפן די שטאדט און דעם הר־הבית. נאר אין דער וועלכיגער צייט האט אנ'אנטלאפענער פון דאק געבראכט צו יוחנן די שרעקליכע בשורה, אז זיין פאטער און זיינע ברידער זענען דערהרג'עט געווארן, און האט אים געגעבן אנ'עצה, ער זאל זיך היטן פאר די געדונגענע רוצחים וואס תלמי האט געשיקט. אז די לעצטע זענען אנגעקומען קיין גזר, האט יוחנן שוין געוואוסט וועגן דעם און האט געהייסן זיי כאפן און טויטן. נאך אלץ האט ער ניט געשפירט זיך זיכער דא און איז באלד אוועק קיין ירושלים, וואו דאס פאלק האט אים באגעגנט פריינדליך. אין בשעת תלמי מיט זיין חיל האט זיך דערנענטערט צו ירושלים, האט ער שוין ניט געקאנט אריינדרינגען אהין און איז געווען געצוואונגען זיך אומצוקערן צוריק אין זיין יריחו'ער פעסטונג דאק אדער דגון.

אהין איז אוועק יוחנן בראש פון א חיל, כדי צו באשטראפן דעם מערדער פון זיין פאטער און פון זיינע ברידער. דעם יונגען העלד איז ניט שווער געווען איינצונעמען די דאזיגע פעסטונג; נאר איטליכס מאל — דערצעהלט די מסורה — בשעת ער פלעגט צוטרעטן צום שטורם, פלעגט תלמי ארויספירן אויפ'ן פעסטונגס־מויער זיין געפאנגענע שוויגער, יוחנן'ס מוטער, און פלעגט סטראשען אראפצו־ווארפן זי פון מויער, אויב דער זוהן וועט ניט אפטרעטן. די דאזיגע טראגישע לאגע האט לחלוטין פאראליזירט יוחנן'ס קרעפטן, און ער איז א לאנגע צייט געשטאנען ארום דער פעסטונג און האט גארנישט ניט געקאנט טון. דערווייל איז אנגעקומען א שמיטה־יאהר, און ס'איז שווער געווען צו פירן ווייטער דעם קריג, מחמת מען האט ניט געהאט גענוג אנגעפירט עסענווארג. ס'איז אויך מעגליך, אז שוין דעמאלט האבן זיך באוויזן קלאנגען, אז די סירער זענען גרייט ווידער אריינצודרינגען אין לאנד יהודה. יוחנן איז געווען געצוואונגען אראפצונעמען די בעלעגערונג פון דאק און אומצוקערן זיך צוריק קיין ירושלים. נאכדעם, ווי ער איז אוועק, האט תלמי פארט געטויט יוחנן'ס מוטער, און דערנאך איז ער אנטלאפן אין עבר־הירדן און האט זיך באהאלטן דארט ביי א קליינעם סירישן פירשט אדער „טיראן" זענאן קאטילא אין פילאדעלפיא, דער געוועזענער הויפט־שטאדט פון די בני־עמון (רבת־עמון).

שמעון'ס ארון האט מען אריבערגעפירט אין זיין געבארענשטאדט און מען האט אים דארט מקבר געווען אין פאמיליען־סקלעפ פון די חשמונאים. איבער דעם דאזיגן סקלעפ האט מען אויסגעבויט, נאך בשעת שמעון האט געלעבט, א הויכן בנין (מאוזאליי), וואס מען האט אים געקאנט זעהן פון ים־זייט און וואס האט געדיענט די ים־רייזענדע פאר א לייכטטורם.

## יוחנן הורקנוס און דער סוף פֿון סירישען קריג.

§ 56. אין אַ שװערער צײַט האָט איבערגענומען די פֿערװאַלטונג איבער מלכות־יהודה דער נײַער נשיא־כהן־גדול יוחנן, װאָס איז מעהר בעװאוסט אונטער'ן צוטיילענאָמען נאָמען יוחנן־הורקנוס (135—104). ער איז קוים ניצול געװאָרען פֿון דער סכנה מצד דעם פֿאַלשען פּרעטענדענט תלמי, איז אידם שוין איבערגעקומען צו האָבען אַ צוזאַמענשטויס מיט אנטיוכוס סידעטעס. נאָכדעם, װי קענדעבאַיוס האָט בעקומען די מפּלה, האָט דער סירישער קעניג נאָך אַלײן ניט אָפּגעלאָזט זיך פֿון זײַנע תּביעות אויף יפו און אויף דער גרעניץ־טעריטאָריע, װאָס די אידען האָבען אָפּגענומען; ער האָט מעהר ניט אָפּגעלעגט די מלחמה אויף שפּעטער און האָט זי װײַטער אָנגעהויבען, באַלד װי אין מלכות־יהודה איז געװאָרען אַ נײַער נשיא. דאָס מאָל איז אנטיוכוס אַלײן, בראש פֿון אַ גרױסען חיל אַרײַנגעדרונגען אין לאַנד יהודה, האָט חרוב געמאַכט אונטערװעגס אַ רײַהע שטעדט און האָט בעלעגערט ירושלים (בערך אין יאָהר 134).

די הױפּט־שטאָדט איז געװען אַרומגערינגעלט מיט אַװעלכע הויכע און שטאַרקע מויערן, אַז אנטיוכוס האָט געמוזט זיך אָפּזאָגען פֿון אײַנצונעהמען זי דורך אַ שטורם, ער האָט מעהר ניט פֿערציהען אויף לאַנג די בעלעגערונג, בכדי עס זאָל װערען אין שטאָדט אַ דוחק אין עסענװאַרג. אײנצעלנע גרופּעס אידען פֿלעגען אָפטמאָלס מאַכען אַרויספֿאַלען פֿון שטאָדט, פֿלעגען אָנפֿאַלען אויף די פֿײַנד און אָנטאָן זײ אַנאונבעדײַטענדען שאָדען. אַז עס האָט אָבער אָנגעהויבען אויסלאָזען זיך די שפּײַז אין ירושלים, װאָס איז געװען איבערפֿילט מיט אײַנװאָהנער, איז יוחנן הורקנוס געצװאונגען געװען אַרויסצושיקען פֿון שטאָדט אַ טײל אײַנװאָהנער, װאָס האָבען ניט געקאָנט נעהמען קײן אָנטײל אין דער פֿערטײדיגונג, בכדי צו פֿערהיטען פֿון הונגער־טויט די פֿערטײדיגער. נאָר אנטיוכוס האָט פֿערשטעלט די אַרויסגעשיקטע דעם װעג און האָט זײ ניט דורכגעלאָזען אין אַנדערע שטעדט. אַזױ האָבען די אונגליקליכע אַרומגעװאָגעלט אַרום די שטאָדט־מויערן, ביז ס'איז אָנגעקומען סוכּות, דעמאָלט האָבען די בעלעגערטע זײ אַרײַנגעלאָזען אין שטאָדט. ערב דעם דאָזיגען גרויסען יום־טוב, האָט הורקנוס געבעטען אנטיוכוס'ן, ער זאָל אָפּשטעלען די מלחמה אויף זיבען טעג. צום אַלגעמײנעם ערשטױנען האָט דער סירישער קעניג ניט בלויז ערפֿילט די דאָזיגע בקשה, נאָר ער האָט נאָך געשיקט קרבּנות פֿאַר'ן בית־המקדש, אַלס אַ סימן פֿון זײַן פֿערעהרונג צו דער אידישער עבודה.

מחמת דעם איז דער אידישער נשיא געקומען צו דער מסקנא, אַז אנטיוכוס איז נוטה צו מאַכען שלום, און ער האָט אָנגעהויבען צו פֿיהרען פֿערהאַנדלונגען װעגען דעם. סוף־כּל־סוף איז צװישען די בײדע שטרײַטענדע צדדים געשלאָסען געװאָרען אַ־אָפּמאַך אויף פֿאָלגענדע תּנאים: די ירושלמים מוזען אַרויסגעבען אנטיוכוס'ן זײער געװעהר, בעצאָהלען פֿינף הונדערט טאַלענטען און געבען ערבות;

פאר יפו און די אנדערע שטעדט, וואס די אידען האבען צוגענומען, מוזען זיי צאהלען סיריען א בעשטימטען צינז. די ירושלמים האבען זיך מעהר ניט אבגעזאגט צו ערפילען די פאדערונג, וואס אנטיוכוס האט ארויסגעשטעלט — אריינצולאזען אין דער הויפט-שטאדט א סירישען גארניזאן, דערפאר אבער האבען זיי געמוזט מסכים זיין אויף אנאנדער פאדערונג — איינצורייסען די שטאדטישע בעפעסטיגונגען.

בשעת דער אידישער נשיא האט מסכים געווען אויף די דאזיגע גאנץ שווערע תנאים, האט ער, אפנים, געהאט א יסוד צו האפען, אז אין גיכען וועט זיך דער מצב פערבעסערן, און אז דער אונגינסטיגער אבמאך וועט ניט האבען קיין שלעכטע רעזולטאטען. און אזוי איז טאקע געשעהן. אין א קורצער צייט ארום איז אנטיוכוס סידעטעס אוועק אין מלחמה קעגען די פארטער, און די דאזיגע מלחמה האט זיך אויסגעלאזען זעהר טרויעריג פאר אידם: זיין חיל האט בעקומען א מפלה, און ער אליין האט זיך אראבגעווארפען פון א פעלז, כדי ניט אריינצופאלען אין געפאנגענשאפט (129). די דאזיגע אונגליקליכע מלחמה, וואס האט איבערגעגעבען אין די הענד פון די פארטער די סעליקידישע פראווינצען אויף יענער זייט פון טייך פרת, האט געגעבען א נייעם קלאפ דער ממשלה פון סיריען. דעם דמיטריוס II, וואס האט זיך געהאט געפונען אין געפאנגענשאפט ביי די פארטער, איז בעפרייט געווארען און איז ווידער געווארען קעניג פון סיריען. נאר ווי ער איז נאר צוריקגעקומען, האבען זיך ווידער אנגעהויבען דינאסטישע מהומות, וואס האבען ניט אויפגעהערט, ביז וואנען די מלוכה פון די סעליקידען איז איננאנצען צעפאלען פאר דער צייט פון זיינע יורשים.

די דאזיגע שווערע לאגע פון סיריען האט יוחנן הורקנוס אומגעזאמט אויסגענוצט, כדי במלא צו מאכען די אלע רעזולטאטען פונ'ם אבמאך מיט אנטיוכוס סידעטעס, וואס זענען געווען ניט-גינסטיג פאר מלכות-יהודה. באלד נאך אנטיוכוס'ס טויט, האט ער איבערגעריסען אלע בעציהונגען מיט סיריען און האט פאקטיש ווידער איינגעפיהרט די פאלקאמענע זעלבשטענדיגקייט פון מלכות-יהודה. אין יענער צייט איז אפשר אויך ווידער בענייט געווארען דער פריינדשאפטליכער בונד צווישען מלכות-יהודה און רוים. שלוחים פון אידישען נשיא זענען געקומען פארן רוימישען סענאט, וועלכער האט אויפגענומען פריינדליך די דעפוטאטען, און אין זיין ענטפער האט ער שריפטליך בעשטעטיגט, אז די אידען האבען רעכט צו געוועלטיגען איבער יפו און איבער דער גאנצער טעריטאריע נעבען גרעניץ, אויף וועלכער די סיריער האבען ארויסגעשטעלט תביעות. אויף אזא אפן האט די פאקטישע אונאבהענגיגקייט פון לאנד יהודה, און די גרעניצען פון זיין פערברייטערטער טעריטאריע, בעקומען אויך אן אינטערנאציאנאלע בעשטעטיגונג.

### די ערָאבערונגס-פּאָליטיק.

§ 57. אין מלוכה-לעבען איז עס זעהר שווער צו מאַכען אַ גרעניץ צווישען פֿערטהיידיגונגס- און ערָאבערונגס-פּאָליטיק. דער איבערגאַנג פֿון דער ערשטער צו דער צווייטער קומט אָפֿטמאָלס פֿאַר אַזוי, אַז מען קאָן עס גאָרניט בעמערקען. מען נעהמט איין נייע טעריטאָריעס לכתחלה צוליעב דעם, כדי צו בעשיצען די אַלטע, און דערנאָך פֿיהרט מען אַלײן ווייטער די אייגענע פּאָליטיק, הגם זי איז גאָר ניט אַזוי נויטווענדיג, און אָפֿטמאָלס איז זי אַפֿילו שעדליך פֿאַר די גייסטיגע אינטערעסען פֿון פֿאָלק.

אַזאַ איבערגאַנג האָט זיך אָנגעהויבען אין דער צייט, ווען יוחנן הורקנוס איז געווען נשיא. אידום איז אויסגעקומען אויסצוהאַלטען אַ שווערען קאַמפּף צוליעב יפֿו'ער האַפֿען און צוליעב עטליכע גרעניץ-ערטער, וואָס די אידען האָבען צוגענומען, ווייל דאָס איז געווען באמת פּאָליטיש נויטווענדיג. נאָר קוים האָט זיך דער דאָזיגער קאַמפּף געענדיגט, און די פּאָליטישע לאַגע פֿון מלכות-יהודה איז בעפֿעסטיגט געוואָרען, האָט הורקנוס זיך געשטעלט נייע פּלאַנען צו פֿערברייטערן די אידישע טעריטאָריע. צוליעב דעם צוועק האָט ער איינגעפֿיהרט אַ מין רעגולערע אַרמעע, וואָס איז בעשטאַנען פֿון געדונגענע זעלנער. די מיטלען אויף צו דינגען די זעלנער האָט ער גענומען, ווי מען האָט געשמועסט צווישען עולם, פֿון אַן אוצר, וואָס מען האָט געפֿינען אין דוד המלכ'ס קבר, — מסתמא, פֿון אַ בעזונדערן מיליטערישען פֿאָנד, וואָס די פֿריהערדיגע נשיאים האָבען צונויפֿגעקליבען.

עטליכע פֿון די מלחמות, וואָס הורקנוס האָט געפֿיהרט, זענען אַרויסגערופֿען געוואָרען, ווי עס ווייזט אויס, מחמת דעם, וואָס ער האָט געוואָלט בעזיכערן די גרעניצען פֿון לאַנד יהודה דורך איינשטילען אָדער איינגעהמען די פֿיינדליכע שבטים, וואָס האָבען געוואוינט ניט ווייט פֿון די גרעניצען. קודם כל האָט הורקנוס זיך געווענדעט קיין מזרח-זייט, אין עבר-הירדן, און דאָרט האָט ער איינגענומען די געוועזענע מאָאבּישע שטאָדט מדבא, וואָס האָט זיך אידם אונטערגעגעבען נאָך אַ בעלעגערונג פֿון זעקס חדשים.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט קעגען די נעהנטערע און מעהר געפֿעהרליכע שכנים — די שומרונים אָדער כותים. דאָס דאָזיגע פֿאָלק, וואָס איז געווען פֿון לאַנג אָן פֿיינדליך געזינען צו די אידען, האָט פֿערנומען דעם צענטער פֿון פּאַלעסטינע און האָט אָבגעטיילט די איינוואוינער פֿון יהודה פֿון די צפֿונדיגע אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין גליל. דער שומרונישער טעמפּעל אויפֿן באַרג גריזים, ביי שכם, איז געווען ווי אַ געגנער צום בית-המקדש אין ירושלים. די שכנות פֿון די שומרונים איז געווען אַ מניעה דערצו, אַז די אידישע גרעניץ-לענדער זאָלען זיך אינגאַנצען צונויפֿגיסען פּאָליטיש און רעליגיעז מיט'ן צענטער. די דאָזיגע פּאָליטישע טעמים און פּאַטריאָטישע געפֿיהלען האָבען געקאָנט בעַ-

וועגען הורקאנוס׳ן צו אונטערנעמען זיין פערטיליגונגס-קריג קעגען די שומרונים (בערך אין יאָהר 120). ער האָט איינגענומען זייער הויפּט-שטאָדט שכם און דאָרט אינגאַנצען צעשטערט דעם טעמפּעל אויף באַרג גריזים, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען מיט 300 יאָהר צוריק, אין דער צייט פון עזרא און נחמיה. די צעשטערונג פון׳ם שומרונישען רעליגיעזען צענטער האָט זיך גערעכענט פאַר אַזאַ וויכטיגע געשעהעניש, אַז זי איז פעראייביגט געוואָרען ביים אידישען פאָלק דורכדעם, וואָס מען האָט איינגעשטעלט אַ יעהרליכען יום-טוב (יום-גריזים, 21 טעג אין כסלו). הורקנוס׳ נצחון האָט אויף שטענדיג אָבגעשוואַכט די פּאָליטישע בעדייטונג פון די שומרונים. ס׳איז געבליבען מעהר ניט אַ שוואַכער שבט, וואָס האָט זיך פעסט געהאַלטען פאַר די רעשטען פון זיינע רעליגיעזע טראַדיציעס, ס׳איז געבליבען אַ בלייכער שאָטען, וואָס האָט געוואַקעלט צווישען יהדות און היידענטום.

אַ מעהר ממשותדיגע פעולה האָט געהאַט פאַר די אידען די מלחמה מיט די אדומים. אדום איז ווי אַ שאַרפער ווינקעל אַריינגערוקט געווען אין דער דרומדיגער טעריטאָריע פון מלכות-יהודה און האָט דערגרייכט ביז צום געביט פון חברון, אין דרום-זייט פון ירושלים. אין קריגס-צייט איז די שכנות מיט די אונאָבהענגיגע אדומים געווען די גרעסטע סכנה פאַרין אידישען פאָלק, וואָרים דאָס דאָזיגע פעלקעל, וואָס איז געווען פיינדליך געשטימט בנוגע צו אידען, פלעגט דורכלאָזען דעם פיינדליכען מיליטער דורך זיין לאַנד, דורך וואַנען ס׳איז געווען דער קירצעסטער וועג צו דער הויפּט-שטאָדט פון לאַנד יהודה. מען האָט דעריבער בעדאַרפט איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעהמען דאָס לאַנד אדום און אַוועקשטעלען אַ שוץ פאַר דער מלוכה דאָרט, וואו ס׳איז געווען בעהאַלטען פאַר איהר אַ סכנה.

די דאָזיגע דרייסטע אונטערנעהמונג האָט פערווירקליכט יוחנן הורקנוס. ער האָט איינגענומען די בעפעסטיגטע שטעדט פון די אדומים, מאַרישא און אַדאָראַ (מרשה און אדורה), ניט ווייט פון חברון, און האָט אונטערטעניג געמאַכט די אדומים. נאָכדעם, ווי דער אידישער נשיא האָט ערקלערט זיך פאַרין מושל איבער דער איינגענומענער מדינה, האָט ער ערלויבט צו בלייבען וואוינען דאָרט נאָר יענע אָרטיגע איינוואוינער, וואָס וועלען מסכים זיין אָנצונעהמען די אידישע אמונה. די אדומים (אָדער אַ געוויסער טייל פון זיי) האָבען מסכים געווען אויף דעם דאָזיגען תנאי. זיי האָבען זיך מל געווען, אַלס אַ סימן, אַז זיי נעהמען אָן דעם אידישען גלויבען, און אין משך פון דער צייט האָבען זיי זיך אַסימילירט מיט די אידען, הגם ניט אינגאַנצען צונויפגעגאָסען זיך. די דאָזיגע פּאָליטישע און רעליגיעזע פעראייניגונג פון אַ גאַנצען פאָלק האָט געקאָנט בעפרידיגען דעם פאָלקס-שטאָלץ פון די אידען, נאָר אין איהר זענען אויך בעהאַלטען געווען די קערענדלעך פון׳ם צוקונפטיגען נאַציאָנאַלען חורבן.

דער נשיא פון בית־חשמונאי האט נאך ניט געקאנט פאראויסזעהן, אז זיין נצחון איבער די אדומים וועט ווען עס איז ברענגען צו שעדליכע רעזולטאטען פאר דער דינאסטיע פון די חשמונאים. אויב הורקנוס וואלט באמת טאקע געווען א נביא, א יודע עתידות, ווי עס שילדערט איהם די פאלקס־טראדיציע, וואלטען פאר איהם אין מיטען דעם גלאנץ פון דעם דאזיגען נצחון ענטפלעקט זיך די פינסטערע געשטאלטען פון אנטיפטר און הורדוס.

דערווייל האט די יונגע מלוכה פון די חשמונאים ארויסגעוויזען איהר קאכעדיגע ענערגיע, און האט קיין סך ניט געדאגה'ט וועגען דער צוקונפט. אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען האט יוחנן הורקנוס אנגעהויבען א מלחמה, אין וועלכער ער האט זיך אנגעשטויסען אויף אן ערנסטען ווידערשטאנד. מחמת גרעניץ־סכסוכים מיט דער גריכיש־סירישער בעפעלקערונג פון שומרון, האט דער אידישער נשיא געשיקט א חיל אויף אונטערטעניג מאכען די דאזיגע שטאדט, וואס האט זיך געפונען אונטערן שוץ פון די סירישע מלכים. בראש פון דער ארמעע, וואס האט בעלעגערט שומרון, האבען זיך געפונען הורקנוס'ס צוויי זיהן: אריסטובול און אנטיגונוס. די בעאונרוהיגטע שומרונים האבען זיך געווענדעט נאך הילף צום דעמאלטיגען סירישען קעניג אנטיוכוס IX קיזיקענוס, אנטיוכוס סידעטעס'ס א זוהן. דער לעצטער איז געקומען מיט א סירישען חיל, נאר די אידען האבען איהם צוריקגעשלאגען. אין א קורצער צייט ארום איז אנטיוכוס ווידער אריינגעדרונגען אין לאנד יהודה, בראש פון עגיפטישע הילפס־אבטיילונגען, און האט זיך גענומען פערוויסטען דאס לאנד. פונדעסטוועגען האט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו צווינגען די אידען, זיי זאלען אראבנעהמען די בעלעגערונג פון שומרון, און ער איז אבגעטראטען און האט איבערגעלאזען זיינע צוויי הויפטלייט קאלימאנדרוס און עפיקראטעס. מיט די לעצטע זענען די אידען באלד פארטיג געווארען. קאלימאנדרוס'ס חיל איז געשלאגען געווארען, און עפיקראטעס האט בוגד געווען דעם סירישען קעניג און האט פאר געלד איבערגעגעבען די אידען די שטאדט סקיטאפאליס (בית־שאן). די בעלעגערונג פון שומרון האט געדויערט א יאהר צייט, און לסוף האט די שטאדט זיך אונטערגעגעבען די אידען. די זיגער האבען צעשטערט שומרון ביזן גרונד (בערך אין יאהר 110).

א לעגענדע דערציילט, אז דעם טאג, ווען אריסטובול און אנטיגונוס האבען מנצח געווען אנטיוכוס קיזיקענוס, האט הורקנוס, אלס כהן־גדול, געבראכט א קרבן אין בית־המקדש, און מיט אמאל האט ער דערהערט א בת־קול, וואס האט איהם אנגעזאגט די בשורה, אז זיינע זיהן האבען אקאראט אבגעשלאגען א נצחון. דער טאג, וואס שומרון איז צעשטערט געווארען (25 טעג אין חשון), איז פערזעכענט געווארען פאר א נאציאנאלען יום־טוב (מגלת־תענית).

אויף אַזאַ אופֿן איז די טעריטאָריע פֿון מלכות־יהודה פֿאַר הורקנוס'ס צײַטען בעדײַטענד פֿערברײטערט געוואָרען. און איהר איז אַרײַן אַ בעדײַטענדער טײל פֿון די לענדער, וואָס האָבען געהערט צום אַלטען קעניגרײַך ישראל, מיט אַ קלײנעם פּאַס ערד נעבען ברעג פֿון ים און מיט די גרעניץ־געביטען אין דרום־ און אין מזרח־זײַט. מלכות־יהודה האָט זיך אַלץ מעהר דערנעהנטערט צום געוועהנליכען טיפּ פֿון אַ מיליטעריש־פּאָליטישער מלוכה. פֿונדעסטוועגען האָט איהר רעגירער, יוחנן הורקנוס, נאָך אַלץ ניט געטראָגען דעם טיטעל „קעניג", נאָר, פּונקט ווי זײַן פֿאָטער, האָט ער געהײסען נשיא און כהן־גדול. די כהונה־גדולה האָט זיך אַפֿנים גערעכענט פֿאַר'ן הויפּט־טיטעל, וואָרום גראָד דער דאָזיגער טיטעל איז אויסגעקריצט אויף די אידישע מטבעות, וואָס מען האָט געמאַכט אין די צײַטען פֿון יוחנן הורקנוס. אויף די דאָזיגע מטבעות איז געשטאַנען:

יהוחנן הכהן הגדול וחבר היהודים

אָדער:

יהוחנן הכהן הגדול וראש חבר היהודים.

אין דעם ערשטען נוסח האָט זיך אַרויסגעוויזען דער רעפּובליקאַנישער גײַסט פֿון די דעמאָלטיגע אידען: די מטבעות געהען אַרויס ניט בלויז אין נאָמען פֿונ'ם רעגירער — דעם כהן־גדול, נאָר אויך אין'ם נאָמען פֿון פֿאָלק אָדער געמײנדע — אין נאָמען פֿון דער קאָלעגיאַלער פֿאָלקס־פֿערטרעטונג (דאָס וואָרט חבר[1] — אויף די מטבעות קאָן בעטײַטען אָדער די גאַנצע געזעלשאַפֿט פֿון די אידען, אָדער גיכער — אַ בעשטימטע קאָלעגיע, חבורה פֿון פֿאָרשטעהער, אַ מין סענאַט אָדער ראַט פֿון עלטסטע). דער צווײטער נוסח שטעלט שוין אַרויס מעהר ניט די פּערזאָן פֿון יוחנן הורקנוס אַלס כהן־גדול און דעם אָנפֿיהרער (ראש) פֿון דער רעגירונג, דאָס הײסט אַלס נשיא.

בײַ די שפּעטערדיגע דורות איז פֿערבליבען אַ ליכטיגער אָנדענקען וועגען דער דרײַסיג־יאָהריגער פֿערוואַלטונג פֿון יוחנן הורקנוס, וואָס האָט פֿערגרעסערט די פּאָליטישע מאַכט פֿון מלכות־יהודה. דאָס איז, בלי־ספק, אַ גלענצענדע, הגם ווײַט ניט קײן רוהיגע עפּאָכע. אָנגעהויבען האָט זי זיך מיט אַ ריה אויסווײַניגסטע מלחמות און געענדיגט האָט זי זיך מיט'ן קולטור־קאַמפּף פֿון די פּאַרטײען, וואָס זענען געוועזען מחולק צווישען זיך וועגען טיפּ און דער בעשטימונג גופֿא פֿון דער ניט־לאַנג געשאַפֿענער אומאָבהענגיגער מלוכה.

---

[1] לייענען חעווער.

# צווייטער קאפיטעל.

## די אידישע פארטייען און די אינעווייניגסטע פערוואל ג'

די ענטשטעהונג פון די פארטייען. — די צדוקים. — די פרושים. — די אסרים. — דער העכסטער ראט (סנהדרין הגדולה). — הורקנוס I-ענס מחלוקת מיט די פרושים.

### די ענטשטעהונג פון די פארטייען.

§ 58. די אידישע נאציע איז איצט געשטאנען אויף שייד-וועג. דער נאטירליכער גאנג פון די היסטארישע געשעהענישען האט ארויסגעשטעלט פאר איהר די שאלה: צי זאל זי ווערען א געוועהנליכע פאליטישע נאציע, גלייך ווי אלע איבעריגע ארומיגע פעלקער, אדער זי זאל בלייבען דער עיקר א גייסטליכע נאציע מיט א טעאקראטישער פערוואלטונגס-ארדנונג, נאר מעהר פערברייטערט, נאכדעם ווי די פרעמדהערשאפט איז אראבגעווארפען געווארען? צי זאלען די אידען, נאכדעם ווי זיי האבען בעקומען פאליטישע זעלבשטענדיג-קייט, זיך אבזאגען פון זייער פריהערדיגער פיעהונדערט-יאהריגער גייסטיגער עוואלוציע און בילדען א געוועהנליכע מלוכה, וואס נעהמט א טעטיגען אנטייל אינ'ם הארמידער פונ'ם אינטערנאציאנאלען פאליטישען לעבען, וואס פיהרט קריג, שליסט בונדען, שטרעבט צו פערגרעסערן איהר טעריטאריע און איהר ווירקונגס-קרייז, — מיט איין ווארט, וואס טוט זיך ארײן ראשו ורובו אינ'ם קאמפף צווי-שען די פעלקער פאר דער עקזיסטענץ? אדער זיי דארפען בילדען אנ'אייגענארטיגע נאציאנאלע ארגאניזאציע, א גייסטליכע מלוכה, א ממלכת-כהנים און בעדארפען אויסנוצען די אינאבהענגיגקייט, וואס זיי האבען דערגרייכט מעהר ניט צוליעב דעם, בכדי צו פערבעסערן זייער אינעווייניגסטען לעבען און ניט בכדי צו קאנ-קורירען מיט די שכנים אויף געביט פון דער אויסווייניגסטער פאליטיק; זיי בעדארפען מיט אלע קרעפטען אבהיטען יענעם אריגינעלען גייסטיגען טיפ פון געזעלשאפטס-לעבען, וואס איז נאך גאר ניט לאנג געווען דער סימן מובהק פונ'ם „אויסדערוועהלטען פאלק“

די פראגע איז געווען א ברענענדיגע, און מען האט אונגעזאמט בעדארפט געבען אויף איהר אנ'ענטפער. די ערשטע נשיאים פון בית-חשמונאי האבען גע-פיהרט דאס לאנד יהודה אויף וועג פון אויסווייניגסטער פערשטארקונג און פון מיליטערישע עראבערונגען. צו זיי זענען צוגעשטאנען די אידישע אריסטאקראטיע, די כהנים און בעאמטע, און דער גאנצער וועלטליך-דענקענדער טייל פון דער

געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אָנגענומען אַ סך העלעניסטישע אָנשויאונגען וועגן מלוכה- און געזעלשאַפֿטס-לעבן. נאָר קעגן דעם, אַז מלכות-יהודה זאָל ווערן אַ געוויינלעכע מיליטעריש-פּאָליטישע מלוכה, איז אויפֿגעשטאַנען יענער דעמאָקראַטישער און רעליגיעז-געזינטער טייל פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט די טראַדיציעס פֿון די סופֿרים און די חסידים וועגן דעם, אַז די אידישע סאָציאַלע אָרדענונג איז אַנ'אייגנאַרטיקע, אַז אין געזעלשאַפֿטס-לעבן באַדאַרף הערשן דער רעליגיעז-מאָראַלישער יסוד, אַז די אידישע נאַציע באַדאַרף פֿאַרנעמען אַן אויסשליסלעכן, אָפּגעזונדערטן אָרט צווישן די איבעריקע נאַציעס. צו דער דאָזיקער ריכטונג זענען צוגעשטאַנען די געלעהרטע און די פֿאָלקס-מאַסע, וואָס ביי איר האָט זיך צונויפֿגעגאָסן דער רעליגיעזער געפֿיל מיטן נאַציאָנאַלן.

אין דער צייט, וואָס יוחנן הורקנוס I האָט רעגירט, האָבן די דאָזיקע הויפּטלעכע חילוקי-דעות בנוגע צו דער פֿראַגע וועגן דער אויפֿגאַבע פֿון דער מלוכה געבראַכט דערצו, אַז עס האָבן זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען: צ ד ו ק י ם און פּ ר ו ש י ם.

די ערשטע פּאַרטיי האָט באַקומען איר נאָמען מסתמא נאָך די בני-צדוק, וואָס האָבן זי אָנגעפֿירט — דאָס זענען געווען די כהנים, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פֿון דער אַלטער צדוקים דינאַסטיע, וואָס האָט אין דער לעצטער עפּאָכע פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט אַרויסגעשטעלט כהנים-גדולים-העלע-ניסטן (יאַזאָן, אַלקימוס). הגם פֿון דער כהונה-גדולה זענען די בני-צדוק אָדער צדוקים אָפּגעשטופּט געוואָרן דורך דער נייער דינאַסטיע פֿון די חשמונאים, פֿונדעסטוועגן האָבן זיי פֿאַרנומען נאָך אַ באַדייטנדן פּלאַץ צווישן די כהנים אין בית-המקדש, צווישן דער באַאַמטן-, מיליטער- און געלט-אַריסטאָקראַטיע און האָבן געהאַט אַ באַדייטנדן איינפֿלוס אויפֿן גאַנג פֿון די מלוכה-ענינים. די צדוקים האָבן זיך באַמיט אָפּצוטיילן די מלוכה פֿון דער רעליגיע, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך געווען ביי אַ געזעצגעבונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער תורה, אַלס דער אידישער קאָנסטיטוציע, וואָס קאָן ניט אומגעביטן ווערן. זיי פֿלעגן אָפּהיטן מער ניט די אויסווייניקסטע פֿאָרמען, דעם אות פֿון דער קאָנסטיטוציע, נאָר פּראַקטיש האָבן זיי געפֿירט די מלוכה לויטן מוסטער פֿון אַלע מיליטעריש-פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פֿונעם העלעניזירטן אָריענט.

קעגן דער דאָזיקער ריכטונג האָבן ענערגיש געווירקט די פּ ר ו ש י ם, וואָס זייער ציל איז געווען: נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט און פּאָליטישע אָפּגעזונדערטקייט. דער נאָמען גופֿא פֿון דער פּאַרטיי באַטייט: אָ פּ ג ע ט י י ל ט ע, אָ פּ ג ע ז ו נ ד ע ר ט ע. דער לעצטער נאָמען האָט געקאָנט האָבן צווייערליי באַדייטונג: ער האָט באַטייט די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט פֿון די אידן פֿון אַנדערע פֿעלקער, און די רעליגיעזע ריינקייט, וואָס דאָס באַוואָרענען די פֿרומע

אידען זיך אָבצואָגען פון אַלץ, וואָס איז כנגד דער ריינקייט פון אמונה און נטע מדות אָדער כנגד די חוקים פון דער תורה שבכתב אָדער תורה שבעל פה[1]. די פרושים האָבען געשטרעבט אָבצוזונדערן מלכות-יהודה פון די אַרומיגע מלוכות און איינשטעלען דאָרט אַ גייסטליכע רעפובליק, וואו די געזעצען זאָלען זיך געפינען בהסכם מיט דער מאָראַל, דאָס לעבען — מיט די געטליכע חוקים, וואו העכער פון אַלץ זאָל געשאַצט ווערען גייסטיגע גבורה, זיטליכע מעלות, און ניט מיליטערישע אָדער פּאָליטישע ערפאָלגען. פון דער אומאָבהענגיגקייט, וואָס די חשמונאים האָבען ערוואָרבען, האָבען די פרושים געוואָלט האָבען נאָר איין טובה: זיי זאָלען קאָנען אונבעגרענעצט אויסנוצען די פרייהייט צו פערוואַלטען זייערע איינענע ענינים, זאָלען ניט דאַרפען אַנרירען די אינטערעסען פון דער הערשענדער מאַכט און בכלל ניט האָבען וואָס צו טון בנוגע צו דער אויסוויינסטער פּאָליטיק. די צדוקים, פערקעהרט, האָבען געוואָלט אויסנוצען די אומאָבהענגיגקייט פונקט צוליעב דעם היפך. זיי האָבען געוואָלט, אַז די אידען זאָלען פערנעהמען אַ געהעריגען אָרט צווישען אַלע איבעריגע פעלקער, זיי זאָלען נעהמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער וועלט-פּאָליטיק.

ס'איז געווען נאָך אַ גרופּע מענשען, וואָס האָבען ניט געהאַלטען ניט פונ'ם פּרינציפּ פון די צדוקים — אַז די מלוכה דאַרף אָבגעטיילט ווערען פון דער רעליגיע, ניט פונ'ם פּרינציפּ פון די פרושים — אַז די ערשטע מוז זיך אונטערגעבען דער לעצטער. מענשען מיט נטיות צו טיעפער רעליגיעזער התבוננות און מיסטיק האָבען איינגעפונען, אַז דער פּרינציפּ פון דער מלוכה פאַר זיך גענומען איז וויכטיג און נישטיג; אַז אינגאַנצען שטעלען איהם נידעריגער פאַר'ן רעליגיעזען פּרינציפּ איז ניט מעגליך, סיידען מען זאָל מאַכען אַזעלכע פּשרות, פון וועלכע דער לעצטער וועט ליידען; אַז אמת'ע „לעבען אין גאָט“ איז מעגליך ניט אין אַ בירגערליכער, וועלטליכער געזעלשאַפט, נאָר אין אַ ריין-גייסטליכער חברה, וואָס שטעהט הויך טומעל פון סאָציאַלען און בירגערליכען לעבען. אַזוי איז ענטשטאַנען דער אָרדען פון די א ס י י ם. גענוי בעשטימען, פון וואַנען נעהמט זיך דער דאָזיגער נאָמען, איז ניט מעגליך. די מיטגלידער פונ'ם דאָזיגען אָרדען פלעגען זיך דערווייטערן פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט, פון דער שטאָדטישער קולטור און פלעגען לעבען אין בעזונדערע רעליגיעזע געמיינדעס, וואָס האָבען געהאַט זייערע ספּעציעל'ע תקנות.

---

[1]) דאָס העבּרעאישע וואָרט „פּרישות“ איז כמעט דאָס איינענע, וואָס דאָס גריכישע וואָרט „אַמיכיאַ“, וואָס ווערט ערקלערט ביי יוסיפוס פלאַוויוס (קדמוניות י״ג, 8, 8), אַלס דער פערבאָט על-פי דין פאַר אידען צו האָבען אַ שייכות אָדער „צונויפמישען זיך“ מיט אַנדערשגלויבינע. אויפ'ן לשון פון דער משנה בעטייט דער דאָזיגער וואָרט „אָבהאַלטען זיך פון עבירות“, פרומקייט און מאָראַלישע שטרענגקייט

אויף אזא אופן האבען זיך געבילדעט פון די סאציאל-גייסטיגע שטרעמונגען, וואס האבען פון לאנג-אן עקסיסטירט אין אידישען פאלק, דריי נייע ריכטונגען. דאס איז געווען א פועל-יוצא פון דער גרויסער איבערקערעניש, וואס די חשמונאים האבען געמאכט. צוויי פון די דאזיגע ריכטונגען (צדוקים און פרושים) זענען געווען מחולק צווישען זיך וועגען דעם, ווי אזוי בעסער איינצושטעלען די אידישע מלוכה און דאס אידישע געזעלשאפטליכע לעבען, און די לעצטע (אסיים) האבען אינגאנצען אפגעלייקענט די יסודות פון מלוכה און וועלטליכען געזעלשאפטס-לעבען. ענג פערבונדען מיט דער דאזיגער פערשיידענהייט פון די סאציאל-פאליטישע שטרעבונגען איז געווען דער אונטערשייד אין בעטראכטען אלע איבעריגע לעבענס-געביטען. צווישען די פארשטעהער פון פערשיידענע ריכטונגען איז געווען א פלוגתא ניט בלויז וועגען טיפ פון דער מלוכה און פון דער געזעלשאפט, נאר אויך וועגען טיפ פון דער **פערזענליכקייט**, וועגען אידעאל פון רעליגיעזען און קולטורעלען יחיד. דאס זענען געווען דריי **וועלט-אנשויאונגען**, וואס האבען ארומגענומען אלע ווינקעלעך פון פערזענליכען און געזעלשאפטליכען לעבען און וואס האבען בעוויזען, אז אין דער יהדות איז פארגעקומען א פראצעס פון טיפער דיפערענצירונג (פונאנדערשיידונג, התפרדות).

אויפ'ן סמך פון פערשיידענארטיגע ידיעות, וואס זענען פונאנדערגעווארפען אין אלטע מקורים[2]) און וואס זענען, ווי ווייט מעגליך, אויסגעפארשט קריטיש, קאן מען געבען פאלגענדע געטרייע כאראקטעריסטיקען פון איטליכער פון די אנגערופענע דריי פארטייען.

די צדוקים.

די צדוקים זענען געווען די דירעקטע יורשים פון יענע מעסיגע העלעניסטען, וואס האבען געוואלט נאך און דער צייט פון דער גריכישער ממשלה איינפיהרען, אז די וועלטליכע קולטור זאל בעקומען אין אידישען לעבען די איבערהאנד איבער דער גייסטליכער. די דאזיגע פארטיי איז בעשטאנען מרוב פון געבילדעטע כהנים, הויכע בעאמטע און קריגס-הויפטלייט, בכלל פון רייכע און מיוחסדיגע לייט, וואס האבען געהאט אפטע בעציהונגען מיט די גריכען.

---

[2]) יוסיפוס פלאוויוס, דער תלמוד און צום טייל פילון פון אלכסנדריא (ידידיה האלכסנדרוני). דער ערשטער שטעלט ארויס דער עיקר מאראל-פילאזאפישע אונטערשיידען אין די אנשויאונגען פון די דריי פארטייען און בעמיהט זיך צוצוגלייכען די דאזיגע אנשויאונגען צו די אידעען פון די גריכישע פילאזאפישע שולען. דער תלמוד בעצייכענט אויסשייניגסטע, על-פי-רוב קליינע אונטערשיידען בנוגע צו צערעמאניעס און בלויז צום טייל — בנוגע צו עיקרי-הדת (דאגמאטען). פילון שטעלט זיך אפ דער עיקר אויף די אסיים, אלס מיסטיקער. די כאראקטעריסטיקען פון די פרושים און צדוקים אין „ברית-החדשה" זענען שייך צו א שפעטערדיגער צייט, בשעת די פאליטישע בעציהונגען צווישען די פארטייען האבען זיך אפגעביטען.

דאָס איז געווען אַ געזעלשאַפֿטס־שיכט, וואָס איז געשטאַנען ווײַט פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע און וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער רעגירונג, אויף די אָפּ־ציעלע ספֿערען. הוית, ווי די צדוקים האָבען געוואָלט, אַז מלכות־יהודה זאָל זיך ענטוויקלען פּאָליטיש, פּונקט אַזוי ווי סיריען, עגיפּטען און אַלע אַנדערע מלוכות. דעריבער האָבען זיי געשטרעבט אָבצושוואַכען די שאַרפֿע נאַציאָנאַלע בעזונדערהייטען, וואָס האָבען אָבגעשיידט די אידען פֿון אַנדערע געבילדעטע פֿעלקער. אמת, זיי האָבען אָנערקענט די תורה, אַלס די קאָנסטיטוציע פֿון מלכות־יהודה, וואָס קאָן ניט אומגעביטען ווערען, נאָר זיי האָבען געקוקט אויף איהר מעהר ניט ווי אויף אַ היילינגער ירושה פֿון אַלטע צייטען, ווי אויף אַ צוואה פֿון די עלטערזיידעס, וואָס מען בעדאַרף עס טאַקע האַלטען טייער, נאָר פֿיהרען דאָס לעבען לויט איהרע געבאָטען איז ניט כדאי. לויט זייער מיינונג, בעדאַרף די מלוכה פֿאָרמאַל אָבהיטען די אומוויינינגסטע זייט פֿון דער דאָזיגער געשרי־בענער קאָנסטיטוציע, נאָר צו גלייכער צייט מוז זי זיך ענטוויקלען אַזוי, ווי דאָס פֿאָדערן דער גייסט פֿון דער צייט און די פּראַקטישע אינטערעסען. די אַלטע טראַדיציע און דאָס לעבען — דאָס זענען צוויי בעזונדערע זאַכען. די תורה איז אַ טייערער קאַפּיטאַל, וואָס מען מוז עס נאָר אָבהיטען, ווי אַ היילינגען אוצר, נאָר ניט פֿערמעהרען עס, ניט אָנווענדען עס אין דער פּראַקטיק.

דערפֿון איז געווען געדרונגען דאָס, וואָס די צדוקים האָבען ניט געהאַלטען פֿון די מסורות שבעל־פה און פֿון די פֿאָלקס־מנהגים, וואָס האָבען און משך פֿון יאָהרהונדערטען געבילדעט אַ הויכען „צאַם“ (גדר, סיג) אַרום דער תורה שבכתב. די צדוקים האָבען נאָר אָנערקענט די חוקים, וואָס משה האָט אויפֿגע־שריבען, און אַלע מסורות שבעל־פה אָבער, און אַלע שפּעטערדיגע פּירושים פֿון די געלעהרטע און איינגעשטעלטע פֿאָלקס־מנהגים, האָבען זיי געלייקענט. פֿאַר זיי איז די יהדות פֿערשטיינערט געוואָרען, האָט זיך אָבגעשטעלט אין איהר ענטוויקלונג אויף אַ בעשטימטען פּונקט, און מען דאַט גאָרניט בעדאַרפֿט האָבען די גאַנצע קייט פֿון פּירושים און מנהגים, וואָס האָבען בעדאַרפֿט דיענען אַלס הוספה צו איהר, בכדי צו פֿעראייניגען די מיט'ן לעבען און פֿערשטאַרקען די דורך אַזאַ צופּאַסונג. בנוגע צו דער תורה שבכתב זענען די צדוקים געווען ניט־געוועהנליך קאָנסערוואַטיוו, הגם און פּראַקטישען לעבען זענען זיי געווען וועלט־ליך־ליבעראַל; זיי פֿלעגען אָבהיטען אַלץ, וואָס שטעהט אין דער תורה, אות באות, דערפֿאַר אָבער אַזעלכע דינים און מנהגים, וואָס זענען אין דער תורה בפירוש ניט אָנגעוויזען, האָבען זיי גאָרניט אָנערקענט און האָבען געהאַלטען, אַז בנוגע צו אַזעלכע זאַכען מעגען זיי טון, ווי זיי ווילען.

בייַם אַויסטראָגען אַ פּסק־דין און אַ פּראָצעס, פֿלעגען די צדוקים זיין סדוב שטרענגער פֿאַר די פּרושים, וואָרום זיי פֿלעגען אָנווענדען אות באות אפֿילו פֿעראַלטערטע דינים פֿון דער תורה; די פּרושים, פֿערקעהרט, פֿלעגען דורך פּירושים גרינגער מאַכען די דינים און אַבעראַנדערשען זיי לויט די פֿערענדערטע השגות

פון פאָלק. אַזוי פלעגען די צדוקים אויסטייטשען דעם געזעץ „עין תחת עין, שן תחת שן“ (אויג פאַר אויג, צאָהן פאַר צאָהן) פשוטו כמשמעו אין דעם זין, אַז אַ פערברעכער, וואָס האָט עמיצען געשעדיגט אַנאבר, דאַרף אַליין פערמשפּט ווערען הרג'ן געריכט אויף שעדיגען איהם דעם זעלבינען אבר. די פּרושים, פערקעהרט, פלעגען אויסטייטשען דעם דאָזיגען געזעץ אין דעם זין, אַז דער שולדיגער בעדאַרף צאָהלען געלד־קנס (עין תחת עין — ממון). דערפאַר אָבער בנוגע צו די דינים וועגען טהרות (ריינקייט) זענען די פּרושים געוועהנליך געווען שטרענגער. די צדוקים פלעגען חוזק מאַכען פון זייערע געגנער, וואָס זיי גערהען אַוועק צו ווייט אין דעם פּרט. למשל, ווען זיי פלעגען זעהן, אַז יענע טובל'ען די כלים פון בית־המקדש, בכדי זיי מטהר צו זיין, פלעגען זיי מיט אַ געלעכטער זאָגען: „אין גיכען וועלען די פּרושים טובל'ען אפילו די זון“ (ראו פּרושים טובלים גלגל חמה)

צווישען די צוויי פּאַרטייען זענען אויך געווען חלוקי־דעות בנוגע צו דער רעליגיעזער פּראַקטיק, ווי, למשל, בנוגע צו דער צייט פון דעם זומערדיגען „שניט־יום־טוב“ (חג הקציר) אָדער שבועות. לויט'ן געגויעם טעקסט פון דער תורה האָט מען בעדאַרפט פייערן דעם דאָזיגען יום־טוב אין זיבען וואָכען אַרום זינט „דעם טאָג, וואָס נאָך (דעם פּסח'דיגען) שבת“ (ממחרת השבת, ויקרא קאַפּ. כ"ג, 15). די צדוקים האָבען גערעכענט אויף דעם כמך, אַז שבועות מוז מען שטענדיג פייערן אום זונטאָג, דאָס הייסט, אין זיבען וואָכען אַרום נאָך דעם פּסח'דיגען זונטאָג. די פּרושים אָבער האָבען געהאַלטען, אַז די זיבען וואָכען בעדאַרף מען רעכענען ניט דווקא פון שבת, נאָר פון צווייטען טאָג פּסח, בשעת מען פלעגט ברענגען אין בית־המקדש אַריין דעם ערשטען סנאָפּ תבואה טיעם „עומר“), אַלס אַ סימבאָל פונם אָנהויב פון דער שניט־צייט, — הייסט עס, אַז שבועות קומט אויס פופציג טעג נאָכ'ן „עומר“, און דאָס דאַרף בעטייטען, אַז די שניט־צייט האָט זיך געענדיגט. אין דעם האַרבסטיגען יום־טוב סכות פלעגען די פּרושים אָבהיטען דעם מנהג פון „ניסוך המים“ (גיסען וואַסער אויפ'ן מזבח אין בית־המקדש), און אויך דעם מנהג צו טראָגען ערבות דעם זיבעטען טאָג יום־טוב (הושענה רבה); די צדוקים אָבער פלעגען ניט האַלטען די דאָזיגע מנהגים, מחמת אין דער תורה זענען זיי ניט אָנגעוויזען. די צדוקים האָבען, ווי עס ווייזט אויס, ניט אָנערקענט אויך אַ סך דינים, וואָס די מסורה שבעל־פה האָט איינגעשטעלט אויף האַרבער מאַכען די שבת־רוה און די פּרושים האָבען זיי שטרענג אָבגעהיט.

אָבגעזעהענדיג די מסורה שבעל־פה בנוגע צו צערעמאָניעס, האָבען די צדוקים זיך אָבגעלייקענט אויך בנוגע צו עיקרי הדת (רעליגיעזע דאָגמען). לויט זייער מיינונג, זענען כמעט די עיקרים פון דער יהדות, סיי אידעע אויסוויינינגסטע פאָרמען, געווען אַ זאַך, וואָס איז פעסט איינגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל. די אָפיציעלע יהדות, אויף וויפיעל זי האָט זיך אויסגעדריקט אין דער

תורה שבכתב, ווייל נישט פון קיין יענער וועלט, פון קיין השארת הנפש, און פון שכר ועונש אין „עולם הבא“, — א פרינציפ, וואס האט שוין זינט לאנג ניט געלאזט רוהען דעם געוויסען פון די מאמינים און האט ארויסגערופען געפעהרליכע ספקות אין דער געטליכער גערעכטיגקייט (איוב׳ען, 8 (23. דער רעליגיעזער געדאנק האט אין משך פון דער צייט פערענטפערט די פראגע אין פאזיטיווען זין, און ביי די אידען, אין דער צייט פון דער גריכישער ממשלה, האט זיך אליין מעהר איינגעווארצעלט דער גלויבען אין שכר ועונש אויף יענער וועלט. דער ספר „דניאל“ האט בעשטימט אויסגעדריקט דעם דאזיגען גלויבען אין דער פארם פון א דאגמע וועגען תחית-המתים: „און א סך פון די, וואס שלאפען אין שטויב, וועלען אויפוואכען — איינע צום אייביגען לעבען, אנדערע צו אייביגער שאנד און חרפה“ (ורבים מישני עפר יקיצו. אלה לחיי עולם ואלה לדראון ולחרפת עולם. קאפ. י"ב, 2). די חסידים, וואס צו זיי געהערט דער מחבר פונ׳ם ספר „דניאל“, און זייערע יורשים, די פרושים, האבען די דאזיגע דאגמע אנגענומען, די צדוקים אבער האבען זי ניט אנערקענט, מחמת זי איז געגרינדעט בלויז אויף דער טראדיציע[3].

דער וועלטליכער ארט דענקען און די פראקטישע נטיות פון די צדוקים זענען געווען כנגד די מיסטישע אמונות, וואס זענען א בעדערפעניש פון טיעף רעליגיעזע נאטורען. זיי, די צדוקים, האבען ווייניג וואס געארט די סתירות

[3] לויט דער תלמודישער לעגענדע איז די סעקטע צדוקים גופא ענטשטאנען, מחמת דעם, וואס זיי האבען אפגעלייקענט אין שכר ועונש אויף יענער וועלט. די לעגענדע דערצעהלט (אבות דרבי נתן, פרק ה׳), אז דער תנא אנטיגנוס איש סוכו האט געהאט צוויי תלמידים, צדוק און ביתוס. איין מאל האבען זיי ביי איהם געפרעגט, צי עס איז טאקע פארהאן א שכר פאר מצוות. האט ער זיי געענטפערט: „איהר זאלט ניט זיין ווי קנעכט, וואס דינען דעם האר, בתנאי צו בעקומען בעלוינונג, זייט גלייך צו די, וואס דינען ניט בתנאי צו בעקומען בעלוינונג“. אנטיגנוס׳עס תלמידים און זייערע תלמידים אין די שפעטערדיגע דורות האבען א סך געקלערט וועגען דעם זין פון דער דאזיגער מימרא, און עטליכע פון זיי זענען סוף-כל-סוף אריינגעפאלען אין א ספק. „צי דען איז עס יושר׳דיג, — האבען זיי געזאגט — אז אן ארבייטער זאל הארעווען א גאנצען טאג, און אין אבענד זאל ער קיין שכירות ניט בעקומען? אויב אונזערע עלטערן וואלטען געוואוסט, אז עס איז פארהאן אן עולם-הבא און תחית-המתים, וואלטען זיי ניט אזוי גערעדט“. באלד זענען די כופרים אוועק אזוי ווייט, אז זיי האבען אינגאנצען אנגעהויבען לייקענען „אין דער תורה“, דאס הייסט, אין בעשטימטע פירושים פון איהרע עיקרים. פון די צוויי הויפט-כופרים, צדוק און ביתוס, זענען ארויסגעקומען צוויי אפיקורס׳ישע סעקטעס: די צדוקים און ביתוסים. — די דאזיגע לעגענדארישע ערקלערונג פונ׳ם נאמען „צדוקים“ איז, אפנים, ערשט שפעטער צוגעקלערט געווארען. היסטאריש זענען די ביתוסים א געוויסע גרופע פון צדוקים, וואס אין הורדוס׳עס צייטען זענען זיי געווען אנהענגער פונ׳ם דעמאלטיגען כהן-גדול ביתוס (זעה ווייטער).

פון דער רעליגיעזער מאראל; אלס „ניכטערע“ מענשען מיט א קאלטען שכל, האבען זיי בעסער געוואוסט האבען וואס ווינציגער אמונות. ארויסגעהענדיג פון דעם דאזיגען שטאנדפונקט, האבען די צדוקים געלייקענט אין דער עקזיסטענץ פון מלאכים און רוחות, אלס פערמיטלענדע קרעפטען צווישען גאט און מענשען. און די מענשליכע מעשים האבען זיי איינגעזעהן מעהר אנערשיינונג פון דעם מענשענס פרייען ווילען, איידער די ארייננמישונג פון דער גאטהייט אדער דעם פועל־יוצא פון פאטאליזם.

די צדוקים זענען בכלל געווען טיפישע וועלטליכע מענשען, וואס זענען געווען שטרענג קאנסערוואטיוו בנוגע צו אויסווייניגסטער פרומקייט, נאר זיי האבען ניט געוואלט דערלאזען, אז די רעליגיעז־עטישע תורה זאל ווירקען אויף די פראקטישע אינטערעסען אדער חשבונות, הן פערזענליכע, הן געזעלשאפטליכע. די יהדות איז פאר זיי געווען ניט דער צענטער פון לעבען, נאר בלויז א צוגאב צו אידם. דאס פאליטישע און סאציאלע לעבען האט געקאנט, לויט דער מיינונג פון די צדוקים, געהן פאראלעל מיט דער יהדות, נאר פיהרען זיך האט עס געדארפט ניט לויט אידהע גייסטיגע יסודות, נאר לויט זיינע איינענע פראקטישע פרינציפען אדער אינטערעסען.

די פרושים.

§ 60. די פרושים זענען געווען די דירעקטע יורשים פון די חסידים. זיי האבען איינגעזעהן אין דער יהדות, אלס א רעליגיעז־זיטליכע און נאציאנאלע וועלט־אנשויאונג, יענע שאפענדע קראפט, וואס האט בעדארפט דורכדרינגען און אלע עקען פון אידישען לעבען. זיי איז בלי־ספק טייער געווען די פאליטישע אומאפהענגיגקייט פון מלכות־יהודה, נאר גלויז אויף אזויפיעל, ווי וויט זי איז געווען דער שוץ־וואל, וואס האט פערזיכערט די גייסטיגע אומאפהענגיגקייט און די קולטורעלע אייגענטימליכקייט פון דער אידישער נאציע. בראש פון דער פארטיי פרושים זענען געשטאנען מענשען, וואס האבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער טיעפען שכל, זייערע קענטעניסען אין דער תורה, אמת׳ער פרומקייט און זיטליכער שטרענגקייט. די אנהענגער פון דער פארטיי פלעגען זיך צונויפשטעלען פון אלע שיכטען פון אידישען פאלק, סרוב פון די מיטעלע און נידעריגע, און מחמת דעם זענען די פרושים געווען דורכגעדרונגען מיט דעמאקראטישע פרינציפען, ניט אזוי ווי די צדוקים, וואס זענען געווען די פארשטעהער פון דער יחוס־ און בעאמטען־אריסטאקראטיע.

פאר די פרושים זענען געשטאנען אויפ׳ן ערשטען פלאץ ניט די פאליטישע אינטערעסען פון דער מלוכה, נאר די סאציאל־גייסטיגע אינטערעסען פון דער נאציע. די ערפאהרונג פון א סך יאהרהונדערטען האט זיי בעוויזען, אז די דאזיגע נאציאנאלע אינטערעסען זענען בעזיכערט בעסער פון אלץ ביי א טעאקראטישען רעזשים, דאס הייסט, בשעת עס הערשט די תורה, וואס איז די הייליגע, פון גאט געגעבענע קאנסטיטוציע, וואס לויט אידר דארף געפיהרט

ווערן דאָס גאַנצע לעבען. נאָר הזות, ווי די כללים, וואָס זענען פֿאַרשריבען אין תורה שבכתב, האָבען ניט געקאָנט אַרומנעמען אַלע פֿאַרשידענאַרטיגע לעבענס-ערשיינונגען, וואָס בייטען זיך אָהן אויפֿהער און ווערען אַלץ מעהר פֿאַרפּלאָנטערט, דעריבער האָט מען בעדאַרפֿט פֿון איין זייט מוסיף זיין צו די כללים פֿון דער תורה מסורות שבעל-פּה, און פֿון דער אַנדער זייט — מאַכען נייע פּירושים אויף די געשריבענע אַלטע כללים.

כּמו אין דעם, סיי אין יענעם פּרט האָבען די פּרושים ווייטער געפֿיהרט די אַרבייט פֿון די סופֿרים (אויבען, § 19), נאָר אין אַ מעהר פֿאַרשטאַרקטער פֿאָרם. חורבנות, וואָס מלכות-יהודה איז אומגעביטען געוואָרען פֿון אַן אוּנטערטעניגער פּראָווינץ אין אַן אומאָפּהענגיגער מלוכה, האָבען זיך די לעבענס-תנאים אויף אַזוי-פֿיעל אומגעביטען, אַז מען האָט בעדאַרפֿט זיין מעהר פֿאָרזיכטיג, בשעת מען האָט געוואָלט אומאַנדערשען די געזעצגעבונג אַזוי, אַז זי זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די נייע תנאים און צו גלייכער צייט ניט כנגד דעם גייסט, וואָס האָט פֿריהער געהערשט אין דער דאָזיגער געזעצגעבונג. הזות, ווי עס איז געווען פֿון אַלעמען אָנגענומען דער כלל גדול, אַז די תּיקים פֿון דער תורה זענען געגעבען געוואָרען פֿון גאָט, און דעריבער טאָר מען זיי ניט לא די וואָס מבטל זיין, נאָר אפילו ניט אומענדערן, — האָט מען צוליעב דעם געקאָנט אָנווענדען צוויי מיטלען, אַ גרינגען און אַ שווערען. אָדער מען אָנערקענט, אַז די אַלטע געזעצגעבונג, וואָס איז מעהר ניט צוגעפּאַסט צו די נייע לעבענס-תנאים, דאַרף בלייבען אין איהר אַלטער געשטאַלט און ווערט פֿערוואַנדעלט אין אַ טויטען אות, וואָס מען היט איהם נאָר אָב לפנים; אָדער זי פּאַסט זיך צו צום לעבען און פּאַסט דאָס לעבען צו צו זיך, זי פֿיהרט אָן דאָס לעבען און ווערט גלייכצייטיג געפֿיהרט פֿון איהם. אויפֿ'ן ערשטען, דעם גרינגען וועג, זענען געגאַנגען די צדוקים, אויפֿ'ן צווייטען, דעם שווערען וועג — די פּרושים.

די פּרושים האָבען פֿערקניפּט דאָס לעבען מיט דער תורה שבכתב דורך אַ לעבעדיגער קייט פֿון מסורות שבעל-פּה, יורידישע פּירושים און פֿאָלקס-מנהגים. די צאָהל פֿון די רעליגיעזע און בירגערליכע געזעצען, וואָס זענען אויפֿגענומען געוואָרען בירושה פֿון די עלטערן דורך מסורות שבעל-פּה, איז געווען, בלי-ספק, זעהר בעדייטענד. און די געזעצען האָבען זיך אַלץ געמעהרט דורך נייע פּירושים פֿון די געלעהרטע און דורך די פֿאָלקס-מנהגים. די געלעהרטע פֿלעגען זיך אין זייערע פּירושים שטעלען אויפֿ'ן ביבלישען געזעץ און דורך לאָגישע סברות פֿלעגען זיי אַרויספֿיהרען יענע פּראַקטישע כללים, וואָס זענען נויטיג פֿאַר די געגענווערטיגע לעבענס-תנאים. און אין משך פֿון דער צייט פֿלעגען די דאָזיגע כללים פֿערהייליגט ווערען דורך זייער עלטער און פֿלעגען בעטראַכט ווערען אַלס „מסורות אבות". און ניט נאָר פֿון אויבען, מצד די מפרשים פֿלעגט די געזעצגעבונג פֿערברייטערט ווערען, נאָר זי איז געוואַקסען אויך פֿון אונטען, מחמת זי האָט אַריינגענומען אין זיך די מנהגים, וואָס האָבען זיך איינ-

פֿאַרוואָרצלט ביים פֿאָלק. די רעליגיעזע דיסציפּלין האָט, נאָך, אַרומגענומען דאָס פֿאָלק פּאַמעליך, אַזוי אַז עס האָט גאָר ניט בעמערקט, ווי אַזוי דאָס איז געשעהן, און דאָס זיך צוגעפּאַסט צום וואוקס פֿון זיינע השגות און בעדערפֿענישען. דער „סיג לתורה" (צאַם אַרום געזעץ) איז אַלץ ברייטער געוואָרען, נאָר אין יענע צייטען איז ער נאָך ניט געשאַפֿען געוואָרען קינסטליך, נאָר ער פֿלעגט אַליין אַרויסוואַקסען פֿון פֿאָלקס-באָדען, ווי אַ מחיצה פֿון לעבעדיגע פֿלאַנצונגען.

מען קאָן ניט בעשטימען גענוי, וואָס פֿאַר אַ שנויים און הוספֿות אין דער געזעצגעבונג ס'זענען געמאַכט געוואָרען גראָד אין דער צייט, וואָס ווערט דאָ בעשריבען, און וואָסערע — שפּעטער (אין די רעליגיעזע מקורים, וואָס זענען פֿאַרבליבען ביז איצט, איז די כראָנאָלאָגישע אָרדנונג ניט אָנגעוויזען). נאָר פֿון איינצעלנע היסטאָרישע עפּיזאָדען קאָן מען קומען צו דער מסקנא, אַז אין ערשטען יאָהרהונדערט פֿון דיזער טעטיגקייט האָבען די פּרושים איינגעפֿיהרט אין בירגערליכען און רעליגיעזען לעבען פֿון מלכות-יהודה אַ סך געזעצען, צערעמאָניעס און מנהגים. די דינים וועגען שבת-רוה און וועגען דער עבודה אום יום-טוב זענען געוואָרען גענויער בעשטימט, און ס'זענען צוגעקומען אַ סך נייע דינים אויף סמך פֿון דער פּראַקטיק און פֿון די פֿאָלקס-מנהגים (למשל, די אויבענדערמאָנטע מנהגים פֿון ניסוך-המים און טראָגען די ערבות אום סוכות). עס זענען געהייליגט געוואָרען די שפּעטערדיגע נאַציאָנאַלע ימים-טובים, וואָס געפֿינען זיך ניט אין דער תורה, ווי אַ שטייגער חנוכה און פּורים, און אַנדערע יום-טובדיגע טעג, וואָס זענען איינגעשטעלט געוואָרען צום אָנדענקען אָן די אָקאָרשט פֿאָרגעקומענע געשעהענישען. אין די געזעצען וועגען שפּייז און ריינקייט (מאכלות אסורות און טהרות) האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַפּנים, אַ צו-שטאַרקע טענדענץ צו אַ רעליגיעז-נאַציאָנאַלער אָפּזונדערונג, און קעגען די דאָזיגע חומרות זענען די צדוקים אַרויסגעטראָטען ניט אָהן אַ יסוד. נאָר פֿון דער אַנדער זייט, האָבען די פּרושים אַ סך מקיל געווען בנוגע צו די שטראָף-געזעצען פֿון דער תורה. אין געוויסע פֿאַלען האָבען זיי פֿערביטען טויט-שטראָף און אַנדערע האַרבע שטראָפֿען דורך ווייכערע שטראָפֿען, ווי למשל, דורך געלד-קנס אָדער זיצען אין תפֿיסה. בכלל האָבען זיי זיך געמיהט צו דערנעהנטערן דעם געזעץ צום לעבען, צו די השגות פֿון פֿאָלק, און מחמת דעם איז דאָס פֿאָלק מעהר גערן געווען צו געהן נאָך זיי, איידער נאָך די צדוקים.

בעזונדערס האָבען די פּרושים אַרויסגעוויזען, אַז זיי פֿערשטעהען טיעף די פֿאָלקס-נשמה, בנוגע צו די עיקרי-הדת (גלויבענס-דאָגמען). זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז ביים פֿאָלק, חוץ די העכסטע פֿילאָזאָפֿישע גייסטער, קאָן די רעליגיעזע וועלט-אָנשויאונג ניט זיין פֿעסט, ווען ביי אדם זאָל ניט זיין קיין פֿאָרשטעלונג וועגען שכר ועונש אויף יענער וועלט. די עלטסטע ביבלישע יהדות האָט ניט געוואוסט פֿון דער דאָזיגער פֿאָרשטעלונג. נאָר היות, ווי עס איז

נייטיג געווען ברענגען אין הסכם מיט דער יהדות די אידעע פון גערעכטיגקייט אין דער וועלט-אָרדנונג. דערבײַ איז עס סוף-כל-סוף געקומען דערצו, אַז דער גלויבען אין א יענער וועלט האט זיך פון זיך אליין ענטוויקעלט און האט זיך איינגעוואָרצעלט אין פאָלק. דער פרומער איד איז נאך לאַנגע ספקות, וואָס האָבען ניט געלאָזט רוהען זיין רעליגיעזען געוויסען, אליין געקומען צו דעם דאָזיגען גלויבען, וואָס האט פערענטפערט זיין גרויסע קשיא וועגען דעם „פאַרוואָס איז א רשע גוט און א צדיק שלעכט אויף דער וועלט?" (רשע וטוב לו, צדיק ורע לו). די נייע דאָגמע, וואָס ניט פון אויסווייניג איז זי איינגעצוואונגען געוואָרען, נאר זי איז אַרויסגעוואקסען פון לעבען גופא, — האט זיך לכתחלה אויסגעדריקט אין דער אויבען אַנגעוויזענער פאָרשטעלונג פון ספר דניאל וועגען תחית-המתים, נאר דערנאך איז זי פערברייטערט געוואָרען דורך נייע פאָרשטעלונגען, צום טייל פילאָזאָפישע (השארת הנפש — אונשטערבליכקייט פון דער נשמה), צום טייל מיסטישע (גן-עדן און גיהנום וכדומה). היות, ווי די פרושים האָבען פערשטאַנען, ווי וויכטיג ס'איז די דאָזיגע דאָגמע, דערבײַ האָבען זיי זי אַרייַנגענומען אלס געזעץ אינם סיסטעם פון דער יהדות, די צדוקים אָבער האָבען געלייקענט אין איהר, מחמת אין דער תורה איז זי ניטאָ.

יוסיפוס פלאַוויוס צייכענט אָן נאָך א שטריך פון דער וועלט-אָנשויאונג פון די פרושים: זייער נטיה צום רעליגיעזען פאַטאַליזם, דאָס הייסט, די אמונה, אַז אַלצדינג, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט, איז לכתחלה פאָרויס בעשטימט פונ'ם געטליכען ווילען און אַז דער מענש מיט זיינע מעשים קאָן גאָרניט ניט אויפטון. נאָר אין דער אמת'ען איז די שטה פון די פרושים גאָרניט געווען אַזוי פאַטאַליסטיש, ווי פלאַוויוס שילדערט זי, מחמת ער וויל קינסטליך צוגעבען איהר א העלעניסטישען אויסזעהן. די שטה פון די פרושים האָט מעהר ניט געשטרעבט אויסצוגלייכען די סתירות צווישען דער טעאָריע און דער פראַקטיק. א געוויסער אויסדרוק האָט זי געפונען אין דער קורצער און שאַרפער מימרא פון די שפּעטערדיגע תנאים: „אַלץ איז פאָרויסגעזעהן (דורך גאָט), נאָר די פרייהייט (פון טון) איז געגעבען" (הכל צפוי והרשות נתונה[4]). דאָס איז געווען א פשרה צווישען דעם יסוד פון ווילענס-פרייהייט און צווישען דעם יסוד פון פאָרבעשטימונג (בחירה וידיעה), וואָס האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער מענש טראָגט אויף זיך די אחריות פאַר זיינע מעשים, נאָר צוגלייך איז ער מודה אין השגחה פרטית.

אין געביט פון פראַקטישער מאָראַל האָט מען די פרושים צוגעגליכען צו די גריכישע סטאָאיקער. דער דאָזיגער פערגלייך איז ריכטיג, פערשטעהט זיך, בלויז נאָכן תוך, אָבער ניט בנוגע צו פרטים. די העכסטע און פערשטאַנדיגסטע

---

4) פרקי-אבות, פרק ג׳, משנה ט״ז.

פּרינציפּען פֿון דער תּורה. פֿון די סטאַטיקער האָבען זיך געפֿונען אין דער אידישער עמיק, נאָך אידער די פּרושים האָבען זיך בעוויזען, די לעצטע האָבען מעהר ניט געוואָרט דערפֿאַר, אַז די געבאָטען פֿון „מאָראַלישער הייליגקייט", וואָס זענען אויסגעדריקט אין דער תּורה און איבערגעחזר'ט אין דער ביבלישער פֿילאָזאָפֿיע (§§ 18,24), זאָלען וואָס ברייטער אָנגעווענדט ווערען. בכלל זענען די פּרושים געשטאַנען פֿעסט אויפֿ'ן באָדען פֿון דער פּראַקטישער יהדות און דער סופֿרים, וואָס זי האָט אָנגענומען זינט עזרא הסופֿר'ס צייטען. די שטה פֿון די פּרושים איז אויסגעוואַקסען פֿונ'ם דאָזיגען באָדען דאַנק דער נאַטירליכער היסטאָרישער עוואָלוציע, און דעריבער האָט זי זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר לעבענספֿעהיג, הגם שפּעטער איז זי אַוועק שוין צו-ווייט אין איהר שטרעבונג איינצושטעלען אַ שטרענגע רעליגיעזע דיסציפּלין.

צייטענווייז פֿלעגט די שטה פֿון די פּרושים זיך אַרויסווייזען אויך אין נעגאַטיווע, שעדליכע מאָראַלישע פֿאָרמען. ס'פֿלעגען זיך טרעפֿען צווישען די פּרושים, אינאיינעם מיט טיעפֿע חכמים און אויפֿריכטיגע פֿרומע לייט, אויך פֿאַלשע מענשען, צבֿועים, וואָס פֿלעגען בעהאַלטען זייערע שלעכטע אינסטינקטען אונטער דער מאַסקע פֿון אויסווייניגסטער פֿרומקייט. אַזעלכע פֿאַלשע פּרושים, וואָס מען פֿלעגט זיי אָנרופֿען „צבֿועים" (געפֿאַרבענע), האָבען געהאַט אַ שלעכטען שם צווישען דער געזעלשאַפֿט און פֿלעגען אָפֿטמאָלס אַרויסרופֿען אַ טאַדעל אויף דער גאַנצער פּאַרטיי פּרושים מצד זייערע געגנער.

## די אסיים.

§ 61. אין דער צייט, וואָס די צדוקים און די פּרושים האָבען געשטריטען צווישען זיך וועגען דעם סאָציאַלען און רעליגיעזען טיפּ פֿון דער אידישער מלוכה און האָבען געפֿיהרט דעם פֿאָלקס-לעבען אַמאָל אויף איין זייט און אַמאָל אויף דער אַנדערער זייט,— האָבען די אסיים זיך געהאַלטען פֿון דערווייטענס פֿונ'ם געזעלשאַפֿטליכען קאַמפּף און האָבען איינגעאָרדענט זייער לעבען אויף אַזעלכע יסודות, ביי וועלכע ס'זאָל מעגליך זיין די השלמה פֿון יעדען איינציגען פּרט. דאָס איז געווען ניט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי, נאָר אַ גייסטליכע ברודערשאַפֿט, וואָס האָט שפּעטער (אין דעם יאָהרהונדערט פֿאַר'ן חורבן פֿון בית-המקדש) געהאַט אַן ערך פֿיער טויזענד חברים. אויב די צדוקים האָבען אָבגעגעבען דער רעליגיע נאָר אַ קליינעם ווינקעל אין מלוכה-לעבען, אויב די פּרושים האָבען געשטרעבט צו פֿערקניפּען דעם פּרינציפּ פֿון דער מלוכה מיט'ן פּרינציפּ פֿון דער רעליגיע אין איין אונצערטיילבאַרעם גאַנצעם,— איז האָבען די אסיים אינגאַנצען מבֿטל געווען דעם פּרינציפּ פֿון דער מלוכה און האָבען אַוועקגעשטעלט די רעליגיע אין מיטעלפּונקט פֿון פּערזענליכען לעבען. יענע „הייליגקייט" פֿון די מידות און די כּשרות בנוגע צום אַלטעגליכען לעבען אָדער די גאַנצע רעליגיעזע דיסציפּלין, וואָס פֿאַר די פּרושים האָט עס געדינט אַלס אַ פּראַקטישער מיטעל צו פֿער-

היטען די גאנצקייט פון דער נאציע, האט אנגענומען ביי די אסיים עקסטרעמע
מעקמאנטישע פארמען און האט געמוזט דינען פאר א מיטעל „איסצוליזען
די נשמה".

די אסיים האבען זיך אבגעזאגט לחלוטין פון גאנצען וועלטליכען לע-
בען און האבען זיך געשטעלט פאר אַבזאָלוט דאס שטרענגע לעבען פון
נזירים. זיי פלעגען לעבען און אבגעזונדערטע געמיינדעס דער עיקר אין די
דערפער, נאר אמאל פלעגט מען זיי אויך אנטרעפען אין די שטעדט פון
פאלעסטינע. א בעדייטענדע קאלאניע זייערע האט זיך געפונען שפעטער-צו אין
מדבר עין-גדי, ניט ווייט פון טויטען ים (ים-המלח). זיי האבען געהאט א
שטארקע ארגאניזאציע, וואס איז געגרינדעט געווען אויפ'ן יסוד, אז אלע מיט-
גלידער מוזען זיך אונטערגעבען דער שטרענגער דיסציפלין פון דער ברודערשאפט.
איידער מען פלעגט צונעהמען נייע מיטגלידער אין דער ברודערשאפט, פלעגט
מען זיי א לאנגע צייט אויספראבען. נאך א יאהר צייט אויספרובען פלעגט מען
דעם נייעם מיטגליד צולאזען צו דער צערעמאניע פון טבילה און ערשט אין
ווייטערדיגע צוויי יאהר אַרום פלעגט ער צוגעלאזען ווערען צו די ברודערליכע
סעודות פון די אסיים. בשעת דער נייער מיטגליד פלעגט שוין ענדגילטיג אריינ-
טרעטען אין דער ברודערשאפט, פלעגט ער מוזען אבגעבען א שבועה, אז
ער וועט אהן טענות פאלגען אלדינג, וואס איהם וועלען הייסען די „עלטסטע"
אדער די פארשטעהער פון דער ברודערשאפט, אז קעגען די אנדערע ברידער
פון דער חברה וועט ער זיין אפענהארציג און וועט קיין זאך פאר זיי ניט בע-
האלטען און זייטיגע מענשען וועט ער ניט איבערגעבען די סודות פון דער ברו-
דערשאפט. אין אלע אנדערע פאלען פלעגען די אסיים קיין מאל ניט שווערען.

די ווירטשאפטליכע ארדנונג פון דער ברודערשאפט איז געווען געגרינדעט
אויף קאמוניסטישע יסודות. צווישען די מיטגלידער זענען ניט געווען קיין
אָרימע און קיין רייכע. איטליכער מיטגליד פלעגט אריינטראגען זיינע הכנסות
אין דער אלגעמיינער קאסע, און די פערוואלטער איבער דער ברודערשאפט פלע-
גען דערפון נעהמען אויף אויסהאלטען בשותפות'דיגע דירות פאר די ברידער,
פאר די בשותפות'דיגע סעודות און אויף קליידונג. אלע מיטגלידער פלעגען טרא-
גען א גלייכע קליידונג. די קליידונג איז בעשטאנען פון א גראָבען איבער-בגד
פאר'ן ווינטער און א גרינגען מאנטעל פאר'ן זומער, על-פי-רוב פון ווייסען גע-
וואנט. איטליכער האט געמוזט דערווערבען זיך מיטלען צום לעבען דורך זיין
פערזענליכער פיזישער ארבייט; קיין דינער און שקלאפען זענען אין דער ברו-
דערשאפט ניט געווען. די אסיים האבען זיך פערנומען מיט ערד-ארבייט און
פערשיידענע מלאכות; דער מסחר האט זיך גערעכענט ביי זיי פאר א מיאוס'ע
פרנסה. אין דער ברודערשאפט האט געהערשט דער פרינציפ פון פאלקומענער
גלייכהייט. דער גרעסטער רוב פון די אסיים פלעגען ניט חתונה האבען, מחמת
זיי האבען עס גערעכענט פאר א חטא; יענע אבער, וואס פלעגען יא נעהמען

זיך ווײַבער, פֿלעגן זײ פֿרידער אויספּרובירן, אויב זײ זענען ראוי דערצו, און דערנאָך פֿלעגן זײ חתונה האָבן.

בײַ די אסיים איז פֿעסט אײַנגעשטעלט געווען, ווי אַזוי מען באַדאַרף פֿאַרברענגען איטלעכן טאָג. אין דער פֿריה פֿלעגן זײ תּפֿלה טאָן, געווענדט מיטן פּנים צו דער זון. דערנאָך פֿלעגן זײ אוועק צו דער אַרבעט. געענדיגט די אַרבעט, פֿלעגן זײ זיך טובֿלען אין קאַלטע וואַסער. דער טובֿל זײַן זיך איז געווען בײַ די אסיים אַ וויכטיגער רעליגיעזער אַקט. זײ פֿלעגן זיך טובֿלען פֿאַר איטלעכער סעודה, און אויך נאָכן באַפֿרידיגן די נאַטירלעכע באַדערפֿענישן און נאָכן אָנרירן עפּעס אַ „טמא" זאַך.

דער מיטעלפּונקט פֿונעם לעבן אין דער ברודערשאַפֿט זענען געווען די טעגלעכע געמײַנזאַמע סעודות, וואָס האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון אַ הײליגער צערעמאָניע. די אסיים האָבן ניט געהאַלטן פֿון קרבנות ברענגען אין בית-המקדש, דערפֿאַר אָבער האָבן זײ באַטראַכט זײערע אַלטעגלעכע מאָלצײַטן פֿאַר הײליגע סעודות, וואָס זענען געגליכן צו קרבנות. די מאכלים פֿלעגן צוגרײטן די כּהנים, און דערבײַ פֿלעגן אָפּגעהיט ווערן אַ סך דינים פֿון טהרות.

יוסף פֿלאַוויוס באַשרײַבט אַזוי די מאָלצײַטן פֿון די אסיים: „נאָכדעם, ווי זײ האָבן זיך גערײניקט (דורך דער טבֿילה), געהען זײ אַרײַן אין עסצימער, ווי מען גײט אַרײַן אין אַ הײליגטום. זײ זעצן זיך אוועק שטילערהײד, און דער בעקער לײגט אוועק פֿאַר אַלעמען כּסדר ברויט, און דער קעכער שטעלט אוועק פֿאַר איטלעכן אַ כּלי מיט אײן אײנציגן מאכל. דער כּהן לײענט אַ תּפֿלה פֿאַר דער מאָלצײַט, און ביז סוף פֿון דער תּפֿלה טאָר קײנער ניט אָנהײבן צו עסן. נאָך דער סעודה זאָגט ער ווידער אַ תּפֿלה. פֿאַרן אָנהויב און אין סוף זאָגן זײ אַ שבֿח צו גאָט, וואָס האָט זײ געגעבן שפּײַז. דערנאָך טוען זײ אויס זײערע קלײדער (וואָס זײ טראָגן בײַ דער מאָלצײַט), מחמת זײ זענען הײליגע, און נעמען זיך פֿון דאָס-נײַ פֿאַר דער אַרבעט ביז אָוונט. אַז זײ קומען צוריק, עסן זײ ווידער אין דעם זעלביגן סדר".

די מײנונג, אַז די אסיים פֿלעגן ניט עסן קײן פֿלײש און ניט טרינקען קײן ווײַן, ווערט ניט באַשטעטיגט דורך די עלטסטע מקורים. נאָר בכּלל האָבן די אסיים געשטרעבט צו דער מעגלעך גרעסטער אײַנפֿאַכקײט און מעסיגקײט בײַם באַפֿרידיגן די פֿיזישע באַדערפֿענישן; מעהר ניט אַמאָל פֿלעגן זײ דער-גײן אין זײער מעסיגקײט ביז צום אַסקעטיזם (נזירות), באַזונדערס אין דער שפּעטערדיגער צײַט.

די אסיים פֿלעגן ניט ברענגען קײן קרבנות פֿון בהמות אין בית-המקדש, נאָר זײ פֿלעגן שיקן אַהין אַנדערע מתּנות. בײַם גאָטעסדינסט פֿלעגן זײ לײענען ספֿרים פֿון די כּתבֿי-הקדש. זײער שטרענג פֿלעגן זײ אָפּהיטן די רוען שבת-רוה. אום שבת פֿלעגן זײ אַפֿילו ניט אַוועקרוקן זײערע כּלים

פֿון אײן אָרט אויפֿן אַנדערן, און פֿלעגען איבערמײַדען אַלצדינג, װאָס קאָן „מטמא״ זײַן דעם קערפּער. בעצם האָבען זײ מעהר ניט דערפֿירט ביזן עקסטרעמען סוף די צערעמאָניען־שיטה פֿון די פּרושים, און שפּעטער זענען א סך פֿון זײערע שטרענגע דינים אַרײַנגענומען געװאָרען אין תלמוד.

בנוגע צו די עיקרי־הדת (גלויבענס־דאָגמען) און מיסטישע אמונות זענען די אסיים אַרויסגעגאַנגען פֿון די זעלביגע יסודות, װאָס די פּרושים, נאָר זײ זענען אַװעק אַזוי װײַט, אַז זײ האָבען זיך אונגאַנצען אויסגעטאָן פֿון פּראַקטישען לעבען. דער הויפּט־עיקר פֿון דער אמונה איז בײַ די אסיים געװען, אַז אַלע מעשׂים פֿון מענשען און אַלע געשעהענישען פֿון דער װעלט זענען לכתחלה פֿאָרױסבעשטימט דורכ'ן געטליכען װילען. אין זײער שיטה איז ניט געשטאַנען אַנטקעגען דעם דאָזיגען פּרינציפּ פֿון פֿאַטאַליזם דער פֿערשטאַנדיגער יסוד פֿון פֿרײַען װילען, װי אין דער שיטה פֿון די פּרושים. דעם מענשענס נשמה האָבען זײ גערעכענט פֿאַר אונשטערבליך. בײַם לעבען, איז די נשמה צונויפֿגעבונדען מיט'ן זינדיגען גוף, נאָר נאָכ'ן טויט בעפֿרײַט זי זיך פֿון איהר אײנהילונג (לבֿוש) און פֿליהט אַװעק פֿון דער ערד. די נשמות פֿון די צדיקים קומען אַרײַן אין גן־עדן, װאָס געפֿינט זיך אויף יענער זײַט ים אוקינוס, די נשמות פֿון די רשעים אָבער זענען פֿערמשפּט צו ענױים אין א פֿינסטערער און קאַלטער הײהל.

פֿאַר בעזונדערס װיכטיג האָבען די אסיים, װי עס װײַזט אויס, געהאַלטען די אמונה אין מלאכים און  אין דעם כח פֿון גוטע און בייזע רוחות. זײ האָבען געװאוסט, װי צו געברויכען געװיסע גראָזען צום רפֿואות, און האָבען געהאַלטען, אַז אַפֿילו געװיסע שטײנער האָבען א קראַפֿט צו בעװײַזען מופֿתים. אַדאַנק די דאָזיגע ידיעות, פֿלעגען זײ הײלען פֿערשײדענע קראַנקהײטען און האָבען געהאַט בײַם פֿאָלק א שם פֿאַר גוטע דאָקטוירים. דער המון האָט געקוקט אויף די אסיים, װי אויף הײליגע אָדער בעלי־מופֿת, און האָט גערעדט װעגען זײ, אַז זײ קאָנען פֿאָרױסזעהן די צוקונפֿט און זאָגען נביאות.

די שיטה פֿון די אסיים איז בלי־ספק אויסגעװאַקסען אויפֿן באָדען פֿון דער יהדות, נאָר פֿונדעסטװעגען האָט זי אין זיך געהאַט אײניגע עלעמענטען, גענומען פֿון פֿרעמדע רעליגיעזע און פֿילאָזאָפֿישע שיטות. צװײ פּונקטען פֿון דער דאָזיגער שיטה — די נזירות און דער מיסטיציזם — זענען געװען פֿרעמד דעם גײַסט פֿון דער יהדות, װאָס איז געװען א קלאָרע און פּראַקטישע „תורה פֿון לעבען״ (תורת חיים), װאָס איז צוגעפּאַסט צו דער סאָציאַלער אָרדנונג און איז װײַט פֿון אַבסטראַקטער הסתכלות און מיסטישער נעפּעלדיגקייט. די נטיה צום אָבזאָגען זיך פֿון עולם־הזה, װאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פֿאָרם פֿון ניט װעלען פֿיהרען א פֿאַמיליען־לעבען, — איז געװען פֿרעמד פֿאַר דער געזונדער אידישער עטיק. אין דער שיטה פֿון די אסיים איז פֿאָרהאַן עפּיס װאָס נאָהענטעס צו דער שיטה פֿונם גריכישען פּיטאַגאָרעאיזם, װאָס איז געװאָרען פֿערשפּרײט

אין די לעצטע יאהרהונדערטען פון דער פאר-קריסטליכער צייט; נאר ס'זענען נישטא קיין גענויע ידיעות, וואס זאלען דערלאזען פעסטשטעלען א היסטארישע פערבינדונג אדער א געגענזייטיגע ווירקונג צווישען די דאזיגע ביידע וועלט-אנשויאונגען.

דאך, וואס אין דער שטה פון די אסיים פערנעהמט א גרעסערן ארט דער עלעמענט פון אינדיווידואליזם, איידער דער עלעמענט פון נאציאנאליזם, און אויך דאס, וואס אין איהר זענען בעהאלטען א סך פרעמדע אנשויאונגען, האט געבראכט דערצו, אז די דאזיגע ריכטונג האט זיך אליין מעהר אבגעווענדט פון דער יהדות און צולעצט האט זי זיך צונויפגעשמאלצען מיט דעם אלגעמיינעם כאאס פון די רעליגיעס, וואס האט געהערשט אין דער עפאכע, בשעת דער קריסטענטום איז ענטשטאנען.

דער העכסטער ראט (סנהדרין הגדולה).

§ 62. די קאנקורענץ און די געגענזייטיגע ווירקונג פון די צוויי אקטיווע פאליטישע פארטייען, די צדוקים און די פרושים, האבען געהאט אין דער צייט פון די חשמונאים א בעשטימענדען איינפלוס אויף גאנג פון דער מלוכה-פערוואלטונג. די דאזיגע געגענזייטיגע ווירקונג פון די פערשיידענארטיגע קרעפטען האט זיך בעזונדערס שטארק ארויסגעוויזען אין דער טעטיגקייט פון דער העכסטער רעגירונגס-אנשטאלט פון מלכות-יהודה, וואס האט אויסגעפילט די פונקציעס פון א מלוכה-ראט און פון א סענאט.

דער העכסטער ראט פון די זקנים (עלטסטע) אדער די פערזאמלונג פון פאלקס-פארשטעהער האט עקסיסטירט אין ירושלים, זינט עס איז ענטשטאנען די אידישע טעאקראטיע[5]. אין דער צייט פון דער גריכישער ממשלה טרעט ארויס אפטמאלס די דאזיגע אנשטאלט אין דער געשטאלט פון א „געראזיא", אדער אריסטאקראטישען סענאט, וואס בראש פון איהם שטעהט דער כהן-גדול, וואס איז דער אפיציעלער פארשטעהער פון מלכות-יהודה פאר דער הערשענדער רעגירונג[6]. די איבערקעהרעניש פון די חשמונאים, וואס האט פערוואנדעלט מלכות-יהודה אין אן אומאבהענגיגער מלוכה און וואס האט ארויסגערוקט א נייע דינאסטיע פון כהנים, האט געמוזט ברענגען צו גרינדליכע שנויים אין דער טעטיגקייט און אינים בעשטאנד פון דער „געראזיא". אנשטאט אן ארגאן פון אן אונטערטעניגער זעלבסטפערוואלטונג ווערט זי איצט אן ארגאן פון א זעלבשטענדיגער פערוואלטונג. בראש פון איהר שטעהט דער נשיא און כהן-גדול,

---

5) איבען, § 19.

6) איבען, §§ 29, 31. אין דעם עדיקט פון אנטיאכוס III, וואס ווערט דארט אנגעוויזען, ווערט דערמאנט „דער ראט פון די זקנים" (גערוזיא אויף גריכיש), אין צוזאמענהאנג מיט דער פערטרעטונג מצד דעם שטאנד פון די כהנים און די געלעהרטע (קדמוניות היהודים, ספר י"ב, קאפ. ג', § 3).

וואָס איז דער פאָרשטעהער פון דער העכסטער מאַכט אין מלכות־יהודה, און אין איהר געהען אַריין די פאָרשטעהער ניט בלויז פון גייסטליכע, נאָר אויך פון פּאָליטישע פּאַרטייען. דער נאָמען פון דער „געזוזיא" ווערט דערמאָנט, אינ־איינעם מיט'ן נאָמען פון נשיא־כהן־גדול, אויף די אידישע מטבעות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון יוחנן הורקנוס[7].

אַמאָל די רעפאָרמירטע קאָלעגיע, וואָס האָט איצט פערברייטערט איהר טעטיגקייט, בעקומט אין דער עפּאָכע פון די חשמונאים דעם גריכישען נאָמען סנהדרין (פערזאַמלונג), וואָס ווערט פון דעמאָלט אָן געברויכט צווישען אידען אין דער זעלביגער בעדייטונג, ווי דער נאָמען בית־דין (בית־דין הגדול=סנהדרין הגדולה). צי מען האָט דעם נייעם נאָמען אָנגעהויבען צו געברויכען שוין אין דער צייט פון יוחנן הורקנוס, אָדער עפּיס שפּעטער, פאַר דער צייט פון זיינעם אַ יורש — איז ניט בעוואוסט[8]. בכל אופן האָט דער ירושלמי׳ער סענאַט אָדער סנהדרין בעקומען אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע, וואָס אין שפּעטערדיגער צייט האָט זי זיך אויסגעביטען לויט דעם פּאָליטישען מצב.

אויפ'ן סמך פון די מיטשטשיגע און סותרדיגע ידיעות פון די פערבליבענע מקורים, קאָן מען געבען מעהר ניט אַנאונגעפעהרע פאָרשטעלונג וועגען דער טעטיגקייט פונ'ם העכסטען רעגירונגס־אָרגאַן פון מלכות־יהודה פאַר דער צייט, וואָס ווערט דאָ בעשריבען. אָפיציעל איז בראש פון סנהדרין געשטאַנען דער נשיא (שפּעטער — קעניג)־כהן־גדול, וואָס איז געוועזען דער פאָרזיצענדער. נאָר ווי דער נשיא פלעגט אָפטמאָלס זיין פערנומען מיט פּאָליטישע און מיליטערישע עסקים און פלעגט ניט קאָנען אויספילען זיין חוב, אַלס פאָרזיצענדער, פלעגט איהם פערבייטען דער עלטסטער מיטגליד פון סנהדרין, וואָס האָט געטראָגען דעם טיטעל „אב בית־דין". דער גרויסער סנהדרין (סנהדרין הגדולה) אין ירושלים איז בעשטאַנען פון 71 מיטגלידער; נאָר זיינע זיצונגען זענען געוועזען גילטיג, אויך בשעת ס'פלעגען זיין 23 מיטגלידער; דאָס האָט געהייסען בית־דין של כ"ג אָדער סנהדרין הקטנה („קליינער סנהדרין"). דער סנהדרין פלעגט אָבהאַלטען זיינע זיצונגען אין איינעם פון די אויסוויינינגסטע חדרים פון בית־המקדש, וואָס איז געוועזען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „לשכת־הגזית", דאָס הייסט, אַ חדר פון אויסגעהאַקטע שטיינער. אמאָל פלעגען אויס־געטיילט ווערען פון סנהדרין צוויי קאָמיסיעס, וואָס פלעגען אָבהאַלטען זייערע

---

7) ס'איז כמעט קיין ספק ניט, אז די „געזעלשאַפט פון די אידען" (חבר [העווער] היהודים), וואָס ווערט דערמאָנט אויף דער אויבענגעבראַכטער (8 57) אויפשריפט אויף די אידישע מטבעות, צייכענט ניט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, נאָר די העכסטע קאָלעגיע, וואָס אין איהר אַמען פלעגען אָבגעטאָן ווערען די וויכטיגסטע מלוכה־אַקטען.

8) דער ירושלמי׳ער סענאַט ווערט אָנגערופען סנהדרין ביי יוסיפוס פלאַוויוס דאָס ערשטע מאָל, בשעת ער בעשרייבט די עפּאָכע פון הורקנוס II, הורקנוס I־ענס אייניקעל (קדמוניות, י"ד, 9.

זיצונגען — איינע אויפ׳ן הר־הבית און די אנדערע אין דער גאלעריי אדער פאליש פון בית־המקדש. אין סנהדרין זענען אריינגעגאנגען די פארשטעהער פון ירושלמ׳ער מיוחס׳דיגע משפחות, כהנים, שופטים, געלעהרטע און רעכטס־געלעהרטע (יודעי דת ודין).

חוץ דער דאזיגער העכסטער אנשטאלט, וואס האט זיך געפונען אין ירושלים, האבען עקזיסטירט קליינע געריכטס־הייזער אדער „בתי־דינים“ אין די פראווינץ־שטעדט פון מלכות־יהודה.

די פונקציע פונ׳ם סנהדרין אין ירושלים איז בעשטאנען דער עיקר הערין, וואס ער פלעגט בעשליסען געזעצגעבערישע פראגען און פסק׳ענען אין די וויכטיגסטע געריכטליכע פראצעסען. הויות, ווי די גאנצע אידישע געזעצגעבונג איז געווען געגרינדעט אויף די חוקים פון דער תורה, וואס איז געווען דער הייליגער געזעץ־בוך, וואס מען טאר אידם ניט מבטל זיין, דעריבער איז די ראל פון סנהדרין אין דעם פרט בעשטאנען דערין, וואס ער פלעגט אויסטייטשען פערשיידענע פונקטען פון דעם דאזיגען געזעץ־בוך, ווי אזוי זיי אנצו־ווענדען אין די אדער יענע פראקטישע פאלען. דעם רעליגיזען כאראקטער האט געהאט אויך די געריכטליכע טעטיגקייט פונ׳ם „בית־דין הגדול“. וואס פאר אנ׳אנטייל די דאזיגע אנשטאלט האט גענומען אין דער מלוכה־פערוואלטונג — איז גענוי ניט בעוואוסט. לויט דער שפעטערדיגער (תלמוד׳ישער) מסורה, האט דער סנהדרין געהאט פאלגענדע פונקציעס: ער פלעגט בעשטימען די פראווינציעלע דיינים און בעאמטע, בעהאנדלען די פראצעסען וועגען אידען פון אמת׳ען גלויבען (מסית ומדיח), די משפטים וועגען „פאלשע נביאים“ און וועגען כהנים־גדולים וואס האבען געזינדיגט. דער סנהדרין האט געגעבען השגחה הערויף, אז אין די משפחות פון די כהנים זאל ניט זיין קיין פסול און אז די שדוכים ביי זיי זאלען פארקומען על־פי דין (מחמת כהנים האבען ניט געטארט חתונה האבען מיט גרושות אדער מיט פרויען פון פרעמדע פעלקער), און צוליעב דעם פלעגט מען פיהרען בעזונדערע יחוס־בריעף. דער סנהדרין פלעגט פיהרען די צייטרעכענונג (עבור שנים וקביעות חדשים) און פלעגט בעשטימען די צייט פון די ימים־טובים; ער פלעגט איינשטעלען דעם סדר פון דער עבודה און פון די קרבנות אין בית־המקדש.

די געריכטליכע זיצונגען פונ׳ם סנהדרין פלעגען פארקומען עפענטליך. די מיטגלידער פון בית־דין פלעגען זיצען אין א האלבען עיגול (כחצי גרן עגולה), בכדי זיי זאלען קאנען זעהן איינער דעם אנדערען. צוויי שרייבער פלעגען שטעהן רעכטס און לינקס און פערשרייבען די מיינונגען פון די דיינים. בכדי צו בעטראכטען א פראצעס, האבען געמוזט זיצען ניט ווייניגער פון 23 מיטגלידער („דער קליינער סנהדרין“). אין קרימינעלע פראצעסען (דיני נפשות) איז גענוג געווען א פשוטער רוב אויף צו בעפרייען דעם בעשולדיגטען פון שטראף; בכדי צו פערמישפטען אבער איז נויטיג געווען א רוב פון צוויי שטימען, דאס

בײַם 13 פֿון 23. װעגן פּונקטליך פֿלעגט מען אָנהײבן אַלערהאַנד גאַראַנטיעס, אַז דער פּסק-דין זאָל אַרויס אַ גערעכטער. די פֿראַגע װעגן דעם, צי דאַרף דער בעשולדיגטער פֿאַר'משפּט װערען, פֿלעגט מען צוערשט פֿאָרלעגען דעם יונגסטען מיטגליד אין דערנאָך פֿלעגט מען מדרגות'װײַז איבערגעהן צו די עלטערע און צום פֿאָרזיצענדען; דאָס האָט מען געטאָן צוליעב דעם, כּדי די מיינונגען פֿון די עלטערע און בכבודע מיטגלידער זאָלען ניט האָבען קײן אײנפֿלוס אױף די יונגערע. חוץ דעם האָבען זיך געמוזט אַרױסזאָגען פֿריהער די, װאָס האַלטען, אַז מען מוז דעם בעשולדיגטען בעפֿרײַען פֿון שטראָף, און דערנאָך ערשט די, װאָס האַלטען, אַז מען בעדאַרף איהם פֿאַר'משפּט'ן. װער ס'האָט זיך געהאַט אַרױסגעזאָגט פֿאַר בעפֿרײַען, דער האָט שוין ניט געקאָנט חרטה האָבען אױף זײַנע רײד (המלמד זכות לא היה יכול לחזור וללמד חובה). בײַ אַזעלכע תּנאים האָט דער סנהדרין אפֿשר אײן מאָל אין אַ יובל אַרױסגעטראָגען אַ טױט-אורטײל.

דעם גײַסט פֿון מענשען-ליעבע אין דער פּראַקטיק פֿון געריכט האָבען אַרײַנגעטראָגען דער עיקר די פּרושים, װאָס אַלס געלערנטע רעכטס-קענער האָבען זײ פֿאַרנומען אַ װיכטיגען פּלאַץ אין סנהדרין. די צדוקים זענען געװעזען אַ סך שטרענגער אין זײערע אורטײלען, מחמת זײ פֿלעגען אָפֿט האַלטען זיך פֿאַר די פֿעראַלטעטע כּללים פֿון דער תּורה שבכתב און האָבען ניט דערלאָזען זײ גרינגער מאַכען דורך פּירושים. אַזױ װי די פּרושים זענען געװעזען געלערנטער און האָבען בעסער געװאוסט די דינים, אײדער זײערע געגנער, דעריבער האָבען זײ בעװיזען צו פֿאַרנעמען דעם ערשטען אָרט אין סנהדרין בײַם אױסטײַטשען די געזעצען, בשעת מען פֿלעגט זײ דאַרפֿען אָנװענדען אין דער פּראַקטיק. אױב די צדוקים האָבען געגעבען אַ בעשטימטע ריכטונג דער אינעװײניגסטער פּאָליטיק פֿון דער מלוכה, דערפֿאַר אָבער האָבען די פּרושים, אַדאַנק זײער יורידישען און גײַסטליכען אױטאָריטעט, געװירקט דורכ'ן סנהדרין אױפֿ'ן גאַנג פֿון דער אינעװײניגסטער פֿערװאַלטונג. נאָר ס'איז פֿאָרט ניט מעגליך געװעזען גענוי פֿאַנאַנדערצוטײלען דעם װירקונגס-קרײַז פֿון די בײדע פּאַרטײען, און מחמת דעם איז ניט געװעזען אױסצומײַדען צוזאַמענשטױסען צװישען זײ.

הורקנוס I-ענס מחלוקות מיט די פּרושים.

§ 63. דער בעהאַלטענער קאַמפּף צװישען די פּרושים און די צדוקים, װאָס האָבען געשטריטען צװישען זיך װעגען דעם אײנפֿלוס אױפֿ'ן גאַנג פֿון דער מלוכה-פֿערװאַלטונג, האָט זיך אױסגעלאָזט מיט אַן אָפֿענער פּאָליטישער צעשפּאַלטונג אין די לעצטע יאָהרען, װאָס יוחנן הורקנוס איז געװען נשיא. די פּרושים האָבען בכלל געקאָנט זײַן צופֿרידען מיט הורקנוס'עס רעגירונג, װאָס האָט אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל בעזיכערט די אומאָבהענגיגקײט פֿון מלכות-יהודה און איהר נאָרמאַלע אינעװײניגסטע ענטװיקלונג. זײ האָט בלױז געקאָנט ניט גע-

פֿעלן װערן דאָס, װאָס דער נשיא איז געװען צופֿיל איבערגעגעבן דער עראָבערונגס-פּאָליטיק; דאַנק דער דאָזיגער פּאָליטיק איז געװען אַ סכנה, אַז מלכות-יהודה זאָל אַרײַנגעריסן װערן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליטישן קאַמפּף — און דאָס דוקא איז געװען געפֿעלן די צדוקים, װאָס זענען געװען אַנהענגער פֿון אַ װעלטלעכן און מיליטערישן רעזשים.

דער נשיא-כהן-גדול גופֿא האָט זיך געשאָקלט צװישן די דאָזיגע צװײ פּאַרטײען, װאָס האָבן געהאַט זײערע פֿאָרשטעהער אין דער גערוזיא אָדער סנהדרין. לכתחילה, אַז ער איז געװאָרן נשיא, איז ער געגאַנגען נאָך דער ריכטונג פֿון די פּרושים בנוגע צו רעליגיעזער געזעצגעבונג און צו די ענינים, װאָס זענען שײך צום פֿערזאָרגן די גײסטיגע הצטרכות'ן פֿון פֿאָלק. נאָר שפּע-טער, אַז די אױסװײניגסטע פּאָליטיק איז געװאָרן פֿערפּלאָנטערטער און איז אַרױסגעטראָטן אױפֿ'ן ערשטן פּלאַן, האָט זיך דעם נשיאס אױפֿמערקזאַמקײט אָבגעװענדט פֿון דער גײסטיג-קולטורעלער אַרבײט. די צדוקים האָבן בעקומען די איבערהאַנד אינ'ם ראַט פֿונ'ם נשיא, און צום סוף פֿון הורקנוס I-ענס רעגי-רונג, האָט זיך זײ אײנגעגעבן אינגאַנצן אַריבערציהען דעם נשיא אױף זײער צד.

צו די אַלגעמײנע פּאָליטישע סבות, װאָס האָבן פֿערשטאַרקט דעם אײנ-פֿלוס פֿון די צדוקים בײם הויף, זענען צוגעקומען נאָך צופֿעליגע געשעהענישן פֿונ'ם נשיאס פּערזענליכן לעבן, װאָס האָבן אַרױסגערופֿן די מחלוקת צװישן נשיא און צװישן די פּרושים. די נאָהענטסטע געלעגענהײט צו דער דאָזיגער מחלוקת האָט געגעבן פֿאָלגענדע מעשה:

אײן מאָל האָט יוחנן הורקנוס געמאַכט אַ מאָלצײט, אױף װעלכן ער האָט אײנגעלאַדען אױך אַ סך אײנפֿלוסרײכע פּרושים. בשעת'ן מאָלצײט האָט דער נשיא פֿאָרגעלײגט זײנע געסט — זײ זאָלן אים אָפֿען אַרױסזאָגן, צי איז ער װען עס איז אין זײן רעגירונג אָבגעטראָטן פֿון די געטליכע געזעצן (פֿון דער תורה), און אױב ער איז יאָ אָבגעטראָטן און האָט אַ טעות געהאַט, טאָ זאָל מען אים זאָגן דעם גאַנצן אמת און אָנװײזן אים, װי אַזױ אױסצומײדען אַזעלכע עבֿירות און טעות'ן להבא. אַלע אײנגעלאַדענע געסט זענען שטאַרק נתפּעל געװאָרן איבער דער ענוות און איבער דער אױפֿריכטיגקײט פֿונ'ם נשיא און האָבן בקול רם געלױבט זײן רעגירונג. מעדר ניט אײנער פֿון די פּרושים, אַ געװיסער אלעזר, האָט זיך געװענדט צו הורקנוס'ן מיט אַזעלכע װערטער: „אױב דו װילסט זײן גערעכט (מיט אַן אַנדער נוסח: „אױב דו װילסט װיסען דעם אמת"...), טאָ זאָג זיך אָב פֿון דער כהונה-גדולה און בעגענוגען זיך מיט דער װעלטליכער ממשלה איבער'ן פֿאָלק!" אַז הורקנוס האָט בײ אים געפֿרעגט, װאָס איז די סבה פֿון אַזאַ מין פֿאָדערונג, האָט דער דרײסטער פּרוש געענטפֿערט: „װײל מיר האָבן געהערט פֿון אונזערע עלטערן, אַז דײן מוטער האָט זיך געפֿינען

אין געפאַנגענשאַפט אין אנטיוכוס עפיפאַנעס צייטן" (דער זוהן פון אַ קריגס-געפאַנגענער פרוי האָט על-פי-דין ניט געטאָרט זיין קיין כהן). די דאָזיגע באַמערקונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן (נאָך דעם, ווי מען האָט די זאַך אויסגעפאָרשט — איז מוסיף אַנ׳אַנדער מסורה) פאַר פאַלש, האָט טיף באַליידיגט הורקנוסן און האָט מצער געווען די מעסיגע פרושים.

די צדוקים, וואָס זענען געווען מקורבים צום הויף, האָבן אויסגענוצט די דאָזיגע געלעגנהייט, כדי ענדגילטיג צו דערצאָרענען דעם נשיא קעגן די פרושים. הורקנוס׳ס אַ גוטער פריינד, דער צדוקי יונתן, האָט זיך גענומען אים איינצורעדן, אַז מיט אלעזר׳ס העזה-דיגע ערקלערונג איז מסכים די גאַנצע פאַרטיי פון די פרושים, מחמת זיי האָבן אים, הורקנוסן, פיינט. ער האָט געגעבן דעם נשיא אַן עצה, ער זאָל פאָדערן פון די פרושים, אַז זיי זאָלן אַליין באַשטימען די שטראָף, וואָס עס קומט אלעזרן פאַר דער באַליידיגונג און פאַר מוציא שם רע זיין. הורקנוס האָט די עצה געפאָלגט. די פרושים האָבן פער-משפט אלעזרן צו אַ לפי-ערך גרינגער שטראָף — צו שלאָגן אים מלקות און איינזעצן אים אין תפיסה; דאָס איז געווען די געוויינליכע שטראָף, וואָס האָט געקאָסט פאַר מוציא שם רע זיין אויף אַ פשוט׳ן בירגער. הורקנוס אָבער, וואָס האָט גערעכנט זיך אויף אַ האַרבערע שטראָף, האָט דערפון געדרונגען, אַז די פרושים זענען ניט באַזונדערס אויפגעבראַכט איבער אלעזר׳ס רייד, און דער מקורב, דער צדוקי יונתן, האָט זיך גענומען נאָך מער איינצופעסטיגן ביים נשיא די איבערצייגונג, אַז די פרושים זענען גאָר געפעלן געוואָרן די גראָבע רייד פון זייער געזינונגס-חבר.

סיקאָן זיין, אַז צווישן אַ געוויסן טייל פון די פרושים האָט באמת טאַקע געהערשט אַנאָנצופרידנקייט דעריבער, וואָס איין מענש איז צו גלייכער צייט אי אַ כהן-גדול אי אַ נשיא אַ קריגסמאַן, און אַז דער נשיא האָט וועגן דעם געוואוסט. נאָר די באַליידיגנדע פאָרם, אין וועלכער דער פרושי אלעזר האָט אויסגעדריקט זיין פראָטעסט, האָט ענדגילטיג אָבגעשטויסן הורקנוסן פון דער פאַרטיי פון די פרושים. צום סוף פון זיין לעבן איז דער נשיא ענדגילטיג צוגעשטאַנען צו די צדוקים, וואָס האָבן שוין פריהער אויך געהאַט אַ גרויסן איינפלוס ביים הויף. לויט זייער עצה האָט ער אפילו מבטל געווען אָדער אָנערקענט פאַר ניט אָבליגאַטאָריש די געזעצן פון תורה שבעל-פה, וואָס די פרושים האָבן איינגעשטעלט לויט זייערע פירושים אויף דער תורה שבכתב אָדער לויט דער טראַדיציע. די צדוקים האָבן בעקומען די איבערהאַנד אין העכסטן ראַט אָדער סנהדרין, און דערנאָך האָבן זיי נאָך יאָהרען-לאַנג געהאַלטן אין זייערע הענד די ממשלה.

די דאָזיגע אינעווייניגסטע סכסוכים האָבן, פונדעסטוועגן, פאָרט ניט געקאָנט אינגאַנצען פערטונקלען אינם זכרון פון די שפּעטערדיגע דורות די ליכטיגע

פֿאָרשטעלונגען וועגען דער גליקליכער צייט, בשעת יוחנן הורקנוס איז געווען נשיא. אין דער אידישער געשיכטע אין שוין לאַנג ניט געווען אַזאַ מאָמענט, ווען די פּאָליטישע און גייסטיגע ענערגיע פֿון דער נאַציע זאָל זיין אַזוי אָנגעשטרענגט, ווי אין דער צייט פֿונ'ם צווייטען נשיא פֿון בית־חשמונאי. אָבער דער קאַמפּף פֿון די פּאַרטייען אין מלכות־יהודה האָט עדות געזאָגט מעהר ניט וועגען דעם, אַז אונ'ם ווידער איינגעלעבטען פֿאָלק זענען פֿאַראַן אָהן אַ שיעור גייסטיגע קרעפֿטען, אַז רייך און פֿערשיידענאַרטיג זענען זיינע סאָציאַלע און רעליגיעז־עטישע שטרעבונגען, וואָס האָבען ניט געקאָנט געפֿינען פֿאַר זיך קיין אָרט אין די שמאָלע ראַהמלען פֿון דער אַלטער יענער מלוכה־אָרדנונג.

# דריטער קאַפּיטעל.

## אַריסטובול I, אַלכּסנדר ינאַי און שלומית־אַלכּסנדרה.

דער קעניג יהודה־אַריסטובול. — אַלכּסנדר ינאַי און זיינע מלחמות. — די אונצופֿרידענקייט פֿון די פּרושים און די מהומה אין בית־המקדש. — דער בירגער־קריג. די לעצטע מלחמות און אַלכּסנדר'ס טויט. — שלומית אַלכּסנדרה און די הערשאַפֿט פֿון די פּרושים. — אַריסטובול און די אַמביציע פֿון די צדוקים.

### דער קעניג יהודה־אַריסטובול.

§ 64. יוחנן־הורקנוס איז געשטאָרבען, נאָכדעם ווי ער האָט רעגירט דרייסיג יאָהר (104). ער האָט געלאָזען נאָך זיך אַ פֿרוי און פֿינף זיהן, וואָס דער עלטסטער פֿון זיי איז געווען יהודה, וואָס האָט אויך געהאַט דעם גריכישען נאָמען אַריסטובול. דאָס איז געווען דער אייגענער פּרינץ, וואָס האָט אַנטמעלט, אונאייניגעם מיט זיין ברודער אַנטיגנוס, איינגענומען און צעשטערט די שטאָדט שמרון (§ 57). לויט דער קאָנסטיטוציע פֿון די חשמונאים, האָט יהודה־אַריסטובול בעדאַרפֿט איבערנעהמען ביידע טיטעל'ן הורקנוס'ס — נשיא און כהן־גדול. נאָר, ווי עס ווערט דערצעהלט אין אַן אַלטער כראָניק, האָט דער פֿערשטאָרבענער נשיא געלאָזען אַ צוואה פֿאַר'ן טויט, אַז רעגירען איבער דער מלוכה זאָל זיין אַלמנה און אַז יהודה זאָל בעקומען מעהר ניט די כהונה־גדולה. עס קאָן זיין, אַז צו מאַכען די דאָזיגע פֿעראָרדנונג האָבען בעוואויגען הורקנוס'ן די פּראָטעסטען, וואָס האָבען זיך געלאָזט הערען מצד די פּרושים די לעצטע יאָהרען, וואָס ער איז געווען נשיא.

אָבער יהודה־אַריסטובול, וואָס איז געווען אַ רודף־כבוד, האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז זיין ממשלה זאָל געמינערט ווערען. ער האָט אינגאַנצען בעזיי־

מיטן זיין מיטער פון דער פערוואלטונג און האט זי אריינגעזעצט אין תפיסה, וואו זי זאל זיין געשטארבן. זיינע ברידער האט ער אויך געהאלטן אין תפיסה, חוץ אנטיגנוס'ן, וועלכן ער האט ליעב געהאט און וועלכן ער האט געמאכט אפילו פאר זיין מיטרעגירער.

יהודה־אריסטובול האט זיך ניט באגנוגנט מיטן טיטל נשיא; ער האט דער ערשטער זיך אנגעאייגנט דעם טיטל ק ע נ י ג, וואס איז אבגעשאפט געווארן אין מלכות־יהודה, זינט דער צייט פון צדקיה, דעם לעצטן קעניג פון בית־דוד. דער דאזיגער נייער טיטל האט פולקומען געפאסט פאר דער לאגע פון די אומאפהענגיגע אידישע רעגירער, נאר דאס איז געווען כנגד דער אלטער פאלקס־טראדיציע, וואס האט געגלויבט, אז די קעניגליכע ממשלה קאן ווידער איינגעפירט ווערן ביי אידען נאר דורך א מיטגליד פון דוד'ס דינאסטיע. היות, ווי אריסטובול איז געווען דורכגעדרונגען מיט די וועלטליכע אנשויאונגען פון די צדוקים, דעריבער האט ער געוואלט איינפירן אין מלכות־יהודה די זעלביגע פאראנדקעס, ווי אין די שכנישע העלעניזירטע מלוכות, וואו אפילו קליינע רעגירער פלעגן זיך אנרופן „מלכים". די היידנישע שרייבער פלעגן אנרופן אריסטובול'ן — מסתמא ניט אהן א יסוד — פ י ל ה ע ל ע נ ו ס, דאס־הייסט גריכען־פריינד. פינדעסטוועגן אויף די מטבעות, וואס זענען געמאכט געווארן פאר דער צייט פון זיין קיניגען, איז אנגעצייכנט מעהר ניט זיין אידישער נאמען, מיטן טיטל כהן־גדול, און דערביי ווערט דערמאנט וועגן דער „אידישער קאלעגיע" (יהודה כהן־גדול וחבר היהודים), פונקט אזוי ווי אויף די מטבעות פון יוחנן־הורקנוס.

בנוגע צו דער אויסווייניגסטער פאליטיק איז יהודה־אריסטובול ווייטער געגאנגען אין די וועגען פון זיין פאטער. אויב יוחנן־הורקנוס האט איינגענומען די דרומדיגע שכנים פון מלכות־יהודה, די אדומים, און האט זיי געצוואונגען צו ווערן אידען, איז האט אריסטובול איינגענומען דעם צפונדיגן טייל פון ג ל י ל און האט געצוואונגען די דאזיגע איינוואוינער — דעם אראבישן שבט י ת ו ר י ם — אנצונעהמען דעם אידישן גלויבן, און אלס אויסווייניגסטן סימן דערצו האבן זיי געמוזט זיך מל זיין.

נאר אריסטובול האט געקיניגט ניט לאנג. הויפישע אינטריגעס, וואס האבן זיך טראגיש אויסגעלאזט, ווארפן א פינסטערן שאטן אויף דער קורצער צייט, וואס ער האט געקיניגט. דער נייער מושל איבער דער מלוכה איז געווען א מענש א קרענקליכער, און די גאנצע וועלט איז געווען חשוד ביי איהם אין די אויגן; זיינע סימפאטיעס בנוגע צו זיינע מקורבים האבן זיך געביטן אינאיינעם מיט זיינע צופעליגע שטימונגען. זיין יונגערער ברודער און מיטרעגירער, אנטיגנוס, האט בעקומען א שם צווישן פאלק, אדאנק זיינע נצחונות אין דער צפונדיגער מלחמה. א כת הויפס־לייט האבן דעם דאזיגן פרינץ מקנא געווען

איבער דעם גרויסן נאָמען, וואָס ער האָט בעקומען, און אויך איבער דעם, וואָס דער קעניג איז איהם צוגעטאָן. אנטיגנוס'ס שׂונאים האָבען זיך געמיהט איינצופּלאָנצען ביים קעניג א חשד, אז דער פּרינץ, וואָס איז אזוי בעליעבט ביים חיל און ביי די בירגער, שטרעבט צו מאַכען א מלוכה־איבערקערעניש און אריינצוכאַפּען אין זיינע הענד די ממשלה. אריסטובול האָט געגלויבט די ראַזיגע רכילות'ן און איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז ער האָט געטויט זיין געליעבטען ברודער.

מאיז פערבליבען פאָלגענדע ערצעהלונג וועגען דער ראַזיגער טרויעריגער געשעהעניש.

דער קעניג אריסטובול איז געלעגען אין פּאַלאַץ קראַנק. אין דער זעלביגער צייט איז אנטיגנוס געקומען אויף סכות אהיים קיין ירושלים פון א מלחמה, און דאָס פאָלק האָט איהם בעגעגענט מיט פרייד. באַלד, ווי ער איז אָנגעקומען, איז דער פּרינץ, בראש פונ'ם חיל און אָנגעטאָן אין זיין גאַנצער בעוואָפּענונג, אוועק אין בית־המקדש, בכדי צו הייליגען דעם יום־טוב און תפלה טאָן פאַר זיין קראַנקען ברודער. אריסטובול'ן האָט מען איינגעזאָגט געגעבען צו וויסען וועגען דעם ראַזיגען פייערליכען צוג און מען האָט געמיהט זיך איהם איינצורעדען, אז אנטיגנוס פּלאַנט כלומרשט צו מאַכען א מלוכה־איבערקערעניש און אז צוליעב דעם טאַקע וועט ער באַלד קומען אין פּאַלאַץ אָנגעטאָן אין אַלע זיינע געוועהר. דערמאָלט האָט דער קעניג געגעבען א בעפעהל זיינע וואַך־לייט, — זיי זאָלען הרגענען אנטיגנוס'ן, ווען ער וועט פּרובען אריינגעהן אין פּאַלאַץ מיט געוועהר אין די הענד. אנטיגנוס'ן האָט ער דערווייל שטילערהייד געשיקט אָנזאָגען, אז ער זאָל קומען צו איהם אָהן געוועהר. נאָר די הויפּט־לייט, וואָס האָבען געוואָלט אומברענגען אנטיגנוס'ן, האָבען אונטערגעקויפט די מענשען, וואָס זענען געשיקט געוואָרען צו איהם מיט דער ראַזיגער התראה, אז זיי זאָלען איהם זאָגען פּונקט דעם היפּוך, דאָס הייסט: אז דער קעניג האָט געהייסען איהם קומען צו איהם אין זיינע נייע געוועהר. אנטיגנוס האָט פון קיין שום בייז ניט געוואוסט און איז אוועק אין פּאַלאַץ אין זיין נייעם קריגס־פּוץ; אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערנעהנטערט צום פינסטערן דורכגאַנג ביים סטראַטאָנס־טורעם, זענען אויף איהם אָנגעפאַלען די קעניגליכע וואַכלייט און האָבען איהם געטויט, לויט'ן בעפעהל, וואָס מען האָט זיי געגעבען. די ידיעה וועגען דעם געליעבטען ברודערס טויט האָט געמאַכט א מוראדיגען רושם אויף אריסטובול'ן; זיין קראַנקהייט איז נאָך שטאַרקער געוואָרען; ביז איהם האָט זיך אָנגעהויבען זעהר אָפט גיסען בלוט פון האַלז, און דאָס איינאיינעם מיט זיינע גייסטיגע יסורים האָט פערגיכערט זיין טויט. אריסטובול איז געשטאָרבען, נאָכדעם ווי ער האָט געקעניגט אינגאַנצען איין יאָהר (103).

אריסטובול האָט זיך, אפנים, אינגאַנצען געפינען אונטער'ן איינפלוס פון דער צדוקישער אריסטאָקראַטיע, און דער פרומער טייל פון פאָלק, וואָס איז

געגאַנגען נאָך די פּרושים, האָט איהם ניט ליעב געהאַט. נאָר דורכדעם קאָן מען ערקלערען דאָס, וואָס ס'זענען פֿערשפּרייט צווישען פֿאָלק צעבלאָזענע לעגענדעס וועגען דעם, אַז דער קעניג דער צדוקי איז זיך בעגאַנגען אכזריות'דיג מיט זיין מוטער און מיט זיינע ברידער. בלויז די גריכישע היסטאָריקער ליבען זעהר אריסטובולין, מסתמא דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ שם פֿאַר אַ „גריכען-פֿריינד".

## אלכסנדר ינאי און זיינע מלחמות.

§ 5. נאָך אריסטובולס טויט האָט זיין אַלמנה אַרויסגעלאָזען פֿון תּפֿיסה זיינע דריי ברידער. דער עלטסטער פֿון זיי, ינאי, איז אויסגערופֿען געוואָרען פֿאַר אַ קעניג און כהן-גדול (76—103). צו זיין אידישען נאָמען (ינאי איז אַ קיצור פֿון יונתן) האָט דער נייער קעניג, לויט דעם דעמאָלטיגען מנהג, מוסיף געווען אויך אַ גריכישען — אלכסנדר. היות, ווי אריסטובול איז געשטאָרבען אָהן קינדער, דעריבער האָט אלכסנדר-ינאי, לויטן דין פֿון דער תורה, חתונה געהאָט מיט זיין אַלמנה, וואָס האָט אויך געהאַט אַ צווייטען נאָמען, אַ אידישען און אַ גריכישען — שלומית-אלכסנדרה.

ס'איז פֿאַראַן עפּיס אַנאָנקלאָרע ידיעה, אַז אלכסנדר-ינאי האָט כלומר'שט געטויט זיינעם אַ ברודער, וואָס האָט געשטרעבט צו דער מלוכה, — נאָר ס'איז מעגליך, אַז די דאָזיגע מעשה האָבען אויסגעטראַכט שפּעטער דעם קעניגס שונאים און האָבען עס פֿערשפּרייט צווישען פֿאָלק. גיכער אמת קאָן זיין די מעשה וועגען דעם, אַז אין זיינע יונגע יאָהרען האָט אלכסנדר-ינאי ניט שטאַרק נושא חן געווען ביי זיין פֿאָטער, יוחנן-הורקנוס, און היות, ווי דער אַלטער נשיא האָט איהם ניט געוואָלט האַלטען ביי זיך אין פּאַלאַץ, דעריבער האָט ער איהם אָפּגעשיקט קיין גליל, בכדי ער זאָל דאָרט בעקומען זיין ערציהונג. דאָרט, ווי עס ווייזט אויס, האָט אלכסנדר-ינאי בעקומען אַ גוטע מיליטערישע צוגרייטונג, אָבער ניט קיינע בילדונג און גייסטיגע ערציהונג, וואָס זענען נויטיג פֿאַר אַ צוקונפֿטיגען מושל און כהן-גדול.

נאָכדעם, ווי זיינע ביידע ברידער, אריסטובול און אנטיגנוס, זענען יונגערהייד געשטאָרבען, איז ינאי אונגעריכט אַרויפֿגעשטעלט געוואָרען בראש פֿון דער מלוכה-פֿערוואַלטונג, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז צו איינזייטיג צוגעגרייט. דער נייער קעניג, וואָס איז לויט אַלע זיינע נטיות געווען גיכער אַ גריך, אידער אַ איד, האָט געוואוסט פֿאַר זיך נאָר איין ציעל אין לעבען: פֿערברייטערן די ממשלה פֿון מלכות-יהודה איבער גאַנץ פּאַלעסטינע. נאָר ער איז געווען, לויט זיין טבע, צו-פֿיעל קריגסמאַן און צו-ווינציג ציווילער רעגירער. אַ סך פֿון זיינע מלחמות זענען געפֿיהרט געוואָרען אָהן גענוגע פּאָליטישע יכולת און האָבען איינגעשלונגען אַ סך קרבנות און געבראַכט שאָדען די עקאָנאָמישע און גייסטיגע אינטערעסען פֿון פֿאָלק.

קודם כל האָט אַלכּסנדר־ינאַי געווענדט זיין בליק אויפֿן ברעג־לאַנד פֿונעם מיטללענדישן ים, וואו ביז אַהער האָט געהערט צו די אידן בלויז די האַפֿן־שטאָט יפֿו מיט עטלעכע אַנדערע שטעט. אַדאַנק דער פֿאָלקומענער אַנאַרכיע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין סיריע, זענען די שטעט אויפֿן ברעג ים, וואו ס׳האָבן געוואוינט גריכן און פֿעניציער, געוואָרן כּמעט אומאָפּהענגיקע „פֿריי־שטעט"; אין זיי האָט געבליט האַנדל און אינדוסטריע, אָבער על־פּי־רובֿ זענען זיי געווען שלעכט געשיצט אין מיליטערישער הינזיכט. דאָס האָט אויסגענוצט דער קריגערישער אידישער קעניג, וואָס האָט געוואָלט פֿעראָבערן דאָס, וואָס די פֿריערדיקע מלכים האָבן אָנגעהויבן, און צונעמען פֿאַר זיך דאָס גאַנצע ברעג־לאַנד.

ער האָט געפֿירט זיין חיל קעגן די איינוואוינער פֿון דער שטאָט פּטאָלעמאַאידע (עכּו), וואָס איז געווען איינע פֿון די גרעסטע פּונקטן פֿון יענער געגענד, און האָט זי בעלעגערט. די בעלעגערטע האָבן גערופֿן צו הילף דעם מושל פֿון דער נאָענטער אינזל קיפּרוס — תּלמי לאַטורוס; דאָס איז געווען אַן עגיפּטישער פּרינץ, וואָס זיין מוטער, די קעניגין קלעאָפּאַטראַ, האָט אים בעזייטיקט פֿון טראָן און זיין פֿאָטערלאַנד. ווי נאָר תּלמי מיט אַ גרויסן חיל איז אָנגעקומען נעבן עכּו, האָט אַלכּסנדר־ינאַי געמוזט אויף דערווייל אָפּטרעטן פֿון דאָרט. נאָר דער קעניג האָט פֿאָרט ניט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פֿון זיין מיליטערישן פּלאַן, און בכדי צו דערגרייכן זיין ציל, האָט ער אָנגעווענדט אַ דיפּלאָמאַטישן קונץ. ער האָט געשלאָסן אַ פֿריינדשאַפֿטלעכן בונד מיט תּלמין, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך שטילערהייד געווענדט נאָך הילף צו תּלמי׳ס מוטער און פֿיינדין, דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטראַ. אַז תּלמי האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, איז ער אַריין אין כּעס און האָט זיך געלאָזט גיין מיט זיין חיל קעגן אַלכּסנדרן. ער האָט איינגענומען און צוראַבירט די שטאָט אַסאָכים (ניט ווייט פֿון ציפּורי) אין גליל, און דערנאָך איז ער צונויפֿגעקומען זיך מיט דער אַרמעע פֿון זיין געגנער אויפֿן ברעג פֿון ירדן, אין דער געגנט אַסאָפֿאָן. דער טייך האָט אָפּגעטיילט דעם אידישן חיל פֿון דעם שונאס חיל, און דער לעצטער איז אַריבער אויפֿן אַנדער ברעג. אַלכּסנדר האָט ניט געשטערט די פֿיינד אַריבערצוגיין, מחמת ער האָט געהאָפֿט, אַז אים וועט זיך איינגעבן גיכער מנצח צו זיין די פֿיינד, בשעת זיי וועלן האָבן הינטער זיך דעם טייך. די שלאַכט צווישן ביידע פֿיינדלעכע אַרמעען איז געווען זעהר אַ הייסע, און ביידע געגנער האָבן באַוויזן גרויסע גבֿורות. נאָר סוף־כּל־סוף האָט תּלמי׳ס חיל געוואונען די שלאַכט, מחמת די גריכן האָבן בעסער געוואוסט די קריגס־קונסט. די אידן זענען געשלאָגן געוואָרן און זענען אַנטלאָפֿן, און דער שונא האָט זיי נאָכגעיאָגט און אָהן רחמנות אויסגעקוילעט, וועמען ער האָט געכאַפּט, „ביז די שווערדן זענען שטומפּיג געוואָרן און די הענד האָבן זיך איינגעבויגן" (אין יאָהר 100).

די יונגער האָבען זיך געלאָזט געהן צוריק צום ברעג ים און אונטערוועגס האָבען די הרוב געמאַכט אידישע שטעדט און דערפער און אָבגעטאָן איהן א שיעור אכזריות׳דיגע מעשים. אין איינע דערפער האָט תלמי לאַטורוס, ווי מען דערצעהלט, געהייסען צעהאַקען די ווייבער און קינדער אויף שטיק־שטיקלעך און אריינוואַרפען זיי אין קעסלען מיט זידיגע וואַסער, כדי צווישען די אידען זאָלען זיך פערשפּרייטען קלאַנגען, אז די פיינד זענען מוראדיגע מענשענפרעסערס. תלמי האָט שוין געהאַט איינגענומען פּטאָלעמאַאידע און עזה, וואָס אלכסנדר־ינאַי האָט געשטרעבט זיי איינצונעהמען.

נאָר דאַ האָט זיך אריינגעמישט די עגיפּטישע קעניגין קלעאָפּאַטראַ. די קעניגין האָט זיך דערשראָקען דערפאַר, וואָס איהר פערהאַסטער זוהנ׳ס ממשלה האָט זיך בעפעסטיגט אויפ׳ן ברעג פון מיטעללענדישען ים, כמעט ביים שוועל פון עגיפּטען, און זי האָט ארויסגעשיקט קעגען איהם א פלאָט און חיל. אלס קאָמאַנדירען פון עגיפּטישען חיל זענען בעשטימט געוואָרען — אפשר ניט צופעליג — צוויי קריגס־הויפּטלייט, אידען פון אלכסנדריא: חלקיה און חנניה. נאָך א לאַנגער רייהע שלאַכטען אויף דער יבשה און אויפ׳ן ים, אין סיריען און אין עגיפּטען, האָט קלעאָפּאַטראַ׳ס חיל אָבגעהאַלטען א נצחון. נאָכדעם, ווי די עגיפּטער האָבען געהאַט איינגענומען פּטאָלעמאַאידע, וואָס איז דער שליסעל צו פּאַלעסטינע, האָבען זיי געקאָנט גרינג איינעהמען דאָס גאַנצע לאַנד. איינינע מקורבים האָבען געגעבען אַן עצה קלעאָפּאַטראַ׳ן, וואָס איז געקומען דעמאָלט קיין פּאַלעסטינע, זי זאָל אויסנוצען די געלעגענהייט און ווידער צונעהמען דאָס לאַנד יהודה פאַר עגיפּטען, ווי דאָס איז געווען אין דער צייט פון די ערשטע תלמיים. נאָר דער אידישער קריגס־הויפּטמאַן חנניה (זיין מיטקעמפער חלקיה איז אומגעקומען בשעת דער מלחמה) האָט אָבגעווענדעט זיין גאַנצען איינפלוס אויף דער קעניגין, כדי אָבצוהאַלטען זי פון דעם דאָזיגען געוואַלד־אַקט. ווי עס ווערט דערצעהלט, זאָל ער איהר האָבען געשראָקען אפילו, אז אלע אידען אין דער עגיפּטישער מלוכה וועלען קעגען איהר מורד זיין, אויב זי וועט נאָר פרובען ארויפצוליגען א האַנד אויף דער אומאָבהענגיגקייט פון מלכות־יהודה. קלעאָפּאַטראַ האָט איהם געפאָלגט און האָט געשלאָסען א פריינדשאַפטס־בונד מיט אלכסנדר־ינאַי, וואָס איז געקומען צו איהר בעדאַנקען פאַר דער הילף, וואָס זי האָט איהם געגעבען.

תלמי לאַטורוס האָט זיך אומגעקערט קיין קיפּרוס, און קלעאָפּאַטראַ — קיין עגיפּטען. דער אידישער קעניג אָבער האָט נאָך אַליין ניט געהאַלט זיך בערוהיגען, און ווי נאָר ער האָט געפיהלט זיך פריי, האָט ער געשטרעבט צו נייע ערָאבערונגען.

ער האָט איינגענומען צוויי גרויסע פונקטען אויפ׳ן מזרח־גרעניץ פון לאַנד יהודה, ניט ווייט פון ירדן: די שטאָדט גדרה און די שטאַרקע פעסטונג עמתוס.

גדרה איז אײַנגענומען געוואָרען נאָך אַ בעלעגערונג פֿון צען חדשים, און בײַם אײַננעמען אַמאַטוס האָט דער אידישער חיל אָנגעוואָרען אַ סך מענ-שען, מחמת דער אָרטיגער פֿירשט („דעספּאָט"), אַ סיריער, האָט זיך מיט עקשנות אַנטקעגנגעשטעלט.

דערנאָך האָט אַלכּסנדר-ינאַי זיך אומגעקערט צוריק קיין מערבֿ, אין דעם ברעג-לאַנד, און האָט אײַנגענומען דאָרט די שטעדט ראַפֿיא און אַנטעדאָן, און צעלעכט די בערימטע סירישע (אַמאָל פּלשתּישע) שטאָדט עזה, אין דעם דרומ-דיגען טייל פֿון דער דאָזיגער געגענד (96). די בעלעגערונג פֿון עזה האָט גע-דויערט אַ יאָהר צײַט. די שטאָדטישע אײַנוואוינער, מרובֿ גריכען, האָבען זיך מוטיג פֿערטיידיגט, נאָר אַ טייל פֿון דער שטאָדטישער מיליציע האָט בוגד גע-ווען און האָט איבערגעגעבען די שטאָדט אַלכּסנדר-ינאַי. דער אידישער קעניג האָט ערלויבט זײַנע קריגסלײַט צו טויטען און בערויבען די אײַנוואוינער. אין דער זעלביגער צײַט, וואָס עזה איז אײַנגענומען געוואָרען, איז פֿאָרגעקומען אַ זיצונג פֿונ'ם אָרטיגען שטאָדטישען ראַט, וואָס איז בעשטאַנען פֿון 500 מיט-גלידער. זיי אַלע זענען אַנטלאָפֿען געוואָרען אין טעמפּעל פֿון אַפּאָלאָ, מחמת זיי האָבען געהאָפֿט, אַז דער הייליגטום וועט ניט אָנגערירט ווערען, נאָר די זיגער האָבען זיי אויך דאָרט אויסגעהרג'עט אויף אַלכּסנדרס בעפֿעהל. די אידישע קריגס-הויפּטלײַט האָבען, משמעות, זיך גוט אָנגעאײַגענט די אַכזריות'דיגע מנהגים פֿון מלחמה-צײַט אינאײנעם מיט אַנדערע שלעכטע זײַטען פֿון דער גריכיש-רוימישער קולטור.

די אונצופֿרידענקייט פֿון די פּרושים און די מהומה אין בית-המקדש.

§ 66. אַלכּסנדר ינאַי'ס קריגערישע פּאָליטיק האָט געקאָנט בעפֿרידיגען בלויז די פּאַרטײַ פֿון די צדוקים, וואָס איז בעשטאַנען מרובֿ פֿון אַריסטאָקראַטישע שרים, קריגס-הויפּטלײַט און כּהנים, אָבער ניט די גײַסטליך נאַציאָנאַלע און דע-מאָקראַטישע פּאַרטײַ פֿון די פּרושים. ניט וועגען אַזאַ מלוכה האָבען געחלומט די חסידים, וואָס האָבען געהאָלפֿען שאַפֿען די אומאָבהענגיגקייט פֿון מלכות-יהודה, בשעת עס האָט צוערשט אַ שײַן געטאָן דער שטערן פֿון די חשמונאים. צי דען צוליעב דעם האָט מלכות-יהודה געקעמפּפֿט קעגען סירישען יאָך, צי דען צוליעב דעם האָט זי אין משך פֿון אַ פֿערטיל יאָהרהונדערט פֿערגאָסען די בלוט פֿון אירע זיהן, בכדי, נאָכדעם ווי זי איז געוואָרען אומאָבהענגיג, צו ווערען אַ קליינע „דעספּאָטיע" אָדער אַ מיליטערישע מלוכה, געגליכען צו די שכנישע היידנישע לענדער? — די פּרושים האָבען געהאַלטען, אַז די אידישע נאַציע איז געשאַפֿען צו עפּעס בעסערס, אַז זי מוז אין איהר מלוכה-לעבען פֿערווירקליכען ניט דעם אידעאַל פֿון גראָבער קראַפֿט, נאָר דעם אידעאַל פֿון אינעווייניגסטער סאָציאַל-גײַסטיגער השתּלמות (פֿערפֿאָלקאָמנונג). און אַ סך מענשען פֿון פֿאָלק

זענען געווען איינשטימיג מיט דער דאָזיגער איבערצייגונג פון די פּרושים ניט בלויז איבער מאָראַלישע, נאָר אויך איבער עקאָנאָמישע סבֿרות. אלכּסנדר־ינאי׳ס מלחמות האָבען אָנגעמאַכט חורבנות אין לאַנד, און אַ קעניג מיט פערבלוטיגטע הענד האָט זיך אויסגעוויזען פאַר ניט פּאַסיג ביים מזבח, אין דער ראָל פון אַ כּהן־גדול.

די צדוקים האָבען געהאַט אין זייערע הענד די ממשלה — אין דער רע־גירונג, אין דער אַרמעע, צווישען דער העכסטער גייסטליכקייט. די פּרושים האָבען זיך געפונען אין דער אָפּאָזיציע. זיי האָבען געקעמפט מיט זייערע געגנער פאַר דער ממשלה אין דעם מלוכה־ראַט אָדער סנהדרין. איבער געוויסע טעמים האָבען זיי געקאָנט האָפען, אַז זיי וועלען געווינען דעם דאָזיגען קאַמף. איינער פון די אָנפיהרער פון דער פּאַרטיי פּרושים איז געווען דער תּנא שמעון בן שטח, לויט דער טראַדיציע אַ ברודער פון דער מלכּה שלומית. די קעניגין גופא האָט זיך געפונען אונטער זיין איינפלוס און האָט געשיצט די פּרושים. היות, ווי אלכּסנדר, וואָס איז געווען פערנומען אין ווייטע קריגס־צוגען, פלעגט אָפטמאָל אַ לאַנגע צייט ניט זיין אין ירושלים, פלעגט שלומית דעמאָלט שטעהן בראש פון דער ציווילער פערוואַלטונג און האָט געקאָנט אונטערשטיצען שטאַרק שמעונ׳ס פּאַרטיי.

מיטן קעניג האָט דער אָנפיהרער פון די פּרושים, ניט קוקענדיג אויף דער נאָהענטער קרובֿה־שאַפט, געהאַט אַפנים אָפטע סכסוכים. איינמאָל האָט מען אָנגערעדט רכילות אויף שמעונ׳ען פאַרן קעניג, און איהם איז אויסגעקומען צו אַנטלויפען און צו באַהאַלטען זיך ווייט פון הויף; וועגען זיין באַהעלטעניש האָט געוואוסט נאָר די מלכּה. אין אַ געוויסער צייט אַרום — דערצעהלט די טראַדיציע — זענען געקומען צו פאָהרען צו אלכּסנדר׳ן צו גאַסט פּערסישע (פּאַרטישע) שׂרים, וואָס האָבען פריהער געקאַנט שמעונ׳ען אַלס געלעהרטען, וואָס איז קרוב למלכות, און אַלס „חכם“, און האָבען געוואָלט איהם ווידער זעהן. דעמאָלט האָט דער קעניג געבעטען זיין פרוי, זי זאָל אַרויסרופען איהר ברודער פון זיין באַהעלטעניש, און האָט פערזיכערט, אַז מיט איהם וועט קיין בייז ניט געשעהן. די קעניגין האָט געטאָן אַזוי. שמעון איז געקומען אין פּאַלאַץ, נאָר דאָ האָט ער זיך געהאַלטען ניט ווי אַ מענש, וואָס דער מושל האָט אויף איהם גע־וואָרפען אַנאמ׳חן, נאָר ווי אַ שטאָלצער שׂר, וואָס איז ביי זיך זעהר תּקיף. ביים מיטאָג האָט ער אַליין פערנומען דעם אָרט ביים טיש צווישען קעניג און קע־ניגין. אַז אלכּסנדר האָט ביי איהם געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן, האָט שמעון בדרך הלצה געענטפערט מיט אַ פּסוק פון בן־סירא: „אויב דו וועסט ליעב האָבען חכמה, וועט זי דיך דערהויבען און צווישען פירשטען אוועקזעצען“.

באַלד אָבער איז געקומען אַ צייט, ווען די באַהאַלטענע אונצופרידענקייט מיטן קעניגס אויפפיהרונג איז איבערגעגאַנגען אין אַן אָפענער מרידה. אויב

אלכסנדר־ינאי האט, אלס קעניג, געווירקט כנגד די פאליטישע אידעאלען פון די פרושים, און אבער, אלס כהן־גדול, האט ער אפטמאלס בעליידיגט זייערע רעליגיעזע געפיהלען, מחמת ער פלעגט בפרהסיא עובר זיין אויף די רעליגיעזע דינים, וואס די פרושים האבען זיי אנגענומען און די צדוקים האבען זיי געלייקענט.

אין מאיז געווען אמאל אום סכות, האט זיך דאס פאלק צונויפגעקליבען אין בית־המקדש מיט די לולבים (פאלמען־צווייגען) און אתרוגים אין די הענד. דער קעניג־כהן־גדול האט געפיהרט די עבודה ביים מזבח. בשעת ס'איז אנגעקומען די צייט, ווען ער האט בעדארפט, לויט'ן פאלקס מנהג, וואס איז געווען אנגענומען ביי די פרושים, אויספיהרען די צערעמאניע פון ניסוך־המים (גיסען וואסער אויפ'ן מזבח), — האט ער מיט אמאל אויסגעגאסען די צוגעגרייטע וואסער פון כלי אויף דער ערד, מחמת, אלס צדוקי, האט ער ניט אנערקענט, אז מען מוז האלטען די דאזיגע צערעמאניע[1]. די דאזיגע מעשה האט בעליידיגט דעם געפיהל פון די פרומע לייט. דאס איבערגעבראכטע פאלק האט אנגעהויבען ווארפען אויפ'ן קעניג מיט אתרוגים און האט געשריען, אז ער זאל אוועק פון מזבח, מחמת ער איז אן אייניקעל פון א קריגס־געפאנגענער פרוי, און דעריבער איז ער ניט ראוי פאר דער כהונה־גדולה. דעמאלט איז דער קעניג שרעקליך אריין אין כעס און האט ארויפגעלאזט אויפ'ן פאלק זיין געדונגענעם הייזנישען חיל. אנ'ערך זעקס טויזענד אידען זענען דעמאלט דערהרג'עט געווארען אין בית־המקדש און אין די הויפען, וואס ארום איהם.

בכדי צו בעשיצען זיך אויף להבא פון בעליידיגונגען מצד דעם „המון", האט דער קעניג געהייסען ארומצאמען א בעדייטענדען שטח ארום דעם מזבח און ניט צולאזען קיינעם אין דעם אבגעצאמטען ארט, חוץ די כהנים (בערך אין יאהר 95).

נאך דער דאזיגער הריגה אין בית־המקדש איז די שנאה פון די פרושים און פון פאלק צו אלכסנדר־ינאי אזוי גרויס געווארען, אז עס איז געווען גענוג די קלענסטע סבה, בכדי עס זאל אויסברעכען אן אלגעמיינער פאלקס־אויפשטאנד. און אזעלכע סבות האבען ניט געפעהלט.

דער בירגער־קריג.

§ 67. אין ירושלים האט דער קעניג ניט געקאנט לאנג איינזיצען. עס האט איהם אויפ'ס־ניי געצויגען צום שלאכט־פעלד, צו די גרעניצען פון דער

---

[1]) די דאזיגע מעשה איז זיך סומך אויף א ניט־קלארער טראדיציע פון תלמוד (סוכה, מ"ח), וואו יגאי"ס נאמען איז פערביטען דורכ'ן נאמען „צדוקי". אין דער איבעריגער ערצעהלונג איז אנגענומען דער נוסח פון יוסיפוס פלאוויוס (קדמוניות י"ג, כ"ד; מלחמות א', 4), וואס גיט מעהר פאקטישע ידיעות.

מלוכה, וואס ער האט שטענדיג געקאנט אנהויבען א מלחמה מיט די שכנים די אראבער אדער סורער, מיט דעם איסרייד, אז ער מיינט עס פלומרשט צו בעשיצען די גרענעצען, נאר אין דער אמת'ן — כדי צו פערברייטערן זיין טעריטאריע. די וואקסענדע מאכט פון די אראבער אויף דער מזרח-גרעניצן אין עבר-הירדן, האט געשראקען אלכסנדר'ן. איבערזעצענדיג דעם פאקט, וואס מי-ריען איז מדרגות'ווייז פונאנדערגעפאלען, האבען די אראבער פערפעסטיגט זייער ממשלה אין די געוועזענע לענדער פון די בני-מואב און בני-עמון, אין בשן און אין גלעד, און האבען זיך אלץ נעהנטער צוגערוקט צו די געביטען פון מלכות-יהודה, וואס ליגען ביים ירדן.

איבער פאליטישע טעמים האט דער אידישער קעניג בעשלאסען צו שטע-רען די אראבער אין זייער דראנג און צו פעראייניגען מיט זיין טעריטאריע די נאהענטסטע פונקטען פון עבר-הירדן. מיט דער הילף פון געדונגענע מיליטער, וואס ער האט צונויפגעקליבען אין קליין-אזיען, איז ער אריינגעדרונגען אין די לענדער פון די בני-מואב און בני-גלעד, האט אונטערטעניג געמאכט די איינ-וואוינער און געצוואונגען זיי צו צאהלען איהם צינז. נאר באלד איז איהם איינגעקומען צו האבען א צוזאמענשטויס מיט זיין געגנער, דעם אראבישען קעניג עובד. אין מיטען די בערג פון גלעד האט עובד איין מאל פערטריבען דעם אידישען חיל אין א טיעפען טאל, פון וואנען ער האט זיך ניט גע-קאנט ארויסקליבען אהן א גרויסען אנוועהר. אלכסנדר האט זיך קוים-קוים גע-ראטעוועט און איז אנטלאפען געווארען קיין ירושלים.

אין דער הויפט-שטאדט האט מען איהם איבערגענומען זעהר ניט פריינדליך. די פרושים, וואס האבען פיינט געהאט דעם קעניג, האבען אויסגענוצט זיין לעצטע מפלה, כדי צו בעווייזען אויף קלאר, ווי ווייט שעדליך עס זענען דעם קעניגס מיליטערישע אונטערנעהמונגען פאר דער מלוכה. דאס פאלק, וואס איז נאך געווען איבערגעראכט איבער דער ניט-לאנג פארגעקומענער שחיטה אין בית-המקדש, איז צוגעשטאנען צו דער רעוואלוציאנערער פארטיי. דער איינגעהאל-טענער כעס פון פאלק איז איבערגעגאנגען אין אנאפענער מרידה.

זעקס יאהר (בערך פון 94 ביז 88) האט געדויערט דער קאמפף פון פאלק קעגען זיין קעניג. אלכסנדר האט געשטריטען קעגען די מורדים מיט דער הילף פון געדונגענע מיליטער און האט זיך ניט אבגעשטעלט פאר די שרעקליכסטע אכזריות'דיגע מעשים. פאר דער צייט פון דעם דאזיגען זעקס-יאהריגען בירגער-קריג זענען אומגעקומען אנערך 50,000 אידען. און אז דער קעניג איז, סוף-כל-סוף, מיעד געווארען צו קעמפפען מיט זיין אייגענעם פאלק און האט פאר-געלעגט די פרושים, זיי זאלען מאכען מיט איהם שלום, האבען די לעצטע אב-געווארפען זיין פארשלאג און זאלען האבען געענטפערט: „נאר נאך דיין טויט וועלען מיר מיט דיר מאכען שלום". זייער שנאה צום קעניג און צו זיין מילי-טערישען רעזשים איז געווען אזוי גרויס, אז זיי האבען גארנישט געוואלט בע-

מערקען, וואס פאר א גרויסע צרות דער לאנגער בירגער־קריג האט אנגעטאן דעם פאטערלאנד. די רעוואלוציאנערע פארטיי איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט געווענדט זיך נאך הילף צו א פרעמדן פירשטן — דמיטריוס איי־קערוס, וואס האט געוועלטיגט איבער א טייל פון סיריען, וואס איז געווארן צעברעקלט צווישן די לעצטע סעלייקידען. אן אייניקעל פון אנטיוכוס עפי־פאנעס האבן די אידן גערופן צו הילף קעגן אן אייניקעל פון די חשמונאים: אט דאס איז דער טראגיזם פון דער געשיכטע.

דמיטריוס איז אנגעקומען אין לאנד יהודה בראש פון א סירישן חיל, און די מורדים זענען צו אים צוגעשטאנען ניט ווייט פון שכם. אהין איז אויך איילנדיק אוועק מיט זיין חיל אלכסנדר. די אלטע שטאט שכם, וואו מיט ניין יאהרהונדערטער פריער איז געשעען די גרויסע צעשפאלטונג צווישן ישראל און יהודה[2], איז איצט ווידער אמאל געווארן א בלוטיגער קאמפ־פלאץ פון דעם בירגער־קריג צווישן אידישן פאלק, און אין דעם דאזיגן בירגער־קריג איז ווידער געלעגן א סכנה, עס זאל ארויסקומען א נייע צעשפאלטונג. און צוויי פיינדליכע לאגערן זענען געשטאנען איצט קעגן אנאנד דער קעניג און דאס פאלק. אין דער בלוטיגער שלאכט, וואס איז דערנאך פארגעקומען, האבן געשטריטן אידן קעגן אידן און גריכן קעגן גריכן, ווארום אי די אי יענע זענען געווען א סך אין ביידע ארמעען. דמיטריוס'ס ארמעע איז געווען גרעסער און זי האט אפגעהאלטן א נצחון. אלכסנדר האט אנגעווארן זיין געדונגענעם חיל און איז אנטלאפן געווארן אין די בערג אריין (88)

אין יענעם מאמענט האבן א סך פון די מורדים חרטה געקראגן אויף דער גאנצער מעשה. זיי האבן טאקע זיך נוקם געווען אן זייער קעניג, נאר אין דער זעלביגער צייט האבן זיי אריינגעפירט אין לאנד יהודה די סירער, וואס זענען געווען געפערליכע פערבינדעטע, ווארום זיי האבן דאך געקאנט אויסנוצן זייער נצחון, בכדי ווידער אונטערטעניג צו מאכן דאס לאנד, וואס האט זיך אנטמעלט געפינען אונטער זייער ממשלה. דער פאטריאטישער געפיהל האט איבערגעוואגט די אידן, אז בעסער איז צו ליידן פון אן אייגענעם, הגם א שלעכטן קעניג, איידער פון די אור־אייניקלעך פון די סעלייקידען. און אזוי איז א טייל פון די אידישע מורדים, אנערך 6000 מאן שטארק, אריבער אויפ'ן צד פון אלכסנדר. דמיטריוס איז איבער דעם אומרוהיג געווארן, דעריבער האט ער פערלאזן דאס לאנד יהודה און האט זיך אומגעקערט אין זיין לאנד.

פונדעסטוועגן האט דער בירגער־קריג אין מלכות־יהודה ניט אויפגעהערט.

צווישן די מורדים זענען געווען אזעלכע עקשנים, וואס האבן באשלאסן צו קעמפן קעגן קעניג אויף דער אייגענער אחריות, אהן דער הילף פון פרעמ־

---

[2] אלגעמ. איד. געש. I טייל, 8 78.

לאַנדישע פֿעסטונגען. נאָר מיט זיי איז אַלכּסנדר גיך פֿאַרטיג געוואָרן. אין עטלעכע שלאַכטן האָט ער צעשלאָגן און צעשטערט די אָפּטיילונגען פֿון די מורדים. איינע פֿון די דאָזיגע אָפּטיילונגען האָט זיך איינגעשלאָסן אין דער שטאָט ב ע ט מ אָ ם (עיטם)[3] און האָט זיך דאָרט פֿאַרטיידיגט. נאָך אַ קורצער בעלעגערונג האָט דער קעניג איינגענומען די שטאָט, גענומען געפֿאַנגען די גאַנצע אָפּטיילונג און אַוועקגעפֿירט די געפֿאַנגענע קיין ירושלים. דאָ האָט אַלכּסנדר, לויט דער עצה פֿון זיינעם אַ גוטן פֿריינד, דעם צדוקי ד י אָ ג ע נ ע ס, געלאָזט אַכזריותדיג באַשטראָפֿן די געפֿאַנגענע מורדים: ער האָט געהייסן טייטן (קרייציגן) אין צענטער שטאָט זיבן הונדערט מענשן, און דערבײַ האָט מען פֿאַר זייערע אויגן אויסגעקוילעט זייערע ווײַבער און קינדער. די טראַ-דיציע — וואָס איז אפֿשר שוין צופֿיל מגזם — איז מוסיף, אַז אין דער צייט פֿון דער דאָזיגער בלוטיגער מעשה האָט דער קעניג זיך משמח געווען אויף אַ מאָלצייט אינאיינעם מיט זיינע קעבסווײַבער.

די דאָזיגע אַכזריות האָט אַזוי איינגעשראָקן דעם קעניגס געגנער אין ירושלים, אַז 8000 מאַן פֿון זיי זענען בײַ-נאַכט אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿון ירושלים און זענען געווען נע ונד אין דער פֿרעמד, אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿון סיריען און עגיפּטן, ביז אַלכּסנדר-ינאַיס טויט. צווישן די אַנטלאָפֿענע האָט זיך אויך געפֿונען דער ראש פֿון די פּרושים, שמעון בן שטח. דאָס לאַנד האָט זיך באַ-רויִגט, נאָר די שנאה קעגן קעניג האָט געטליעט נאָך אין אַ סך הערצער. די שונאים האָבן געגעבן אַלכּסנדרן די מיאוסע צונעמעניש ט ר ק י (טראַ-קידעס, טראַקיער), דאָס באַטייט: ווילדער מענש, קוילער אָדער תּליון.

### די לעצטע מלחמות און אַלכּסנדרס טויט.

§ 68. נאָכדעם, ווי אַלכּסנדר-ינאַי האָט דערשטיקט די רעוואָלוציאָנערע באַ-וועגונג אין לאַנד, האָט ער זיך ווייטער גענומען פֿירן די מלחמות, וואָס ער האָט געמוזט אָפּשטעלן פֿריִער. דאָס מאָל איז אים אויסגעקומען אָנצוהייבן פֿון פֿאַרטיידיגונגס-מיטלען.

די סירישע מאָנאַרכיע, וואָס איז שוין לאַנג צעבראָקלט געווען צווישן די סעלעוקידישע מושלים, וואָס האָבן שטענדיג געפֿירט צווישן זיך מלחמות, — איז שוין געווען נאָענט צו איר ענדגילטיגן אײַנפֿאַל. פֿירענדיג מלחמות איינער מיטן אַנדערן, האָבן די קליינע פֿאָרשטעהער פֿון דער סעלעוקידישער די-נאַסטיע געמוזט צו גלײַכער צייט זיך פֿאַרטיידיגן קעגן אַ מעכטיגערער הים-טאָרישער קראַפֿט — קעגן די אַראַבער, וואָס זענען אין יענער צייט אַרײַנגעדרונגען אין לאַנד פֿון סיריען און זענען דערגאַנגען ביז דמשק. איינער פֿון די לעצטע

[3]) לויט אַן אַנדער נוסח — ב ע מ ע ס ע ל י ס. די געאָגראַפֿישע לאַגע פֿון דעם דאָזיגן אָרט קאָן מען ניט גענוי באַשטימען.

סירישע מלכים אנטיוכוס דיאָניסוס האָט געפירט קריג מיטן אַראַבישן קעניג ארעטאַס (אריטס), דעם יורש פון דעם אויבנדערמאָנטן עבד, און האָט געמאַכט אַ פּלאַן אַריינצודרינגען דורך דאָס לאַנד יהודה אין זיין קעניגרייך, וואָס איז געלעגען אויף יענער זייט ירדן.

אלכסנדר האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז דאָס לאַנד יהודה זאָל ווערן דער קאַמף־פּלאַץ צווישן די סירער און אַראַבער. דעריבער האָט ער געהייסן אויסגראָבן אַ גראָבן אויפן מהלך פון 150 סטאַדיעס, פון דעם האַפן פון יפו, ביז אין מיטן לאַנד, און פאַזע דעם גראָבן אויסבויען אַ שטאַרקע מויער מיט טורעמס. דורכדעם האָט ער גערעכנט צו פאַרהאַלטן די באַוועגונג פון די סירער. נאָר אנטיוכוס האָט צעשטערט די גאַנצע געביי און האָט דורכגעפירט זיין חיל דורך דאָס לאַנד יהודה (86).

איבעריגנס, איז אנטיוכוס אומגעקומען אין דער מלחמה קעגן די אַראַבער, און אַרעטאַס איז געוואָרן קעניג איבער קעלעסירען.

באַלד האָט מלכות־יהודה אָנגעהויבן צו פילן, אַז זי געפינט זיך בשכנות פון אַ נייעם שונא, וואָס איז שטאַרקער פאַר סירען. די טעריטאָריעס פון די אַראַבער האָבן זי אַרומגערינגלט פון מזרח און פון דרום, און אַרעטאַס האָט, אפנים, אַרויסגעוויזן אַ שטרעבונג צו פאַרברייטערן זיי נאָך ווייטער אויפן חשבון פון דער טעריטאָריע פון מלכות־יהודה. אַ צוזאַמענשטויס צווישן די אידן און די אַראַבער איז ניט געווען אויסצומיידן. דאָס איז געשען ניט ווייט פון חדידא, צווישן יפו און ירושלים, און געענדיגט האָט עס זיך מיט אַ מפּלה פון אלכסנדרס מיליטער. אלכסנדר האָט געמוזט מיט אַרעטאַסן שליסן שלום — מסתמא ניט קיין גינסטיגן פאַר מלכות־יהודה.

צום סוף פון זיין קיניגן האָט אלכסנדר־ינאי געפירט מער איינגעגעבענע מלחמות. אין משך פון דריי יאָהר (בערך 83—80) האָט זיך אים איינגעגעבן איינצונעמען אַ גאַנצע ריה שטעדט אין דער געגענד פון עבר־הירדן (פּעלאַ, דיום, געראַזאַ און אַנדערע), — על־פּי־רוב פון די, וואָס האָבן פריער געהערט צו סירען. דורך די דאָזיגע גרויסע עראָבערונגען האָט ער פאַרדעקט זיינע פריערדיגע מפּלות. בשעת דער קעניג איז צוריקגעקומען פון דער דאָזיגער מלחמה האָט אים די באַפעלקערונג אויפגענומען פריינדליכער, ווי געוועהנליך, הגם די פּאַרטיי פון די פּאַנאַטישע פרושים האָט מסתמא ניט אומגעביטן איהר באַציהונג צו אים.

דער סך־הכל־יוצא פון די מלחמות, וואָס אלכסנדר־ינאי האָט געפירט כמעט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געקיניגט, איז געווען דאָס, וואָס די אידישע טעריטאָריע איז באַדייטענד פאַרברייטערט געוואָרן. דער חלום פון די חשמונאים — ווידער צו שאַפן די אידישע מלוכה אין איהרע נאַטירליכע גרעניצן פון ים ביזן מדבר — איז איצט כמעט ווי פאַרווירקליכט געווען. דער ברעג ים פון פּטאָלעמאַאידע (עכו) ביז עזה האָט געהערט צו מלכות־יהודה, חוץ עכו גופא

און אשקלון). אין צפון-ווײַט האָט די אידישע טעריטאָריע זיך געצויגן ביז דער אָזערע מרום; אין מזרח-ווײַט האָט צו איהר געהערט די גאַנצע געגענד בײַם ירדן צווישען מי-מרום און דעם ים-המלח און אין דרום-ווײַט — אדום ביז'ן מדבר-ערב.

פונקט ווי די משולים, וואָס זענען געווען פאַר אידום, האָט אלכסנדר גע-שטרעבט צו מאַכען די בעפעלקערונג פון די איינגענומענע געגענדען פאַר אידען, מגייר זײַן זיי. די אידישע רעליגיע האָט בעדאַרפט, לויט די דעמאָלסדיגע השגות וועגען רעכט, ווערען די מלוכה-רעליגיע אויף דער גאַנצער אידישער טעריטאָריע. מען מוז פונדעסטוועגען משער זײַן, אַז אלכסנדר האָט ניט בעזונדערס שטאַרק דורכגעפיהרט דעם דאָזיגען פּרינציפּ, הגם יוסיפוס פלאַוויוס בעהויפּטעט, אַז ער האָט אפילו צעשטערט יענע שטעדט, וואָס זייערע אײַנוואוינער האָבען ניט גע-וואָלט „אָננעהמען די אידישע מנהגים". צוליעב דעם האָט ער געהאַט צו-ווינציג רעליגיעזע קנאות און צופיעל העלעניש[ען] גײַסט. וועגען דאָס לעצטע זאָגט עדות זײַן גאַנצער אויפפיהר און אגב אויך דער פאַקט, וואָס ער האָט דער ערשטער צווישען די נשיאים פון הויז חשמונאים געהייסען אויפציילען אויף די מטבעות זײַן נאָמען אויף צוויי שפּראַכען: אויף העברעאיש און גריכיש. אויף העברעאיש איז געווען אויסגעשריבען יהונתן המלך[4], און אויף גריכיש — באַזילעאָס אַלעקסאַנדרי (פון קעניג אלכסנדר). איבעריגענס, זענען פערבליבען אויך מטבעות בלויז מיט דער געוועהנליכער העברעאישער אויפשריפט: „יהונתן כהן-גדול וחבר היהודים" (די פאָרשער זענען משער, אַז אט די מטבעות, וואו עס ווערט דערמאָנט „כהן-גדול", און די אָקאָרשט בעשריבענע מטבעות, וואו עס שטעהט „מלך", גע-הערען צו איין און דער זעלביגער פעריאָד).

אלכסנדר-ינאי, וואָס האָט דעם גרעסטען טייל פון זײַן לעבען פערבראַכט אין מלחמות, איז בעשערט געווען אויך צו שטאַרבען בשעת אַ מלחמה. אין די לעצטע יאָהרען פון זײַן לעבען האָט איהם געפּײַניגט אַ פעריאָדישער פי-בער (קדחת רביעית), וואָס זאָל זיך האָבען גענומען, ווי מען זאָגט, דערפון, וואָס ער איז געווען צופיעל איבערגעגעבען דעם טרונק. דער קעניג האָט געהאָפט, אַז בשעת דער מלחמה וועט זײַן קראַנקהייט נאָכלאָזען, אין ער איז ווידער אַרי-בער דעם ירדן. אָבער דער דאָזיגער איינגעאַרטיגער אופן צו היילען זיך, האָט, פערשטעהט זיך, ניט געהאָלפען. באַלד, בשעת דער בעלעגערונג פון דער פעסט-טונג א ר ג ב (ראגאַב) איז דער קעניג געפעהרליך קראַנק געוואָרען. די צו-גרויסע אָנשטרענגונג פון די כחות בײַ אַ קראַנקען אָרגאַניזם, וואָס איז געווען אויסגע-מאַטערט פון קדחות, האָט פערגיכערט דעם סוף. אלכסנדר-ינאי איז געשטאָרבען 52 יאָהר אַלט, נאָכדעם, ווי ער האָט געקיניגט 27 יאָהר (אין יאָהר 76 פאַר דער קריסטליכער ערא).

---

4) זעה אויבען § 65 וועגען דעם, אַז דער נאָמען ינאי איז דער איינענער וואָס יונתן.

## שלומית-אלכסנדרה און די הערשאפט פון די פרושים.

§ 69. פארן טויט האט אלכסנדר-ינאי בעשטימט פאר א רעגירערין איבער דער מלכה שלומית, וואס איז באלד אוועק אין לאגער צום מאן, ווי נאר די האט בעקומען די בשורה, אז ער איז קראנק. נאכדעם, ווי דער אידישער חיל האט איינגענומען די בעלעגערטע פעסטונג ארגב, האט די מלכה איבערגעפיהרט דעם מאנס ארון קיין ירושלים און האט איהם דארט מקבר געווען מיט גרויס פאראד. סזוערט דערצעהלט, אז פארן טויט זאל אלכסנדר-ינאי האבען געגעבען אן עצה זיין פרוי, זי זאל מאכען שלום מיט דער פארטיי פרושים און צוציהען איהרע פארשטעהער צו נעהמען אנטייל אין דער פערוואלטונג, מחמת פון דער דאזיגער פאפולערער פארטיי איז אפהענגיג דער גורל פון דער קעניגליכער דינאסטיע גופא. צי האט זיך דא ארויסגעוויזען די פערשפעטיגטע חרטה פונ'ם רעגירער, וואס האט זיך איבערצייגט צום סוף פון זיין לעבען, אז מען קאן ניט רעגירען כנגד דעם ווילען פונ'ם גרעסטען רוב פון פאלק, אדער די דאזיגע עצה איז געווען געדרונגען פון פשוט'ע דינאסטישע חשבונות? נאר ווי עס איז, האט די נייע קעניגין זיך כלל ניט גענויטיגט אין אזעלכע עצות, בכדי אומצובייטען די אינעווייניגסטע פאליטיק. זי האט שוין לאנג ניט מיטגעפיהלט דער ריכטונג פון איהר מאן, וואס איז געווען א צדוקי, און האט געהאלטען, אז די ישועה פארן לאנד קאן קומען נאר דאן, ווען די רעגירונג וועט זיך פעראייניגען מיט די פרושים.

אלכסנדר-ינאי און שלומית האבען געהאט צוויי זיהן. דער עלטערער, הורקנוס, איז געווען א מענש אנאבגעלאזענער, מיט א שוואכען כאראקטער, וואס איז ניט געווען פעהיג צו פערוואלטען איבער דער מלוכה; פערקעהרט, דער יונגערער, אריסתובול, האט געהאט שוין א צו-היציגען טעמפעראמענט און, פונקט ווי זיין פאטער, איז ער געווען נוטה צו די צדוקים. די מלכה האט איבערגעגעבען הורקנוס'ן די כהונה-גדולה, אריסתובול'ן האט זי געהאלטען אינגאנצען ווייט פון די מלוכה-ענינים, מחמת זי האט זיך געשראקען פאר זיינע קריגערישע נטיות און פאר זיינע סימפאטיעס צו די צדוקים.

אויף אזא אופן זענען פאר דער צייט, וואס שלומית-אלכסנדרה האט געקעניגט (67—76) פארגעקומען צוויי גרויסע שנויים. דער ערשטער שנוי איז בעשטאנען דערין, וואס די כהונה-גדולה איז אבגעטיילט געווארען פון דער קעניגליכער ממשלה. דאס איז ארויסגעקומען פון זיך, על-פי הכרח. פריהער, בשעת אויפ'ן טרון איז געזעסען א מאנסביל, האט ער געקאנט זיין אי א קעניג, אי א כהן-גדול. איצט אבער, אז די קעניגליכע ממשלה האט זיך געפונען אין דער האנד פון א פרוי, האט מען שוין געמוזט איבערגעבען די כהונה-גדולה אן אנדער פערזאן פון דער דינאסטיע. און אזוי איז שוין געבליבען אויף שטענדיג. דער צווייטער שנוי איז בעשטאנען דערין, וואס דער גאנצער פערזאנאל פון

דער רעגירונג איז בענײַט געוואָרן, מחמת די פּרושים האָבן פֿאַרנומען דאָרט דעם אָרט פֿון די צדוקים, און עס איז אומגעביטן געוואָרן די גאַנצע סיסטעם פֿון דער אינעווייניגסטער און אויסווייניגסטער פּאָליטיק. דער קיניגען פֿון איר מאַן האָט געקאָנט ברענגען די קעניגין צו דער איבערצײַגונג, אַז דער רעזשים, וואָס די צדוקים האָבן אײַנגעפֿירט, און די עראָבערונגס־פּאָליטיק זענען כּנגד די פֿערלאַנגען פֿונעם גרעסטן טייל פֿון דער נאַציע און זענען זייער געפֿערליך פֿאַר דער מלוכה. דער פּאָליטישער שׂכל הישר האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז פֿאַר דער הצלחה פֿון דער מלוכה איז נייטיג, אַז די רעגירונג זאָל זיך שטיצן אויף דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי פֿון די פּרושים, וואָס איז זייער פּאָפּולער צווישן פֿאָלק.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער שטורמישער עפּאָכע פֿון מלחמות און בירגער־קריג אַ צײַט פֿון פֿרידלעכן נאַציאָנאַל־גײַסטיגן שאַפֿן. די פּרושים ווערן אויסגעשטעלט בראש פֿון דער פֿערוואַלטונג; זיי באַקומען די איבער־האַנד אין מלוכה־ראַט אָדער סנהדרין, זיי נעמען אַרײַן אין זייערע הענט די געזעצגעבערישע און געריכטלעכע מאַכט. די געזעצן פֿון די פּרושים, וואָס נאָך אין יוחנן־הורקנוס׳ צײַטן זענען זיי אָפּגעשאַפֿט געוואָרן, באַקומען ווידער גילטיגקייט; דער שטרענגער קרימינעלער געזעץ־בוך פֿון די צדוקים ווערט אָפּ־געשאַפֿט. דאָס פֿאָלק האָט דאָס אָנגענומען מיט גרויס פֿרייד, און עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן לכּבֿוד דער דאָזיגער געשעעניש אַ יערלעכער יום־טובֿ (14 טעג אין תּמוז).

די פֿאָרשטעער פֿון דער פּאַרטיי פּרושים, וואָס פֿאַר די צײַטן פֿון אלכּסנדר־ינאי האָבן זיי געמוזט נע ונד זײַן אין דער פֿרעמד, האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, ווי נאָר די געוועזענע אָפּאָזיציע איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין די רייען פֿון דער רעגירונג. ס׳האָבן זיך אומגעקערט אויך שמעון בן שטח און זײַן חבֿר, דער געלערנטער יוריסט יהודה בן־טבאי, וואָס האָט געהאַט פֿריער עמיגרירט קיין אלכּסנדריא. אָט אָ די צוויי פֿירער פֿון די פּרושים האָבן זיך איצט געשטעלט בראש פֿון סנהדרין. די רעאַקציע קעגן דער פֿריערדיגער הערשאַפֿט פֿון די צדוקים האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַ גאַנצער ריי אַדמיני־סטראַטיווע און געזעצגעבערישע מאָסרעגלען. אייניגע אָנפֿירער פֿון דער פּאַרטיי צדוקים זענען געוואָרן קרבנות פֿון דער דאָזיגער רעאַקציע. דעם פֿאַרשטאָרבענעם קעניגס גוטע פֿרײַנד, דער צדוקי יונתן, און עטלעכע זײַנע געזינונגס־חבֿרים זענען באַשולדיגט געוואָרן דערין, וואָס זיי האָבן אונטערגערעדט אלכּסנדר־ינאי, ער זאָל טייטן די 800 פּרושים נאָכן אײַננעמען די פֿעסטונג עיטם (§ 67). לויטן פּסק־דין פֿון דיינים־פּרושים, וואָס די קעניגין האָט איר באַשטעטיגט, האָט מען די באַשולדיגטע געטייט. דאָס איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען ניט אַ פּשוטער נקמה־אַקט. בנוגע צו מענטשן פֿון אַ פֿײַנדלעכער פּאַרטיי, נאָר אַ נייטווענדיגער אַכזריותדיגער פּאָליטישער שריט — אויף אײַנצושטילן דעם גע־

זעלבשטאַפֿליכען גערימען, וואָס איז געווען איבערגעבראַכט קעגען דעם פֿריהערדיגען רעזשים, און צווישענס, האָט מען בעדאַרפֿט אָנשרעקען די אָפּאָזיציע פֿון די צדוקים.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאַקציע קעגען די צדוקים געפֿינען זיך אייניגע געריכטליכע בעשלוסען פֿון שמעון בן־שטח און יהודה בן־טבאי, וואָס וועגען זיי זענען פֿאַראַן מטושטש'ע ידיעות אין דער תלמודישער לעגענדע. בנוגע צו דער פֿראַגע, ווי אַזוי בעדאַרף מען בעשטראָפֿען פֿאַלשע עדות (עדים זוממים) אין קרימינעלע פּראָצעסען (דיני נפשות). די פּרושים און צדוקים זענען געווען מחולק צווישען זיך. די ערשטע האָבען געטענה'ט, אַז דער פֿאַלשער עדות דאַרף געטויט ווערען בלויז דעמאָלט, אויב דער מענש, וועמען ער האָט בעשולדיגט, איז געטויט געוואָרען; די פּרושים אָבער האָבען געטענה'ט, אַז דער פֿאַלשער עדות בעדאַרף בעשטראָפֿט ווערען אַפֿילו דאַן, ווען דער בעשולדיגטער איז פֿריינעשפּראָכען געוואָרען, מחמת די פֿאַלשקייט פֿון דער בעשולדיגונג האָט זיך בעוויזען פֿאַר'ן גמר־הדין. יהודה בן־טבאי (לויט אַן אַנדער נוסח — שמעון בן־שטח), האָט איין מאָל, „אויף להכעיס די צדוקים" (כדי להוציא מלבם של צדוקים), פֿערמשפּט צום טויט אַ פֿאַלשען עדות לויט'ן פּירוש פֿון די פּרושים. נאָר דערביי האָט ער אַליין געמאַכט אַ גרויסען יורידישען טעות, מחמת ער האָט פֿערגעסען, אַז לויט'ן זין פֿון געזעץ קאָן מען בעשטראָפֿען פֿאַר זאָגען פֿאַלשע עדות נאָר דאַן, ווען ס'זענען פֿאַראַן ניט־ווייניגער פֿון צוויי עדות, איין פֿאַלשער עדות קאָן גאָר ניט בעשטראָפֿט ווערען, וואָרום פֿער'משפּט'ן אין קרימינעלע ענינים קאָן מען נאָר דאַן, ווען ס'זענען פֿאַראַן ניט ווייניגער פֿון צוויי עדות, ובכן קאָן קיין איינציגער עדות ניט ברענגען צום טויט אַן אומשולדיגען.

כמעט אויך דערצעהלט, אַז שמעון בן־שטח איז זיך בעגאַנגען זעהר שטרענג און איין פּראָצעס וועגען אַכציג פֿרויען פֿון אשקלון, וואָס מען האָט זיי בעשולדיגט, אַז זיי זענען מכשפֿות. ער האָט זיי פֿערמשפּט צום טויט דערפֿאַר, „מחמת דאָס האָט געפֿאָדערט די צייט, און בכדי אַנדערע זאָלען זיך אָראָפּנעהמען אַ מוסר". איבעריגענס, איז עס אַ גרויסער ספֿק, צי די דאָזיגע תלמודישע מסורה האָט עפּיס אַ רעאַלען יסוד, מחמת אשקלון האָט אין יענער צייט נאָך גאָר ניט געהערט צו דער אידישער טעריטאָריע.

אַזעלכע שטרענגקייטען, וואָס זענען בכלל ניט איינשטימיג מיט'ן גייסט פֿון די פּרושים, זענען, אפֿשר, אַרויסגערופֿען געוואָרען דעמאָלט דורך פּאָליטישע טעמים, אָדער האָבען געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו דעם דעמאָלטיגען פּאַרטייען־קאַמפּף. אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז שמעון בן־שטח'ס איינציגער זוהן זאָל זיין געפֿאַלען פֿאַר אַ קרבן פֿון אַ יורידישען טעות, וואָס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך בעווייזען פֿון פֿאַלשע עדות. און צוויי מימרות פֿון שמעון בן־שטח און יהודה בן־טבאי, וואָס זענען פֿערבליבען ביי אונז, גיבען די דאָזיגע

יידישע אנפירער פון די פרושים עצות די דיינים, ווי זאלען זיין זעהר פארזיכטיג ביים פונאנדערקלייבען פראצעסען, בעזונדערס ביים איבערפרעגען די בעשולדיגטע און די עדות[5].

שמעון בן-שטח ערשיינט אין דער לעגענדע אלס דער הויפט-העלד פון דער רעסטאוראציע, וואס די פרושים האבען געמאכט. „ער האט אומגעקעהרט די קרוין פון דער תורה צו איהר אלטער פראכט" (החזיר עטרת התורה ליושנה) — זאגט די לעגענדע וועגען איהם; דאס בעטייט, אז ער האט מעהר פון אלעמען מיטגעווירקט, אז עס זאלען ווידער איינגעפיהרט ווערען די מסורות שבעל-פה אין די פירושים אויף דער תורה שבכתב, וואס אין דער פריהערדיגער עפאכע האט מען זיי ניט אבגעהיט.

אויך שמעון בן-שטח רעכענט זיך נאך צוויי וויכטיגע נייע תקנות. ער האט געבראכט אין ארדנונג און בעקרעפטיגט מיט פעסטע גאראנטיעס דעם אקט פון כתובה, דאס הייסט, דעם שריפטליכען אבמאך, לויט וועלכען דער מאן איז זיך מתחייב אבצוצאהלען דער פרוי א בעשטימטע סומע געלד אויפ'ן פאל, טאמער שטארבט ער פריהער פאר איהר, אדער ער גיט איהר גט. דורכדעם, וואס שמעון האט דורך א ריהע כללים פערזיכערט, אז די כתובה זאל שטרענג אבגעהיט ווערען, האט ער געוואלט פון איין זייט פערהיטען פון איבעראיילטע גט'ען, און פון דער אנדער זייט — פערזיכערן מאטעריעל די גרושות און אלמנות. די אנדערע, נאך וויכטיגערע נייע תקנה, איז שייך צום לערנען קינדער. שמעון האט איינגעשטעלט, לויט ווי די מסורה דערצעהלט, „אז די קינדער זאלען געהן אין שולען" (שיהיו התינוקות הולכים לבית-הספר). ס'איז אבער ניט בעוואוסט, צי האט ער געגרינדעט נייע שולען, אדער ער האט ארויסגעגעבען א געזעץ, אז אלע קינדער מוזען זיך לערנען.

די דאזיגע עפאכע פון נאציאנאל-רעליגיעזער רעסטאוראציע ווערט געשילדערט אין די לעגענדעס פון די פרושים אלס א זעלטענע, גליקליכע צייט. „אין די טעג פון שמעון בן-שטח און דער קעניגין שלומית (שלמה, שלמינון המלכה) — דערצעהלט די תלמודישע מסורה — פלעגען רעגענס פאלען אלע שבת צו-נאכטס (בשעת ס'זענען אויף די פעלדער קיין ארבייטען ניט געטאן געווארען), אזוי אז די ווייצען-קערנער זענען געווען גרויס ווי נירען (פון בהמות), גערשטען-קערנער — ווי איילבערטען, און לינזען-קערנער — ווי גאלדענע דינרים. פון די דאזיגע קערנער האט מען צונויפגעקליבען מוסטערן און איבערגעלאזט פאר די קומענדיגע דורות, בכדי זיי זאלען וויסען, צו וואס עס ברענגען די עבירות" (וואס האבען פערקלענערט די פריהערדיגע פרוכטבארקייט)[6]. א ריהע פון גרא-

[5] יעה הימער, § 76.

[6] תלמוד בבלי, תענית כ"ג.

טענע יאָהרען אין דאָס, וואָס עס האָבען אויפגעהערט די בּסדרדיגע מלחמות, וואָס האָבען אויסגעשעפּט די כּחות פון דער מלוכה אין אלכּסנדר־ינאי'ס צייטען, האָבען אודאי געמוזט מיטהעלפען דערצו, אז די עקאָנאָמישע לאַגע פון מלכות־יהודה זאָל פערבעסערט ווערען. דער פרידליכער קיניגען פון שלומית־אלכּסנדרה איז געווען אַ קורצע צווישענצייט פון רוה צווישען די צוויי שטורמישע עפּאָכען — דער פריהערדיגער און שפּעטערדיגער.

## אריסתּובול און די אָפּאָזיציע פון די צדוקים.

§ 70. די אויסווייניגסטע פּאָליטיק פון מלכות־יהודה אין די צייטען פון שלומית־אלכּסנדרה האָט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט בעזונדערס גרויסע געשעהעניסען. די דאָזיגע פּאָליטיק האָט געטראָגען בלויז אַ פערטיידיגונגס־כאַראַקטער. די קעניגין האָט געזאָרגט פאַר'ן אויפהאַלטען די מיליטערישע כּחות פון דער מלוכה ניט דערפאַר, וואָס זי האָט געוואָלט פיהרען מלחמות, נאָר, אדרבּה, מחמת זי האָט מורא געהאַט פאַר אַ מלחמה. בלויז איין מאָל האָט זי געשיקט איהר חיל אין אַ פרעמד לאַנד, קיין דמשק, וואָס איז אַריינגעפאַלען אין די הענד פון תּלמי מעניס, וואָס איז געווען אַ געפעהרליכער שכן פאַר די אידען. נאָר די דאָזיגע מלחמה, וואָס אין איהר האָט גענומען אַנטייל דער פּרינץ אריסתּובול, האָט צו גאָרנישט ניט געבראַכט.

בערך אין יאָהר 70 האָט טיגראַנעס, דער קעניג פון אַרמעניען, איינגענומען אַ בעדייטענדען טייל פון סוריען און האָט זיך דערנעהנטערט צום לאַנד יהודה. ער האָט בעלעגערט די צפונדיגע פעסטונג נעבען בּרעג ים, די שטאָדט עכּו, און אויב ער וואָלט זי איינגענומען, וואָלט עס געווען אַ סכּנה פאַר יפו און פאַר די אידישע געגענדען, וואָס ליגען אויפ'ן בּרעג ים. אַזוי ווי די קעניגין האָט געוואָלט זיך פערהיטען קעגען אַן אָנפאַל, דעריבער האָט זי געשיקט שלוחים צו טיגראַנעס'ן, אין זיין לאַגער, ביי עכּו, מיט טייערע מתּנות, בּכדי צו פועל'ן בּיים אַרמענישען קעניג, ער זאָל שליסען מיט איהר שלום. ס'איז אָבער ניט בעוואוסט, מיט וואָס עס וואָלטען זיך געענדיגט די דאָזיגע אונטערהאַנדלונגען, אויב אַ צופאַל וואָלט ניט אָבגעצויגען די אַרמענייער פון לאַנד יהודה. טיגראַנעס האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ רוימישער חיל אונטער דער אָנפיהרונג פון לוקולוס איז אַריינגעדרונגען אין אַרמעניען, און ער איז אייליג אַוועק צו זיך אַהיים, ניט בעוויזען אַפילו אַריבערצוטרעטען די אידישע טעריטאָריע.

די פאַרשטעהער פון דער פּאַרטיי צדוקים, וואָס זענען דערווייטערט געוואָרען פון דער ציווילער און גייסטליכער פערוואַלטונג, האָבען זיך אינגאַנצען אָבגעגעבען דער מיליטערישער פערוואַלטונג. דאָ זענען אַ סך פון זיי, אַלס געניטע קריגס־הויפּטלייט, געווען נויטווענדיג. אַ בעשיצער און פריינד פון די צדוקים איז געווען דער יונגערער פּרינץ אריסתּובול, וואָס איז געווען אַן אָנהענגער פון זיין פאָטערס מיליטערישען רעזשים. בשעת די פּרושים, וואָס האָבען פערכאַפּט

די ממשלה, האָבן אָנגעהויבן רודף זיין די צדוקים, און בעזונדערס די נאָ־ענטע יועצים אַלכסנדר־ינאים. האָט אריסטובול זיך איינגעשטעלט פאַר די גערודפטע. ער איז געקומען צו דער מוטער בראש פון א דעפּוטאַציע פון די צדוקים און האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם ווילדווילן פון די פרושים. די דעפּוטאַטן האָבן דערמאָנט דער קעניגין וועגן זייער פּאַטריאָטיזם און וועגן זייערע מיליטערישע פערדינסטן און האָבן מוסיף געווען, אַז אויב זיי וועלן ביי איהר קיין אונטערשטיצונג ניט בעקומען, וועט זיי אויסקומען איבערגעהן דינ־נען צום אַראַבישן קעניג און צו אַנדערע שכנישע מושלים, און זיי וועלן איבערלאָזן דאָס פאַטערלאַנד אָהן א מיליטערישן שוץ. די קעניגין האָט פער־שטאַנען, אַז צוליעב דער טובה פון דער מלוכה איז נויטווענדיג צופרידן צו שטעלן די פאַרטיי צדוקים. א טייל פון זיי האָט זי געמאַכט פאַר קאָמענדאַנטן פון די פעסטונגען און גאַרניזאָנען אין פערשיידענע ערטער. בלויז דריי פעסטונגען — מאַכעראָן, הירקאַניאָן און אַלעקסאַנדריאָן (מכור, הורקניון, אלכסנדריון), וואו עס איז געווען בעהאַלטען די קעניגליכע קאַסע — זענען ניט איבערגעגעבן געוואָרן צו היטען די צדוקים, מחמת די קעניגין האָט זיי פאָרט ניט געטרויט. די נאָ־ענטסטע צוקונפט האָט בעוויזן, אַז זי איז געווען גערעכט.

צום סוף פון שלומית־אלכסנדרה'ס קיניגען איז די אָפּאָזיציע פון די צדוקים מיט אריסטובול'ן בראש אַזוי שטאַרק געוואָרן, אַז זי האָט געקאָנט אָנהויבן טראַכטען וועגן א מלוכה־איבערקערעניש, בכדי אַראָפּצו־וואַרפן די רעגירונג. חוץ די פּאָליטישע שטרעבונגען, האָבן זיך באַלד אַרויסגעוויזן דינאַסטישע אינ־טערעסען. אַז די אַלטע קעניגין איז געפערליך קראַנק געוואָרן, האָבן אריסטובול און זיין פאַרטיי געהאַלטען פאַר מעגליך צוצוטרעטען צו דער פערווירקליכונג פון זייער פּלאַן. דער הויפּט־ציעל פון דער פערשווערונג איז בעשטאַנען דערין, צו בעזייטיגן פון דער ממשלה דעם אונפעהיגען קרוין־יורש הורקנוס, וואָס האָט זיך געפונען אונטער'ן איינפלוס פון די פרושים, און אַרויפזעצן אויפ'ן טרון זיין יונגערן ברודער.

אריסטובול האָט פערלאָזען ירושלים און איז אַוועק אין דער פעסטונג גבתון, וואו עס האָט געוואוינט איינער פון זיינע איינפלוסרייכסטע אָנהענגער, דער צדוקי גאַלעסטעס. דערנאָך האָט ער זיך פעראייניגט מיט די קאָמאַנדירען פון די גאַרניזאָנען אין דער פּראָווינץ, וואָס זענען געווען איבערגעגעבן איהם און האָט איינגענומען צוויי און צוואַנציג בעפעסטיגטע שטעדט. זיין חיל איז פערגרעסערט געוואָרן דורך געדונגענע זעלנער, וואָס ער האָט צונויפגעקליבן צווישן די אַראַבער און אַנדערע מזרחדיגע שבטים. א טייל פון פאָלק איז אויך צוגעשטאַנען צום פּרעטענדענט, מחמת מען האָט געהאַלטען איהם פאַר ראוי צו ירשען דעם טרון.

די בשורה, וועגן אריסטובול'ס מרידה, האָט געמאַכט א שרעקליכען רושם אויף דער קראַנקער קעניגין און האָט אויפגעוועקט א טומל אין ירושלים. הורקנוס

און די פאָלקס-עלטסטע זײנען געקומען צו דער קעניגין און האָבען געפֿאָדערט בײ איהר, װאָס זאָלען זײ טאָן. די שטאַרבענדע קעניגין האָט זײ געענטפערט, אַז זי לאָזט זײ איבער זיך אַלײן אַרױסצודרעהען פון דער שװעריגער לאַגע, און האָט אָנגעװיזען דערױף, אַז אין זײער רשות געפינט זיך אַ חיל, אַ געלד-מיטלען, װאָס זײנען נױטיג אױף צו דערשטיקען די מרידה.

באַלד דערױף איז שלומית-אלכסנדרה געשטאָרבען, 73 יאָהר אַלט, נאָכ-דעם, װי זי האָט געקעניגט 9 יאָהר. נאָך אַ קורצען אײנװײניגסטען שלום, איז די נאַציע װידער אַמאָל געשטאַנען פאַר אַ בירגער-קריג, װאָס האָט בע-דאַרפט האָבען אַ סך אַ טראַגישען סוף, אײדער די פריהערדיגע

# פיערטער קאַפּיטעל

## דער קאַמף צװישען הורקנוס II און אַריסטאָבול II און די אײנמישונג פון רױם (67—63).

קעניג אריסטובול II. — דער ברודער-קריג אין ירושלים. — פּאָמפּיוס אין סיריען און אין לאַנד יהודה. — די ערָאָבערונג פון ירושלים דורך פּאָמפּיוסן און די אונ-טערטעניגונג פון מלכות-יהודה.

### קעניג אריסטובול II.

§ 71. דער קאַמף פאַר דער קרױן-ירושה, װאָס האָט זיך פינאַנדערגע-פלאַקערט אין דעם מאָמענט, װאָס שלומית-אלכסנדרה איז געשטאָרבען, איז אַרױס-גערופען געװאָרען ניט בלױז דורכדעם, װאָס עס האָבען זיך צונױפגעשטױסען די אינטערעסען פון די בײדע ברידער, װאָס איטליכער פון זײ האָט געװאָלט אַרײנכאַפּען די ממשלה, — נאָר אױך דורכדעם, װאָס עס האָבען זיך צונױפגע-שטױסען צװײ פערשידענע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע ריכטונגען. אױב ס'װאָלט גע-װאָרען קעניג הורקנוס II, װאָס איז געװען אַן אומפעהיגער רעגירער און אַ נאָך מעהר אומפעהיגער קריגס-מאַן, װאָלט זיך נאָך מעהר פערשטאַרקט דער רעזשים, צו װעלכען די פרושים האָבען געשטרעבט, ס'װאָלט זיך פערפעסטיגט די טעאָקראַטיע און די פרידליכע עקאָנאָמישע און גײסטיגע ענטװיקלונג פון דער נאַציע װאָלט געזיכערט געװען, — אָבער אין מיליטערישער הינזיכט װאָלט די מלוכה ניט געװען זיכער און זי װאָלט ניט געקאָנט אײנהאַלטען איהר פער-ברײטערטע טעריטאָריע. פערקעהרט, אױב אריסטובול II װאָלט געװאָרען קעניג, דעמאָלט װאָלט געזיכערט געװען די פּאָליטישע מאַכט פון מלכות-יהודה, (לכל הפחות — אַזױ האָט געקאָנט אױסװײזען דעמאָלט, ביז'ן אָנפאַל פון די רױמער,

נאָר מ'וואָלט דאַן געווען אַ סכנה פאַר די גײַסטיגע יסודות און נאַציאָנאַלן לעבן, דער רעזשים פון די צדוקים וואָלט ווידער אויפגעבליט, און מ'וואָלט זיך געקאָנט אומקערן די מיליטעריש-טיראַנישע אָרדנונג פון אלכסנדר-ינאי'ס צײַטן.

די פּאָליטישע פּאַטריאָטן — די אַריסטאָקראַטיע פון די צדוקים און דער מיליטערישער שטאַנד — זענען געשטאַנען אויף אריסתובול'ס צד. פערקערט, די גײַסטיגע פּאַטריאָטן — די אַריסטאָקראַטן פון גײַסט, די פּרושים, און זייערע אַנהענגער פון דער פאָלקס-מאַסע — זענען געווען מער נוטה צו הורקנוס'ן, מחמת זיי האָבן געהאָפט, אַז אויב ער וועט זײַן קעניג, וועט מען קאָנען אײַנהיטן די פערוואַלטונגס-אָרדנונג, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אײַנגעשטעלט פאַר דער צײַט, וואָס שלומית האָט געקעניגט.

אויף אַזאַ אופן איז דער קאַמף פאַר'ן טראָן געווען ענג פערקניפּט מיט'ן קאַמף פון די פּאָליטישע פּאַרטײַען. און היות, ווי דאָס מאָל זענען גלײַכצײַטיג פאָרגעקומען גרויסע איבערקערענישן אין דער וועלט-פּאָליטיק, האָט דער האָזיגער פּאַרטײַען-קאַמף געבראַכט צו אַ שרעקלעכן סוף.

די מלוכה-איבערקערעניש, וואָס אריסתובול האָט געהאַט צוגעגרייט נאָך אין דער צײַט, בשעת זײַן מוטער האָט געלעבט, איז געשעהן תיכף נאָך דער קעניגינס טויט. ווי נאָר דער כהן-גדול הורקנוס II האָט, לויט'ן ווילען פון דער קעניגין, איבערגענומען די ממשלה אין ירושלים, האָט דער פּרעטענדענט אריסתובול, וואָס האָט זיך געפונען דעמאָלט אין דער פּראָווינץ בראש פון די ווידערשפּעניגע גאַרניזאָנען, גלײַך ערקלערט אים קריג. אריסתובול'ס חיל האָט תיכף זיך געלאָזט געהן צו דער הויפּט-שטאָדט, און הורקנוס האָט אויף גיך אַרויסגעשיקט אים אַנטקעגען זײַנע מיליטער-אָפּטיילונגען. בײַ יריחו האָבן זיך בעגעגענט די אַרמעען פון ביידע ברידער. אין דער צײַט פון דער שלאַכט זענען אַ סך הורקנוס'עס קריגסלײַט, וואָס זענען געווען ענטציקט איבער אריסתובול'ס מוט, אַריבער אויפ'ן צד פון לעצטען און האָבן אים פערהאָלפען צום נצחון. הורקנוס, וואָס האָט מיט שרעק געוואַרט אויף דעם פּרעטענדענטס אָנקומען אין דער הויפּט-שטאָדט, האָט זיך אײַנגעשלאָסען אין דער פעסטונג בײַם בית-המקדש, וואו עס זענען געווען אײַנגעשלאָסען, אַלס משכנות, אריסתובול'ס פרוי און קינדער. אָבער אַז דער זיגער איז אָנגעקומען אין ירושלים, האָט דער שוואַכער הורקנוס אפילו ניט געפּרובט זיך אַנטקעגענצושטעלען. די ברידער זענען אַרײַנגעטראָטען אין פערהאַנדלונגען, און אין בית-המקדש גופא האָבן זיי געשלאָסען צווישען זיך אַן אָפּמאַך, לויט וועלכען הורקנוס האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעזאָגט פון זײַנע רעכט אויף דער מלוכה לטובת זײַן פעהיגערן ברודער. דאָס איז געשעהן אין דרײַ חדשים אַרום נאָך שלומית-אלכסנדרה'ס טויט (67). צי איז הורקנוס פערבליבען דערנאָך כהן-גדול, אָדער ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגען פון דעם גײַסטליכען טיטעל אויך — דאָס איז ניט בעוואוסט, מחמת די בעווײַזען פון די מקורים זענען אין דעם פּרט זעהר ניט קלאָר.

נאָכדעם, ווי אַריסטובול II איז געוואָרן קעניג, האָבן געמוזט פאַרקומען גרויסע שינויים אין דער סיסטעם פון דער מלוכה־פאַרוואַלטונג. ס׳האָט זיך בע־הויפּט פאַרשטאַרקן די פּאַרטיי צדוקים און די רעאַקציע קעגן דעם רעזשים פון די פרושים. די דאָזיגע רעאַקציע האָט, אַפּנים, זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן און האָט אַרויסגערופֿן אומצופֿרידנקייט אין די רייען פון די פרושים, וואָס זענען אָפּגעשטופּט געוואָרן פון דער ממשלה. נאָר חוץ אַזעלכע מענשען, וואָס זענען געווען אומצופֿרידן מיט די שינויים, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין דער פּאָליטישער סיסטעם, מחמת זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען, זענען נאָך געווען אַזעלכע, וואָס זייערע פּערזענליכע אינטערעסן האָבן געליטן דערפֿון, וואָס דער געזעצליכער קרוין־יורש איז בעזייטיגט געוואָרן.

אַזאַ איינער איז געווען הורקנוס׳ס אַ גוטער פריינד, אַנטיפּטר (אַנטיפּאַטר), איינער פון יענע אדומים, וואָס האָבן זינט יוחנן הורקנוס I־טנס צייטן אָנ־געהויבן אָננעמען די אידישע אמונה און אַרײַנצודרינגען אין פאַרשיידענע שיכטן פון דער אידישער געזעלשאַפט. אַנטיפּטר׳ס פאָטער האָט פאַרנומען אין אלכסנדר־ינאי׳ס צייטן די שטעל פון אַ „סטראַטעג“ אָדער מיליטערישער קאָ־מאַנדיר פון דער אדומישער פּראָווינץ, און זיין זוהן האָט, אַפּנים, בעקומען בירושה די דאָזיגע שטעל. אַ מענש מיט אַ שטאַרקן ווילן און אַ גרויסער רודף־כבוד, האָט אַנטיפּטר פאַרשטאַנען, ווי צו בעקומען אַנאײַנפלוס אין ירושלמער הויף. דער כאַראַקטער־שוואַכער הורקנוס, בשעת ער איז נאָך געווען אַ קרוין־יורש, איז אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין איינפלוס, און אַנטיפּטר האָט געקאָנט האָפן, אַז ווי נאָר דער דאָזיגער פּרינץ וועט ווערן אַ קעניג, וועט ער, אַנטיפּטר, ווערן זיין אַפּוטרופּוס און דער פאַקטישער רעגירער פון דער מלוכה. און איצטער, אַז הורקנוס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טרון, האָבן געמוזט צע־שטערט ווערן אַלע פּלענער פון דעם אדומי איף צו דערגרייכן צו מאַכט און הערשאַפט.

נאָר אַנטיפּטר איז ניט געווען פון די מענשען, וואָס זאָגן זיך גרינג אָפּ פון זייערע פּלענער. נאָכדעם, ווי אַריסטובול איז געוואָרן קעניג, האָט אַנטיפּטר אָנגעהויבן צו אַגיטירן קעגן אים אין דער העכסטער ירושלמער געזעלשאַפט, טענהנדיג, אַז ער האָט אומגעזעצליך פאַרכאַפּט די ממשלה. הורקנוס׳ן אָבער, וואָס איז שוין געווען גרייט זיך צופרידנצושטעלן מיט זיין גורל, האָט ער מיט כל׳ערליי מיטלען געזוכט איינצורעדן, אַז ער זאָל ווידער אָנהויבן פיהרן דעם קאַמפּף פאַר זיינע געזעצליכע רעכט. אַנטיפּטר האָט אים פאַר־זיכערט, אַז אַריסטובול וועט זיך ניט בערוהיגן, כל־זמן ער וועט אים ניט טויטן, בכדי דורכדעם צו בעפרייען זיך אינגאַנצן פונ׳ם געזעצליכן קרוין־יורש און פאַרפעסטיגן פאַר זיך די ממשלה. ווירקענדיג אויף אַזאַ אופן אויף הורקנוס׳עס געפיהל פון כבוד און אויף זיין אינסטינקט פון זעלבסטאײַנהאַלטונג, האָט זיך אַנטיפּטר׳ן סוף־כל־סוף איינגעגעבן צו געווינען אים פאַר זיין פּלאַן. דער

פלאַן איז באַשטאַנען דערין, ווידער אַרײַנצושאַפען די קעניגליכע מאַכט דורך אַנ־אָפענעם אויפשטאַנד מיט דער הילף פון געדונגענע אַראַבישע װעלנער־אַבטײלונגען. אנטיפּטר האָט שוין געפירט אונטערהאַנדלונגען װעגען דעם מיט'ן שכנישען קעניג אַרעטאַס און האָט בעקומען צוזאָג פון אים, אַז ער װעט געבען הילף דעם אידישען פּרעטענדענט אויף געװיסע תנאים.

אײן מאָל בײ־נאַכט האָבען הורקנוס און אנטיפּטר שטילערהייד פערלאָזען ירושלים און זענען אנטלאָפען קיין פּעטרא (סלע ערב), די רעזידענץ־שטאָדט פונ'ם קעניג אַרעטאַס. דאָ איז צװישען די בײדע צדדים געשלאָסען געװאָרען אַנ־אָבמאַך, לויט װעלכען אַרעטאַס האָט זיך מתחייב געװען צו העלפען הורקנוסן צו פערכאַפען דעם טראָן בתנאי, אַז אויב דאָס װעט זיך אײַנגעבען, זאָל ער צו פערכאַפען ... 

באַלד דערויף האָט אַרעטאַס זיך געלאָזט געהן אין לאַנד יהודה, אין דער בעגלייטונג פון הורקנוסן בראש פון אַ חיל פון אַ סך טויזענדער מענשען (65—66). דער אידישער חיל, וואָס איז אַרויסגעטראָטען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַריסטובול'ן גופא קעגען די פערבינדעטע, האָט בעקומען אַ מפּלה; אַ סך מענשען פונ'ם דאָזיגען חיל האָבען פערלאָזען זייער קעניג און זענען פריי־װיליג אַריבער אויף הורקנוס'עס צד. אַריסטובול איז אנטלאָפען געװאָרען קיין ירושלים און האָט זיך אײַנגעשלאָסען אין דער פעסטונג אויפ'ן הר־הבית. די אַראַבער אינאיינעם מיט די אידען פון הורקנוס'עס פּאַרטיי זענען צוגעגאַנגען צו דער הויפּט־שטאָדט. דער גרעסטער חלק פון דער ירושלמ'ער בעפעלקערונג איז אַריבער אויף הורקנוס'עס צד, ובכן האָבען אַריסטובול און זײַנע אַנהענגער זיך געפונען בעלעגערט פון אַלע זײַטען. די אַראַבער, אונטער דער קאָמאַנדע פון אַרעטאַס, און די אידען פון הורקנוס'עס פּאַרטיי האָבען בעלעגערט אַרום און אַרום דעם הר־הבית — און אין מיטען דער הויפּט־שטאָדט האָט זיך פונאַנדערגע־פלאַקערט אַ האַרטנעקיגער בירגער־קריג.

## דער ברודער־קריג אין ירושלים.

§ 72. אין פריה־יאָהר פון יאָהר 65 האָט ירושלים אויסגעזעהן אינגאַנצען ווי אַ קריגס־לאַגער. די סביבות פון דער הויפּט־שטאָדט און אירע אויסווייניגסטע קוואַרטאַלען האָבען פערנומען די פערבינדעטע חילות פון די אַראַבער און פון די אידען פון הורקנוס'עס צד, דער שטאַרק בעפעסטיגטער הר־הבית אָבער האָט זיך געפונען אין רשות פון אַריסטובול'ס אַנהענגער, וואָס די פערבינדעטע האָבען געהאַלטען זיי בעלעגערט. אין דער הייליגער שטאָדט, אַרום דעם גרעסטען הייליגטום פון ישראל, זענען געשטאַנען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן צוויי ברידער־השמונאים, צוויי טיילען פון דער אידישער נאַציע, פערבלענדט דורך דער

שׂנאה קעגען שׂנאה, און האָבען ווי ניט בעמערקט די גאַנצע סכנה פֿון דער דאָזיגער שרעקליכער צעשפּאַלטונג. און די כראָניקען און לעגענדעס איז פֿאַר-בליבען אַ גאַנצע רייה מעשיות פֿון דער געשיכטע פֿון דעם דאָזיגען טראַגישען קריג, וואָס האָט געגעבען דעם ערשטען קלאַפּ דער אונאָבהענגיגקייט פֿון מלכות-יהודה.

די בעלעגערונג פֿונ'ם הר-הבית האָט געדויערט שוין עטליכע חדשים. נאָר צו קיין רעזולטאַטען האָט זי ניט געבראַכט. ס'האָט גענעהנט דער הייליגער פּסח, בשעת עס פֿלעגען געוועהנליך מאַכען עולי-רגל פֿון אַלע עקען לאַנד זיך צונויפֿקלייבען אין דער הייליגער שטאָדט, — און איצט איז די שטאָדט און איהר פּאָליטיש-הייליגטום געווען צעטיילט צווישען צוויי פֿיינדליכע לאַגערן. אַ גוף חשובֿע און רייכע ייִדען האָבען פֿערלאָזען דאָס לאַנד און זענען אַוועק קיין מצרים, וואו עס האָט זיך געפֿונען דער אַזוי אָנגערופֿענער „מקדש חוניו".

שווער איז אויך געווען אין יענער צייט דער מצב פֿון אריסטובול'ס אָנ-הענגער, וואָס זענען געווען בעלעגערט אויפֿ'ן הר-הבית. אריסטובול און די כהנים, וואָס זענען געבליבען ביי איהם, האָבען געוואָלט ברענגען אין בית-המקדש די קרבנות, וואָס זענען געווען איינגעשטעלט פֿאַר איטליכען טאָג יום-טוב, נאָר זיי האָבען קיין בהמות ניט געהאַט. דעריבער האָבען זיי זיך געווענדעט צו די בעלעגערער מיט דער בקשה צו פֿערזאָרגען זיי מיט בהמות פֿאַר קרבנות און זע-נען געווען גרייט צו צאָהלען דערפֿאַר וואָס פֿאַר אַ מקח יענע וועלען בעשטימען. הורקנוס'עס אָנהענגער האָבען דערויף מסכים געווען און האָבען בעשטימט זעהר אַ הויכען מקח — טויזענד דראַכמעס (אדרכמונים) — פֿאַר איטליכע בהמה. פֿונ'ם פֿעסטונגס-וואַל, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם הר-הבית, פֿלעגען די בעלעגערטע אַלע טאָג אַראָבלאָזען אויף קייטען קערב מיט געלד, און די בעלעגערער פֿלעגען צו זיי אַרויפֿשיקען שאָף פֿאַר קרבנות. נאָר איינער פֿון די אָנפֿיהרער פֿון הורקנוס'עס צד (אַפֿשר אַנטיפּטר אַליין) האָט פּראָטעסטירט קעגען דער „נאַכגיביגקייט" פֿון זיינע געזינונגס-חברים און האָט פֿאָרגעלעגט, מען זאָל אָפּזאָגען די בעלעגערטע צו געבען זיי בהמות אויף קרבנות, כדי צו צווינגען זיי דורכדעם וואָס גיכער איבערצוגעבען די פֿעסטונג. הורקנוס'עס אָנהענגער האָבען געפֿאָלגט דער דאָזיגער עצה און האָבען אַפֿילו אָנגעווענדט אַ נידערטרעכטיגע רמאות. איין מאָל, נאָכ-דעם, ווי זיי האָבען בעקומען פֿון זייערע געגנער געלד, האָבען זיי צו זיי אַרויפֿגעשיקט, אַנשטאָט אַ שאָף אויף אַ קרבן, אַ חזיר — דעם סימבאָל פֿון אונריינקייט ביי ייִדען. דער דאָזיגער בעליידיגענדער שפּאָט און חלול-הקדש האָ-בען איבערגעבראַכט די פֿרומע לייט. די לעגענדע איז מוסיף, אַז באַלד נאָכדעם האָט זיך איבער'ן לאַנד יהודה דערטראָגען אַ שרעקליכער שטורמווינט, וואָס האָט פֿערטיליגט די תבואות אויף די פֿעלדער און די פּירות און די גערטנער, אַזוי אַז אין לאַנד זענען שפּייז-פּראָדוקטען זעהר טייער געוואָרען. אין דער

דאָזיגער צרה האָבּען אַ סך איינגעזעהן אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר דער פֿאַרשוועכונג פֿונ'ם הייליגטום.

דערצערענט דורך דער לאַנגער בּעלעגערונג האָבּען הורקנוס'עס אָנהענגער געפּרובּט אויסנוצען אויך גייסטיגע געוועהר, בּכדי גובר צו זיין די געגנער. אין לאַנד יהודה איז דעמאָלט געווען בּערימט אַ הייליגער מאַן מיט'ן נאָמען חוני (חוני המעגל). דער המון-עם האָט געגלויבּט, אַז מיט זיין תפלה קאָן חוני המעגל טאָן מופתים, מחמת עס איז געווען פֿערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַמאָל, בּשעת עס איז געווען טריקעניש אין לאַנד, האָט ער מתפלל געווען אויף רעגען, און זיין תפלה איז אָנגענומען געוואָרען, און דאָס לאַנד איז ניצול געוואָרען פֿון הונגער. בּשעת דער בּעלעגערונג פֿון ירושלים האָט זיך דער הייליגער זקן געהאַט בּעהאַלטען ווייט פֿון דער הויפּט-שטאָדט, בּכדי ניט צו זעהן מיט זיינע אויגען די שרעקענס פֿון דעם בּרודער-קריג. נאָר הורקנוס'עס לייט האָבּען איהם אויפֿגעזוכט, האָבּען געבּראַכט איהם אין לאַגער און געפֿאָדערט פֿון איהם, ער זאָל אין גאָט'ס נאָמען פֿערשילטען אַריסטובּולו'ס אָנהענגער; זיי זענען געווען פֿערזיכערט, אַז די קללה פֿונ'ם געטליכען מאַן וועט פֿערניכטען דעם אונטערגאַנג פֿון די פֿיינד. חוני איז אַרויסגעטראָטען אין מיטען לאַגער, האָט אויפֿגעהויבּען זיינע אויגען צום הימעל און האָט געזאָגט: „רבונו של עולם! אָט די, וואָס שטעהען דאָ אַרום מיר, זענען דיין פֿאָלק, און די, וועמען זיי בּעלעגערן, זענען דיינע כהנים. איך בּין מתפלל צו דיר — דו זאָלסט ניט ערפֿילען דאָס בּייז, וואָס בּיידע צדדים ווינשען איינער דעם אַנדערן". די פֿערווילדעטע קריגסלייט האָבּען ניט געקאָנט אָבּשעצען די גאַנצע גרויסקייט פֿון דער נשמה, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין דער דאָזיגער תפלה, — און האָבּען געפֿיהלט נאָר אַ כעס פֿון מענשען, וואָס האָבּען זיך אָבּגענאַרט אין זייערע האָפֿענונגען. אייניגע פֿון די זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען נעהנטער צו חוני'ן, האָבּען איהם דאָ אויפֿ'ן אָרט פֿערשטייניגט.

אין דער צייט, וואָס אין מלכות-יהודה האָט געוויט דער בּירגער-קריג, זענען אין אָריענט צוגעגרייט געוואָרען גרויסע פּאָליטישע שנויים. די זיגרייכע לעגיאָנען פֿון רוים, אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿונ'ם בּערימטען רעגירער און קריגס-הויפּטמאַן פּ ו מ פּ י ו ס (פּאָמפּעיוס), האָבּען פֿערפֿלייצט פֿאָדער-אַזיען. די רוימער האָבּען שוין געהאַט איינגענומען אַרמעניען, פּאָנטוס, פֿעניציען, זיי האָבּען שוין געהאַלטען בּיים ענדיגען איינגעהמען סיריען. קיין סיריען האָט פּומפּיוס געשיקט זיין לעגאַט ס ק ו י ר ו ס (65).

אַז סקווירוס איז אָנגעקומען קיין דמשק, האָט ער זיך דערוואוסט וועגען בּירגער-קריג אין דער שכנישער מלכות-יהודה און האָט בּעשלאָסען אויסנוצען דעם דאָזיגען פֿאַקט צוליעב זיינע צילען. ער איז באַלד אַוועק אין לאַנד יהודה, און ווי נאָר ער איז אַרויף אויף איהר טעריטאָריע, זענען צו איהם געקומען שלוחים פֿון בּיידע שטרייטענדע בּרידער, הורקנוס און אַריסטאָבּול, מיט

דער בקשה, ער זאָל זיי אונטערשטיצען. אַריסטאָבול האָט פֿאָרגעלעגט סקאַוורוסן פֿאַר דער מיליטערישער הילף די גרויסע סומע פֿון 400 טאַלענטען, און הורקנוס איז גענייט געווען צוצוזאָגען פּונקט אַזוי פֿיל. נאָר דער רוימישער לעגאַט האָט גלײַכער אָנגענומען אַריסטאָבולס פֿאָרשלאָג, מחמת אים, אַלס קעניג, האָט ער מעהר געטרויט. ער האָט באַפֿוילן אַרעטאַסן, ער זאָל אומגעזאַמט מיט זײַנע אַראַבער אָפּטרעטען פֿון ירושלים, און כּאַם ניט, האָט ער געסטראַשעט צו ערקלערן אים פֿאַר אַ פֿײַנד פֿון רוימישן פֿאָלק. אַרעטאַס האָט זיך ניט דערוועגט ניט צו פֿאָלגען — און האָט תּיכּף אָפּגענומען די בעלעגערונג. דער באַפֿרײַטער אַריסטאָבול האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך די אָפּטרעטענדע אַראַבער און הורקנוסעס אָנהענגער און האָט זיי געשלאָגן נעבן פּאַפּיראָן, בײַם ירדן. סקאַוורוס האָט זיך אומגעקערט קיין דמשק.

## פּאָמפּיוס אין סיריען און אין לאַנד יהודה.

§ 73. דער פּאָליטישער קריזיס אין מלכות־יהודה איז געשעהן אין איין צײַט מיטן גרויסן היסטאָרישן קריזיס, וואָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין גאַנץ פֿאָדער־אַזיען. מיט אַ קורצער צײַט פֿריִער זענען אויפֿגעוואַקסן אויף די חורבות פֿון דער געוועזענער סעלעוקידישער מאָנאַרכיע אַ גאַנצע רייה גרויסע און קליינע מלוכות, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך דער ענערגיע פֿונ'ם העלעניזירטן אָריענט. ס'האָט זיך פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרברייטערט איהר טעריטאָריע אַרמעניען (טיגראַנעס), ס'איז געוואַקסן די מאַכט פֿון פּאַרטיען, ס'האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף אַראַביען (אַרעטאַס), ס'האָט אָנגעמאַכט אַ טומעל דער קעניג פֿונ'ם הינטער־קאַווקאַזישן פּאָנטוס מיטרידאַטעס, וואָס האָט געהאַט די דעה צו באַאונרוהיגן אַפֿילו דעם לייב און זײַן הייהל — די מעכטיגע מלוכה פֿון רוים. נאָר אָט האָט דער לייב זיך אויפֿגעהויבן, איז זיך דורכגעגאַנגען דורך די לענדער פֿון פֿאָדער־אַזיען — און אַ באַדייטענדער טייל פֿון זיי איז געלעגן פֿאַר זײַנע פֿיס. רוים האָט אָנגעהויבן איבערצונעמען די ירושה פֿון די סעלעוקידען.

דער ערשטער, וואָס האָט גענומען אויספֿירן דעם גרויסן פּלאַן אײַנ־צונעמען פֿאָדער־אַזיען, איז געווען פּאָמפּיוס, דער געוועזענער רוימישער קאָנ־סול[1] און צוקונפֿטיגער טריומוויר[2], דער באַרימטער קריגס־מאַן, וואָס האָט

---

1) קאָנסולן זענען די צוויי העכסטע באַאַמטע אין דער רוימישער רעפּובליק, וואָס פֿלעגן אויסגעקליבן ווערן אויף איין יאָהר צײַט און האָבן געהאַט אונגעפֿעהר די מאַכט פֿון אַנ־איצטיגן פּרעזידענט פֿון אַ רעפּובליק.

2) בײַם פֿאַלן פֿון דער רוימישער רעפּובליק האָט עס צוויי מאָל געטראָפֿן, אַז דריי פֿון די העכסטע און אײַנפֿלוסרײַכסטע קריגס־הויפּטלײַט האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַן אָפּמאַך צו צעטיילן צווישן זיך די ממשלה איבער דער גרויסער רעפּובליק. אַזאַ אָפּמאַך האָט געהייסן

בעקומען אַ דיפּלאָמאַטישע מאַכט איבער׳ן גאַנצען ברעג־לאַנד פון מיטעללענ־דישען ים און וואָס אין די מזרח־לענדער האָט ער בעקומען דעם צונאָמען „דער קעניג פון די מלכים“. אין יאָהר 64 און אין אָנהויב פון יאָהר 63 האָט פּאָמפּיוס פּערזענליך פעריענדיגט די ערָאבערונג פון סיריען און צייטווייליג האָט ער געמאַכט דמשק פאַר זיין רעזידענץ־שטאָדט. זיינע לעגיאָנען זענען געשטאַנען שוין ניט וויט פון לאַנד יהודה, און רוים וואָלט פריהער אָדער שפּעטער אַרויס־געשטעלט איהרע תביעות אויך אויפ׳ן דאָזיגען לאַנד, דער געוועזענער פּראָווינץ פון די סעלעוקידען. נאָר דער בירגער־קריג, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין מלכות־יהודה, האָט פערגיכערט די דאָזיגע בייזע שעה, און האָט פערגרינגערט דעם ערָאבערער זיין אויפגאַבע. מלכות־יהודה איז אַליין מיט׳ן אייגענעם ווילען אַריין אינ׳ם אָפענעם שלונד פונ׳ם רוימישען לייב.

צווישען די שלוחים פון די פערשידענע מלכים פון מזרח, וואָס זענען גע־קומען בעגריסען דעם „קעניג פון די מלכים“ אין דמשק, זענען אויך געוועזען שלוחים פונ׳ם אידישען קעניג אריסטובול. זיי האָבען איבערגעגעבען פּומפּיוס׳ן אַ טייערע מתנה, וואָס האָט ערשטוינען געמאַכט דורך איהר גרויסאַרטיגקייט אפילו די גריכען און רוימער. דאָס איז געוועזען — אַ זעהר קינציג פון גאָלד געמאַכטער וויינשטאָק, וואָס האָט געקאָסט 500 טאַלענטען[3]. באַלד זענען גע־קומען צו פּומפּיוס׳ן אריסטובול און הורקנוס אַליין און האָבען געבעטען, ער זאָל פּסק׳ענען, וועמען פון זיי איז גערעכט. הורקנוס האָט זיך בעקלאָגט, אַז אריסטובול האָט איבערגעוואַלד אָבגענומען ביי איהם, דעם עלטערן ברודער, דאָס געזעצליכע רעכט אויפ׳ן טראָן, און נאָכדעם ווי ער האָט פערכאַפּט די ממשלה, פערנעהמט ער זיך ניט אַזוי מיט דער אינעווייניגסטער פערוואַלטונג, ווי מיט אָנפאַלען אויף די גרעניץ־לענדער און ער העלפט אפילו אונטער די ים־רויבער[4]. אַ סך חשוב׳ע אידען, וואָס אַנטיפּטר האָט זיי געבראַכט צו פירען, האָבען עדות געזאָגט,

טריומוויראַט. און זיי אַליין טריומווירען (דריי מענער). די ערשטע טריומווירען זענען געוועזען יוליוס צעזאַר, פּאָמפּיוס און קראַסוס; די צווייטע — אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס, אַנטאָניוס און לעפּידוס. אַלע טריומווירען, חוץ לעפּידוס׳ן, האָבען געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָל אין דער אידישער געשיכטע פון דער ווייטערדיגער עפּאָכע.

3) דעם דאָזיגען גרויסאַרטיגען קונסטווערק האָט מען אָבגעשיקט קיין רוים און שפּעטער האָט עס געדינט פאַר אַ צירונג אינ׳ם טעמפּעל פון יופּיטער דעם קאַפּיטאָליער. דאָרט האָט עס געזעהן דער גריכישער געאָגראַף סטראַבאָ, וואָס האָט געלעבט אין פופציג יאָהר אַרום נאָך די געשעהענישען, וואָס ווערען דאָ בעשריבען.

4) איינע פון די ווילדסטע אויפגאַבען, וואָס פּומפּיוס האָט געדאַרפט אויספיהרען און וואָס ער האָט טאַקע גלענצענד אויסגעפיהרט, — איז געוועזען צו פערטיליגען די ים־רויבער אָדער פּיראַטען, וואָס זענען געווען זעהר פערשפּרייט דעמאָלט, בעזונדערס אויפ׳ן אַנאַטאָלישען ברעג פון מיטעללענדישען ים.

אַז הורקנוסעס רייד זענען אמת. מיט גרויס ווערדע האָט זיך געהאַלטען אריסתובול. אַרומגערינגעלט מיט זיין קעניגליכער סוויטע, האָט ער ערקלערט פּומפּייוסן, אַז הורקנוס האָט אָנגעוואָרען די ממשלה דערפֿאַר, ווייל ער איז לחלוטין אומפֿעהיג צו רעגירען, אַז ער אריסתובול האָט אַריינגענומען אין זיינע הענד די ממשלה צוליעב די אינטערעסען פֿון דער מלוכה און ער רעגירט פֿולקום אינ׳ם גייסט פֿון זיין פֿאָטער אלכסנדר. אינאיינעם מיט די צוויי פּרעטענדענטען איז אַרויסגעטראָטען אַ דריטע דעפּוטאַציע — פֿון נייטראַלען טייל פֿון פֿאָלק, וואָס האָט ניט געוואָלט האָבען פֿאַר אַ קעניג קיינעם פֿון די שטרייטענדע ברידער. די דאָזיגע דעפּוטאַציע איז בעשטאַנען דערויף, אַז מען זאָל איינגאַנצען מבטל זיין די קעניגליכע מאַכט און אומקעהרען זיך צו דער אַלטער טעאָקראַטישער אָרדנונג פֿון די כהנים-גדולים. פּומפּייוס האָט אויסגעהערט אַלע צדדים, נאָר זיין בעשלוס האָט ער ניט צו וויסען געגעבען. ער האָט צוגעזאָגט מעהר ניט, אַז נאָכדעם ווי ער וועט ענדיגען די פֿאָרשטעהענדע מלחמה קעגען די אַראַבער — בני-נביות, וועט ער בעזוכען דאָס לאַנד יהודה, און וועט דאָרט איינשטעלען אָרדנונג. און ביז וואַנען וואָס האָט ער געבעטען די פֿאָרשטעהער פֿון אַלע פּאַרטייען, זיי זאָלען זיך האַלטען רוהיג.

דעם רוימישען ערזבערער האָבען, פֿערשטעהט זיך, אַ דאָר ניט געאַרט די אינעווייניגסטע מחלוקות פֿון דער קליינער מלכות-יהודה. ער האָט געטראַכט וועגען דעם, אַז דאָס דאָזיגע לאַנד זאָל האָבען דעם זעלביגען סוף, וואָס גאַנץ סיריען, און אַריינגעהן אין דעם ווירקונגס-קרייז פֿון רוים, און צו אַזאַ רעזולטאַט האָבען די אינעווייניגסטע מחלוקות געקאָנט נאָר אונטערהעלפֿען. געהענדיג זיכער צום דאָזיגען ציעל, האָט פּומפּייוס פֿונדעסטוועגען ניט געטרויט אריסתובולן, מחמת ער האָט, ניט אָהן יסוד, מורא געהאַט, אַז דער דאָזיגער היציגער און קריגערישער חשמונאי וועט זיך ניט אונטערגעבען דער רוימישער איבערהערשאַפֿט אָהן אַ האַרטנאַקיגען ווידערשטאַנד.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אריסתובול האָט שוין אָנגעהויבען צו בּיסלעכווייז צו פֿערשטעהן די פּלענער פֿונ׳ם רוימישען פֿירער און האָט איצט מיט אונרוהיגקייט געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי אָבצוווענדען דעם שרעק פֿונ׳ם פֿרעמדען אָנפֿאַל, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף מלכות-יהודה. פּומפּייוס האָט זעהר געוואָלט פֿערהאַלטען איהם ביי זיך אויף דער צייט פֿון דער מלחמה מיט די בני-נביות, נאָר אריסתובול האָט בעגלייט דעם רוימישען חיל מעהר ניט ביז דיום און עבר-הירדן, דאָרט אָבער האָט ער פּלוצלינג זיך אָבגעטיילט פֿון איהם און איז איילינג אַוועק אין לאַנד יהודה. דאָ האָט ער זיך בעפֿעסטיגט אין דער שטאַרקער פֿעסטונג אלכסנדריון, וואָס איז געווען אויפֿגעבויט אויף אַ שפּיץ באַרג (און צפֿון-זייט פֿון ירדן, אין טאָל פֿון ירדן). דאָס, וואָס דער אידישער קעניג איז מיט אַמאָל נעלם געוואָרען, האָט נאָך בעשטעטיגט פּומפּייוס׳ס

האלד קעגען אידום. ער האט אָבגעשטעלט זיין קריגס־צוג קעגען די אראבער, איז אריבער דעם ירדן און אַריין אין דער טעריטאָריע פֿון מלכות־יהודה.

אָבגעשטעלט האט זיך פּאָמפּעיוס אין דער שטאָדט קרח (קאָרעאַ), ניט ווייט פֿון אלכסנדריון און האט אַהינגעפֿאָדערט אריסטובולן צו זיך. דער אידישער קעניג איז ווידער ניט גערן אַוועק צו אידום, בעוואויגען דערצו האָבען אידום מעהר ניט די עצות פֿון זיינע גוטע פֿריינד, וואָס האָבען מורא געהאט נאָך מעהר צו צערייצען דעם רוימישען פֿירער. זינט יענער צייט האט אריסטובול בעל־כּרחו געמוזט פֿירען א צווייזייטיגע פּאָליטיק: פּאָמפּעיוס'ן פֿלעגט ער בעזיכערן, אז ער איז גרייט זיך אונטערצוגעבען זיינע בעשלוסען, אין האַרצען אָבער האט ער זיך צוגעטראַגען מיט'ן געדאַנק, ווי אזוי זיך אַנטקעגענצושטעלען קעגען דעם רוימישען אָנפֿאַל.

פּאָמפּעיוס אָבער האט געשטעלט א פֿאָדערונג, אז אריסטובול זאָל אידום איבערגעבען די הויפּט־פֿעסטונגען פֿון מלכות־יהודה, און האט אידום געהייסען, אז ער זאָל וועגען דעם צו וויסען געבען די קאָמענדאַנטען. דעמאָלט האט אריסטובול געמאַכט זיך, ווי ער גיט זיך פֿולמרישט אונטער, נאָר אַוועק איז ער קיין ירושלים מיט'ן פֿעסטען בעשלוס זיך צוצוגרייטען צו א בעוואָפֿענטען ווידערשטאַנד. אין זיין נשמה האט אויפֿגעוואַכט דער פֿייערדיגער פּאַטריאָטיזם פֿון די ערשטע חשמונאים, סיהאט זיך אויפֿגעהויבען דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס איז בעליידיגט געוואָרען דורך דער דאָפּעלדיגקייט פֿונ'ם רוימישען פֿירער. די אויפֿגאַבע צו ראַטעווען דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון א נייער איבערהערשאַפֿט, וואָס איז געוועזען נאָך שרעקליכער, איידער די געוועזענע איבערהערשאַפֿט פֿון די סעלייקידען, איז איצט פֿאַרגעשטאַנען פֿאַר יהודה, המכבי'ס־אייניקעל אין איהר גאַנצער גרויסקייט, — נאָר ס'איז שוין געוועזען שפּעט.

אז פּאָמפּעיוס האט זיך דערוואוסט וועגען די פּלענער פֿונ'ם אידישען קעניג, האט ער זיך געלאָזט גיין מיט זיין חיל איבער יריחו קיין ירושלים און האט זיך אָבגעשטעלט ניט ווייט פֿון דער הויפּט־שטאָדט. אריסטובול האט אינגאַנצען אָנגעוואָרען דעם מוט, אז ער האט זיך דערוואוסט וועגען דעם, אז די אונבעזיגבאַרע רוימישע לעגיאָנען דערנעהנטערן זיך. ער איז ווידער אַוועק צו פּאָמפּעיוס'ן אין זיין לאַגער און האט צוגעזאָגט אָבצושטעלען די הכנות צו דער מלחמה, צו בעצאָהלען א קאָנטריבוציע און איבערצוגעבען ירושלים. פּאָמפּעיוס האט זיך צופֿרידענגעשטעלט מיט דער דאָזיגער אונטערטעניגקייטס־ערקלערונג, נאָר פֿונדעסטוועגען האט ער פֿערהאַלטען אריסטובול'ן ביי זיך און האט געשיקט זיין קריגס־הויפּטמאַן גאַביניוס מיט א מיליטערישער אָבטיילונג קיין ירושלים, כּדי צו בעקומען פֿון די איינוואוינער די צוגעזאָגטע קאָנטריבוציע. נאָר גאַביניוס האט באַלד געמוזט זיך אומקעהרען צוריק, מחמת די ירושלמ'ער פּאַטריאָטען האָבען ניט געוואָלט אַריינלאָזען די רוימער אין שטאָדט און האָבען

זיך אָנגעזאָגט צו איבערגעבן די הבטחות, וואָס אריסטובול האָט געגעבן ניט מיט זיין גוטען ווילען. דאָס האָט אָזוי צערייצט פּאָמפּיוס׳ן, אַז ער האָט געהייסען אַריינזעצען אַריסטובול׳ן אין תּפיסה, און אַליין איז ער צוגעטראָטען צו ירושלים (זומער-צייט, אין יאָהר 63).

## די ערקאָבערונג פון ירושלים דורך פּאָמפּיוס׳ן און די אונטערגעבונג פון מלכות-יהודה.

§ 74. אין ירושלים האָט דער אַנפאַל פון די רוימער אַרויסגערופען נייע מחלוקות צווישען די פּאַרטייען. די קריגערישע פּאַרטיי פון אַריסטובול׳ס צד, וואָס איז נאָך מעהר געוואָרען איפּגעבראַכט דעריבער, וואָס מען האָט איהם אַרעסטירט אין פּאָמפּיוס׳ס לאַגער, האָט געפאָדערט אַ בעוואָפענטען ווידערשטאַנד און אַ קאַמפּף מיט די רוימער ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט. פערקעהרט, הורקנוס׳ס אַנהענגער און די מענשען פון נייטראַלער ריכטונג זענען געשטאַנען דערפאַר, מען זאָל איבערגעבען די הויפּט-שטאָדט פּאָמפּיוס׳ן, בכדי אויסצומיידען נאָך ערגערע אומגליקען. די מורא פאַר דער מאַכט פון די רוימישע וואָפען האָט בעוואויגען דעם גרעסטען טייל פון דער בעפעלקערונג צוצושטעהן צו דער פּאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען פאַר קאַפּיטולאַציע. בשעת אַריסטובול׳ס אַנהענגער האָבען דערזעהן, אַז זיי זענען אַ מיעוט, האָבען זיי איבערגעלאָזט די אויסווייניגסטע שטאָדט אין רשות פון זייערע געגנער, און אַליין (ווי פריהער בשעת דעם בונד צווישען די אַראַבער און הורקנוס׳עס אַנהענגער) האָבען זיי זיך בעפעסטיגט אויפ׳ן הר-הבית און האָבען פערנומען דעם בית-המקדש, און דערביי האָבען זיי צעשטערט דעם איינציגען בריק, וואָס האָט פערבונדען די דאָזיגע פעסטונג מיט דער שטאָדט. די איבעריגע איינוואוינער האָבען געעפענט די שטאָדטישע טויערן, האָבען אַריינגעלאָזען דעם רוימישען חיל און איבערגעגעבען פּאָמפּיוס׳ן די שטאָדט און דעם קעניגליכען פּאַלאַץ.

די רוימער האָבען לכתחלה פאָרגעלעגט די פּאַטריאָטען, וואָס האָבען זיך בעפעסטיגט אויפ׳ן הר-הבית, זיי זאָלען אָנהויבען פיהרען מיט זיי אונטערהאַנדלונגען וועגען שלום, נאָר אַז יענע האָבען זיך אָבגעזאָגט, זענען זיי צוגעטראָטען צו אַ רעגעלמעסיגער בעלעגערונג. דער הר-הבית איז געווען ווי אַ שטאַרקע פעסטונג, וואָס אפילו פאַר די רוימישע זעלנער איז שווער געווען די איינצונעהמען. פון מזרח-זייט און דרום-זייט האָט דער באַרג זיך אַראָבגעלאָזט כמעט ווי אַ גלייכע וואַנט; פון מערב-זייט איז ער געווען אָבגעטיילט פון שטאָדט דורך אַ טיעפען טאָל, און די איינציגע פלאַכערע זייט זיינע, די צפון׳דיגע, איז געווען בעפעסטיגט מיט דיקע מויערן און מוראדיג גרויסע טורעמס.

קעגען די לעצטע צוויי זייטען האָט פּאָמפּיוס אָנגעווענדט זיין גאַנצע בעלעגערונגס-קונסט. די רוימישע זעלנער האָבען זיך געמיהט צו פערשיטען דעם טיעפען גראָבען, וואָס האָט אָבגעשיידט די שטאָדט פון דער פעסטונג, און

אױסבױען דאָ אַ הױכען װאַל. די דאָזיגע אַרבײט האָט זיך פֿערצױגען װידער לאַנג, מחמת די בעלעגערטע האָבען געשטערט מיט פֿלערלײ מיטלען, בעשיסענדיג די בױער מיט אַ האָגעל פֿון פֿײַלען און שטײנער; די אַרבײט װאָלט מסתּמא נאָך לענגער זיך געצױגען, אױב די רױמער װאָלטען ניט אױסגענוצט די שטרענגקײט פֿון די אידישע געזעצען בנוגע צו שבת-רוה. לױט די דאָזיגע געזעצען, האָבען די אידען געטאָרט אום שבת זיך פֿערטײדיגען קעגען אָנפֿאַלען, װאָס זײַנען געװענדעט דירעקט קעגען מענשען און װאָס אין זײ איז פֿאַראַן אַ סכּנה פֿאַר'ן לעבען, אַרבײטען אָבער צוליעב דעם, כּדי צו פֿערהיטען זיך פֿון אַ צוקונפֿטיגען אָנפֿאַל, — האָבען זײ ניט געטאָרט. פּומפּיוס האָט אַרױסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז אום שבת זאָלען די רױמישע סאָלדאַטען ניט שיסען אױף די אידען, און זאָלען מעהר ניט בױען דעם װאַל — און דערין האָבען די בעלעגערטע, לױט זײַער געזעץ, ניט געקאָנט זײ שטערען.

צוליעצט, אַז דער װאַל, װאָס די רױמער האָבען געבױט, האָט שױן דערגרײכט ביז אַ בעדײטענדער הױך, האָט פּומפּיוס בעפֿױהלען אױפֿצושטעלען אױף איהם די בעלעגערונגס-מאַשינען, װאָס זײַנען געבראַכט געװאָרען פֿון צור און האָבען געװאָרפֿען גרױסע שטײנער. מ'האָט זיך אָנגעהױבען אַן אױנאױפֿהערליכע באָמבאַרדירונג פֿונ'ם בית-המקדש. די לאַגע איז געװען אַ געפֿעהרליכע, אָבער די בעלעגערטע האָבען דעם מוט ניט אָנגעװאָרען. אַלע טאָג פֿלעגען די כּהנים אין באָמבאַרדירטען בית-המקדש אין דער פֿריה און אין אָבענד אָפּהאַלטען אַ גאָטעסדיענסט און ברענגען קרבּנות (קרבּן-תּמיד). די אידישע קריגסלײַט האָבען זיך האַרטנאַקיג פֿערטײדיגט.

ערשט נאָך אַ בעלעגערונג פֿון דרײַ חדשים האָט זיך די רױמישע זעלנער אײַנגעגעבען צו צעשטערען אַ גרױסען טורם און דורכברעכען אַ לאָך אין דער מױער. דער ערשטער האָט זיך אַרײַנגעריסען אין דער פֿעסטונג דער זוהן פֿונ'ם בערימטען רױמישען דיקטאַטאָר ס ו ל אַ, בראָש פֿון זײַן אָבטײלונג, און נאָך איהם זײַנען אַרײַן אױך די איבעריגע אָבטײלונגען. אין יענעם מאָמענט האָט זיך געפֿיהרט אַ פֿײַערליכער גאָטעסדיענסט אין בית-המקדש, און די כּהנים זײַנען, ניט קוקענדיג אױפֿ'ן אַרײַנדרינגען פֿון די פֿײַנד, פֿאָרט פֿערבליבען אומערשראָקען אױף זײַערע ערטער און האָבען װײַטער געפֿיהרט די עבֿודה. די רױמישע סאָלדאַטען האָבען זײ אױסגעהרג'עט בײַם מזבּח. די דערצאָרנטע זיגער האָבען אָנגעמאַכט אױפֿ'ן הר-הבּית אַ שרעקליכע שחיטה; אַנ'ערך 12000 אידען זײַנען אומגעקומען, און אַ סך פֿון זײ זײַנען געפֿאַלען מיט געװעהר אין די הענד. דאָס איז געשעהן אין האַרבסט-צײַט, בשעת צ י צ ע ר אָ איז געװען קאָנסול אין רױם. ירושלים איז אײַנגענומען געװאָרען, לױט די מײנונג פֿון אײניגע, אום יום-כּפּור, אַנדערע װידער האַלטען, אַז דאָס איז געשעהן אין אַ געװעהנליכען שבת-טאָג.

די דאָזיקע עראָבערונג פֿונעם הר-הבית, האָט ניט בלויז אַרײַנגעוואָרפֿן צער אין די הערצער פֿון די נאַציאָנאַליסטישע אידישע פּאַטריאָטן, זי האָט אויך באַליידיקט די רעליגיעזע געפֿילן פֿון די פֿרומע לײַט. די לעצטע האָבן זיך געפֿונען טיף באַליידיקט דערפֿון, וואָס פּאָמפּעיוס מיט זײַן סויטע זענען אַרײַנגעטראָטן אין די אינעווייניקסטע חדרים פֿון בית-המקדש (קדשי-קדשים), וואו אַפֿילו אידן, חוץ כהן-גדול, האָבן ניט געטאָרט אַרײַנגיין. פּאָמפּעיוס און די רוימער, וואָס האָבן איהם באַגלייט, האָבן ניט אָהן נײַגיריקייט באַקוקט דעם דאָזיקן סודות-פֿולן חדר, וואָס וועגן איהם זענען געווען פֿאַרשפּרייט צווישן די הײַדען די ווילדסטע און אַבערגלייבישסטע בבא-מעשיות. נאָר אָנגערירט האָבן זיי דאָרט גאָרנישט ניט, ניט די הייליגע גאָלדענע כלים, ניט דעם רײַכן אוצר פֿון בית-המקדש. פּאָמפּעיוס האָט אַפֿילו פֿאַראָרדנט, אַז מען זאָל דעם בית-המקדש רייניגן און אָנהייבן פֿיהרען אין איהם די עבודה, ווי געוועהנליך. נאָר די אויפֿשטענדער פֿון דער מלחמה פֿון אַריסטובולס פּאַרטיי האָט ער דאָרט באַשטראָפֿט. די דאָזיגע איבערגעבליבענע פּאַטריאָטן האָט מען, לויט פּאָמפּעיוס'ס באַפֿעהל, אָפּגעהאַקט די קעפּ.

דערנאָך האָט פּאָמפּעיוס גענומען זיך אײַנשטעלן די נײַע אָרדנונג אין לאַנד יהודה. דאָס לאַנד האָט געמוזט צאָהלען צינז אָן רוים, און האָט זיך גערעכנט אונטער איהר פּראָטעקטאָראַט, נאָר בנוגע צו די אינעווייניגסטע ענינים האָט עס געהאַט אויטאָנאָמיע. אַלס רעגירער פֿון לאַנד (עטנאַרך) איז אָנערקענט געוואָרען הורקנוס II, וועמען מען האָט איבערגעלאָזט דעם טיטעל כהן-גדול, אָבער ניט קעניג. נאָר זײַן ממשלה האָט זיך שוין ניט פֿאַרשפּרייט מעהר איבער דער גאַנצער אידישער טעריטאָריע, וואָס די חשמונאים האָבן פֿאַרברייטערט דורך זייערע עראָבערונגען. אַ בעדייטענדער טייל פֿון די דאָזיגע עראָבערונגען האָט פּאָמפּעיוס געהייסן אָפּטיילען פֿון מלכות-יהודה.

אַלע שטעדט, וואָס ליגען נעבען ים און וואו דער גרעסטער רוב פֿון דער באַפֿעלקערונג זענען געווען גריכען (דאָרא, עזה, יפֿו און אַנדערע), די געוועזענע סירישע שטעדט אויף יענער זײַט ירדן (גאַדאַרא, פּעלאַ, דיום און אַנדערע), אויך איניגע שטעדט אין דער צענטראַלער געגענד (שומרון, בית-שאָן) האָט מען אָבגענומען בײַ די אידען און איבערגעגעבען צו די לענדער, וואָס די רוימער האָבען אַקאַרשט געהאַט אײַנגענומען אין אַזיען. לויט איהר מנהג, האָט די רוימישע רעפּובליק געשאָנקען די דאָזיגע אַלע שטעדט אַ ברייטע זעלבסטפֿערוואַלטונג, און דעריבער האָט זייער גריכישע בעפֿעלקערונג, וואָס זי איז געווען ניט צופֿרידען מיט דער ממשלה פֿון די אידען, מיט פֿרייד בעגעגענט פּאָמפּעיוס'ן, וואָס איז געווען זייער בעפֿרייער און דערצו נאָך אַ גלויבענס-חבר — אַ הייד. צעהן אַזעלכע שטעדט אין מזרח-זײַט פֿון ירדן האָבען געבילדעט אַ פֿעדעראַציע, וואָס איז בעוואוסט אונטערן נאָמען דעקאַפּאָליס. די פּאַלעסטינישע גריכען האָבען

זינט יענער צייט אנגעהויבן צו רעכענען די צייט לויט דער אַזוי-אַנגערופענער **פּאָמפּעיאַנישער ערא**, לכבוד פּומפּיוס'ן; די דאָזיגע צייט פלעגט ווערן בעצייכענט אויף די מטבעות און פערשיידענע דאָקומענטן. אַט די גאַנצע טעריטאָריע, וואָס איז געוואָרן אָבגעריסן פון לאַנד יהודה, האָט מען צוגעגעבן צו דער ניי-געבילדעטער רוימישער פּראָווינץ — סיריען, וואָס פאַר אַ פערוואַלטער איבער איהר האָט פּומפּיוס בעשטימט דעם שוין דערמאָנטן לעגאַט סקוירוס'ן.

נאָכדעם ווי פּומפּיוס האָט איינגעשטעלט די נייע אָרדנונג אין לאַנד יהודה און אין פּאַלעסטינע, איז ער אַוועק אין קליין-אַזיען, כּדי זיך אומצוקערן פון דאָרט קיין רוים. ער האָט גענומען מיט זיך, אַלס קריגס-געפאַנגענע, דעם אָבגעזעצטן קעניג אַריסטאָבול II, זיינע צוויי טעכטער און צוויי זיהן, אַלכּסנדר און אַנטיגנוס. אין יאָהר 61, בשעת פּומפּיוס, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט זיין זיגרייכען קריג אין אַזיען, איז פייערליך אַריינגעפאָהרן אין רוים, זענען געגאַנגען נאָך זיין טריאומף-וואָגן, צווישן אַנדערע אונטערטעניגע מושלים פון אַזיען, אויך דער אידישער קעניג-געפאַנגענער מיט זיינע קינדער (חוץ אַלכּסנדר'ן, וואָס איז אַנטלאָפן געוואָרן אונטערוועגס). אינאיינעם מיט אַריסטאָבול'ס משפּחה האָט פּומפּיוס מיטגעבראַכט קיין רוים נאָך אַ צאָהלרייכע גרופּע אידישע געפאַנגענע, וואָס זענען פערבליבן וואוינען אין רוים, אויך נאָכדעם ווי זיי האָבן בעקומען צוריק זייער פרייהייט. און שפּעטער-צו האָבן זיי שטאַרק בעלעבט די דאָרטיגע אידישע געמיינדע.

אַזוי איז געפאַלן די אומאָבהענגיגע רעפּובליק פון די חשמונאים, נאָכדעם ווי זי האָט עקסיסטירט כּמעט 80 יאָהר. די פּאָליטישע אומאָבהענגיגקייט פון מלכות-יהודה, וואָס איז געוואונען געוואָרן אינ'ם שטרייט מיט די סעלעוקידען, איז ווידער פערלאָרן געגאַנגען ביים ערשטן צוזאַמענשטויס מיט רוים. דער דאָזיגער צוזאַמענשטויס איז געווען אומאויסמיידליך, נאָר די אינעווייניגסטע מחלוקות אין לאַנד יהודה האָבן נאָך פערגיכערט דעם טראַגישן סוף. די אחדות פון די ערשטע בריידער חשמונאים, און צוזאַמענהאַנג מיט'ן צעפאַלן פון דער סעלעוקידישער מאָנאַרכיע, האָט ווידער בעלעבט די פּאָליטישע פרייהייט פון מלכות-יהודה; די מחלוקות פון די לעצטע בריידער חשמונאים, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פערשטאַרקונג פון רוים אין אַזיען, האָבן מיטגעהאָלפן דעם אונטערגאַנג פון דער דאָזיגער פרייהייט.

פּומפּיוס האָט געלאָזן אומבערירט די אינעווייניגסטע אויטאָנאָמיע און די אַלטע טעאָקראַטישע קאָנסטיטוציע פון מלכות-יהודה, אָבער דער אידישער כּהן-גדול, וועמען ער האָט בעשטעטיגט פאַר אַ רעגירער איבערן לאַנד, איז שוין געווען אָבהענגיג פון רוים. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַ נייער היסטאָרישער עפּאָכע, דער עפּאָכע פון **רוימישען פּראָטעקטאָראַט** איבער מלכות-יהודה.

# פינפטער קאפיטעל.

## די אידישע קולטור אין מלכות־יהודה און אין מצרים.

מלכות־יהודה און דער גלות. — די ליטעראטור אין מלכות־יהודה. — די אידען אין מצרים. — די אידיש־העלענישע ליטעראטור. — סינקרעטיזם, אפאלאגיע און פראפאגאנדע.

### מלכות־יהודה און דער גלות.

§ 75. צוויי פראגען שטעלען זיך פאר דעם היסטאָריקער פון אידישען לעבען פאר דער צייט פון די חשמונאים: 1) צי איז פערקלענערט געווארען אין יענער צייט דער אידישער גלות: דאס הייסט, די צעשפרייטקייט פון אידען איבער פערשידענע לענדער און קולטור־צענטרען, חוץ די גרעניצען פון דער אונאבהענגיגער אידישער מלוכה? 2) צי האט זיך איינגעגעבען דער מלכות־יהודה גופא, וואס איז בעפרייט געווארען פון דער פאליטישער ממשלה פון דער מזרח־העלעניסטישער וועלט, אינגאנצען צו בעפרייען זיך אויך פון איהר קולטורעלען איינפלוס? — אויף די דאזיגע ביידע פראגען ענטפערט די געשיכטע מיט „ניין".

די עפאכע פון די חשמונאים, וואס האט צונויפגעפאסען אין איין גאנצעם די אידישע בעפעלקערונג פון מלכות־יהודה און פון די ארומיגע פאלעסטינישע לענדער, האט געקאנט אבשטעלען דעם ווייטערדיגען פראצעס פון דער צעשפרייטונג פון אידען, וואס אונטער דער ממשלה פון די תלמים און סעלייקידען האט ער בעקומען א מוראדיגע גרייס; נאר זי האט ניט פערקלענערט די צאהל פון די אידישע קאלאניעס און קולטור־צענטרען, וואס האבען פריהער עקסיסטירט פונאנדערגעווארפען חוץ פאלעסטינע, אין אזיען און אפריקא. גרויסע און קליינע אידישע קהלות אין מעסאפאטאמיען, סוריען, קליין־אזיען, עגיפטען און קירענאאיקע האבען נאך ווייטער עקסיסטירט און ענטוויקעלט זיך. אין עלטסטען פון די „סיבילען־ביכער", וואס געהערט גיכער פון אלץ צו דער עפאכע, ווערט געזאגט, אז „אלע לענדער און אלע ימים זענען פול מיט אידען", און דער געאגראף סטראבא שרייבט וועגען דער בליהונגס־צייט פון מלכות־יהודה פאר די חשמונאים (דאס איז די צייט פון רוימישען דיקטאטאר סולא אדער פון אידישען קעניג אלכסנדר־ינאי, אנערך אין יאהר 85) פאלגענדעס: „די אידען זענען שוין אריינגעדרונגען אין אלע שטעדט, און עס איז שווער צו געפינען ערגיץ אן ארט אויף דער ערד, וואס זאל זיין פריי פון זיי"[1].

1) דער דריטער בוך „סיבילען", 271; די ציטאט פון סטראבא געפינט זיך ביי יוסיפוס, „קדמוניות היהודים", י"ד, 7.

בעזונדערס האט זיך אנטוויקלט און געבליט דער אידישער קולטור-צענטער אין עגיפטן, וואס וועגן איהם וועט דערציילט ווערן ווייטער. וועגן א בעדייטענדער אימיגראציע פון אידען פון גלות אין מלכות-יהודה איז אין יענער צייט ניט צו הערן, הגם אויף ירושלים האט מען שטענדיג געקוקט, ווי אויפ'ן גייסטיגן צענטער פון דער נאציע. די אידען פון חוץ-לארץ פלעגען שיקען אהין איינגעשטעלטע מתנות לטובת דעם בית-המקדש, און אין די גרויסע יום-טובים (שלש רגלים) פלעגען קומען פון חוץ-לארץ אין דער הייליגער שטאדט גרופען עולי-רגל.

איינער פון די טיילווייזע פערדיענסטען פון די חשמונאים איז בעשטאנען אין דערין, וואס זיי האט זיך איינגעגעבן צו ברענגען צו א טיילווייזער פעראייניגונג פון די אידען אויפ'ן באדען פון פאלעסטינע. דאנק די עראבערונגען פון שמעון, הורקנוס I, אריסטובול I און אלכסנדר-ינאי, זענען ווידער פעראייניגט געווארן מיט מלכות-יהודה די צפונדיגע געגענדען, וואס האבען געהערט צום אלטען קעניגרייך ישראל (גליל), די פלשתיש-פעניציש געגענד ביים ברעג ים און א בעדייטענדער טייל פון עבר-הירדן, וואס פריהער האבען זיי זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון סיריען. דאס האט געגעבן די מעגליכקייט צונויפצוגיסען אויך די אידישע בעפעלקערונג פון די ווידער פעראייניגטע פראווינצען מיט'ן קערן פון דער נאציע אין מלכות-יהודה גופא.

נאר די עראבערונגס-פאליטיק האט געהאט אין זיך אזא מאמענט, וואס איז געגאנגען קעגען נאציאנאלער צענטראליזאציע. אינאיינעם מיט'ן אידישען עלעמענט איז אויך אריינגעדרונגען אין דער איינגענומענער טעריטאריע אין מלכות-יהודה א שטראם פון פרעמדע עלעמענטען, מ'רוב סירישע גריכען, וואס זינט לאנג האבען זיי זיך פעסט בעזעצט אויף דער דאזיגער טעריטאריע. מלכות-יהודה האט זיך טאקע בעפרייט פון די סירישע הארען, דערפאר אבער האט זי בעקומען סירישע אונטערטאנען. א חורבאים אידישע בעפעלקערונג האט מען געקאנט אנטרעפען מעהר ניט אין די אלטע געגענדען פון מלכות-יהודה; אבער אין די געגענדען נעבען ברעג ים און אין עבר-הירדן און אין איינציגע צענטרען פון גליל (שמרון און אנדערע) איז דער גרעסטער רוב פון דער בעפעלקערונג געווען א גריכישע אדער העלעניזירטע אויך אונטער דער אידישער ממשלה. די פרובען פון די מלכים פון הויז חשמונאים צו מאכען פאר אידען די אונטערטעניגע פרעמדע פעלקער האבען געקאנט האבען א פעולה צווישען די אדומים, וואס זענען לויט זייער ראסע נאהענט צו אידען, אבער ניט צווישען די גריכען, וועלכע זענען פרעמד מיט זיי לויט זייער ראסע און לויט זייער גייסט. און היות ווי די אידען האבען ניט געוואלט אסימילירען זיך מיט די גריכען און האבען ניט געקאנט אסימילירען זיי מיט זיך, דעריבער האט געמוזט זיך איינשטעלען א געגענזייטיגע ווירקונג צווישען די דאזיגע צוויי קולטור-שיכטען.

שטיל און אומבאַמערקט איז פֿאָרגעקומען דער פּראָצעס פֿון דער ווירקונג פֿון דער יהדות אויף דער העלענישער וועלט; פּאַמעליך זענען דורכגעדרונגען די אידישע רעליגיעז-עטישע השגות אין דער היידנישער וועלט-אַנשויאונג, מדרגות־ווייז האָבען זיי אונטערגעגראָבען איהר יסוד און האָבען דערנענטערט דעם גרויסען פֿאַל פֿונם היידענטום. מעהר צו מערקען איז געווען די קעגענווירקונג פֿונם העלעניזם אויף געוויסע זייטען פֿון אידישען לעבען, וואָרום די דאָזיגע ווירקונג האָט זיך אויסגעדריקט דער עיקר אין געביט פֿון דער אויסווייניגסטער קולטור. די העלענישע קולטור, וואָס איז דעמאָלט געווען פֿאַרשפּרייט אין די מזרח-לענדער, האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע נאַציאָנאַלע פֿאַרבונג, נאָר די איז געווען אַ געמישעכץ פֿון כללים פֿאַר וואָכעדיגען לעבען און ציוויליזאַציאָנס-פֿאָרמען, וואָס מחמת זייער אַלגעמיינער פֿאַרשפּרייטקייט קאָנען זיי צוגעגליכען ווערען צו אַן אַלגעמיינער מטבע, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך אַ סך הענד, און מחמת דעם האָט זיך ביי איהר אָבגעמעקט איהר צורה. און מלכות-יהודה, וואָס איז געווען געגליכען צו אַ קליינער אינזעל אין דעם אָריענטאַליש-העלענישען ים, האָט אויך געמוזט באַנוצען זיך מיט דער דאָזיגער מטבע, וואָס איז געווען עובר לסוחר אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען קולטור-בייט.

דער הויפּט-פֿאַקטאָר פֿונם אינטערנאַציאָנאַלען פֿאַרקעהר איז געווען דער האַנדעל. אין דעם ברעג-לאַנד פֿונם מיטעללענדישען ים, פֿון עכו ביז עזה, האָבען שוין לאַנג דעם אָרט פֿון די אַלטע פֿעניציער אינים וועלט-האַנדעל פֿאַרנומען די גריכען אָדער העלעניזירטע אָרטיגע תושבים. נאָכדעם ווי די דאָזיגע געגענדען זענען פֿעראייניגט געוואָרען מיט מלכות-יהודה, שטאַרקט זיך דער עקאָנאָמישער פֿאַרקעהר צווישען דער אידישער און צווישען דער גריכישער באַפֿעלקערונג. סוחרים באַלעבען די אינטערנאַציאָנאַלע האַנדעלס-באַציהונגען, און איינאיינעם מיט זיי דער בייט מיט די גיטער פֿון דער ציוויליזאַציע. ס׳בילדעט זיך אַן אויסמישונג פֿון שפּראַכען. אין דער געוועהנליכער-שפּראַך פֿון די אידען (העברעאיש-אַראַמיישער דיאַלעקט) דרינגען אַריין אַ סך גריכישע ווערטער, דער עיקר מעבלישע אויסדריקען, וואָס בירגערן זיך איין שפּעטער אפילו אין דער ליטעראַטור-שפּראַך (דער דיאַלעקט פֿון דער משנה). גריכישע נעמען זענען זעהר פֿאַרשפּרייט אין מלכות-יהודה, און אפילו די מלכים לעגען צו אָפֿט צו זייערע אידישע נעמען גריכישע (יהודה-אריסטובול, ינאי-אלכסנדר, שלומית-אלכסנדרה און אַנדערע).

די חשמונאים, וואָס נעמען אַליין מעהר אָן דעם כאַראַקטער פֿון וועלטליכע רעגירער, אונטערשטיצען די דאָזיגע קולטורעלע דערנענטערונג פֿון די פֿאַרשיידענע טיילען פֿון דער באַפֿעלקערונג צוליעב פּאָליטישע סבות; צו זייער פּאָליטיק שטעהט אויך צו די פּאַרטיי צדוקים. די פרושים אָבער פֿלייסען זיך אויסצושטעלען אַ צאַם קעגען דעם מעכטיגען דראַנג פֿון דער היידנישער ציוויליזאַציע. ניט אָהן אַ יסוד האָבען זיי מורא געהאַט, טאָמער וועלען די ווירקונגען

פֿון דער פֿרעמדער קולטור אַריינדרינגען פֿונ'ם אויסווייניגסטען לעבענסלידער אונ'ם גייסט און גלויבען פֿון פֿאָלק, וואָרום מען קאָן דאָך ניט בעשטימען קיין פֿעסטען גרענעץ צווישען די דאָזיגע צוויי געביטען. דער דאָזיגער קינסטליכער צאַם און דער פֿאָרם פֿון רעליגיעזע „גדרים וסיגים" האָט אויסגעפֿילט ווי געהעריג זיין בעשטימונג. דער געפֿיהל פֿון נאַציאָנאַל־רעליגיעזער זעלבסטאיינדיגקייט האָט אָנגעשטרענגט דעם אידען, אַז ער מוז בעזונדערס שאַרף אויפֿפּאַסען, בכדי ניט איינצוזינקען צו ווערען אין דעם אַרומיגען הייזנישען ים. דער דאָזיגער נאַטירליכער געפֿיהל פֿון זעלבסטאיינדיגקייט האָט געהאַט די בעדייטונג פֿון אַ ווילטיגער קאָנסערווירענדער קראַפֿט, בעזונדערס אין די גלות־לענדער.

## די ליטעראַטור אין מלכות־יהודה.

§ 76. וואונדערליך איז דער פֿאַקט, וואָס אין דער עפּאָכע פֿון די חשמונאים, אין מאָמענט בשעת דער נאַציאָנאַלער גייסט אין מלכות־יהודה איז געווען אַזוי שטאַרק געהויבען, איז די ליטעראַטור־שאַפֿונג געשטאַנען כמעט ווי אויף'ן צווייטען אָרט. דער קאַמפּף פֿון די דריי פּאַרטייען — פּרושים, צדוקים און אסיים — האָט בעוויזען, אַז אין דער אויפֿלעבענדער נאַציע קומט פֿאָר אַ מיעפֿעס און רייכעס גייסטיגעס לעבען, און פֿונדעסטוועגען ערשיינט די ליטעראַטור, וואָס איז פֿערבליבען פֿון יענער צייט, מעהר ניט אַ זעהר שוואַכע אָבשפּיגלונג פֿון דער דאָזיגער קאָלאָסאַלער גייסטיגער טעטיגקייט. צי זענען איינינגע ווילטיגע ווערק פֿון יענער עפּאָכע פֿערלאָרען געגאַנגען, אָדער די גייסטיגע קרעפֿטען זענען אַזוי חיוּת פֿערנומען געווען אין פּאָליטישען קאַמפּף, אַז ס'איז געבליבען צו ווייניג צייט פֿאַר ליטעראַרישער שאַפֿונג? די לעצטע השערה איז, ווי עס ווייזט אויס, מעהר וואָהרשיינליך, מחמת די ליטעראַרישע פּראָדוקטיוויטעט פֿון די אידען אין עגיפּטען איז געווען גרעסער, איידער אין דעם מוטערלאַנד, לכל־הפּחות בנוגע צום סכום פֿון די ליטעראַרישע ווערק. מען מוז אָבער נעהמען אין אַכט אויך דעם פֿאַקט, אַז אין מלכות־יהודה האָט זיך דעמאָלט, דאַנק די פּרושים, בעזונדערס ענטוויקעלט די „תורה שבעל־פּה", אַלס דער יסוד פֿון דער רעליגיעז־בירגערליכער געזעצגעבונג, וואָס פֿלעגט לויט דער אַלטער טראַדיציע איבערגעגעבען ווערען בעל־פּה פֿון רבי'ן צום תּלמיד און איז ניט פֿערשריבען געוואָרען.

אַ בלי־ספק ווערטפֿולע ליטעראַרישע אַרבייט פֿון דער צייט, וואָס ווערט דאָ בעשריבען, איז די היסטאָרישע ווערק, וואָס איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „ערשטער ספר חשמונאים". אין דעם דאָזיגען בוך ווערט דערצעהלט די געשיכטע פֿונ'ם קאַמפּף פֿאַר דער בעפֿרייאונג פֿון מלכות־יהודה זינט דעם אָנהויב פֿונ'ם אויפֿשטאַנד פֿון די חשמונאים ביז שמעונ'ס טויט. וועגען די רדיפֿות מצד אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס ווערט דערצעהלט בקיצור אונ'ם ערשטען קאַפּיטעל, און אין די ווייטערדיגע 15 קאַפּיטלען געהט אַ גענויע ערצעהלונג וועגען די גבורות פֿון מתתיהו און יהודה המכבי, יונתן און שמעון, וואָס האָבען געבראַכט צו דער פֿולקומער אונ־

אָבהענגיקייט פֿון מלכות־יהודה. לויט זײַן גלענצנדן סטיל און קלאָרער צו־
זאַמענהענגענדער אויסלייגונג קאָן „דער ערשטער ספֿר חשמונאים" פֿאַרגלײַכן
ווערן צו די בעסטע היסטאָרישע ביכער פֿון תנ"ך. נאָר ער אונטערשיידט זיך
פֿון די לעצטע דערמיט, וואָס דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער עלעמענט ווערט אין
אים ניט פֿאַרשטעלט דורכן רעליגיעזן, נאָר ער ווערט, פֿאַרקערט, אַרויס־
גערוקט אויפֿן ערשטן פּלאַץ. די ערפֿאָלגן פֿון די חשמונאים אָדער מכבים
ווערן דאָ ערקלערט ניט אַזוי דורך דער אַרײַנמישונג פֿון גאָט, ווי דורך דער
העלדישקייט אָדער פּאָליטישער קלוגשאַפֿט פֿון די ווירקנדיקע פּערזאָנען. דער
אומבאַוואוסטער מחבר פֿונעם ספֿר איז אַ הייסער אַנהענגער פֿון דער דינאַסטיע
חשמונאים און ער האַלט, אַז גאָט האָט זיי געשיקט אויסצולייזן דאָס לאַנד
יהודה (זעה, למשל, קאַפּ. ה', 61—64). דער דאָזיקער אָפֿיציעלער געשיכטס־שרײַ־
בער פֿון דעם באַפֿרײַאונגס־קריג האָט געלעבט, ווי עס ווײַזט אויס, אין מלכות־
יהודה און האָט געשריבן זײַן בוך לפֿי־ערך אין דער צײַט, בשעת עס האָט
געקיניגט אַלכּסנדר־ינאַי אָדער שלומית־אַלכּסנדרה[2].

דער ערשטער ספֿר חשמונאים איז געוואָרן געשריבן לכתחילה אויף
העברעאיש אָדער אַראַמיש, נאָר דער אָריגינאַל דערפֿון (פּונקט ווי דער אָריגינאַל
פֿונעם ספֿר „משלי ישוע בן־סירא") איז אין משך פֿון דער צײַט פֿאַרלאָרן גע־
גאַנגען, ס'איז מער ניט געבליבן די גריכישע איבערזעצונג, וואָס איז אַרײַן
אין דער גריכישער אָדער אַלכּסנדרישער ביבל. צווישן די הייליקע ביכער
פֿון תנ"ך איז דער דאָזיקער ספֿר ניט אַרײַנגענומען געוואָרן; ער געהערט צו
די אַפּאָקריפֿן (באַהאַלטענע ספֿרים) אָדער „ספֿרים חיצונים", וואָס האָבן ניט
דעם אויטאָריטעט פֿון די כּתבֿי־הקודש. די לעצטע אָפּטיילונג פֿון תנ"ך — די
„כּתובֿים" — איז שוין אין יענער צײַט (נאָכדעם ווי עס איז אַרײַנגענומען גע־
וואָרן דער ספֿר „דניאל") געווען כּמעט פֿאַרענדיקט, און די דעמאָלטיקע גײַסט־
ליכע אויטאָריטעטן פֿון אידישן פֿאָלק האָבן ניט געפֿונען פֿאַר מעגלעך אַרײַנ־
צונעמען אַ ספֿר, וואָס פֿון איין זײַט האָט ער ניט געהאַט קיין שאַרף אויס־
געדריקטע רעליגיעזע באַפֿאַרבונג און פֿון דער אַנדערער זײַט — האָט ער צופֿיעל
געלויבט די דינאַסטיע חשמונאים, וואָס האָט שוין בעוויזן אָנצו־ווערן איר

²) די דאָזיקע אונגעפֿערע דאַטע איז געגרינדעט אויף פֿאָלגנדע השערות. פֿון איין
זײַט איז זיך דער מחבר סומך אין סוף פֿון זײַן בוך אויף דער „כראָניק פֿון כהן־גדול
יוחנן הורקנוס" (וואָס איז צו אונז ניט דערגאַנגען), פֿון דער אַנדערער זײַט אָבער באַציט ער
זיך גאַנץ פֿרײַנדלעך צו די רוימער, וואָס ער שילדערט זיי אַרויס, אַז זיי האָבן דאָס דער
עיקר געהאָלפֿן מלכות־יהודה צו ווערן פֿרײַ; דערפֿון איז געדרונגען, אַז ער האָט אָנגע־
שריבן זײַן חיבור, איידער פּאָמפּיוס איז אָנגעפֿאַלן אויפֿן לאַנד. הייסט דאָס, אַז דער ספֿר
איז אָנגעשריבן צווישן הורקנוס I־ענס טויט און צווישן דער מלחמה פֿון די ברידער חשמונאים
הורקנוס II און אַריסטאָבול.

גריכישען נאמען נאך דער מלחמה פון הורקנוס אין אריסטובול, וואס איז געווען אזוי שעדליך פאר דער נאציע. אדאנק דעם, וואס דער העברעאישער אריגינאל־טעקסט פונים בוך איז משך פון דער צייט פערלארען געגאנגען, און די שפעטע נאציאנאלע געשיכטע פון די ערשטע חשמונאים איז פערבליבען פאר דער אידישער ליטעראטור מערר ניט אדאנק די בעמיהונגען פון די אידען פון אלכסנדריא, וואס האבען די איבערזעצט אויף גריכיש.

אינגאנצען פערשוואונדען איז די כראניק פון יוחנן־הורקנוס, וואס איז געווען דער המשך פונים „ערשטען ספר חשמונאים“. דאס דאזיגע בוך איז ניט דערגאנגען צו אונז ניט אין אריגינאל, ניט אין דער איבערזעצונג.

די בעליעבטסטע ליטעראטורישע פארם ווערט זינט יענער צייט די אפאקאליפסיס (ענטפלעקונגען), דאס הייסט, מיסטישע נבואות אין דער געשטאלט פון רעטעניש־פולע זעהונגען. ס׳האבען זיך געפונען א סך אזעלכע, וואס דא־בען נאכגעמאכט דעם ספר „דניאל“. די נייע נביאים טרעטען שוין ניט ארויס, ווי די אלטע, אפען אלס רעדנער אין שטראפער, נאר זיי לעגען ארויף זייערע געדאנקען, חלומות, פערלאנגען אין מויל פון ערגיץ אן אלטען חכם, וואס זאל האבען אנגעמעלט פאראויסגעזעהן די קומענדיגע געשעהענישען.

אזוי איז אין צווייטען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייט געלעגט געווארען דער יסוד פאר דער גרויסער זאמלונג ביכער, וואס זענען שפעטער פעראייניגט געווארען אונטערן אלגעמיינעם נאמען „ספר חנוך“. דער דאזיגער ספר איז געשריבען געווארען אויפ׳ן נאמען פון דעם ביבלישען נח׳ס עלטער־זיידע — חנוך, וואס „גאט האט איהם צוגענומען“ (בראשית קאפ. ה׳, 24). דא ענטפלעקט דער אלטער חנוך פאר דער וועלט די גרויסע סודות פון דער טע־אלאגיע, געשיכטס־פילאזאפיע און אסטראנאמיע. די דאזיגע ביכער זענען לכתחלה געווארען אנגעשריבען מסתמא אויף העברעאיש אדער ארמיש, נאר פערבליבען זענען זיי אין אן עטיאפישער איבערזעצונג, וואס איז געפינען געווארען אין 18־טען יאהרהונדערט אין אבעסיניען, און אויך שטיקער אויף גריכיש, וואס זייער צאהל איז בעדייטענד פערגרעסערט געווארען דורך נייע ענטדעקונגען.

דער „ספר חנוך“ ענטהאלט אין זיך 108 קאפיטלען אין בעשטעהט פון א זאמלונג אפאקאליפסיסען, וואס זענען פערפאסט געווארען פון פערשיידענע מחברים אין משך פון צוויי אדער דריי יאהרהונדערטען, אין דערביי קומען אויס די שפעטסטע טיילען אין דער עפאכע, בשעת דער קריסטיאניזם איז געגרינדעט געווארען, און טראגט אויף זיך דעם חותם פון דער נייער תורה. דער עלטסטער גרונדטייל אבער פונים ספר געהערט, לויט דער מיינונג, וואס איז פעסט־געשטעלט געווארען אין דער וויסענשאפט, צום מיטען פון דער צייט פון די חשמונאים. די דאזיגע מיינונג ווערט בעשטעטיגט בעזונדערס דורך יענע קאפיטלען (85—90), וואו דער מחבר ענטוויקעלט אן אייגענארטיגע מיסטישע געשיכטס־

פילאָסאָפיע. ער מאָלט פּאָעטיש די וועלט־געשיכטע אויף פערשידענע קרייזן, וואָס אין זייער צענטער ווערט אויסגעשטעלט דאָס אידישע פאָלק. דאָס לעצטע ווערט געשילדערט אַלס אַ טשערעדע שאָף, וואָס געהערט צו גאָט און וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרען אין די לאַפּעס פון ווילדע חיות, וואָס צערייסען און פערציקען די אומגליקליכע נאַציע. די פאַסטוכער, וואָס גאָט האָט געשטעלט, קאָנען ניט אָפּהיטען זייערע שאָף פון פערטיליגונג. מעהר ניט איין מאָל, בשעת אויף גאָטס טשערעדע האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט רויב־פייגלען, האָט זי דעמאָלט אויסגעוויזען אַ ווידערשטאַנד.

„איך האָב געזעהן, ווי ביי די דאָזיגע שאָף זענען אויסגעוואַקסען הערנער, נאָר די ראָבען האָבען אַראָפּגעריסען זייערע הערנער. איך האָב געזעהן, ווי ביי איינער פון יענע שאָף איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסער האָרן, און דעמאָלט האָבען זיך זייערע אויגען געעפענט... איך האָב געזעהן, ווי דער האַר פון די שאָף איז געקומען צו זיי, האָט גענומען אין האַנד די רוט פון זיין צאָרן און האָט אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער ערד, אַזוי אַז זי האָט זיך געשפּאָלטען, און אַלע (ווילדע) חיות און פייגעל פון הימעל האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך אונטען און אַוועק פון יענע שאָף און זענען פערשוואונדען אין אָבגרונד פון דער ערד, וואָס האָט זיך איבער זיי פערמאַכט. איך האָב געזעהן, ווי די שאָף איז געגעבען געוואָרען אַ גרויסע שווערד, און די שאָף זענען געגאַנגען קעגען אַלע חיות פון פעלד, כדי זיי צו טויטען, און אַלע חיות און פייגעל פון הימעל זענען אַנטלאָפען פאַר זיי. און איך האָב געזעהן, ווי דער כסא־הכבוד איז אויפגעריכט געוואָרען אין דעם געליבטען לאַנד, און דער האַר פון די שאָף האָט זיך אויף אים געזעצט"... (קאַפּ. צ', 8—20).

אין דער דאָזיגער פאַנטאַסטישער זעהונג איז מסתמא געשילדערט דער אויפשטאַנד פון די אידען קעגען סיריען, די גבורות פון די חשמונאים („דער גרויסער האָרן" קאָן בעטייטען יהודה המכבי אָדער יוחנן הורקנוס) און דער טריאומף פון דער אומאָבהענגיגער מלכות־יהודה. דער אינהאַלט פון די שפּעטערדיגע טיילען פון „ספר חנוך", און אויך דער אַלגעמיינער טיעף־מיסטישער טאָן זיינער לאָזען משער זיין, אַז דער דאָזיגער ספר שטאַמט פון די אסיים, וואָס האָבען געקוקט אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אויף דער ערד, מיט אויגען, וואָס זעהען פערטאָן און געטליכקייט.

ניט־קלאָרע אָבקלאַנגען וועגען דעם פאַלען פון דער מלוכה פון די חשמונאים הערען זיך אין אַנאַנדער אַפּאָקריפישער ווערק פון יענער צייט, אין „שלמה'ס פּסאַלמען", וואָס זענען אויך פערבליבען אין דער גריכישער איבערזעצונג. אין די דאָזיגע „קאַפּיטלעך תהלים" גיסט אויס זיין האַרץ אַ פרושי, וואָס די שווערע מחלוקות אין דער קעניגליכער משפּחה פון די חשמונאים אָדער די נטיה

פֿון עטליכע מיטגלידער אויך צו דער תּורה, פֿון די צדוקים האָבן איינגעפֿליכט אין איהם א פֿיינדשאַפֿט צו דער דאָזיגער דינאַסטיע. דער מחבר האַלט פֿאַר א קרוין-רויב דאָס, וואָס „חדרים שטולי“ האָבן פֿאַרנומען פֿירשטן פֿון אַנאַנדערש משפּחה, וואָס זענען פֿון גאָט ניט בעשטימט געוואָרען. די דאָזיגע משפּחה איז איצט אַראָבגעוואָרפֿען געוואָרען פֿון איהר גדולה, אַדאַנק דעם אַרײַנדרינגען פֿון א פֿרעמדען (פּומפּיוס?). דער פֿרעמדער איז געקומען אין לאַנד, איז געוואָרען אויפֿגענומען לכתחילה פֿרײַנדליך פֿון די פֿירשטן (הורקנוס און אריסטובול?), דער־נאָך איז ער אָנגעפֿאַלען אויף דער הייליגער שטאָדט, האָט פֿערגאָסען די בלוט פֿון איהרע איינוואוינער און געפֿיהרט די היידען קעגען מזבח פֿון גאָט. דער מחבר פֿון די דאָזיגע קאַפּיטלען האָפֿט מיט האַרץ-קלעמעניש צו דעם גואל און „משיח“ (אויסלייזער און געזאַלבטען) פֿון הויז דוד, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט איהם צו שיקען און וואָס בעדאַרף אין דער צוקונפֿט רעגירען איבער ישׂראל און קרעפֿטיגען איהם, — פֿערטרייבען די זינדיגע רעגירער און אויסרייניגען ירושלים פֿון די היידען (רוימער)[3]. דאָס איז אפֿשר דער ערשטער וועה-געשריי פֿון דער נאַציע, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלען אין די נעגעל פֿון'ם רוימישען אָדלער און וואָס האָט פֿאָראויסגעפֿיהלט, אַז נאָר אַן איבערנאַטירליכע קראַפֿט קאָן זי ראַטעווען, אַז נאָר די האָפֿענונג אויף משיח'ן קאָן אויפֿהייבען איהר געפֿאַלענעם גייסט.

אין די אויסגערעכענטע ווערק איז ניט שווער צו בעמערקען די שפּעטע אויסוואוקסען פֿון דער ביבלישער געשיכטס-בעשרייבונג, רעליגיעזער ליריק און אַפּאָקאַליפּטיק. די ליטעראַרישע שאַפֿונג האָט זיך נאָך אַלץ בעוועגט אין די אַלטע רעהמלעך; נײַע אינהאַלטען און נײַע שטימונגען זענען נאָך אַלץ איינגעקליידט געוואָרען אין דער פֿאָרם פֿון די אַלטע קלאַסישע מוסטערן. מ'האָט זיך אויך ווייטער ענטוויקעלט די ליטעראַטור פֿון „חכמה“ אָדער „משלים“, אינ'ם גייסט פֿון בן-סירא. פֿון דער דאָזיגער מאָראַל-פֿילאָזאָפֿישער ליטעראַטור זענען פֿערבליבען בלויז עטליכע ווייניגע מימרות, וואָס געהערען צו דער עפּאָכע, וואָס ווערט דאָ בעשריבען; די זענען שפּעטער צונויפֿגעקליבען געוואָרען און אַרײַנגעשטעלט אין אָנהייב פֿון דער עלטסטער עטישער מסכתא פֿון משנה — אין „אבות“.

די מחברים פֿון די דאָזיגע מימרות זענען דריי פּאָר געלעהרטע (זוגות), וואָס איטליכע פֿון זיי איז, לויט ווי די מסורה גיט איבער, געשטאַנען בראש פֿון'ם געלעהרטען שטאַנד, אָדער דער פֿערזאַמלונג פֿון דיינים אין פֿערשיידענע מאָמענטען פֿון'ם פֿעריאָד פֿון די חשמונאים. דאָס ערשטע פּאָר געלעהרטע, יוסי בן־יועזר איש צרדה און יוסי בן־יוחנן איש ירושלים, האָבן געהערט, ווי עס ווייזט אויס, צו די סופֿרים אָדער חסידים אין דער צייט פֿון'ם אויפֿשטאַנד פֿון די חשמונאים. זייערע מימרות זענען פֿאָלגענדע:

---

3) „שלמה'ס פּסלמען“, קאַפּ. ב׳ ח׳ און בעזונדערס י״ח.

„זאָל דײַן הויז זײַן אַ פֿערזאַמלונגס-הויז פֿאַר די חכמים, זאָלסט זיך בעשטויבען מיט די שטויב פֿון זייערע פֿיס און טרינקען אין דאָרשט זייערע רייד". — „זאָל דײַן הויז זײַן ברייט אָפֿען, און זאָלען אָרימע לייט זײַן בײַ דיר ווי שטוביגע און זאָלסט ניט פֿיעל רעדען מיט אַן אשה" (פרק א', משנה ד' ה').

נאָך די דאָזיגע צוויי דערמאָנטע פּערזאָנען זענען געווען די עלטסטע צווישען דעם געלעהרטען שטאַנד יהושע בן-פּרחיה און נתאי הארבלי, וואָס האָבען מסתמא געלעבט אין די צייטען פֿון יוחנן-הורקנוס. פֿון זיי זענען פֿערבליבען פֿאָלגענדע מימרות:

„זײַ מקבל אויף זיך אַ רבי'ן און שאַף זיך אַ חבר און שאַץ אַלע מענשען צום בעסטען (זײַ דן לכף זכות)". — „דערווייטער זיך פֿון אַ שלעכטען שכן און זאָלסט זיך ניט בעהעפֿטען צו אַ שלעכטען מענשען און זאָלסט זיך ניט מיאש זײַן אין דער צייט פֿון פורענות".

דערנאָך געהט דאָס בעריהמטע פּאָר רעכטס-געלעהרטע, וואָס האָבען פֿערנומען די ערשטע ערטער אין סנהדרין אין דער צייט פֿון דער קעניגין שלומית-אלכסנדרה: יהודה בן-טבאי און שמעון בן-שטח (אויבען, § 70). זייערע מימרות זענען שייך צו דער יורידישער פּראַקטיק:

„דו זאָלסט ניט טאָן אַזוי (אַ דיין!), ווי די, וואָס גרייטען צו טענות פֿאַר די בעלי-דינים, וואָס דאַרפֿען זיך לאָדען. כל זמן די צדדים, וואָס לאָדען זיך, שטעהען פֿאַר דיר, זאָלסטו בעטראַכטען זיי בײַדע פֿאַר שולדיג, און ווי נאָר זיי געהען אַוועק פֿון דיר, זאָלען זיי זײַן אין דײַנע אויגען, ווי זיי זענען בײַדע גערעכט, ווי באַלד זיי האָבען אויף זיך מקבל געווען דעם משפּט". — „זאָלסט אַ סך אויספֿאָרשען די עדות, נאָר זײַ אָבגעהיט אין דײַנע רייד, וואָרום טאָמער וועלען זיי (די עדות) פֿון דײַנע רייד אָבלערנען צו זאָגען ליגען".

די דאָזיגע צוואָרפֿענע מימרות, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש סײַ פֿאַר די געלעהרטע סופֿרים, סײַ פֿאַר די פּראַקטישע דיינים, שטעהען, ווי איינזאַמע זיילען, אויפֿ'ן גרעניץ פֿון צוויי ליטעראַרישע עפּאָכעס — דער ביבלישער און תלמודישער. דאָ איז שוין אָנגעמערקט דער איבערגאַנג פֿון דער ביבלישער „חכמה" צו דער תלמודישער געלעהרטקייט, און אויך פֿון דער פּראַקטישער געזעצגעבונג צו דער טעאָרעטישער אויספֿאָרשונג פֿון די געזעצען.

## די אידען אין מצרים.

§ 77. **צווישען** די אידישע קאָלאָניעס, וואָס זענען געווען פֿונאַנדערגעוואָרפֿען אין אַזיען און אַפֿריקאַ, האָט פֿערנומען דעם הויפּט-אָרט די צאָהלרייכע אידישע בעפֿעלקערונג פֿון עגיפּטען. אינ'ם קעניגרײַך פֿון די תלמיים, די געוועזענע איבערהערען פֿון מלכות-יהודה, האָבען די אידען געבילדעט אַ קולטור-

צענטער, וואָס האָט זיך א סך אבגעשיידט פונ'ם ירושלמ'ער גייסטיגען צענטער. בשעת מלכות־יהודה איז, אין תלמי V־טענס צייטען, אבגעריסען געוואָרען פון עגיפּטען און פאראייניגט געוואָרען מיט סיריען (איבען, § 31), זענען די עגיפּ־טישע אידען פּאָליטיש אבגעטיילט געוואָרען פון זייערע פאָלקס־ברידער אין פּא־לעסטינע — און, ווי עס האָט זיך באלד ארויסגעוויזען, האָבען זיי ניט געהאט וואָס זיך מצער צו זיין דעריבער. שפּעטער, בשעת דער סירישער דעספּאָט, אנטיאכוס עפּיפאנעס, האָט געווילדעוועט אין מלכות־יהודה, האָבען די עגיפּטישע אידען געטראָפען פּאָליטישע רוהה אונטער'ן שוץ פונ'ם קעניג תלמי VI פילא־מעטאָר (181—145). היות ווי דער דאָזיגער קעניג איז געווען א שונא פון סיריען, דעריבער האָט ער גערן ארײַנגעלאָזט אין זיין לאַנד אידישע עמיגראַנטען, וואָס זענען געלאָפען קיין עגיפּטען פונ'ם סירישען יאָך.

צווישען די אידישע עמיגראַנטען האָט זיך געפונען אויך חוניו IV, דער זוהן פונ'ם לעצטען ירושלמ'ער כהן־גדול פון הויז צדוק, חוניו III, וואָס די העלעניסטען האָבען איהם אַראָבגעזעצט פון זיין שטעל (§ 38). אין דער צייט פון די בעפרייאונגס־קריג, וואָס די חשמונאים האָבען געפיהרט, האָט דער דאָ־זיגער געזעצליכער יורש פון דער כהונה־גדולה ניט געקאָנט קאָנקורירען ניט מיט די כהנים־העלעניסטען (מענעלויס, אלקימוס), און ניט מיט די חשמונאים, וואָס האָבען געשטרעבט צו דער ממשלה; ער האָט זיך געמוזט אָבזאָגען פון דער האָפענונג צו פארנעהמען ווען עס איז די שטעל פון זיין פאָטער אין ירושלים, און דעריבער האָט ער באַשלאָסען זיך אריבערצוקלייבען קיין עגיפּטען (בערך אין יאָהר 162). אין אלעקסאַנדריא האָבען איהם דער קעניג תלמי פילאָמעטאָר און די קעניגין קלעאָפּאַטרא פריינדליך אויפגענומען. דאָס עגיפּטישע קעניגס־פּאָר האָט, קאָן זיין, געהאָפט, אז מיט דער הילף פון חוניו און זיין פּאַרטיי וועט זיך איינ־געבען דורכצופיהרען ביי די פּאַלעסטינישע אידען, וואָס האָבען מורד געווען קעגען דעם סירישען יאָך, זיי זאָלען ווידער אָנערקענען די איבערהערשאַפט פון עגיפּטען.

חוניו האָט פון זיין זייט אויסגענוצט די דאָזיגע גינסטיגע געלעגענהייט, כדי אויסצופיהרען זיין הייסטען פּלאַן, וואָס ער האָט פערטראַכט: צו גרינדען אין מצרים א רעליגיעזען צענטער, אין דער געשטאַלט פון א בית־המקדש, וואָס זאָל זיין גלייך צום בית־המקדש אין ירושלים. די עגיפּטישע אידען האָבען שוין געהאט זייערע שולען אָדער סינאַגאָגען, וואָס די בעדייטענדסטע פון זיי האָ־בען זיך געפונען אין דער הויפּט־שטאָדט פון דער מלוכה, אין אלכסנדריא; נאָר זיי האָבען ניט געהאט קיין צענטראַלען טעמפּעל מיט דער דורך דער תורה, איינגעשטעלטער הערארכיע פון כהנים און מיט דער עבודה פון קרבנות, און דע־ריבער זענען זיי געווען אין רעליגיעזער הינזיכט שטענדיג אָבהענגיג פון ירושלים. די מהומה־צייט פאַר אנטיאכוס עפּיפאנעס און די מלחמות פון די חשמונאים אין מלכות־יהודה האָבען געלאָזט נאָך שטאַרקער פיהלען די עגיפּטישע אידען, ווי ווייט

אומבאַקוועם עס איז די דאָזיגע אומאָנגענעהמקייט. חוץ דעם, איז די הייליגקייט פֿונים בית-המקדש אין ירושלים בעדייטענד קלענער געוואָרען ביי זיי אין די אויגען, זינט ער איז פֿערשוועכט געוואָרען דורכ׳ן קולט פֿון צוים. אָט דערפֿאַר האָבען די עגיפּטישע אידען גאַר געקאָנט בעגריסען דעם אָנקומען פֿון חוניו, וואָס איז געוועזען אַ מיטגליד פֿון דער געוועזענער גייסטליכער דינאַסטיע, און זיין פּלאַן צו גרינדען אַ בעזונדערען בית-המקדש אין מצרים.

אויף חוניו׳ס בקשה, האָט דער קעניג תלמי איהם אָבגעגעבען אַ חלק ערד אין דעם שטעדטיל לעאָנטאָפּאָליס, אין דער געגענד פֿון העליאָפּאָליס (ניט ווייט פֿון מעמפֿיס), וואו עס האָבען זיך געפֿינען די חורבות פֿון אַן אַלטען עגיפּטישען געצענהויז. אויפֿ׳ן אָרט פֿונים צעשטערטען געצענהויז האָט חוניו אויפֿגעבויט אַ בית-המקדש מיט אַ מזבח, לויט׳ן מוסטער פֿונים בית-המקדש אין ירושלים, נאָר אַ סך אַ קלענערן און מיט אַ סך אַ פּשוטערער אינעווייניגסטער אויספּוצונג. איהם האָט זיך איינגעגעבען צוצוציהען צום דינסט אינים נייעם בית-המקדש די כהנים און לוים, וואָס זענען אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿון מלכות-יהודה פֿאַר דער צייט פֿון די סירישע רדיפֿות.

אין מלכות-יהודה האָט מען, אַפֿנים, געקוקט קרום אויף דעם דאָזיגען פּרוב צו רעליגיעזער דעצענטראַליזירונג. אין שפּעטערדיגע צייטען האָבען די תנאים אָנערקענט די עבודה אין חוניו׳ס בית-המקדש (בית-חוניו) מעהר ניט טיילווייז (די כהנים, וואָס האָבען געדינט אין בית-חוניו, האָבען ניט געטאָרט דינען אין בית-המקדש אין ירושלים, נאָר תרומה און אַנדערע מתנות-כהונה האָבען זיי געמעגט עסען; דער וואָס האָט מנדר געווען אין געבראַכט אַ קרבן עולה אין בית-חוניו, איז בדיעבד יוצא געווען, וכדומה). די גרינדער פֿונים עגיפּטישען הייליגטום האָבען זיך סומך געווען אויף די אַלטע נבואה פֿון ישעיה הנביא, וואָס זיי האָבען דאָס בעצויגען אויף זייער אונטערנעהמונג: „אין יענעם טאָג וועט זיין אַ מזבח פֿאַר גאָט אין מיטען לאַנד פֿון מצרים און אַ דענקמאָל פֿאַר יאַהוועה אויף איהר גרעניץ" (קאַפּ. י״ט, 19). איבעריגענס, האָבען די פֿרומסטע צווישען די עגיפּטישע אידען זיך ניט בעגנוגענט מיט דעם דאָזיגען אָרטליכען קולט און האָבען ניט איבערגעריסען זייער צוזאַמענבונד מיט׳ן בית-המקדש אין ירושלים. זיי פֿלעגען ווייטער, פּונקט אַזוי ווי פֿריהער, אַלע יאָהר אין די גרויסע ימים-טובים (שלש רגלים) עולה-רגל זיין אין די הייליגע שטאָדט און שיקען אַהין זייערע מתנות. די ירושלמי׳ער אידען פֿון זייער זייט פֿלעגען, נאָכדעם ווי עס האָבען זיך געענדיגט די מלחמות פֿון די חשמונאים, איינלאַדען זייערע עגיפּטישע פֿאָלקס-ברידער אויף חנוכה.

חוניו׳ס בית-המקדש אין לעאָנטאָפּאָליס האָט עקסיסטירט העכער צוויי הונדערט יאָהר. אויף דריי יאָהר האָט ער איבערגעלעבט דעם בית-המקדש אין ירושלים, נאָכדעם ווי טיטוס האָט איהם חרוב געמאַכט.

די בירגערליכע לאגע פון אידען אין עגיפּטען פאַר דער צייט פון פּטאָ-
לעמעער און זיינע מאַכטיגסטע יורשים איז געווען אזוי גינסטיג, אז אפילו
נאָכדעם, ווי מלכות-יהודה האָט דערגרייכט זעלבשטענדיגקייט, האָבען זיך קיין
סך אידען ניט אריבערגעקליבען אהין פון דאָרט. בעזונדערס פעסט איז געווען
די לאגע פון אידען אין אלכסנדריא, וואָס איז געווען נאָך רוים דער גרעסטער
צענטער פון דער דעמאָלטיגער ציוויליזירטער וועלט. פון די פינף גרויסע קוואַר-
טאַלען זענען צוויי געווען בעזעצט דער עיקר דורך אידען. זייער הויפּט-מאַסע
איז געווען קאָנצענטרירט אין דעם קוואַרטאַל דעלטא, וואָס האָט זיך געגרע-
ניצט מיט'ן האַפען. אין דער דאָזיגער „אידען-שטאָדט" האָט געקאָכט די האַנ-
דעלס-טעטיגקייט, וואָס איז בעשטאַנען אין אַריינפירען און אַרויספירען סחורות.
נאָר די אידען פון אלכסנדריא האָבען געהאַט ניט בלויז בירגערליכע רעכט,
זיי האָבען אויך געהאַט זייער אויטאָנאָמע געמיינדע-אָרגאַניזאַציע. בראש פון
זיי איז געשטאַנען א בעזונדערער עטנאַרך, וואָס האָט (לויט ווי עס דערציילט
סטראַבאָ) „פערוואַלטעט איבער'ן פאָלק, געפירט משפטים, געוואָרנט, אז עס
זאָלען אויסגעפילט ווערען אַלע התחייבות'ען און פעראָרדנונגען, פונקט ווי א
הערשער פון אַן אומאָבהענגיגער שטאָדט".

אידען פלעגען פערנעהמען הויכע שטעלעס אין אַלע צווייגען פון דער
מלוכה-טעטיגקייט, ניט אויסגעשלאָסען דעם מיליטערישען. אין דער צייט פון
תלמי פילאָמעטאָר זענען בראש פון דער עגיפּטישער אַרמעע געשטאַנען די
אידען חוניו און דוזיתוס[4]. דעם כהן-גדול חוניו IV-טענס צוויי זיהן, חלקיה און
חנניה, האָבען אָנגעפירט דעם עגיפּטישען חיל, וואָס די קעניגין קלעאָפּאַטראַ
(פילאָמעטאָר'ס אַ טאָכטער) האָט געשיקט קעגען איהר אומגעליבטען זוהן, תלמי
לאַטורוס, בשעת יענער האָט מלחמה געהאַלטען אין מלכות-יהודה מיט אלכסנדר-
ינאַי. די דאָזיגע אידישע קריגס-הויפּטלייט, האָבען, ווי עס איז שוין אויבען דער-
ציילט געוואָרען (§ 65), אַרויסגעראַטעוועט דעם אידישען קעניג פון אַן ערנ-
סטער שוועריגקייט און האָבען פערהיט אַן אָנפאַל אויף דער אומאָבהענגיגקייט פון
מלכות-יהודה.

מעהר ניט איין מאָל זענען די אידען פון אלכסנדריא געשטאַנען פאַר
א גרויסער סכנה. דאָס איז געווען נאָך תלמי פילאָמעטאָר'ס טויט, בשעת זיין
אכזריות'דיגער ברודער תלמי VII פיסקאָן האָט מלחמה געהאַלטען פאַר'ן
טראָן מיט דער קעניגין-אַלמנה קלעאָפּאַטראַ (145). בראש פון קלעאָפּאַטראַ'ס
חיל איז געשטאַנען דער איבערגעדערמאָנטער אידישער קריגס-הויפּטמאַן חוניו, און
אַלע אידען פון אלכסנדריא זענען, אפנים, געשטאַנען אויפ'ן צד פון דער קעני-

4) איניגע היסטאָריקער האַלטען, אַז דער דאָזיגער קריגס-הויפּטמאַן חוניו איז דאָס
דער אייגענער, וואָס דער כהן-גדול פונ'ם עגיפּטישען טעמפעל חוניו IV. נאָר די דאָזיגע
מיינונג קאָן זיך ניט רעכענען פאַר גענוג בעוויזען

גיגין. דאָס האָט דערוועקט פּיסקאָנ'ס צאָרן קעגען די אידען, און ער האָט בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן זיי מיט אכזריות. איידער פּיסקאָן איז אַרויס אין קריג קעגען חוניו, האָט ער געהייסען זיינע סאָלדאַטען צונויפֿקלייבען אַ סך אידען פֿון אלכסנדריא מיט זייערע פֿרויען און קינדער אויף אַן אָפֿענעם פּלאַץ און אויסלאָזען אויף זיי ווילדע העלפֿאַנדען, וואָס האָבען בעדאַרפֿט זיי צעטרעטען מיט די פֿיס. נאָר בשעת מען האָט אָנגעהויבען אויספֿירען דעם דאָזיגען שרעקליכען פּלאַן, איז געשעהן עפּיס אומגעריכטעס; די ווילדע העלפֿאַנדען האָבען זיך אַ לאָז געטאָן ניט אויף די אידען, נאָר אויף די קעניגליכע בעדינטע, וואָס האָבען זיי אָנגעטריבען. דעמאָלט האָט זיך פּיסקאָן אָבגעזאָגט פֿון זיין ווילדער נקמה. לכבוד דער דאָזיגער בעפֿרייאונג פֿון סכנה, וואָס דאָס פֿאָלק האָט דערין איינגעזעהן אַ נס מן השמים, איז איינגעשטעלט געוואָרען אין דער געמיינדע פֿון אלכסנדריא אַ יעהרליכער יום־טוב[5].

די דאָזיגע צופֿעליגע רדיפֿה אויף אידען איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען אַ פּועל־יוצא ניט פֿון ראַסען־פֿיינדשאַפֿט און ניט פֿון רעליגיעזער שנאה, נאָר פֿון אַ פּאָליטישען סכסוך: דער פּרעטענדענט האָט גערודפֿ'ט אידען, נאָר מחמת זיי זענען געווען אָנהענגער פֿון זיין פֿיינדין קלעאָפּאַטרא. בשעת אָבער פּיסקאָן האָט זיך איינגעפֿעסטיגט אויפֿ'ן טראָן, האָט ער די אידען געלאָזט צו רוה, און זיי האָבען זיך ווייטער געלעבט פֿריי און ענטוויקעלט זיך, אַלס איינער פֿון די צום מיינסט קולטורעלע עלעמענטען צווישען דער פֿערשיידענאַרטיגער בעפֿעלקערונג פֿון עגיפּטען.

## די אידיש־העלענישע ליטעראַטור.

§ 78. אין די לעצטע צוויי יאָהרהונדערטען פֿאַר דער קריסטליכער צייט איז די אַלטע „קאָסמאָפּאָליס“ — אלכסנדריא — געווען דער זאַמעל־פּונקט פֿאַר די פֿאָרשטעהער פֿון דער גייסטיגער אַריסטאָקראַטיע פֿון אַלע פֿעלקער. די אַזוי אָנגערופֿענע „אלכסנדרינישע ליטעראַטור“ איז געווען אַ געמישעכץ פֿון וויסענשאַפֿטליכע, פֿילאָזאָפֿישע און פּאָעטישע ווערק פֿון שרייבער פֿון פֿערשיידענע, מעהר אָדער ווייניגער העלעניזירטע פֿעלקער. די גריכישע שפּראַך און די גריכישע אופֿנים צו שרייבען האָבען צוגעגעבען דער דאָזיגער געמישעכץ אַ געשטאַלט פֿון עפּיס וואָס גאַנצעס און איינאַרטיגעס, נאָר אויב מען זאָל קוקען אויפֿ'ן אינעווייניגסטען תוכן פֿון אַלע ווערק, איז דאָס ניט געווען אַזוי. אונטער דעם קאָס-

---

[5]) אין אַפּאָקריפֿישען „דריטען ספר חשמונאים“ ווערט דערצעהלט, אַז די גזרה פֿון די העלפֿאַנדען און דער נס פֿון דער רעטונג זאָלען זיין פֿאָרגעקומען פֿריהער, אין דער צייט פֿון תלמי IV פֿילאָפּאַטאָר (זעה אויבען, § 31). נאָר דאָ איז געוויס פֿערביטען געוואָרען די צייט, וואָס עס לאָזט זיך דערקלערען דערמיט, וואָס דער ספר איז צום טייל לעגענדאַרישער, צום טייל אַ טענדענציעזער (זעה ווייטער § 78, צום סוף).

מאַפּאָליטישען דעקטוך האָט מען אין דער אַלעקסאַנדרינישער ליטעראַטור גרינג געקאָנט באַמערקען די שטריכען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שאַפונג פון דער אָדער יענער נאַציע, נאָר מעהר אָדער ווייניגער אויסגעגליכען לויט דער איבערווייגענדער פאָרם. לפי-ערך די גרעסטע מדרגה פון אָריגינאַליטעט האָט איינגעהיט דער עלעמענט פון דער אידישער שאַפונג, וואָס האָט דאָ פאַרנומען אַ וויכטיגען אָרט. דאָס איז געווען אונאויסמיידליך שוין דערפאַר אַליין, וואָס אַ בעדייטענדען טייל פון דער אַלעקסאַנדריניש-אידישער ליטעראַטור, איהר היסטאָרישען יסוד, האָבען געבילדעט די גריכישע איבערזעצונגען פון די ביבלישע ביכער און פון די אידישע אַפּאָקריפען (ספרים חיצונים), וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו זיי, אָדער איבערגעמאַכטע קאָמפּילאַציעס פון די דאָזיגע ביכער.

די גרעסטע ווערק, וואָס איז דעמאָלט געשאַפען געוואָרען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַטור, איז געווען די גריכישע איבערזעצונג פון תנ"ך. די איבערזעצונג פון תנ"ך אויף גריכיש, וואָס איז אָנגעהויבען געוואָרען אין III יאָהרהונדערט אין אַלעקסאַנדריא מיט דער איבערזעצונג פון חומש (§ 35), איז פאַרענדיגט געוואָרען אין II יאָהרהונדערט, אין דער עפּאָכע פון תלמי פילאָמעטאָר און זיינע נאָהנטסטע יורשים. ס'זענען איבערזעצט געוואָרען די ספרים פון די כראָניקען און פון די נביאים, וואָס געהען גלייך נאָך דער תורה, די פּאָעטישע און רעליגיעז-פילאָזאָפישע ביכער פון די „כתובים" און אפילו אייניגע ווערק, וואָס זענען שפּעטער אַריינגענומען געוואָרען צווישען די ביבלישע אַפּאָקריפען (כתובים אחרונים). דער אייניקעל פונ'ם מחבר פון ספר „חכמת בן-סירא", וואָס איז אָנגעקומען קיין מצרים אין יאָהר 132 (פאַר דער קריסטליכער צייט), האָט איבערזעצט דעם דאָזיגען ספר אויף גריכיש, און אין דער הקדמה צו זיין איבערזעצונג דערמאָנט ער וועגען די איבערזעצונגען „פון די נביאים און פון די איבעריגע ספרים", וואָס עקסיסטירען שוין.

בשעת די אידישע שרייבער פלעגען איבערזעצען די ביבלישע ביכער אויף גריכיש, בכדי זיי צו פּאָפּולאַריזירען אָדער צו פירען אַ רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די היידען, פלעגען זיי זיך ניט שטענדיג בענוגענען דערמיט אַליין, וואָס זיי האָבען איבערגעגעבען דעם אָריגינאַל-טעקסט, נאָר אָפטמאָלס פלעגען זיי אויך מוסיף זיין פאַרשיידענע ערצעהלונגען, רעליגיעזע מזמורים און בעלעהרונגען. דאָס פלעגט מען בעזונדערס טון ביי דער איבערזעצונג פון די שפּעטערדיגע ספרים פון תנ"ך, וואָס האָבען דעמאָלט נאָך ניט געהאַט די קדושה פון „תורה ונביאים". אַזוי זענען אַריינגעשטעלט געוואָרען אין גריכישען טעקסט פון מגלת „אסתר" אייניגע שטעלען אַלס הוספות (די תפלות פון מרדכי און אסתר, המנ'ס און מרדכי'ס בעפעהלען), וואָס האָבען טיילווייז געהאַט דעם ציעל צוצוגעבען אַ מעהר רעליגיעזען כאַראַקטער דער דאָזיגער איינציגער ביבלישער כראָניק, וואו עס ווערט גאָרניט דערמאָנט, אַז גאָט האָט זיך אַריינגעמישט

אין גאנג פון די געשעהענישען. צום ספר „דניאל“ אין דער גריכישער איבערזעצונג האט מען מוסיף געווען פאלגענדע דריי שטיקער: 1) די תפלה פון די דריי בחורים, וואס נבוכדנצר האט זיי אריינגעווארפען אין קאלך-אויווען, 2) די ערצעהלונג וועגען בל און לינדעוואָרם (כדי צו שענדען דעם ווידענטום) און 3) די מעשה וועגען שושנה מיט א מוסר-השכל.

אין דער לעצטער מעשה ווערט דערצעהלט, ווי א שעהנע אידישע פרוי, שושנה, אין בבל, האט געהאט אויסגעשטעהן, שפאצירענדיג ביי זיך אין גארטען, אן אנפאל מצד צוויי זינדיגע זקנים, וואס האבען געמאכט איהר א שענדליכען פארשלאג. און אז שושנה האט אבגעווארפען זייער פארשלאג און האט אנגעהויבען שרייען און צונויפרופען מענשען צו-הילף, האבען די זקנים געמאכט אויף איהר א בלבול, אז זיי האבען די כלומרשט געפונען ליגענדיג אונטער א בוים מיט א בחור. די אונשולדיגע יונגע פרוי האט מען אנגעקלאגט אין בית-דין פאר זנות און פערמשפט צום טויט. נאר אין יענעם מאמענט, בשעת מען האט זי געפיהרט צום עשאפאט, האט דער קלוגער יונגלינג דניאל דורך קינסטליכע פראגען בעוויזען, אז די זקנים האבען ליגען געזאגט און אז שושנה איז אונשולדיג, און האט זי אויף אזא אופן געראטעוועט פון טויט.

אזעלכע נייע ליטעראַרישע ווערק, וואס פלעגט ערשיינען אין מלכות-יהודה, פלעגט איבערזעצט ווערען אין אלכסנדריא אויף גריכיש און צוטריטליך ווערען פאר'ן געבילדעטען פובליקום פון דער גאנצער וועלט. די דאזיגע איבערזעצונגען האבען ניט זעלטען אבגעהיט פון פערשווינדען יענע ביכער, וואס אין מלכות-יהודה האט מען זיי ניט געלאזט פערשפרייטען איבער רעליגיעזע אדער פאליטישע פאראורטיילען און וואס די העברעאישע אריגינאלען פון זיי זענען דערביי פערלארען געגאנגען. דער ספר „חכמת בן-סירא“, „דער ערשטער ספר חשמונאים“, דער „ספר חנוך“ און אנדערע „אפאקריפען“ (ספרים חיצונים, גנוזים) זענען פערבליבען נאר אדאנק די אידען פון חוץ-לארץ, וואס האבען זיי איבערזעצט אויף גריכיש.

די אידען פון אלכסנדריא האבען אבער זיך ניט בעגנוגענט בלויז מיט דער ראל פון פשוטע פערמיטלער צווישען דער אידישער און העלענישער ליטעראטור. זיי האבען בעשאפען אויך זייער אייגענע ליטעראטור אויף גריכיש, וואס אין איהר איז דער נאציאנאל-אידישער עלעמענט געווען אויסגעמישט אין א גרעסערער אדער קלענערער מאס מיט'ן אינטערנאציאנאל-העלענישען און וואס איז דערביי גאנץ ריכטיג אנגערופען געווארען אידיש-העלעניש. בעזונדערס פלעגט דא בעארבייט ווערען די געשיכטע פון אידישען פאלק, דער עיקר מיט דעם ציעל, כדי זיך אראבצונעהמען פון איהר א מוסר-השכל.

אין אידישער שרייבער יאזאן פון קירענע האט פערפאסט אויף גריכיש, אין פינף ביכער, א געטריע בעשרייבונג פון די בעפרייאונגס-קריג פון די

חשמונאים. נאָר צו אונז איז דערגאַנגען מער ניט אַ קיצור פֿון דעם דאָזיקן בוך, וואָס איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן שפּעטער דורך אַן אַנדער מחבר און וואָס איז באַוואוסט אונטער'ן נאָמען „צווייטער ספר חשמונאים". אין דעם דאָזיקן קיצור ווערט דערציילט וועגן די רדיפֿות אויף אידן אין דער צייט פֿון סעליוקוס IV און אַנטיוכוס עפּיפֿאַנעס, וועגן דעם פֿאָלקס-אויפֿשטאַנד, וואָס איז דערנאָך פֿאָרגעקומען; דער ספר ענדיגט זיך מיט דער באַשרייבונג פֿון יהודה המכבי'ס נצחון איבער נקנור'ן. צווישן דעם ספּור המעשה זענען אַריינגעשטעלט פֿאָלקס-לעגענדן, פֿון וועלכע מען קאָן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר (למשל, די מעשה וועגן דעם טויט אויף קידוש-השם פֿונ'ם זקן אלעזר און פֿון די זיבן ברידער, וואָס זענען ניטאָ אינ'ם „ערשטן ספר חשמונאים", וואָס דערציילט וועגן דער אייגענער עפּאָכע (§ 76).

דער מחבר פֿונ'ם „צווייטן ספר חשמונאים" שרייבט אינ'ם גייסט פֿון די גריכישע היסטאָריקער-רעטאָרן, און זיין עלעגאַנטער, נאָר מיט שענערערישע פֿראַזעס באַפּוצטער אַרט שרייבן איז ווייט פֿון דער ביבלישער איינפֿאַכקייט און פֿונ'ם שטרענגען האַלטן זיך אָן די פֿאַקטן, ווי דאָס טוט דער מחבר פֿונ'ם אידישן „ספר חשמונאים". דער גרונד-אונטערשייד צווישן די דאָזיקע צוויי ביכער באַשטעהט דערין, וואָס אינ'ם „ספר חשמונאים ראשון" איז מער בולט אַ נאַציאָנאַל-פּאָליטישע טענדענץ, בשעת אינ'ם „ספר שני" טרעט אַרויס קלאָר און דייטליך אַ ריין-רעליגיעזע טענדענץ. פֿאַר'ן מחבר פֿונ'ם „צווייטן ספר חשמונאים", וואָס האָט געלעבט אויסערהאַלב פּאַלעסטינע, איז אין דער געשיכטע פֿון די חשמונאים געווען טייער ניט אַזוי די פּאָליטישע אויפֿלעבונג פֿון מלכות-יהודה, ווי די באַפֿרייאונג פֿון דער יהדות פֿון די הײדנישע רדיפֿות. ער האָט ווי געוואָלט באַווייזן דער אַרומיגער הײדנישער וועלט, ווי שטאַרק עס איז די אידישע רעליגיע און ווי זי געהט אַרויס אומבעשעדיגט פֿון אַלע נסיונות[6].

אין אַ סך ווייניגער קאָנציזער פֿאָרם טרעט אַרויס די דאָזיקע אַפּאָלאָגעטישע (פֿערטיידיגונגס, סניגוריא) טענדענץ אין „דריטן ספר חשמונאים", וואָס איז אויך פֿאַרפֿאַסט געוואָרן פֿון אַן עגיפּטישן אידן. דאָ ווערט באַשריבן די געשיכטע, ווי אַזוי די אידן פֿון אַלעקסאַנדריאַ זענען ניצול געוואָרן פֿון די רדיפֿות פֿון תלמי פֿילאָפּאַטאָר; דער גאַנצער ספּור המעשה דערפֿון איז געגרינדעט צום טייל אויף איין געשעהעניש פֿון דער שפּעטערדיגער צייט, בשעת עס האָט געקיניגט תלמי פֿיסקאָן (§ 77), צום טייל אויף דער געשיכטע פֿון די רדיפֿות פֿון אַנטיוכוס עפּיפֿאַנעס אין מלכות-יהודה. דער מחבר שילדערט פֿילאָפּאַטאָר'ן

---

6) די דאָזיקע געשיכטע-פֿילאָסאָפֿיע איז דורכגעפֿיהרט שוין אין סאַמע אָנהויב פֿונ'ם בוך, וואו עס ווערן געבראַכט צוויי בריעף פֿון די ירושלימער אידן צו די עגיפּטישע מיט דער בקשה צו קומען צו זיי צו חנוכת-הבית פֿונ'ם בית-המקדש.

אין דער געשטאַלט פֿון אַן עגיפּטישען אנטיוכוס עפּיפֿאַנעס און ער פֿירט אריין אין זיין לאַנגער ערצעהלונג אַ סך אויסגעטראַכטע מעשיות, וואָס זענען ניט געשטימען ניט געפֿליגען אין וואָס האָבען אפילו קיין פּאָעטישען ווערט ניט. דאָס איז, אַפּנים, אַ פּראָדוקט פֿון דער שפּעטערדיגער עפּאָכע פֿון דער רוימישער איבערהערשאַפֿט, בשעת די געשעהענישען פֿונ'ם עבר האָבען שוין בעוויזען אָנ־צו־וועהרען דעם קאָלאָריט פֿון זייער צייט און ווערען בעטראַכט דורכ'ן נעפּעלדיגען בריל פֿון די פֿאָלקס־לעגענדעס.

## סינקרעטיזם, אַפּאָלאָגיע און פּראָפּאַגאַנדע.

§ 79. דריי בעזונדערהייטען כאַראַקטעריזירען די אידיש־העלעניסטישע ליטע־ראַטור: **די צונויפֿמישונג פֿון די אידעען** פֿון דער יהדות און פֿונ'ם העלעניזם אין זייער היסטאָרישער ענטוויקלונג (סינקרעטיזם), דער שטרעבען צו פֿערטיידיגען די יהדות קעגען דער פֿיינדליכער קריטיק (אַפּאָלאָגיע) און **פּראָפּאַ־גאַנדירען**, פֿערשפּרייטען זי צווישען די געבילדעטע היידען, לכל הפּחות אין דער פֿאָרם פֿונ'ם ריינעם מאָנאָטעאיזם (גלויבען אין איין איינציגען גאָט).

די געבילדעטע אידען פֿון אלכסנדריא, וואָס זענען געווען גוט בעהאַוונט אין דער גריכישער פֿילאָזאָפֿיע, האָבען נאַטירליכערהייד געשטרעבט נעהנטער צו ברענגען די דאָזיגע פֿילאָזאָפֿיע צו דער אידישער וועלט־אַנשויאונג. היות ווי די אידיש־העלעניסטישע שרייבער זענען אַליין ביז צו אַ געוויסער מדרגה געווען דורכגעדרונגען מיט גריכישע פֿילאָזאָפֿישע אידעען, דעריבער האָבען זיי זיך גע־פֿליסט איבערצו־וואַרפֿען אַ בריק איבער דעם תהום, וואָס האָט אָבגעטיילט די יהדות פֿונ'ם העלעניזם, און צו בעווייזען, אַז די דאָזיגע ביידע וועלט־אַנשויאונגען האָבען אַן אַלגעמיינעם וואָרצעל אין דער געשיכטע. צו אַזאַ מין טענדענץ האָט בעוואויגען די שרייבער דער בעוואוסטזיין, אַז זייערע ווערק וועלען לייענען ניט בלויז אידען, נאָר אויך גריכען, וואָס זיי מוז מען צוטראָגען די פֿרעמדע אָנ־שויאונגען אין אַ בעקאַנטער אויסווייניגסטער פֿאָרם.

דער אידישער דענקער **אַריסטאָבול**, וואָס האָט געלעבט אין אלכסנדריא אין דער צייט פֿון תלמי פֿילאָמעטאָר (בערך אין די יאָהרען 150—170), האָט אָנגעשריבען אַ ווערק וועגען תורת משה, אין האָט זי געווידמעט, לויט ווי די מסורה דערצעהלט, דעם דאָזיגען קעניג. פֿון די פֿערבליבענע קליינע שטיקלעך פֿון דעם דאָזיגען ווערק*), קאָן מען אַרויסזעהן, אַז דער מחבר איז געווען גוט בעהאַוונט אין די פֿילאָזאָפֿישע סיסטעמען פֿון פּיטאַגאָרוס, סאָקראַטעס און פּלאַטאָ און האָט זיך געמוהט אויסצודריגען זייערע אַנשויאונגען פֿון דער יהדות. ער האָט בעהויפּטעט, אַז תורת־משה, אויב מען וועט זי ריכטיג פֿערשטעהן, ענט־

*) די דאָזיגע שטיקלעך זענען פֿערבליבען אין די ווערק פֿון די קריסטליכע גע־לעהרטע פֿון II יאָהרהונדערט נאָך קריסט. — קלעמענס פֿון אלכסנדריא און אייזעביוס.

דאָלט און זיך אַליין דאָס בעסטע, וואָס עס האָבען געלערנט די שפּעטערדיגע גריכישע פילאָזאָפען. ער האָט אפילו אויסגעזאָגט די השערה, אַז די לעצטע האָבען דירעקט גענומען זייערע אידעען פון תורת־משה. בכדי נעהנטער צו ברענגען די טעאָריע פון תנ"ך וועגען דער גאָטהייט מיט דער גריכישער מעטאַפיזיק (וויסענשאַפט וועגען דאָס איבערנאַטירליכע, וועגען דער „יענער זייט" פון די מענשליכע חושים), האָט אריסטובול געפלייסט זיך צו באַווייזען, אַז די אַנטראָפּאָמאָרפיזמען פון תנ"ך (אויסדריקען, ווי גאָט ווערט געגליכען צו אַ מענשען, למשל „גאָט האָט גערעדט", „גאָט האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד" וכדומה) באַדאַרף מען פערשטעהן ניט פּשוטו כמשמעו, נאָר בדרך משל — דאָס איז אַן אופן, ווי אויסצודריקען אַלגעמיין־פערשטענדליך דעם ווירקען פון דער געטליכער קראַפט איבער ווילען אין דער זיכטבאַרער וועלט. דערמיט איז געמאַכט געוואָרען די התחלה פון יענעם מעטאָד פון אַלעגאָרישער אויסטייטשונג פון תנ"ך (דאָס הייסט, אַז אַלע ספּורים פון תנ"ך זענען משלים, פון וועלכע מען דאַרף אָבלערנען אַ מוסר), וואָס טרעט באַזונדערס שאַרף אַרויס שפּעטער ביי פילון פון אלכסנדריא און ביי די שפּעטערדיגע ראַציאָנאַליסטען (דענקער, וואָס שטרעבען צו ערקלערען די גאַנצע וועלט מיט'ן שכל).

די שטרעבונג צונויפצובינדען אָרגאַניש די יהדות מיט'ן העלעניזם איז באַזונדערס צו מערקען אין דער געשיכטע־שרייבונג. דריי אידישע שרייבער, וואָס האָבען געלעבט אין עגיפּטען אין צווייטען יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס — דעמעטריוס, אויפּאָלעמוס און אַרטאַפּאַנעס — האָבען באַאַרבייט די עלטסטע אידישע געשיכטע אין אַ גאַנצער רייהע ווערק, וואָס פון זיי זענען גאַנץ געבליבען בלויז אומבאַדייטענדע פּרקים[8]. לפי־ערך אָביעקטיוו איז נאָר דעמעטריוס, וואָס האָט, אפנים, באַגנוגענט זיך דערמיט, וואָס ער האָט אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג דערצעהלט די געשעהענישען פון דער אידישער געשיכטע פון די אבות ביז זיין צייט, דאָס הייסט, די עפּאָכע פון די תלמיים. אויפּאָלעמוס שטעלט שוין אַרויס משה'ן אַלס דעם „ערשטען חכם", וואָס האָט אויסגעלערנט די אידען די קונסט צו שרייבען; די אידען האָבען איבערגעגעבען די דאָזיגע קונסט די פעניציער, און די לעצטע — די גריכען. אַרטאַפּאַנעס דערגעהט שוין אַזוי ווייט אין אויסטראַכטען היסטאָרישע פאַנטאַזיעס, אַז ער באַהויפּטעט, אַז די עגיפּטער וואָלטען האָבען איבערגענומען זייער אמונה, קונסט, וויסענשאַפט און אַנשטאַלטען פון די אידען. ער דערצעהלט, אַז אברהם אבינו וואָלט האָבען באַקאַנט געמאַכט

8) די דאָזיגע פּרקים האָט צונויפגעקליבען דער גריכישער געלעהרטער און ביבליאָגראַף אלכסנדר פּאָליהיסטאָר (40—80 פאַר קריסט.). פון זיין זאַמעלבוך „וועגען אידען" זענען זיי אַריבער אין די ווערק פון די עלטסטע קריסטליכע געלעהרטע, און דאָרט זענען זיי פערבליבען ביז אונזערע צייטען.

די עגיפּטער מיט דער אַסטראָלאָגיע (שטערנזעערײַ), בשעת ער איז געװען אין מצרים; יוסף, אַלס פֿערװאַלטער פֿון מצרים, זאָל האָבן געזאָרגט פֿאַר דער ענטװיקלונג פֿון דער ערדאַרבעט אינעם דאָזיגן לאַנד; דער אמת'ער גרינדער פֿון דער עגיפּטישער קולטור זאָל זײַן געװען משה, װאָס איז דער אײנציגער װאָס דער גריכישער מוזעאוס, אָרפֿיאוס'ס לערער און דער בעגרינדער פֿון אַלע נוצליכע װיסנשאַפֿטן און קונסטן. משה זאָל האָבן כלומרשט דער ערשטער צעטײלט מצרים אויף 36 פּראָװינצן אָדער נ א מ ע ן, בעשטימט דאָרט גאָטס-פּאַרטײַקײט, אײַנגעאָרדנט אַ מלוכה-אָרדענונג און איבערגעלערנט די כהנים די קונסט צו שרײַבן.

די ביבלישע סיזשעטן, װאָס האָבן אַזױ שטאַרק בעפֿליגלט דעם כח-הדמיון פֿון די היסטאָריקער, האָבן, פֿערשטײט זיך, געמוזט נאָך מער בע-גײַסטערן די אידיש-העלענישע פּאָעטן. אַ װינציג בעװאוסטער פּאָעט פֿון יענער עפּאָכע פֿילון (דער עלטערער) האָט פֿערפֿאַסט אַן עפּישע פּאָעמע „װעגן ירושלים", װאו ער האָט בעזונגען דאָס לעבן פֿון אברהם אבינו, דעם גורל פֿון יוסף און די גרױסקײט פֿון דער אידישער הױפּט-שטאָדט. אַן אַנדערער פּאָעט (ס'קאָן זײַן אַ שומרוני) ט ע אָ ד אָ ט ע ס האָט אָנגעשריבן אַ העראָאישע פּאָעמע װעגן ש כ ם, דער הײליגער שטאָדט פֿון די שומרונים, און װעגן דעם, װי אַזױ יעקב אבינו'ס זין האָבן אײַנגענומען די דאָזיגע שטאָדט, נאָך דער אַװעקרײַבונג פֿון דינה. ס'זענען אויך ערשינען דראַמעס אויף ביבלישע סיזשעטן. פֿון זײ איז בעװאוסט, לױט די פֿערבליבענע שטיקער, די דראַמע פֿון י ח ז ק א ל: „יציאת מצרים", װאו עס װערט געשילדערט משה'ס לעבן און דער אַרױסגאַנג פֿון די אידן פֿון מצרים[9].

די איבערדערמאָנטע קינסטליכע צונױפֿמישונג פֿון די אידישע און העלענישע אָנשױאונגען אין דער געשיכטע און אין דער פֿילאָסאָפֿיע איז געװען געדרונגען ניט בלױז דערפֿון אַלײן, װאָס די עגיפּטישע אידן האָבן געװאָלט געהענטער ברענגען זײער תורה צו די אידעען פֿון דער אַרומיגער קולטור-װעלט. אָפֿטמאָלס איז זי אויך אַרױסגערופֿן געװאָרן דורך דער נױטװענדיגקײט צו פֿערטײדיגן די יהדות קעגן די רכילות'ן און שפּאָטערײַען מצד די הײדן. אין דער ליטע-ראַטור פֿון די אַלעקסאַנדרינישע גריכן האָבן ניט איבערגעפֿעהלט קײן אידן-פֿײַנדליכע טענדענצן.

פֿאַר'ן פֿאָטער פֿון דער יודאָפֿאָביע אין דער געשיכטע רעכנט זיך מאַנעטאָ, אַן עגיפּטישער כהן, װאָס האָט זיך אָנגעאײַגנט גריכישע בילדונג און װאָס האָט אָנגעשריבן אַ גרױסע װערק װעגן דער געשיכטע פֿון עגיפּטן. ער האָט גע-

---

[9] פֿראַגמענטן פֿון די װערק פֿון די אידיש-העלענישע פּאָעטן זענען פֿערבליבן אין די מקורים, װאָס זענען אָנגעװיזן אין דער פֿריהערדיגער הערה.

לעבט אין III יאָרהונדערט פאַר דער קריסטליכער צייט, אין דער צייט פון תּלמי פילאָדעלפוס. אין דער דאָזיגער ווערק האָט ער געשילדערט אין אַ פער־דרעהטער געשטאַלט, אויפ'ן סמך פון ווילדע היידנישע ערצעהלונגען, די געשיכטע פון יציאת־מצרים און משה'ס טעטיגקייט. מאַנעטאָן בעהויפּטעט, אַז די בני־ישראל זענען דאָס געוועזן די אייגענע וואָס דער שבט מצורעים, וואָס דער פּרעה אַמענאָפיס האָט זיי פערשיקט אויף צוואַנגס־אַרבייטען אין די שטיין־ברוכען. משה ערשיינט ביי איהם אין דער געשטאַלט פונ'ם עגיפּטישען כהן אָסאַרסיף, וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט פונ'ם היידענטום און פון זיינע פאָלקס־ברידער און האָט זיך געשטעלט בראש פון די מצורעים; מיט דער הילף פון די סעמיטען־היקסאָס האָט ער מנצח געווען דעם פּרעה און האָט אַ געוויסע צייט געוועלטיגט איבער עגיפּטען, ביז וואַנען די מצורעים זענען אינגאַנצען פערטריבען געוואָרען פון דאָרט. משה האָט געגעבען זיי נייע געזעצען, וואָס האָבען בעפוילען ניט צו דינען די געטער און צו טויטען די בהמות, וואָס זענען הייליג ביי די עגיפּטער.

קעגען אַזעלכע בעליידיגענדע פאַרשטעלונגען וועגען דער אָבשטאַמונג פונ'ם אידישען פאָלק האָבען די אידישע שריפטשטעלער פון אַלעקסנדריא געקעמפט דורך אַ פּ אָ ל אָ ג י ע ס (פערטיידיגונגס־שריפטען), וואו דער עבר פון דער אידישער נאַציע און איהר תּורה ווערען אויסגעשטעלט אַלס די קוועלען פון דער אַלגע־מיין־מענשליכער קולטור. בכדי זייער פערטיידיגונג זאָל האָבען אַ בעזונדערן ווערט אין די אויגען פון די גריכען און מען זאָל זיך אויפמערקזאַמער צוהערען צו איהר, פלעגען זיי שרייבען זייערע אַפּאָלאָגיעס אונ'ם נאָמען פון דעם אָדער יענעם אַלטען גריכישען שריפטשטעלער. פון דער דאָזיגער ליטעראַטור פער־דיענט אויפמערקזאַמקייט דער בוך „וועגען אידען" פון דעם אַזוי אָנגערופענעם פּ ס ע ו ו ד אָ־ה ע ק אַ ט ו י ס (פאַלשער העקאַטויס), וואָס מען האָט עס צוגעשריבען דעם גריכישען פילאָזאָף העקאַטויס פון אַבדערא (העקאַטויס אַבדעריט), וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון אַלעקסנדר מוקדון און תּלמי לאַגוס. אויב מען זאָל אורטיילען לויט די גאַנץ געבליבענע שטיקער, ווערט אין דעם דאָזיגען ווערק געריהמט די איבערגעבענקייט פון די אידען צו זייערע געזעצען, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען אין דער צייט פון אַלעקסנדר מוקדון און תּלמי I, און עס ווערען בעשריבען די הויפּט־מאָמענטען פון דער אידישער געשיכטע. כאַראַקטע־ריסטיש איז איין מעשה, וואָס פּסעוודאָ־העקאַטויס דערצעהלט, בכדי צו ברענגען **אַ ראיה**, אַז די אידען זענען פריי פון היידנישען אָבערגלויבען.

איין מאָל, — דערצעהלט ער — אַז איך האָב גערייזט צום רויטען ים (ים־סוף), האָט זיך געפונען צווישען אַנדערע אידישע רייטער, וואָס האָבען אונז בעגלייט, איינער מיט'ן נאָמען משולם, אַ מענש מיט אַ שטאַרקען גייסט און קערפּער און וואָס איז געווען, לויט דער אַלגעמיינער מיינונג, דער בעסטער בויגענשיסער צווישען די גריכען און באַרבאַרען.

אינטערעסאנט האט איין זעהער, וואס פלעגט פאראויסזאגען די צוקונפט לויט'ן פליהען פון די פויגלען, פארגעלעגט די גאנצע מאסע רייזענדער זיך אבצושטעלען. דעמאלט האט יענער מענש (משולם) א פרעג געטאן, פארוואס געהען זיי ניט ווייטער זייער וועג. דער זעהער האט אנגעוויזען אויף א פויגעל און האט צו איהם געזאגט: „אויב ער וועט בלייבען דא, דעמאלט מוזען זיך אלע אבשטעלען; אויב ער וועט זיך אויפהויבען און פליהען פאראויס, דעמאלט קאנען מיר ווייטער געהן אונזער וועג; טאמער זשע וועט ער פליהען אויף צוריק, דעמאלט מוזען מיר זיך אומקעהרען". משולם האט דערויף גארניש ניט געענטפערט, האט אנגעשפאנט זיין בויגען, האט געטראפען דעם פויגעל און געטויט איהם. דער זעהער און איניגע אנדערע זענען שטארק אריין אין כעס און האבען אנגעהויבען צו בעשיטען איהם מיט קללות, נאר ער האט צו זיי געזאגט: „וואס האט איהר זיך אזוי צעווילדעוועט, איהר אומגליקליכע?" דערנאך האט ער גענומען דעם דערהרג'עטען פויגעל אין האנד און האט ווייטער גערעדט: „ווי אזוי זשע וואלט דער פויגעל, וואס האט ניט געקאנט זיך אליין פערהיטען פון טויט, געקאנט אונז פאראויסזאגען עפיס וואס פערשטאנדיגעס מכח אונזער וועג? אויב ער וואלט געקאנט פאראויסזעהן די צוקונפט, וואלט ער ניט געקומען צו פליהען אהער און וואלט מורא געהאט פאר'ן טויט דורכ'ן פייל פונ'ם אידען משולם[10].

א בעגייסטערטע לויב-שריפט פאר'ן אידישען פאלק איז „דער בריעף פון אריסטעאס"—א גאנץ גרויסע ווערק, וואס איז אנגעשריבען געווארען אין II יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייט און וואס איז פערבליבען אין גאנצען. דער אונבעוואוסטער אידישער מחבר פונ'ם דאזיגען בוך האט איהם אנגעשריבען אין דער פארם פון א בריעף פונ'ם גריך אריסטעאס, א בעאמטען פון קעניג תלמי פילאדעלפוס, צו זיינעם א גוטען פריינד וועגען דער געשיכטע, ווי אזוי די תורה איז איבערזעצט געווארען אויף גריכיש. דער מיטעלפונקט פונ'ם בוך איז, איבעריגענס, ניט די לעגענדע גופא וועגען דעם „תרגום השבעים"[11], נאר יענע פילאזאפישע שמועסען, וואס ווערען געפיהרט מכח דער מעשה צווישען די העלדען פון דער לעגענדע—צווישען אלעזר כהן-גדול און די אידישע חכמים פון איין זייט און דעם קעניג תלמי פילאדעלפוס און זיינע מקורבים פון דער אנדער זייט. דער קעניג שטעלט די אידישע זקנים א גאנצע רייה פראגען בנוגע צו

---

10) דער מנהג אויסצופארשען די צוקונפטיגע געשעהעניסען נאכ'ן פליהען פון די פויגעל איז געווען, ווי בעוואוסט, שטארק פערשפרייט אפילו צווישען די געבילדעטע גריכען און רוימער; אין רוים האבען זיך פערנומען דערמיט די אזוי אנגערופענע אויגורען.

11) זי איז געבראכט אויבען, ז. 35.

עטיק, פילאָזאָפיע, פּאָליטיק און לעבענס־חכמה, און בעקומט ענטפערן, וואָס די דעלענען ווערען נשתומם איבער זייער טיעפקייט. אַלע די דאָזיגע דיאַלאָגען (שמועסען) זענען אויסגעאַרבעט הערליך, בכדי צו איבערצייגען די געבילדעטע העלענען, ווי גרויס עס איז די יהדות, אידישע רעליגיע, געזעצען און עטישע כללים.

אַנטשלאָסענע שטרעבונג צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם אידישען מאָנאָטעאיזם צווישען די היידען, איז צו בעמערקען אין די אַזוי־אָנגערופענע „סיבילען־ביכער”, וואָס די עלטסטע טיילען פון זיי געהערען צו דער צייט, וואָס ווערט דאָ בעשריבען. דורכן מויל פון מיטישע העלענישע נביאות אָדער געטליכע אָראַקולען — סיבילען — רופט דער אידישער פּאָעט לײדענשאַפטליך די העלענישע וועלט זיך אָבצואָגען פונ׳ם געצענדיענסט און אָנצונעמען דעם גלויבען אין איינאיינציגען גאָט; די דאָזיגע געדאַנקען זענען אויסגעלעגט אין דער פאָרם פון גריכישע שירים. אין דריטען „סיבילען־בוך”, וואָס איז פערפאַסט געוואָרען צום טייל אין צווייטען, צום טייל אין ערשטען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער צייט, ווענדט זיך דער מחבר צו גריכענלאַנד, דאָס הייסט צו דער העלענישער וועלט מיט אַזאַ אויפרוף[12]:

אָ, גריכענלאַנד! פאַרוואָס געטרויסטו דער פיהרונג פון מענשען,
וואָס קאָנען ניט אויסמיידען דעם גזר־דין פון טויט?
פאַרוואָס ברענגסטו אומזיסטע מתנות פערשטאָרבענע און קרבנות די געצען?
ווער האָט אין דיין נשמה דעם דאָזיגען טעות איינגעפלאַנצט?
ווער האָט דיר איינגערעדט צו פערלאָזען דעם פּנים פון גרויסען גאָט?
אָ, אַלפּער דעם נאָמען פונ׳ם פאָטער פון אַלע בעשעפענישען!

דער מחבר שטעלט אַרויס די גריכען פאַר אַ מוסטער די אידען, וואָס היטען אָב די אמת׳ע רעליגיע און גוטע מדות:

זיי האָט דער אומשטערבליכער דערהויבען, געמאַכט פאַר נביאים פון מענשען־געשלעכט.
זיי אַליין האָט ער געגעבען חכמה און גלויבען און גוטע מחשבות אין האַרצען.
זיי דינען ניט צו בילדער פון געטער, געמאַכטע פון מענשענס הענד...
נאָר זיי דערהויבען צום הימעל די ריינע הענד, וואָס אין דער פריה, אויפשטעהענדיג פון בעט, ריינינען זיי זיי אָב אין וואַסער. זיי עהרען גאָט,
דעם אַלמעכטיגען, אומשטערבליכען, און דערנאָך זייערע עלטערן...
מעהר פון אַלע מענשען געדענקען זיי די הייליגקייט פונ׳ם חתונה־בעט...
זיי גיבען זיך ניט איבער די אומריינע פערבינדונגען מיט בחורים,

12) III, 545 און ווײַטער, 585, 808.

אַזוי ווי די פֿעניציער, עגיפּטער, לאַטינער, די פֿעלקער פֿון דער ווײַטער העלאַס

און פֿון גאַנץ אַזיען, וואָס זענען עובר די געזעצן פֿון גרויסן גאָט.

נאָך אַ גאַנצער ריִה סטראַשונקעס מיט גאָטס שטראָף, אויב די יידען וועלען זײַן האַרטנאַקיג, און הבטחות אויף גליק און פֿרידען, אויב זיי וועלען זיך בעקעהרען צום אמת'ן גאָט, ענדיגט די סיבילע איהרע רעדונג:

אַזוי זאָג איך, וואָס האָט פֿערלאָזען די הויכע מויערן פֿון בבל

און אשור, וואָס איז געטריבען הרב'ן שטאַכעל פֿון גרימצאָרן, בכדי אָנצוזאָגען

וועגען פֿײַער (וואָס איז געשיקט) אויף העלאַס און וועגען גאָטס צאָרן, ענטפּלעקענדיג פֿאַר די שטערבליכע די געטליכע רעטענישען.

די לײַט פֿון העלאַס וועלען זאָגען, אַז איך בין פֿון אַנאַנדער לאַנד, פֿון ערידרעאַ,

אַנדערע — אַז איך בין יענע סיבילע, די טאָכטער פֿון צירצעע און גנאָסטעס (גליקוס?),

וועלען מיך אָנרופֿען אַנפֿערשעמטע משוגע'נע ליגנערין.

נאָר אַז אַלץ וועט געשעהן, וועט איהר זיך אָן מיר דערמאָנען,

און קיינער וועט מיך ניט אָנרופֿען משוגע'נע, נאָר גרויסע נביאה פֿון גאָט.

אַזוי האָבען, אויף דער שפּראַך פֿון האָמער און פּלאַטאָ, די קעמפֿער פֿאַר דער יהדות געהאָפֿען די הייִדנישע וועלט, וואָס האָט געהאַלטען ביים חורב ווערען, צו אַ רעליגיעזער און זיטליכער אויפֿלעבונג. אין דעם האָזיגען רוף האָט געקלונגען דער בעוואוסטזיין פֿונ'ם נאָהענטען נצחון פֿונ'ם עטישען מאָנאָטעאיזם פֿון די אידען איבער דעם עסטעטישען פּאָליטעאיזם פֿון די העלענען, וואָס איז פֿון אויסווייניג געווען שען, אָבער פֿון אינעווייניג צעפֿוילט. די צייטען האָבען זיך אומגעביטען: די יהדות האָט געפֿודערט שוין (לכל הפּחות אין דער ליטעראַטור) ניט אַ פֿערטיידיגונגס- נאָר אַנ'אָנפֿאַלס-קריג. ס'איז געבוירען געוואָרען דער פּראָזעליטיזם (די שטרעבונג צו שאַפֿען גרים פֿאַר דער אייגענער רעליגיע), וואָס איז געווען דער קול מבשׂר פֿון דער נייער רעליגיע, וואָס האָט אײַנגענומען די גריכיש-רוימישע וועלט.

---

# פּיערטע אָבטיילונג.

## דער רוימישער פּראָטעקטאָראַט. די לעצטע חשמונאים און הורדוס'עם דינאַסטיע.

(63—6 נאָך דער קריסטליכער צײַטרעכנונג)

### אַלגעמיינער איבערבליק

§ 80. רוים איז געקומען, אַ קיק געטאָן און געזיגט. נאָך אשור, בבל, פרס און די העלעניזירטע עגיפּטען און סיריען — האָט די זעקסטע וועלט-מלוכה, די מעכטיגסטע, אַרײַנגעצויגען מלכות-יהודה אינ'ם קרייז פון איהר ממשלה. די געוועזענע איבערהערען פון מלכות-יהודה, די קעניגרייכען פון די סעלייקידען און תלמיים, האָבען זיך אַליין געמוזט אונטערגעבען דער רוימישער איבער-הערשאַפט. די רויב פונ'ם אונערזעטליכען עראָבערער איז אויך געוואָרען די אונ-אָבהענגיגע מלוכה פון די חשמונאים.

רוים האָט ניט מיט אַמאָל אײַנגעשלונגען מלכות-יהודה. דער רויבפויגעל האָט זיך נאָך לאַנג געדרעהט אַרום זײַן קרבן; ער האָט „צום שוץ" אויסגע-שפּרייט איבער איהם זײַנע מעכטיגע פליגלען, נאָר דער קרבן, וואָס איז געלעגען אין קראַמפּף, האָט געוואוסט, אַז בײַ דער קלענסטער פרײַער בעוועגונג וועט אין זײַן קערפער אַרײַנשטעכען זיך דער שאַרפער שנאָבעל פונ'ם רויבער. די רוימישע איבערהערשאַפט האָט נאָך ערשט בעדאַרפט זײַן; דערווײַל איז געוועזען נאָר דער רוימישער פּראָטעקטאָראַט. ער האָט געדויערט כמעט זיבעציג יאָהר, פון פּומפּייס אָנפאַל ביז דער אײַנשטעלונג פון דער רוימישער פערוואַלטונג אין מלכות-יהודה (63 פאַר — 6 נאָך דער קריסטליכער צײַט).

אין משך פון דער צײַט פערנעהמט מלכות-יהודה די לאַגע פון אַ האַלב-אונאָבהענגיגער מלוכה. די רוימישע איבערהערשאַפט, לכתחילה די רעפּובליקאַנישע און דערנאָך די קייזערליכע, בעשטעטיגט די רעגירער, לכתחילה פון הויז חשמונאי און דערנאָך פון דער פעראָאידישער אדומישער משפּחה פון אנטיפּטר און הורדוס. די רוימישע פערוואַלטער און אַנפיהרער פון די לעגיאָנען און זייען גיבען שטרענג

אַלטונג אויף די פּריוואַטע-בעוועגונגען אין מלכות-יהודה און דערשטיקען זיי גיך. פֿאַר'ן שוואַכען עטנאַרך הורקנוס און זיין אַלמעכטיגען פֿערוואַלטער אנטיפּטר האָבען די רוימער קיין מורא ניט: די דאָזיגע רעגירער זענען געווען בעשיידען און קנעכטיש; עס בעאונרוהיגען זיי מעהר ניט די פּאַטריאָטען — אריסתובולס אַנהענגער. אַמאָל רייסט זיך אַרויס פֿון דער רוימישער געפֿאַנגענשאַפֿט אריסתובולס זוהן, אַמאָל אריסתובול אַליין, און זיי מיט זייערע אַנהענגער הויבען אויף אַ מרידה אין לאַנד, — די רוימישע לעגיאָנען קומט אויס אַיינצושטילען די מורדים, אָפֿטמאָלס מיט דער הילף פֿון דער קנעכטישער אידישער רעגירונג (57—52). דער פּראָקאָנסול גאַבּיניוס צעבּרעקעלט דאָס לאַנד יהודה אויף קליינע פּראָווינצען, דער געלדגיריגער קראַסוס בעראַבט דעם בית-המקדש אין ירושלים (54), און נאָך יוליוס צעזאַר בעצאַהט זיך גרויסמוטיג צו דער בעזיגטער נאַציע (48—44). ער דערלאָזט ניט קיין אָנפֿאַל אויף איהר אווטאָנאָמיע, נאָר ער האַלט אונטער די רעגירונג, וואָס האָט שוין געהאַט לאַנג אָנגעוואָרען די אַכטונג פֿונ'ם בעסטען טייל פֿאָלק — די רעגירונג פֿונ'ם שלימזל הורקנוס און פֿון אנטיפּטר, וואָס איז אַן עבד נרצע פֿון רוים. דער דאָזיגער פֿאַלשער אדומי רעגירט פּאַקטיש איבער מלכות-יהודה און גרייט צו דעם נצחון פֿון זיין אייגענער דינאַסטיע און דעם אונטערגאַנג פֿונ'ם הויז חשמונאים. ער טיילט פֿינאַנדער אייגענווילליג די ממשלה צווישען זיינע זיהן. גיך ווערט דערהויבט איינער פֿון זיי, הורדוס, און זיין פֿינסטערער שאָטען לעגט זיך אַוועק אויפ'ן משך פֿון פֿערציג יאָהר איבער דער אידישער געשיכטע

לכתחלה, אַ קריגס-הויפּטמאַן, וואָס האָט בעקומען אַ טרויעריגען שם דורך דער שענדליכער איינשטילונג פֿון די אויפֿגעשטאַנענע פּאַטריאָטען אין גליל (47), דערנאָך אַ „טעטראַרך", לויט'ן ווילען פֿון דעם טריומויר אַנטאָניוס, וואָס האָט פֿערנומען צעזאַר'ס שטעל (44), צילעגט דער מאַן פֿון דער שטאָלצער חשמונאים-פּרינצעסין מרים, — געהט הורדוס פֿעסט אין זיכער צום טרוין. אויף אַ געוויסער צייט ווערט דעם עוות'דיגען שטרעבער פֿערשטעלט די וועג. די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי נוצט אויס די זאָרגלאָזיגקייט פֿון אַנטאָניוס'ן און די הילף פֿון די פּאַרטער און זעצט אַרויף אויפ'ן אידישען טרוין אַנטיגונוס'ן, אריסתובולס זוהן (40). כמעט 4 יאָהר ציהט זיך די דאָזיגע כלומר'שטיגע אומאָבהענגיגקייט, אונטער אומאויפֿהערליכע מלחמות מיט הורדוס'ן, וואָס האָט אין רוים אויסגעבעטען פֿאַר זיך דעם טיטעל קעניג, דער קעניג פֿון הויז חשמונאים קומט אום אָהן אַ צייט, — און אַרומגערינגעלט מיט די רוימישע לעגיאָנען, בעשפּריצט מיט'ן בלוט פֿון די פּאַטריאָטען, בעטרעט דעם אידישען טרוין אַ זוהן פֿון פֿאָלק אדומים (37).

די לאַנגע צייט, וואָס הורדוס האָט געקעניגט (37—4), איז פֿול מיט דראַמאַטישע מאָמענטען און שטעלט פֿאָר אַ בילד פֿון אויסדיינגסטען גלאַנץ און אינעווייניגסטער צעפֿוילטקייט. הורדוס'עס טרוין, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען דורך רוי-

מישע שפיזען, איז פעסט. אידם האט אויך ניט אנגערירט דער גרויסער קריזיס, וואס האט אומגעביטען די רעפובליקאנישע רוים אין א קייזערליכער (30). הורדוס האט תמיד פערשמייכעלט צו קושען די האנד, וואס האט בעפוילען אין דעם אדער יענעם מאמענט, און אנשטאט אנטאניוס'ן א געטרייער פריינד איז ער אין דער טויטליכער שעה געווארען א פריינד און קליענט פונ'ם זעלבסטהערשענדען אויגוסטוס. אין זיין מלוכה פלייסט ער זיך צו זיין א קליינער אויגוסטוס; ער וויל איבערבויען מלכות-יהודה לויט'ן מוסטער פון רוים. ער פערברייטערט די טעריטאריע פון דער מלוכה, וואס פומפעיוס האט פערקלענערט, ער בויט אויס די חרוב'ע שטעדט און שאפט נייע, בויט אויס גרויסארטיגע געביידעס און דענקמעלער, ער בויט אפילו איבער דעם בית-המקדש. נאר אינטער דעם דאזיגען גלענצענדען דעקטוך הערען זיך די קרעכצען פון די אומגעבראכטע מיטגלידער פון הויז חשמונאים, די וועה-געשרייען פון דער קעניגליכער פאמיליע, וואס איז איבערפולט מיט שטענדיגע מחלוקות, די קללות פונ'ם בדלות-געשטעלטען פאלק און די סטראשונקעס פון די פאטריאטען, וואס האבען פיינט געהאט דעם קעניג דעם „האלב-אידען". די דערשטיקטע פרייהייט, גראבער ווילדווילען פונ'ם זעלבסט-הערשער, טויט-שטראפען און רדיפות ווארפען א שרעקענספילען שאטען אויף דעם דאזיגען קעניג. ער ענדיגט זיך אין מיטען אנ'אומבריך פון דעם פאלקס-צארן.

הורדוס'ם יורשים ווערען געשטראפט פאר זייער פאטערס זינד. **ארכילויס** האט רעגירט איבער יהודה מיט דער הסכמה פון רוים, אבער הויך קלינגען איבער אים די קללות פון דער נאציע. דאס לאנד ווערט פערוויסט דורך אינעווייניגסטע מהומות.

דעמאלט געפינט רוים די גינסטיגע געלעגענהייט אבצושאפען אין צענטער פון מלכות-יהודה די פערוואלטונגס-פרייהייט און צו מאכען עס פאר א פראווינץ, וואס ווערט פערוואלטעט דורך געזעצטע רוימישע בעאמטע (אין יאהר 6 נאך דער קריסטליכער צייט). אין צענטער פון דער אידישער מלוכה ענדיגט זיך דער רוימישער פראטעקטאראט און עס הויבט זיך אן די רוימישע הערשאפט, וואס ווערט מדרגה'ווייז פערשפרייט אויך אויף די גרעניץ-לענדער פון מלכות-יהודה.

וואס ישע איז געווארען פונ'ם קאמפף פון די אידישע פארטייען, וואס האט אויסגעפילט די גאנצע געשיכטע פונ'ם פריהערדיגען פעריאד? —

די אריינמישונג פון די רוימער און דער פאל'ען פונ'ם הויז חשמונאים, האט מצער געוועזן גלייך סיי די פרושים, סיי די צדוקים, הגם איטליכע פון די דאזיגע פארטייען האט אנדערש אבגעשאצט די רעזולטאטען פון די דאזיגע גע-שעהענישען. די צדוקים האבען זיך מצער געווען דעריבער, וואס דאס פאלק האט אנגעווארען זיין פאליטישע פרייהייט, זיין אונאבהענגיגע דינאסטיע און א בעדייטענדען טייל פון זיין טעריטאריע; די פרושים זענען מעהר פון אלץ געוועזן אומרוהיג איבער דעם פרעמדען פראטעקטאראט, וואס האט אונטערגעהאלטען

אומווירדיגע רעגירער און וואָס איז געווען אַ סכנה פֿאַר דער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיגקייט פֿון אידישען פֿאָלק. די ערשטע האָבען געדאַגעט וועגען דעם גורל פֿון דער מלוכה, די לעצטע — וועגען דעם גורל פֿון דער נאַציע. ביידע פּאַרטייען זענען געווען אונצופֿרידען, ביידע פֿלעגען אָנפֿילען די ריידען פֿון די פּאַטריאָטען, וואָס האָבען מורד געווען אַמאָל קעגען די רוימער, אַמאָל קעגען די רוימישע משרתים, אַשטייגער, ווי אַנטיפּטר. מיט הורדוס'ס רעזשים האָט זיך צופֿרידענגעשטעלט, קאָן זיין, בלויז אַ טייל פֿון דער צדוקישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס זי האָבען צוגעצייגען צום הויף דער אויסווייניגסטער גלאַנץ און די העלעניש-רוימישע נייעסען. צו דער דאָזיגער רעגירונגס-גרופּע האָט געהערט די אָפֿיציעלע כהנים-פּאַרטיי ביתוסים, וואָס זענען אַזוי אָנגערופֿען געוואָרען לויט'ן פֿאַמיליען-נאָמען פֿון איינעם פֿון די כהנים-גדולים, וואָס הורדוס האָט בעשטימט.

די פּרושים האָבען געהאַלטען, אַז אין הורדוס'עס רעזשים שטעהט ווידער אויף די געוועזענע גריכישע אַסימילאַציע אויפֿ'ן באָדען פֿון דער רוימישער ממשלה, און דעריבער האָבען זיי זיך געהאַלטען ווייט פֿון דער רעגירונג און האָבען געבילדעט צום טייל אַן אַקטיווע, צום טייל אַ פּאַסיווע אָפּאָזיציע. אייניגע פֿון די טרעטען אַרויס אַלס די אויפֿטוער פֿון פֿאָלקס-אויפֿשטאַנדען, וואָס זענען פֿאָרגעקומען צום סוף פֿון הורדוס'עס קיניגען און אין אָנהויב פֿון דער רעגירונג פֿון זיינע יורשים (מתתיה, יהודה און אַנדערע). אַנדערע ווידער האָבען מיט אַלע זייערע כחות ווייטער געפֿיהרט די אַרבייט, וואָס עס האָבען אָנגעהויבען די אַלטע פּרושים, — צו בויען „צאַמען (סייגים) אַרום דער תורה", און האָבען בעדייטענד פֿערברייטערט די גרעניצען פֿון דער תורה שבעל-פּה. — בכלל קאָן מען זאָגען, אַז זיי האָבען זיך געמיהט צו פֿערפֿעסטיגען די גייסטיגע טעריטאָריע פֿון אידישען פֿאָלק (הלל, שמאי און זייערע תלמידים).

מעהר ניט די קלוגע און שטילע אסיים, וואָס האָבען זיך שוין לאַנג געהאַט אָבגעזאָגט פֿון פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעבונגען, האָבען רוהיג צוגעקוקט די גרויסע היסטאָרישע קריזיסען, וואָס זענען געשעהן פֿאַר זייערע אויגען, און האָבען געחלומ'ט וועגען דעם אָנקומען פֿון „גאָטס מלוכה". זיי האָבען צוגעגרייט אַ פֿעלד פֿאַר די טויער פֿון אַ נייער רעליגיע, — און אין גיכען האָט בעדאַרפֿט אינ'ם טומעלדיגען לאַר פֿון דער אויסגעדערטער מלכות-יהודה ערקלינגען אַ ניט-געוועהנליכער קול, אַ קול „ניט פֿון דער וועלט", וואָס האָט פֿון די ברעגען פֿון דער גלילער אָזערע געזאָלט אַריינדרינגען אין ירושלים און אויף אַ געוויסער צייט פֿערשטיקט ווערען אינ'ם בעטויבענדען רעש פֿון די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע בעוועגונגען פֿאַר'ן פֿעריאָה פֿון דער רוימישער ממשלה.

ש. דובנאָוו

# ערשטער קאַפּיטעל.

## די פֿערוואַלטונג פֿון הורקנוס II און אַנטיפּאַטער. (63—41).

די פּרובען אויף אַ מרידה; גאַביניוס און קראַסוס. — מלכות־יהודה אין דער צייט פֿון יוליוס קיסר. — הורדוס׳עס דערהויבונג. — קאַסיוס און אַנטאָניוס. אַנטיפּאַטר׳ס זיהן, אַלס טעטראַרכען (נשיאים).

### די פּרובען אויף אַ מרידה; גאַביניוס און קראַסוס.

§ 81. בעטויבט דורכ׳ן קלאַפּ מצד פּומפּיוס׳ן, האָט זיך מלכות־יהודה געפֿינען אין משך פֿון עטליכע יאָהר אין יענעם צושטאַנד פֿון פֿערגליווערטקייט, וואָס ווערט זעהר פֿאַלש פֿערעכענט פֿאַר אַ צושטאַנד פֿון שלום און רוה. די רעגירונג פֿונ׳ם כאַראַקטער־שוואַכען הורקנוס II, וואָס איז געוואָרען געפֿיהרט פֿון אַנטיפּאַטר׳ן, האָט פֿערשטאַנען נאָר צופֿרידענצושטעל׳ן זיך מיט דער נאַציאָנאַלער ערנידריגונג און אַריבערצוטראָגען בהכנעה אַלצדינג, וואָס עס איז געשעהן; דאָס פֿאָלק אָבער האָט דערווייל געשוויגען. דער פֿערוואַלטער סקוירוס, וואָס פּומפּיוס האָט איהם געלאָזען אין סוריען, האָט ניט געהאַט קיין צוזאַמענשטויסען מיט די אידען און האָט געקאָנט זיך פֿערנעהמען מיט דער איינשטילונג פֿון די אַראַבער, וואָס זייער קעניג אַרעטאַס האָט געהאַט די העזה אַרויסצושטעל׳ן תביעות אויף אַ געוויסען חלק פֿון דער ירושה פֿון די סעלייקידען, וואָס איז אָנגעקומען צו רוים.

צווישען די יאָהרען 57 און 55 האָט געבעל־בת׳עוועט אין סוריען פּומפּיוס׳ס מיטהעלפֿער, דער פּראָקאָנסול[1] גאַביניוס. דאָס איז געווען איינער פֿון יענע פּראָווינציעלע רוימישע בעאַמטע, וואָס האָבען, לויט ווי עס בעשולדיגט זיי ציצעראָ, „געשעפּט אָהן אַ שיעור געלד פֿון די רייכע אוצרות פֿון סוריען און האָבען געפֿיהרט מלחמות מיט די פֿרידליכע איינוואוינער צוליעב דעם, בכדי צו וואַרפֿען זייערע אונבעגרענצטע רייכטימער אין׳ם תהום פֿון זייערע אייגענע תאוות“. גאַביניוס האָט אָנגעהויבען איינצופֿיהרען אין לאַנד יהודה יענע סיסטעם פֿון צעברעקלען די טעריטאָריע אויף קליינע אַדמיניסטראַטיווע חלקים, וואָס די רוימער האָבען אָנגעווענדט אין גאַנץ סוריען. נאָכדעם, ווי פּומפּיוס האָט אָבגעריסען פֿון מלכות־יהודה איהרע גרעניץ־לענדער, האָט גאַביניוס געשטרעבט מבטל צו זיין די צענט־

[1] „פּראָקאָנסול“ — דאָס זענען געווען רוימישע פֿערוואַלטער אין די פּראָווינצען, וואָס דער סענאַט פֿלעגט זיי בעשטימען פֿון געוועזענע קאָנסולן אָדער פּרעטאָרן און וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען כח־הרשאה.

רעאַליזאַציע אין דער פֿערבליבענער טעריטאָריע. ער האָט צעטיילט דאָס לאַנד יהודה אויף פֿינף ראַיאָנען מיט אַ זעלבסטשטענדיגער פֿערוואַלטונג אָדער סנהדרין אין איטליכען. ס'זענען געבילדעט געוואָרען די ראַיאָנען ירושלים, גזה און יריחו אין לאַנד יהודה גופא, דער ראַיאָן פֿון צפורי אין גליל און דער ראַיאָן פֿון חמת אָדער עמוס אין עבר־הירדן. ביי הורקנוס'ן איז פֿערבליבען נאָר דער טיטעל כהן־גדול אָהן אַ פּאָליטישער מאַכט. דאָס לאַנד וואָלט ביי אַזאַ רעזשים פֿונאַנדערגעפֿאַלען אויף עטליכע געמיינדעס, פּונקט אַזוי ווי די באַזונדערע שטעדט פֿון די צעבראָקעלטע סיריען און גריכענלאַנד. צום גליק אָבער האָט די סיסטעם פֿון דעצענטראַליזירונג ניט באַוויזען איינצוואָרצלען זיך אין לאַנד יהודה און איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען, נאָכדעם ווי גאַבּיניוס איז אַוועק פֿון זיין שטעל.

נאָך זעקס יאָהר איינוויינגסטע רוה האָבען זיך אין לאַנד יהודה באַוויזען סימנים פֿון אַ פֿאָלקס־מרידה קעגען דער רוימישער איבערהערשאַפֿט. נאָך אין יענער צייט, בשעת פּומפּיוס האָט געפֿיהרט דעם אַראָבגעזעצטען קעניג און זיינע קינדער קיין רוים אַלס קריגס־געפֿאַנגענע, האָט זיך איינעם פֿון די פּרינצען, אלכסנדר'ן, איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען אונטערוועגס און צו באַפֿרייען זיך אויף אַזאַ אופֿן פֿון דער רוימישער געפֿאַנגענשאַפֿט. איינגענומען פֿון דער שטרעבונג צו באַפֿרייען זיין געבאָרענלאַנד, האָט דער מוטיגער אלכסנדר אין יאָהר 57 באַוויזען זיך אין לאַנד יהודה, אין דער געגענד פֿון יריחו, און האָט דאָרט אויפֿגעהויבען אַ מרידה. איהם האָט זיך איינגעגעבען צונויפֿצוקלייבען אַ באַדייטענדען חיל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון 10,000 שווער־באַוואָפֿענטע קריגסלייט און אַנדערהאַלבען טויזענד רייטער און איינצונעהמען דריי פֿעסטונגען, וואָס פֿון זיי האָט געהאַט אַ באַזונדערס וויכטיגע באַדייטונג די פֿעסטונג אלכסנדריון, ניט וייט פֿון ירדן. די אידישע פּאַטריאָטען זענען גערן געווען אונטערצוהאַלטען דעם דרייסטען זוהן אריסטובול'ס.

אַז גאַבּיניוס האָט זיך דערוואוסט וועגען דער מרידה, האָט ער באַלד אַרויסגעשיקט קעגען די מורדים זיין געהילף, דעם שפּעטערדיגען באַריהמטען טריומויר מאַרקוס אַנטאָניוס, און אַליין איז ער אַוועק נאָך איהם מיט זיין הויפּט־אַרמעע. ניט וייט פֿון ירושלים האָבען די רוימער געשלאָגען די מורדים, וואָס האָבען זיך דערנעהנטערט צו דער הויפּט־שטאָדט, און אלכסנדר האָט געמוזט אַנטרינען. גאַבּיניוס האָט איהם באַלאַגערט אין דער פֿעסטונג אלכסנדריון, און אלכסנדר איז געצוואונגען געווען איהם איבערצוגעבען די דאָזיגע פֿעסטונג און אויך צוויי אַנדערע, וואָס ער האָט פֿערכאַפּט, מכור און הורקניון, און דערפֿאַר האָט גאַבּיניוס איהם אַרויסגעלאָזען פֿריי. אַ פֿערמיטלערין אין די אונטערהאַנדלונגען צווישען גאַבּיניוס'ן און אלכסנדר'ן איז געווען אלכסנדר'ס מוטער, וואָס האָט מיט אַלע מיטלען געחנפֿ'עט גאַבּיניוס'ן און געמיהט זיך צו מאַכען שלום צווישען איהם און צווישען איהר זוהן; איהר האָט זיך אַפֿילו איינגעגעבען צו באַקומען פֿונ'ם רוימישען פּראָקאָנסול אַ צוזאָג — אַז ער וועט זיך

משתדל זײַן װעגען דער בעפרײַאונג פון אידרע איבעריגע קינדער, װאָס האָבען זיך געפונען אין געפאַנגענשאַפט אין רוים אינאײנעם מיט אריסתובול'ן.

נאָר באַלד האָבען זיך די אינדרויסען װײַטער אָנגעהויבען. פון רוים איז אנטלאָפען געוואָרען אריסתובול אַלײן מיט זײַן אַנדער זוהן, אנטיגנוס'ן, און האָט זיך פלוצלינג באַוויזען אין לאַנד יהודה (56). די אידישע פּאַטריאָטען און די אַנהענגער פון די חשמונאים האָבען מיט גרויס פרייד באַגעגענט זייער געוועזענעם קעניג. צו איהם זענען צוגעשטאַנען דער געוועזענער קריגס-הויפטמאַן פון די חשמונאים, פּיטהאָלאוס, מיט אַן אָבטײלונג זעלנער, און אַ סך אידישע קריגס-לײַט, וואָס זענען, איבעריגענס, געווען שלעכט באַוואָפענט. אריסתובול האָט געפרובט צו באַפעסטיגען זיך אין די זעלביגע ערטער, וואו ניט לאַנג האָט געקעמפּפט זײַן זוהן, נאָר ער האָט אויך קײַן הצלחה ניט געהאַט. נאָך אַ פערצוויפעלטער שלאַכט נעבען דער פעסטונג מכור, איז אריסתובול, באַדעקט מיט וואונדען, געניטען געוואָרען געפאַנגען פון גאַבּיניוס'ס חיל. מען האָט איהם ווידער אַוועקגעשיקט קײַן רוים, וואו מען האָט איהם זינט יענער צײַט געהאַלטען אין תפיסה. אריסתובול'ס קינדער אָבער זענען בעפרײַט געוואָרען פון געפאַנגענשאַפט, לויט דער השתדלות פון גאַבּיניוס, וואָס האָט אָנגעשריבען דעם רוימישען סענאַט, אַז ער האָט דאָס צוגעזאָגט זייער מוטער, בשעת ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגען איבערגעבען די פעסטונגען. צו עס האָבען דאָ געשפּילט אַ ראָל פּאָליטישע סבּרות, אָדער אַ גרויסע סומע שוחד, וואָס דער רוימישער פּראָקאָנסול פלעגט מיט גרויס חשק נעהמען,—בלײַבט אומבעוואוסט.

באַלד דערויף איז גאַבּיניוס אַוועק קײַן עגיפּטען, וואו ער האָט זיך אַרײַנגעמישט אין די דינאַסטישע מחלוקות פון די תלמיים. דער הויגער אלכסנדר האָט געגלויבט, אַז דער דאָזיגער מאָמענט איז גינסטיג אויף ווידער אָנצוהויבען דעם בעפרײַאונגס-קריג. אַרומגערינגעלט מיט אַ מאַסע פּאַטריאָטען, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער'ן לאַנד, האָט גערופען צו אַ מרידה, און אויסגעהרג'עט אַלע רוימער, וואָס ער פלעגט אָנטרעפען אונטערוועגס. נאָר גאַבּיניוס איז צוריקגעקומען פון עגיפּטען און האָט באַגעגענט די אידישע מורדים ניט ווײַט פון באַרג תבור און האָט זיי געגעבען אַ שטאַרקע מפּלה (55). אין דעם דאָזיגען קאַמפּף איז אויפ'ן צד פון די רוימער און קעגען די איבערגעבענע אידישע פּאַטריאָטען געשטאַנען הורקנוס'עס אפּטרופּוס און בעל-יועץ אנטיפּטר. ער האָט מיט אַלערלײַ מיטלען געפלײַסט זיך אײַנצושמייכלען צו גאַבּיניוס'ן, און איהם האָט זיך אײַנגעגעבען אָבצורעדען אַ סך אידען פון דער „אומפערשטאַנדיגער אונטערנעהמונג" אלכסנדר'ס. דער אויסגערעכענטער אדומי האָט שוין דעמאָלט געפירט יענע פּאָליטיק פון קנעכטישער הכנעה, בנוגע צו רוים, וואָס האָט געבראַכט צו דער ערנידעריגונג פון דער אידישער נאַציע און צו דער דערהויבונג פון אנטיפּטר'ס און הורדוס'עס משפּחה.

אין יאָהר 54 איז אָנגעקומען אין די מזרח־לענדער, אַנשטאָט גאַביניוס'ן, וועמען מען האָט אָבגערופען קיין רוים, דער בעוואוסטער טריומוויר קראַסוס, וואָס איז געוואָרען בעשטימט פאַר אַ פּראָקאָנסול פון סוריען. בשעת קראַסוס האָט זיך צוגעגרייט צו דער מלחמה קעגען די פּאַרטער, האָט ער, צוליעב בערייכערן זיין קאַסע, ערלויבט זיך צו בערויבען די אידען. ער איז אַריינגעדרונגען אין בית־המקדש און האָט אויסגערויבט די רייכע קאַסע, וואָס איז דאָרט געווען בעהאַלטען, און גאָלדענע צירונג אויף אַ גרויסע סומע. דער דאָזיגער געוויסענלאָזער רויב־אָנפאַל, וואָס ער האָט געמאַכט איינער פון די אָנפיהרער פון דער רוימישער רעפּובליק, האָט אויפגעבראַכט סיי דעם נאַציאָנאַלען, סיי דעם רעליגיעזען געפיהל פון די אידען. און אַז אין אַ יאָהר אַרום איז קראַסוס אומגעקומען אין דער בערימטער מלחמה קעגען די פּאַרטער, איז אויסגעבראָכען אַ מרידה פון אידען אין גליל (53). בראש פון די מורדים איז געשטאַנען דער אייגענער קריגס־דויפּטמאַן פּיטולוס, וואָס האָט ניט לאַנג גענומען אַנטהייל אין אריסתובול'ס מרידה. זיין חיל האָט זיך געפונען אין טריכיא, ניט וויט פון דער אָזערע כנרת (גענעסאַרעט). דאָ איז קעגען איהם אַרויסגעטראָטען קראַסוס'ס געהילף קאַסיוס, האָט איינגענומען טריכיא און גענומען געפאַנגען אַ גרויסע מאַסע מורדים. דרייסיג טויזענד געפאַנגענע אידען זענען פערקויפט געוואָרען פאַר שקלאַפען, און פּיטולוס איז געוואָרען געטויט, לויט דער בקשה פון אנטיפּטר, וואָס איז געווען אַ געטרייער פריינד פון די רוימער און אַ פיינד פון די אידישע פריייהייטס־קעמפפער.

## מלכות־יהודה אין דער צייט פון יוליוס קיסר.

§ 82. אין יאָהר 49 האָט זיך אין רוים אָנגעהויבען יענער גרויסער בירגער־קריג, וואָס האָט אין צוואַנציג יאָהר אַרום געבראַכט דערצו, אַז די רעפּובליק איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אימפּעריע. דער קאַמפּף פון די צוויי טריומווירען, פּומפּיוס און יוליוס קיסר (יוליוס צעזאַר), האָט אַרומגענומען סיי דאָס מוטערלאַנד, סיי די פּראָווינצען; דער מערב און דער מזרח זענען געווען דער קאַמפּף־פּלאַץ פאַר די דאָזיגע פּאָליטישע ריזען. בשעת צעזאַר איז אַריבערגעגאַנגען דעם רוביקאָן (אַ טייך אויף דער גרעניץ צווישען גאַליען און איטאַליען), האָט ער בעשלאָסען, אַז אין דעם פאָרשטעהענדען קאַמפּף אין די מזרח־לענדער, וועט איהם, צווישען אַנדערע, קאָנען אויך נוצליך זיין די הילף פונ'ם געוועזענעם אידישען קעניג, וואָס האָט געשמאַכט אין תפיסה, לויט'ן ווילען פון פּומפּיוס. דעריבער האָט צעזאַר בעפרייט אריסתובול'ן פון תפיסה און געגעבען איהם צוויי לעגיאָנען, כדי ער זאָל געהן מיט זיי קיין סוריען און קעמפּפען דאָרט מיט פּומפּיוס'ס אָנהענגער.

אין דער נשמה פונ'ם אַלטען קעמפּפער פון הויז חשמונאים איז ווידער געפּינען געוואָרען די האָפנונג אויף בעפרייען זיין פאָטערלאַנד, אָדער, לכל

הפחות, פערבעסערן זיין לאגע. איהם האט שטארק איינגענומען די אויסזיכט צו קעמפפען מיט פאמפעיוס׳ן, זיין פערזענליכען פיינד און אונטערדריקער פון מלכות־יהודה. ער האט מיט פרייד אנגענומען צעזאר׳ס פארשלאג און האט אנגעהויבען צו גרייטען זיך צו דער נסיעה. נאר איינינע פון פאמפעיוס׳עס אנהענגער, וואס זיינען געבליבען אין רוים, בשעת זיי האבען זיך דערוואוסט וועגען דער אונטערנעהמונג, וואס איז געפעהרליך פאר זייער פארטיי, האבען פערסמ׳ט אריסטובול׳ן, איידער ער האט נאך בעוויזען אבצורייזען. אין דער זעלביגער צייט האט פאמפעיוס׳ס שוועהר, דער סירישער פערוואלטער מציפיא, געלאזט קעפען אין אנטיוכיא אריסטובול׳ס זוהן, אלכסנדר׳ן.

אזוי זיינען אומגעקומען די צוויי הויפט־פארשטעהער פונ׳ם הויז חשמונאים, וואס האבען מיט הייכער איבערגעבענקייט געשטרעבט צו דער אויפלעבונג פון פאטערלאנד. אריסטובול, וואס האט אנגעהויבען זיין קאריערע אינ׳ם פארטייען־קאמפף און דעם פאר מלכות־יהודה שעדליכען בירגער־קריג, איז אין דער רוימישער געפאנגענשאפט אבגעקומען פאר זיינע פעהלער און איז געשטארבען, ווי א פאטריאט אויף קדוש־השם, אינגאנצען איינגענומען פון דעם ליידענשאפטליכען געדאנק צו בעפרייען זיין נאציע. איצטער זיינען געבליבען מעהר ניט צוויי פאליטישע פארשטעהער פון דער דינאסטיע חשמונאים: דער כהן־גדול הורקנוס, וואס איז געוועזען א בלינדע געצייג אין אנטיפטר׳ס הענד, און אריסטובול׳ס צווייטער זוהן, אנטיגנוס, וואס האט געשטריטען מיט זיין פעטער וועגען דער ממשלה, נאר ער האט ניט געהאט קיין גרויסע פאליטישע פעהיגקייטען.

דערווייל האט די רעגירונג פון הורקנוס און אנטיפטר בעוויזען שוין צוצופאסען זיך צו דער פאליטישער איבערקערעניש, וואס איז פארגעקומען אין רוים. נאכ׳ן נצחון פון צעזאר׳ס אנהענגער ביי פארסאלא (48), נאכדעם ווי עס איז געווארען קלאר, אז פאמפעיוס האט פערשפיעלט, האט דער אויסגערעכענטער אנטיפטר, וואס האט נאך דא ניט לאנג געטריי געדיענט פאמפעיוס׳ן, גיך אויסגעביטען דעם קורס און איז אריבער אויפ׳ן צד פונ׳ם זיגער, וואס פון זיין ווילען איז איצט אבהענגיג געוועזען דער גורל פון אלע רוימישע פראווינצען. די רעגירער פון מלכות־יהודה האבען געמיהט זיך מיט אלע מיטלען צו טון צוליעב צעזאר׳ן און געבען איהם מיליטערישע הילף אין זיין גרויסען קריג אין די מזרח־לענדער. בשעת צעזאר איז איין מאל אריינגעפאלען אין א שווערער לאגע אין עגיפטען, איז אנטיפטר געקומען איהם צו הילף מיט א אידישער אבטיילונג פון 3000 מאן און, אינאיינעם מיט׳ן פערגאמער קעניג מיטרידאטעס, האט ער גענומען אנטייל אין א סך שלאכטען קעגען די עגיפטער. אנטיפטר׳ן האט זיך אפילו איינגעגעבען אריבערציהען אויפ׳ן צד פון די רוימער די עגיפטישע אידען, וואס האבען געוואוינט אין „חוניו׳ס געגענד" (ניט ווייט פון מקדש חוניו), חברעם, וואס ער האט זיי בעוויזען א בריעף פון כהן־גדול הורקנוס, אין וועל־

כּען יענער האָט זיי געבעטען, זיי זאָלען זיין צעזאַר׳ס פריינד און שאַפען עסנ־וואַרג פאַר זיין חיל.

צעזאַר האָט געמוזט זיין דאַנקבאַר די אידישע רעגירער פאַר די טובות, וואָס זיי האָבען געטאָן מיט איהם אין דער צייט פון נויט. נאָכדעם, ווי עס האָט זיך געענדיגט די מלחמה אין עגיפּטען, איז צעזאַר געקומען קיין סיריען, בכדי צו ברענגען אין אָרדנונג די דאָרטיגע ענינים, און דאָ האָט ער אַרויסגע־וויזען אַ בעזונדערע גוטגינציגקייט צו הורקנוס׳ן און אנטיפּטר׳ן. אַהין איז גע־קומען צום רוימישען מושל אנטיגנוס, אריסטובול׳ס זוהן, בכדי צו פערטיידיגען זיינע רעכט אויפ׳ן אידישען טרון, און דערביי האָט ער דערמאָנט וועגען טרויעריגען סוף פון זיין פאָטער, וואָס איז פערסמ׳ט געוואָרען ביים אויספערפילען צעזאַר׳ס שליחות, און האָט געשאַלט הורקנוס׳ס און אנטיפּטר׳ס שלעכטע רעגירונג. נאָר דעם קלוגען אנטיפּטר האָט זיך אָהן שוועריגקייט איינגעגעבען צו איבערציינגען צעזאַר׳ן דערין, אַז אנטיגנוס איז דער פאָרשטעהער פון דער אידישער פּאַרטיי, וואָס איז פיינדליך געזינען צו די רוימער און וואָס בעשטעהט פון „מורדים און אונרוהיגע מענשען“, און אַז הורקנוס׳עס פערוואַלטונג לוינט בעסער פאַר די אינטערעסען פון דער רוימישער רעפּובליק. צעזאַר האָט אָבגעוואָרפען אנטיגנוס׳עס טענות און האָט בעשטעטיגט די עקסיסטירענדע אָרדנונג. הורקנוס׳ן האָט ער בע־שטעטיגט אַלס כהן־גדול און עטנאַרך, און אנטיפּטר׳ן האָט ער געשאָנקען די רעכט פון אַ רוימישען בירגער און געגעבען איהם דעם טיטעל „אַפּטרופּוס־פערוואַלטער פון מלכות־יהודה“ (47). אין דער זעלביגער צייט האָט ער ערלויבט די אידען ווידער אויפצובויען די פעסטונגס־מויערן פון ירושלים, וואָס זענען צעשטערט געוואָרען, בשעת פּומפּיוס האָט איינגענומען די שטאָדט, — די פריהערדיגע רוימישע פערוואַלטער האָבען דאָס שטרענג פערבאָטען.

פאַר די פיער יאָהר צייט, וואָס צעזאַר איז געוועזען דיקטאַטאָר (44—48), האָט ער אונטערגעהאַלטען די זעלבסטפערוואַלטונג פון מלכות־יהודה און געגעבען איהר די מעגליכקייט ווידער איינצושטעלען איהר מלוכה־אָרדנונג, אַזוי אַז זי זאָל האָבען די רעכט פון אַן אונאָבהענגיגען פירשטענטום. די איבערהערשאַפט פון רים האָט זיך געלאָזט פיהלען נאָר ווייניג. אין יענע לפי־ערך רוהיגע יאָהרען. דורך אַ גאַנצער רייהע דעקרעטען האָט צעזאַר פערזיכערט דעם אידישען פאָלק די אונבעריהרליכקייט פון זיין זעלבסטפערוואַלטונג און פון זיין טעריטאָריע. הורקנוס׳ן זענען געגעבען געוואָרען אַלע רעכט, וואָס אַ כהן־גדול האָט לויט די געזעצען פון דער תורה, און צווישען אַנדערע זאַכען — די העכסטע געריכט־ליכע מאַכט אין די פראַגען פון קולט און אין די ציווילע פּראָצעסען (דיני ממונות) צווישען אידען. הורקנוס און זיינע יורשים זענען אָנערקענט געוואָרען פאַר „פריינד און פערבינדעטע“ פון דער רוימישער רעפּובליק אין די צייטען פון שלום און מלחמה. צעזאַר האָט בעפרייט די אידען פון צו צאָהלען צינז די רוימער, פון צו געבען רעקרוטען און פון אָבצוגעבען אומזיסטע וואוינונגס־ערטער

פאַר די רוימישע סאָלדאַטען. ער האָט ווידער פאַראייניגט מיט דער אידישער טעריטאָריע די האַפען-שטאָדט יפו און איינינע אַנדערע געגענדען, וואָס זענען אָבגענומען געוואָרען דורך פּומפּיוס'ס ווילדוויילען. דאָס, וואָס די אידען האָבען ווידער בעקומען די שטאָדט יפו, האָט געהאַט אַ בעזונדערס וויכטיגע בעדייטונג פאַר זייער האַנדעל, מחמת דאָס האָט געגעבען זיי די מעגליכקייט ווידער איינצושטעלען די פערבינדונג מיט'ן ים.

צעזאַר האָט פערשפּרייט זיין גענאָדה אויך אויף די אידישע קאָלאָניעס וואָס זענען געווען צעוואָרפען איבער אַלע מזרח'שע, קליין-אַזיאַטישע און עגיפּטישע מדינות, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון רוים. די אידען פון די „גלות-לענדער" פלעגען זיך ניט זעלטען בעקלאָגען פאַר דער רוימישער רעגירונג, דער אָרטיגער אָדער צענטראַלער, איבער די אונטערדריקונגען, וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן מצד די גריכען, די אָרטיגע איינוואוינער, בנוגע צו ענינים פון רעליגיע, בירגערליכען לעבען און האַנדעל,—און צעזאַר פלעגט זיך שטענדיג שטעלען אויפ'ן צד פון די אונטערדריקטע. ער האָט ערלויבט די אידען צו האַלטען אומעטום עפענטליך זייער גאָטעסדיענסט, קלייבען נדבות לטובת דעם בית-המקדש און ירושלים, איינאָרדנען בעראַטונגען וועגען געזעלשאַפטליכע ענינים, האָבען אייגענע געריכטליכע אַנשטאַלטען, און האָט בכלל פערזיכערט זייערע בירגערליכע רעכט.

די אידען האָבען פערשטאַנען הויך צו שאַצען דעם דאָזיגען מעכטיגען שוץ מצד דעם גוטגינציגען און טאָלעראַנטען דיקטאַטאָר. נאָך צעזאַר'ס פריהצייטיגען געוואַלדטויט, האָט קיין איינציגעס פאָלק, צווישען אַלע פעלקער, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער זיין ממשלה, ניט בעוויינט איהם אַזוי אויפריכטיג, ווי די אידען (לויט ווי סועטאָניוס זאָגט עדות).

הורדוס'עס דערהויבונג.

§ 83. דער פאַקטישער מושל איבער מלכות-יהודה איז אין יענער צייט געווען אנטיפּטר. דער עטנאַרך-כהן-גדול הורקנוס האָט מעהר ניט געדיענט פאַר אַ נאַציאָנאַלען שילד פאַר דער ניט-נאַציאָנאַלער רעגירונג. ער האָט אויסערפילט די גייסטליכע פונקציעס פון אַ כהן-גדול, ער איז געווען דער אָפיציעלער פאָרזיצענדער אין ירושלמ'ער סנהדרין, נאָר ער האָט ניט פערשטאַנען צו פערטיידיגען ניט די העכערע פּאָליטישע אינטערעסען פון פאָלק, ניט דעם כבוד פון זיין דינאַסטיע. אנטיפּטר אָבער האָט שטענדיג געשטעלט זיינע פערזענליכע חשבונות און די אינטערעסען פון זיינע בעשיצער, די רוימער, העכער פון די פאָלקס-אינטערעסען. אויסניצענדיג די שוואַכקייט פון זיין אָפיציעלען איבערהאַר, האָט דער אַלמעכטיגער „אפטרופּוס" ניט בלויז פערברייטערט זיין אייגענע ממשלה, נאָר ער האָט אויך צוגעגרייט אַ באָדען פאַר דער צוקונפטיגער ממשלה פון זיינע זיהן, פון זיין „דינאַסטיע".

אנטיפּטר האָט בעשטימט זײַן עלטסטען זוהן פּ ז אַ ל ין פֿאַר אַ קאָמענ־דאַנט איבער ירושלים און איהר סביבה, און דעם צווייטען זוהן, הורדוס'ן, האָט ער איבערגעגעבען די פֿערוואַלטונג איבער גליל (47). הורדוס, וואָס האָט שפּע־טער געשפּיעלט אַזאַ שעדליכע ראָל אין דער אידישער געשיכטע, איז דע־מאָלט אַלט געווען 25 יאָהר. דער דאָזיגער קריגערישער און מאַכט־ליעבענדער מענש, וואָס האָט גאָרנישט ניט געוואוסט פֿון די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פֿון אידישען פֿאָלק און האָט געהאַט אָבשײַ נאָר פֿאַר דער קראַפֿט פֿון די רוימער און פֿאַר דער אויסווייניגסטער קולטור פֿון די גריכען — איז געווען ווי געשאַפֿען פֿאַר דער ראָל פֿון אַ קרוין־רויבער. ער איז געוואָרען דער בייזער שטן פֿון די חשמונאים און דערנאָך — דער תּליון פֿון דער דאָזיגער אָבגעשוואַכטער נאַציאָנאַלער דינאַסטיע.

הורדוס האָט אָנגעהויבען זײַן פּאָליטישע קאַריערע מיט אַ מעשה, וואָס האָט אויפֿגעבראַכט דעם פּאַטריאָטישען געפֿיהל פֿונ'ם בעסטען טייל פֿון די אידען. אין גליל, וואָס הורדוס האָט איבער איהר פֿערוואַלטעט, איז אין יענער צײַט געווען אומרוהיג. די רעשטען פֿון די צעשפּרייטע אָנהענגער אריסטובול'ס האָבען זיך ווידער פֿעראייניגט אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿונ'ם גליל'ער פּאַטריאָט, חזקיה, און זענען אָנגעפֿאַלען אַמאָל אויף די אָנהענגער פֿונ'ם פֿערהאַסטען אנטיפּטר און אַמאָל אויף די סירער און רוימער. צוגרייטענדיג אַ רעוואָלוציע מיט דעם צוועק צו בעפֿרייען דאָס פֿאָטערלאַנד, פֿלעגען חזקיה'ס אָבטיילונגען אָפֿטמאָלס אָבטון גזלות, און אויף דעם סמך האָט אנטיפּטר'ס רעגירונג זיי ערקלערט פֿאַר אַ רויבער־באַנדע. הורדוס האָט גענומען אויף זיך צו דערשטיקען די רעוואָלו־ציאָנערע בעוועגונג, היות ווי ער האָט געוואָלט צוליעב־טון די רוימער. איהם האָט זיך אײַנגעגעבען און גיכען צו כאַפּען דעם אָנפֿיהרער פֿון די מורדים און זײַנע חברים און ער איז זיך בעגאַנגען מיט זיי, ווי אַ דיקטאַטאָר: חזקיה און זײַנע היפּט־מיטהעלפֿער זענען געטויט געוואָרען אָהן אַ פּסק־דין פֿון געריכט.

די אויסלענדער, וואָס האָבען געוואוינט אין גליל, וואָס זענען בעפֿרײַט געוואָרען פֿון די „רויבערייען", זענען געווען מלא שמחה; אויך דער רוימישער פֿערוואַלטער און סיריען, ס ע ק ס ט ו ס צ ע ז אַ ר, יוליוס צעזאַר'ס אַ קרוב, האָט געלויבט הורדוס'עס טועכץ. נאָר אַנדערש האָבען זיך פֿערהאַלטען צו דער מעשה די אידען, וואָס בײַ זיי איז נאָך שטאַרק געווען דער נאַציאָנאַלער געפֿיהל. די בעסטע פֿאָרשטעהער פֿון דער ירושלמ'ער אַריסטאָקראַטיע און פֿון דער פּאַרטײַ פּרושים זענען אויפֿגעבראַכט געווען איבער דעם סאָלדאַטישען ווילדווילען הורדוס'עס, וואָס האָט בעשטראָפֿט די פּאַטריאָטען, ווי פּשוט'ע רויבער, און האָט ניט אָנ־געקלאָגט זיי פֿאַר'ן סנהדרין, ווי דאָס האָט זיך געפֿאָדערט לויט'ן געזעץ. די אָנהענגער פֿון די חשמונאים און די מיטגלידער פֿון סנהדרין, וואָס האָבען שוין לאַנג פֿײַנט געהאַט אנטיפּטר'ן, האָבען איצט מיט שרעק זיך אַרומגעזעהן, אַז אנטיפּטר'ס זיהן האָבען אײַנגעפֿיהרט ווילדווילען און אונגעזעצליכקייט אַלס סיסטעם.

צו הורקנוס'ן איז געקומען אַ דעפּוטאַציע פֿון תושבֿ'ע ירושלמ'ער בירגער און האָט געזאָגט אַזעלכע פֿאָלגענדעס: „ביז וואַנען וועסטו נאָך רוהיג צוקוקען אַלצדינג, וואָס קומט פֿאָר? צי זעהסטו ניט, אַז אַנטיפּטר און זיינע זיהן האָבען צעטיילט צווישען זיך די גאַנצע ממשלה, און דער צייט וואָס דו בלייבסט נאָר קעניג לויט'ן נאָמען? ²) פֿערמאַך דעריבער ניט דערויף דיינע אויגען, רעכען זיך ניט פֿאַר אינגאַנצען בעזיכערט, אין דער צייט וואָס דו פֿערהאַלטסט זיך אַזוי לייכטזיניג צו זיך און צו דער קעניגליכער מאַכט. נאַר זיך ניט אָב מיט דער איבערציינונג, אַז אַנטיפּטר און זיינע זיהן זענען כלומרשט נאָך אַלץ דיינע פֿערטרעטער, נאָר גיב אַכטונג דערויף, וואָס זיי ווערען אָפֿען אָנערקענט פֿאַר פֿולמעכטיגע רעגירער. אָט האָט אַנטיפּטר'ס זוהן, הורדוס, עובֿר געווען אויף אונזער געזעץ, דערמיט וואָס ער האָט געטויט חזקיה'ן און זיינע חבֿרים. דער געזעץ פֿערזאָגט דאָך ניט צו טויטען אפֿילו אַ פֿערברעכער אָהן דעם פּסק-דין פֿון בית-דין. פֿונדעסטוועגען האָט ער זיך ענטשלאָסען אויף אַזאַ מעשה, ניט האָבענדיג אַפֿילו דערויף פֿון דיר קיין כח-הרשאה". — די מוטערס פֿון די געטויטע גליל'ער מורדים האָבען אויך געפֿאָדערט, מען זאָל זעצען אַ בית-דין איבער הורדוס'ן, דערמאָנענדיג דאָס אַלע טאָג אין בית-המקדש הורקנוס'ן און דעם פֿאָלק.

הורקנוס האָט געמוזט נאָכגעבען. ער האָט אַרויסגערופֿען הורדוס'ן פֿון גליל קיין ירושלים און האָט איהם פֿאָרגעלעגט, ער זאָל זיך פֿערענטפֿערן פֿאַר זיין אויפֿפֿיהרונג פֿאַר'ן סנהדרין. הורדוס איז געקומען אויף דער זיצונג פֿון סנהדרין, אָבער ניט אַלס בעשולדיגטער, נאָר ווי אַ שטאָלצער זיגער, אָנגעטאָן אין אַ פּורפּור-מאַנטיע, אין דער בעגלייטונג פֿון אַ מיליטערישער סוויטע. ער האָט קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר'ן משפּט, מחמת ער האָט געהאָפֿט, אַז איהם וועט אונטערהאַלטען זיין בעשיצער, דער פֿערוואַלטער פֿון סיריען סעקסטוס צעזאַר, וואָס האָט געפֿאָדערט פֿון הורקנוס'ן, מען זאָל הורדוס'ן ניט פֿערמשפּט'ן. די מיטגלידער פֿון סנהדרין האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טון: זיי האָבען ניט געהאַט גענוג מוט בפֿני אַרויסצוטרעטען מיט אַ בעשולדיגונג קעגען דעם עזות-פּנים, וואָס האָט זיך געפֿונען אונטער'ן שוץ פֿון די רוימער. דעמאָלט איז אויפֿגעשטאַנען דער מיטגליד פֿון סנהדרין שמעיה און האָט געזאָגט: „ביז אַהער פֿלעגען די בעשולדיגטע ערשיינען פֿאַר אונז מיט הכנעה און שרעק, און טרויער-קליידונג, און פֿלעגען מיט אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ וואַרטען אויפֿ'ן פּסק-דין, וואָס מען וועט איבער זיי אַרויסטראָגען. איצטער שטעהט פֿאַר אונז אַ מענש, וואָס

---

²) דער טיטעל „עטנאַרך" און דער טיטעל „קעניג" ווערען אָפּטמאָלס געבּרויכט איינער אַנשטאָט דעם אַנדערען אין יוסיפֿוס פֿלאַוויוס'עס ספֿרים. הגם לויט דער אָפֿיציעלער רוימישער טערמינאָלאָגיע איז הורקנוס געווען אַ „עטנאַרך", נאָר פֿאַר די אידען איז ער געווען אַ „קעניג", כאָטש נאָכ'ן נאָמען.

ווערט בעשולדיגט אין א שווערען פערברעכען, אין פורפור-קליידונג, ארומגערינגעלט מיט בעוואפענטע מענשען, אזוי ווי צוליעב דעם, כדי אין דעם פאל, אויב ער וועט פון אונז פער'משפט ווערען, זאָל ער קאָנען אונז אַליין איבערגעבען דעם טויט! נאר איך טאדעל ניט איהם, נאר דעם קעניג און אייך, וואָס איהר דערלאָזט אזא שפאַט איבער'ן בית-דין. דעריבער זאָלט איהר וויסען זיין, אז עס וועט קומען א טאָג, ווען דער זעלביגער מענש, פאר וועמען איהר האט היינט מורא, וועט פערלאַפען אין זיינע הענד די ממשלה און וועט אייך אַלעמען טויטען!"

שמעיה'ס מוטיגע רייד, וואָס האבען זיך שפעטער ארויסגעוויזען פאר ריינע נבואה, האבען געמאַכט א מורא'דיגען רושם אויף דער פערזאמלונג. דער סנהדרין איז שוין געווען גרייט צו פער'משפט'ן הורדוס'ן; נאר הירקנוס האט מורא געהאט פאר'ן צאָרן פון די רוימער, דעריבער האט ער אָבגעלעגט דעם פסק-דין ביז אויף א צווייטער זיצונג פון סנהדרין, און דערווייל האט ער געגעבען הורדוס'ן די מעגליכקייט צו אנטלויפען קיין דמשק. דאָ האט סעקסטוס צעזאר אויפגענומען פריינדליך דעם אנטלאָפענעם, און אלס אמת'ן רוימישען פאטריאָט, וואָס אויף איהם קאָן מען זיך פערלאָזען, האט ער איהם בעשטימט פאר א סטראַטעג אָדער קריגס-הויפטמאן איבער קאָלעסיריען.

נאָכדעם, ווי הורדוס איז אויף אזא אופן אריינגעטראָטען אין דיענסט צו די רוימער, האט ער בעשלאָסען נקמה צו נעהמען פון סנהדרין און פון די ירושלמ'ער פאטריאָטען פאר דער חרפה, וואָס זיי האבען איהם אָנגעטאָן. ער האט זיך געלאָזט גיהן קיין ירושלים, בראש פון א רוימישען חיל, און האט זיך געגרייט שוין אָנצופאַלען אויף דער הויפט-שטאָדט. נאר אנטיפטר האט אָבגעהאַלטען דעם זוהן פון דעם דאָזיגען אונזיניגען שריט. ער האט איבערצייגט הורדוס'ן, אז אזא מין נקמה קאָן נאָך פערשטאַרקען די שנאה פון פאָלק צו אנטיפטר'ס זיהן און שאַדען פיעל זייער פאָליטישער קאַריער אויף להבא. הורדוס האט געפאָלגט און האט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין גליל, צופריעדען דערמיט, וואָס דורך זיין קליינער מיליטערישער דעמאנסטראַציע האט זיך איהם איינגעגעבען לאָמיש ארויפוואַרפען א מורא אויף די ירושלמים.

דערנאָך האט ער, אלס סטראַטעג פון קאָלעסיריען, בעוויזען א סך טובות צעזאַר'ס שטעלפערטרעטער און האט איהם געהאָלפען דערשטיקען די לעצטע מרידות פון פומפיוס'עס אנהענגער אין סיריען.

קאסיוס און אנטאָניוס. אנטיפטרס זיהן אלס טעטראַרכען (נשיאים).

§ 84. בשעת יוליוס קיסר איז געפאַלען אין רוים דורך די הענד פון קאסיוס און ברוטוס (44), האט זיך אין די מזרח-לענדער איינגעשטעלט אנאַרכיע. דער „רעפובליקאנער" קאסיוס, וואָס האט ניט געהאט די אײנגעקייט אין דעם פאָליטישען זשעני, וואָס צעזאר, וועלכען ער האט געהרגעט, האט זיך געשטעלט בראש פון די סירישע לעגיאָנען און האט זיך איינגעפיהרט אין

די מזרח־לענדער ניט בעסער פון אַ פּערסישען סאַטראַפּ. כּדי צו פאַרשטאַרקען זיין פּאַרטיי אויפן חשבון פון זיינע פּאָליטישע געגנער אין רוים, האָט ער אָנגעשאַפט זיך אַ סך געווער, וואָס האָט געקאָסט זעהר טייער, און האָט געפיהרט שטענדיגע מלחמות. ער האָט אַרויפגעלעגט אויף די מזרחדיגע פּראָווינצען שווערע קריגס־אָבצאָהלונגען, וועלכע ער פלעגט איינמאָנען מיט אַנאַזיי־פערגעוועלטיגער אַכזריות.

אין יענעם מאָמענט האָט דער אידישער קאַנצלער און פּאַקטישער רעגירער אנטיפּטר ווידער אַמאָל אַרויסגעוויזען זיין טבע צו בייטען זיינע כּמפּאַטיעס, לויט ווי אידם לוינט בעסער. ער האָט פערגעסען וועגען צעזאַר'ן, וואָס האָט אידם אַזויפיעל גוטס געטאָן, און האָט אָנגעהויבען אונטערצוחנפ'ען זיך צום נייעם האַר. די קריגס־אָבצאָהלונג פון 700 טאַלענטען, וואָס קאַסיוס האָט אַרויפגעלעגט אויף מלכות־יהודה, האָבען אנטיפּטר און הורדוס צונויפגעקליבען מיט גרויס פלייס, און דערפאַר האָבען זיי שטאַרק נושא חן געווען ביים רוימישען פיהרער. אָבער נאָר צוליעב צו טון זייער האַר, זענען זיי געווען גרייט צו רייסען די טויטע און די לעבעדיגע, און זיי האָבען גאָרניט געאַרט די יאָמערן פונ'ם בעדריקטען פאָלק. קאַסיוס האָט די אידען ניט געשוינט: בשעת די איינוואוינער פון פיער שטעדט (לוד, עמאוס און אַנדערע) האָבען ניט בעצאָהלט די אָבצאָהלונג, וואָס האָט געקומט פון זיי, האָט ער בעפוילען צו פערקויפען זיי פאַר שקלאַפען. און אין דער זעלביגער צייט האָט ער אין אַלצדינג געטרויט אנטיפּטר'ס משפּחה און האָט גאָר בעשטעטיגט הורדוס'ן פאַר'ן כטראַטעג פון קעלעסיריען, דאָס הייסט אַלס קריגס־הויפּטמאַן אין רוימישען דיענסט.

די אונצופרידענקייט אין מלכות־יהודה איז געוואַקסען. אנטיפּטר און זיינע זיהן זענען אַלץ מעהר פערהאַסט געוואָרען ביים פאָלק. דער דאָזיגער פאָלקס־צאָרן איז אין גיכען אויסגעבראָכען אין דער געשטאַלט פון אַ הויפּישער פער־שווערונג. אַנ'אַלטער קריגס־הויפּטמאַן מאַליך, וואָס איז געווען איבערגעגעבען דעם הויז חשמונאים און אַ מקורב פון הורקנוס'ן, האָט בעשלאָסען צו הרג'ען אנטיפּטר'ן, מחמת ער האָט איינגעזעהן אין אידם די סבה פון אַלע אונגליקען. ס'איז מעגליך, אַז דער כּהן־גדול גופא, וואָס אידם איז שוין דערעסען געוואָרען אנטיפּטר'ס גראָבע אפּטרופּסות, האָט אויך געוואוסט וועגען די דאָזיגע פלענער. אין מאַליכ'ס פערשווערונג האָבען גענומען אַנאָנטייל בעדיענטע פון הויף און קריגס־הויפּטלייט, צווישען אַנדערע אויך מאַליכ'ס ברודער, דער קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג מבדה. די פערשווערער האָט זיך איינגעגעבען אונטערצוקויפען הורקנוס'עס שר המשקים, און יענער האָט פערסמ'ט אנטיפּטר'ן בשעת אַ מאָל־צייט (43).

הורדוס האָט אָבער אין גיכען אכזריות'דיג נקמה גענומען פאַר זיין פאָטערס טויט. איין מאָל, בשעת מאַליך איז געפאָהרען אין צור, זענען אויף אידם אָנגעפאַלען הורדוס'עס און קאַסיוס'ס דיענער, וואָס האָבען געלויערט אויף אידם

און האבען אידם געדהרג'עט אויפ'ן ברעג ים. די דאזיגע פערזענליכע נקמה האט הורדוס'עס פארטיי פערענטפערט דורך פאליטישע סבות. זי האט פונאנדערגע־לאזען קלאנגען, אז מאליך האט כלומר'שט געשטרעבט צו פערכאפען די אויבער־הערשאפט אין מלכות־יהודה, און ווי עס ווייזט אוים, האט זיך אידר איינגעגעבען צו איבערצייגען דערין דעם קליינקעפעלדיגען הורקנוס'ן, וואס האט זיך לכתחלה מצער געווען איבער'ן טויט פון זיין פערטיידיגער.

אויף אזא אופן האט מאליכ'ס פערשווערונג ניט געבראכט צו א מלוכה־איבערקעהרעניש, ווי עס האבען זיך געריכט די פאטריאטען. די הויפט־אנטייל־נעהמער אין דער פערשווערונג, א געוויסער העליקס פון ירושלים און מאליכ'ס ברודער אין מסדה, האבען געפרובט ארגאניזירען אנ'אויפשטאנד; נאר הורדוס און פזאל האבען גיך מבטל געווען די דאזיגע הכנות.

הורדוס'ן האט זיך איינגעגעבען אבצו־ווענדען נאך אנ'אנדער סכנה. אנטיגנוס, אריסטובול'ס לעבען־געבליבענער זוהן, האט געפרובט אריינצודרינגען אין מלכות־יהודה מיט א חיל, מיט דער הילף פון זיין שוואגער, דעם חלקיד'ישען פירשטען תלמי מענעיס. נאר אנטיגנוס'עס חיל איז געשלאגען געווארען דורך הורדוס'ן דארט ביים גרעניץ פון לאנד יהודה. און די שפלות פון דער נאציע איז דער־גאנגען אזוי ווייט, אז בשעת הורדוס איז נאכ'ן „איינשטילען דעם בונט" פייער־ליך אריינגעטראטען אין ירושלים, האבען הורקנוס און די פאלקס־פארשטעהער געמוזט אידם אנטקעגענטראגען קרענץ לכבוד זיין נצחון (42).

און דער זעלביגער צייט האט הורקנוס אויפגענומען הורדוס'ן אין זיין משפחה און האט געגעבען אידם פאר א כלה זיין איינינקעל, די שענע מרים, א טאכטער פון זיין דער'הרג'עטען פלימעניק און איידעם אלכסנדר (מרים'ס מוטער איז געווען הורקנוס'ס טאכטער אלכסנדרה, וואס איז געבליבען לעבען). אויף אזא אופן האבען די בעזיגטע אבגעגעבען כבוד זייער בעזיגער, און דער ערגסטער פיינד פון'ם הויז חשמונאים, א זוהן פון שבט אדומים, איז אריינגעטראטען אין דער קעניגליכער פאמיליע, ווי א רויבפויגעל אין א טויבען־נעסט.

דערווייל איז אין דער רוימישער מלוכה פארגעקומען א נייע איבערקעהר־עניש. דער חיל פון קאסיוס און ברוטוס איז געשלאגען געווארען ביי פיליפי דורך דער ארמעע פון די טריומוויר'ען אנטאניוס און אקטאוויאנוס (42). אלע מזרחדיגע פראווינצען פון רוים זענען ארונטער אונטער דער ממשלה פון אנטאניוס. די ירושלמ'ער אפאזיציע האט אויפגעהויבען דעם קאפ. זי האט גע־האפט, אז איצט וועט זיך אידר איינגעבען אראבצו־ווארפען דעם יאך פון די פערהאסטע אנטיפטר'ס זיהן. בשעת אנטאניוס האט געררייזט איבער קליין־אזיען און סיריען צו בעקוקען די לענדער, וואס געפינען זיך אונטער זיין ממשלה, זענען געקומען צו אידם שלוחים פון די ירושלמ'ער אנגעזעהענע לייט און האבען אידם געשילדערט דעם אמת'ן מצב אין מלכות־יהודה, דאס הייסט — אז הורקנוס האט

אין דער אמת'ן קיין שום מאכט ניט און אז ער איז מער ניט ווי א שפּיל־בעל אין הורדוס'עס און פאזאל'ס הענד, וואס האבען פערכאפט די איבערהערשאפט.

נאר הורדוס האט זיך געפעדערט פאר זיינע געגנער. מיט דער דורכגע־טריבענקייט, וואס ער האט געירש'ט פון זיין פאטער, האט ער בעוויזען שוין אריבערצוגעהן איב'ן צד פון אנטאניוס'ן און געפינען חן ביי איהם אין די איגען דורך פערשיידענע טובות און שוחד. דער רוימישער פירער האט ניט אנגענומען די טענות פון די אידישע שלוחים און האט זיך פערהאלטען צו אנטיפטר'ס זיהן פונקט אזוי לייטזעליג, ווי זיינע פארגענגער.

בשעת אנטאניוס איז געווען אין עפעזוס, זענען צו איהם געקומען שלוחים פון הורקנוס'ן. די שלוחים פונ'ם אידישען עטנארך האבען זיך משתדל געווען, אז מען זאל ארויסלאזען פריי די אידען, וואס קאסיוס האט פערקויפט פאר שקלאפען דערפאר, וואס זיי האבען ניט בעצאהלט די אבצאהלונגען, און אויך, אז עס זאלען צוריקגעגעבען ווערען צו מלכות־יהודה יענע טיילען פון דער אידישער טעריטאריע, וואס די צורים האבען פערכאפט. די דאזיגע בקשה האט אנטאניוס גערן בעפרידיגט, מחמת זי איז ניט געגאנגען כנגד דעם פרינציפ פון דער רוימישער איבערהערשאפט איבער מלכות־יהודה, נאר אדרבה, דורכדעם איז נאך אנערקענט געווארען די רוימישע שוץ־הערשאפט. דערפאר אבער האט ער לחלוטין אבגעווארפען די טענות פון א צווייטער דעפוטאציע פון דער ירושלמער אריסטאקראטיע, וואס איז געקומען צו איהם קיין אנטיוכיא צו בעטען איהם, ער זאל אבנעהמען ביי הורדוס'ן און ביי זיין ברודער די ממשלה, וואס זיי האבען ניט געזעצליך פערכאפט. אנטאניוס האט דערביי געפרעגט הורקנוס'ן אליין, צי האלט ער, אז הורדוס איז מסוגל צו פערוואלטען איבער דער מלוכה. דערויף האט דער אנגעשראקענער עטנארך געענטפערט, אז יא, און דערמיט האט ער ארויסגעוויזען זיין אייגענע פאליטישע אונבעהאלפענקייט.

איבעריגענס, איז דאס געווען מער ניט ווי א קאמעדיע. אנטאניוס האט גוט געוואוסט די פערהעלטענישען פון די פארטייען אין מלכות־יהודה, מחמת ער גופא האט נאך אין גאביניוס'ס צייטען איינגעשטילט דארט די מרידה פון אריסטובול'ס אנהענגער (§ 81) און איז געווען בעפריינדעט מיט אנטיפטר'ן. אלס רוימער, האט ער אוודאי געמוזט הויך שאצען די קנעכטישע איבערגעבענקייט און גרייטשאפט צום דינען פון אנטיפטר'ס זיהן און בעציהען זיך מיט אונצוטרוי צו די שטרעבונגען פון די פאטריאטען, וואס האבען געחלומ'ט וועגען אבשאפען אדער לכל־הפחות אבשוואכען די אבהענגיגקייט פון רוים. דעריבער איז אנטאניוס אוועק נאך ווייטער, איידער די מושלים, וואס זענען געווען פאר איהם, אין זיין אונטערשטיצען אנטיפטר'ס זיהן, די פריינד פון דער רוימישער ממשלה. לא די וואס ער האט פערגעשטעלט זייער ממשלה, האט ער זי נאך אפילו פער־שטארקט, דורכדעם, וואס ער האט בעשטימט הורדוס'ן און פאזאל'ן פאר טעטראַרכען,

דאָס הייסט פֿאַר אָפֿיציעלע רעגירער פֿון מלכות-יהודה, וואָס זענען דירעקט אָב-העניגיג פֿון רוים (41). הורקנוס איז דערנאָך פֿאַרבליבן עטנאַרך בלויז לויט'ן נאָמען, פֿאַקטיש אָבער איז ער געווען מער ניט ווי אַ כהן-גדול.

# צווייטער קאַפּיטעל.

## קעניג אַנטיגָנוס (37—40).

די פּאַרטער און קעניג אנטיגנוס. — קעניג אנטיגנוס און הורדוס אַלס קעניגן-קעניג. — דער בירגער-קריג. — די בעלעגערונג פֿון ירושלים און אנטיגנוס'עס אונטערגאַנג.

### די פּאַרטער און קעניג אנטיגנוס.

§ 85. אַנטאָניוס האָט רעגירט איבער אַלע מזרח-לענדער, וואָס האָבען געהערט צו רוים, אָבער איבער אַנטאָניוס'ן גופֿא האָט רעגירט די עגיפּטישע מכשפֿטע, די קעניגין קלעאָפּאַטראַ. דער מענש, וואָס איז געווען מסוגל איינ-צונעהמען אַ וועלט, איז אַליין געוואָרען איינגענומען פֿון אַ פֿרוי און האָט פֿערגעסען אָן זיין פּאָליטישער שליחות. אין יענער צייט, וואָס דער רוימישער טריומוויר האָט פֿערבראַכט די צייט אין עגיפּטען אין מאָלצייטען און תענוגים, פֿערשכורט דורך דער תאוה צו דער „געליעבטע פֿון די צעזאַרען", האָט זיך אין די מזרח-לענדער איפּגעהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג קעגען רוים. אַנטאָניוס'ס פֿערשווענדערישקייט האָט קיין גרעניצען ניט געוואוסט און האָט איינגעשלונגען אָהן אַ שיעור געלד, וואָס פֿלעגט ווערען אַרויסגעקוועטשט פֿון די מזרחדיגע פּראָווינצען אין דער געשטאַלט פֿון שווערע אָבצאָהלונגען. די בעפֿעלקערונג, וואָס איז אויך אוהר איז געלעגען אַ משא איבער אירע כחות, איז צעלעצט אַרוים פֿון געדולד אַראָנק די דאָזיגע איינגעוויליג איינגעפֿירטע אָבצאָהלונגען, קריגס-קאָנטריבוציעס און די רויבערייען פֿון די רוימישע בעאַמטע.

די אַלטע שונאים פֿון רוים, די פּאַרטער, וואָס האָבען געהאַט תביעות אויף דער געוועזענער ירושה פֿון די פּערסער, האָבען זיך פֿערשטאַרקט אין פֿאָדער-אזיען. פֿון די ברעגען פֿון פּרת האָבען זיי זיך געלאָזט געהן צו מערב-זייט, קיין סיריען און פּאַלעסטינע, און האָבען בעקומען אונטערשטיצונג מצד די אונצופֿרידענע אָרטיגע איינוואוינער, וואָס זענען געווען אונטערטעניג צו רוים. פֿריהער פֿלעגען די רעפּובליקאַנישע לעגיאָנען איינהאַלטען זייער שטורמישען דראַנג; נאָר איצט, בשעת די וואַכזאַמקייט פֿון רוים איז אָבגעשוואַכט געוואָרען

מחמת דעם, וואס אנטאניוס האט גארנישט ניט געטאן, האט די באוועגונג פון די פארטעי ניט געפונען קיין שטער.

אין סוף פון יאהר 41 אדער אין אנהויב פון 40־טען, איז א גרויסע פארטישע ארמעע אונטער דער אנפיהרונג פונ'ם בן־מלך פאקורוס און פונ'ם סאטראפ בארזאפראנעס אריינגעטראטען אין סיריען, האט ארויסגעשטויסען די רוימער, איינגענומען פעניציען, חוץ צור, און געהאט ברעה, זיך צו לאזען קיין פאלעסטינע. דער שטערן פון רוים איז אויף איין אויגענבליק פארטונקעלט געווארען. די פעלקער, וואס האבען געקרעכצט אונטער איהר יאך, האבען אויפגעלעבט. מעהר פון אלעמען האבען זיך דערפרעהט די פארטער ווי באפרייער. מעהר פון אלעמען האבען זיך דערפרעהט איבער דער נייער פאליטישער איבערקעהרעניש די אידישע פאטריאטען. ס'האט געקאנט געבען די האפנונג ארויסצוווארפען די ממשלה פון די רוימישע ווידער א שיין געטאן די האפנונג אראבצוווארפען די ממשלה פון די רוימישע משרתים, אנטיפטר'ס זיהן, און ווידער אוועקזעצען אויף איהר שטוהל די דינאסטיע פון די חשמונאים. הורקנוס האט ניט געקאנט זיין דער העלד פון דער דאזיגער גאולה, און די אויגען פון די פאטריאטען האבען זיך געווענדעט אויף זיין פלי־מעניק אנטיגנוס'ן, וואס האט זיך בעזעצט אין סיריען, נאכדעם ווי זיינע פרובען צו פערנעהמען דעם אידישען טרוין האבען קיין הצלחה ניט געהאט.

אנטיגנוס האט גערעכענט, אז דער איצטיגער מאמענט איז גינסטיג דערויף, ער זאל קאנען דערגרייכען זיין ציעל, און דעריבער איז ער אריינגעטראטען אין אונטערהאנדלונגען מיט די אנפיהרער פון די פארטער. די לעצטע האבען מסכים געווען פאר א גרויסע בעלוינונג צו העלפען איהם פערכאפען דעם אידישען טרוין און אראבווארפען הורקנוס'ן און פזאל'ן. די פארטער האבען זיך געלאזט געהן אין לאנד יהודה אין צוויי אבטיילונגען, וואס איינע פון זיי איז אונטער דער קאמאנדע פון בארזאפראנעס, איז אריינגעדרונגען אין צענטער פון לאנד. פאקורוס'ס אנפיהרונג געגאנגען פאזע ברעג ים, און די אנדערע, אונטער דער קאמאנדע פון בארזאפראנעס, איז אריינגעדרונגען אין צענטער פון לאנד.

אין דער זעלביגער צייט האט זיך בעוויזען אין לאנד יהודה אנטיגנוס אליין. אין טויזענדער אידישע פאטריאטען האבען זיך צונויפגעקליבען אונטער זיין פאהן. מיט דער הילף פון דער דאזיגער אבטיילונג, האט זיך אנטיגנוס'ן איינגעגעבען אריינצודרינגען אין ירושלים. צווישען דער פארטיי פון די חשמונאים און הורדוס'עס און פזאל'ס אנהענגער האט זיך פערפיהרט א בלוטיגער קאמפף. אין די מויערן פון דער הויפט־שטאדט פלעגען טאג־אויס טאג־איין פארקומען געשלעגען. די בעפעלקערונג, וואס איז געווען איבערגעגעבען אנטיגנוס'ן, האט נאך א בלוטיגען געשלעג אויף אנאפענעם פלאץ, איינגענומען דעם בית־המקדש; הורדוס און פזאל אבער האבען זיך איינגעפעסטיגט אין קעניגליכען פאלאץ און אין דער שטאדטישער פעסטונג. דער מצב איז געווארען נאך מעהר מסוכן, בשעת עס האט זיך צונויפגעקליבען אין ירושלים א גרויסער המון פילגרים, וואס זענען געקומען עולה־רגל זיין לכבוד שבועות. שטיצענדיג זיך אויף זיין ארגאניזירטער

מיליטערישער קראַפט האָט הורדוס פּערצווייפעלט געקעמפפט קעגען גרעסטען טייל פון פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אויף אנטיגנוס'עס צד.

דערווייל איז דער חלק פון די פּאַרטייער, אונטער פּאַקורוס'ס אָנפיהרונג, שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון ירושלים. פּאַקורוס האָט פאָרגעלעגט די שטרייטענדע צדדים, זיי זאָלען אויהם אָננעהמען פאַר אַ בורר אין זייער שטרייט, און אַדאַנק דער הילף פון זיין פערבינדעטען אנטיגנוס'ן האָט מען אויהם אַריינגעלאָזען אין שטאָדט. ער האָט פאָרגעלעגט פּזאַל'ן, ער זאָל אַוועק אין לאַגער פון באַרזאַפּראַנעס, וואָס האָט זיך געפונען אין גליל, בכדי צו פיהרען דאָרט די אונטערהאַנדלונגען. הורדוס האָט אפילו מתרה געווען פּזאַל'ן, ער זאָל דאָס ניט טהון, מחמת ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל אויהם ניט אַרייננאַרען, נאָר פּזאַל האָט דערויף ניט געקוקט און איז אַוועק אינאיינעם מיט הורקנוס'ן אין לאַגער פון די פּאַרטייער. דאָ האָט מען זיי ביידען געכאַפּט און געשמידט אין קייטען.

אַז הורדוס האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם און אַז ער האָט דערזעהן, אַז מיט זיין ווידערשטאַנד וועט ער גאָרנישט ניט אויספיהרען, איז ער ביינאַכט אַנטלאָפען. געוואָרען פון ירושלים אינאיינעם מיט די מיטגלידער פון זיין משפחה (צווישען זיי איז געווען אויך זיין כלה מרים) און מיט אַ מיליטערישער אַבטיילונג. אונטערוועגס איז אויהם אויסגעקומען אָפט צו בעגעגענען זיך מיט באַנדעס פון פּאַרטייער און אידישע מורדים און אויסהאַלטען מיט זיי געשלעגען; נאָר צולעצט איז ער אָנגעקומען אין דער פעסטונג מצדה, אויפ'ן ברעג פון ים-המלח. דאָ האָט ער איבערגעלאָזען די מיטגלידער פון זיין משפחה אונטער'ן שוץ פון געטרייע זעלנער און פון זיין ברודער יוסף, דעם קאָמענדאַנט פון דער דאָזיגער פעסטונג, און אַליין איז ער אַוועק אין דער הויפּט-שטאָדט פון אַראַביען פּעטרא (סלע-ערב), בכדי צו פיהרען אונטערהאַנדלונגען וועגען מיליטערישער הילף.

די פּאַרטייער, וואָס זענען דערווייל געבליבען אין ירושלים, האָבען אָנגעהויבען צו ראַבירען די הויפּט-שטאָדט און איהר סביבה. הורקנוס'ן און פּזאַל'ן, וואָס זיי האָבען זיי געהאַט פערכאַפּט אין געפאַנגענשאַפט, האָבען די אָנפיהרער פון די פּאַרטייער אַריינגעגעבען זייער פערבינדעטען אנטיגנוס'ן. הגם ווי פּזאַל האָט פאָראויסגעזעהן, אַז מען וועט אויהם אָנטהון אַ מיאוס'ן טויט, דעריבער האָט ער זיך אַליין גענומען דאָס לעבען און האָט זיך צעקלאַפּט דעם שאַרבען אָן אַ שטיין. איבער הורקנוס'ן האָט מען, לויט אנטיגנוס'עס בעפעהל, געמאַכט אַן אָפּעראַציע, וואָס האָט אָבגענומען ביי אויהם די מעגליכקייט צו זיין ווייטער אַ כהן-גדול: מען האָט ביי אויהם אָבגעשניטען די אויערן. (מענשען, וואָס האָבען אַ מום, האָבען, לויט'ן אידישען דין, ניט געטאָרט זיין קיין כהנים-גדולים). דערנאָך האָט מען דעם אונגליקליכען זקן אָבגעגעבען די פּאַרטייער, וואָס האָבען אויהם אָבגעפיהרט אין געפאַנגענשאַפט קיין בבל.

נאָכדעם, ווי די פּאַרטער האָבען באַקומען זייער לוין, זענען זיי אַוועק קיין סיריען. די קליינע רוימישע גאַרניזאָנען זענען צעטריבען געוואָרען, און אנטיגנוס איז געוואָרען אַן אומאָפּהענגיגער מושל איבער מלכות־יהודה.

## קעניג אנטיגנוס און הורודוס אַלס קעגען־קעניג.

§ 86. אויף אַזאַ אופן איז אין דריי און צוואַנציג יאָהר אַרום, נאָכדעם ווי עס איז בטל געוואָרען די קעניגליכע ממשלה פון די חשמונאים, דער זהן פונ'ם לעצטען קעניג, אריסטובולין, אנטיגנוס, ווידער געוואָרען קעניג איבער מלכות־יהודה (40). פּונקט אַזוי ווי זיינע עלטער־עלטערן האָט אנטיגנוס באַקומען דעם צווייענדיגען טיטעל מלך־כהן־גדול. אַלס קעניג פלעגט ער זיך אָנרופען מיט זיין וועלטליכען גריכישען נאָמען — אַנטיגנוס, אַלס כהן־גדול האָט ער געטראָגען דעם העברעאישען נאָמען מתתיה. אויף די מטבעות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין זיין צייט, געפינען זיך צוויי איבערשריפטען: אויף גריכיש — באַזילעאָס אַנטיגנו (פון קעניג אנטיגנוס) און אויף העברעאיש — מתתיה הכהן הגדול.

נאָר די דאָזיגע רעסטאַוראַציע פון דער קעניגליכער ממשלה פון די חשמונאים האָט ניט געקאָנט האָבען קיין אריכות־ימים. דאָס איז געווען מעהר ניט אַ פאַרבייגעהענדיגער שטורעם פון אומאָפּהענגיגקייט, אַ גלענצענדער מעטעאָר אויפ'ן האָריזאָנט, וואָס איז געווען איינגעהילט אין פינסטערע וואָלקענס. ניט די דעמאָלטיגע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון מלכות־יהודה און ניט דער כאַראַקטער פון איהר נייעם רעגירער האָבען ניט געקאָנט פערזיכערן די פעסטיגקייט פון דער געוועזענער אומאָפּהענגיגקייט. אנטיגנוס האָט באַקומען די קעניגליכע ממשלה פון איין זייט אַדאַנק דעם נצחון פון די פּאַרטער איבער די רוימער, וואָס האָבען צייטווייליג אָבגעשוואַכט זייער וואַכזאַמקייט, און פון דער אַנדער זייט מחמת דער שנאה פון פאָלק צו אנטיפּטרס זיהן. נאָר דער איינגעשלאָפענער רוימישער לייב האָט געקאָנט איטליכע רגע זיך אויפכאַפּען און ווידער אַרויפלעגען זיין מעכטיגע לאַפּע אויף דער פּראָווינץ, וואָס האָט קענען איהם מורד געווען. די אומצופרידענקייט פון פאָלק ווייטער איז געווען גענוג אויף אַרויפצוזעצען אנטיגנוס'ן אויפ'ן טרון, אָבער ניט אויף צו פעסטיגען זיין מעמד. צוליעב דעם האָט דער נייער רעגירער בעדאַרפט האָבען ניט־געוועהנליכע מעלות; ער האָט בעדאַרפט האָבען אַ פייערדיגען העלדענמוט, בכדי צו באַגייסטערן די נאַציע, און אַ פּאָליטישען שכל, בכדי צו קאָנען זיך פינאַנדערקלייבען אין די פערפלאָנטערטע אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען, — און דאָס אַלץ האָט אנטיגנוס ניט געהאַט. היות ווי איהם האָט געפעהלט די התלהבות פון די אַלטע חשמונאים, דעריבער האָט ער ניט געקאָנט באַגייסטערן דאָס פאָלק צום גרויסען קאַמף פאַר זיין אומאָפּהענגיגקייט און פינאַנדערבלאָזען ביי איהם אין האַרצען דעם פונק פון ליעבשאַפט צו זיין דינאַסטיע, וואָס האָט אַמאָלט בעפרייט דאָס פאַטערלאַנד. פון

דעם קעניג אריסטאבולס זוהן האט דאס פאלק געריכט זיך אויף גרויסע פאטריאטישע גבורות, נאר פונ'ם פאלקס האפענונגען האט זיך גארנישט ניט איינגעלאזט.

נאכדעם ווי אנטיגנוס איז געקומען צו דער ממשלה, האט ער ניט גע־זארגט וועגען דעם, ווי אזוי צונויפצוקלייבען אלע קליינע אבטיילונגען פון די מורדים, וואס זענען צעשפרייט געווען איבער'ן לאנד און זענען געווען דורכגעדרונגען מיט שנאה צו רוים און צו הורדוס'ן, און איין מעכטיגער נאציאנאלער ארמעע, וואס זאל קאנען איינפליסען די רוימער אלמינג צו דער קראפט פון מלכות־יהודה. אנשטאט דעם האט ער זיך בעגנוגענט דערמיט, וואס ער האט בעלעגערט אין מסדה די מיטגלידער פון הורדוס'עס משפחה און דעם רעשט פון זיין חיל, וואס האט זיך מוטיג פערטיידיגט אונטער דער אנפיהרונג פון יוסף'ן, דעם קאמענדאנט פון דער פעסטונג. און אז אין לאנד יהודה איז אנגעקומען דער רוימישער קריגס־הויפטמאן ווענטידיוס, וואס איז געשיקט געווארען קיין סיריען, בכדי צו פערטרייבען די פארטער, האט אנטיגנוס געראטעוועט ירושלים פון דער סכנה נאר דורכדעם, וואס ער האט געגעבען דעם הויפטמאן א סך שוחד. ווענטידיוס האט לפנים איבערגעלאזט אין מלכות־יהודה א רוימישען גארניזאן אונטער סילא'ס אנפיהרונג. דער לעצטער פלעגט בעקומען שכירות צו דער צייט פון אידישען קעניג, און דעריבער האט ער בעסער געוואלט לעבען מיט איהם בשלום און האט ווייניג וואס געדאגה'ט וועגען דעם, וואס ער איז א מורד במלכות, וואס האט אבגענומען די ממשלה ביי די רעגירער, וואס די רוימישע רעגירונג האט אויסגעשטעלט.

נאר אין דער צייט וואס אנטיגנוס איז געזעסען צונויפגעלייגט די הענד און האט גארנישט ניט געטאן צוליעב דער פערשטארקונג פון זיין מלוכה, האט זיין געגנער הורדוס געארבייט ענערגיש און האט געשיקט אויסגענוצט צוליעב זיינע צוועקען אלערליי פאליטישע קאמבינאציעס. נאכדעם ווי ער איז אנטלאפען געווארען פון ירושלים, איז ער אוועק קיין אראביען, בכדי צו שליסען א בונד מיט'ן קעניג מאליכוס. נאר נאכדעם ווי דאס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען, איז הורדוס באלד אוועק קיין עגיפטען. אין אלעקסאנדריא האט ער שוין אנטאניוס'ן ניט געטראפען: יענער איז שוין געווען אוועקגעפאהרען קיין רוים. די קעניגין קלעאפאטרא האט געבעטען הורדוס'ן, ער זאל בלייבען ביי איהר, נאר ער האט ניט אנגענומען איהר פריינדליכען פארשלאג, ווארום ער האט בעדארפט איילען זיך אבצופאהרען קיין רוים, מחמת עס האט גע־נעהנט דער ווינטער און די צייט פון די שטורמען אויפ'ן ים.

אז הורדוס איז, נאך דער שווערער נסיעה איבער'ן מיטעללענדישען ים, אנגעקומען קיין רוים, האט ער זיך באלד פארגעשטעלט פאר אנטאניוס'ן. ער האט דערצעהלט זיין בעשיצער וועגען זיין שלעכטער לאגע, וואס איז געקומען איבער דער רעוואלוציע, וואס איז פארגעקומען אין מלכות־יהודה און וואס האט איינגעשטעלט בראש פון דער מלוכה א חשמונאי און אראבגעווארפען די רע־

גירעך, וואָס רוים האָט בעשטימט. אנטאָניוס האָט איינגעמישט דעם אראַב-געזעצטען טעטראַרך און האָט איהם צוגעזאָגט זיין הילף. ער האָט אויך אַריבערגעצויגען אויף הורדוס'עס צד זיין מיטרעגירער אָקטאַוויאַנוס, וועלכער האָט נאָך געדענקט וועגען די טובות, וואָס הורדוס'עס פֿאָטער האָט געטאָן יוליוס קיסר.

נאָר ניט בלויז פּערזענליכע סימפּאַטיעס האָבען בעשטימט דעם גורל פֿון אנטיפּטר'ס זוהן. די אינטערעסען פֿון רוים און די ווערדע פֿון איהר פּאָליטיק האָבען געפֿאָדערט, אַז די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג אין מלכות-יהודה זאָל פֿערביטען ווערען דורך דער פֿריהערדיגער „געזעצליכער" רעגירונג. אין הזות די הורקנוס האָט זיך געפֿונען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, ווייט פֿון מלכות-יהודה, דעריבער האָט הורדוס געקאָנט זיין דער איינציגער קאַנדידאַט אויפֿ'ן אידישען טראָן, וואָס זאָל זיין וואויל געפֿעלען די רוימער. און אַזוי איז טאַקע געשעהן. אויף א פֿייערליכער זיצונג פֿון רוימישען סענאַט איז הורדוס, לויט'ן פֿאָרשלאָג פֿון אנטאָניוס'ן, דערקלערט געוואָרען פֿאַר א קעניג פֿון מלכות-יהודה און פֿאַר א פֿערבינדעטען און אַבהענגיגען פֿירשט פֿון רוים. אַז די זיצונג האָט זיך געענדיגט, האָט מען הורדוס'ן, אין דער בעגלייטונג פֿון אנטאָניוס, אָקטאַוויאַנוס און די קאָנסולן, אַריינגעפֿיהרט אין קאַפּיטאָליום. דאָרט האָט מען געבראַכט א קרבן פֿאַר די געטער און מען האָט איבערגעגעבען אויף דוטען דעם דעקרעט פֿון סענאַט, וואָס איז אָקאָרשט געמאַכט געוואָרען (40).

דערמיט, וואָס דער סענאַט האָט געגעבען הורדוס'ן דעם טיטעל קעניג, האָט ער געמיינט אויפֿצומונטערן איהם צום קאַמפּף מיט די פֿיינד פֿון די רוימער אין מלכות-יהודה. אנטקעגען אנטיגנוס'ן, וואָס האָט פֿערכאַפּט די קעניגליכע ממשלה, אויף א רעוואָלוציאָנערען אופֿן, האָט מען אנטקעגענגעשטעלט א קעגען-קעניג, וואָס האָט בעדאַרפֿט איהם אַראָבזעצען און ווידער מאַכען מלכות-יהודה פֿאַר אָבהענגיג פֿון רוים. און הורדוס האָט זיך גענומען פֿאַר דער פֿערווירקליכונג פֿון דער דאָזיגער אויפֿגאַבע מיט זיין גאַנצער ענערגיע. ס'האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער איז שוין גאָר נאָהענט צו זיין ציעל. פֿונדעסטוועגען איז מלכות-יהודה נאָך אויסגעקומען איבערצולעבען די שרעקענס פֿון א בירגער-קריג, איידער דער קעניג, וואָס איז געקרוינט געוואָרען אין רוים, האָט געקאָנט אַרויפֿלעגען אויף זיך די קרוין אין דער איינגעשטילטער הויפּט-שטאָדט ירושלים.

ד ע ר  ב י ר ג ע ר-ק ר י ג.

§ 87. אין יאָהר 39 האָט הורדוס זיך אומגעקעהרט צוריק פֿון איטאַליען און איז אַראָב אויפֿ'ן ברעג אין דער פּאַלעסטינישער האַפֿען-שטאָדט עכו (פּטאָלעמאַאידע). איהם האָט זיך איינגעגעבען צונויפֿצוקלייבען א חיל דער עיקר פֿון אויסלענדער. דער סירישער פֿערוואַלטער ווענטידיוס האָט איהם אויך געגעבען א הילפֿס-חיל, לויט אנטאָניוס'ס בעפֿעהל. שוין די ערשטע צייטען האָט הורדוס איינגענומען א טייל פֿון גליל, פֿערכאַפּט יפֿו און בעפֿרייט די בע-

לעגערטע פעסטונג מסדה, וואו עס האבען זיך געפונען זיינע קרובים און זיינע געטריישע זעלנער. ער איז שוין צוגעטראָטען צו ירושלים, בכדי זי צו בעלע-גערן, נאָר אנטיגנוס האט אידם פערטריבען פון די מויערן. דער רוימישער גאַר-ניזאָן אין לאנד יהודה, וואס איז געשטאנען אונטער דער קאָמאנדע פון סילאָ וואס אנטיגנוס האט געהאט אונטערגעקויפט, האט שוואך געשטיצט הורדוס'ן. דער רוימישער הויפט-חיל אָבער איז אין יענער צייט געווען פערנומען אין דער מלחמה מיט די פארטער. און דערווייל האט זיך הינטער הורדוס'עס רוקען אויפ-געהויבען א פאָלקס-מרידה, וואס האט פערכאפט גאַנץ גליל, און ער איז ווידער אמאָל אוועק אהין מיט זיין חיל.

אַנ'ערך צוויי יאָהר האט געדויערט די מלחמה אין גליל צווישען הורדוס'עס חיל און די אידישע פאטריאָטען. הורדוס פלעגט אָפט מנצח זיין אנטיגנוס'עס רעגולערע מיליטער, נאָר אידם איז זעהר שווער געווען צו קעמפפען קעגען די מורדים, וואס האבען זיך בעפעסטיגט אין די בערג-שפאלטען און הייהלען און פלעגען פון דאָרט מאַכען פערצווייפעלטע אויספאַלען. נאָכדעם ווי הורדוס האט איינגענומען די שטאָדט צפורי, האט ער זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך די באַנ-דען, וואס האבען זיך בעהאלטען אין די בערג און וואס די שטארקסטע פון זיי האבען זיך געפונען ניט וויט פון ארבל, אין דער סביבה פון ים כנרת (גענעסארעטער אָזערע). דאָ האט ער זיך געמאַכט א נאָמען דורך א קונציגען מיליטערישען מאַנעוור, וואס ווערט גענוי בעשריבען ביי יוסיפוס פלאוויוס.

די הייהלען, וואו די מורדים האבען זיך בעהאלטען, האבען זיך געפונען אין אומצוגענגליכע בערג, צווישען כמעט גלייכע פעלזען-שטיינער מיט שארפע שפיצען. דאָרט האבען זיך אויפגעהאלטען די גרויסע פאטריאָטען מיט זייערע משפחות; דאָרט האבען זיך אויך געפונען זייערע לאגערס מיט פערשיידענע שפייז-פראָדוקטען. בכדי אריינצודרינגען אין די דאָזיגע בערג-נעסטען, האט הורדוס בעפוילען אויסצובויען גרויסע, מיט אייזען בעשלאָגענע קאסטענס, אריינזעצען אין זיי סאָלדאטען און אראָבלאָזען אויף אייזערנע קייטען פון שפיץ בארג ביז צו די הייהלען אראָב. די סאָלדאטען האט מען געגעבען לאנגע פלעקער מיט אייזערנע האָקענס אויף די עקען, און דערמיט האבען זיי בעדארפט אָנכאפען די בעהאלטענע מורדים און אראָבשליידערן זיי אין די אָבגרונדען. פון די אראָב-געלאָזטע קאסטענס, וואס זענען געהאנגען איבער די שרעקליכע אָבגרונדען, פלעגען הורדוס'עס סאָלדאטען אריינרייסען זיך אין די הייהלען, אויסהרג'ענען זייערע בעוואוינער, אָדער פערטשעפען זיי מיט זייערע האָקענס און אראָבוואַרפען זיי אין תהום אריין. א סך פון די מורדים, ווי באַלד זיי האבען איינגעזעהן, אַז זיי קאָנען זיך ניט ראַטעווען, האבען זיך אונטערגעגעבען הורדוס'ן, אַנדערע האבען זיך פערצווייפעלט אנטקעגענגעשטעלט און זענען געשטאָרבען, פערשיל-טענדיג דעם קרוין-רויבער. איינער א פאטריאָט אַנ'אַלטער מאַן, וואס איז געווען

איינגעשלאָסען אין אַ הייהל אינאיינעם מיט זיין פרוי און קינדער, האָט אַליין אויסגעהרגעט די מיטגלידער פון זיין הויזגעזינד, וואָס האָבען געוואָלט אונטערגעבען זיך דעם שונא און האָט אַראָבגעוואָרפען זייערע קערפּער אין אָבגרונד; און באַלד נאָך זיי האָט ער זיך אַליין אַראָבגעוואָרפען, ווייל ער האָט בעסער געוואָלט דעם טויט, איידער קנעכטשאַפט. פאַר'ן טויט האָט דער זקן שטאַרק געזידעלט הורדוס'ן, וואָס האָט זיך געפינען ניט ווייט פון הייהל און האָט איהם דערמאָנט וועגען זיין נידעריגען גזע, און אַז הורדוס האָט איהם פאַרגעלעגט, ער זאָל זיך אונטערגעבען, און צוגעזאָגט דערפאַר, אַז זיין לעבען וועט געזיכערט ווערען, האָט דער זקן זיך אָפּגעקעהרט פון איהם מיט פעראַכטונג.

דערווייל זענען די פּאַרטעיער, וואָס האָבען זיך געהאַט בעזעצט אין סוריען, געשלאָגען געוואָרען אין דער מלחמה מיט די רוימער, און ווענטידיוס האָט געשיקט צו הורדוס'ן פון דער פרייע געוואָרענער אַרמעע צוויי לעגיאָנען מיט טויזענד רייטער, כּדי צו דערשטיקען די מרידה אין גליל (38). פונדעסטוועגען האָבען די רוימער אפילו איצט נאָך ניט גערן גענומען אַן אָנטייל אינ'ם אידישען בירגער־קריג און האָבען שוואַך געהאָלפען הורדוס'ן, נאָך מעהר דערפאַר, וואָס עטליכע רוימישע קריגס־הויפטלייט זענען געווען אונטערגעקויפט דורך אנטיגנוס'ן. אין יענער צייט איז אין סוריען אָנגעקומען אנטאָניוס גופא און האָט זיך אָבגעשטעלט אינ'ם רוימישען לאַגער, וואָס האָט בעלעגערט די שטאָדט סאַמאָסאַטאַ ביים טייך פרת, וואָס האָט מורד געווען קעגען די רוימער.

הורדוס האָט איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער'ן חיל אין גליל זיין ברודער יוסף'ן און איז אַליין באַלד אַוועק צו זיין בעשיצער און האַר, כּדי בּיי איהם צו בעטען אַ שטאַרקערע מיליטערישע הילף אינ'ם קאַמפף מיט'ן „פיינד פון רוים“, אנטיגנוס'ן. אנטאָניוס האָט איהם לייטזעליג אויפגענומען, און באַלד נאָכדעם, ווי עס איז איינגענומען געוואָרען די שטאָדט סאַמאָסאַטאַ, האָט ער געהייסען דעם נייעם פערוואַלטער פון סוריען, סאָסיוס'ן, ער זאָל געבען הורדוס'ן אַ שטאַרקע הילף, כּדי צו מאַכען אַ סוף צו דעם בירגער־קריג אין לאַנד יהודה, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג פערצויגען.

נאָר בּיז'ן סוף פון דער מלחמה איז נאָך געווען ווייט. פאַר דער צייט, וואָס הורדוס איז ניט געווען, בשעת איבער זיין חיל אין גליל האָט קאָמאַנדירט זיין ברודער יוסף, האָט אנטיגנוס'עס מיליטער אָבגעהאַלטען איין נצחון נאָכ'ן אַנדערן. יוסף'ס חיל האָט מען צעשלאָגען ניט ווייט פון יריחו, און יוסף'ן אַליין האָט מען אַראָבגעהאַקט די קאָפּ, לויט אנטיגנוס'עס בעפעהל. די איינוואוינער פון גליל, וואָס האָבען מורד געווען, האָבען איין מאָל געכאַפּט אַ סך בעאַמטע און אָנהענגער הורדוס'עס און האָבען זיי אַריינגעוואָרפען אין ים־כּנרת. אנטיגנוס'עס הויפטמאַן פּפּוס האָט פערוויסט די געגענד פון שומרון, וואָס הורדוס'עס אָנהענגער האָבען געהאַט איינגענומען.

וועגן דעם אַליין האָט הורדוס זיך דערוואוסט אין אַנטיפּיא, בשעת ער האָט זיך אומגעקעהרט פון אַנטאָניוס; ער איז איילינג אַוועק אין לאַנד יהודה פּכדי זיך נוקם צו זיין פאַר זיין ברודערס טויט און פאַר די הריגות פון זיינע אַנהענגער. מיט גרימצאָרן האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די פיינד, און אין עטליכע געשלעגען האָט זיך איהם איינגעגעבן, מיט דער הילף פון די רוימישע לעגיאָנען, צו צעשלאָגען די אַבטיילונגען פון די פּאַטריאָטען אין פער־שיידענע פונקטען פון גליל. די ערבּיטערונג פון הורדוס'עס אַנהענגער איז דער־גאַנגען ביז צום אויסערסטען פונקט: זיי האָבען געשטרעבט ניט בלויז צו צע־שלאָגען די פיינד, נאָר אינגאַנצען זיי צו פערטיליגען. די אידישע מורדים און אַנטיגנוס'עס קריגס־לייט, וואָס האָבען איבערפילט די שטעדט און דערפער, זענען אָהן רחמנות אויסגעקוילעט געוואָרען פון הורדוס'עס סאָלדאַטען ניט בלויז אויפ'ן שלאַכטפעלד, נאָר אפילו אין די הייזער. הייפענס הרוגים האָבען געמאַכט פאַר הורדוס'ן אַ וועג אויף איינצונעהמען אינגאַנצען גליל, שמרון און די איבעריגע געגענדען פון מלכות־יהודה.

אין סוף פון יאָהר 38 האָט הורדוס געהאַט איינגענומען שוין כמעט דאָס גאַנצע לאַנד, חוץ ירושלים. דער אָנקומען פון ווינטער האָט איהם גע־שטערט זיך אונגעזאַמט צו לאָזען געהן צו דער הויפּט־שטאָדט, נאָר ווי נאָר דער ווינטער איז אַוועק, האָט הורדוס אָנגעהויבען זיך צוצוגרייטען צו דער בע־לעגערונג פון דער היילינגער שטאָדט, וואָס די עראָבערונג פון איהר האָט בעדאַרפט איהם עפענען אַ וועג צום אידישען טרוין.

## די בעלעגערונג פון ירושלים און אַנטיגנוס'עס אונטערגאַנג.

§ 88. הורדוס'עס חיל איז צוגעטראָטען צו ירושלים אין פריהיאָהר־צייט פון יאָהר 37. איהם זענען אין גיכען געקומען צו הילף די רוימישע לעגיאָנען אונטער דער אָנפיהרונג פון סאָסיוס אַליין. די אונגעהויער גרויסע אַרמעע פון די פערבינדעטע האָט אויפגעשלאָגען איהר לאַגער ביים פוס פון הר־הבית, אין צפון־זייט פון איהם. הורדוס האָט גערעכענט אָנצופאַלען אויף דער ירושלים'ער פעסטונג פונקט אַזוי, ווי דאָס האָט אַמאָל געטאָן פּאָמפּיוס. ער האָט בע־פוילען אויסצובויען דאָ אונגעהויער גרויסע וואַלען און אויפבויען אויף זיי טו־רעמס, לויט אַלע כללים פון דער רוימישער קריגס־קונסט, וואָס ער האָט זעהר גוט געוואוסט. אין דערווייל, ביז וואַנען די דאָזיגע אַרבייטען זענען געמאַכט געוואָרען, אונטער דער השגחה פון ספּעציאַליסטען, איז הורדוס אַוועקגעפאָהרען קיין שומרון און האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט מרים'ן, וואָס איז שוין זינט לאַנג געווען זיין כלה. היות ווי ער האָט גערעכענט גאָר אין גיכען צו ווערען קע־ניג, האָט ער דעריבער געוואָלט סאַמט שטילוויי פערגעזעצליכען דעם דאָזיגען אַקט דורך זיין שידוך מיט אַ פּרינצעסין פון קעניגליכען בלוט, וואָס האָט איהם ווי געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון דער משפחה חשמונאים. ער האָט געהאַט

יקה; אזא אופן איבערצייִדעוען אויף. זײַן צד א טייל פון פאָלק און פער-
לענגערן זיך די ערגעבערונג פון דער הויפט-שטאָדט.

נאָך דער חתונה האָט הורדוס זיך צוריק אומגעקעהרט און זײַן ירושלמ'ער לאַגער, און אינאיינעם מיט זײַן פערבינדעטען סאָסיוס איז ער צוגעטראָטען צו דער בעלעגערונג פון ירושלים. די בעלעגערונגס-מאַשינען, וואָס זענען געווען אַוועקגעשטעלט אויף די הויכע וואַלען, האָבען געמאַכט ציטערן די פעסטונגס-מויער דורך זייערע שרעקליכע קלעפּ. די בעלעגערטע האָבען אָבער אויך ניט געשלאָפען: לוית'ן אַלטען מנהג, פלעגען זיי מאַכען אויספאַלען און צעשטערען אָדער פערברענען די בעלעגערונגס-מאַשינען פון'ם שונא, זיי פלעגען זיך שלאָגען אין אונטערערדישע גאַנגען מיט די סאָלדאַטען, וואָס האָבען געמאַכט אונטער-גראָבונגען אונטער דער פעסטונגס-מויער, און האָבען בכלל געשטריטען מיט דעם פערצווייפעלטען מוט, וואָס דער פּאַטריאָטישער געפיהל גיט אפילו מענשען, וואָס זענען ניט געניט אין מיליטערישע ענינים.

פונדעסטוועגען איז דער גורל פון די בעלעגערטע שוין פאָרויס בעשטימט געווען: לאַנג האָבען זיי זיך ניט געקאָנט האַלטען קעגען דער מעכטיגער אַרמעע פון די פערבינדעטע און קעגען דער רוימישער קריגס-טאַקטיק. איינינע פון די פאָרשטעהער פון דער פּאַרטיי פרושים, ווי באַלד זיי האָבען איינגעזעהן, אַז דער ווידערשטאַנד קאָן גאָרנישט ניט העלפען, האָבען געגעבען אַן עצה די בעלעגערטע, זיי זאָלען איבערגעבען די פעסטונג הורדוס'ן. דער גרעסטער רוב פון די אָנפיהרער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגען דעם. די מיטגלידער פון דער משפּחה בני-בבא, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער ירושלמ'ער אַרי-סטאָקראַטיע, זענען בעשטאַנען דערויף, אַז דער פערטיידיגונגס-קאַמפּף זאָל ווײַ-טער געפיהרט ווערען — און דאָס פאָלק האָט זיי געפאָלגט. נאָר דער טרויעריגער סוף איז באַלד אָנגעקומען. אין פערציג טעג אַרום נאָכ'ן אָנהויב פון דער בע-לעגערונג איז גענומען געוואָרען אין שטורם די ערשטע פעסטונגס-מויער, און נאָך אין פופצעהן טעג אַרום — די צווייטע. אַנטיגנוס און זײַנע קריגסלײַט האָבען זיך נאָך פערצווייפעלט פערטיידיגט אין דעם איבערשטען טייל שטאָדט און אין די ווײַטע הויפען פון בית-המקדש, נאָר אויך די דאָזיגע פונקטען האָבען הורדוס'עס אַנהענגער באַלד איינגענומען.

ס'איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שחיטה. ערביטערט און דערצאָרנט דורך דער לאַנג-דויערנדיגער בעלעגערונג, האָבען די רוימער און די געדונגענע זעלנער הורדוס'עס מיט גרימצאָרן אויסגעקוילעט די בעזיגטע. מען האָט געשאָכטען אין די שמאָלע גאַסען, אין די הײַזער און אין די הויפען פון בית-המקדש, וואו די אומגליקליכע האָבען געוואָלט זיך בעהאַלטען. דער קעניג אַנטיגנוס האָט אין דער לעצטער מינוט אַרויסגעוויזען, וואָס פאַר אַ קליין מענשעל ער איז געווען. ער איז אַרויס פון טורם, האָט זיך אַנידערגעוואָרפען סאָסיוס'ן פאַר די

פּים און געבעטען זיך רחמים ביי איהם, ער זאָל שוינען זיין לעבען. נאָך דער רוימישער פיהרער האָט מיט פעראַכטונג אָבגעשטויסען פון זיך דעם אונגליקליכען קעניג און האָט חוזק געמאַכט איבער זיין פחדנות, אָנרופענדיג איהם מיט אַ ווייבערישען נאָמען („אנטיגאָנא"). ער האָט געהייסען בינחען אנטיגנוס'ן און האַלטען איהם אין תפיסה.

הורדוס'ן האָט עס געקאָסט אַ סך מיה, ביז ער האָט אָבגעשטעלט די רציחות און גזלות, וואָס די פערווילדערטע רוימער האָבען נאָך אַלץ בעגאַנגען אין ירושלים, מיט סאָסיוס'עס ערלויבניש. דעם צוקונפטיגען קעניג פון די אידען האָט זיך ניט געוואָלט בעשטייגען דעם טראָן אין אַ פערוויסטער שטאָדט. „שוין דשע — האָט ער געזאָגט צו זיין פערבינדעטען — ווילט איהר לחלוטין אויס'הרג'ענען אַלע איינוואוינער פון שטאָדט און לאָזען מיך קעניגען איבער אַ מדבר?" אַז די זיגער האָבען געוואָלט אַריינדרינגען אין די אינעווייניגסטע חדרים פון בית-המקדש, איז הורדוס ענטשלאָסען אַרויסגעטראָטען קעגען דעם און האָט ערקלערט, אַז אין דעם פאַל וואָלט ער גערעכענט זיין נצחון ערגער פאַר אַ מפלה, מחמת דאָס פאָלק וואָלט איהם בעשולדיגט דערין, וואָס דער בית-המקדש איז פערשוועכט געוואָרען דורך היידען. נאָר די דאָזיגע טענות האָבען ווייניג וואָס געווירקט אויף די גראָבע רוימער, וואָס האָבען זיך סומך געווען אויף'ן רעכט פון די זיגער צו נעהמען קריגס-רויב. זיי האָבען אָבגעשטעלט זייער ווילדעווען ערשט נאָכדעם, אַז הורדוס האָט צוגעזאָגט צו בעלוינען זיי פון זיין אייגענער קעשענע. ער האָט ריכטיג ערפילט זיין הבטחה. סאָסיוס'ן האָט ער געגעבען אַ טייערע, „אמת קעניגליכע" מתנה, און די איבעריגע קריגס-הויפּטלייט און סאָלדאַטען האָט ער בעצאָהלט אַזוי, אַז קיינער פון זיי האָט ניט פערלאָזען ירושלים אָהן אַ גרויסער סומע געלד.

נאָך דער מעשה איז סאָסיוס אַוועק פון ירושלים און האָט מיטגענומען מיט זיך אנטיגנוס'ן, אַ געשמידטען אין קייטען. דעם אַראָבגעזעצטען קעניג האָט מען אַוועקגעפיהרט קיין אנטיוכיא, וואו אַנטאָניוס אַליין האָט בעדאַרפט אַרויסטראָגען וועגען איהם דעם פסק-דין. אַנטאָניוס האָט געוואָלט אנטיגנוס'ן לאָזען לעבען, בכדי דורך איהם אויסצופוצען זיין טריומף-אַריינפאָהר אין רוים. נאָר הורדוס האָט מורא געהאַט, אַז אויב אנטיגנוס וועט בלייבען לעבען, וועט ער מיט דער צייט בעקומען שטאַרקע בעשיצער אין רוים, און אַלס געזעצליכער יורש פון דער קעניגליכער קרוין, וועט ער ווערען אַ געפעהרליכער קאָנקורענט פאַר איהם; חוץ דעם האָט ער געוואוסט, אַז כל-זמן עס וועט לעבען כאָטש איין פרעטענדענט פון הויז חשמונאים, וועט דאָס פאָלק זיך ניט בערוהיגען און וועט ניט אָנערקענען די נייע דינאַסטיע.

מיט די אַלע טענות האָט הורדוס אַרויסגעזאָגט פאַר זיין בעשיצער אַנטאָניוס, און סוף-כל-סוף האָט ער זיך דערשלאָגען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. אנטיגנוס איז פערמשפט געוואָרען צו טויט-שטראָף אין אזא פאָרם, וואָס ביי די רוימער

אַט זי זיך געריכטעט פאַר מיאוס פאַר אַ געווענעם קעניג: מען האָט אידם בגעהאַקט די קאָפּ מיט אַ האַק אין אנטיוכיא. „אַנטאָניוס — זאָגט דער געשיכטס־שרייבער סטראַבאָ — איז געווען דער ערשטער רוימער, וואָס האָט בעפוילען זיך אַזאַ אופן צו טויטען אַ געקרוינטע פּערזאָן. לויט זיין מיינונג, האָט מען אנדערש ניט געקאָנט צווינגען די אידען, זיי זאָלען אָנערקענען אַנשטאָט איהם (אַנטיגנוס׳ן) דעם נייעם קעניג, הורדוס׳ן. אַנטאָניוס האָט גערעכענט, אַז אנטיגנוס׳עס מיאוס׳ער טויט וועט צווינגען די אידען צו פערגעסען אָן איהם, און פון דער אנדער זייט וועט דאָס אָבשוואַכען די שנאה קיין הורדוס׳ן“.

מיט אנטיגנוס׳עס טויט האָט אויפגעהערט אויף אַלע מאָל די ממשלה פון דער דינאַסטיע חשמונאים איבער מלכות־יהודה, וואָס האָט געדויערט 103 יאָהר, פון דאָס היינט, זינט שמעון חשמונאי איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פאַר אַ נשיא־כהן־גדול, וואָס האָט דאָס רעכט איבערציגעבען זיין ממשלה בירושה צו זיינע קינדער. אנדערע זייט וועט דאָס אָבשוואַכען די שנאה צו הורדוס׳ן“.

# דריטער קאַפּיטעל.

## קעניג הורדוס I. (37 — 4)

די בעזייטיגונג פון די חשמונאים. — הורדוס, אַנטאָנינוס און קלעאָפּאַטראַ. — הורדוס און אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס. — דער טויט פון מרים׳ן און פון די לעצטע חשמונאים. — נייע תקנות און בנינים. — די אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע פּאָליטיק. — פאַמיליען־מחלוקות. — דער טויט פון מרים׳ס זיהן. — אנטיפּטר׳ס פער־שווערונג. — די סמנים פון אַ מרידה און הורדוס׳עס טויט.

### די בעזייטיגונג פון די חשמונאים.

§ 89. ווידער האָט אַרויפגעשטיגען אויפ׳ן אידישען טראָן אַ קעניג, אָבער דער דאָזיגער קעניג איז געווען אַ „האַלבער איד“ (ווי דאָס פאָלק פלעגט איהם מיט פעראַכטונג אָנרופען), וואָס האָט בעקומען די קרוין פון די רוימערס הענד און וואָס איז געווען בעפלעקט מיט די בלוט פון די חשמונאים. הורדוס איז געווען אין מלכות־יהודה דער ערשטער פאָרשטעהער פון דער העכסטער מאַכט, וואָס האָט ניט געהאַט ניט קיין טעאָקראַטישע און ניט קיין נאַציאָנאַלע יסודות. די פערוועלטיגונג פון דער פערוואַלטונג האָט אין זיינע צייטען דערגרייכט צום העכסטען פונקט. אַמאָל זענען געשטאַנען בראש פון דער נאַציע כהנים

גדולים, דערנאָך כהנים־גדולים־מלכים פון דער דינאַסטיע, וואָס דאָס פאָלק האָט זיי אויסגעקליבן, איצטער אָבער האָט זייער אָרט פאַרנומען אַ קעניג, וואָס די רוימער האָבן אים בעשטימט און וואָס היות ער איז ניט געווען קיין איד לויט זיין גזע, האָט ער געקאָנט טראָגן דעם וועלטליכן טיטעל אָהן דעם גייסטליכן.

די פרושים און די פאָלקס־מאַסע, וואָס זיי האָבן אָנגעפירט, האָבן פעראַכט הורדוס׳ן, אַלס אַ „האַלבען אידען״, וואָס איהם זענען פרעמד די נאַציאָנאַל־גייסטיגע אידעאַלען פונ׳ם אידישען פאָלק, און האָבן געקוקט אויף אידם, ווי אויף אַ רוימישען פערוואַלטער אין מלכות־יהודה. די אַריסטאָקראַטיע און דער גרעסטער רוב פון די צדוקים האָבן פיינט געהאַט הורדוס׳ן, מחמת ער האָט פערטיליגט די געזעצליכע דינאַסטיע פון די חשמונאים, און ערשט שפעטער־צו האָבן אייניגע פון זיי שלום געמאַכט מיט דער נייער אָרדנונג.

הורדוס האָט אָנגעהויבען זיין קיניגען, ווי אַ רוימישער דיקטאַטאָר — פון טויט־שטראָפען און קאָנפיסקירונגען. נאָכדעם ווי עס איז געטויט געוואָרען דער קעניג אנטיגנוס, האָבן זיך אָנגעהויבען רדיפות אויף זיינע אָנהענגער. 45 חשוב׳ע ירושלמים פון די אָנהענגער פון דער פריהערדיגער רעגירונג זענען געטויט געוואָרען, לויט הורדוס׳עס בעפעהל. זייער אייגענס האָט דער נייער קעניג צוגענומען אין זיין קאַסע און האָט פון די דאָזיגע געלד געגעבען מתנות זיין אויבערהאַר, דעם פערשווענדערישען אַנטאָניוס און די געלדגיריגע רוימישע בעאַמטע. די אַריסטאָקראַטישע משפחה פון די בני־בבא, וואָס זענען מסתמא געווען קרובים פון די חשמונאים און וואָס האָבן צום שטאַרקסטען זיך אַנטקעגענגעשטעלט קעגען הורדוס׳ן בשעת דער בעלעגערונג פון ירושלים (§ 88), — זענען ניצול געוואָרען פון טויט בלויז אַדאַנק דער הילף פונ׳ם הויפטמאַן פון דער קעניגליכער וואַך קאָסטובר, וואָס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט זיך צו בעהאַלטען. די איינפלוסרייכע מיטגלידער פון סנהדרין, וואָס האָבן אַנומעלט געוואָלט פער׳משפט׳ן הורדוס׳ן פאַר זיינע אייגענווילליגע מעשים אין גליל (§ 83), האָבן איצט געהאַט אויסצושטעהן רדיפות, אָדער זיי זענען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד. געלאָזען צו לעבען האָט מען מעהר ניט די געלערנטע פרושים שמעיה און אבטליון, וואָס האָבן בשעת דער בעלעגערונג פון ירושלים געגעבען אַן עצה, מען זאָל איבערגעבען די הויפט־שטאָדט הורדוס׳ן און די רוימער, וויבאַלד זיי האָבן איינגעזעהן, אַז דער ווידערשטאַנד קאָן צו גאָרניט ניט ברענגען.

ניט קוקענדיג אויף אַלע די שטרענגע מיטלען, האָט דער קעניג נאָך אַלץ ניט געקאָנט רעכענען זיין מעמד פאַר געזיכערט. מעהר פון אַלץ האָט הורדוס מורא געהאַט פאַר דער קאָנקורענץ פון דער פאָפולערער דינאַסטיע פון די חשמונאים, נאָר די עטליכע מיטגלידער פון דער דאָזיגער דינאַסטיע, וואָס זענען געבליבען, זענען געווען זיינע מחותנים, אַדאַנק זיין שדוך מיט מרים׳ן, — ובכן איז אידם געווען זעהר שווער צו קעמפען געגען זיי אָפען. אין בבל

האָט נאָך געלעבט הורקנוס II, וואָס די פּאַרטײ האָבען איהם אַהין אָבגעפירט, און אין הורדוס׳עס הויף אין ירושלים האָבען זיך געפינען דער קעניגין מרים׳ס מוטער אלכסנדרה און איהר זוהן, דער יונגער קעניגינס ברודער — אריסתובול.

אין בבל, וואו דער אַלטער הורקנוס האָט געלעבט אַלס פערטריבענער, האָבען די דאָרטיגע אידען איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד, אַלס געוועזענעם כהן-גדול און קעניג. פונדעסטוועגען האָט דער זקן שטאַרק געבענקט נאָך דער היים, און ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אַז הורדוס איז געוואָרען קעניג, האָט ער בעשלאָסען זיך אומצוקעהרען צוריק אַהיים. הורדוס פון זיין זייט ווידער האָט בעסער געוואָלט האָבען הורקנוס׳ן נעבען זיך און אין זיין רשות אויף דעם פאַל, טאָמער וועט אין לאַנד אויסברעכען אַ מרידה, בכדי ווידער איינצושטעלען די דינאַסטיע פון די חשמונאים. דעריבער האָט ער באַלד ארויסגערופען הורקנוס׳ן קיין ירושלים (36). דער קעניג פלעגט אָבגעבען דעם זקן גרויס כבוד און פלעגט איהם מיט אַ געמאַכטער צערטליכקייט אָנרופען פאָטער, אַלס זיין פרוי׳ס זיידען; נאָר אין דער זעלביגער צייט האָט ער שטרענג אַכטונג געגעבען דערויף, אַז מיט איהם זאָלען קיין מגע-ומשא ניט האָבען די פּאָליטישע געגנער פון דער נייער אָרדנונג. היות ווי הורקנוס האָט איבער זיין מום ניט געקאָנט זיין קיין כהן-גדול, האָט הורדוס בעשטימט פאַר אַ כהן-גדול איינעם אַ כהן חננאל, אַ געבוירטיגען פון בבל. דער קעניג האָט מיט אַ כיון אויסגעמיידט דערביי די! פאָרשטעהער פון די משפחות כהנים אין ירושלים, וואָס זענען געווען נאָהענט לויט זייער גזע אָדער סימפּאַטיעס צו דער פריהערדיגער דינאַסטיע. נאָר דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט בעזייטיגט פון דער כהונה-גדולה הורקנוס׳עס אייניקעל, זיין יונגען שוואָגער אריסתובול׳ן, וואָס איז געווען נאָך זיין זיידען דער געזעצליכער יורש פון דער כהונה-גדולה.

די דאָזיגע עולה האָט ניט געקאָנט איבערטראָגען אלכסנדרה, אריסתובול׳ס מוטער. די דאָזיגע ענערגישע פרוי האָט געוואָלט זיך נוקם זיין פאַר׳ן אונטערדריקען די רעכט פון די חשמונאים. אין דער פערזאָן פון זיין שוויגער האָט הורדוס געהאַט אַ געפעהרליכען שונא, וואָס האָט פערשטאַנען אויסצונוצען צוליעב איהרע צוועקען אַלע מיטלען פון פּאָליטישער אַגיטאַציע. היות ווי אלכסנדרה האָט געוואָלט פערטיידיגען איהר זוהנ׳ס געזעצליכע רעכט, דעריבער האָט זי אָנגעווענדעט אַל׳ערליי דרעהערייען פון דער הויפישער דיפּלאָמאַטיע. זי האָט זיך געווענדעט צו דער עגיפּטישער קעניגין, קלעאָפּאַטראַ, מיט דער בקשה, זי זאָל ווירקען אויף אַנטאָניוס׳ן, אַז ער זאָל צווינגען הורדוס׳ן צו בעשטימען אריסתובול׳ן פאַר אַ כהן-גדול. קלעאָפּאַטראַ, וואָס האָט געוואָלט בעקומען געוויסע טיילען פון דער פּאַלעסטינישער טעריטאָריע און האָט בעטראַכט הורדוס׳ן פאַר איהר אַ קאָנקורענט, איז גערן געווען אויסצונוצען דעם צופאַל, וואָס

קאָן אוהם שאַדען אין די אויגען פֿונ'ם רוימישען מושל. אַנטאָניוס האָט זיך שטאַרק פֿעראינטערעסירט מיט'ן גורל פֿונ'ם יונגען אריסתּובול, בפֿרט נאָכדעם, ווי אוהם איז אויסגעקומען צו זעהן די פּאָרטרעטען פֿונ'ם דאָזיגען פּרינץ און פֿון זיין שוועסטער, וואָס האָבען אוהם געמאַכט ערשטוינען דורך זייער שענקייט. הורדוס האָט זיך געפֿונען אין אַ שוויריגער לאַגע. פֿון איין זייט, איז ער געווען צעטומעלט דורך דער אַריינמישונג פֿונ'ם מושל, און פֿון דער אַנדער זייט — דורך דער אונצופֿרידענקייט אין דער אייגענער פֿאַמיליע, דורך זיין שוויגערס אינטריגעס און מרימ'ס בקשות און, צולעצט, דורך דער אונצופֿרידענקייט אין פֿאָלק. און דער קעניג האָט נאָכגעגעבען. ער האָט אַראָבגעזעצט חננאל'ן (קעגען געזעץ, לויט וועלכען מען טאָר ניט אַראָבזעצען קיין כהן-גדול) און האָט בעשטימט פֿאַר אַ כהן-גדול אריסתּובול'ן, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען נאָר 17 יאָהר (35—36).

נאָכדעם ווי הורדוס האָט געמאַכט די דאָזיגע הנחה, מחמת ער איז געווען גענויט דערצו, האָט ער אָנגעהויבען שטענדיג טראַכטען וועגען דעם, ווי אַזוי צו פֿערריכטען זיין מערכה. ער האָט ניט געקאָנט קאַלטבלוטיג צוקוקען, אַז דער פּרינץ פֿון הויז חשמונאים זאָל זיין כהן-גדול. אריסתּובול איז געווען ווי אַ לעבעדיגער פֿאָרוואורף, וואָס האָט דערמאָנט דעם פֿאָלק וועגען הורדוס'עס קרוין-רויב. אַ כהן-גדול — אַ חשמונאי אויף איין גראַד מיט'ן קעניג — דעם אדומי האָט, פֿערשטעהט זיך, געמאַכט אַנ'אונגינסטיגע ווירקונג פֿאַר'ן לעצטען. מען האָט געקאָנט מורא האָבען, אַז מיט דער צייט וועט דאָס פֿאָלק ווידער אַמאָל וועלען פֿעראייניגען ביידע מיטלען אין אריסתּובול'ס פּערזאָן. אלכּסנדרה'ס אויפֿפֿיהר האָט נאָך פֿערשטאַרקט הורדוס'עס חשד. די דאָזיגע פֿרוי האָט אַליין ווייטער געפֿיהרט איהרע אינטריגעס, אפֿילו נאָכדעם ווי איהר זוהן איז בעשטימט געוואָרען פֿאַר אַ כהן-גדול. זי האָט געפֿיהרט אין דער שטיל אונטערהאַנדלונגען מיט קלעאָפּאַטראַ'ן, און הורדוס האָט געהאַט אַ יסוד חושד צו זיין, אַז זיין שוויגער גרייט צו ענערגיש אַ מלוכה-איבערקעהרעניש, כּדי ווידער איינצושטעלען די ממשלה פֿון די חשמונאים. הורדוס האָט איינגעשטעלט אַ שטרענגע אויפֿזיכט איבער זיין שוויגער; ער האָט געהייסען זיין וואַך, מען זאָל אויפֿפּאַסען, אַז אלכּסנדרה זאָל ניט פֿערלאָזען דעם פּאַלאַץ און זאָל ניט האָבען קיין חשודיגע פֿערבינדונגען.

אלכּסנדרה'ן איז זעהר שווער געווען איבערצוטראָגען די דאָזיגע פּאָליצייאישע השגחה. דער בכבוד'יגער אַרעסט אין פּאַלאַץ האָט זיך איהר אויסגעדוכט, ווי אַ שענדליכע קנעכטשאַפֿט. זי האָט זיך געקאָנט ריכטען אויף דאָס ערגסטע מצד איהר ווילדען איידעם, וואָס איז געווען נוטה אַלעמען חושד צו זיין. זי האָט אויך געהאַט אַ יסוד מורא צו האָבען, אַז איהר יונגער אונגעניטער זוהן געפֿינט זיך אין סכנה. דעריבער האָט אלכּסנדרה פֿערטראַכט אַ פּלאַן צו אַנטלויפֿען שטילערהייד צוזאַמען מיט'ן זוהן קיין עגיפּטען, צו קלעאָפּאַטראַ'ן.

מ׳האָט שוין געהאַט צוגעגרייט צוויי קאַסטענס, וואָס אין זיי האָבן די דינער געדאַרפט בײַ-נאַכט אַרויסטראָגן זי און אריסתובול׳ן צום ים אויף א שיף, וואָס איז געווען צוגעגרייט אויף אָפּצופאָרן קיין עגיפּטן. נאָר הורדוס האָט זיך פון זײַנע שפּיאָנען דערוואוסט וועגן דעם גאַנצן פּלאַן און האָט געוויזען איהם צו צעשטערן. היות ווי הורדוס האָט געוואָלט אויסמײַדן אינ-געווינשטע רײַדערײַען, וואָס האָבן געקאָנט דערגעהן צו קלעאָפּאַטראַ׳ן, דעריבער האָט ער זיך געמיטן צו מאַכן א שווײַג וועגן דער גאַנצער אונטערנעמער מעשה. ער האָט געמאַכט אַנ׳אָנשטעל, ווי ער איז כלומר׳שט גרויסמיטיג מוחל אלכּסנדרה׳ן, נאָר טיעף אין האַרצן האָט ער באַהאַלטן א שרעקליכען פּלאַן, וואָס ער האָט איהם אין גיכען אויסגעפיהרט

ס׳איז געווען סכּות-צײַט פון יאָהר 35. אין בית-המקדש איז פאָרגעקומען די עבודה. די געשטאַלט פונ׳ם יונגען שענעם אריסתובול׳ן, וואָס איז געשטאַנען בײַם מזבח אין די טײַערע בגדי-כהונה, האָט אַרויסגערופען א באַגײַסטערונג בײַם פאָלק. עס זענען אַרויפגעקומען אויפ׳ן זכרון די ליכטיגע געשטאַלטען פון די ערשטע חשמונאים און זייערע פּאַטריאָטישע גבורות, ס׳איז אַרויף אויפ׳ן זכרון דער גלאַנץ פון די אַמאָליגע מלכים-כהנים-גדולים. דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפגעקליבען אין בית-המקדש, האָט אויסגעדריקט זײַנע פּאַטריאָטישע געפיהלען דורך שטורמישע אויסרופען און הייסע באַגריסונגען, געווענדט צו אריסתובול׳ן. די התלהבות פון די ירושלמים האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה. דאָס איז געווען א באַגײַסטערטע דעמאָנסטראַציע לכּבוד די חשמונאים און אַנ׳אינדירעקטע באַליידיגונג פאַר הורדוס׳ן. דער קעניג האָט אַראָבגעשלונגען דעם דאָזיגען ביטערן טראָפּען, נאָר ער האָט באַהאַלטן זײַן אונצופרידענקייט, בכדי וואָס גיכער און גרינגער אויסצופיהרען זײַן טײַוועלישען פּלאַן. מיט א געמאַכטער פרעהליכקייט האָט ער גענומען אַנ׳אָנטייל אין אַלע פאָלקס-הוליאַני-קעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען לכּבוד יום-טוב.

נאָך יום-טוב האָט אלכּסנדרה אײַנגעלאַדען דעם קעניג אויף א פאַמיליען-מאָלצײַט אין יריחו. הורדוס האָט די אײַנלאַדונג אָנגענומען. בשעת דער סעודה האָט דער קעניג פרעהליך געשמועסט מיט אריסתובול׳ן און מיט די הויפלײַט און האָט גענומען אַנ׳אָנטייל אין זייערע שפּיעלען און פערוויילונגען. ס׳זענען געווען הייסע טעג, און די גאַנצע פרעהליכע קאָמפּאַניע איז אַוועק צום טײַך זיך באָדען. אריסתובול האָט זיך אויך געבאָדען און האָט, אינאיינעם מיט די יונגע לײַט פון הורדוס׳עס סוויטע, געמאַכט פערשיידענע גימנאַסטישע קונצען אין וואַסער. דאָ האָבן איינינע פון די דאָזיגע יונגע לײַט אָנגעהויבען, ווי אויף קאַטאָוועס טרײַבען, אונטערצוטונקען אריסתובול׳ן אין וואַסער און האָבן איהם געהאַלטען דאָרט, ביז וואַנען ער איז דערטרונקען געוואָרען. דעם יונגלינג האָט מען אַרויסגענומען פון וואַסער שוין א טויטען.

די בשורה וועגען דעם „אומגליקליכען צופאַל“ האָט אַרויפגעוואָרפען אַ שרעק אויף אַלעמען. אויך דער קעניג האָט זיך געמאַכט, ווי ער בעוויינט און בעקלאָגט כלומר׳שט דעם פריהצייטיגען טויט פונ׳ם כהן־גדול. ער האָט געמאַכט אַ שענע לויה און האָט אַרויסגעוויזען פאַר׳ן גאַנצען פאָלק זיין צער. נאָר ווייניג וועד עם האָט געגלויבט, אַז דער דאָזיגער צער איז אַנ׳אויפריכטיגער. אַלכּסנדרה, וואָס איז געווען נידערשלאָגען פון יאָמער, און אַלע די, וואָס האָבען געוואוסט די סודות פון הויף, האָבען געוואוסט, אַז אַריסטובול׳ס טויט איז געווען אַ „מקרה־זאַך“, וואָס איז געווען צוגעגרייט מיט אַלע הידורים. אויך צווישען פאָלק זענען געגאַנגען קלאַנגען, אַז הורדוס איז דאָס שולדיג אינ׳ם דאָזיגען טראַגישען טויט.

## הורדוס, אַנטאָניוס און קלעאָפּאַטראַ

§ 90. אַריסטובול׳ס טויט האָט פערשטאַרקט די מחלוקות אין הורדוס׳עס משפחה. די קעניגין מרים האָט אפשר זינט יענער צייט אָנגעהויבען צו פיהלען צום מאַן יענע שנאה, וואָס האָט זי שפּעטער געבראַכט צום עשאַפאָט. אַלכּסנדרה האָט געלעכצט נאָך נקמה און צוליעב דעם האָט זי אויפ׳סניי אָנגעהויבען פיהרען אינטערהאַנדלונגען מיט קלעאָפּאַטראַ׳ן. לויט איהר בקשה, האָט די עגיפּטישע קעניגין געפּועל׳ט ביי אַנטאָניוס׳ן, ער זאָל פאָדערן הורדוס׳ן צום משפט פאַר דעם פערברעך, אין וועלכען מען איז איהם חושד. אַנטאָניוס האָט ערפילט קלעאָפּאַטראַ׳ס פערלאַנג. אין פריהיאָהר פון 34, בשעת דער מלחמה אין אַרמעניען, איז אַנטאָניוס אָנגעקומען אין דער סירישער שטאָדט לאַאָדיקעע (לודקיא). אַהין האָט ער אַרויסגערופען דעם אידישען קעניג, בכדי ער זאָל געבען אַנ׳ערקלערונג וועגען אַריסטובול׳ס טויט.

הורדוס האָט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ סכנה דאָ שטעקט, נאָר ניט פאָלגען האָט ער ניט געהאָט די העזה. צוגרייטענדיג זיך צו דער רייזע, וואָס דעם סוף פון איהר האָט מען ניט געקאָנט פאָרויסזעהן, האָט הורדוס איבערגעגעבען די ממשלה זיין שוואָגער יוסף׳ן, זיין שוועסטער שלומית׳ס מאַן, און האָט בעזונדערס געהיימען איהם אָנגעזאָגט געבען דעריוף, וואָס עס טוט זיך אין הויף. דערביי האָט ער איבערגעגעבען יוסף׳ן אַ געהיימען בעפעהל — ער זאָל טויטען די קעניגין מרים אין דעם פאַל, אויב ער, הורדוס, וועט אומקומען פון אַנטאָניוס׳ס האַנד. דער דאָזיגער שרעקליכער בעפעהל דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער קעניג האָט ליידענשאַפטליך ליעב געהאַט זיין פרוי און האָט ניט געוואָלט, אַז נאָך זיין טויט זאָל זי איבערגעהן צו אַנ׳אַנדערען, און בעזונדערס צום בעל־תאווהניק אַנטאָניוס׳ן, וואָס איהם האָט הורדוס חושד געווען, אַז ער ליעבט מרים׳ן.

מיט אַ שווערען האַרצען, אָבער אויך מיט רייכע מתנות, האָט הורדוס זיך געשטעלט פאַר אַנטאָניוס׳ן. אינגעריכטערהייד האָט זיך הורדוס׳ן זעהר גיך

איינגעגעבן איינצושטילן דעם צאָרן פֿון זיין איבערהאַר. ס׳האָבן דאָ מיט־
געווירקט הן די רייכע מתנות, וואָס הורדוס האָט אונטערגעטראָגן, הן זיינע
חניפֿה־רייד און, סוף־כל־סוף, פּאָליטישע סברות, וואָס אויבער זיי האָט אַנטאָניוס
ניט געקאָנט זיך אָבזאָגן פֿון הורדוס׳ן, מחמת דאָס וואָלט געווען אַ שאָדן
פֿאַר די אינטערעסן פֿון דער רוימישער פּאָליטיק אין מלכות־יהודה. אַנטאָניוס
האָט אָנערקענט, אַז נאָכדעם ווי די רוימישע רעגירונג האָט איבערגעגעבן די
קעניגליכע ממשלה הורדוס׳ן, איז בעדאַרף זי איהם איבערלאָזען פֿריי אויסצונוצען
די דאָזיגע ממשלה בנוגע צו די אינעווייניגסטע ענינים, אויף וויפֿיעל דאָס איז
ניט נוגע די אינטערעסן פֿון דער הערשענדער מלוכה. בכדי צו בעפֿרידיגן
קלעאָפּאַטראַ׳ן, וואָס האָט געקאָנט בלייבן אונצופֿרידען מיט אַזאַ סוף פֿונ׳ם ענין,
האָט אַנטאָניוס איהר צוגעזאָגט אָבצוטרעטען איהר עטליכע געגענדען אין קאָ־
לעסירען און אין מלכות־יהודה. אויף אַזאַ אופֿן, איז הורדוס, נאָך אַלע די
שווערע מינוטען, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אָבגעלאָזט געוואָרען לייטזעליג
פֿון זיין איבערהאַר און האָט זיך בשלום אומגעקעהרט צוריק קיין ירושלים.

נאָר צוריקגעקעהרט אַהיים, האָט הורדוס בעמערקט, אַז דאָ געהט ניט
אַלץ כשורה. בשעת ער איז ניט געווען אין דער היים, האָט זיך אין ירושלים
פֿערשפּרייט אַ פֿאַלשער קלאַנג, אַז אַנטאָניוס זאָל האָבן געהייסן איהם
טויטען. אין פּאַלאַץ איז פֿאָרגעקומען אַ מהומה. היות ווי אַלכּסנדרה און די
קעניגין מרים האָבן מורא געהאַט פֿאַר אַ הויפֿישער רעוואָלוציע, האָבן זיי
זיך שוין געגרייט צו אַנטלויפֿען און זוכען שוץ ביים רוימישען לעגיאָן, וואָס
האָט געהאַט אויפֿגעשלאָגן זיין לאַגער ניט ווייט פֿון ירושלים. הורדוס׳עס
שטעל־פֿערטרעטער יוסף האָט ערקלערט, אַז ער איז גרייט מיטצוהעלפֿען די
פֿרויען אין דעם דאָזיגען פּלאַן. אונטער׳ן איינפֿלוס פֿון מרים׳ס רייניער פֿער־
זענליכקייט, האָט יוסף איהר ענטפּלעקט דעם שרעקליכען סוד וועגען הורדוס׳עס
בעפֿעהל בנוגע צו איהר. ער האָט דאָס, אַפּנים, געטאָן ניט מיט אַ שלעכטער
כוונה, נאָר גיכער דערפֿאַר, ווייל ער האָט געוואָלט בעווייזען דער קעניגין, ווי
ליידענשאַפֿטליך דער מאַן ליעבט זי, אַז ער וויל זיך ניט צעשיידען מיט איהר
אַפֿילו דורכ׳ן טויט. די דאָזיגע ענטפּלעקונג האָט אָנגעפֿילט מרים׳ס האַרץ מיט
צאָרן און האָט נאָך מעהר פֿערשטאַרקט איהר שנאה צום מאַן.

וועגען אַ סך זאַכען, וואָס זענען געשעהן, בשעת ער איז ניט געווען
אין דער היים, האָט הורדוס זיך דערוואוסט, נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען
פֿון זיין שוועסטער שלומית. די דאָזיגע שלעכטע פֿרוי האָט פֿיינט געהאַט די
שטאָלצע שוועגערין מרים, וואָס האָט שטענדיג געקוקט אויף איהר פֿון אויבען
אַראָב, ווי אויף אַ פֿרוי פֿון נידעריגען גזע. חוץ דעם, האָט שלומית אָנגעהויבען
פֿיהלען אייפֿערזוכט צו איהר מאַן יוסף׳ן, וואָס איז געווען אַזוי צוגעטאָן צו
מרים׳ן. און שלומית האָט אין העלע פֿאַרבען געשילדערט דעם כוזרער דעם

פלאַן, וואָס זיין שוויגער און פרוי האָבען געהאַט, צו אַנטלויפען, און דערביי איז זי אויך אויסען געווען אַנצו־ווייזען אויף דער חשודיגער פריינדשאַפט צווישען יוסף'ן און מרים'ן. אַז הורדוס האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט, איז ער געוואָרען שטאַרק אין כעס. נאָך אַ רייהע שווערע פאַמיליען־סצענעס האָט ער געהייסען טויטען יוסף'ן. זיין פערהאַסטע שוויגער אלכסנדרה האָט ער ניט געקאָנט שטרענג בעשטראָפען, מחמת ער האָט מורא געהאַט, ס'זאָל זיך דאָ ניט אַריינמישען איהר פערטיידיגערין קלעאָפּאַטראַ, און דעריבער האָט ער זיך בעגנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט זי געהאַלטען אונטער אַ שטרענגער השגחה.

אויף מרים'ן אָבער האָט הורדוס געהאַט אַ שטאַרקען חשד בנוגע צו איהר געטריישאַפט און איהר פאָליטישער ערענטליכקייט. בלויז זיין ליידענשאַפטליכע ליעבע צו זיין פרוי האָט אָבגעהאַלטען דעם קעניג דאָס מאָל פון אַנגעהמען שטרענגע מיטלען בנוגע צו איהר. ס'פערשטעהט זיך, אַז בנוגע צו אונגעטריישאַפט צום מאַן איז מרים געווים געווען אונשולדיג, נאָר ס'איז קיין ספק ניט, אַז איהרע פאָליטישע און מאָראַלישע סימפּאַטיעס זענען ניט געווען אויף איהר מאַנס צד. די געפיהלען פון דער טאָכטער פון די חשמונאים האָבען געהאַט אין איהר די איבערהאַנד איבער איהר ליעבע צום מאַן. פאַר איהר איז געווען דער מאַן צוגלייך דער קעניג, וואָס איז געווען דער שונא פון איהר ברודער.

ווי ווינציג עהנליך אויף דער דאָזיגער קעניגין, דעם סימבאָל פון ריינקייט און אידעלקייט, איז געווען די עגיפּטישע קעניגין קלעאָפּאַטראַ, אָט די פערקערפּערטע זינד, דער בייזער גייסט פון די מזרח־לענדער! זי אַליין האָט נאָך געהאַט ריוח פונ'ם גאַנצען פאָליטישען פּלאָנטער פון יענער צייט. די אונערזעטליכע קלעאָפּאַטראַ איז אַ לאַנגע צייט צוגעשטאַנען צו אַנטאָניוס'ן, ער זאָל איהר שענקען נייע לענדער, און סוף־כל־סוף האָט ער איהר אָבגעגעבען אַ טייל פון פאַלעסטינישען ברעג־לאַנד, אַ טייל פון די אַראַבישע לענדער און איינע פון די פרוכטבאַרסטע געגענדען פון מלכות־יהודה, די כביבות פון יריחו מיט זייערע טייטעל־פּאַלמען און באַלזאַם־פלאַנצונגען, וואָס האָבען געטראָגען אַ גרויסע הכנסה. הורדוס האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי צו נעהמען אין אַרענדע ביי קלעאָפּאַטראַ'ן די דאָזיגע געגענד, וואָס מען האָט ביי איהם אַליין אָבגענומען, און צאָהלען פאַר איהר דער קעניגין אַלע יאָהר אַ גרויסע סומע געלד. ער האָט נאָך געמוזט אָבגעבען קלעאָפּאַטראַ'ן גרויס כבוד, בשעת זי איז דורכגעפאָהרען פון סיריען דורך מלכות־יהודה. די עגיפּטישע קעניגין פון איהר זייט, האָט אויך בעוויזען הורדוס'ן אַ סך אויפמערקזאַמקייט; זי האָט אפילו געפּרובט זיך נאָך מעהר צו דערנעהנטערן צו איהם און אַריינציהען איהם אין איהר נעץ; בעוואויגען דערצו האָבען זי סיי פאָליטישע חשבונות, סיי איהר אונערזעטליכער פערלאַנג איינצונעהמען די הערצער פון מלכים; נאָר הורדוס האָט זיך אדאנק זיין שכל אַרויסגעדרעהט פון דער נעץ, וואָס זי האָט פאַר איהם געשטעלט.

נאָר ס׳האָט שוין געגעהנט די שעה, ווען עס איז געפֿאַלען דאָס אַלמעכטיגע פּאָר, וואָס האָט איינגעוויליג געוועלטיגט איבער׳ן גורל פֿון די מזרח־לענדער. אין יאָהר 32 איז אויסגעבראָכען דער גרויסער בירגער־קריג צווישען די צוויי רעגירער פֿון רוים — אַנטאָניוס און אָקטאַוויאַנוס. הורדוס האָט געוואָלט איילִיג אַוועק מיט זיין חיל צו הילף זיין בעשיצער אַנטאָניוס׳ן, נאָר דער לעצטער האָט, אויף קלעאָפּאַטראַ׳ס פֿערלאַנג, בעפֿוילען איהם צו פֿיהרען מלחמה מיט זיין שכן, דעם אַראַבישען קעניג מאַליך, וואָס האָט ניט געצאָהלט דער קעניגין צו דער צייט דעם צינז פֿאַר׳ן טייל פֿון דער אַראַבישער טעריטאָריע, וואָס אַנטאָניוס האָט איהר אָוועקגעשאָנקען. צוליעב איהרע פּאָליטישע פּלענער האָט קלעאָפּאַטראַ בעדאַרפֿט האָבען, אַז בײדע פֿירשטען, דער אידישער און אַראַבישער, זאָלען איינער דעם אַנדערן אָבשוואַכען אין׳ם געגענזייטיגען קאַמפּף. זי האָט דערביי געפֿיהרט אַ צווייענדיגען שפּיעל: פֿון איין זייט האָט זי אָנגערייצט הורדוס׳ן אויף די אַראַבער, און פֿון דער אַנדער זייט — האָט זי די לעצטע געהאָלפֿען, ווען זיי האָבען געהאַלטען שלעכט.

הורדוס׳עס מלחמה מיט די אַראַבער האָט געדויערט זעהר לאַנג און האָט איינגעשלונגען אַ סך קרבנות; נאָר צולעצט האָט דער אידישער קעניג מצלה געווען אין׳ם דאָזיגען קאַמפּף. ער האָט איינגענומען די שכנישע אַראַבער און האָט זיי אַפּילו אונטערגעוואָרפֿען אונטער׳ן שוץ פֿון מלכות־יהודה. די אַראַבער האָבען זיך מתחייב געווען צו צאָהלען הורדוס׳ן צינז פֿאַר דער שטרייטיגער טעריטאָריע, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט׳ן צפֿונדיגען טייל פֿון זיין מלוכה, מיט חמשק (31). קלעאָפּאַטראַ, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען ערב אויספֿאַלען, האָט שוין ניט געקאָנט שטערען הורדוס׳ן אין זיין ערָאבערונגס־פּאָליטיק.

אין דער צייט פֿון דער דאָזיגער מלחמה האָט אין מלכות־יהודה געטראָפֿען אַ סטיכישער אונגליק. אַ שרעקליכע ערדציטעריניש האָט צעשטערט אַ סך בנינים אין לאַנד, און אונטער זייערע חורבות זענען אומגעקומען אַ סך מענשען און בהמות.

הורדוס און אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס.

§ 91. דערווייל איז פֿאָרגעקומען די שלאַכט ביי אַקציום, וואָס איז אַזוי בעדייטונגספֿול אין דער רוימישער געשיכטע (31). לחלוטין צעשלאָגען, איז אַנטאָניוס אומגעקומען געוואָרען קיין עגיפּטען, און אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס איז געוואָרען דער אַליינהערשענדער מושל איבער דער רוימישער אימפּעריע. הורדוס, וואָס איז ביז יענער צייט געווען בעפֿריינדעט מיט׳ן געפֿאַלענעם רעגירער, האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען פֿאַר זיין סוף. ער האָט געמיינט, אַז אויגוסטוס וועט איהם האַרט בעשטראָפֿען פֿאַר זיין פֿריינדשאַפֿט און בונד מיט אַנטאָניוס׳ן. אמת טאַקע, הורדוס האָט דירעקט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דער מלחמה פֿון אַנטאָניוס׳ן קעגען אויגוסטוס, מחמת ער איז געווען פֿערנומען יעמאָלט אין

דער לאַנג-דויערנדיגער מלחמה מיט די אַראַבער; נאָר דער נייער מושל פֿון רוים האָט געמוזט וויסען, אַז הורדוס'עס סימפּאַטיעס זענען געווען אינגאַנצען אויפֿ'ן צד פֿון אַנטאָניוס.

בכדי זיך אַרויסצודרעהען פֿון דער שווערער לאַגע, האָט הורדוס אָנגע-ווענדעט יענע קלוגע פּאָליטישע מאַנעווערס, וואָס זיין פֿאָטער אַנטיפּטר פֿלעגט זיי אויסנוצען מיט אַזאַ ערפֿאָלג אין אַזעלכע פֿאַלען. ער האָט גיך אומגעביטען דעם פֿראָנט און האָט געזוכט אַ געלעגענהייט צו געבען דעם נייעם מושל וואָ-סערע עס איז מיליטערישע הילף. אַזאַ געלעגענהייט איז באַלד געקומען. אַ באַנדע גלאַדיאַטאָרען, וואָס אַנטאָניוס האָט זיי אויסגעהאַלטען אין סיריען, האָט געוואָלט דורכגעהן פֿון דאָרטען קיין עגיפּטען, בכדי צו קומען צו הילף זייער הער. הורדוס האָט זיך באַלד פֿעראייניגט מיט'ן רוימישען פֿערוואַלטער דידיוס, און מיט פֿעראייניגטע קרעפֿטען האָבען זיי פֿערטיליגט די באַנדע מורדים.

נאָכדעם ווי הורדוס האָט אויף אַזאַ אופֿן אַרויסגעוויזען זיין איבערגע-בענקייט צו דעם נייעם מושל, האָט ער זיך געגרייט פֿערזענליך פֿאָרצושטעלען זיך פֿאַר אידם. פֿונדעסטוועגען האָט ער נאָך ניט געוואוסט, ווי אויגוסטוס וועט אידם אויפֿנעהמען, און זיין איבערגעשראָקענעם כח-הדמיון האָט זיך גע-מאָלט אַזאַ סוף: אַז דער אימפּעראַטאָר וועט ביי אידם אָבנעהמען זיין קרוין און וועט בעשטימען פֿאַר אַ אידישען קעניג אַ פֿאָרשטעהער פֿון דער אַלטער דינאַסטיע פֿון די חשמונאים. דער איינציגער מאַנסביל פֿון דער דאָזיגער דינאַסטיע איז געווען דעמאָלט דער אַלטער הורקנוס II. דער אַכציג-יאָהריגער זקן האָט פֿערלעבט זיינע לעצטע יאָהרען אין ירושלים, ווייט פֿון אַלע פּאָליטישע ענינים, אָהן שום תביעות אויף דער ממשלה. נאָר פֿאַר הורדוס'ן, אין זיין קריטישער לאַגע, איז אומבעקוועם געווען דער פֿאַקט אַליין, וואָס עס איז פֿאַראַן אַ מענש, וואָס האָט רעכט אויפֿ'ן קעניגליכען טיטעל. חוץ דעם האָט זיך דעם קעניג ווידער אַרויסגעוויזען חשודיג דער אויפֿפֿיהר פֿון זיין שוויגער אַלכּסנדרה. די דאָזיגע ענערגישע פֿרוי האָט שוין צוגעגרייט אַ באָדען דערפֿאַר, ס'זאָל ווידער איינגעשטעלט ווערען די ממשלה פֿון די חשמונאים, אין דעם פֿאַל אויב איהר פֿערהאַסטער איידעם וועט פֿאַלען. איהר זאָל זיך כלומרשט האָבען איינ-געגעבען צו בעוועגען איהר ווילענלאָזען פֿאָטער הורקנוס'ן צו אַנטלויפֿען אויף אַ געוויסער צייט צום אַראַבישען קעניג, ביז וואַנען ס'וועט זיך אויפֿקלערען די לאַגע, וואָס ביי אַ גינסטיגען סוף קאָן זי פֿיהרען דערצו, אַז די חשמונאים זאָלען בעקומען צוריק די ממשלה. אויב מען זאָל גלויבען דער ידיעה, וואָס ווערט גענומען פֿון הורדוס'עס הויפֿישע כראָניקעס, האָט זיך הורדוס'ן איינ-געגעבען איבערצוכאַפּען בריעף, וואָס זענען געגאַנגען צווישען הורקנוס'ן און דעם אַראַבישען קעניג, און פֿאָרצו-ווייזען די דאָזיגע קאָרעספּאָנדענץ פֿאַרן סנהדרין. יעדענפֿאַלס, האָט דער קעניג בעשלאָסען: איידער ער וועט זיך שטעלען פֿאַרן משפּט פֿון אויגוסטוס, זאָל ער פֿריהער פּטור ווערען פֿון דעם מענשען, וואָס

האָט געקאָנט דינען פאַר אַ פאָדן פון דער מלוכה־איבערקערעניש. און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל צו טויטען דעם אומגליקליכען אַלטען מאַן. צי האָט דערבײַ הורדוס אָבגעשפּיעלט אַ קאָמעדיע פון משפּט, באַשולדיגענדיג הורקנוס׳ן אין מרידה־במלכות, אָדער ער האָט געהײמען איהם טויטען אָהן אַ משפּט — דאָס איז ניט באַוואוסט.

אַזוי איז אומגעקומען דורך דער האַנד פון תּליון דער געוועזענער קעניג און כּהן־גדול, וואָס איז אין משך פון אַניערך אַ האַלבען יאָהרהונדערט געשטאַנען אין מיטעלפּונקט פון די גרעסטע קריזיסען פון מלכות־יהודה און וואָס איז געווען שולדיג בלויז דערין, וואָס אַדאַנק זיין כאַראַקטער־שוואַכקייט האָט ער אַליין צוגעגרייט אַ באָדען פאַר דער ממשלה פון אַנטיפּטרים זיהן, וואָס האָבען פאַרטיליגט זיין דינאַסטיע.

נאָר הורדוס האָט זיך דערמיט אַליין נאָך ניט באַגנוגענט, נאָר פאַר׳ן פאָהרען צו אויגוסטוס׳ן האָט ער נאָך אָנגענומען אַ גאַנצע רייה פּאָליטישע פאָרזיכטיגקייטס־מיטלען. די פאַרוואַלטונג איבער דער מלוכה האָט ער איבערגעגעבען זיין ברודער פּ י ר ו ר ס. זיין פרוי און שוויגער האָט ער אָבגעשיקט אין דער פעסטונג אַלכּסנדריון און האָט איבערגעגעבען די השגחה איבער זיי דעם ייתורי ס אָ ע מ ו ס. דערבײַ האָט ער געגעבען סאָעמוס׳ן, פּונקט אַזוי ווי פריהער יוסף׳ן, אַ געהיימען באַפעהל, ער זאָל הרגענען ביידע פרויען אין דעם פאַל, אויב מיט הורדוס׳ן וועט זיך טרעפען אַן אומגליק. די געטרייע הויפלײַט האָט ער באַפוילען, אַז אויב איהם וועט טרעפען אַן אומגליק, זאָלען זיי זיך באַמיהען, אַז זיין ברודער פּירורס זאָל ווערען קעניג אַנשטאָט איהם.

נאָך אַז די אַלע הכנות איז הורדוס אַוועקגעפאָהרען קיין ר אָ ד אָ ס, וואו אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס האָט זיך דעמאָלט געפינען. דאָ האָט דער העספּאָט אָנגעטאָן אויף זיך אַ מאַסקע פון הכנעה. ער האָט אויסגעטאָן פון זיך די בגדי מלכות און האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר׳ן מושל פון רוים אַלס באַשיידענער אונטערטאַן, וואָס איז גרייט אונטערצוגעבען זיך יעדען פּסק־דין פונ׳ם מושל. אין זיין ערקלערונג האָט הורדוס לא די וואָס ניט אָבגעלייקענט, אַז ער איז געווען געטרייער איבערגעגעבען אַנטאָניוס׳ן, נאָר ער האָט אפילו געמיהט זיך אַרויסצושטעלען עס וואָס בולט׳ער און נאָך געריהמט זיך דערמיט. ער האָט געמיהט זיך צו באַווייזען, אַז, העלפענדיג אַנטאָניוס׳ן, האָט ער מעהר ניט אויסערפילט זיין פּאָליטישען חוב בנוגע צו רוים, און בכן וועט איטליכע נײַער רעגירער פון דער אימפּעריע געפינען אין איהם אַ געטרייען דינער און אָנאיבערגעגעבענעם פאַרבינדעטען. אויגוסטוס האָט געהאַט גענוג פּאָליטישע ווייטזיכטיגקייט, בכדי צו פאַרשטעהן, אַז הורדוס איז באמת דער זיכערסטער פרײַנד און פאַרבינדעטער פון די רוימער אין די מזרח־לענדער, הגם ער וועט קיין זאַך ניט טון אומזיסט, און אַז זיין הילף וועט זעהר צו־נוץ קומען אין דער

פֿאַרשטעהענדער מלחמה אין עגיפּטען. דעריבער איז ער זיך בעגאַנגען מיט הורדוס'ן מיט גרויסער ליטוועליגקייט, האָט בעשטעטיגט פֿאַר איהם דעם קעניגליכען טיטעל און האָט איהם צוריק אָבגעגעבען די קעניגליכע קרוין (30). דאָך דערפֿרעהט איבערן גליקליכען סוף פֿון דער מעשה, האָט הורדוס בשלום אומגעקעהרט זיך צוריק קיין מלכות־יהודה. אַלע האָבען זיך געוואונדערט דעריבער, מחמת מען האָט זיך גערעכט, אַז זיין נסיעה וועט האָבען גאָר אַן אַנדער סוף.

מחמת גרויסער דאַנקבאַרקייט האָט הורדוס געאײַלט זיך צו טאָן זיין נייעם איבערהאַר פֿילערליי טובות. באַלד נאָך דער מעשה האָט אויגוסטוס זיך געלאָזט געהן פֿון קליין־אַזיען קיין עגיפּטען פּאַזע דעם פּאַלעסטינישען ברעג־לאַנד. הורדוס האָט איינגעאָרדענט פֿאַר איהם אין עכו (פּטאָלעמאַאידע) אַ פֿייערליכע בעגעגעניש און האָט פֿערזאָרגט זיין חיל פֿולקום מיט אַלע נויטיגע זאַכען. ער האָט געשאָנקען אויגוסטוס'ן אַזעלכע אונגעהויער גרויסע סומעס געלד, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז איבער די כחות פֿון אַ רעגירער פֿון אַ קליינער מלוכה. ער האָט געמיהט זיך צוצושטעהן מיט זיין חיל צום קייזערס סוויטע און האָט בעגלייט דעם רוימישען חיל אין אייניגע געגענדען אויפֿ'ן וועג קיין עגיפּטען.

דערנאָך, ווי אויגוסטוס האָט ענדגילטיג געהאַט איינגענומען דאָס קעניגרייך פֿון די תלמיים און געמאַכט עס פֿאַר אַ רוימישע פּראָווינץ, און געבראַכט אַנטאָניוס'ן און קלעאָפּאַטרע'ן דערצו, אַז זיי האָבען זיך גענומען דאָס לעבען, — איז הורדוס באַלד אַוועק צו איהם אָבגעבען איהם מזל־טוב. דאָ האָט ער אויך גערעכענט צו בעקומען פֿונ'ם מושל אַ בעלוינונג פֿאַר דער מיליטערישער הילף — און ער האָט זיך ניט אָבגענאַרט אין זיינע האָפֿענונגען. היות ווי אויגוסטוס האָט געטרויט הורדוס'עס איבערגעבענקייט, דעריבער איז לא די וואָס ער האָט אָבגעגעבען איהם די געגענד פֿון יריחו, וואָס קלעאָפּאַטרע האָט געהאַט צוגענומען, נאָר ער האָט אפֿילו געהאַט צוגעגעבען צו זיין לאַנד אַ רייה האַלב־גריכישע שטעדט אויפֿ'ן ברעג ים און ניט ווייט פֿון ירדן (יפֿו, עזה, סטראַטאָנס־טורם, גדרה און אַנדערע), און אויך די געגענד פֿון שמרון. מלכות־יהודה האָט אויף אַזאַ אופֿן בעקומען צוריק אַ טייל פֿון די לענדער, וואָס פּומפּיוס האָט געהאַט ביי איהר צוגענומען, און הורדוס איז פֿערבליבען דער רעגירער פֿון דער מלוכה, מיט איהר פֿערברייטערטער טעריטאָריע, אַ פֿערבינדעטער און קלעגט פֿונ'ם אַלמעכטיגען אויגוסטוס'ן, מעהר, איידער ערגיץ־וועלכער פֿירער, בעזיכערט, אַז זיין מעמד איז פֿעסט (סוף פֿון יאָהר 30).

## דער טויט פֿון מרים'ן און פֿון די לעצטע חשמונאים.

§ 92. הורדוס'עס פֿריידליכע שטימונג נאָך זיין זעהן זיך מיט אויגוסטוס'ן איז באַלד פֿערפֿינסטערט געוואָרען, ווי נאָר דער קעניג האָט זיך ווידער

געפֿינען אינ'ם קרייז פֿון זיין משפּחה. שוין באלד נאָכ'ן צוריקקומען פֿון ראָדאָס, האָט הורדוס אָנגעטראָפֿען זיין פֿרוי מרים און זיין שוויגער אלכּסנדרה זעהר צערודערטע. ביידע פֿרויען האָבען גאַנץ גוט פֿערשטאַנען, אַז מען האָט זיי געהאַלטען פֿערשפּאַרט אין דער פֿעסטונג אלכּסנדריון, בשעת דער קעניג איז ניט געווען אין הערהיים, ניט צוליעב זייער אייגענער זיכערקייט וועגען, נאָר מעהר ניט צוליעב דעם, כּדי מען זאָל קאָנען בעסער אויפּפּאַסען זיי. חוץ דעם האָט זיך מרים'ן איינגעגעבען אויך דאָס מאָל אַרויסצובעקומען פֿון דעם הויפּט־מאַן פֿון דער וואַך סאָעמוס'ן דעם סוד פֿונ'ם קעניג'ס שרעקליכען בעפֿעהל, וואָס לויט איהם האָבען ביידע פֿרויען געדאַרפֿט דערהרג'עט ווערען, אין דעם פֿאַל אויב הורדוס וועט אומקומען. די קעניגין האָט זיך דערמאָלט ענדגילטיג איבער־צייגט, אַז פֿאַר איהר איז אוממעגליך צו לעבען ווייטער אינאיינעם מיט דעם מענשען, וואָס האָט דערהרג'עט איהר ברודער און זיידען און וואָס איז גרייט איבער עגאָאיסטישע טעמים טויטען אויך זי און איהר מוטער. זי האָט גע־האָפֿט, אַז זי וועט פּטור ווערען פֿונ'ם פֿערהאַסטען מאַן אַדאַנק דער פּאָליטישער קאַטאַסטראָפֿע, וועלכע האָט זיך געגרייט פֿאַר הורדוס'ן ביי דער בעגעגעניש מיט אויגוסטוס'ן. נאָר די דאָזיגע האָפֿענונג איז ניט מקוים געוואָרען. און אַז דער קעניג איז צוריקגעקומען פֿון זיין נסיעה קיין ראָדאָס אַ פֿרעהליכער און גליקליכער, האָט מרים, וואָס האָט ניט געקאָנט זיך פֿערשטעלען, בעגעגענט איהם מיט אַן אָפֿענער שנאה.

די דאָזיגע פֿיינדליכע בעגעגעניש מצד אַ נאָהענטען מענשען, וואָס האָט גאָר בעדאַרפֿט פֿרעהען זיך איבער זיין נצחון, האָט צעטומעלט און בעליידיגט הורדוס'ן. ער האָט געפֿיהלט צו זיין פֿרוי אַ ליידענשאַפֿטליכע ליעבע, נאָר דאָס איז געווען אַ זינליכע, עגאָאיסטישע ליעבע, וואָס רעכענט זיך ניט מיט'ן געמיטס־צושטאַנד פֿון דער געליעבטער פֿרוי. בעליידיגט דורך דער פֿרוי'ס הנהגה, האָט הורדוס קודם כּל דערפֿיהלט אַ פֿערלאַנג נאָך נקמה. דער קעניג איז גרייט געווען צו טויטען זי גלייך, נאָר איהם האָט אָבגעהאַלטען ניט דער רחמנות צו זיין אומגליקליכער פֿרוי, נאָר די עגאָאיסטישע מחשבה, אַז איהר טויט וועט זיין אַ האַרבערע שטראָף פֿאַר איהם אַליין, מחמת ער האָט ניט געקאָנט אויסראָטען ביי זיך אין האַרצען די ליידענשאַפֿט צו איהר.

אין דער זעלביגער צייט, וואָס דער קעניג האָט זיך געשאָקעלט אַהין און אַהער צווישען זיין ליידענשאַפֿט און נקמה־געפֿיהל, האָבען זיך געפֿונען פֿאַלשע מענשען, אינטריגאַנען, וואָס האָבען געהאָלפֿען אַריבערוועגען דעם לעצ־טען געפֿיהל. הורדוס'עס שוועסטער שלומית און זיין מוטער קיפּראַ, געפֿיהרט דורך זייער שנאה און קנאה צו דער שטאָלצער חשמונאים־טאָכטער, האָבען גע־מיהט זיך מיט כּלערליי מיטלען אויפֿצורייצען דעם קעניג קעגען איהר. איין מאָל, בשעת הורדוס איז געווען שטאַרק אין כּעס, מחמת מרים האָט זיך ווידער אַמאָל געהאַט אָבגעזאָגט שלום צו מאַכען מיט איהם, — האָט שלומית אונטער־

געשיקט צו אידם אַנאָנטערגעקויפטען הויפּישען שר-המשקים מיט א מסורה, אז מרים זאָל כלומרשט האָבען געוואָלט איינרעדען דעם דאָזיגען שר-המשקים, ער זאָל אונטערטראָגען דעם קעניג סם אַנשטאָט א לעבע-געטראַנק. מען האָט געטמען אויסברעגען אינטער עטיים מרים׳ס סרים, נאָר ער האָט די מסירה ניט בעשטעטיגט, ער האָט מעהר ניט געזאָגט, אז די שנאה פון דער קעניגין צום מאַן געהט זיך דערפון, וואָס זי האָט געוואוסט וועגען דעם געהיימען בעפעהל, וואָס איז געגעבען געוואָרען סאָעמוס׳ן. דאָ איז הורדוס׳עס גרימצאָרן דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער מדרגה. ער האָט איינגעזעהן דערין, וואָס סאָעמוס האָט אויסגעזאָגט דעם סוד, א סימן פון די נאָהענטע בעציהונגען צווישען אידם און מרים׳ן, פונקט אַזוי ווי פריהער ביי דער מעשה מיט יוסף׳ן — און האָט בעשולדיגט די פרוי, אז זי איז אידם ניט געטריי. סאָעמוס׳ן האָט דער קעניג געהייסען באַלד טויטען און מרים׳ן האָט ער אָנגעקלאָגט פאַר׳ן בית-דין, פאַר דיינים זענען בעשטימט געוואָרען הורדוס׳עס פריינד און מקורבים. בשעת דעם פּראָצעס האָט דער קעניג בעשולדיגט זיין פרוי און די שרעקליכסטע מעשים רעים, און די דיינים, וואָס האָבען געוואָלט זיך אינטערחנפ׳ען הורדוס׳ן, וויבאַלד זיי האָבען געזעהן דעם קעניגס שטימונג, האָבען זיי פערמישפּט די קעניגין צום טויט.

די לעצטע מינוט האָט דער קעניג, און וועלכען עס האָט זיך ווידער פונאַנדערגעפלאַקערט די ליידענשאַפט, ווידער אָנגעהויבען שלאָגען זיך מיט דער דעה און האָט שוין געוואָלט אָפּלעגען די אויספיהרונג פון׳ם שרעקליכען פסק-דין, נאָר די מרשעת שלומית האָט אידם איבערציינגט, אז אויב ער וועט אָפּלעגען דאָס, קאָן אַרויסקומען א סכנה אין פּאָליטישער הינזיכט, מחמת דאָס פאָלק קאָן אויפהויבען א מרידה מיט דעם מיין צו ראַטעווען די קעניגין.

און אַזוי האָט מען מרים׳ן אַרויסגעפיהרט צום טויט. די קעניגין איז שטאָלץ געגאַנגען צום עשאַפאָט. דאָ איז פאָרגעקומען אַן אויפרעגענדע סצענע. דער מלכה׳ס מוטער אלכסנדרה, וואָס האָט געוואָלט בעווייזען, אז זי האָט קיין חלק ניט און די פערברעכענס, וואָס מען האָט אַרויפגעוואָרפען אויף איהר טאָכטער, האָט פערוואָרפען זי מיט זידלערייען, בשעת מען האָט זי געפיהרט צום עשאַפאָט. מ׳איז מעגליך, אז אלכסנדרה׳ן האָט בעוואויגען דערצו, אז זי זאָל זיך אַזוי פערשטעלען, דער געהיימער פערלאַנג צו בלייבען לעבען, כדי שפּעטער זיך נוקם צו זיין אין דעם פערהאַסטען רוצח פון איהר משפחה. נאָר דאָס וואָלט מעהר ניט געווען א סימן פון גייסטיגער פערדאָרבענקייט פון ? פרוי, וואָס דערשטיקט דעם הייליגען מוטער-געפיהל צוליעב פּראַקטישע צוועקען. מרים האָט מעהר ניט מיט רחמנות געוואָרפען א בליק אויף איהר מוטער און איז ווייטער געגאַנגען צום עשאַפאָט, שטילשווייגענדיג און אונערשראָקען. ווייט פון׳ם וועלטליכען געריידער, בעלויכטען מיט׳ן שיין פון א העלדען-טויט און דער בליטע פון איהר יוגענד און אין פולען גלאַנץ פון איהר שענקיי-

איז אַראָב אין קבר די דאָזיגע פּרוי, וואָס איז געפֿאַלען פֿאַר אַ קרבן פֿון איהר פּאַטריאָטישען געפֿיהל און גייסטיגער אידעלקייט, ווי דאָס האָט געפּאַסט פֿאַר אַ טאָכטער פֿון די חשמונאים (צום סוף פֿון יאָהר 29).

הורדוס האָט געטליט מרים'ן, נאָר ער האָט ניט געקאָנט טויטען זיין ליידענשאַפֿט צו איהר; הורדוס'עס נשמה איז געוועזען צעריסען פֿאַר יאוש און האַרץ-קלעמעניש איבער דעם פֿערפֿאַלענעם גליק, וואָס ער אַליין האָט איהם צו-נישט געמאַכט. דער קעניג האָט זיך געמוהט צו פֿערטרייבען זיין טרויער אין תענוגים, מאָלצייטען און שכרות, נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿען. מרים'ס שעהנע געשטאַלט האָט איהם שטענדיג געשוועבט פֿאַר די אויגען. בשעת עס פֿלעגט אויף איהם אָנפֿאַלען די שרעקליכע האַרץ-קלעמעניש, פֿלעגט ער אָפֿט וויינען אויפֿן קול, רופֿען מרים'ן און הייסען די דיענער, זיי זאָלען זי אויך רופֿען אויפֿן קול, בכדי כאָטש אויף איין מינוט זיך פֿאָרצושטעלען, אַז זי לעבט נאָך אָדער אַז זי קאָן נאָך אויפֿלעבען.

דאָס אַלץ האָט זעהר שלעכט געווירקט אויפֿן קעניגס געזונדהייט. בכדי צו צעשטרייען זיין עצבות, איז ער אוועקגעפֿאָהרען אויף געיעג אין ווייטע געגענדען. נאָר אין שמרון האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ שווערע קרענק (עפּיס אַ מין ענטצינדונג פֿון רוקען-מאַרך), און ס'האָבען זיך פֿערשפּרייט קלאַנגען, אַז דעם קעניגס קראַנקהייט איז ניט מעגליך אויסצוהיילען.

די דאָזיגע קלאַנגען האָבען אונטערגעגעבען פּרישען מוט דעם קעניגס שוויגער אַלכּסנדרה'ן, וואָס האָט זיך געפֿינען אין ירושלים. אין דער צייט וואָס הורדוס איז געלעגען קראַנק אין שמרון, האָט זי אָנגענומען מיטלען, בכדי זיך צו פֿערזיכערן, אַז זי זאָל בלייבען פֿערוואַלטערין אין דעם פֿאַל, אויב הורדוס וועט שטאַרבען. זי האָט געפּרובט אַריבערציהען אויף איהר צד די קאָמענדאַנטען פֿון די צוויי פֿעסטונגען אין דער הויפּט-שטאָדט און האָט דערקלערט זיי, אַז זי שטרעבט צו ווערען פֿערוואַלטערין נאָר צוליעב דעם, בכדי איינצוהיטען דעם טראָן פֿאַר הורדוס'עס און מרים'ס יונגע זיהן. נאָר די קאָמענדאַנטען, וואָס זענען געוועזען געטריי איבערגעגעבען דעם קעניג, האָבען געהאַלטען פֿאַר נויטיג דאָס צו מסר'ן איהם און דער קעניג, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט ערהוילט זיך פֿון זיין קרענק, האָט געהייסען אומגעזאַמט טויטען זיין שוויגער (28). די דאָזיגע פּרוי, וואָס האָט געשטרעבט נאָך נקמה און נאָך כבוד פֿאַר זיך, האָט פֿערשאַפֿט אַ סך צער איהר איידעם, אַלס זיין געפֿעהרליכסטע געגנערין; נאָר אויך זי איז אומגעקומען, ניט אויסגעפֿיהרט איהרע פּאָליטישע פּלענער.

מיט אַלכּסנדרה'ס טויט איז אַראָב אין קבר דער לעצטער ריין-בלוטיגער מיטגליד פֿון הויז חשמונאים. אין משך פֿון זיבען יאָהר זענען געפֿאַלען אַלס קרבנות פֿון הורדוס'עס גרימצאָרן די פֿאָרשטעהער פֿון דריי דורות חשמונאים: דער זיידע (הורקנוס), די מוטער (אַלכּסנדרה) און די אייניקלעך (אריסטובול, מרים).

איצטער איז נאָך איבערגעבליבען אָבצוהאַקען די לעצטע יונגע צווייגען פונ'ם שטאַם פון די חשמונאים. ס'איז נאָך לעבען געבליבען די משפחה בני-בבא, וואָס זענען געווען קרובים פון די חשמונאים און וואָס נאָך אַנטיגנוס'עס פאַלען האָבען זיי בעוויזען אַנטרונען צו ווערען אַדאַנק דער פריינדליכקייט פון קוסטובר'ן, דעם הויפטמאַן פון דער וואַך (§ 89). צוועלף יאָהר האָט זיך די דאָזיגע משפחה בעהאַלטען, נאָר סוף-כל-סוף האָט מען געפינען איהר בעהעלטעניש. געטראָפען האָט דאָס אַזוי.

קוסטובר האָט חתונה געהאַט מיט הורדוס'עס שוועסטער שלומית, וואָס איז געבליבען אַן אַלמנה נאָך איהר מאַנס טויט, און האָט בעקומען די שטעל פון פערוואַלטער איבער אדום. קוסטובר, וואָס האָט אָבגעשטאַמט פון אַן אַלטער משפחה כהנים פון אדום, האָט שוין לאַנג געחלומ'ט וועגען בעפרייען זיין פאָטערלאַנד פון דער אידישער איבערהערשאַפט און האָט אַמאָל וועגען דעם געפיהרט שטילערהייד אונטערהאַנדלונגען מיט דער קעניגין קלעאָפּאַטרא. אין עטליכע יאָהר אַרום האָט שלומית, די מרשעת, צעקריגט זיך מיט איהר מאַן, און הזות ווי זי האָט געוואָלט פון איהם פטור ווערען, האָט זי געמסר'ט אויף איהם פאַר הורדוס'ען וועגען זיינע צוויי פערברעכענס: וואָס ער האָט אַנמאָל געפיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט קלעאָפּאַטרע'ן און וואָס ער האָט אין משך פון 12 יאָהר בעהאַלטען ביי זיך די מיטגלידער פון דער משפחה בני-בבא. אַז שלומית'עס מסירה איז בעשטעטיגט געוואָרען, האָט דער קעניג געהייסען טויטען קוסטובר'ן; די משפחה בני-בבא האָט מען אַרויסגעצויגען פון איהר בעהעלטעניש און אויך געטויט (25).

## נייע תקנות און בנינים.

§ 93. במשך פון די ערשטע צוועלף יאָהר, וואָס הורדוס האָט געקעניגט (37—25), האָט ער פערבראַכט דער עיקר אין אַנאויפהערליכען קאַמפף פאַר דער פערפעסטיגונג פון זיין ממשלה. פונ'ם דאָזיגען קאַמפף איז ער אַרויס אַלס זיגער. דורך זיין הארטנעקיגקייט אָדער אכזריות, דורך מיטלען פון אַ דיפּלאָמאַט אָדער פון אַ רעכטאַ... האָט זיך איהם איינגעגעבען ביצוקומען די אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע מניעות, וואָס זענען געשטאַנען איהם אויפ'ן וועג צו זיין ציעל. ער האָט איבערגעלעבט דעם פאַלען פון אַנטאָניוס און קלעאָפּאַטרא, ער האָט געפינען חן אין די אויגען פון קייזער אויגוסטוס, ער האָט אַריינגעבראַכט אין קבר די לעצטע מיטגלידער פון דער פאַמיליע חשמונאים, פערטיליגט אָדער צעטריבען זיינע הויפטליכע פּאָליטישע געגנער.

אַ פרעמדער לויט זיין גזע, ווייט פון די אידישע גייסטיגע אידעאַלען און האַלטענדיג נאָר פון דער געוועהנליכער פשוטער „לעבענס-חכמה" פון דער גריכיש-רוימישער וועלט, האָט הורדוס רעגירט איבער מלכות-יהודה ניט אַלס נאַציאָנאַלער מושל, נאָר אַלס פרעמדער פערוואַלטער. דער מאַסשטאַב פאַר אַלע

זיינע מעשים איז געווען די שטרעבונג — געפֿעלען צו ווערען זיין איבערהאַר, דעם קייזער אויגוסטוס, מאַכען אַ גוטע ווירקונג אין רוים, צווישען דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלטליכער געבילדעטער געזעלשאַפֿט. פּונקט אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פֿון בעגרענעצטע מענשען, וואָס לעבען מיט אַ פֿרעמדען שכל, האָט ער געקאָנט בלויז בלינד נאָכמאַכען דאָס, וואָס אין דער געגעבענער צייט האָט זיך גערעכענט פֿאַר „מאָדערן" און די „העכסטע קרייזען". ער איז געווען איינגענומען פֿאַר'ן אויסווייניגסטען גלאַנץ, גרויסאַרטיגע בנינים, קעניגליכער פּראַכט, געראַוּשפֿולע פּראָצעסיעס, עפֿענטליכע שפּיעלען און שוישפּיעלען, — און איינגענומען דערפֿאַר איז ער געווען בעזונדערס מחמת דעם, ווייל אַזוי האָט מען זיך געפֿיהרט אויך אין דער רוימישער „גרויסער וועלט" און ווייל דורך אַזעלכע מעשים האָט מען געקאָנט ווערען בעריהמט און געפֿינען חן אין די אויגען פֿון די מאַכט־האָבענדע.

און דערפֿאַר איז געווען, אַז ווי נאָר הורדוס האָט זיך בערוהיגט פֿון די שטאַרקע היימישע און פּאָליטישע דאגות, האָט ער זיך גענומען איינפֿלאַנצען אַ נייע קולטור אין מלכות־יהודה. היות ווי ער האָט געוואָלט, אַז זיין הויפּטשטאָדט ירושלים זאָל זיין גלייך צו אַלע אַנדערע הויפּט־שטעדט, דעריבער האָט ער אויסגעבויט אַ טעאַטער לויט גריכישען מוסטער. און אַ טאָל, ניט ווייט פֿון שטאָדט, האָט מען אויסגעבויט אויף דער פֿרייער לופֿט אַן אַנגעהויערען אַמפֿיטעאַטער פֿאַר'ן פּובליקום, וואָס פֿלעגט זיך צונויפֿקלייבען צו קוקען אויף פֿרעהליכע שוישפּיעלען, דהיינו גימנאַסטישע ראַנגלערייען און געשלעגען פֿון אַטלעטען.

און יענער צייט האָט איבער'ן גאַנצען שטח פֿון דער רוימישער אימפּעריע געהערשט „דער קולט פֿונם קיסר": לכבוד דעם קייזער אויגוסטוס פֿלעגט מען אויפֿבויען גרויאַרטיגע בנינים און סטאַטועס אָדער מען פֿלעגט איינאָרדנען געזעלשאַפֿטליכע יום־טובדיגע שפּיעלען. הורדוס האָט היילינג אָבגעהיט דעם דאָזיגען קולט און האָט איינגעפֿיהרט אויך אין ירושלים לכבוד דעם קיסר יום־טובדיגע פֿאָלקס־שפּיעלען, וואָס פֿלעגען זיך איבער'חזר'ן אַלע פֿיער יאָהר. אויף די דאָזיגע שפּיעלען פֿלעגט ער איינלאַדען אָנטיילנעהמער און צושויער פֿון אַלע עקען פֿון לאַנד יהודה און אַפֿילו פֿון אַנדערע לענדער. דאָ פֿלעגען זיך ראַנגלען אַטלעטען און גימנאַסטען, מוזיקאַנטען פֿלעגען שפּיעלען צו בעווייזען, ווער סקאָן בעסער, אָדער מענשען פֿלעגען ראַנגלען זיך מיט ווילדע חיות, — און די זיגער פֿלעגען בעקומען ווערטפֿולע פּריזען. דער בונטער ערב־רב פֿון די קאָמעדיאַנטען און ליעבהאָבער פֿון שוישפּיעלען, וואָס פֿלעגען קומען פֿון פֿערשיידענע לענדער, דער טומעל פֿון דעם המון ליידיגגעהערס, די גראָבע פֿערווײלונגען, וואָס זענען ניט געווען צונויפֿגעבונדען מיט די נאַציאָנאַלע מנהגים, און בכלל דער גאַנצער טעאַטראַלער אויסווייניגסטער פּוץ — האָבען געמוזט מאַכען אַ משונהדיגען איינדרוק אין ירושלים, אין דער דאָזיגער צניעותדיגער גייסטיגער

הויפּט־שטאָדט, וואָס מיט אַנדערהאַלבען הונדערט יאָהר פריהער זענען אַזעלכע ניי־איינגעפיהרטע מנהגים געווען איינע פון די סבות פון דער פאָלקס־מרידה.

די גייסטליכע פיהרער פון פאָלק און די פּאַטריאַרכאַלישע מאַכט האָבען אויך איצט פּראָטעסטירט קעגען די נייע מנהגים. מרוב איז דאָס געווען מעהר ניט אַ פּאַסיווער פּראָטעסט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט דערין, וואָס דער גרעסטער רוב פון די אידען האָבען ניט גענומען קיין אָנטהייל אין די שוישפּיעלען, וואָס האָבען בעליידיגט זייער רעליגיעזען אָדער מאָראַלישען געפיהל. דער לעצטער, למשל, דערלאָזט ניט אַזעלכע אַכזריות׳דיגע פערגעניגענס, ווי די געשלעגען מיט צערייצטע חיות־רעות, וואו „מענשען זענען אָבגעגעבען געוואָרען פאַר קרבנות צו ווילדע חיות אויף צו פערשאַפען תענוג אַנדערע מענשען". דער רעליגיעזער געפיהל פון די ירושלמים איז געווען אויפגעבראַכט דעריבער, וואָס מען האָט אַרויסגעשטעלט אויף די עפענטליכע פּלעצער „טראָפייען" אָדער הילצערנע בילדער אין קריגספּוץ, וואָס האָבען געהאַט דעם אויסזעהן פון געצענבילדער. די אויפ־רעגונג פון פאָלק איז איבער דער מעשה איין מאָל געוואָרען אַזוי גרויס, אַז הורדוס האָט צוליעב בערוהיגען די געמיטער געפונען פאַר נויטיג איינצולאַדען אין טעאַטער בכבוד׳יגע בירגער, אַראָבצונעהמען אין זייער געגענוואַרט דעם אויפפּוץ פון די „טראָפייען" און בעוויזען, אַז דאָס זענען ניט קיין געצענבילדער, נאָר פּשוט׳ע הילצערנע קלעצער אין קריגס־פּוץ.

נאָר דעם פאָלקס־געפיהל האָבען בעליידיגט ניט אַזוי דער אָדער יענער נייער מנהג, ווי דער גאַנצער סטיל פון זיי, די גאַנצע סיסטעם פון „געבילדעטען דעספּאָט", וואָס האָט געשטרעבט איינצופיהרען אין לאַנד פרעמדע מנהגים און געוועהנהייטען, וואָס זענען כנגד דעם גייסט פון פאָלק. צעהן ירושלמער בירגער האָבען געמאַכט אַ פערשווערונג, בכדי צו טויטען דעם קעניג, וואָס איז מטמא מיט זיינע נייעסען די הייליגע שטאָדט. די פערשווערער האָבען בעהאַלטען זייערע קינזשאַלען אונטער זייערע מאַנטלען און זענען געקומען אין טעאַטער, נאָר מען האָט זיי געכאַפּט פאַרין אָנפאַל, מחמת הורדוס האָט שוין פריהער געוואוסט וועגען דעם דורך איינעם פון זיינע שפּיאָנעם. ביים פערהער האָבען די אַרעסטירטע דרייסט זיך מודה געווען, אַז זיי האָבען געוואָלט הרג׳ען דעם קעניג, ווייל זיי האָבען געוואָלט דערמיט אויסערפילען זייער פּאַטריאָטישען חוב. מען האָט זיי געטויט אונטער שווערע עינויים. דאָס פאָלק איז זיך נוקם געווען אָן דעם שפּיאָן, וואָס האָט געמסר׳ט די פערשווערער: מען האָט איהם געכאַפּט און צעריסען אויף שטיקלעך (אַנ׳ערך אין יאָהר 24). דער קעניג האָט געענטפערט מיט גראָבע רדיפות און מיט פערשטאַרקונג פון דער פּאָליציאישער שפּיאָנעריי.

בעזונדערס האָט הורדוס ליעב געהאַט צו בויען שענע בנינים און דענקמעלער; ער האָט אויך ליעב געהאַט צו בויען נייע שטעדט און איבערבויען אויף זיין שטייגער אַלטע. די ניי אויסגעבויטע הייזער פלעגט ער געבען נעמען נאָך

די מיטגלידער פֿון דער רוימישער קייזערלעכער פֿאַמיליע אָדער פֿון זײַן אייגענער דינאַסטיע. אין אויבערשטן טייל פֿון ירושלים האָט דער קעניג אויסגעבויט זיך אַ פּאַלאַץ, וואָס לויט זײַן גרויסאַרטיקייט און זײַנע טײַערע מאַטעריאַלן (ס׳רוב איז דאָרט געווען מירמלשטיין און גאָלד) האָט ער איבערגעשטיגן די פֿריערדיקע פּאַלאַצן פֿון די חשמונאים. דער פּאַלאַץ האָט געהאַט אַרום זיך שטאַרקע בעפֿעסטיגונגען, וואָס האָבן אויך געדינט צו בעשיצן די אויבערשטע שטאָדט. צוליעב דעם צוועק האָט מען אויך פֿאַרריכט און בעפֿעסטיגט דעם טורם אויפֿ׳ן הר־הבית, וואָס האָט בעקומען דעם נאָמען אַנטאָניא־טורם.

מיט גרויס פֿלײַס האָט הורדוס אויסגעבויט פֿון דאָס נײַ די אַלטע האַלב־היידנישע שטאָדט שמרון, וואָס איז געווען אַזוי פֿערהאַסט בײַ די אידען און וואָס אין יוחנן־הורקנוס׳ס צײַטן איז זי צעשטערט געוואָרען און טיילווייז ווידער אויפֿגעבויט אין פּומפּיוס׳ס צײַטן. הורדוס האָט ליעב געהאַט די דאָזיגע שטאָדט און האָט זי געמאַכט פֿאַר זײַן צווייטע רעזידענץ. ער האָט דאָרט אויסגעבויט אַ שטאַרקע פֿעסטונג און אַ היידנישען טעמפּעל פֿון אויגוסטוס׳עס כבוד וועגען. די שטאָדט האָט בעקומען דעם גריכישען נאָמען סעבאַסטע, וואָס בעטײַט דאָס אייגענע, וואָס דאָס לאַטיינישע וואָרט „אויגוסטוס״ (הייליגער).

אויפֿ׳ן ברעג ים, אין דער געגענד, וואָס האָט געהייסען סטראַטאָנס־טורם (צווישען יפו און עכו) האָט דער קעניג געגרינדעט אַ גרויסע האַפֿענשטאָדט, וואָס ער האָט איהר אַ נאָמען געגעבען קיסריה, אויך לכּבוד דעם קיסר אויגוסטוס. דער האַפֿען, וואָס הורדוס האָט דאָ אויסגעבויט, האָט געהאַט אַ שם צוליעב זײַנע אויסגעווענליכע בעקוועמליכקייטען. אין צענטער שטאָדט, אויף אַ הויכען אָרט, איז געשטאַנען „אויגוסטוס׳עס טעמפּעל״. די שטאָדט האָט געדויערט בויען 12 יאָהר (22—10), און זי איז געוואָרען אַרומגערינגעלט מיט שטאַרקע מויערן. אויך דאָס האָט הורדוס געטאָן ניט בלויז מחמת זײַן בערירמעריי, נאָר אויך מחמת דעם, וואָס ער האָט געוואָלט האָבען אַ שטאַרקע פֿעסטונג בײַם ברעג ים. נאָר היות ווי די בעפֿעלקערונג פֿון קיסריה איז בעשטאַנען מרוב פֿון גריכען און רוימער, דעריבער איז די שטאָדט געוואָרען אין גיכען אַ שוץ־מויער ניט פֿאַר מלכות־יהודה, נאָר פֿאַר די פֿיינדליכע קרעפֿטען. שפּעטערצו איז קיסריה געוואָרען די רעזידענץ פֿון די רוימישע פֿערוואַלטער אין לאַנד יהודה, דאָס הייסט, די שוץ־מויער פֿאַרן פֿרעמדלענדישען דעספּאָטיזם, דער מקור פֿון צרות און צער פֿאַר דער גאַנצער נאַציע. „קיסריה האָט זיך שטענדיג געפֿרעהט, בשעת ירושלים האָט געוויינט״ — זאָגט אַ אידיש גלײַכוואָרט פֿון דער שפּעטערדיגער צײַט.

חוץ די אָנגערופֿענע גרויסע שטעדט, האָט הורדוס געגרינדעט אַ ריי קליינע שטעדט און פֿעסטונגען, וואָס זענען אָנגערופֿען געוואָרען נאָכ׳ן נאָמען פֿון קעניג און פֿון זײַנע קרובֿים. דאָס זענען געווען: די פֿעסטונג הורקניום, די

שעה וועג און דרום־ווײַט פֿון ירושלים, די שטאָדט אַנטיפּטרים ניט ווײַט פֿון יפֿו, די שטאָדט פֿאַזאַליס און די פֿעסטונג קיפּרוס ניט ווײַט פֿון ירושלים.

הורדוס האָט אויסגעשפּרייט זײַן ברייטע האַנד אויך אויף שטעדט, וואָס ליגען אויסערהאַלב מלכות־יהודה. ער פֿלעגט מנדב זײַן געלד אויף צו בויען היידנישע טעמפּלען און עפֿענטליכע בנינים אין ראָדאָס, אַנטיוכיא, אשקלון, עכו און נאָך אַנדערע שטעדט פֿון די מזרח־געגענדען, וואָס האָבען געהערט צו רוים. אפילו אַטען (אתונה) און ספּאַרטאַ פֿלעגען בעקומען מתנות פֿון אידישען קעניג.

דעם ציעל, וואָס צוליעב אידם האָט הורדוס דאָס אַלצדינג געטאָן, האָט ער דערגרייכט. אין אויסלאַנד פֿלעגט מען אידם רידמען אַלס אַ פּורן און געבילדעטען העלענאָפֿיל; נאָר זײַן אייגען פֿאָלק האָט אידם פֿאַרשאָלטען. אָט דער גאַנצער גלאַנץ, די גרויסאַרטיגע בנינים, די טײַערע מאָדערנע נײַסען און דעם קעניגס פּורנות האָבען זיך געלעגט ווי אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס פֿון דער אידישער בעפֿעלקערונג. בכדי צו מאַכען אַזעלכע גרויסע הוצאות פֿון די מיטלען פֿון אַ קליינער מלוכה, האָט מען געמוזט אַרויסציהען פֿון פֿאָלק די לעצטע זאַפֿט דורך די אָבצאָהלונגען. די אַרבייטס־בעפֿעלקערונג איז בדלות געוואָרען בלויז צוליעב דעם, בכדי דער קעניג זאָל קאָנען אויסגעבען זײַנע פֿאַרהאָרעוועטע געלד אויף דעם קיסרס דענקמעלער, אויף היידנישע שטעדט און טעמפּלען, אויף טעאַטערן, צירקען און פֿערווײַלונגען. דאָס פֿאָלק איז געוועזען אין כעס און האָט אָפֿען אַרויסגעזאָגט זײַן אומצופֿרידענקייט, נאָר דער קעניגליכער דעספּאָטיזם האָט דערשטיקט אַלע סימנים פֿון פּראָטעסט.

כאָטש אין אַזעלכע מינוטען, ווען ס'האָט זיך אויסגעדריקט, אַז עס איז ניט אויסצומיידען קיין אָפֿענע מרידה, פֿלעגט הורדוס אָנהויבען נאָכצוגעבען און צו בעמיהען זיך צופֿרידענצושטעלען די בעפֿעלקערונג. אין יאָהר 24 איז, מחמת אַ לאַנג־דויערנדיגער טריקעניש, אין לאַנד געוואָרען אַ הונגער. די בעפֿעלקערונג האָט געליטען צרות, און מען האָט זיך געקאָנט ריכטען, אַז זײַן שנאה צו דער דעספּאָטישער פֿערשווענדערישער רעגירונג וועט אויסברעכען אין אַ רעוואָלוציע. הורדוס האָט פֿערשטאַנען די געפֿעהרליכקייט פֿונם מאָמענט — און האָט בעשלאָסען אַרויסצווייזען זײַן גרויסמוט. מיט גרויסע שוועריגקייטען האָט ער צונויפֿגעקליבען געלד — ער האָט אפילו פֿערקויפֿט צוליעב דעם אַ טייל פֿון דעם הויפֿישען פֿערמעגען — און האָט אײַנגעקויפֿט און עגיפּטען אַ סך תבואה, וועלכע ער האָט פֿונאַנדערגעטיילט צווישען דער הונגערנדער בעפֿעלקערונג אויף שפּייזען זיך און פֿערזייהען. דורך דעם האָט ער אויף אַ צייט געמאַכט שלום מיט'ן המון־עם.

אַן אַנדער שריט אויף צופֿרידענצושטעלען דאָס פֿאָלק איז געוועזען די איבערבויאונג פֿון בית־המקדש, וואָס הורדוס האָט גענומען אויף זיך. דער בוי־

שײנערער אויסזעהן פונם אַלטען בית-המקדש, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען אין זרובבלים צייט און פערריכט אין דער צייט פון די חשמונאים, האָט ניט געפּאַסט איינאיינעם מיט גרויסאַרטיגען קעניגליכען פּאַלאַץ און אַנדערע בנינים, וואָס האָבען איצט בעצירט די הויפּט-שטאָדט. לכתחלה, אַז די ירושלמים האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם קעניגס פּלאַן איבערצובויען דעם בית-המקדש, איז זיי דאָס שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען, מחמת זיי האָבען הורדוס'ן לחלוטין ניט געטרויט. נאָר הורדוס האָט בערוהיגט דעם רעליגיעזען געפיהל פון פאָלק דערמיט, וואָס ער האָט געהייסען די בויער האַלטען זיך בנוגע צום פּלאַן פונם בנין אָן די אָנווייזונגען פון די כהנים און די פרושים.

די איבערבויאונג פון בית-המקדש איז אין די הויפּט-טיילען פערענדיגט געוואָרען אין די יאָהרען 20 און 19 (פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג), און נאָך אַכט יאָהר האָט געדויערט בויען די נעבען-בנינים. ביים בעפוצען די אינעווייניגסטע טיילען פונם געביי האָט מען פערברויכט א כך גאָלד און מירמעל-שטיין אַלס בוי-מאַטעריאַל. דער בעריהמטער בית-המקדש האָט מיט זיין שענקייט און מיט זיין פּוץ דערוועקט אַלעמענס פערוואונדערונג. די חנוכת-הבית פון דעם דאָזיגען גרויסאַרטיגען געביי איז פאָרגעקומען מיט גרויס פייערליכקייט צום יאָהר-צייטס-טאָג, ווען הורדוס איז אַרויף אויפ'ן טראָן. א שפּעטערדיגע לעגענדע דערצעהלט, אַז אַלע די יאָהרען, בשעת דער בית-המקדש האָט זיך געבויט, פלעגען רעגענס געהן ביי-נאַכט, און ביי-טאָג זענען געוועזען וואַרימע, טרוקענע וועטערן, וואָס זענען גוט פאַר דער אַרבייט. ס'איז נאָך פערבליבען אַנ'אַלט גלייכוואָרט: „ווער ס'האָט ניט געזעהן הורדוס'עס געביי, האָט קיין שענעם בנין אויף זיין לעבען ניט געזעהן“ (כל מי שלא ראה בנין הורדוס לא ראה בנין נאה מימיו).

פונדעסטוועגען האָט הורדוס אפילו אין דער דאָזיגער הייליגער זאַך ניט געקאָנט זיך איינהאַלטען פון אָנצורירען דעם פאָלקס געפיהל. מחמת ער האָט געוואָלט צו-ליעב טאָן אויגוסטוס'ן, האָט ער שפּעטער-צו געהייסען אַוועקשטעלען איבערן הויפּט-טויער פון בית-המקדש אַנ'אונגעהויער גרויסע אָבבילדונג פון אַנ'אָדלער, וואָס האָט געדיענט אַלס א סימבאָל פון דער רוימישער מלוכה. פון איין זייט האָט הורדוס דערמיט עובר געוועזען אויף א לאו, וואָס האָט פערזאָגט ניט צו שטעלען אויפ'ן הייליגען אָרט בילדער פון מענשען אָדער חיות, און פון דער אַנדער זייט — האָט דער דאָזיגער גאָלדענער אָדלער בעטייט דער סימבאָל פון דער אָבהענגיגקייט פון רוים, וואָס האָט בעליידיגט דעם נאַציאָנאַלען געפיהל פון די אידען.

## די אויסווענדיגסטע און אינעווייניגסטע פּאָליטיק.

§ 94. אין זיין פּאָליטיק שטעלט זיך הורדוס פאָר ווי יענער צוויי-פּנימ-דיגער גאָט יאַנוס. דער לאַכענדיגער פנים איז געווענדעט צו אויגוסטוס'ן, דער

שטרענגער און צײַטענווײַז פֿעסטיגער פּנים — צום פֿאָלק. פֿאַרן איבערדער איז הורדוס געווען גרייט צו טאָן אַלצדינג, וואָס יענער האָט נאָר פֿערלאַנגט, בנוגע צו די „אונטערטאַנען" אָבער האָט ער זיך געהאַלטן גרויס. דער לויב פֿון אויגוסטוסן איז אים טײַערער געווען, איידער די ליבע פֿון פֿאָלק.

לויט דעם רוימישן געזעץ פֿון יענער צײַט, האָט הורדוס זיך גערעכנט פֿאַר אַ „פֿערבינדעטן קעניג", דאָס הייסט אַ האַלב-אָפּהענגיגן רעגירער. די אָפּהענגיגקייט פֿון אַזאַ רעגירער איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער און זײַנע יורשים האָבן געקאָנט באַקומען דעם קעניגלעכן טיטעל נאָר פֿון רוימישן קייזער; דער אָפּהענגיגער פֿירשט האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו פֿיהרן אויסווייניגסטע מלחמות אָדער שליסן אינטערנאַציאָנאַלע בונדן אָהן דעם קייזערס וויסן; ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן מטבעות, נאָר מיט איינינע באַגרענעצונגען. דערפֿאַר אָבער אין דער אינעווייניגסטער פֿערוואַלטונג פֿון זײַן מלוכה האָט דער „פֿערבינדעטער קעניג" זיך גערעכנט פֿאַר לחלוטין פֿרײַ און פֿולמעכטיג; ער האָט געהאַט דאָס רעכט אַרויפֿצולעגן אויף די אונטערטאַנען, וויפֿיעל אָפּ-צאָהלונגען ער האָט נאָר געוואָלט, ער האָט געקאָנט האַלטן זיך פֿאַר דער פֿערוואַלטונגס-פֿאָרם, וואָס אים איז געפֿעלן, ער האָט געקאָנט זאָגן אַ דעה איבערן דין אין לאַנד, לויט ווי ער האָט געפֿונען פֿאַר נויטיג.

הורדוס האָט זיך געמיהט אַרויסצובעקומען פֿון דער דאָזיגער לאַגע כּלערליי טובֿות פֿאַר זיך, פֿאַר זײַן דינאַסטיע און פֿאַר די אויסווייניגסטע אינטערעסן פֿון דער מלוכה. דורך זײַן שקלאַפֿישער הנהגה בנוגע צו אויגוסטוסן און דורך זײַן גרייטשאַפֿט צו טאָן אַלצדינג, וואָס יענער וועט אים הייסען, האָט ער געפֿונען חן אין זײַנע אויגען. בשעת אויגוסטוס איז אין יאָהר 20 געקומען צו פֿאָהרען קיין סיריען, איז הורדוס אײַליג אַרויס אים אַנטקעגן און האָט באַגלייט אים אין זײַן נסיעה. איינינע מאָל איז הורדוס געקומען צו פֿאָהרען קיין רוים, וואו דער קייזער האָט אים פֿרײַנדליך אויפֿגענומען אַלס גאַסט. הורדוס איז אויך באַפֿרײַנדעט געוואָרען מיט אויגוסטוסעס איידעם און מיט-רעגירער מ א ר ק ו ס א ג ר י פּ א, וועלכן ער פֿלעגט אָפֿט באַגלייטען אין זײַנע נסיעות איבער אזיען. איין מאָל האָט אַגריפּאַ באַזוכט הורדוסן אין ירושלים און האָט געבראַכט קרבנות אין בית-המקדש (15). דער דאָזיגער סימן פֿון פֿערעהרונג צום אידישען קולט מצד דעם היידנישען שר האָט זעהר געריהרט די אידען, און בשעת אַגריפּאַ האָט געהאַלטען בײַם אָפּפֿאָהרען, האָט דאָס פֿאָלק באַגלייט אים ביז צום שיף און געשטרייט אויפֿן וועג בלומען. די פֿרײַנדשאַפֿט-ליכע באַציהונגען צווישען הורדוסן און דער קייזערליכער פֿאַמיליע שילדערן די כראָניקעס אויף פֿאָלגענדען אופֿן, וואָס איז אפֿילו אַ ביסעל צו גוזמאדיג: דער קיסר האָט נאָך אַגריפּאַ'ן מעהר פֿון אַלעמען ליעב געהאַט הורדוסן, און אין אַגריפּאַ'ס האַרץ פֿערנעהמט הורדוס דעם צווייטען אָרט נאָך קיסר.

די פֿריינדשאַפֿט פֿון די רוימער, וואָס הורדוס האָט זיך דערוואָרבן מיט אַזוי פֿיל אָנשטרענגונגען, האָט אים איינגעבראַכט ניט ווייניג טובֿות. איבען איז שוין געוועזן אָנגעוויזן דערויף (§ 91), אַז אויגוסטוס האָט באַלד נאָך דער שלאַכט ביי אַקציום צוגעגעבן צו מלכות־יהודה אַ סך פּונקטען פֿון דער טעריטאָריע, וואָס איז ביי איהר אָפּגענומען געוואָרען אין פּאָמפּייוס׳ס צייטען. אין עטליכע יאָהר אַרום האָט דער קייזער געשאָנקען הורדוס׳ן די אַראַבישע געגענדען בשן, טרכונא און חורן, וואָס ליגען אין מזרח־זייט פֿון ים־כנרת (23). די נאָמאַדען, וואָס האָבען דאָ אַרומגעוואַנדערט, פֿלעגען אָפֿט דורך זייערע אָנפֿאַלען שטערען די רוה פֿון דער רוימישער סוריען, און דער אָרטיגער רעגירער אָדער „טעטראַרך" זענאָדאָרוס האָט ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט איינהאַלטען די רויבער. נאָכדעם, ווי הורדוס האָט בעקומען במתנה פֿון אויגוסטוס׳ן די דאָזיגע לענדער, האָט ער טאַקע באַלד איינגעשטעלט רוה, און אין דריי יאָהר אַרום האָט דער קייזער אים אָפּגעגעבען אויך זענאָדאָרוס׳ס איבעריגע לענדער, וואָס זענען געלעגען פֿון צפֿון־זייט פֿון ים־כנרת. אויף דעם אידישען קעניגס בקשה, האָט אויגוסטוס געגעבען זיין ברודער פֿירורס׳ען דעם טיטעל פֿון אַ טעטראַרך פֿון דער געגענד אין עבֿר־הירדן, וואָס האָט געטראָגען דעם גריכישען נאָמען פּעריאַ.

אויסנוצענדיג דעם קייזערס און אַגריפּאַ׳ס פֿריינדשאַפֿט, האָט הורדוס אויסגעבעטען ביי זיי נאָך אַ גאַנצע רייה הנחות און פּריווילעגיעס פֿאַר די אידישע קאָלאָניעס, וואָס זענען געווען צעוואָרפֿען אין די גריכישע שטעדט און אויף די אינזלען פֿון סוריען און קליין־אַזיען, וואו די אידען פֿלעגען אָפֿט ליידען אונטערדריקונגען פֿון די אָרטיגע בירגער, די גריכען[1].

זיינע סימפּאַטיעס צום גריכיש־רוימישען אָרט לעבען האָט הורדוס אַרויסגעוויזען אין זיין גאַנצער אויפֿפֿיהרונג, און דאָס האָט אים אָפּגעשיידט פֿון אידען. זיינע זיהן, די צוקונפֿטיגע קרוין־יורשים, האָט ער ערציהען אין רוים. ער האָט געהאַט אַרום זיך שטענדיג יועצים און פֿריינד געבילדעטע גריכען. דער בעוואוסטער גריכישער היסטאָריקער און רעטאָר ניקאָלויס פֿון דמשק האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין הורדוס׳עס הויף, אַלס זיין נאָהענטסטער בעל־עצה, און פֿלעגט אָפֿט אויספֿיהרען אויך וויכטיגע דיפּלאָמאַטישע שליחות׳ן. הורדוס האָט געלערענט ביי אים פֿילאָזאָפֿיע און רעטאָריק (די קונסט שען צו רעדען און שרייבען) און האָט געמוהט זיך אָנצואייגענען זיך דעם „גוטען טאָן" פֿון דער גריכישער געבילדעטער געזעלשאַפֿט. ניקאָלויס פֿון דמשק האָט אָנגעשריבען אַן אַלגעמיינע געשיכטע אין 144 ביכער, וואו ער האָט בעזונדערס גענוי און מיט ליבע זיך אָפּגעשטעלט אויף דער מלוכה פֿון זיין רייכען בע־

[1] זעה ווייטער, קאַפּ. 5.

שיצער הורדוס'ן[2]. אַן אַנדער גריך, תּלמי, האָט געדיענט ביי הורדוס'ן אַלס אַ מין קאַנצלער אָדער פינאַנץ-מיניסטער. די ווילטיגסטע שטעלעס אין דער אַדמיניסטראַציע און אין דער אַרמיי פלעגט דער קעניג איבערגעבען אָדער זיינע קרובים אָדער אויסלענדער. וואַנדערנדע גריכישע געלעהרטע און פּאָליטישע מיטער זענען געווען אָנגעזעהענע געסט ביים הויף פונ'ם אידישען קעניג.

דעם קעניגס ליעבסטע בעשעפטיגונג זענען געווען געיעג און שפּיעל. נישט אין זיין אויפפיהרונג, נישט אין זיינע תּנועות איז גאָרנישט געווען קענטיג, אַז ער איז אַ איד. ער פלעגט זיך אָפטמאָלס בעריהמען, אַז די גריכען זענען איהם נעהנטער, ווי די אידען.

די יסודות פון דער אַלטער אידישער קאָנסטיטוציע זענען אונטערגעגראָבען געוואָרען. די כהונה-גדולה האָט אינגאַנצען אָנגעוואָרען איהר פריהערדיגע גדולה אין הורדוס'עס צייט. דער אַלטער פּרינציפּ, אַז די כהונה-גדולה דאַרף איבער-געהן בירושה פון פאָטער צום זוהן, איז בטל געוואָרען; אַנשטאָט דעם איז איינגעפיהרט געוואָרען, אַז דער קעניג פלעגט בעשטימען פאַר אַ כהן-גדול וועמען ער האָט געוואָלט. הורדוס פלעגט דאָס זעהר אָפט אויסנוצען צוליעב זיינע פּאָליטישע חשבונות אָדער נידעריגע פערזענליכע אינטערעסען.

נאָכדעם ווי הורדוס האָט דורך אַ פערברעך בעזייטיגט אַריסטובולן, דעם לעצטען כהן-גדול פון הויז חשמונאים, — האָט ער ווידער בעשטימט פאַר אַ כהן-גדול חנגאל'ן פון בבל. אַנשטאָט איהם איז אין גיכען געוואָרען כהן-גדול אַ געוויסער יהושע בן-פאבי. נאָך דער קעניגין מרים'ס טויט האָט הורדוס זיך פערליעבט אין דער טאָכטער פון אַ כהן שמעון בן-ביתוס, (אָדער פשוט ביתוס), אַ געבּוירטיגער פון אַלעקסאַנדריע. נאָך דעם ווי דער קעניג האָט חתונה געהאַט מיט דער דאָזיגער מיידעל, וואָס איז געווען זעהר אַ שעהנע און האָט אויך געהייסען מרים, — האָט ער בעשטימט איהר פאָטער פאַר אַ כהן-גדול (24).

דער נייער כהן-גדול איז, אפנים, געווען מעהר אַ וועלט-מאַן, איידער אַ גייסטליכער פירשט, און איז געווען זעהר צוגעפּאַסט צו זיין קעניגליכען איידעם. ער איז אינגאַנצען צוגעשטאַנען צו דער הויפישער פּאַרטיי. דער בית-המקדש און דער הויף זענען פעראייניגט געוואָרען דורך געמיינזאַמע שטרעבונגען. פּונקט אַזוי ווי די כהנים צדוקים פאַר דער צייט פון אייניגע מלכים פון הויז חשמונאים, אַזוי האָבען אויך די ביתוסים (וואָס זענען אָנגערופען געוואָרען אַזוי נאָכ'ן פערזענליכען נאָמען אָדער פאַמיליען-נאָמען פונ'ם נייעם כהן-גדול) אין הורדוס'עס צייטען געבילדעט די גרופּע אַפּיציעלע כהנים, וואָס האָבען מיט זייער אויטאָריטעט

[2]) יוסיפוס פלאַוויוס האָט אויסגענוצט, מיט דער נויטיגער קריטיק, דאָס ווערק פון ניקאָלויס פון דמשק, ביים בעשרייבען הורדוס'עס עפּאָכע. דאָס ווערק גופא איז פערלאָרען געגאַנגען.

געצייגט דעם אנטינאציאנאלען רעזשים פון הורדוס'עס רעגירונג³). איבעריגענס, איז אין דריי יאהר ארום אויך ביתוס געפאלען פאר א קרבן פון די הויפישע אינטריגעס און פון דעם קעניגס קאפריז, און נאך איהם האבען געדיענט אלס כהנים-גדולים אין הורדוס'עס צייטען נאך דריי פערזאנען.

דער סנהדרין האט אויך אין הורדוס'עס צייט אנגעוואוירען זיין פריהערדיגע באדייטונג. ער איז געווארען א הויפישער ראט, וואס איז באשטאנען פון דעם קעניגס קרובים און גוטע פריינד, וואס האבען קנעכטיש אויסגעפילט אימליכען פערלאנג זיינעם. די קראפט פונ'ם געזעץ איז פערביטען געווארען הורדוס' ווילען אדער קאפריז פונ'ם גראבען אלליינהערשער. די געלערנטע לייט פון די פרושים זענען געשטאנען ווייט פון די מלוכה-ענינים; זיי האבען געקוקט אויף הורדוס'עס רעגירונג, ווי אויף אנאויסלענדישע, וואס איז פרעמד און אפטמאלס פיינדליך דעם נאציאנאלען און רעליגיעזען גייסט פון אידישען פאלק. די פרושים האבען געהאלטען פאר אומגעזעצליך דעם קעניג, וואס איז אבהענגיג פון רוים, און דעריבער האבען זיי זיך אפגעזאגט פון צו שווערען געטריישאפט הורדוס'ן, און אויך זיין איבערהאר — דעם רוימישען קייזער. הורדוס האט געמוזט דאס אראפשלינגען, מחמת ער האט געוואוסט, אז אויב מען זאל וועלען אנטהון געוואלט דעם געוויסען פון די מאמינים, קאן דאס ארויסרופען א רעוואלוציע. ער האט מורא געהאט איינצורייסען זיך מיט דער פארטיי פרושים, און האט געקאנט זיין צופרידען, אז זי האט געשוויגען.

נאר די נאציאנאלע פארטיי האט ניט אלע מאל געשוויגען. אין איהר איז פארגעקומען אן אינעווייניגסטע בעוועגונג, וואס האט אימליכע רגע געקאנט איבערגעהן אין א רעוואלוציאנערען אויפרייס. די פאטריאטען פלעגען מיט פעראכטונג אנרופען הורדוס'ן „אדומישער קנעכט" און „האלבער איד". אזעלכע פאליטישע פערשווערונגען, ווי דער איבענדערמאנטער (§ 93), זענען געווען ניט זעלטען אין הורדוס'עס צייט. נאר די סיסטעם פון דער שפיאנעריי, וואס דער לעצטער האט ארגאניזירט, האט דערשטיקט באלד אין אנהויב אימליכען פרוב צו מאכען א רעוואלוציע. הורדוס האט פערוואנדעלט מלכות-יהודה פון א רעכטליכער מלוכה אין א פאליציאישער, וואו דעם מאנארכ'ס ווילען פערבייט די קאנסטיטוציע און דעם געזעץ. די פרייהייטען פון ווארט און פון פערזאמלונגען איז בטל געווארען. „הורדוס — זאגט יוסיפוס איינ'ס פון די מקורים, וואס ער האט געהאט — האט שטארק אויפגעפאסט אויף אלעמען און האט אפגענומען ביי די אונטערטאנען די מעגליכקייט אויסצודריקען זייער אונצופרידענקייט. די בירגער איז פערבאטען געווארען צו מאכען פערזאמלונגען און אויך געמיינזאמע שפאצירען, און דערביי איז אומעטום געווען אוועקגעשטעלט א שטרענגע אויפ-

³) דערמיט קאן ווערען דערקלערט, וואס אין שפעטערדיגער צייט פלעגט מען די צדוקים און ביתוסים צורעכענען צו איין פארטיי.

ויכט. די וואָס האָבן ניט געפֿאָלגט, זענען שטרענג באַשטראָפֿט געוואָרן. אַ סך מענטשן פֿלעגט מען אָפֿן אָדער אין דער שטיל אַוועקפֿירן אין דער פֿעסטונג הורקניון און דאָרט פֿלעגט מען זיי טויטן. הן אין שטאָט, הן איבער די גרויסע וועגן פֿלעגן אַרומגיין שפּיאָנען. מען דערציילט, אַז הורדוס אַליין האָט זיך אָפֿטמאָלס איבערגעטאָן אין פּשוטע קליידער און פֿלעגט ביי־נאַכט זיך אַריינדרייען צווישן המון, בכדי צו דערגיין, ווי איז זיין שטימונג בנוגע צו דער רעגירונג".

אַ שיינע כאַראַקטעריסטיק איבער הורדוס'עס פּערזענלעכקייט און איבער דער צווידייטיקייט פֿון זיין אויסווייניגסטער פּאָליטיק האָט געגעבן יוסיפֿוס פֿלאַוויוס, וואָס האָט געלעבט מיט פֿופֿציג יאָהר שפּעטער, אין זיין ווערק „קדמוניות היהודים" (בוך 14, קאַפּ. 5).

„אַ סך — זאָגט יוסף — ווערן נשתומם איבער די סתירות אין הורדוס'עס כאַראַקטער. אויב מיר זאָלן קוקן אויף זיין פּזרנות און אויף די טובות, וואָס ער האָט געטאָן אַלע מענטשן, וואָלטן אַלע געמוזט מסכים זיין, אַז דער קעניג האָט געהאַט זעהר אַ גוט האַרץ. פֿאַרקערט, אויב מען זאָל נעהמען אין אַכט די געוואַלדטאַטן און די מעשים רעים, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן בנוגע צו זיינע אונטערטאַנען און זיינע נאָהענטסטע קרובים, און מען זאָל זיך דערמאָנען וועגן דער אַכזריות און האַרטקייט פֿון זיין כאַראַקטער, דעמאָלט מוז מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז הורדוס איז געווען אַן אמת'ע חיה־רעה, וואָס האָט פֿון קיין שום רחמנות ניט געוואוסט. מחמת דעם זענען אייניגע משער, אַז ער האָט געליטן פֿון אינעווייניגסטע סתירות און אַז שטענדיג איז איהם אויסגעקומען צו קעמפֿן מיט זיך.

„איך בין, איבעריגענס, ניט מסכים מיט אָט דער מיינונג און האַלט, אַז ביידע אָנגעוויזענע כאַראַקטער־שטריכן הורדוס'עס האָבן געהאַט איין און די זעלביגע סבה. היות ווי ער איז געווען אַ רודף־כּבוד און האָט זיך אינגאַנצן אונטערגעגעבן דער דאָזיגער תאווה, דעריבער האָט ער אָפֿטמאָלס אַרויסגעוויזן גרויסע פּזרנות, ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ האָפֿענונג צו באַקומען כּבוד באַלד אָדער צו פֿאַראייביגן זיך שפּעטער. נאָר אַדאַנק די הוצאות, וואָס ער האָט געמוזט דערביי מאַכן און וואָס זענען איהם געווען איבער די כּחות, איז איהם ווילענדיג ניט ווילענדיג אויסגעקומען צו זיין אַכזריות'דיג בנוגע צו זיינע אונטערטאַנען. אַליין דאָס, וואָס ער האָט מיט אַזאַ ברייטקייט אויסגעגעבן פֿאַר איינע, האָט ער געמוזט אָפּנעהמען ביי אַנדערע. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, ווי ווייט זיינע אונטערטאַנען האָבן איהם פֿיינט פֿאַר די אונטערדריקונגען, נאָר פֿון דער אַנדער זייט איז ער ניט געווען אין שטאַנד אָפּצושטעלן די דאָזיגע אונטערדריקונגען, מחמת דאָס וואָלט געווען אַ חסרון פֿאַר זיינע הכנסות. אַפֿילו דעם פֿאָלקס שנאה צו איהם האָט ער אויסגענוצט צוליעב דעם, בכדי אַליין רייכער צו ווערן. וואָס איז שייך צו זיינע מקורבים און זיינע בני־בית, איז

איבּ עמיצער פֿון זיי פֿלעגט זיך ניט צוחנפֿ'ען צו אים, אָדער האָט זיך ניט אָנערקענט פֿאַר זיין שקלאַף, אָדער האָט דערוועקט קעגען זיך אַ חשד, אַז ער וויל צוּאָבּוואַרפֿען די קעניגליכע מאַכט, דעמאָלט פֿלעגט הורדוס ניט קאָנען זיך איינהאַלטען און פֿלעגט ווילדעווען אָהן אַ שיעור קעגען זיינע קרובים און גוטע פֿריינד און בּעגעהן זיך מיט זיי, ווי מיט שונאים. אַט אַלע די אַכזריותדיגע מעשים האָט ער דערלויבּט זיך אָבּצוטון בּלויז דעריבּער, ווייל ער האָט שטאַרק געשטרעבּט צו כבוד.

„אַלס אַ ראיה דערצו, ווי שטאַרק די דאָזיגע תאוה איז געווען בּיי אידום געטוויקעלט, קאָן דיענען דער כבוד, וואָס ער האָט אָבּגעגעבּען אויגוסטוס קיסר, אַגריפּאַ'ן און אַלע איבּעריגע זיינע גוטע פֿריינד. אויף וויפֿיעל ער גופֿא פֿלעגט אַרויסווייזען זיין הכנעה קעגען מעכטיגערע פֿאַר איהם, אויף אַזוי פֿיעל האָט ער געוואָלט, אַז מען זאָל איהם אויך אָבּגעבּען כבוד, און די גרויסע מדה, וואָס ער האָט אָנגעווענדט, האָט מעהר ניט בּעוויזען, אַז ער האָט חשק, מען זאָל זיך בּעציהען צו איהם אויך אַזוי.

„דעם אידישען פֿאָלק זענען לויט זיין תורה „פֿרעמד אַלע אַזעלכע זאַכען; און עס איז געווענדט צו שטעלען העכער גערעכטיגקייט, איידער די תשואה צו כבוד. מחמת דעם האָט הורדוס ניט ליעבּ געהאַט דאָס פֿאָלק, ווייל עס האָט ניט פֿערשטאַנען צו חנפֿ'ען דעם קעניגס איינגעליעבּע ניט דורך כמאַטוּעס, ניט דורך טעמפּלען, ניט דורך כדומה נאָך אַזעלכע מיטלען. אַט דערין ווער איך איין די סבּה, פֿאַרוואָס הורדוס האָט זיך אַזוי מיאוס פֿערהאַלטען צו זיינע בּני־בּית און צו זיינע מקורבים, און דערמיט קאָן דערקלערט ווערען אויך דאָס, וואָס ער האָט אַזוי מקרב געווען איסלענדער און בּכלל נישטווערדיגע מענשען".

כּכדי צו בּעשיצען זיין טרון, האָט דער קעניג הורדוס געהאַט אַ זיכערע וואַך פֿון געדונגענע פֿרעמדע זעלנער — טראַקיער, גאַליער, גערמאַנען. די פֿעסטונגען, וואָס ער האָט אויסגעבּויט אין פֿערשיידענע געגענדען פֿון דער מלוכה, זענען בּעשטימט געווען ניט אַזוי צוליעבּ דער פֿערטיידיגונג קעגען אויסווייניגסטע פֿיינד, ווי קעגען די „איינווייניגסטע" פֿיינד, דאָס הייסט דעם אונצופֿרידענעם רובּ פֿון פֿאָלק.

נאָר דער דעספּאָטיזם, איינגעפֿיהרט אַלס סיסטעם, האָט געטאָן דאָס זייניגע: די אונצופֿרידענקייט פֿון פֿאָלק איז געוואַקסען און האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין אַנאַונטערליגבּאַרע שנאה צו הורדוס'עס רעזשים. דער ברען־מאַטעריאַל, וואָס האָט געהאַט זיך אָנגעקליבּען אין משך פֿון דעם דאָזיגען לאַנגען קעניגען, האָט בּעדאַרפֿט אַרויסרופֿען אַ שרעקליכען אויפֿרייס אין דער נאָהענטסטער צוקונפֿט.

פֿאַמיליען־מחלוקות.

§ 95. נאָכ'ן פֿעריאָד פֿון לפֿי־ערך רוהיגער הויזליכער רוה און פֿון גלענצענדע ערפֿאָלגען אין דער אויסווייניגסטער פּאָליטיק, האָט זיך פֿאַר הורדוס'ן ווידער אָנגעהויבּען אַ צייט פֿון פֿאַמיליען־אונרוהען. די לעצטע צעהן יאָהר פֿון

זײַן לעבען (4—14) געגען אַ גאַנצע קײט פֿון טראַגישע מחלוקתן, הױפֿישע אינטריגעס, אכזריותדיגע מעשים און טױט־שטראָפֿען. אומרויִקײט האָט געהערשט אינעם נײַעם קעניגליכען פּאַלאַץ, װאָס איז געװאָרען אױסגעבױט אין דער איבערשטער שטאָט, און ניט און שלום און אחדות צװישען זיך האָבען געלעבט זײַנע אײַנװױנער. דאָ האָט געװױנט די צאָהלרײַכע קעניגליכע פֿאַמיליע, װאָס איז בעשטאַנען פֿון הורדוס'עס משפּחה, דאָס הײסט עטליכע זײַנע פֿרױען מיט אַ סך קינדער, פֿון די משפּחות פֿון זײַן שװעסטער שלומית און זײַן ברודער פֿירורס און פֿון די איבעריגע נאָהענטע קרובים, שוין ניט רעכענענדיג די מאַסען הױפֿלײַט, קנעכט און געכט. די אַלע נפֿשות האָבען זיך געקאָכט, אינטריגירט, געשטרעבט צו אײַנפֿלוס און צו געװינס, זײ פֿלעגען זיך פֿונאַנדערטײלען אױף גרופּעס, װאָס פֿלעגען קריגען צװישען זיך און מאַכען דעם פּאַלאַץ פֿאַר אַ שלאַכט־פֿעלד.

ניט אַזױ װי די מלכים פֿון הויז חשמונאי, האָט הורדוס געהאַט אַ סך פֿרױען[4]. נאָך אין דער פֿריהער יוגענד, בשעת ער האָט אפֿילו נאָך ניט געהאַט די העזה צו חלומ'ען װעגען דער קעניגליכער ממשלה, האָט ער גענומען זיך אַ פֿרױ, פֿון אַ פּראָסטער משפּחה, מיט'ן נאָמען דאָרים, און זי האָט איהם געהאַט אַ זוהן אַנטיפּטר. נאָכדעם װי הורדוס האָט חתונה געהאַט מיט דער חשמונאים־טאָכטער מרים, האָט ער אָװעקגעשיקט דאָרים'ן און איהר זוהן אין דער פּראָװינץ, און בלױז אױף די שלש רגלים פֿלעגט ער ערלױבען אַנטיפּטר'ן צו קומען אין ירושלים. פֿון דער קעניגין מרים האָט הורדוס געהאַט פֿינף קינדער, װאָס פֿון זײ זענען בעװאוסט אין דער געשיכטע די פּרינצען אַלעכסנדר און אַריסטובול. נאָך מרים'ס טױט האָט הורדוס חתונה מיט מרים II, דער טאָכטער פֿונם דערמאָנטען שמעון ביתוס, װאָס הורדוס האָט איהם בעשטימט פֿאַר אַ כהן־גדול. זינט יענער צײַט האָט שוין הורדוס געהאַט פֿיעל װײַבער. אין די לעצטע 20 יאָהר פֿון זײַן לעבען האָט הורדוס געהאַט נאָך זיבען װײַבער, װאָס פֿון זײ זענען בעװאוסט די שומרונית מאַלטאַקאַ און די ירושלמית קלעאָפּאַטראַ, אַלס די מוטערס פֿון די דרײַ פּרינצען, װאָס האָבען שפּעטער צעטײלט צװישען זיך הורדוס'עס קעניגרײַך: אַרכעלױס, הורדוס־אַנטיפּאַס (פֿון דער ערשטער) און פֿיליפּוס (פֿון דער צװײטער).

די ערשטע צײַטען האָבען זיך גערעכענט פֿאַר קרױן־פּרינצען די זוהן פֿון מרים, דער חשמונאים־טאָכטער, אַלעקסנדר און אַריסטובול. באַלד נאָך זײער מוטערס טױט, האָט הורדוס אַװעקגעשיקט די זוהן אױף ערציהען זײ אין רױם. ער האָט געװאָלט געבען זײַנע יורשים אַ רױמישע בילדונג און צוגלײַכער צײַט אַװעקשטעלען זײ אונטער'ן דירעקטען שוץ פֿון אױגוסטוס. דער קײזער

[4]) דער אידישער דין ערלױבט דעם קעניג צו האָבען מעהר פֿרױען, אײדער אַ געװעהנליכען בירגער. נאָר ער טאָר פֿערזאָגט ניט צו נעהמען צו־פֿיעל פֿרױען.

איז געווען צופֿרידען מיט דעם דאָזיגען נייעם סימן פֿון איבערגעבענהייט, וואָס הורדוס האָט אַרויסגעוויזען, און האָט די פּרינצען זעלבער פֿריינדליך אויפֿגענומען און צוגעלאָזט זיי אין קרייז פֿון זיינע הויפֿלייט. די יונגע לייט האָבען געוואוינט אין רוים אין הויז פֿון אזיניוס פּאָליאָ, וואָס איז געווען אַ געבילדעטער הויכער באַאַמטער, וואָס צווישען זיינע פֿריינד האָבען זיך גערעכענט אויך די גרויסע פּאָעטען האָראַציוס און ווירגיליוס.

אין פֿינף יאָהר אַרום, אַז אַלכסנדר און אריסטובול האָבען פֿאַרענדיגט זייער בילדונגס־קורס אין רוים, איז הורדוס געקומען צו פֿאָהרען נאָך זיי און האָט זיי אָפּגעפֿיהרט צוריק קיין ירושלים (אַנ׳ערך אין יאָהר 17). ער האָט באַלד חתונה געמאַכט די יונגע לייט, וואָס זענען דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָהר 17—18. דער עלטערער פּרינץ אַלכסנדר האָט חתונה געהאַט מיט גלאַפֿיראַ, דער טאָכטער פֿון אַרכעלויס, קעניג פֿון קאַפּאַדאָקיאַ [קאַפּאַדאָקיען] (זי האָט זיך צוליעב דעם מגייר געווען); דעם יינגערן אָבער, אריסטובול׳ן, האָט הורדוס חתונה געמאַכט מיט זיין פּלימעניצע, שלומית׳ס טאָכטער ב י ר י נ ק ה (בערעניקע).

אין ירושלים האָט דאָס פֿאָלק מיט פֿרייד באַגעגענט די פּרינצען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער שעהנער געשטאַלט און קעניגליכען האַלטונג און האָבען שטאַרק דערמאָנט אָן זייער פֿערשטאָרבענער מוטער. זיינע סימפּאַטיעס צו דער טראַגיש אומגעקומענער קעניגין האָט דאָס פֿאָלק איבערגעטראָגען אויף אירע קינדער, וואָס אין זיי האָט עס געוואָלט זעהן ניט הורדוס׳עס קינדער, נאָר אויר־אייניקלעך פֿון די חשמונאים. נאָר ביי דער באַהאַלטענער שנאה, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישען פֿאָלק און צווישען דעם קעניגליכען הויף, האָט דאָס, וואָס דעם ערשטען איז ליעב, באַדאַרפֿט דערוועקען אַ חשד ביים לעצטען.

בעזונדערס אומרוהיג איז געווען הורדוס׳עס שוועסטער, שלומית. די דאָזיגע שלעכטע פֿרוי האָט איבערגעטראָגען אויף הורדוס׳עס קינדער די שנאה, וואָס זי האָט געפֿיהלט צו זייער מוטער. דאָס, וואָס איינער פֿון אָט די פּרינצען האָט חתונה געהאַט מיט איהר טאָכטער, האָט ניט אויסגעביטען אירע באַציהונגען צו זיי. פֿערקעהרט, די מחותנות׳שאַפֿט פֿון די חשמונאים מיט די „אדומים" האָט באַדאַרפֿט נאָך בולט׳ער אַרויסשטעלען דעם אונטערשייד אין זייערע כאַראַקטערען.

אַלכסנדר און אריסטובול, וואָס האָבען שטאָלצירט דערמיט, וואָס זיי שטאַמען אָב פֿון די חשמונאים, האָבען זיך געהאַלטען גרויס בנוגע צו די איבעריגע מיטגלידער פֿון הורדוס׳עס פֿאַמיליע; בירינקה האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר איהר מוטער שלומית, אַז איהר מאַן אריסטובול גיט איהר ניט אָב גענוג כבוד מחמת איהר נידעריגען יחוס. די פּרינצען האָבען הייליג געהאַלטען זייער מוטערס אָנדענקען און האָבען מיט פֿעראַכטונג אָבגעוואָרפֿען אַלע יענע רכילות׳ן, וואָס איבער זי איז די פֿאַר אַ קרבן געפֿאַלען, סאיז נאָנץ מעגליך, אַז מיעף אין

הארצען איז ביי די יונגע לייט געווען פערבעהאלטען א פיינדשאפט צום פאטער, וואס איז געווען שולדיג אין די יסורים און אינ׳ם טויט פון זייער מוטער.

אט די אלע בעאבאכטונגען און קלאגען האט שלומית מיט פלייס צו־נויפגעקליבען, אלס ערנסטע בעווייזען קעגען מרים׳ס זיהן. זי האט אלצדינג געמסר׳ט דעם קעניג אין א גוזמהדיגער פארם און האט איהם איינגערעדט, אז אלכסנדר און אריסטובול האבען איהם פיינט און ווארטען מיט אונגעדולד, אז ער זאל שטארבען, בכדי צו פערכאפען דעם טרון.

איין מאל, אז הורדוס האט זיך אומגעקעהרט פון א נסיעה צו אגריפא׳ן (14), האט ער געפונען דעם הויף אין אויפרעגונג. שלומית און פירורס האבען איהם געמסר׳ט אויף די פרינצען, אז זייער אויפפיהרונג לאזט זיי חושד זיין, אז זיי טראכטען שלעכטס אויף זייער פאטער און ווילען זיך אן איהם נוקם זיין פאר זייער מוטערס טויט. אין הורדוס׳ן האט זיך דערוועקט דער אייגענער חשד־געפיהל, וואס האט איהם אמאל בעוואויגען צו שיקען אויפ׳ן עשאפאט מרים׳ן. נאר לכתחלה האט ער זיך איינגעהאלטען און בעגעניגט זיך מיט פאלגענדען מיטעל. בכדי איינצוהאלטען אלכסנדר׳ס און אריסטובול׳ס שטאלץ און צו בעווייזען זיי, אז זיי זענען ניט די איינציגע קרוין־יורשים, האט דער קעניג ארויפגערופען אין ירושלים צו זיך זיין עלטסטען זוהן אנטיפטר׳ן, וואס ביז אהער האט ער געהאלטען ווייט פון הויף, און האט אנגעהויבען בעווייזען איהם א בעזונדערע ליעבשאפט.

אין אנטיפטר׳ן האט די אינטריגירענדע הויפישע פארטיי בעקומען א נייעם פיהרער, און מרים׳ס זיהן — א געפעהרליכען און פאלשען קאנקורענט. אנטיפטר האט זיך באלד פונאנדערגעקליבען אין זיין נייעם מצב און האט פערשטאנען, אז נאר אלכסנדר׳ס און אריסטובול׳ס אונטערגאנג קאן מאכען איהם א וועג צום טרון. ער האט ליידענשאפטליך פיינט געהאט זיינע שטיפברידער, די זיהן פון דער שטאלצער חשמונאים־טאכטער, וועמ׳ס צוליעב ווייערטוועגען האט מען איהם אנטמעלט דערווייטערט פון הויף, אלס דעם זוהן פון א פרוי פון נידעריגען גזע; טיעף אין הארצען ביי איהם איז אויך געווען בעהאלטען א געפיהל פון כעס אויפ׳ן פאטער, וואס האט איהם אנטמעלט אבגעשטויסען פון זיך. די גאנצע ביטערקייט איבער דער בעליידיגונג, וואס האט זיך אנגעקליבען ביי אנטיפטר׳ן אין דער נשמה פאר דער לאנגער צייט, וואס ער האט זיך געפונען אין אומ׳חן ביים קעניג, די גאנצע קנאה פון א פערשטויסענעם האט זיך איצט אויסגעגאסען אין א נקמה־פלאן, וועלכען ער האט דורכגעפיהרט מיט א טייוועלישער פאלשקייט.

דורכגעטריבען אין פאלש, שלעכטס און אייגענוציג, האט אנטיפטר שטענדיג פערשטאנען צו מאכען אנ׳אנשטעל פון א תם און פון א גוטען, וואס זארגט מעהר ניט פאר דער טובה פון יענע, וועמען ער האט אין דער אמת׳ן געוואלט עוקר מן השורש זיין. ער פלעגט ניט אבטרעטען פון הורדוס׳ן, וואס

אויף זיין טויט האָט ער געוואַרט מיט אונגעדולד, און האָט געשפּילט די ראָל פון א ליעבענדען זיהן, וואָס וויל צו בעהיטען דעם פאָטערס טייערע געזונדהייט און רוה. אנטיפּטר פלעגט אונטערשיקען צום קעניג זיינע משולחים, וואָס פלעגען אָנרעדען כל דאָס בייז אויף אלכסנדר'ן און אריסטובול'ן. און די פּערזענליכע שמועסען אָבער מיט'ן קעניג פלעגט ער זיך מאַכען, ווי ער ווייס גאָרנישט פון וואָס צו זאָגען. ביסלעכווייז האָט דער קעניג בעקומען גרויס צוטרוי צו אנטיפּטר'ן און האָט געמיהט זיך אַרויסצוּווייזען איהם זיין לייטזעליגקייט, אויף להכעיס מרימ'ס זיהן. אין יאָהר 13, בשעת אגריפּא האָט זיך אומגעקעהרט פון אזיען קיין רוים, האָט הורדוס אוועקגעשיקט אַהין מיט איהם אנטיפּטר'ן און געבעטען איהם, ער זאָל איהם פאָרשטעלען דעם קייזער, אַלס דעם קרוין-יורש.

דאָס, וואָס דער פאָטער האָט אָנגעהויבען אַנדערש צו בעציהען זיך צו זיי, האָט געמוזט בעליידיגען אלכסנדר'ן און אריסטובול'ן. די פּרינצען האָבען אַרויסגעזאָגט הויך זייער אונצופרידענקייט דעריבער, וואָס מען האַלט אנטיפּטר'ן העכער פאַר זיי, און איטליכס וואָרט זייערס פלעגט איבערגעגעבען ווערען הורדוס'ן אין א גוזמה'דיגער אָדער פערדרעהטער פאָרם. אין זיינע בריעף פון רוים פלעגט אנטיפּטר פון זיין זייט דורך קונציגע וועגע זעהן איינצורייצען דעם פאָטער קעגען די ברידער. דורך אַט די אַלע אינטריגעס איז דער קעניג געקומען צו אַזאַ צושטאַנד, אז ער האָט בעשלאָסען פערזענליך אָנצוקלאָגען זיינע צוויי זיהן פאַר'ן קייזער. אין יאָהר 12 האָט ער גענומען מיט זיך אלכסנדר'ן און אריסטובול'ן און איז אוועקגעפאָהרען קיין איטאַליען, און דאָ האָבען זיך אַלע דריי פאָרגעשטעלט דעם קייזער אין אַקוויליע. אויגוסטוס האָט אויסגעהערט מיט קאָם דעם פאָטער און די זיהן און האָט זיי צוגערעדט, זיי זאָלען שלום מאַכען צווישען זיך און זאָלען אויפהערען איינער דעם אַנדערן חושד צו זיין אָהן א שום יסוד. זיינע ווערטער האָבען געווירקט. דער פאָטער מיט די זיהן האָבען שלום געמאַכט און האָבען זיך אומגעקעהרט אַהיים. זיי האָט בעגלייט אנטיפּטר, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער פרעהט זיך כלומרשט איבער דעם שלום, וואָס איז פאָרגעקומען, נאָר אין האַרצען האָט ער בעגראָבען זיין כעס דעריבער. אויף א קורצער צייט איז דער שלום-בית אין הורדוס'עס משפּחה ווידער איינגעשטעלט געוואָרען.

### דער טויט פון מרימ'ס זיהן.

§ 96. באַלד אָבער האָט זיך, ווי מען האָט זיך געקאָנט ריכטען, די פאַמיליען-מחלוקת פון דאָס-ניי אָנגעהויבען. אנטיפּטר דער מזיק האָט ווידער אמאָל אָנגעצינדען דעם פערפלאָנטערטען מעכאַניזם פון די הויפישע אינטריגעס און רכילות'ן, און אַליין האָט ער זיך איינגעקליגט, פּונקט אַזוי ווי פריהער, צו שטעהן מן הצד, פּונקט אַזוי ווי ער האָט קיין שום חלק ניט אינים גאַנצען

עסק. זײַנע געטרײַע חבֿרים זענען געװען שלומית און פּירוטס. אלכּסנדר און אריסטובול האָבן װידער זיך אָנגעהױבן צו פֿיהלען און אַנ׳אַטאַגאָספֿעד פֿון נידערטרעכטיגע רכילות און שנאה, און אין זײער יוגנטליכער אומגעניטקײט האָבן זײ ערלױבט זיך אַרױסצוװײַזען אָפֿען זײער כּעס. זײ האָבען אַרױסגעזאָגט זײער פֿעראַכטונג צו זײערע קרובֿים פֿון פֿאָטערס צד. מען האָט געמסר׳ט דעם קעניג, אַז די פּרינצען זאָלען האָבען כּלומרשט געזאָגט, אַז װי נאָר זײ װעלען קומען צו דער ממשלה, װעלען זײ פֿערשיקען די מאַנסבילען פֿון דער קעניגליכער פֿאַמיליע פֿאַר דאָרפֿישע שרײַבערס, און די װײַבער, װאָס מאַכען מינעס פֿון פּרינצעסינס, װעלען זײ אָנטאָן אין זעק און אַװעקזעצען זײ בײַ שפּינרעדער.

אױף װיפֿיעל אַנטיפּטר איז געװען פֿאַלש און אײַנגעהאַלטען, אױף אַזױ פֿיעל זענען אריסטובול און אַלכּסנדר געװען אױפֿריכטיג און אײדעל אָפֿענהאַרציג. אױך די פּרינצען האָבען געהאַט בײַם הױף זײער קלײנע פּאַרטײ, נאָך מיט איהר שטאַרקײט און פֿלינקײט איז זי ניט געקומען צו דער פּאַרטײ שכנגד.

אין קעניגליכען הױף האָט געהערשט א געגענזײַטיגע שנאה, װאָס האָט זיך אױסגעדריקט אין מאױמדיגע רכילות׳ן; מען פֿלעגט אַרײַנקריכען אין די אינטימסטע פֿאַמיליען־סודות; מען פֿלעגט אױסטראַכטען אַלערלײ בלבולים אױף פֿרױען און מאַנסבילען, און דערבײַ האָט מען ניט געשױנט אפֿילו דעם קעניג גופֿא: איהם האָט מען חושד געװען, אַז ער האָט פֿערברעכערישע באַציהונגען מיט זײַן שנור גלאַפֿירא, אלכּסנדרס פֿרױ. געגענזײַטיגע מסירות און אינטריגען האָבען געהערשט אָפֿטמאָלס אין מיטען אײן און דער זעלביגער פּאַרטײ.

אױף הורדוס׳ן האָט דאָס אַלץ געמאַכט א שרעקליכע װירקונג. זײַן קרענקליכער חשד־געפֿיהל איז שטאַרקער געװאָרען, זײַן איבערגעשראָקענער כּח־הדמיון האָט איהם געבראַכט ביז צו האַלוצינאַציעס. אומעטום האָבען זיך איהם אױסגעדאַכט פֿערשװערונגען, בגידות, פֿערברעכענס. אױף דעם קעניגס באַפֿעהל פֿלעגט מען כאַפּען און אױספֿאָרשען אונטער עינױים אלכּסנדרס און אריסטובולס דיענער און אָנהענגער, װאָס בײַ זײ האָט מען געװאָלט אַרױסבעקומען ידיעות װעגען די פּרינצענס פֿערברעכערישע פּלענער. די אומגליקליכע פֿלעגען שטאַרבען אונטער די הענד פֿון די פּײַניגער, נאָר צו זאָגען װאָס האָבען זײ ניט געהאַט. אײן בריס מעהר ניט האָט זיך מודה געװען, אַז אלכּסנדר האָט טאַקע פֿײַנט דעם פֿאָטער און אַז ער חלומט נאָר װאָס גיכער צו בעקומען דעם טרון. אַנ׳אַנדערער קרבן פֿון די עינױים האָט ענטפּלעקט, אַז בײדע פּרינצען האָבען א פּלאַן צו אַנטלױפֿען קײן רױם, כּדי זיך צו שטעלען אונטער׳ן קײסערס שוץ. מען האָט אױך איבערגעכאַפּט אלכּסנדרס א בריעף, װאו ער בעקלאָגט זיך אױף דער אומגערעכטיגקײט מצד דעם פֿאָטער, װאָס האַלט אַנטיפּטר׳ן בעסער פֿאַר איהם. אױפֿ׳ן יסוד פֿון אַזעלכע ראַיות האָט הורדוס געהײסען אַרײַנזעצען אלכּסנדר׳ן אין תּפֿיסה.

וועגען דאָס אַלץ האָט זיך דערוואוסט אַלכּסנדר'ס שוועהר, אַרכילוס, דער קעניג פֿון קפּוטקיא. הזות ווי אַרכילוס האָט מורא געהאַט, עס זאָל קיין אומגליק ניט געשעהן מיט זיין איידעם און זיין טאָכטער, דעריבער איז ער איילינג געקומען קיין ירושלים, בכדי צו מאַכען שלום צווישען הורדוס'ן און זיינע קינדער. אַרכילוס האָט געפֿיהרט דעם עסק זעהר דיפּלאָמאַטיש און קלוג. בשעת ער איז געקומען צו הורדוס'ן, האָט ער געמאַכט זיך, ווי ער איז כלומר'שט שטאַרק אין כעס איבער אַלכּסנדר'ס שלעכטער אויפֿפֿיהרונג, און האָט אפילו אָנגעשראָקען דעם טאָכטער, אַז ער וועט זי גט'ן מיט'ן נישטווערדיגען כאָן. נאָכדעם ווי אַרכילוס האָט אויף אַזאַ אופֿן בעפֿרידיגט הורדוס'עס איינגעגליבענע און געוואוינען זיין צוטרוי, — האָט ער אָנגעהויבען צו בעווייזען, אַז אַלכּסנדר האָט אין דעם גאַנצען ענין אַרויסגעוויזען מעהר ניט ווי יוגענדליכע לייכטזיניגקייט, און ניט קיין בייזען ווילען, און אַז שלעכטע מענשען האָבען איהם אַריינגע- צויגען אין אינטריגעס. דער קלוגער קאַפּאַדאָקיער האָט דערגרייכט זיין ציעל: הורדוס'עס כעס האָט זיך איינגעשטילט און אַלכּסנדר'ס לעבען איז אויף אַ געוויסער צייט אָבגעראַטעוועט געוואָרען.

אין דער זעלביגער צייט איז הורדוס'ן אויסגעקומען איבערצולעבען אַ גרויסען פּאָליטישען סכּסוך, וואָס האָט שיער ניט קאַליע געמאַכט זיינע פֿריינד- שאַפֿטליכע בעציהונגען מיט אויגוסטוס'ן. דער רויבערישער שבט טראַכוניטען פֿון דער אַראַבישער געגענד, וואָס דער קייזער האָט זי אונטערגעשטעלט אונטער הורדוס'עס ממשלה, האָט אויף דאָס-ניי אָנגעהויבען צו ווילדעווען. אַז דער אידי- שער חיל האָט אָנגעהויבען איינצושטילען די רויבער, דעמאָלט זענען פֿערציג אָנפֿיהרער פֿונ'ם דאָזיגען שבט אַנטלאָפֿען געוואָרען אינ'ם שכנ'ישען אַראַביען, וואו דער דאָרטיגער רעגירער סילעאוס האָט זיי גענומען אונטער זיין שוץ.

סילעאוס האָט פֿון לאַנג אָן נאָך געהאַט אַ כעס אויף הורדוס'ען. בשעת ער איז איין מאָל געווען אין ירושלים, האָט ער זיך געשודכ'נט צו הורדוס'עס שוועסטער שלומית, וואָס איז געוואָרען אַן אַלמנה נאָך קאָסטובר'ס טויט. נאָר הזות ווי מען האָט געשטעלט איהם אַ תנאי, אַז ער זאָל אָננעהמען די איד- דישע אמונה, דעריבער איז פֿון דעם שדוך גאָרנישט ניט געוואָרען. איצט, בשעת ער האָט דערגרייכט צו דער ממשלה, האָט ער געוואָלט זיך נוקם זיין אָן הורדוס'ן און האָט זיך אָבגעזאָגט אַרויסצוגעבען איהם די אַנטלאָפֿענע.

דעמאָלט האָט הורדוס אונטערנומען אַ קריגס-צוג קעגען אַראַביען, צע- שלאָגען דעם אַראַבישען חיל, וואָס איז אַרויסגעטראָטען אַנטקעגען איהם, און האָט האַרט בעשטראָפֿט די רויבער.

דערויף האָט סילעאוס פֿערוועגליך בעקלאָגט זיך פֿאַר'ן קייזער אויגוסטוס אין רוים און האָט דעם גאַנצען ענין אַרויסגעשטעלט אַזוי, ווי הורדוס וואָלט האָבען געטאָן מעהר, ווי דאָס דערלאָזט זיין כח-הרשאה, און אַז ער האָט

לומר'שט פערוויסט אראביען. דער קייזער איז אין כעס געווארען און האט אנגעשריבען הורדוס'ן, אז מהיום והלאה וועט ער זיך בעגעהן מיט איהם ניט ווי מיט א פריינד, נאר ווי מיט אן אונטערטאן. דער אידישער קעניג איז געווארען שטארק אומרוהיג און האט באלד געשיקט קיין רוים שלוחים, כדי זיך צו פערענטפערן, נאר דער קיסר האט די שלוחים ניט צוגענומען. דעמאלט איז געפאהרען קיין רוים, אלס הורדוס'עס א סניגור, זיין הויף-געלעהרטער, ניקאלויס פון דמשק. דעם קלוגען רעטאר האט זיך איינגעגעבען צו בעווייזען, אז סילעאוס'ס מסירה איז פאלש, און צו איבערציינגען דעם קייזער, אז אלע מעשים הורדוס'עס זענען געווען לויט'ן געזעץ. אויגוסטוס האט צוריק אומגעקעהרט זיין לייטזעליגקייט דעם אידישען קעניג און האט איהם אנגעשריבען א שלום-בריעף.

דערווייל איז די מהומה אין הורדוס'עס פאמיליע אלץ שטארקער געווארען. דער קנופ פון די רכילות'ן און בלבולים איז אלץ מעהר פערפלאנטערט געווארען. צו די היימישע אינטריגאנטען פלעגען צושטעהן צופעליגע פרעמדע מטולים, וואס זענען געקומען צו-גאסט ביים הויף און וואס האבען אויסגענוצט די מסכסכים צוליעב זייערע אייגענע נידערטרעכטיגע צוועקען. איינער א ספארטאנער, אוריקלעס, וואס האט זיך געפונען אין הורדוס'עס הויף, האט זיך צוגעמאכט צו אלעקסאנדר'ן, וועלכער האט איהם אלצדינג געטרויט, און דערנאך פלעגט ער זיינע ווערטער איבערגעבען דעם פאטער, און דערפאר פלעגט ער בעקומען א גוטע בעלוינונג. די אויספארשונגען און די עינוים פון די מענשען, וואס מען האט חושד געווען, אז זיי האבען צו טוהן מיט די פרינצען, האבען ניט אויפגעהערט. בעווייזען, וואס מען האט ארויסגעשלעפט דורך עינוים, און צווייפעלהאפטע דאקומענטען האבען געדיענט אלס ראיות, כדי פעסטצושטעלען, אז עס איז פאראן א פערשווערונג. אלעקסאנדר און אריסטובול האבען געלייקענט, אז זיי האבען גענומען אנאנטייל אין א פערשווערונג קעגען פאטער, זיי האבען מעהר ניט מודה געווען, אז זיי האבען געוואלט אנטלויפען פון דערהיים, מחמת זיי האבען מעהר ניט געקאנט אריבערטראגען דאס לעבען ביים פאטער אין שטוב. הורדוס האט אריינגעווארפען די זיהן אין תפיסה און האט געשיקט צום קייזער שלוחים מיט אן אנקלאגע אויף זיינע זיהן, אז זיי זענען מורדים במלכות.

אויגוסטוס, וואס האט אין יענער צייט געהאט ווידער געשענקט הורדוס'ן זיין לייטזעליגקייט, האט איהם ערלויבט צו טוהן מיט די פרינצען, ווי איהם איז וואויל געפעלען, נאר ער האט איהם געגעבען אן עצה, אז ער זאל פריהער פונאנדערקלייבען דעם גאנצען ענין אין א בעזונדערן געריכט, אין דער סירישער שטאט בירות, און אין דעם דאזיגען געריכט זאלען זיך בעטייליגען רוימישע בעאמטע און הורדוס'עס גוטע פריינד. דער קעניג האט גענוי געפאלגט אויגוסטוס'ס עצה, נאר דער אמת און די גערעכטיגקייט האבען ווייניג וואס דערפון גע-

וואַגען. דער געריכט, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבען אין בירות, האָט אויסגעהערט מעהר ניט הורדוסעס בייזע טענות קעגען זיינע קינדער און האָט פערמשפּט די בעשולדיגטע צו טויטשטראָף; מעהר ניט דער רוימישער לעגאַט סאַטורנינוס און זיינע דריי זיהן האָבען פראָטעסטירט קעגען טויט־אורטייל. ניקאָלויס פון דמשק האָט אויך געגעבען אַן עצה אָבצולעגען די טויט־שטראָף. הורדוס אַליין איז געווען נוטה צו דער אייגענער מיינונג, אַז מען בעדאַרף אָבלעגען די אויספיהרונג פונ'ם טויט־שטראָף.

נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז צווישען די קריגס־הויפּטלייט און די זעלנער פון קיסריה האָבען זיך בעוויזען געפעהרליכע סימפּאַטיעס צו די אונגליקליכע פרינצען און אַז עס איז ענטשטאַנען אַ מרידה, כדי זיי צו בעפרייען. דעמאָלט האָט דער קעניג בעשלאָסען ווייטער אויסצופיהרען דעם פסק־דין. ער האָט אַוועקגעפיהרט אלכסנדר'ן און אריסטובול'ן קיין שומרון־סעבאַסטיע, און דאָרט האָט מען זיי געטויט דורך דערשטיקען (אין יאָהר 7). אין דער זעלביגער שטאָדט, וואו מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז געפייערט געוואָרען הורדוס'ס חתונה מיט מרים'ן, איז טראַגיש איבערגעריסען געוואָרען דאָס לעבען פון די קינדער פון דעם דאָזיגען אומגליקליכען שדוך. די טראַגעדיע פונ'ם הויז חשמונאי איז דאָ דערגאַנגען ביז צו איהר שרעקליכען עפּילאָג.

אַנטיפּטרס פערשווערונג.

§ 97. אין מיטען דעם שוואַרצען טעאַטער פון הויף און דעם טרויעריגען שווייגען פון פאָלק, האָט געקאָנט זיך פיהלען גוט בלויז איין אַנטיפּטר. ער איז שוין געווען נאָהענט צו זיין לאַנג געווינשטען ציעל. די פרינצען־קאָנקורענטען זענען בעזייטיגט, ער געניסט פולקאָמען צוטרוי מצד דעם פאָטער און איז פאַקטיש געוואָרען זיין מיטרעגירער; ער איז דער ערשטער קרוין־יורש און דער צוקונפטיגער קעניג פון מלכות־יהודה. פונדעסטוועגען איז אַנטיפּטר ניט אינגאַנצען רוהיג געווען. ספקות האָבען זיך אָפטמאָלס אריינגעגנב'עט צו איהם אין האַרצען: דאָס פאָלק האָט איהם פיינט, אַלס אַן „אדומי" און אַלס דעם שולדיגען אין זיינע ברידערס טויט; זיינע געהיימע פאַלשקייטען זענען אונבעוואוסט בלויז דעם קעניג אַליין, נאָר פריהער אָדער שפּעטער קאָנען זיי ווערען אויפגעדעקט; אין הויז האָדעווען זיך די יונגערע פרינצען — אַרכילויס, פיליפּוס און אַנטיפּס, וואָס וועלען באַלד אויסוואַקסען און וועלען מסתמא אויך אַרויסשטעלען תביעות אויף דעם פאָטערס ירושה. מען האָט געמוזט טון, כל זמן די ענינים זענען נאָך ניט פערפלאָנטערט געוואָרען; מען האָט געמוזט פערגיכערן דעם טויט פונ'ם אַלטען פאָטער, וואָס לעבט שוין צו לאַנג, פערכאַפּען, מיט'ן הסכם פון רוים, דעם טראָן און בעהערשען זיך. און צוליעב דעם האָט אַנטיפּטר זיך פעראייניגט מיט'ן קעניגס ברודער פרורס, כדי אינאיינעם צו אַרבייטען פאַרן געווינשטען ציעל.

צווישען הורדוס'ן און פירורס'ן זענען פאָרגעקומען פאמיליען־סכסוכים, וואָס האָבען קאַליע געמאַכט זייערע פריהערדיגע ברידערליכע באַציהונגען. פירורס איז, אפנים, ניט צופרידען געווען מיט זיין ברודערס פּאָליטיק, און זיין פרוי האָט אפילו געשיצט די פרושים. פירורס'ס אונצופרידענקייט האָט אויסגענוצט אנטיפטר, בכדי צו מאַכען איהם פאַר א געצייג פון זיינע פינסטערע פלענער. אינטער'ן אויסריד פון פאמיליען־מאַלצייטען, פלעגען די פערשווערער מאַכען געהיימע פער־זאַמלונגען, בכדי אויסצוקלערען זייערע פלענער.

פון דער קעניגליכער שפּיאָנין שלומית — דאָס איז אפשר געווען דער איינ־ציגער מענש, וואָס איז מיט אמת געווען איבערגעגעבען הורדוס'ן — איז ניט געבליבען פערבאָרגען די דאָזיגע חשודי׳גע התקרבות צווישען אנטיפטר'ן און פירורס'ן און זי האָט באַלד געגעבען צו וויסען הורדוס'ן וועגען דעם חשד, וואָס זי האָט. הורדוס האָט דאָס מאָל קיין גרויסע ווערדע ניט געלעגט אויף דער מסירה און האָט זיך בּעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט פונאנדערגעשיידט אנטיפטר'ן פון פירורס'ן; ער האָט אַבּגעשיקט דעם ברודער אין זיין טעטראַרכיע אין עבר־הירדן. דעמאָלט האָט אנטיפטר דורך זיינע רוימישע פריינד דורכגע־פירט, אז דער פאָטער זאָל איהם שיקען מיט א שליחות צום קייזער. הורדוס, וואָס האָט קיין שום חשד ניט געהאַט, האָט גראָד אין דער אייגענער צייט געמאַכט א צוואה, וואו ער האָט בּעשטימט אנטיפטר'ן פאַר זיין יורש, — און ער האָט געשיקט דעם זוהן קיין רוים, בכדי ער זאָל פאָרלעגען דעם קייזער די צוואה אויף בּעשטעטיגען זי (אין יאָהר 6).

אין דער צייט, וואָס אנטיפטר האָט זיך געפונען אין רוים, איז פאָרגע־קומען א געשעהעניש, וואָס האָט אויפגעדעקט אלע נידערטרעכטיגע פלענער פון דעם דאָזיגען מנוול. פּלוצלינג איז געשטאָרבען פירורס אין זיין טעטראַרכיע. דער קעניג האָט זיך שטאַרק מצער געווען איבער דעם ברודערס טויט און האָט איבערגעפיהרט זיין אָרון, בכדי איהם מקבר צו זיין אין ירושלים. עטליכע פון פירורס'ס געוועזענע דינער, ווייבּאַלד זיי האָבען דערזעהן דעם קעניגס עצבות, האָבען געפונען פאַר נויטיג איהם צו וויסען צו געבען, אז דער פערשטאָרבענער איז, לויט זייער השערה, געשטאָרבען פון'ם סם, וואָס מען האָט איהם געגעבען. מען האָט וועגען דעם געמאַכט אויספאָרשונג, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז סם האָט זיך טאַקע געפונען ביי פירורס'ן אין שטוב, נאָר בּעשטימט איז עס געווען ניט פאַר פירורס'ן, נאָר פאַר הורדוס'ן גופא. פירורס'ס אלמנה האָט זיך מודה געווען, אז אנטיפטר האָט אַריינגעצויגען איהר מאַן אין א פער־שווערונג, בכדי צו פערסמ'ען דעם קעניג. ס'האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען, אז אנטיפטרס מוטער, דאָריס, האָט אויך א חלק אין דער פערשווערונג. אנדערע עדות האָבען בּעוויזען, אז אנטיפטר האָט צווישען זיינע געזינדט־חברים אָב־גערופען זיך מיט שנאה וועגען פאָטער, בעקלאָגט זיך דאָרויף, וואָס ער לעבט

אַזוי לאַנג און וואָס די יונגערע פּרינצען האָדעווען זיך אין רוים, אַלס צו־קינפֿטיגע רעגירער.

איצטער האָבען זיך בײַ הורדוס'ן געעפֿענט די אויגען. ער האָט דערזעהן, וואָס פֿאַר אַ שלאַנג ער האָט אָנגעוואַרימט בײַ זײַן ברוסט. און די פֿערברעכערישע פּלענער פֿון זײַן עלטסטען זוהן, וואָס אויף איהם האָט ער אַרויפֿגעלעגט זײַן גאַנצע האָפֿענונג, איז קיין שום ספֿק ניט געווען. הורדוס איז געווען אויסער זיך. ער האָט באַשלאָסען ווי געהעריג צו באַשטראָפֿען דעם בוגד, נאָר צוליעב דעם איז נויטיג געווען אַרויסצורופֿען דעם פֿערברעכערישען זוהן פֿון רוים און אַרײַנגנאַרען איהם אין ירושלים, איידער ער וועט זיך דערוויסען, אַז אויף איהם איז געפֿאַלען אַנאומ'חן. דאָס האָט זיך אינגאַנצען אײַנגעגעבען.

אַנטיפּטר, וועלכער האָט גאָרנישט ניט געוואוסט וועגען פּירורס'ס טויט, האָט אַלײן ווײַטער דורכגעשריבען זיך מיט איהם וועגען פֿערסמ'ען דעם קעניג. דעם לעצטען אָבער פֿליעגט ער אין דער זעלביגער צײַט שיקען צערטליכע בריעף, און וועלכע ער פֿליעגט אגב־אורחא אויך רעדען רכילות אויף זײַנע שטיף־ברידער, ארכילאוס און פיליפּוס, אַז זיי האָבען כלומרשט פֿײַנט דעם פֿאָטער. הורדוס האָט אונטער פֿערשיידענע אויסריידען צוגעאײַלט דעם זוהן, ער זאָל קומען צו פֿאָהרען, און באמת איז אַנטיפּטר שוין געווען אונטערוועגס קיין מלכות־יהודה.

אונטערוועגס האָט ער זיך דערוואוסט וועגען פּירורס'ס טויט. אַנטיפּטר'ן האָט אויך צעטומעלט די קאַלטע אויפֿנאַהמע, וואָס ער האָט געהאַט בײַם דורכ־פֿאָהרען מצד דער באַפֿעלקערונג פֿון קעסאַריען, נאָר ער איז פֿונדעסטוועגען געפֿאָהרען ווײַטער. אַז ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים און איז אַרײַן אין פּאַלאַץ, האָט איהם באַגעגענט ניט דער מילדער קוק פֿון אַ פֿאָטער, נאָר דער שטרענגער קוק פֿון אַ שופֿט און תליון. אויפֿ'ן אַנדערען טאָג האָט מען אַנטיפּטר'ן אָנגעקלאָגט פֿאַר אַ געריכט, וואָס בראש פֿון איהם איז געשטאַנען דער רוימישער פֿערוואַלטער פֿון סיריען, דער בערימטער וואַרוס, וואָס איז דעמאָלט געווען צו־גאַסט אין ירושלים. אין געריכט האָבען זיך אַרויסגעוויזען דורך די באַווײַזען פֿון אַ גאַנצער רייה עדות אַלע מיאוסע פֿאַלשקייטען, וואָס דער באַשולדיגטער איז באַגאַנגען בנוגע צום פֿאָטער און צו די אונשולדיגע אומגעקומענע ברידער. אַנטקעגען אַזעלכע דײַטליכע ראיות האָט אַנטיפּטר גאָרנישט ניט געקאָנט טענה'ן, און זײַנע בהכנעהדיגע בקשות, מען זאָל איהם מוחל זײַן, האָבען קיינעם ניט גערידערט. מען האָט איהם פֿערמשפּט. הורדוס האָט געהייסען שמידען דעם זוהן אין קייטען און האָט אַוועקגעשיקט אַ באַריכט קיין רוים און געבעטען דעם קייזער, ער זאָל באַשטימען אַ פּסק־דין אין דעם זעלביגען פּראָצעס.

די סימנים פֿון דער מרידה און הורדוס'עס טויט.

§ 98. הורדוס איז שוין געווען אַלט אַ יאָהר זיבעציג און האָט גע־ליטען אויף אַ קרענק, וואָס מען האָט זי ניט געקאָנט אויסהיילען. די צרות,

וואָס ער האָט איבערגעלעבט, האָבען איינגאַנצען חרוב געמאַכט זיין שטאַרקען אָרגאַניזם. דער קעניג האָט געמאַכט אַ נייע צוואה, וואָס פון איהר האָט ער אויסגעשלאָסען דעם פערהאַסטען אַנטיפּאַטר'ן, און אָנשטאָט איהם האָט ער בעשטימט פאַר'ן יורש זיין יונגסטען זוהן הורדוס-אַנטיפּאַס. הורדוס האָט כמעט שוין ניט גערעכט זיך געזונד צו ווערען, און צווישען פאָלק האָבען זיך שוין פערשפּרייט קלאַנגען, אַז דער קעניג האַלט ביים שטאַרבען.

אין יענעם מאָמענט איז פאָרגעקומען אַ געשעהעניש, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגען דער איבערסטער צערייצטקייט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען ביים פאָלק פאַר דער לאַנגער צייט, וואָס הורדוס האָט געקעניגט. די בשורה וועגען דעם קעניגס גסיסה האָט דערוועקט די האָפנונג בעפרייט צו ווערען פונ'ם שווערען דעספּאָטיזם און האָט געעפענט און איינציגע קרייזען פון דער געזעלשאַפט אַ טויער פאַר דעם לאַנג איינגעהאַלטענעם צאָרן. צוויי בעוואוסטע און פון פאָלק געאַכטע געלעהרטע, יהודה בן-צריפה און מתתיה בן מרגלית האָבען צוגערעדט זייערע תלמידים צו מאַכען אַ פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציע, צעשטערען די פיגור פונ'ם רוימישען גאָלדענעם אָדלער, וואָס הורדוס האָט אַוועקגעשטעלט איבער'ן טויער פון בית-המקדש און וואָס האָט בעליידיגט דעם נאַציאָנאַל-רעליגיעזען געפיהל פון די אידען, אַלס אַ סימבאָל פון היידענטום און קנעכטשאַפט. אָנגעפייערט דורך די רביימ'ס רעדעס, האָבען זיך די יונגע לייט איינאיינעם מיט זיי אַ וואָרף געטהאָן צום טויער פון בית-המקדש, אַראָפּגעריסען די אונגעהויערע גרויסע פיגור פונ'ם אָדלער און מיט העק צעהאַקט זי אויף פּיצלעך. דאָס איז געשעהן אַרום האַלבען טאָג, אין דער געגענוואַרט פון אַ גרויסער פאָלקסמאַסע, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפגעקליבען אין בית-המקדש. הורדוס'עס זעלנער האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער מאַסע און האָבען געכאַפּט אַנ'ערך פערציג מענשען, וואָס האָבען גענומען אַנטהייל אין דער דאָזיגער דעמאָנסטראַציע, צווישען דעם אויך ביידע געלעהרטע, וואָס האָבען געהאַלטען פאַר אַ בזיון זיך צו לאָזען לויפען, בשעת דער מיליטער איז אָנגעקומען.

די אַרעסטירטע האָט מען געבראַכט צו הורדוס'ן. דער נקמה-אינסטינקט, וואָס האָט זיך דערוועקט ביים קראַנקען קעניג, האָט איהם אויפגעהויבען פון בעט. מוטיג און מיט אַנ'אויסזעהען פון זיגער זענען די דעמאָנסטראַנטען געשטאַנען פאַר'ן קעניג. דער פערהער איז געווען אַ קורצער, און יוסיפוס פלאַוויוס שילדערט איהם אין אַזאַ לאַקאָנישער קורצער פאָרם. אויף דעם קעניגס ערשטע פראַגע: „צו זיי האָבען דאָס געהאַט די העזה צו צעהאַקען דעם גאָלדענעם אָדלער?" — האָבען זיי געענטפערט: „יאָ!" דערנאָך האָט דער קעניג געפרעגט: „לויט וועמענס בעפעהל?" — דערויף האָבען זיי געענטפערט: „לויט די געזעצען פון פאָטערלאַנד". צולעצט האָט זיי דער קעניג געפרעגט, פאַרוואָס זענען זיי דאָס אַזוי פרעהליך, בשעת זיי דאַרפען זיך ריכטען אויפ'ן טויט, — און זיי האָבען געענטפערט: „ווייל נאָכ'ן טויט וואַרט אויף אונז דער העכסטער שכר".

נאָכן פֿערהער האָט דער דערצאָרנטער קעניג געהייסען די שטודענטען און קרימען און אָפּפֿירען קיין ירדן. דאָרט האָט מען די פֿאָלקס-העלדען געטויט. די הויפּט-אָנטיילנעמער, צווישען דעם אויך די ביידע געלערנטע, האָט מען פֿערברענט לעבעדיגערהייד, און די איבעריגע האָט מען אָפּגעהאַקט די קעפּ (אין חודש מערץ פֿון יאָהר 4). מ'האָבען געליטען אויך אַנדערע מענשען, וואָס האָבען געהאַט א שייכות צו דעם דאָזיגען ענין. דער קעניג האָט אַראָפּגעזעצט דעם כהן-גדול מתיה (וואָס איז געווען נאָך שמעון ביתוס) דערפֿאַר, וואָס ער האָט דערלאָזען די רעוואָלוציאָנערע מאַניפֿעסטאַציע אין בית-המקדש, און האָט איבערגעגעבען די כהונה-גדולה יועזר'ן, וואָס קומט אויך אַרויס פֿון דער משפּחה ביתוסים. די איינפֿלוסרייכסטע פֿאָרשטעהער פֿון דער ירושלמ'ער געזעלשאַפֿט האָט דער קעניג שטרענג איבערגערעדט דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען דערלאָזען אזא זאַך.

דערווייל איז דעם קעניגס קראַנקהייט אַלץ שטאַרקער געוואָרען. מ'האָט הורדוס'ן ניט געהאָלפֿען אויך דער באָדען זיך אין די הייל-קוואַלען קאַלירהאָי (אויפֿן מזרח'דיגען ברעג פֿון ים-המלח), און ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין ירחו. דאָ איז אָנגעקומען דעם קייזערס ענטפֿער דורך די שלוחים, וואָס הורדוס האָט געשיקט וועגען אַנטיפּטר'ס פּראָצעס. אויגוסטוס האָט ערלויבט הורדוס'ן צו בעשטראָפֿען דעם זינדיגען זוהן, לויט ווי אויהם אַליין וועט געפֿעלען.

אין געשעהעניש האָט בעוויזען הורדוס'ן תּכף אויסצונוצען דאָס דאָזיגע רעכט. דעם קעניג האָט מען געמסר'ט, אַז אַנטיפּטר האָט, זיצענדיג אין תּפֿיסה, בעקומען די פֿאַלשע ידיעה, אַז דער פֿאָטער איז געשטאָרבען, און אויף דעם סמך האָט ער געוואָלט איבערקויפֿען דעם וועכטער פֿון דער תּפֿיסה, אַז ער זאָל אויהם פֿריי לאָזען, בכדי ער זאָל קאָנען פֿערכאַפּען דעם טראָן. דער קעניג איז געוואָרען שטאַרק אין כעס דעריבער און האָט בעפֿויהלען באַלד צו טויטען אַנטיפּטר'ן. מען דערצעהלט, אַז בשעת אויגוסטוס קיסר האָט זיך דערוואוסט וועגען הורדוס'עס לעצטען בלוטיגען איינפֿאַל, זאָל ער האָבען אויסגערופֿען: „בעסער צו זיין דעם אידישען קעניגס א חזיר, איידער זיינער א זוהן!" (אַן אָנצוהערעניש דערויף, אַז אידען עסען ניט קיין חזיר-פֿלייש).

דאָס איז געווען אייניגע טעג פֿאַר דעם קעניגס טויט. די מסורה דערצעהלט, אַז בשעת הורדוס האָט דערפֿיהלט, אַז זיין סוף איז נאָהענט, האָט ער אַרויסגעגעבען א געהיימען בעפֿעהל איינצושליסען אין צירק פֿון ירחו די פֿאָלקס-פֿאָרשטעהער, וואָס האָבען געהאַט זיך דאָרט צונויפֿגעקליבען, און אויסהרגען זיי אין דעם זעלביגען טאָג, וואָס ער וועט שטאַרבען, בכדי דאָס פֿאָלק זאָל ניט קאָנען אַרויסווייזען זיין שמחה איבער'ן טויט פֿון זיין טיראַן, מחמת עס וועט מוזען בעוויינען זיינע בעסטע בירגער. נאָר ניכער פֿון אַלץ איז די גאַנצע מעשה מכח דעם דאָזיגען לעצטען טייוועלישען פּלאַן פֿון נקמה, וואָס איז ניט פֿערווירקליכט געוואָרען, — מעהר ניט ווי א פּאָעטישע לעגענדע. אין פֿינף טעג

אַרום נאָך אַנטיפּטרס טויט, איז דער קעניג הורדוס געשטאָרבען אין יריחו (אין יאָהר 4 פֿאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג). מיט גרויס פּאַראַד און מיליטערישען כּבוד האָט מען זיין אָרון אַריבּערגעפֿיהרט אין דער פֿעסטונג הורדיום, וואָס ליגט אין דרום-ווייט פֿון ירושלים, און דאָרט האָט מען איהם בּעגראָבּען.

הורדוס'עס טויט האָט געקאָנט אַרויסרופֿען מעהר ניט אַ געפֿיהל פֿון ערלייכטערונג בּיים פֿאָלק, וואָס איז געווען געוועהנט צו פֿאָלגען דער דיסציפּלין פֿון זיינע געזעצען, אָבּער ניט דעם דעספּאָטישען ווילען פֿון אַנאַליינהערשער, וואָס איז נאָך דערצו איבּערגעוואַלד אוועקגעשטעלט געוואָרען דורך די רוימער און איז פֿרעמד מיט'ן נאַציאָנאַל-אידישען גייסט. אויבּ די אויסווייניגסטע פּאָליטיק אַליין און די דיפּלאָמאַטישע ערפֿאָלגען בּילדען די אויפֿגאַבּע פֿון מלוכה-לעבּען, דעמאָלט וואָלט הורדוס'עס קיניגען געמעגט רעכענען זיך פֿאַר אַ גלענצענדע; אָבּער אויבּ פֿאַר אַ מאָס פֿון אַנ'אמת'ער מלוכה-טעטיגקייט דאַרף מען אָננעהמען די פֿרייהייט פֿון די בּירגער, סאָציאַלע גערעכטיגקייט, דעם עקאָנאָמישען וואָהלשטאַנד פֿון דער מאַסע און די זאָרג וועגען דער גייסטיגער ענטוויקלונג פֿון דער נאַציע — דעמאָלט איז דער דאָזיגער קיניגען איינער פֿון די שענדליכסטע אין דער געשיכטע. דעם קעניג הורדוס I האָט מען אַ נאָמען געגעבּען (פֿערשטעהט זיך, ניט די אידען) „דער גרויסער“, נאָר די דאָזיגע צונעמעניש קאָן מען צופּאַסען צו איהם בּלויז אין דעם זין, אַז ער איז געווען אַ גרויסער טיראַן, בּכדי איהם אָבּצושיידען פֿון די קליינע טיראַנען, וואָס זענען געווען נאָך איהם. בּעליעבּט אין רוים, איז הורדוס געווען פֿערהאַסט אין מלכות-יהודה. אַנאונטערטעניגער דיענער דעם קייזער און אַ פֿריינד פֿון אויסלענדער, איז ער געווען אַ דעספּאָט פֿאַר זיין נאַציע און אַ תליין פֿון זיין משפּחה. אומבּעגרענצטע תשוקה צו כּבוד, אַ גלוסט צו גלענצען און געוועלטיגען, פּראַקטישע אויסגערעכענטקייט אָהן צומישונג פֿון גייסטיגע אידעאַלען, אָדער פֿון העכערע זיטליכע שטרעבּונגען — אָט דאָס זענען הורדוס'עס גייסטיגע תּכונות. פּאָליטיק האָט בּיי איהם געגאָלטען אָנשטאָט מאָראַל, דער ווילען פֿונ'ם רוימישען איבּערהאַר — אָנשטאָט דעם ווילען פֿון פֿאָלק, אייגענוויליגקייט — אָנשטאָט געזעץ און גערעכטיגקייט. די תורה, די אַלטע קאָנסטיטוציע פֿון מלכות-יהודה, האָט אָנגעוואָהרען אין הורדוס'עס צייטען די בּעדייטונג פֿון אַ פּאָליטישען פֿאַקטאָר. די אַנטינאַציאָנאַלע רעגירונג און דאָס פֿאָלק אין מלכות-יהודה זענען געווען צוויי פֿיינדליכע לאַגערן. ס'האָבּען זיך שוין בּעוויזען סימנים פֿונ'ם קאַמפּף צווישען די דאָזיגע בּיידע פֿיינדליכע קרעפֿטען. די בּעשטימענדע שלאַכט האָט נאָך ערשט בּעדאַרפֿט פֿאָרקומען.

ש. דובנאוו

# פערטער קאפיטעל.

## הורדוס 1-טענס יורשים און די מהומה-צייט.

(פון יאהר 4 ביז דער קר. צ.—יאהר 6 נאך דער ק. צ.).

ארכילוים און די מרידה אין ירושלים. — די מרידה און אנארכיע אין מלכות-יהודה. — הורדוס'עס יורשים אין רוים. — ארכילוים'ס רעגירונג און זיין פערשיקונג.

### ארכילוים און די מרידה אין ירושלים.

§ 99. די לעצטע יאהרען פון זיין קעניגען האט הורדוס עטליכע מאל געביטען זיינע צוואות וועגען דער קרוין-ירושה, אין הסכם מיט זיינע בעציהונגען אין דעם אדער יענעם מאמענט צו דעם אדער יענעם פון זיינע זיהן. נאכ'ן טויט פון מרימס זיהן איז פאר דעם איינציגען יורש בעשטימט געווארען אנטיפטר; נאך אנטיפטר'ס בגידה איז געמאכט געווארען א צוואה לטובת הורדוס-אנטיפס, הורדוס'עס יונגסטען זוהן פון דער שמרונית מלתקה (זיין עלטסטער ברודער איז געוועזען ארכילוים, § 95). קורץ פאר זיין טויט אבער האט הורדוס חרטה געהאט אויך אויף דער צוואה. אין דער לעצטער צוואה האט ער צעטיילט זיין לאנד צווישען זיינע דריי זיהן: ארכילוים האט בעדארפט בעקומען דאס עצם לאנד יהודה מיט'ן קעניגליכען טיטעל, הורדוס-אנטיפס — גליל און פערעא (עבר-הירדן) מיט'ן טיטעל טעטראַרך, און פיליפוס (הורדוס'עס יונגסטער זוהן פון קלעאפאטרע'ן) — טרכונית, בשן און די צפונית-מזרחית'דיגע גרעניץ-געגענד אויך מיט'ן טיטעל טעטראַרך.

אויך אין דעם פרט האט הורדוס געבעל-הבית'עוועט אין דער אידישער מלוכה, ווי אין זיין אייגענער נחלה, און האט מעהר פון אלץ געדאגה'ט וועגען דעם, ווי אזוי צו בעשענקען מיט לענדער און מיט מאכט איטליכען זוהן זיינעם. ער האט אויך ניט פערגעסען אן די איבעריגע מיטגלידער פון זיין משפחה. זיין שוועסטער שלומית האט ער אבגעזאגט די הכנסות פון עטליכע שטעדט, און די איבעריגע קרובים — גרויסע ארענדעס אדער געלדער.

אלע די דאזיגע פונקטען פון דער צוואה האבען געקאנט זיין גילטיג נאר דאן, אויב דער אימפעראטאר, דאס הייסט אויגוסטוס קיסר, וועט דאס בעשטעטיגען. און אויף צו בעקומען די קיסר'ליכע בעשטעטיגונג זענען געווענדט געוועזען איצט אלע בעמיהונגען פון די יורשים.

באלד נאך הורדוס'עס טויט אין ירחו, האט זיין קאנצלער תלמי פארגע-לייענט הייך די צוואה פונ'ם פערשטארבענעם פאר'ן גאנצען חיל, וואס איז דארט געשטאנען. די ארמעע, וואס איז בעשטאנען מרוב פון געדונגענע זעלנער,

האָט בעגריסט אַרכילויסן פֿאַר אַ קעניג, זי האָט אויך גענומען דעם הויפּטאַנטייל אין דער גרויסאַרטיגער לויה, וואָס אַרכילויס האָט געמאַכט הורדוסן, אונטערוועגס צווישען יריחו און ירושלים. דעם רעגירער דעם קרוינמאַן האָט בעוויינט די אַרמעע, און ניט די נאַציע.

באַלד איז אַרכילויס אָנגעקומען אין ירושלים. נאָך שבעה איז ער געקומען אין בית־המקדש און האָט זיך געווענדט מיט אַ בעגריסונגס־רעדע צום פֿאָלק, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַט צונויפֿגעקליבען. אַלס ענטפֿער דערויף, האָבען זיך געלאָזט הערען אין דער פֿערזאַמלונג פֿאָדערונגען וועגען רעפֿאָרמען. דאָס פֿאָלק האָט געפֿאָדערט, אַז דער נייער קעניג זאָל פֿערגרינגערן די משא פֿון די יערליכע אָבצאָהלונגען, ער זאָל אָבשאַפֿען די שטייערן אויף די נויטיגסטע פּראָדוקטען און בעפֿרייען די סך פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס זענען געזעסען אין די תפֿיסות ביים דעספּאָטישען רעזשים פֿון הורדוסן. אַרכילויס האָט זיך סומך געווען דערויף, אַז כל־זמן דער קייזער האָט נאָך ניט בעשטעטיגט הורדוס'עס צוואה, קען ער נאָך ניט אַרויסווייזען זיין גאַנצע קעניגליכע מאַכט, נאָר פֿונדעסטוועגען האָט ער צוגעזאָגט צו טון אַלצדינג, וואָס עס איז נאָר מעגליך, בכדי צו בעפֿרידיגען די מעסיגע פֿאָדערונגען פֿון פֿאָלק.

נאָר ניט אַלע האָבען זיך געקאָנט צופֿרידענשטעלען מיט מעסיגע רעפֿאָרמען, ווי דהיינו אַז מען זאָל גרינגער מאַכען די אָבצאָהלונגען און געבען פּאָליטישע אַמניסטיע. ס'איז געווען אַ צאָהלרייכע פּאַרטיי פֿון עקסטרעמע פּאַטריאָטען־קנאים, וואָס הורדוס'עס דעספּאָטישע רעגירונג האָט זיי געבראַכט ביז צו דער אויסערסטער ערביטערונג. די דאָזיגע פּאַרטיי האָט נאָך בעוויינט דעם אונטערגאַנג פֿון אידישע העלדען, וואָס האָבען נאָך ערב דעם דעספּאָט'ס טויט בעצאָהלט מיט זייער לעבען פֿאַר זייער פּאַטריאָטישער העלדענטאַט — צעבּרעכען דעם רוימישען גאָלדענעם אָדלער איבערן טויער פֿון בית־המקדש.

ווי נאָר ס'איז פֿאַרביי־געגאַנגען די צייט פֿונם הויפֿישען טרויער נאָך דעם פֿערשטאָרבענעם קעניג, האָבען די פּאַטריאָטען געמאַכט זייער בעזונדערן נאַציאָנאַלען טרויער, און וועלכען זיי האָבען בעקלאָגט די פֿערפֿייניגטע פֿאַר הורדוס'ס צייט און בעזונדערס די ניט לאַנג געטויטע געלעהרטע יהודה און מתיה. זיי האָבען צונויפֿגעקליבען אַ פֿערזאַמלונג און האָבען אויסגעדריקט בקול־רם זייער כעס אויף הורדוס'עס טיראַניע. זיי האָבען געפֿאָדערט, מען זאָל בעשטראָפֿען הורדוס'עס שלעכטע יועצים און אַז מען זאָל אַראָבזעצען דעם נייעם כהן־גדול, וואָס איז בעשטימט געוואָרען נאָך דער דעמאָנסטראַציע אין בית־המקדש. אַרכילויס האָט געשיקט זיינע מקורבים צו די פּראָטעסטאַנטען מיט דער בקשה, זיי זאָלען זיך אָבהאַלטען פֿון רעוואָלוציאָנערע מעשים, און הערפֿאַר האָט ער צוגעזאָגט, אַז שפּעטער־צו, ווען דער קייזער וועט בעשטעטיגען די צוואה, וועט ער אַרומקלערען זייערע פֿאָדערונגען; נאָר שטורמישע מעסיגע געשרייען האָ-

בען פֿערדריכט די רייה פֿון די קעניגליכע שלוחים. און דער לופֿט האָט אָנגעהויבען שמעקען מיט רעוואָלוציע.

די פֿאָלקס-בעוועגונג איז נאָך געפֿערליכער געוואָרען, בשעת אין ירושלים זענען זיך צונויפֿגעקומען אויף פּסח א סך עולי-רגל פֿון דער פּראָווינץ (און יאָהר 4). צו די ירושלים'ער רעוואָלוציאָנערן איז צוגעשטאַנען א מאַסע פּויערים. ערב-פּסח איז פֿאָרגעקומען א בלוטיגע צוזאַמענשטויסונג אין בית-המקדש, וואו די פּאַטריאָטען האָבען ווידער געמאַכט א שטורמישע מאַניפֿעסטאַציע. ארכילוים האָט ארויסגעשיקט אַ גאַנצע אַבטיילונג סאָלדאַטען, כדי איינצושטילען די מורדים; נאָר דער גרויסער המון האָט בעוואָרפֿען די סאָלדאַטען מיט שטיינער, און זיי זענען אַנטלאָפֿען געוואָרען, איבערלאָזענדיג א סך דערהרג'עטע און פֿערוואונדעטע.

ווײַבאַלד אז ארכילוים האָט דערזעהן, אז די מרידה איז צו-פֿיעל אויסגעוואַקסען, האָט ער ארויסגעשיקט קעגען די מורדים די גאַנצע פֿוס-פֿאָלק און רייטערײַ, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין דער הויפּט-שטאָדט. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַרײַנגעריסען צווישען דעם המון, וואָס האָט איבערגעפֿילט דעם בית-המקדש און דעם שכנישען פּלאַץ, און האָבען אויסגעהרג'עט ביז דרײַ טויזענד מאַן. נאָך דער דאָזיגער בלוטפֿערגיסונג האָט דער קעניג בעפֿויהלען, אז די מאַסען, וואָס זענען געקומען פֿון דער פּראָווינץ, זאָלען זיך אומקעהרען אהיים אין זייערע שטעדט און דערפֿער. די פֿיעל-טויזענדקעפּיגע מאַסע עולי-רגל איז געצוואונגען געווען צו פֿערלאָזען ירושלים און זיך אָבצואָגען פֿון צו האַלטען פּסח אין דער הייליגער שטאָדט.

זינט יענער צייט איז ארכילוים געוואָרען פּונקט אזוי פֿערהאַסט בײַם פֿאָלק, ווי זײַן פֿאָטער. ס'איז קלאָר געווען, אז פֿון הורדוס'עס משפּחה קאָן מען זיך ניט דערוואַרטען, זיי זאָלען ווידער איינפֿיהרען די נאַציאָנאַלע פֿערוואַלטונג און פּאָליטישע פֿרייהייט. די בעוועגונג קעגען דער דינאַסטיע, וואָס ווערט בעשיצט פֿון רוים, איז נאָך שטאַרקער אויסגעוואַקסען. פֿון דער הויפּט-שטאָדט איז זי אַרײַנגעדרונגען אין דער פּראָווינץ, און דאָס לאַנד איז געווען ערב אַן אַלגעמיינער מרידה.

נאָכ'ן איינשטילען דעם בונט אין בית-המקדש, איז ארכילוים אַוועק קיין רוים, כדי דאָרט פֿערזענליך זיך משתדל צו זײַן פֿאַר'ן קייזער, ער זאָל אים בעשטעטיגען פֿאַר א קעניג. די פֿערוואַלטונג איבער די מלוכה-ענינים פֿאַר דער צייט, וואָס ער וועט ניט זײַן, האָט ער איבערגעגעבען זײַן ברודער און מיט-יורש פֿיליפּוס.

## די מרידה און אנאַרכיע אין מלכות-יהודה.

§ 100. די אונאָרדנונגען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען אין ירושלים און וואָס אויסדריקליך זענען זיי געווען געווענדט קעגען דעם רוימישען פּראָטעקטאָראַט, האָבען בעוויזען דעם רוימישען פֿערוואַלטער אין סיריען, קווינטיליוס וואַ-

רוים (97 §), צו קאָנצענטרירן זיין אין דער הויפּט־שטאָדט איינעם פון די דריי־
לעגיאָנען, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין רשות. וואָרום אַליין איז פאַרבליבען
אין אַנטיוכיאַ. אין לאַנד יהודה איז אין דער צייט, ווען ארכלאוס איז אָפּ־
געפאָרען קיין רוים, אָנגעקומען דער פערוואַלטער אָדער „פּראָקוראַטאָר" סאַבינוס,
וואָס איהם האָט דער קייזער געשיקט איינצושטעלען רוה און אָרדנונג אין לאַנד.

קיין ערגערער מענש אויף אויסערפילען די דאָזיגע שליחות האָט נאָך
ניט געקאָנט זיין. אַנשטאָט צו בערוהיגען דאָס פאָלק, האָט דער געלדגיריגער
און אַכזריותדיגער סאַבינוס נאָך מעהר צערייצט איהם דורך זיין אויפרייצענדער
אויפפיהרונג און דורך זיין רייסען געלד פון פאָלק. ער האָט פערלאָזט זיין
רעזידענץ אין קיסריה און האָט זיך בעזעצט אין ירושלים, וואו ער האָט פער־
נומען דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, איינגערויבט די קעניגליכע אוצרות און אָהן רחמנות
אונטערדריקט די בעפעלקערונג, מיט'ן אויסרייד צו פערהיטען דעם בונט. נאָר
אַנשטאָט צו פערהיטען פון דער רעוואָלוציע, האָט ער נאָך מעהר פערגיכערט זי.

צו שבועות דעם זעלבינען יאָהר האָט זיך פון דאָס־ניי צונויפגעקליבען
אין ירושלים א גרויסע מאַסע איינוואוינער פון דער פּראָווינץ. א סך פון זיי
האָבען זיך געלאָזט געהן אין דער הויפּט־שטאָדט, כּדי צו נעהמען אַנטייל
ניט אַזוי אין די רעליגיעזע צערעמאָניעס, ווי אין די פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס
קעגען דעם פערהאַסטען רוימישען פערוואַלטער. כּדי אויסצוגלייכען די רוימער
פון פערשיידענע זייטען, האָט דער המון זיך צעטיילט אויף דריי אַבטיילונגען:
איינע האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון צירק אָדער פון היפּאָדראָם, וואָס הורדוס
האָט אויפגעבויט, די אַנדערע האָט זיך צעשטעלט נעבען בית־המקדש, און די
דריטע נעבען בעפעסטיגטען קעניגליכען פּאַלאַץ, וואו סאַבינוס האָט זיך געפונען.

אַז דער איבערגעשראָקענער פערוואַלטער האָט דערזעהן דעם דאָזיגען מעכטיגען
דראַנג פון פאָלק, האָט ער זיך בעהאַלטען אין טורם פּזאל, וואָס איז געווען דער
העכסטער פּונקט פון דער פּאַלאַץ־פעסטונג, און די רוימישע סאָלדאַטען האָט
ער געהייסען אַרויסטרעטען קעגען די אידען. נעבען בית־המקדש איז פאָרגעקומען
א בלוטיגע צוזאַמענשטויסונג. די רוימער האָבען פערשפּאַרט דעם פּלאַץ פאַר'ן
בית־המקדש, די אידען אָבער האָבען אַרויפגעקלעטערט אויף די דעכער פון די
גאַלערייען, וואָס אַרום דעם בית־המקדש, און פון דאָרט האָבען זיי געוואָרפען
אויף די שונאים שטיינער און פיילען. דעמאָלט האָבען די רוימישע סאָלדאַטען
אונטערגעצינדען פון אונטען די הילצערנע זיילען פון די גאַלערייען. דער פלאַם
האָט גיך אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצען גרויסאַרטיגען בנין ביז אַרויף דעם דאַך.
די אידישע קעמפפער, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, זענען אַרונטערגעפאַלען
אינאיינעם מיט'ן איינגעפאַלענעם דאַך, און זענען געשטאָרבען אונטער די ברע־
נענדיגע חורבות; א סך פון זיי, ווייזאַלד זיי האָבען קיין רעטונג פאַר זיך
ניט געזעהן, האָבען זיך אַליין אַריינגעוואָרפען אין פייער; די וואָס זענען ניצל

געוואָרען פון פייער, האָבען די רוימישע סאָלדאַטען דערהרג'עט. די סאָלדאַטען זענען אַריינגעדרונגען אין בית-המקדש און האָבען אָנגעהויבען צו ראַבירען זיינע אוצרות. דאָ איז אַרויס פון זיין בעהעלטעניש אויך סאַבינוס, וואָס האָט דער-שמעקט חיה. דער געלדגיריגער בעאַמטער האָט פאַרכאַפּט פאַר זיך 400 טאַלענטען פון דער קאַסע פון בית-המקדש.

פונדעסטוועגען האָבען די אידישע פאַטריאָטען נאָך אַלץ ניט אָנגעוואָרען זייער מוט. זיי האָבען קאָנצענטרירט זייערע קרעפטען אין איין אָרט, נעבען דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, וואו עס האָבען זיך בעפעסטיגט סאַבינוס און זיינע סאָל-דאַטען. די אידען האָבען אַרומגערינגעלט דעם פּאַלאַץ און האָבען געשראָקען, אַז זיי וועלען אונטערמינירען און אונטעררייסען דעם געבוי. צו די פאַטריאָטען איז צוגעשטאַנען אַ בעדייטענדער טייל פון קעניגליכען חיל, אָבער דער אַנדערער טייל פונם חיל איז געשטאַנען אויפ'ן צד פון די רוימער. די בעלעגערער האָבען פאָרגעלעגט סאַבינוס'ן און זיין אַבטיילונג, זיי זאָלען מיט'ן גוטען ווילען אַרויס-געהן פון ירושלים, דעמאָלט האָבען זיי צוגעזאָגט זיי גאָרנישט ניט צו טון. נאָר סאַבינוס, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַזויפיעל עולות און גזלות, האָט מורא געהאַט, אַז די אידען וועלען ניט האַלטען וואָרט, און דעריבער האָט ער בעסער געוואָלט אָפּוואַרטען, ביז עס וועט קומען איהם צו-הילף מיט זיינע לעגיאָנען דער פער-וואַלטער וואַרוס, וועלכען ער האָט אומגעזאַמט מודיע געווען וועגען דער סכנה.

נאָר ניט בלויז אין דער הויפּט-שטאָדט אַליין האָט דאָס פאָלק געקעמפט פאַר זיין פרייהייט קעגען הורדוס'עס יורשים און קעגען די רוימער. די רעוואָ-לוציאָנערע בעוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע פּראָווינץ. אין גליל איז בראש פון די מורדים געשטאַנען יהודה, דער זוהן פון חזקיה, — דאָס איז דערזעלביגער אָנפיהרער פון די גליל'ער פאַטריאָטען, וואָס הורדוס האָט זיך מיט איהם אין זיין יוגענד אָפּגערעכענט, ווי מיט אַ רויבער-הויפּטמאַן (§ 83). דער יהודה הגלילי האָט געמאַכט אַן אָנפאַל אויף דער שטאָדט צפורי, פערנומען דאָרט אַלע געוועהר, וואָס האָט זיך געפונען אינ'ם קעניגליכען אַרסענאַל, און האָט בעוואָפענט אַ סך מורדים. יהודה'ס אָבטיילונגען פלעגען אָנפאַלען אויף די רוימער און אויף די אָנהענגער פון הורדוס'עס יורשים אין גליל, און מיט זייער אָנקומען פלעגען זיי אויף אַלעמען אָניאָגען אַ שרעקען.

אין פּערעע אָדער עבר-הירדן האָט אויפגעהויבען די מרידה אַ געוויסער שמעון, הורדוס'עס אַ געוועזענער דינער, אַ מענש פון אַ ריזיגען וואוקס. בראש פון אַ גאַנצען המון האָט ער זיך אַריינגעריסען אין יריחו, צעראַבירט און פערברענט דאָרט דעם קעניגליכען פּאַלאַץ; זיינע באַנדעס האָבען אויך אין אַנדערע ערטער אונטערגעצונדען הייזער און ראַבירט האָב-און-גוטס. זייער אָנ-פיהרער שמעון האָבען זיי אויסגערופען פאַר אַ קעניג.

אַ געוועזענער פאַסטוך אַטראָנג און זיינע פיער ברידער, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער אונגעהייער גרויסען וואוקס, האָבען אָרגאַניזירט מאַר-

טיזאַנישע אָפּטיילונגען, וואָס זענען אָנגעפֿאַלן אויף די רוימער און אויף די קעניגליכע סאָלדאַטן. ניט ווייט פֿון עמוים (חמת) האָבן זיי געשלאָגן און פֿונאַנדערגעטריבן אַ גאַנצע רוימישע קאָהאָרטע.

אַנאַלאָגישע מהומה האָט געהערשט אין לאַנד. די טיבערישע פֿאָלקס-מרידה פֿלעגט אָפּטמאָלס איבערגעהן אין אַנאַרכיע, דער באַפֿרייאונגס-קריג — אין לויזע פֿערוויסטענדע אָנפֿאַלן, וואָס דערפֿון פֿלעגן ליידען ניט בלויז די פֿיינד פֿון דער נאַציע, נאָר אויך די פֿרידליכע אידישע בעפֿעלקערונג. ס'האָט געפֿעהלט אַן אַלגעמיינער פֿיהרער און אַן אַלגעמיינער טעטיגקייטס-פּלאַן.

סוף-כּל-סוף איז דער סירישער פֿערוואַלטער וואַרוס דערגאַנגען אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד יהודה. ער איז אַוועק פֿון אַנטיוכיא מיט די צוויי לעגיאָנען, וואָס זענען דאָרט ביי איהם געבליבען, אונטערוועגס האָט ער צו די מיטוף גענומען נאָך אַראַבישע הילפֿס-אָפּטיילונגען, און אין גיכען האָט די גאַנצע מוראדיגע מיליטערישע מאַכט זיך בעוויזען אין גליל. דער צענטער פֿון דער גלילער מרידה, די שטאָדט צפּורי, איז פֿערברענט געוואָרען, און איהרע איינוואוינער פֿערקויפֿט פֿאַר שקלאַפֿען. דערנאָך איז וואַרוס אַריינגעטראָטען אין געביט פֿון שומרון, וואו ער האָט קיינעם ניט אָנגערירט, מחמת די אָרטיגע איינוואוינער האָבען ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם אויפֿשטאַנד. בלויז די אַראַבער, וואָס האָבען זיך געפֿונען צווישען רוימישען חיל, האָבען, מחמת זייער שנאה צו די אידען, פֿערוויסט און צעראַבירט אַלצדינג אונטערוועגס אָהן שום אונטערשייד.

צולעצט האָט וואַרוס'עס אַרמעע זיך דערנעהענטערט צו ירושלים. אַז די מורדים, וואָס האָבען בעלעגערט דעם קעניגליכען פּאַלאַץ האָבען זי דערזעהן, האָבען זיי זיך געלאָזט לויפֿען; די איינוואוינער פֿון דער פּראָווינץ זענען אַוועק צו זיך אַהיים און די ירושלמ'ער איינוואוינער האָבען זיך אָבגעזאָגט פֿונ'ם אָנטיילנעהמען אינ'ם בונט. ווי נאָר סאַבינוס האָט בעקומען פֿרייהייט, איז ער איילִיג אַוועק פֿון ירושלים, ווייל ער האָט ניט געוואָלט בעגעגענען זיך מיט וואַרוס'ען, וואָס וואָלט איהם געקאָנט בעשטראָפֿען פֿאַר זיינע שלעכטע מעשים. וואַרוס האָט פֿונאַנדערגעשיקט אָפּטיילונגען איבער'ן גאַנצען לאַנד מיט'ן בעפֿעהל צו כאַפּען די אָנפֿיהרער פֿון דער מרידה און צעשטערען די איבערגעבליבענע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. מען האָט געכאַפּט אַנערך צוויי טויזענד אַקטיווע אָנטיילנעהמער פֿונ'ם אויפֿשטאַנד. וואַרוס האָט געהייסען אויפֿהענגען זיי אויף קרייצען.

אַזוי איז פֿאַרביגעגאַנגען דער פֿיערטער יאָהר פֿאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, דער בלוטיגער יאָהר פֿון רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען און פֿון אַנאַרכיע, בשעת די נאַציע, וואָס איז אַרויס פֿון געדולד, האָט געגעבען אַן ענטפֿער אויף דעם 34-יאָהריגען אַנטינאַציאָנאַלען רעזשים פֿון הורדוס'עס קעניגען. אין די תלמודישע טראַדיציעס איז די דאָזיגע צייט בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „פּולמוס של אסווירוס“, דאָס הייסט די צייט פֿון וואַרוס'עס קריג.

## הורדוסעס יורשים אין רוים.

§ 101. אין דער צײַט, וואָס אין מלכות־יהודה זענען פֿאָרגעקומען די דאָזיגע בלוטיגע מהומות, האָבן הורדוסעס יורשים, וואָס זענען זיך צונויפֿגעפֿאָהרן אין רוים, געוואַרט אויף אויגוסטוס׳עס באַשלוס בנוגע צו זייער פֿאָטערס צוואה. נאָך אַרכילויס׳ן, וואָס איז אַוועק קיין רוים אין דער באַגלייטונג פֿון ניקאָלאוס פֿון דמשק און פֿון נאָך אייניגע אַנדערע יועצים פֿון זײַן פֿאָטער, איז געקומען צופֿאָהרן אַהין אויך הורדוס־אַנטיפּאַס מיט זײַן סוויטע. ביידע ברידער האָבן געהאַט אַ שטרײַט צווישען זיך. הורדוס־אַנטיפּאַס האָט ניט געוואָלט זיך צו־פֿרידענשטעלען מיט׳ן טיטעל טעטראַרך פֿון דער גליל׳ער פּראָווינץ און האָט געטענה׳ט, אַז אים קומט דער טיטעל קעניג פֿון מלכות־יהודה, והראיה, אַז אין זײַן פֿאָרלעצטער צוואה האָט דער פֿאָטער איבערגעלאָזט דעם דאָזיגען טיטעל אים. אַרכילויס ווײַטער האָט געטענה׳ט זיך פֿאַר׳ן געזעצליכען יורש פֿונ׳ם קעניגליכען טיטעל אויפ׳ן סמך פֿון דער לעצטער, איבערגעאַנדערשטער צוואה הורדוס׳עס. די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער קעניגליכער פֿאַמיליע, וואָס זענען אויך געקומען אין רוים, האָבן מעהר מיטגעהאַלט הורדוס־אַנטיפּאַס׳ן, איידער אַרכילויס׳ן; דעם לעצטען האָבן זיי ניט ליעב געהאַט פֿאַר זײַן שלעכטען דעספּאָטישען כאַראַקטער.

דער קייזער האָט צונויפֿגערופֿען אויף אַ בעראַטונג זײַנע גוטע פֿרײַנד און שרים און האָט פֿאָרגעלעגט ביידע ברידער און זייערע פֿערטיידיגער, זיי זאָלען אַרויסזאָגען זייערע טענות און תביעות. הורדוס־אַנטיפּאַס׳עס אינטערעסען האָט פֿערטיידיגט זעהר שען דער יונגער אַנטיפּאַטר, שלומית׳עס זוהן. זײַן פֿער־טיידיגונג איז געווען אַ באַשולדיגונגס־אַקט קעגען אַרכילויס׳ן. ער האָט באַ־וויזען, אַז אַרכילויס האָט, ניט דערוואַרטענדיג זיך אויפ׳ן קייזערס באַשלוס, שוין געשפּיעלט אין מלכות־יהודה די ראָל פֿון אַ קעניג, און אַפֿילו פֿון אַ קעניג אַ דעספּאָט, וואָס האָט זיך ערלויבט פֿערברעכעריש אויסצוהרג׳ען דרײַ טויזענד מענשען אין בית־המקדש; אַז ער איז ניט ראוי צו טראָגען דעם טיטעל „קעניג“, און אַז הורדוס׳עס פֿאָרלעצטע צוואה, וואָס האָט באַשטימט אַנטיפּאַס׳ן פֿאַר אַ קעניג, דאַרף זיך רעכענען פֿאַר מעהר גילטיג, איידער די לעצטע צוואה, וואָס דער פֿערשטאָרבענער האָט געמאַכט קורץ פֿאַר׳ן טויט, בשעת ער איז שוין געווען שוואַך בײַם זינען. אַרכילויס׳עס פֿערטיידיגער, ניקאָלאוס פֿון דמשק, האָט אין אַ לאַנגער רעדע פֿערטיידיגט זײַן קליענט קעגען דער באַשולדיגונג אין אייגענווילליגקייט און אכזריות און האָט אַרויפֿגעוואָרפֿען די שולד פֿאַר דער הריגה אין בית־המקדש אויף די אָנפֿיהרער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אין ירושלים. ניקאָלאוס האָט באַוויזען, אַז די לעצטע צוואה האָט הורדוס געשריבען בשעת ער איז נאָך געווען בײַם קלאָרען זינען און פֿעסטען זכרון, און האָט אויס־געדריקט די האָפֿענונג, אַז דער קייזער וועט ניט וועלען געהן אַנטקעגען דעם.

לעצטען ווילען פון קעניג, וואס איז געווען שטענדיג זיין געטרייער פריינד און וואסאל (אפהענגיגער פירשט). נאך דער דאזיגער רעדע האט ארכילאוס באשיידען זיך אראפגעלאזט אויף די קניע פארן קייזער. אויגוסטוס האט געהייסען איהם אויפשטעהן און האט ערקלערט, אז ער רעכענט ארכילאוס'ן פאר ראוי צו טראגען דעם קעניגליכען טיטעל. נאר די ענדגילטיגע פונאנדערטיילונג פון דער ממשלה צווישען הורדוס'עס קינדער האט דער קייזער אפגעלעגט ביז אנאנדער מאל און דערווייל האט ער פונאנדערגעלאזט די פערזאמלונג.

דערווייל זענען אנגעקומען פון מלכות-יהודה ידיעות וועגען דעם פאלקס-אויפשטאנד און וועגען דעם, אז דער פערוואלטער ווארוס האט איהם דערשטיקט. באלד איז אין רוים אנגעקומען א דעפוטאציע פון אידישען פאלק, וואס איז באשטאנען פון 50 מאן. דער דאזיגער פאלקס-דעפוטאציע האט מען איבערגעגעבען די שליחות זיך משתדל צו זיין פארן קייזער, ער זאל דערווייטערן אלע פרעטענדענטען פון הורדוס'עס משפחה און צוריקגעבען מלכות-יהודה איהר רעפובליקאנישע אויטאנאמיע אונטער רוימישען שוץ. אין דער זעלביגער צייט איז אנגעקומען אין רוים אויך דער דריטער פרעטענדענט, פיליפוס, כדי צו פער-זיכערן זיך זיין חלק ירושה און צו-גלייכער צייט אונטערהאלטען ארכילאוס תביעות.

כדי פונאנדערצוקלייבען אלע די דאזיגע השתדלות'ן און תביעות, האט דער קייזער צונויפגעקליבען א נייע פערזאמלונג אינם גרויסארטיגען טעמפעל פון אפאלא. דא זענען ארויסגעטרעטען די שלוחים פון אידישען פאלק. זיי האבען געשילדערט פאר דער פערזאמלונג דעם פינסטערן בילד פון הורדוס'עס קעניגען, זיי האבען דערצעהלט וועגען זיין טיראנישער רעגירונג, וועגען זיין פעראכטונג צו די נאציאנאלע מנהגים פון די אידען, וועגען זיינע אכזריות'דיגע פאליציאנישע מאסרעגלען, וועגען דעם, אז דאס פאלק איז געווארען בדלות געשטעלט דורך די צו-גרויסע אפצאהלונגען, אז הורדוס'עס באאמטע פלעגען רויבען און נעהמען שוחד, אז ער האט מיטגעהאלפען דער פערדארבונג פון די מדות. די שלוחים האבען מוסיף געווען, אז הורדוס'עס יורש, ארכילאוס, איז גלייך אין אנהויב איבערגעשטיגען זיין פאטער אין אכזריות און האט אנגעמאכט די הריגה אין בית-המקדש. דעריבער האבען זיי געבעטען דעם קייזער, ער זאל באפרייען מלכות-יהודה פון אזעלכע רעגירער און זאל געבען דעם דאזיגען לאנד די אייגענע אויטאנאמע ארדנונג, ווי די איבעריגע סירישע פראווינצען. די שלוחים האבען פערזיכערט, אז דאס אידישע פאלק וועט, ביי א געטרייער גאראנטיע פון זעלבסט-פערוואלטונג, מיט מעהר חשק פאלגען די רוימישע פערוואלטער, איידער די רעגירער פון דער פערהאסטער האלב-אידישער דינאסטיע.

דעמאלט איז ווידער ארויסגעטראטען ארכילאוס'עס פערטיידיגער, ניקאלאוס פון דמשק. ער האט פארגעווארפען די אידישע פארשטעהער דערין, אז זיי ווילען מעהר ניט מוציא שם-רע זיין אויפ'ן פערשטארבענעם קעניג, און האט

די בעשולדיגט, אַז זיי פֿיהלען מיט מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, וואָס איז געווענדט ניט בלויז קעגען הורדוס'עס דינאַסטיע, נאָר אויך קעגען דער איבערהערשאַפֿט פֿון רוימישען קייזער. דער סיריער, וואָס איהם איז פֿריהער געווען דאָס אידישע פֿאָלק, איז דאָ ערשיענען אַלס פֿערטיידיגער פֿון די רוימישע אינטערעסען, און ס'איז ניט שווער געווען פֿאַראויסצוזעהן, אַז אויפֿן דאָזיגען שטאַנדפּונקט וועט זיך אויך שטעלען דער קייזער.

אין עטליכע טעג אַרום האָט דער קייזער מודיע געווען זיין בעשלוס וועגען הורדוס'עס צוואה (אין יאָהר 3). אין די הויפּט-פּונקטען איז די דאָזיגע צוואה בעשטעטיגט געוואָרען, מיט איין אויסנאַהם, וואָס ארכילוים האָט בעקומען דעם טיטעל עטנאַרך און ניט קעניג. זיין געביט איז בעשטאַנען פֿון דער אייגענט-ליכער מלכות-יהודה, שומרון און אדום, חוץ די שטעדט, וואו עס האָבען גע-וואוינט גריכען — עזה, גדרה און היפּאָס, וואָס זיי האָט מען צוגעגעבען צו סיריען. הורדוס-אנטיפּס האָט בעקומען אויף זיין חלק גליל און פּערעאַ מיט'ן טיטעל טעטראַרך, וואָס האָט זיך גערעכענט פֿאַר א ביסעל נידעריגער, איידער דער טיטעל עטנאַרך. פֿיליפּוס האָט בעקומען די טעטראַרכיע, וואָס איז בעשטאַנען פֿון טרכונית און אנדערע געגענדען נעבען דער גרעניץ פֿון אַראַביען אין צפונית-מזרחית-זייט פֿון פּאַלעסטינע. הורדוס'עס שוועסטער שלומית האָט מען איבערגעלאָזט די הכנסה פֿון דריי שטעדט (יבנה, עזות און פּזאֵלים) אין ארכילוים'ס געגענד. די איבעריגע מיטגלידער פֿון הורדוס'עס פֿאַמיליע האָט מען פֿינאַנציעל געשטיצט, געלדער און הכנסות פֿון אַרענדעס, לויט דער צוואה פֿונ'ם פֿער-שטאָרבענעם.

ארכילויס'ס רעגירונג און זיין פֿערשיקונג.

§ 102. אויף אַזאַ אופֿן איז דער שטרייט צווישען פֿאָלק און צווישען הורדוס'עס דינאַסטיע בעשלאָסען געוואָרען לטובת דער לעצטער. ארכילוים, וואָס איז פֿערהאַסט געווען ביים פֿאָלק, איז געוואָרען דער רעגירער איבער מלכות-יהודה. אַזאַ רעגירער האָט, פֿערשטעהט זיך, געקאָנט זיין נאָר א טיראַן. ארכילוים האָט געהאַט הורדוס'עס אַלע חסרונות, נאָר זיין שכל האָט איהם געפֿעהלט. ער האָט פֿערענדיגט די איינשטילונג פֿון די אידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וואָס וואָרום האָט אָנגעהויבען. ער האָט בעשטימט און אַראָפּגעזעצט כהנים-גדולים, ווי דאָס וואָלטען געווען פּשוט'ע בעאַמטע, איבער זיינע פֿריהערדיגע קאַפּריזען אָדער דינאַסטישע חשבונות. פֿאַר די ניין יאָהר, וואָס ארכילוים האָט געקעניגט (ביז'ן 6-טען יאָהר נאָך קריסטוס), האָבען זיך געביטען אין ירושלים דריי כהנים-גדולים. יועזר פֿון דער משפּחה ביתוסים האָט געמוזט אַראָב פֿון שטעל פֿאַר זיין פּאָליטישער אונזיכערקייט, און זיין אָרט האָט פֿערנומען זיין ברודער אלעזר, דער לעצטער האָט פֿון זיין זייט געמוזט אין גיכען אָבטרעטען זיין אָרט א געוויסען יהושע בן סיא.

אַרכעלױס האָט איבערגענומען בירושה פֿון פֿאָטער די תשוקה צו גרױסאַרטיגע בנינים. ער האָט פֿון דאָס־ניי אױפֿגעבױט דעם פּאַלאַץ אין יריחו, װאָס איז צעשטערט געװאָרען אין דער צײט פֿון דער מרידה. ער האָט פֿערפֿלאַנצט דעם שכנישען טאָל מיט טײטעל־פּאַלמען און האָט דורכגעפֿירט אַהין פֿון דעם שכנישען דאָרף נערה װאַסער צום בעגיסען. אין דער דאָזיגער געגענד איז ענטשטאַנען אַ נייער ישוב, װאָס האָט בעקומען דעם נאָמען אַרכילאַיס.

פּונקט אַזױ װי זיין פֿאָרגעהער, האָט אַרכעלױס ניט געאַכט אױף די רעליגיעזע געזעצען און מנהגים פֿון פֿאָלק. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער קאַפּאַדאָקישער פּרינצעסין גלאַפֿירא, דער אַלמנה פֿון זיין שטיפֿברודער אַלכסנדר (§ 95). נאָך איהר מאַנס טױט האָט גלאַפֿירא חתונה געהאַט מיט׳ן נומידישען קעניג יובאַ, און אַז זי איז נאָכדעם צום צװײטען מאָל געװאָרען אַן אַלמנה, האָט זי זיך אומגעקעהרט אַהײם קײן קאַפּאַדאָקיא. דאָ האָט אַרכעלױס זי דערזעהן און האָט זיך אַזױ איינגעליעבט אין איהר, אַז ער האָט זיך ענטשלאָסען צו גט׳ן מיט זיין פֿרױ, כּדי צו קאָנען חתונה האָבען מיט גלאַפֿירא׳ן. די פֿרומע אידען זײנען געװען שטאַרק אױפֿגעבראַכט איבער דעם דאָזיגען שדוך, מחמת ער איז געװען קעגען תּורת־משה, װאָרום גלאַפֿירא האָט געהאַט קינדער פֿונ׳ם ערשטען מאַן, אַלכסנדר׳ן, און לױט׳ן דין קאָן אַ ברודער חתונה האָבען מיט דעם ברודער׳ס אַלמנה נאָר װען נאָכ׳ן פֿערשטאָרבענעם בלײבען ניט קײן קינדער. באַלד אָבער איז גלאַפֿירא געשטאָרבען. צװישען פֿאָלק איז געגאַנגען אַ קלאַנג, אַז פֿאַר׳ן טױט האָט זי געזעהן אַ חלום: צו איהר איז געקומען איהר פֿערשטאָרבענער מאַן אַלכסנדר, האָט איהר פֿאָרגעװאָרפֿען, װאָס זי לעבט אין זינד מיט׳ן ברודער, און צוגעזאָגט איהר, אַז ער װעט אין גיכען נעהמען זי צו זיך.

דערװייל איז אין פֿאָלק אַלץ מעהר געװאַקסען די אומצופֿרידענקײט מיט אַרכעלױס׳ דעספּאָטישער פֿערװאַלטונג. ס׳זײנען געװען אומצופֿרידען ניט בלױז די אידען, נאָר אױך די שומרונים, װאָס פֿאַר הורדוס׳עס צײטען האָבען זײ געהאַט בעזונדערע רעכט. אַרכעלױס׳ן האָט לחלוטין ניט געאַרט די אומצופֿרידענקײט פֿון פֿאָלק, נאָר ער האָט פֿערגעסען, אַז ער װעט מוזען אָפּגעבען אַ דין־וחשבון װעגען זיין פֿערװאַלטונג פֿאַר זיין איבערהאַר — אױגוסטוס׳ן. בשעת אױגוסטוס האָט בעשטעטיגט אַרכעלױס׳ן פֿאַר אַן עטנאַרך, האָט ער איהם פֿאָרגעלעגט, ער זאָל זיך בעגעהן ניט שטרענג מיט זײנע אונטערטאַנען, און האָט איהם אַפֿילו צוגעזאָגט צו שענקען דעם טיטעל קעניג, אױב ער װעט דאָס פֿערדינען דורך אַ גוטער פֿערװאַלטונג. נאָר אַרכעלױס האָט ניט ערפֿילט דעם קײזער׳ס האָפֿענונגען, און די פֿאָרשטעהער פֿון די אומצופֿרידענע אידישע און שומרונישע בירגער האָבען זיך בעקלאָגט איבער איהם אין רױם.

אַז אױגוסטוס האָט דערהערט די דאָזיגע טענות, װאָס זײנען אַװדאי בעשטעטיגט געװען דורך איבערצײגענדע ראיות, איז ער אין כּעס געװאָרען און

האט באלד ארויסגערופן ארכעלויס'ן קיין רוים. ארכעלויס איז געקומען, נאר ער האט זיך ניט געקאנט פערענטפערן. דער קייזער האט אפגענומען ביי איהם דעם טיטעל און האט איהם פערמישפט צום פערשיקען. ארכעלויס איז פערשיקט געווארען אין גאליען, אין דער שטאדט וויענא (אין יאהר 6 נאך ק"ר). אין דעם זעלבען יאהר איז ווארוס, וואס האט איינגעשטילט די אידישע מרידה, אוועק קיין גערמאניען. דא האט ער דורך זיינע געוואלדטאטען צוגעצויגען צו זיך די שנאה פון די ארטיגע איינוואוינער, און אינאיינעם מיט די געקליבענע רוימישע לעגיאָנען איז ער אומגעקומען אין דער בעריהמטער שלאכט מיט הערמאן, אין טייטאבורגער וואלד.

נאכ'ן ארויסווייזען ארכעלויס'ן איז זיין לאנד ערקלערט געווארען פאר א רוימישער פראָווינץ, וואס איז דירעקט אונטערגעשטעלט אונטער דער ממשלה פון די רוימישע פערוואלטער אָדער פראָקוראַטאָרען. בלויז די טעטראר־כיעס פון הורדוס־אנטיפס (גליל און פערעא) און פון פיליפוס (דער צפונית־מזרחית'דיגער קאנט) זענען געבליבען אין פריהערדיגען מצב פון אפהענגיגע פיר־שטענטימער. דאס אייגענטליכע לאנד יהודה (מיט שומרון און אדום) איז גע־ווארען צוגעגעבען צו דער סירישער פראָווינץ, נאר ווי א באזונדער געביט מיט א באזונדערן פראָקוראַטאָר, וואס האט זיין רעזידענץ אין קסריה ביים ים. פאר דעם צענטראלען לאנד יהודה האט זיך געענדיגט דער כמעט 70־יאָהריגער פעריאָד פון רוימישען פראָטעקטאראט און ס'האט זיך אנגעהויבען דער פעריאָד פון דער רוימישער הערשאפט.

# פינפטער קאפיטעל.

## דאס גייסטיגע לעבען אין מלכות יהודה און אין די גלות־לענדער

די לאגע פון די פארטייען. — די געלעהרטע פרושים. — הלל, אלס דער רעפאר־מאטאר פון דער תורה שבעל־פה. — הלל'ס שטה אין מוסר און מדות. — הלל און שמאי. — די קהלות אין קליין־אזיען און סיריען. — די קהלות אין איטאליען, עגיפטען און בבל.

### די לאגע פון די פארטייען; די געלעהרטע פרושים.

§ 103. ווי עס איז שוין געזאגט געווארען (§ 80), האט זיך אין דער צייט פון רוימישען פראטעקטאראט די לאגע פון די אידישע פאליטישע פאר־טייען בעדייטענד אומגעביטען. דער שטרייט צווישען די צדוקים און פרושים

וועגן די אופֿנים פֿון דער מלוכה־פֿערוואַלטונג, וועגן דעם, צי עס שטייט העכער דער וועלטליכער אָדער דער גייסטליכער יסוד, — איז פֿערטויבט געוואָרן דורך דער פֿרעמדער מאַכט, וואָס איז אַריינגעדרונגען און האָט אויפֿגעשטעלט די אינעווייניקסטע פּאָליטיק פֿון מלכות־יהודה אין אָבהענגיגקייט פֿון דער רוימישער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. און דורך דער בעציהונג צו אָט דער פֿרעמדער קראַפֿט ווערט בעשטימט פֿון איצט אָן די גרופּירונג פֿון די אידישע פּאַרטייען.

דער הויפּט־קאַמפּף ווערט געפֿיהרט צווישען די אַנהענגער פֿון דער נאַ־ציאָנאַלער דינאַסטיע פֿון די חשמונאים פֿון איין זייט, און צווישען די אַנהענגער פֿון דער רוימישער ממשלה, אָדער פֿון הורדוס'עס דינאַסטיע — פֿון דער אַנדער זייט. צווישען די צוויי פּאַרטייען איז געשטאַנען אַ דריטע, וואָס האָט זיך ענטטוישט אין דער נאַציאָנאַלער ראָל פֿון דער דינאַסטיע פֿון די חשמונאים און האָט געחלומט וועגען ווידער איינפֿיהרען אַ טעאָקראַטישע רעפּובליק. ווי אַזוי עס האָבען זיך פֿונאַנדערגעטיילט צווישען אָט די דריי פּאָליטישע ריכטונגען די קרעפֿטען פֿון די פֿריהערדיגע דריי פּאַרטייען, צדוקים, פּרושים און אסיים — איז שווער גענוי צו בעשטימען; מען קאָן מעהר ניט פֿעסטשטעלען איינציגע אַלגעמיינע הנחות.

צווישען די פּאַטריאָטען, וואָס האָבען געקעמפּפֿט נאָך פּאָמפּיוס'ס אָנפֿאַל פֿאַר דעם אָפּגעזעצטען קעניג אַריסטאָבול II און פֿאַר זיינע זיהן, אַלעקסאַנדער און אַנטיגנוס, האָבען, ווי עס ווייזט אויס, דעם גרעסטען אָרט פֿערנומען די צדוקים, אַריסטאָבול'ס אַלטע אַנהענגער. נאָכדעם אָבער ווי אַנטיגנוס איז געפֿאַלען און די דינאַסטיע פֿון די חשמונאים האָט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירען, איז דער הויפּט־שטיצפּונקט פֿון די צדוקים בטל געוואָרען, און זינט יענער צייט ווערט די דאָזיגע פּאַרטיי אַלץ שוואַכער. די מעהר נאָכגיביגע עלעמענטען פֿון איהר מאַכען שלום מיט הורדוס'עס דינאַסטיע און גיסען זיך צונויף, ווי עס ווייזט אויס, מיט די ביתוסים, דער פּאַרטיי פֿון דער אָפֿיציעלער גייסטליכקייט, וואָס האַלט אונטער הורדוס'עס פּאָליטיק.

די אסיים, וואָס האָבען זיך געהאַלטען ווייט פֿון אַלע פּאָליטישע בעוועגונגען, זענען געבליבען געטריי זייערע איבערצייגונגען אויך אין דער דאָזיגער שטורמישער צייט פֿון מלוכה־איבערקערענישען. היות ווי זיי האָבען בעטראַכט די מלוכה בכלל פֿאַר אַן אונאויסמיידליכע צרה, דעריבער האָבען זיי זיך פֿער־האַלטען גלייכגילטיג אַפֿילו צו הורדוס I־טענס אַנטינאַציאָנאַלען רעזשים, און דער לעצטער האָט געוואוסט אָפּצושאַצען די הכנעה פֿון די דאָזיגע מענשען, וואָס האָבען איהם קיין שום שוועריגקייטען ניט געמאַכט אין זיין פּאָליטישער קאַריערע. ער האָט געאַכט די אסיים ניט פֿאַר זייער הייליגען אַרט לעבען, נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען זיך ניט אַנטקעגענגעשטעלט קעגען דעם בייז, וואָס מיט איהם איז פֿול געווען די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געקיניגט.

מען דערצעהלט, אַז דער קעניג איז בעזונדערס לײַטזעליג געוועזען צו איינעם פון די אַנפיהרער פון די אסיים מיטן נאָמען מנחם. פונקט ווי אַ סך אַנדערע מיטגלידער פון דער חברה אסיים, האָט מנחם געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסען צדיק און אַ בעל־מופת. איין מאָל, בשעת הורדוס איז נאָך געוועזען אַ יינגעל, האָט מנחם אידם פאָראויסגעזאָגט, אַז ער וועט אַמאָל זיין אידישער קעניג און וועט דערגרייכען צו מאַכט און גלאַנץ, נאָר ער וועט פערגעסען אָן גאָטס־פאָרכטיגקייט און גערעכטיגקייט. בכדי דאָס פאָראויסזאָגען האָט מען, איבעריגענס, קיין רוח־הנבואה ניט בעדאַרפט האָבען; ס'איז גענוג געווען זיך גוטער צוצוקוקען צו דער פאָליטיק פון הורדוס'ס פאָטער, אַנטיפּטר'ן, וואָס האָט מיט אַלע מיטלען צוגעגרייט פאַר זיין זוהן די ירושה פון די חשמונאים. און דערנאָך, אַז די דאָזיגע נבואה איז מקויים געוואָרען, האָט הורדוס געשיקט רופען צו זיך דעם קלוגען אסיי און האָט געפרעגט ביי איהם, וויפיעל יאָהר איז איהם, הורדוס'ן, בעשערט צו קיניגען. מנחם האָט געשוויגען, נאָר דורך אונדירעקטע שאלות האָט זיך הורדוס'ן איינגעגעבען אַרויסצובעקומען, אַז ער וועט קיניגען ניט ווייניגער פון דרייסיג יאָהר. צופרידען דערמיט האָט דער קעניג לײַטזעליג אַבגעלאָזט דעם פרומען אסיי, און זינט יענער צייט האָט ער זיך בכלל בעזונדערס גוט פערהאַלטען צו זיינע געזינונגס־חברים.

אַ סך פערפלאָנטערטער האָט זיך אַרויסגעוויזען ביי די דאָזיגע קריזיסען די ראָל פון די פרושים, פון אָט דער גרויסער נאַציאָנאַל־גייסטיגער פאַרטיי פון אידישען פאָלק. די פרושים זענען בלי־ספק געווען אַ גרויסער טייל פון יענער נאַציאָנאַלער אָפּאָזיציע, וואָס האָט געקעמפפט קעגען די רעזולטאַטען פונ'ם רוימישען פראָטעקטאָראַט אין די צייטען פון הורקנוס II, אַנטיפּטר און הורדוס. די אַבטיילונגען פון די גליל'ער מורדים אונטער דער אָנפיהרונג פון חזקיה און יהודה (§§ 83 און 100) זענען אויפגעמונטערט געוואָרען דורך פאַנאַטיקער פון דער פאַרטיי פרושים[1]. די אויפטוער פון דער פאָלקס־מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין צעברעכען דעם רוימישען אָדלער איבערן טויער פון בית־המקדש אין הורדוס'עס צייטען, זענען געוועזען פאָפולערע געלעהרטע — דאָס הייסט ווייטער פרושים — יהודה און מתיה (§ 98).

נאָר ניט אַלע פרושים האָבען געהערט צו דער אַקטיוו ער אָפּאָזיציע. וואָס האָט געקעמפפט קעגען חים און קעגען אידרע משולחים דורך רעוואָ-

1) דערמיט קאָן ערקלערט ווערען דער פראָטעסט פונ'ם ירושלמ'ער סנהדרין, וואו דעם ערשטען פלאַץ האָבען פערנומען די פרושים אונטער דער אָנפיהרונג פון שמעיה און אבטליון, קעגען הורדוס'עס איינגעוויליגע מעשים ביים דערשטיקען די מרידה פון חזקיה'ן אין גליל. בנוגע צו יהודה הגלילי בעהויפטעט יוסיפוס פלאַוויוס דירעקט, אַז זיין פאַרטיי האָט געהערט צו די פרושים, נאָר זי האָט אַרויסגעשטעלט אויס'ן ערשטען פלאַץ די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער פרייהייט.

לויצאַנערע מעשים. דער גרעסטער רוב פון די פּרושים האָט אַרויסגעוויזן דער רעגירונג פון אנטיפּטר, הורדוס און אַרכילוים בלויז אַ פּאַסיווען ווידערשטאַנד. אַזעלכע פּרושים האָבען געטאַדעלט דעם אונגעזעצליכען רעזשים, וואָס האָט מקריב געווען די אידישע אינטערעסען צוליעב פרעמדע, און דעריבער האָבען זיי זיך געהאַלטען ווייט פון דער אויסווייניגסטער פּאָליטיק און זענען געווען איינגאַנצען איבערגעגעבען דער אַרבייט צו פערשטאַרקען דעם געזעלשאַפטליך-גייסטיגען צושטאַנד פון אידישען פאָלק דורך בעאַרבייטען זיין רעליגיעזע געזעצגעבונג. און אַזוי ווי און אַזעלכע פאַלען מוז שטענדיג אַרויסקומען, אַז דעם מיטעל ווערט סוף-כל-סוף אַ ציעל פאַר זיך, דעריבער זענען אַ סך פון זיי אַריבער פון געביט פון פּראַקטישער געזעצגעבונג אויפ'ן געביט פון אַקאַדעמישער למדות. וואָס מעהר זיי דערווייטערן זיך פון פּאָליטישער טעטיגקייט, אַלץ מעהר פערשווינדען די פּרושים-פּראַקטיקער, און עס פערמעהרען זיך פּרושים-געלעהרטע, טעאָרעטיקער.

די ערשטע סימנים פון דער דאָזיגער איבערבייטונג קאָן מען בעמערקען שוין אין דער טעטיגקייט פונ'ם „פּאָר" געלעהרטע (זוג), וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער פּאַרטיי פּרושים אין אָנהייב פון דער עפּאָכע פון רוימישען פּראָטעקטאָראַט: שמעיה און אבטליון. ניט אַזוי ווי זייערע פאָרגעהער — שמעון בן-שטח און יהודה בן-טבאי, האָבען די דאָזיגע געלעהרטע ניט געשפּיעלט קיין פירענדע ראָל ניט אין די רעגירונגס-קרייזען און ניט צווישען די רייהען פון דער אַקטיווער פּאָליטישער אָפּאָזיציע. אין די צייטען פון הורקנוס II האָט שמעיה נאָך געהאַלטען פאַר מעגליך צו פּראָטעסטירן קעגען דער אייגענווילליגקייט פונ'ם יונגען הורדוס ביים איינשטילען די גלילער פּאַטריאָטען. נאָר בשעת הורדוס, וואָס איז אין רוים ערקלערט געוואָרען פאַר אַ קעניג, האָט בעלעגערט אנטיגנוס'ן אין ירושלים, האָבען שמעיה און אבטליון געגעבען די איינוואוינער אַן עצה, זיי זאָלען אַריינלאָזען די בעלעגערער אין שטאָדט, מחמת זיי האָבען געזעהן, אַז אנטקעגענשטעלען זיך איז אומנוציג. בשעת הורדוס איז געוואָרען אַ קעניג, האָבען שמעיה און אבטליון און זייערע אָנהענגער זיך אָבגעזאָגט צו שווערען אידם. נאָר צו-גלייכער צייט זענען זיי ניט צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג און האָבען זיך בכלל ניט אַריינגעמישט אין דער פערוואַלטונג, וואָס זיי האָבען זי גערעכענט פאַר אונגעזעצליך און אַנטינאַציאָנאַל. קעגען אַזאַ פּאַסיווען ווידערשטאַנד האָט הורדוס גאָרנישט ניט געקאָנט טון, מחמת ער האָט מורא געהאַט, דורך רדיפות צו דערצאָרנען די פּרושים און פערשטאַרקען צווישען זיי דעם אַקטיווען ווידערשטאַנד. שמעיה און אבטליון זענען געוואָרען מעהר די אָנפיהרער פון שול, איידער פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. פון אַלטע טעכצען פונ'ם געוועזענעם סנהדרין, אַלס געזעצגעבענדע און געריכטליכער איינריכטונג, האָבען זיי איבערגעלאָזען פאַר זיך נאָר איין צווייג — די אויסאַרבייטונג פון דער געזעצגעבונג.

דער סנהדרין האָט זיך אין דער צייט פון הורדוס I, ווי עס איז שוין אָנגעוויזען (§ 94), אומגעביטען אין א הויפישען ראט מיט א זעהר איינגעשרענקטען טעטיגקייטס-פּראָגראַם. בראש פון אידם זענען מסתמא געשטאַנען די כהנים-גדולים, וואָס הורדוס האָט בעשטימט און וואָס האָבען קנעכטיש ערפילט דעם רצון פון זייער האַר. הזות ווי די פרושים האָבען זיך געהאַלטען ווייט פון קעניגליכען הויף אין יענער צייט, האָבען זיי מסתמא ניט גענומען קיין אָנטייל אין רעגירונגס-סנהדרין, דערפאַר האָבען זיי געמוזט בילדען צוליעב זייער ספּעציעלער טעטיגקייט — שטודירען די תיקום פון דער תורה און מאַכען פירושים צו זיי — א בעזונדערע אנשטאַלט, וואָס זאָל שטעהן איבערהאַלב די אָפיציעלע ספערען. אויף אזא אופן איז ענטשטאַנען די געלעהרטע קאָלעגיע, וואָס האָט זיך פערנומען מיט בעאַרבייטען די פראַגען פון דער אידישער געזעצגעבונג אויפ'ן סמך פון דער געטליכער קאָנסטיטוציע—דער תורה, און וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר'ן אמת'ן געזעצליכען סנהדרין, און דעם קעניגליכען ראט, וואָס האָט געטראָגען דעם זעלביגען נאָמען, פאַר אינגעזעצליך. די אָנפיהרער פון אָט דער קאָלעגיע זענען געוועזען שמעיה און אבטליון, און שפּעטער — זייערע יורשים — הלל און שמאי[2].

## הלל אלס רעפאָרמאַטאָר פון דער תורה שבעל-פה.

§ 104. נאָכ'ן טויט פון שמעיה און אבטליון זענען געווען די אָנפיהרער פונ'ם סנהדרין פון די פרושים די ווייניג בעוואוסטע געלעהרטע פון דער משפחה בני-בתירה. די טראַדיציע שילדערט די דאָזיגע געלעהרטע, אז זיי זענען ניט געווען פעהיג און ניט גענוג צוגעגרייט פאַר זייער וויכטיגער ראָל. די אָנפיהרונג פון אזעלכע מענשען, וואָס מען האַלט פון זיי ניט, האָט געקאָנט ברענגען דערצו, אז די קאָלעגיע זאָל צעפאַלען. נאָר באַלד איז אויף זייער אָרט געקומען א מענש, וואָס אידם איז בעשערט געווען אויפצוהויבען די שטה פון די פרושים אויף א העכערער מדרגה און עפענען א נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער יהדות.

---

[2] די היסטאָרישע סברה, וואָס ווערט דאָ אַרויסגעזאָגט, איז, לויט אונזער מיינונג, דער איינציגער אופן, ווי אזוי צו פערענטפערן די זעהר פערפּלאָנטערטע פראַגע וועגען דעם צווייאיינגען כאַראַקטער פונ'ם סנהדרין אין דער צייט פונ'ם רוימישען פּראָטעקטאָראַט. ס'איז קיין ספק ניט, אַז הורדוס'עס סנהדרין אָדער הויפישער ראט האָט ניט געקאָנט זיין פעראייניגט אין איין אנשטאַלט מיט'ן סנהדרין פון די פרושים (ווי עס מיינען איינינע). פון דער אנדער זייט, איז שווער משער צו זיין, אַז דער תלמוד האָט אָהן א שום יסוד א' נאָמען געגעבען „סנהדרין" דער שול, וואָס בראש פון איהר זענען געשטאַנען שמעיה און אבטליון, הלל און שמאי (ווי עס בעהויפטען אנדערע). בכן, מוז מען אָננעהמען, אַז עס האָבען אין יענער צייט עקסיסטירט צוויי סנהדרינ'ס — פון דער רעגירונג און פון די פרושים, א וועלטליכער און א גייסטליכער.

דער גרויסער תנא הלל (ער האָט געלעבט לפי ערך צווישען די יאָהרען 75 פאַר קר. און 5 נאָך קר.) איז געווען א געבוירטיגער פון בבל. דער הויפּט־בעשעפער פון דער תורה שבעל־פה אָדער משנה איז געקומען אין לאַנד יהודה פון דעם אייגענעם לאַנד, פון וואַנען עס איז געקומען מיט פיער יאָהרהונדערטער פאַר איהם עזרא, דער פערשפּרייטער פון תורה שבכתב. הלל קומט אַרויס פון א מיוחסדיגער משפחה פון בבלער אידען, וואָס האָט דערפיהרט איהר יחוס ביז דוד המלך.

די תשוקה צו קענטעניש האָט בעוואויגען דעם הלל'ן צו פערלאָזען יונגער־הייד זיין היים און אַוועקלאָזען זיך אין דעם הויפּטליכען רעליגיעזען צענטער פונם אידישען פאָלק — אין ירושלים. דאָרט איז ער געוואָרען איינער פון די בעסטע תלמידים פון שמעיה און אבטליון. א מסורה דערצעהלט, אַז אין יענער צייט האָט הלל שטאַרק געליטען פון מאַטעריעלער נויט, נאָר זיין תשוקה צום לערנען האָט אַלצדינג גובר געווען. איין מאָל האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען דעם וועכטער פאַר'ן אַריינגאַנג אין בית־המדרש, וואו עס האָבען געלערנט מיט זייערע תלמידים שמעיה און אבטליון. נאָר הלל האָט ניט געוואָלט דורכלאָזען דעם שיעור, דעריבער איז ער אַרויפגעקראָכען אויפ'ן דאַך און האָט צוגעלעגט דעם אויער צום פענסטער און צוגעהערט זיך צו די רייד פון די רבנים. די נאַכט איז געווען א קאַלטע, ס'האָט אָנגעהויבען צו שנייען, און דער שניי האָט אינגאַנצען צוגעדעקט הלל'ן. נאָר ער איז געווען אַזוי פערטיעפט אין לערנען, אַז ער האָט עס אפילו ניט בעמערקט. אויפ'ן אַנדערן מאָרגען האָט מען איהם אַראָפגענומען אַנאיבערגעפרוירענעם און אָבגעמינטערט איהם. דאַנק זיין ניט־געוועהנליכען פלייס איז הלל לא די וואָס געוואָרען א מיטגליד פון דער געלעהרטער קאָלעגיע (סנהדרין), נאָר ער איז געוואָרען אפילו דער אָנפיהרער פון דעם דאָזיגען יסוד.

געשעהן איז דאָס אַזוי. אין יענעם יאָהר איז אויסגעקומען ערב־פסח אום שבת. און אין סנהדרין איז געשטאַנען די שאלה, צי מען מעג מחלל שבת זיין, כדי מקריב צו זיין דעם קרבן־פסח. די פאָרזיצענדע פון סנהדרין, די בני־בתירה, האָבען ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו פסקען די דאָזיגע שאלה. דער־מאָלט האָט עמיצער געזאָגט: „דאָ איז פאַראַן איינער א בבלי, מיט'ן נאָמען הלל, וואָס איז געווען א תלמיד ביי שמעיה און אבטליון, און ער ווייס, ווי מען בעדאַרף זיך בעגעהן אין דעם פאַל". מען האָט געשיקט רופען הלל'ן און מען האָט ביי איהם געפרעגט: „צי האָסטו ווען עס איז גע־הערט, ווי מען בעדאַרף טון מיט'ן קרבן־פסח, אַז ערב־פסח פאַלט אום שבת?" הלל האָט געענטפערט: „ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז צוליעב דעם קרבן־פסח מעג מען מחלל שבת זיין, וואָרום מען איז דאָך מחלל שבת אפילו צוליעב געוועהנליכע קרבנות". און דאָ האָט הלל בעוויזען זיין מיינונג דורך דריי לאָגישע בעווייזען: היקש (פערגלייכונג לויט עניין), גזרה שווה (פערגלייכונג לויט איינ־

הויט און קל-וחמר (איינפירער פון גרינגערן עניין פאַרן האַרבערן). ער האָט פערגלייכען דעם קרבן-פסח מיטן קרבן-תמיד און איז געקומען צו אַזאַ מסקנא: ביידע קרבנות ווערען געבראַכט אויפן קהל'שען חשבון און ניט פאַר פּריוואַטע געלט, דעריבער דאַרפען זיי זיין גלייך אויך בנוגע צו שבת, און אַזוי ווי דעם קרבן-תמיד ברענגט מען אום שבת, דעריבער דאַרף מען דעם קרבן-פסח אויך ברענגען אום שבת. די צווייטע ראיה זיינע איז געווען פאָלגענדע: ביים קרבן-תמיד שרייבט אין דער תורה: במועדו, דאָס הייסט מען זאָל אידם ברענגען „אין דער צייט", און דער זעלביגער אויסדרוק ווערט געברויכט אויך ביים קרבן-פסח, דערפון איז געדרונגען, אַז אין ביידע פאַלען טאָר מען ניט אָבלעגען די קרבנות אויף שפּעטער. דער קל-וחמר זיינער איז געווען פאָלגענדער: מה דאָך דער קרבן-תמיד, וואָס פאַרן ניט מקריב זיין אידם איז אין דער תורה ניט אָנגעוויזען קיין עונש, מעג מען צוליעב אידם מחלל שבת זיין, אפשיטא דער קרבן-פסח, וואָס פאַרן ניט מקריב זיין אידם איז מען חייב כרת, מעג מען דאָך אוודאי צוליעב אידם מחלל שבת זיין.

נאָר אַלע לאָגישע ראיות הלל'ס האָבען גאָרנישט ניט געווירקט אויף דער פערזאַמלונג פון די געלעהרטע, און זיי האָבען געפּליימט זיך אָבצופּריגען די חורך מתרדיגע ראיות. צולעצט אָבער האָט הלל איבגערופען: „אַזוי האָב איך געהערט פון שמעיה און אבטליון!" אַז די פערזאַמלונג האָט דערהערט די נעמען פון די צוויי גרויסע בר-סמכא'ס, האָט זי איינשטימיג אָנגענומען הלל'ס מיינונג. די בני-בתירה האָבען זיך אָבגעזאָגט פון צו זיין פאָרזיצענדע פון סנהדרין און מען האָט אויסגעקליבען אָנשטאָט זיי הלל'ן, וואָס איז געווען מעהר ראוי פאַר זיי.

פון דער דאָזיגער תלמודישער לעגענדע קאָן מען קומען נאָר צו איין מסקנא: אַז הלל האָט געשטרעבט איינצופיהרען די מעטאָדען פון ווימענשאַפטליכער פאָרשונג און אויסטייטשען די חוקים פון דער תורה, אָנשטאָט דער טראַדיציע, וואָס האָט פריהער געהערשט אוגאַגנצען. דערין בעשטעהט די גרויסע רעפאָרם, וואָס הלל האָט איינגעפיהרט אין דער תורה שבעל-פה. זינט עזרא'ס צייטען האָט די תורה שבעל-פה, דאָס הייסט אַלע דינים און מנהגים, וואָס זענען געווען א הוספה צו די חוקים פון דער תורה — פערנומען א חשוב'ען אָרט אין דער סיסטעם פון דער יהדות. איטליכער געזעץ פון דער תורה איז געווען אַרומגערינגעלט מיט א קראַנץ פון סיגים, הוספות און פירושים, וואָס זענען געווען געהייליגט דורכ'ן אוטאָריטעט פון „מסורות אבות". און היות ווי עס האָבען זיך אָנגעקליבען אַלץ מעהר טראַדיציעס, דעריבער האָט דער בלינדער אוטאָריטעט געוואַקסען אין דער יהדות מעהר קרעפטיגער, איידער די מסקנות פונ'ם שכל. אויב עס וואָלט אַלץ ווייטער געגאַנגען אַזוי, וואָלט די געזעץ-לעהרע אונגעצען געווען אַנצאַרביים מעהר ניט פאַרן זכרון, און די ווימענשאַפטליכע פאָרשונג וואָלט מען גאָרנישט ניט געהאַט צו טון, און ביים אָנווענדען פּראַקטיש די גע-

זעצען וואָלטען אַרויסגעקומען אַ סך שוועריגקייטען, ווען מען וואָלט געהאַלטען זיך בלויז פֿאַר דער טראַדיציע.

אַט פֿון די דאָזיגע סכּנות האָט הלל'ס וויסענשאַפֿטליכע ריכטונג געשטרעבט צו פֿערהיטען די יהדות. הלל האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציעל די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דער תורה שבעל-פה און איהר צופּאַסונג צו די פֿאָדערונגען פֿון לעבען, און דערבּייער האָט ער זיך געמיהט אַרויסצופֿיהרען די חוקים שבעל-פה פֿון די חוקים שבכתב דורך לאָגישע סברות. אַנשטאָט די הוספות צו דער תורה, וואָס האָבען ניט אויף וואָס זיך סומך צו זיין, האָבען זיך בעקומען, אויף אַזאַ אופֿן, בעגרינדעטע מסקנות, וואָס האָבען פֿערבּונדען די תורה שבעל-פה מיט דער תורה שבכתב אין איין פֿעסטער סיסטעם. און איטליכער נייער דין, וואָס מען האָט איהם נאָר אָבּגעלערנט פֿון וועלכען עס איז דין פֿון דער תורה, בעדאַרף האָבען די זעלבּיגע קראַפֿט וואָס דער דין גופא. דעם אָרט פֿון דער טראַדיציע (מסורה) פֿערנעהמט איצט דער פּירוש, די אויסטייטשונג. אין סאיז אָנגענומען, אַז הלל האָט איינגעשטעלט זיבען הויפּט-מעטאָדען (שבעה מדות), ווי אַזוי אויסצוטייטשען די תורה. איניגע פֿון זיי זענען שטרענג לאָגישע, ווי, למשל, די אויספֿיהרונגען פֿון כלל אויפֿן פּרט, די אויספֿיהרונגען לויט דער אינעווייניגסטער גלייכקייט פֿון צוויי ענינים, דער קל-וחמר; אַנדערע ווייטער זענען פּילפּולדיגע, ווי, למשל, די אויספֿיהרונגען לויט דער אויסווייניגסטער גלייכקייט, לויט אַ גזרה שוה, וואו מ'ווערען פֿערגליכען איינציגע ווערטער אָדער פּסוקים וכדומה.

אַדאַנק די דאָזיגע מעטאָדען האָט געקאָנט פֿאָרמאַל אויסוואַקסען פֿון דער ביבּלישער געזעצגעבּונג, ווי צווייגען פֿון אַ שטאַם, זעהר אַ גרויסע סיסטעם פֿון הוספות, וואָס האָבען געהאַט זייער רעאַלען יסוד אין די פֿאָלקס-מנהגים, אַלטערטימליכע טראַדיציעס אָדער אין די פֿאָדערונגען פֿונם טעגליכען לעבען. די דאָזיגע מעטאָדען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרען אין די בתי-מדרשים זינט הלל'ס צייטען, זענען שפּעטער פֿערברייטערט געוואָרען און האָבען געשאַפֿען יענע מאַסע רעליגיעזע, געזעלשאַפֿטליכע און געזעצגעבּערישע הנהגות, וואָס זע-נען שפּעטער אַריין אין דער משנה, וואָס איז דער יסוד פֿונם תלמוד. אויב פֿריהער פֿלעגט מען פֿערשטעהן אונטער די ווערטער „תורה שבעל-פה" מעהר ניט דעם סך הכל רעליגיעזע טראַדיציעס, וואָס זענען געבּליבען בירושה פֿון די עלטערן און דער געשטאַלט פֿון הוספות צו די כתבי-הקודש, איז פֿון איצט אָן און ווייטער האָט מען שוין אָנגעהויבען פֿערשטעהן אונטער אָט דעם נאָמען: אַ סיסטעם פֿון אַלערליי געזעצען, וואָס ווערען אַרויסגעדרונגען פֿונם זין אָדער פֿון דער פֿאָרם פֿון גלייכאַרטיגע געזעצען פֿון דער תורה, נאָר זיי ווערען אָבּגעהיט אין זכרון, איבּערגעגעבּען אויף אויסווייניג און זענען ניט פֿערשריבּען.

הלל'ס רעפֿאָרמען האָבען געמוזט בעדייטענד אָבּשוואַכען די חלוקי-דעות צווישען די פּרושים און צדוקים, ווארום ווייבּאַלד אַז דער אָרעה יענער דין

שבעל־פּה, קאָן ווערן אַרויסגעדרונגען פֿון אַ גלײַכאַרטיגן דין פֿון דער תּורה. דעמאָלט האָבן די צדוקים ניט קיין אויסרייד אויפֿם אָבצולײַקענען, די זיי פּלעגן אָבלײַקענען די מסורות, וואָס האָבן ניט געהאַט אויף וואָס זיך סמכן צו זײַן.

דער פֿרײַער מעטאָד פֿון אויסטײַטשונג, וואָס הלל האָט אײַנגעשטעלט, האָט געגעבן אַ ברייטע מעגליכקייט צו מאַכן אַלערליי געזעצגעבערישע רעפֿאָרמען, וואָס זענען אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך די בעדערפֿענישן פֿון לעבן. מ'איז אָנגענומען, אַז הלל גופֿא האָט אײַנגעפֿיהרט עטליכע אַזעלכע תּקנות, וואָס די גרעסטע פֿון זיי רעכענט זיך דער פּרוזבול.

דער פּרוזבול באַשטעהט אין פֿאָלגענדעס. לויט'ן דין פֿון דער תּורה ווערט אָן איטליכער חוב זײַן גילטיגקייט, ווי נאָר עס קומט אָן דער שמיטה־יאָהר. פֿון דעם דאָזיגן הומאַנעם געזעץ זענען אַרויסגעקומען פֿאַלשקייטן: אַ סך לוים פֿלעגן לײַהען געלד מיט'ן מיין אָבצולעגען די צאָהלונג ביז שמיטה און דערנאָך שוין ניט אָבצאָהלען אויפֿ'ן סמך פֿון געזעץ; די מלוים, פֿון זייער זייט, פֿלעגן ניט וועלען לײַהען קיין געלד די וואָס האָבן נויטיג געהאַט, מחמת די האָבן מורא געהאַט, אַז דעם קומענדיגן שמיטה־יאָהר וועלען זיי מוזען אָנווערן זייער קאַפּיטאַל. היות ווי דאָס האָט אינגאַנצען בטל געמאַכט דעם געלד־קרעדיט און די האַנדעלס־טעטיגקייט, דעריבער האָט הלל אײַנגעשטעלט אַ „פּרוזבול“, וואָס איז באַשטאַנען דערין, אַז פֿאַר'ן שמיטה־יאָהר פֿלעגט דער מלוה אַרײַנטראָגען אין בית־דין אַן ערקלערונג, אַז ער וויל האָבן דאָס רעכט אײַנצומאָהנען זײַן חוב, ווען ער וועט נאָר וועלען. דורך דער דאָזיגער ערקלערונג האָט ער געהאַט דאָס רעכט אײַנצומאָהנען דעם חוב אַפֿילו נאָכ'ן שמיטה־יאָהר. הלל'ס טעטיגקייט האָט בכן געהאַט זעהר אַ וויכטיגע באַדײַטונג פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון דער יהדות, און די תּלמודישע טראַדיציע גלײַכט זי צו, ניט אָהן אַ יסוד, צו דער טעטיגקייט פֿון עזרא הסופֿר, וואָס איז געווען דער גרינדער פֿון דער סופֿרים־שול, וואָס פֿון זיי שטאַמט די שטה פֿון די פּרושים.

## הלל'ס שטה אין מוסר און מדות.

§ 105. גרויס אין געביט פֿון דער געזעץ־לעהרע, איז הלל נאָך גרעסער, אַלס דער שאַפֿער פֿון אַן עטישער שטה, וואָס איז געגרינדעט אויף די העכסטע פּרינציפּען פֿון דער ביבלישער יהדות. הלל האָט גערעכענט דעם צערעמאָניעלן טייל פֿון דער רעליגיע ניט פֿאַר אַ ציעל פֿאַר זיך, נאָר מעהר ניט פֿאַר אַ מיטעל צוליעב דער זיטליכער השלמה פֿונם מענשען. די חובות פֿון „אדם לחברו“, וואָס אַ מענש האָט בנוגע צו אַנאַנדער מענשען, שטעהען אין הלל'ס סיסטעם העכער פֿאַר די חובות פֿון „אדם למקום“, וואָס אַ מענש האָט בנוגע צו גאָט. איינער אַ געצענדיענער האָט געוואָלט אָננעמען די אידישע אמונה, נאָר ער האָט זיך געשראָקען פֿאַר די סך אידישע דינים און מנהגים.

האט ער זיך דערוויבער געוואנדט צו הלל'ן און געבעטן אים, ער זאל אים ערקלערן אין קורצע ווערטער („על רגל אחת"—אויף איין פוס) דעם עצם פון דער אידישער תורה. דערויף האט אים הלל געענטפערט: „וואס דיר געפעלט ניט, דאס זאלסטו דיין חבר ניט טון—אט דאס איז דער עצם פון דער תורה, דאס איבעריגע איז נאר א פירוש. גייה און לערן" (כל דסני עלך לחברך לא תעביד זוהי כל התורה ואידך פירושא זיל גמור). די מצוה פון דער תורה: „ואהבת לרעך כמוך" (זאלסט ליעב האבען דיין חבר ווי זיך אליין)—איז דא אויסגעדריקט אין א מעהר בעשטימטער פארם; די ווערט דא אנערקענט פאר'ן יסוד פון דער רעליגיע, וואס מוז לויט איהר עצם מדות נאך, זיין געווענדעט צום עטישען אידעאל.

אין זיין פערזענליכען לעבען איז הלל געוועזען די פערקערפערונג פון יענע הייליגע זיטליכע יסודות, וואס ער האט געלערנט אנדערע צו טון. דער דאזיגער חכם, וואס איז געוועזען ערהאבען איבער סאקראטעס'ן, האט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין ניט-געוועהנליכער עניוות און גוטמוטיגקייט; דורך זיין אונבעגרענעצטער געדולדיגקייט און מענשען-ליעבע האט ער צוגעצויגען צו זיך אלעמענס הערצער. הלל'ס עניוות און געדולד איז געווארען געברויכט פאר א משל. איינער א מענש—דערצעהלט די טראדיציע—האט זיך געוועט מיט עמיצען, אז אים וועט זיך איינגעבען ארויסצוברענגען הלל'ן פון געדולד און אריינצוברענגען אים אין כעס. געקומען איז דער דאזיגער מענש צו הלל'ן ערב שבת פאר-נאכט, בשעת יענער איז געוועזען אין מרחץ און האט זיך צוגעגרייט, לויט זיין מנהג איז געוועזען, מקבל פנים צו זיין דעם הייליגען טאג. דער דאזיגער מענש האט ארויסגערופען הלל'ן פון מרחץ, און אז הלל איז ארויסגעקומען צו אים, האט ער אים געשטעלט עפיס א פוסטע פראגע. הלל האט דערויף געענטפערט זעהר פריינדליך. אין עטליכע מינוט ארום איז דער נארישער בעזוכער געקומען מיט נאך עפיס א נארישער פראגע, דערנאך—א דריטען מאל; נאר איטליכס מאל האט הלל אים געענטפערט אויפ'ן פריינדליכסטען אופן. צולעצט איז דער בעזוכער ארויס פון געדולד און האט מיט רוגזה אויסגעשריען: „הלואי זאלען אזעלכע ווי דו, הלל, ניט זיין קיין סך צווישען אידען!"—פארוואס עפיס אזוי, מיין זוהן?" האט הלל בעשיידען געפרעגט. „איבער דיר האב איך אנגעוואהרען דעם געוועט",—האט געענטפערט יענער. „בעסער זאלסטו פערליערען דעם געוועט—האט געזאגט הלל—איידער איך זאל פערליערען מיין געדולד".

הלל פלעגט זאגען אזוי: „זיי א תלמיד פון אהרן הכהן, האב ליעב שלום און פיהר אים איין אומעטום, האב ליעב מענשען און זיי זיי מקרב צו גאטס תורה". הלל'ס פרומקייט איז געוועזען ווייט פון גזירות; ער איז געוועזען א מענש פון לעבען און האט זיך שטענדיג גערעכענט מיט די פאדערונגען פון דער לעבעדיגער ווירקליכקייט. „דו זאלסט זיך ניט אבשיידען פון דער

געזעלשאַפֿט — פֿלעגט ער זאָגן — דו זאָלסט ניט גלייבען אין זיך ביז'ן טאָג פֿון דיין טויט, און משפּט ניט דיין חבר, ביז דו וועסט ניט קומען צו זיין מעמד". טיף איז הלל'ס פֿאָלגענדע מימרא: „אויב איך בין ניט פֿאַר זיך, טאָ ווער דען איז פֿאַר מיר? און אויב איך אַליין בין פֿאַר זיך (דאָס הייסט ווען איך טייל זיך אויס פֿון דער געזעלשאַפֿט), טאָ וואָס־זשע בין איך?" (אם אין אני לי מי לי ואם אני לעצמי מה אני).

הלל'ס עטיק איז געווען פֿרעמד פֿון איינזייטיגקייט און האָט ענטהאַלטען סיי די היגיענע פֿון דער נשמה סיי די היגיענע פֿון גוף. איין מאָל האָבען הלל'ס תלמידים אים געזעהן, ווי ער געהט ערגיץ געשווינד, און האָבען געפֿרעגט ביי אים, וואוהין איילט ער זיך אַזוי. „איך געה טון אַ מצוה", — האָט ער געענטפֿערט. „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מצוה?" — „באָדען זיך אין מרחץ". — צי שוין איז דאָס אַ מצוה?" — האָבען די תלמידים געפֿרעגט. — „געוויס, — האָט דער רבי געענטפֿערט: — אַ מענש איז בעשאַפֿען אין צלם אלהים, אין גאָטס געשטאַלט, און ער איז מחויב צו האַלטען די דאָזיגע געשטאַלט ריין און זויבער". פֿונ־דעסטוועגען בעדאַרף די זאָרג וועגען גוף ניט איבערטרעטען בעשטימטע גרע־ניצען. אַ פֿערשטאַנדיגע מעסיגונג אין די קערפּערליכע תענוגים איז אַ נויט־ווענדיגער תנאי פֿאַר דער געזונדהייט פֿון דער נשמה, אָבער איבערפֿליסיגע תענוגים פֿערדאַרבען די נשמה. איינציגע מאָל האָט הלל, בשעת ער האָט זיך געזעגענט מיט זיינע תלמידים, געענטפֿערט אויף זייער פֿראַגע, וואוהין ער געהט, אַז ער געהט משמש זיין זיין גאַסט. די תלמידים האָבען ניט פֿערשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט, און האָבען אים אַמאָל מיט פֿערוואונדערונג געפֿרעגט, ווי קומט עס, אַז ביי אים זיינען פֿאַרהאַן אַזוי אָפֿט געסט. דערויף האָט הלל געזאָגט: „שוין־זשע איז די נשמה ניט אַ גאַסט ביי מיר אין גוף? היינט איז זי דאָ, און מאָרגען געהט זי אַוועק". דער דינסט צו דער נשמה בעשטעהט דערין, וואָס מען שטרעבט זי צו מאַכען וואָס פֿאָלקאָמענער דורך ענטוויקלען דעם שכל און דעם זיטליכען געפֿיהל.

הלל'ס אידעאַל איז — לערנען תורה, דאָס הייסט, די קענטעניש, וואָס גיט צו פֿערשטעהן די רעליגיעז־זיטליכע אמת'ן. אַזאַ קענטעניש מוז דער מענש האָ־בען, מחמת אָהן איהר קאָן קיין אמת'ע פֿרומקייט ניט זיין; „אַ בור קאָן ניט מורא האָבען פֿאַר זינד, און אַן עם־הארץ קאָן קיין פֿרומער ניט זיין" (אין בור ירא חטא ולא עם־הארץ חסיד). אָבער די תורה טאָר מען ניט מאַכען פֿאַר מיטעל צו דערגרייכען זייטיגע צילען: „דער וואָס נוצט אים (צוליעב זיין פֿערזענליכער טובה) די עהרענקרוין (פֿון געלעהרטען), דער איז פֿערפֿאַלען" (כל המשתמש בתגא חלף). די יהדות פֿאָדערט ניט קיין בלינדען גלויבען, נאָר אַ בעוואוסטע וועלט־אָנשויאונג און אַ בעקלערטע אויפֿפֿיהרונג. „ערקען דיין גאָט!" — אָט דער פֿילאָזאָפֿישער כלל פֿון דער ביבלישער יהדות איז ענטוויקעלט אויך אין הלל'ס שטה.

ווי אזוי דער דאזיגער גרויסער תנא, דער אנפירער פון די גערעכטע פרושים, האט זיך פערהאלטען צו די פאליטישע איבערקערענישען פון זיין צייט און בעזונדערס צום אנטינאציאנאלען רעזשים הורדוס'עס — דאס איז, צום בעדויערן, ניט בעוואוסט. א מטושטש'ער אפקלאנג פון די דעמאלטיגע געשעענישען קאן מען געפינען נאר אין איין מימרא הלל'ס. איין מאל האט הלל דערזעהן א שארבען פון א מענשען שווימענדיג איבער'ן וואסער, און האט געזאגט: „ווייל דו האסט דערטרונקען, האט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף פון די וואס האבען דיך דערטרונקען וועט זיין, אז זיי וועלען אויך דערטרונקען ווערען" (על דאטפת אטפוך וסוף מטיפיך יטופון) — צי איז אין די דאזיגע ווערטער ניט געלעגען א התראה פאר יענע געוואלדטוער, וואס האבען פערגאסען אזוי פיעל אונשולדיג בלוט אין הורדוס'עס צייטען? הלל האט אוודאי מיט'ן גרעסטען צער געקוקט אויף די מענשען, וואס האבען מקריב געווען די הייליגע אידעאלען פון דער נאציע, בכדי צוליעב צו טון די ווילען אדער זייערע משרתים — הורדוס'עס משפחה. נאר אלס גייסטיגער ריז האט ער געגלויבט, אז דאס אידישע פאלק וועט מיט זיין גייסטיגער מאכט בייקומען אלע אויסווייניגסטע שטערונגען און וועט ארויסגעהן אונבעשעדיגט פון דער נעץ פון די פאליטישע שווינדלייטען, וואס האט איהם פערכאפט.

## הלל און שמאי.

§ 106. דער צווייטער צו הלל'ן אין סנהדרין איז לכתחלה געווען א געוויסער מנחם. נאר מנחם האט, אפנים, ניט מסכים געווען מיט דעם אופן צו מאכען פירושים אויף דער תורה, וואס הלל האט איינגעפירט, און דעריבער איז ער באלד ארויס פון סנהדרין אינאיינעם מיט א גרופע זיינע אנהענגער. זיין ארט האט פערנומען שמאי. די רעליגיעזע אנשויאונגען פונ'ם דאזיגען תנא זענען געווען זעהר שטרענגע. אין אלע דינים פלעגט ער שטענדיג מחמיר זיין. אין דעם פרט איז ער געווען פונקט דער היפוך פון הלל'ן. וועגען שמאי'ס חומרות זענען פערהאן גאנצע לעגענדעס. מען דערצעהלט, אז שמאי פלעגט צווינגען זיין זוהן צו פאסטען נאך פאר בר-מצוה. איין מאל, דערצעהלט מען ווייטער, האט זיין שנור געהאט א יונגעל אום סכות, האט ער אראפגענומען דעם דאך פון שטוב, וואו די קימפעטארין איז געלעגען, און פערדעקט פון אויבען מיט סכך, בכדי דער ניי-געבארענער זאל ליגען אין א סוכה.

ניט אזוי ווי הלל, איז שמאי געווען בייז אויך ביים פערקעהר מיט מענשען. איין מאל האט א געצענדינער, וואס האט געוואלט אננעהמען דעם אידישען גלויבען, געבעטען שמאי'ן, ער זאל איהם אין עטליכע ווערטער („שטעהענדיג אויף איין פוס") דערקלערען, וואס איז דער עצם מהות פון דער אידישער אמונה. האט איהם דער בייזער תנא אוועקגעטריבען. הלל אבער האט אויפגענומען פריינדליך דעם זוכער פון ריכטיגען וועג און האט איהם צוגעזאגט צו דער יהדות

מיט דער בעריהמטער מימרא, וואָס זאָגט, אַז דער עצם פון דער רעליגיע איז די עטיק און דער פּרינציפּ פון „ואהבת לרעך כמוך״ (§ 105). נאָך אַ גע־צענדיקער — דערצעהלט די טראַדיציע — איז געקומען צו שמאַי'ן און האָט דער־קלערט, אַז ער וויל אָננעהמען דעם אידישען גלויבען, נאָר בתנאי, אַז מען זאָל מעט אָבהיטען נאָר די תורה־שבכתב, אָבער ניט די תורה־שבעל־פּה. שמאַי האָט מיט כעס אָבגעוואָרפען דעם דאָזיגען פאָרשלאָג. הלל אָבער האָט מסכים געווען צוצונעהמען דעם געצענדיגער אין כלל ישראל און האָט אָנגעהויבען מיט איהם צו לערנען. דעם ערשטען טאָג האָט ער איהם בעוויזען די אותיות פון אלף־בית אין גלייכען סדר. אויפ'ן אַנדערן טאָג אָבער, אין אַן איבערגעקעהרטען סדר. און אַז דער תלמיד האָט געפרעגט, פאַרוואָס לערנט ער מיט איהם היינט אַנדערש, ווי נעכטען, האָט הלל געענטפערט: „ניין, דאָס איז איין און די זעלביגע זאַך, נאָר אין פערשיידענע געשטאַלטען. אַזוי איז אויך די שייכות צווישען דער תורה שבכתב און דער תורה שבעל־פּה״. (דאָס הייסט אַז די תורה שבעל־פּה האָט אין זיך פערשיידענע קאָמבינאַציעס פון די יסודות, וואָס געפינען זיך אין דער תורה שבכתב). און דער גר האָט געמוזט דערמיט מסכים זיין. בשעת די דאָזיגע צוויי גרים האָבען זיך דערנאָך בעגעגענט, האָבען זיי געזאָגט: „שמאַי'ס קפּדנות האָט אונז שיער ניט אָבגעשטויסען פון היילינטום, הלל'ס גוטסקייט האָט אונז אַהין אַריינגעפיהרט״. ס'איז אויך מעגליך, אַז שמאַי איז בכלל געווען קעגען צולאָזען גרים צווישען אידען, און אַז הלל, פערקעהרט, האָט זעהר געוואָלט בעקעהרען די היידען צום אמת'ן גלויבען.

ס'איז פאַרהאַן אַ סמך אָנצונעהמען, אַז שמאַי פלעגט ניט שטענדיג מסכים זיין מיט הלל'ן בנוגע צו די מעטאָדען פון די פירושים אויף דער תורה. ער איז געווען אַ שטרענגער קאָנסערוואַטאָר און האָט געהאַלטען, אַז איטליכע רעלי־גיעזע טראַדיציע, וואָס מען האָט זי איבערגענומען פון די עלטערן, מוז שוין דערפאַר אַליין אָבגעהיט ווערען, און מען מוז אינבעדינגט געפינען פאַר איהר אַ סמך אין דער תורה שבכתב, זאָל זיין כאָטש דורך אַ פּלפּול. אויף אַזאַ אופן האָט, לויט שמאַי'ן נאָך, די פרייע פאָרשונג זיך געמוזט אונטערגעבען אונטער'ן אוטאָריטעט, די פרייע זעלבשטענדיגע שאַפונג פון געזעצען איז זעהר בעגרענעצט געוואָרען.

נאָר חוץ דעם דאָזיגען אונטערשייד צווישען דער קאָנסערוואַטיווער און פּראָגרעסיווער ריכטונג, האָט די נייע עפּאָכע אַרויסגערוקט ניט ווייניג אַנדערע חלוקי־דעות און דער פּאַרטיי פון די געלעהרטע פּרושים. דער מעטאָד פון „דרשנות״, פון אויסטייטשען די ווערטער פון דער תורה, האָט שוין געמוזט אַליין פאַר זיך ברענגען צו טעאָרעטישע חלוקי־דעות, וואָס האָבען זיך דערנאָך אָבגעשפּיגעלט אין פּראַקטישען לעבען. איינע און די זעלביגע שטעלען פון דער תורה, האָבען פערשיידענע תנאים אויסגעטייטשט פערשיידען, און אין סנהדרין פון די פּרושים האָבען זיך געבילדעט פערשיידענע גרופּעס אָדער שולען. ס'איז

פֿערשטאַרקט געװאָרען די פֿריִערדיגע אַחדות אין די מײנונגען בײַ דער פּאַרטײ
פּרושים, װאָס איז געװאָרען אונטערגעהאַלטען דורכ'ן אױטאָריטעט פֿון דער טראַ-
דיציע, און אַנשטאַט דעם זײַנען ענטשטאַנען חילוקי-דעות, װאָס זײַנען אַרױס-
גערופֿען געװאָרען דורך דער װיסענשאַפֿטליכער פֿאָרשונג. די אַנהענגער פֿון די
צװײ גרױסע תנאים האָבען זיך צעטײלט אױף צװײ שולען: בית-הלל און בית-
שמאי, װאָס די פּלוגתות צװישען זײ האָבען געהאַט אַ שטאַרקע װירקונג אױף
דער װײַטערדיגער ענטװיקלונג פֿון דער תורה שבעל-פּה. דאָס איז געװען אַ
נױטװענדיגע דיפֿערענציִרונג (פֿונאַנדערשײדונג) אין דער פּאַרטײ פּרושים, װאָס
האָט בעװיזען, ניט אַז זי פֿאַלט, נאָר אדרבה, אַז אין איהר קומט פֿאָר אַ
שטאַרקעס און טיפֿעס גײַסטיגעס לעבען.

### די קהלות אין קלײן-אַזיען און סיריען.

§ 107. דער רױמישער פּראָטעקטאָראַט, װאָס האָט זיך בעפֿעסטיגט איבער
מלכות-יהודה אין פּאָמפּעיוס'עס צײַטען, האָט גלײַכצײַטיג אַרומגענומען אױך די
צאָהלרײַכע אידישע קהלות, װאָס זײַנען געװען פֿונאַנדערגעװאָרפֿען איבער סיריען,
קלײן-אַזיען און אַנדערע מזרחדיגע פּראָװינצען, װאָס רױם האָט געהאַט אײַנ-
גענומען. די אידישע קאָלאָניעס אינם געװעזענעם קעניגרײַך פֿון די סעלעװקידען,
זעענדיג אַרומגערינגעלט פֿון דער הערשענדער גריכישער בעפֿעלקערונג, האָבען
זיך געהאַלטען פֿעראײניגט אין בעזונדערע קהלות, װאָס האָבען ענערגיש אָבגע-
היט זײער נאַציאָנאַל-רעליגיעזע אױטאָנאָמיע. די העלענישע אָדער העלעני-
זירטע הײדנישע בעפֿעלקערונג האָט ניט שטענדיג געװאָלט לײַדען די דאָזיגע
אָבגעזונדערטקײט פֿון די אידען. די אָרטיגע שטאָדטישע פֿערװאַלטונגען האָבען
אָפֿטמאָהלס געפּרובט צו בעגרענעצען די בירגערליכע רעכט פֿון די אידען און
אײַנצוענגען די זעלבסטפֿערװאַלטונג פֿון זײערע קהלות אין די קלײן-אַזיִשע און
סיריִשע שטעדט. נאָר די רױמישע רעגירונג האָט, זינט יוליוס קיסר'ס צײַטען,
אונטערשטיצט מיט איהר מאַכט די אױטאָנאָמיע פֿון די אידען אין די דאָזיגע
פּראָװינצען. יוליוס קיסר האָט ערלױבט די אידען צו אָרגאַניזירען זיך אין
זעלבסטשטענדיגע קהלות און מאַכען עפֿענטליכע פֿערזאַמלונגען לױט זײער אײ-
גענעם פֿערלאַנג. בשעת די שטאָדט-פֿערװאַלטונג פֿונם אינזעל פּאַראָס האָט
אײן מאָהל אַרױסגעגעבען בעשטימונגען, װאָס זײַנען געװען אומבעקװעם פֿאַר אי-
דען, האָט די רױמישע רעגירונג, לױט דער בקשה פֿון אַ אידישער דעפּוטאַציע,
מבטל געװען די דאָזיגע בעשטימונגען דורך דער פֿאָלגענדער פֿעראָרדנונג[3]:

יוליוס גײַוס, רױמישער פּרעטאָר און קאָנסול, שיקט זײַן גרוס
די הױפּטלײַט, דעם ראַט און דעם פֿאָלק פֿון פּאַראָס. אין דער געגענ-

---

[3] אין „קדמוניות היהודים" (בוך 14, קאַפּ. 10 און 16, 6) װערט געבראַכט אַ גרופּע עדיקטען פֿון צעזאַר, אױגוסטוס און די אָרטיגע רױמישע פֿערװאַלטער, װאָס בעשטעטיגען די רעכט און די פּריװילעגיעס פֿון די אידען.

וואָרט פון אייערע שלוחים זענען געקומען צו מיר דעמאלטען פון די דעלאָסער אידען. און איניגע אידישע איינוואוינער און האבען מיר מודיע געווען, אז חוץ געזעצגעבערישע בעשטימונגען שטערט איהר זיי צו לעבען לויט זייערע אייגענע מנהגים, קלייבען געלד אויף זייערע אייגענע הצטרכותן און אויך צו פיהרען זייער גאָטעסדינסט, און דער צייט וואס דאס איז זיי ניט פערבאָטען אפילו אין רוים. אונזער פרעטאָר און קאָנסול גאיוס צעזאר האט אין זיין פעראָרדנונג וועגען דעם, אז אלע פערזאמלונגען אין שטאָדט זענען פערבאָטען, גראָד די אידען אויסגענומען פונים אלגעמיינעם כלל און האט ערלויבט זיי צו קלייבען געלד און צונויפקלייבען זיך אויף בעראטונגען. דאס אייגענע טו איך אויך: אלע איבעריגע פערזאמלונגען האב איך פערבאָטען, נאר די אידען אליין ער־לויב איך צונויפצוקלייבען זיך לויט זייערע מנהגים און צו אויספילען די פאָראָרדנונגען פון זייער געזעץ. דעריבער מוזט איהר מבטל זיין אלע אייערע בעשטימונגען, וואס איהר האט געמאכט בנוגע צו אונזערע פריינד און פערבינדעטע, מחמת דער גוטער בעציהונג צו אונז מצד די אידען".

דאַנק צעזארס ווירקונג זענען ארויסגעגעבען געוואָרען פונקט אזעלכע „פרייהייטס־אַקטען“ לטובת די אידען פון לאאדיקעא (לודקיא), מילעטוס, האליקארנאסוס, סארדעס און אנדערע קליין־אזישע שטעדט. אין די דאזיגע אַקטען גאראנטירט די רוימישע אָדער די אָרטיגע רעגירונג די אָרטיגע אידען דאס רעכט צו לעבען פריי לויט זייערע אייגענע געזעצען און מנהגים, עפענטליך אָבצוהאלטען זייער גאָטעסדינסט, בויען שולען, האלטען שבתים און ימים־טובים, צונויפקלייבען פערזאמלונגען, און די אָרטיגע אדמיניסטראציע אָדער שטאָדט־פערוואלטונג האט ניט געטאָרט זיך אריינמישען אָדער שטערען זיי דערין.

יוליוס צעזארס יורשים האבען ניט איין מאל בעשטעטיגט די רעכט און פרייהייטען פון די אידישע געמיינדעס אין קליין־אזיען און סיריען. אין די צייטען פון אנטאָניוס זענען די אידען פון עפעסוס און אנדערע קליין־אזישע שטעדט בעפרייט געוואָרען פון מיליטער־דינסט אין די רוימישע לעגיאָנען, מחמת אין דעם דאזיגען דינסט האט מען געמוזט מחלל שבת זיין און עסען טרפות. דאס איז איבעריגענס געווען מעהר ניט א בעשטעטיגונג פון דער פריווילעגיע, וואס די אָרטיגע אידען האבען שוין פריהער געהאט. די אידען, וואס האבען בעקומען די רעכט פון „רוימישע בירגער“, זענען בעפרייט געוואָרען פון צו געבען רעקרוטען און אויסערגעוועהנליכע פאַלען.

די אָרטיגע רעגירונגען פלעגען זיך אָפטמאלס בעמיהען צו פערשווערינגען די בעציהונגען צווישען די אידען פון די גלות־לענדער מיט זייערע ברידער אין ארץ־ישראל און האבען געשטערט זיי צו קלייבען די ספעציעלע אָבצאָהלונגען לטובת דעם בית־המקדש. א רוימישער בעאמטער אין סיריען און פונטיקוס

צײַט, פּלאַקוס, האָט קאָנפֿיסקירט גרויסע סומעס געלט פֿון מתנות פֿאַר׳ן בית־המקדש, וואָס די אָרטיגע אידען האָבען עס געהאַט צונויפֿגעקליבען, כּדי עס אָפּצושיקען קײַן ירושלים. יוליוס קיסר האָט געהאָלפֿען אָפּצושאַפֿען אַזאַ מין ווילדווילען, און דער קייזער אויגוסטוס האָט אין עטליכע עדיקטען בעשטעטיגט דאָס רעכט פֿון אידען צו קלײַבען אַלערלײ כּמעצעלע אָפּצאָהלונגען צוליעב רעליגיעזע און קהלישע צוועקען, און אויך אַנדערע פּריווילעגיעס זייערע. אין איינעם פֿון די דאָזיגע עדיקטען ווערט געזאָגט פֿאָלגענדעס:

„קיסר אויגוסטוס, דער איבערשטער כּהן (פּאָנטיפֿעקס מאַקסימוס), וואָס אידום איז געגעבען געוואָרען די מאַכט פֿון א פֿאָלקס־טריבון, איז מודיע. היות ווי דאָס אידישע פֿאָלק איז ניט בלויז איצט, נאָר אויך פֿריהער, בעזונדערס אין די צײַטען פֿון מײַן פֿאָטער, דעם אימפּעראַטאָר צעזאַר, געווען געטרײַ איבערגעגעבען דעם רוימישען פֿאָלק, בעזונדערס דאַן, בשעת הורקנוס איז געווען כּהן־גדול, דעריבער בעשטימען מיר, איך און מײַנע געשוואָרענע יועצים, לויט׳ן בעשלוס פֿון רוימישען פֿאָלק: אַז די אידען זאָלען האָבען דאָס רעכט צו לעבען אינגעשטערט לויט זייערע געזעצען, ווי דאָס איז געווען אין די צײַטען פֿון הורקנוס, דעם כּהן־גדול פֿונ׳ם איבערשטען; אַז די הייליגע געלדער זאָלען זײַן אומבע־ריהרליך און זאָלען אָפּגעשיקט ווערען קײַן ירושלים און איבערגעגעבען ווערען דאָרט די ירושלמער גבאים; אַז אידען זאָל מען רופֿען אויף געריכטליכע זיצונגען ניט אום שבת און ניט אום ערב שבת פֿון דער ניינטער שעה אָן. אויב מען וועט עמיצען כאַפּען גנבענדיג הייליגע ספרים אָדער הייליגע געלדער פֿון א שול אָדער פֿון א אידישען פֿערזאַמלונגס־לאָקאַל, דער וועט בעשולדיגט ווערען פֿאַר חילול הקדש, און זײַן אייגענס וועט צוגענומען ווערען אין דער רוימישער מלוכה־קאַסע."

בשעת אויגוסטוס׳ס מיטרעגירער, מאַרקוס אַגריפּאַ, איז אַרומגע־פֿאָהרען איבער די מזרחדיגע פּראָווינצען אינאיינעם מיט׳ן קעניג הורדוס I (אין יאָהר 14 פֿאַר קר.), איז צו זיי געקומען א גרויסע דעפּוטאַציע פֿון די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין די יאָנישע שטעדט. די אידען האָבען זיך בע־קלאָגט איבער די אונטערדריקונגען, וואָס זיי האָבען אויסגעשטאַנען מצד די יאָנישע גריכען, דהיינו: מען לאָזט זיי ניט לעבען לויט זייערע מנהגים, מען רופֿט זיי אַרויס פֿאַר׳ן געריכט אין די טעג פֿון הייליגע ימים־טובים, מען צווינגט זיי צו דינען אין מיליטער און טון געזעלשאַפֿטליכע אַרבייטען, מען נעהמט אָב בײַ זיי די געלדער, וואָס זענען בעשטימט פֿאַר׳ן בית־המקדש אין ירושלים, קעגען די פֿאָדערונגען פֿון דער רוימישער רעגירונג. אַגריפּאַ האָט אויסגעהערט די טענות פֿון די אידען, וואָס זיי האָט אונטערגעהאַלטען אויך הורדוסעס בעל־יועץ, ניקאָלויס פֿון דמשק, און אויך די טענות אַנטקעגען מצד די גריכען. די לעצטע האָבען ניט אָבגעליקענט, אַז זייערע מעשים זענען אומגעזעצליך.

נאָר די האָבען זיך פֿערענטפֿערט דערמיט, וואָס די אידען האָבען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט א בעדייטענדען טייל פֿון דער טעריטאָריע און פֿון די געשעפֿטען. דערויף האָבען אידען געענטפֿערט, אַז זיי זענען פּונקט אַזעלכע איינגעבאָרענע איינוואוינער פֿון לאַנד, ווי די גריכען, און זיי בּרענגען קיינעם קיין שאָדען ניט דערמיט, וואָס זיי פֿאָדערען די זעלבּסטפֿערוואַלטונג פֿון זייערע קהלות לויט זייערע אייגענע געזעצען. מאַרקוס-אַגריפּאַ האָט אָנערקענט, אַז די אידען זענען גערעכט, און האָט צוגעזאָגט זיי צו אונטערשטיצען.

אַלע די דאָזיגע פֿאַקטען בעווייזען, פֿון איין זייט, אַז די אָרטיגע היידנישע בעפֿעלקערונג און די אָרטיגע אַדמיניסטראַציע האָבען אָפֿטמאָלס געשטרעבּט צו בעגרענעצען די בּירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פֿון די אידען און די פֿרייהייט פֿון זייער זעלבּסטפֿערוואַלטונג, נאָר פֿון דער אַנדער זייט — בעווייזען זיי, אַז די אידען האָבען שטענדיג ענערגיש פֿערטיידיגט זייער גלייכבערעכטיגונג און זייער געזעלשאַפֿטליך-גייסטליכע אַווטאָנאָמיע, מחמת אין דער לעצטער האָבען זיי איינגעזעהן דעם הויפּט-בעדינג פֿאַר זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אין די גלות-לענדער. סוף פֿון דער עפּאָכע, וואָס ווערט דאָ בעשריבּען, כּיי אין די שפּעטערדיגע, האָבען די אידישע קהלות אויסערהאַלבּ פּאַלעסטינע אונטערגעהאַלטען זייער נאַציאָנאַלע איינהייט ניט בּלויז דורך זייערע בּעציהונגען מיט'ן מוטערלאַנד און דורך שיקען עולי-רגל קיין ירושלים, נאָר אויך דורך א שטענדיגער אינעווייניגסטער אַרבּייט, וואָס איז געווענדט אויף אָפּצוהיטען די געזעלשאַפֿטליכע אויטאָנאָמיע פֿון די אידען, וואָס בּילדען א בעזונדערע נאַציאָנאַל-גייסטיגע איינהייט. די היידנישע פֿעלקער האָבען זיי ניט ליעב געהאַט פֿאַר דער דאָזיגער „אָבּגעזונדערטקייט“ און פֿלעגען אָפֿטמאָלס אויסדריקען זייערע געפֿיהלען אין פֿיינדליכע מעשים; נאָר דאָס אידישע פֿאָלק האָט שוין אין יענע צייטען פֿערשטאַנען צו קעמפֿען דערפֿאַר, וואָס איז דאָס הייליגסטע רעכט פֿון א נאַציע — פֿאַר דער איינהייט פֿון איהר נאַציאָנאַלער פּערזענליכקייט און פֿון איהר אינעווייניגסטער אייגענאַרטיגקייט, קעגען די שטרעבּונגען אויסצומישען זי צווישען דער אַרומיגער סביבה.

די קהלות אין איטאַליען, עגיפּטען און בּבל.

§ 103. א בעדייטונגס-פֿולער פֿאַקט אין דער געשיכטע פֿונ'ם אידישען גלות איז דאָס, וואָס עס האָבען זיך בעוויזען אין ערשטען יאָהרהונדערט פֿאַר דער קר. צייט-רעכנונג, אידישע קהלות אין די מערב-לענדער, אייגענטליך אין איטאַליען. בּיז דער צייט, ווען פּומפּיוס האָט איינגענומען אזיען, האָבען די אידען געוואוינט אין איטאַליען, אַפֿנים, בּלויז אין אונבעדייטענדע גרופּען, וואָס האָבען ניט געהאַט זייער געמיינדע-אָרדנונג. פֿון מלכות-יהודה פֿלעגען קומען א מאָל צו פֿאָהרען אידען קיין רוים צופֿעליג, די צוליעב פּאָליטישע ענינים

די שלוחים פון די ערשטע השמונאים), יענע צוליעב האנדעלס-צוועקען. צו ערשט האט זיך געגרינדעט א בעדייטענדע אידישע קאָלאָניע אין רוים אַנ׳ערך אין יאָהר 63.

בשעת פומפיוס האט איינגענומען ירושלים, האט ער מיטגענומען מיט זיך פון דאָרט קיין רוים א סך אידישע געפאַנגענע, וואָס זענען פערקויפט געוואָרען פאַר שקלאַפען. באַלד אָבער האט מען א גרויסען טייל פון די געפאַנגענע אָבגעלאָזט פריי, וואָרום איבער דעם, וואָס זיי האָבען שטרענג אָבגעהיט שבת און אַנדערע אידישע מנהגים, האָבען זיי ניט געקאָנט ברענגען קיין גרויסען נוצען זייערע בעלי-בתים; ס׳איז אויך מעגליך, אז איינינע פון זיי זענען אויסגעקויפט געוואָרען דורך זייערע רייכע קרובים אין מלכות-יהודה. נאָכדעם ווי די בעפרייטע געפאַנגענע האָבען בעקומען דאָס רעכט פון „רוימישע בירגער", זענען די געבליבען וואוינען אין רוים, אין א בעזונדערן קוואַרטאַל אויף יענער זייט טיבער, און האָבען דאָרט געבילדעט אַ׳ענג געשלאָסענע געמיינדע. לעבענדיג אין הויפט-שטאָדט פון דער גרויסער מלוכה, האָבען די רוימישע אידען אויפמערקזאַם אַכטונג געגעבען אויף די פּאָליטישע געשעהענישען און פלעגען דאָס אָפטמאָלס אויסנוצען צוליעב די אינטערעסען פון זייערע פאָלקס-ברידער.

פאָלגענדער פאַל בעווייזט, ווי בעדייטענד ס׳איז געווען דער פּאָליטישער איינפלוס פון די אידען שוין אין די ערשטע יאָהרען, זינט זיי האָבען זיך בעזעצט אין רוים. דער רוימישער פּראָקאָנסול אין אזיען, פ ל א ק ו ס, וואָס האט אָבגעטאָן א סך עוולות און גזלות בשעת׳ן דיענסט, האט אויך אָנגערירט די קליין-אַזישע אידען — און האט קאָנפיסקירט א גרויסע סומע געלד, וואָס זיי האָבען געהאַט צונויפגעקליבען לטובת דעם בית-המקדש. צו פערטיידיגען פלאַקוס׳ן פאַר׳ן געריכט האט זיך גענומען דער גרויסער רעדנער צ י צ ע ר א, וואָס איז געווען א קאָנסערוואַטיווער פּאָליטישער טוער און האט זיך פערהאַלטען מיט שנאה צו אידען. בשעת׳ן בעהאַנדלען דעם פּראָצעס אין געריכט, האָבען זיך איינגעפונען צווישען פּובליקום א סך רוימישע אידען, וואָס האָבען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט׳ן פּראָצעס (59). דער שרעקעדיגער ציצערא, וואָס האט מורא געהאַט צו דערצאָרנען מיט זיינע רעדע די אידען, האט מיט א כיון גערעדט זעהר שטיל, כדי איהם זאָלען קאָנען הערען נאָר די ריכטער. דער פערטיידיגער פון׳ם בעשמוטצטען פלאַקוס׳ן, וואָס מען האט איהם געכאַפּט ביי גזלות, האט בעוויזען, אז מען מוז אַנטקעגענווירקען קעגען דעם „באַרבאַרישען אָבערגלויבען" פון די אידען, אז אפילו פומפּיוס האט ביים איינעמען ירושלים ניט אָנגערירט די אוצרות פון בית-המקדש, איז דאָס געווען ניט דערפאַר, וואָס ער האט אָבגעגעבען כבוד דעם אידישען היילגטום, נאָר מחמת ער האט ניט געוואָלט געבען אַן אורזאַכע די אידען צו פּראָטעסטירען; אז דאָס אידישע פאָלק האט שטענדיג געפיהלט אַן עקעל צו די געזעצען און מנהגים פון די רוימער און אין דער מלחמה מיט פּומפּיוסן האָבען זיך בעזונדערס בולט אַרויס-

געוויזען די ראָזיגע פֿײַנדליכע געפֿיהלען. אין ציצעראָ'ס רעדע האָט זיך אַרויסגעוויזען יענע שׂנאה, וואָס דער אמת'ער געצענדיענער האָט געפֿיהלט צו דער פֿרעמדער וועלט־אָנשויאונג פֿון דער יהדות, יענע שׂנאה, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין דער העלעניסטישער אלכּסנדריא (§ 79) און האָט זיך שפּעטער איינגעוואָרצעלט אין אַ געוויסען טייל פֿון דער רוימישער געזעלשאַפֿט.

אַ דירעקטער היפּוך צו דער ראָזיגער שמאָלער אינטאָלעראַנטקייט ציצעראָ'ס איז געוועזען די ברייט־טאָלעראַנטע בעציהונג פֿון יוליוס קיסר צו די אידען פֿון די גלות־לענדער. צעזאַר האָט מיט דער זעלביגער מאַכט פֿערטיידיגט די רעכטע און די פֿרייהייט פֿון אידען אין רוים, פּונקט אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן אין קליין־אזיען און סיריען. און ניט אומזיסט האָבען די אידען אַזוי מיט גאַנצען האַרצען בעוויינט זיין געוואַלד־טויט. די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין רוים, זענען, לויט ווי סועטאָניוס זאָגט עדות, גאַנצע נעכט געשטאַנען וואַך ביים טויטען קערפּער פֿונ'ם אומגעקומענעם דיקטאַטאָר און האָבען ביטערליך בעוויינט זייער פֿערשטאָרבענעם בעשיצער.

אין די צייטען פֿון קייזער אויגוסטוס איז די אידישע קאָלאָניע אין רוים נאָך מעהר אויסגעוואַקסען. צווישען איהר און צווישען דער הויפּט־שטאָדט פֿון מלכות־יהודה האָבען זיך איינגעשטעלט שטענדיגע בעציהונגען. הורדוס I־ענס זיהן און יורשים האָבען געלערנט אין רוים, און אָפֿטמאָלס פֿלעגען קומען צו פֿאָהרען אַהין שלוחים און דעפּוטאַציעס פֿונ'ם אידישען הויף און פֿון פֿאָלק. די רוימישע אידען האָבען גענומען אַ לעבעדיגען אָנטייל אינ'ם פּאַרטייען־קאַמפּף, וואָס האָט דעמאָלט געשטורעמט אין מלכות־יהודה. נאָך הורדוס'עס טויט, בשעת זיינע יורשים זענען געקומען אין רוים, כּדי צו בעקומען פֿונ'ם קייזער אויגוסטוס אַ בעשטעטיגונג אויף דער צוואה, זענען די רוימישע אידען צוגעשטאַנען ניט צו די פּרעטענדענטען, נאָר צו דער דעפּוטאַציע פֿון די ירושלימ'ער אידען, וואָס איז געקומען קיין רוים צו בעטען, אַז אין לאַנד יהודה זאָל איינגעשטעלט ווערען אַן אויטאָנאָמע רעפּובליק (§ 101). פֿאַר דער השתדלות פֿון דער פֿאָלקס־דעפּוטאַציע האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, לויט ווי עס דערצעהלט יוסיפוס פֿלאַוויוס, העכער אַכט טויזענד רוימישע אידען.

וואָס פֿאַר אַ שינויים ס'זענען פֿאָרגעקומען אינ'ם לעבען פֿון די אידען אין עגיפּטען פֿאַר דער ערשטער צייט, זינט דאָרט האָט זיך איינגעפֿעסטיגט די רוימישע ממשלה (אין יאָהר 30 פֿאַר קר.) — דאָס איז ניט בעוואוסט. מען בעדאַרף משער זיין, אַז קיין גרויסע שינויים זענען ניט פֿאָרגעקומען. די אידען האָבען דאָרט געהאַט די אייגענע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, וואָס זיי האָבען געהאַט אויך פֿריהער, בשעת דער ממשלה פֿון די סעלייקידען (§ 77). די אידיש־העלענישע קולטור אין אלכּסנדריא האָט זיך אַלץ ווייטער אַנטוויקעלט, און אין יכען האָט זי אַרויסגערוקט אַזאַ גרויסען מענטשען, ווי פֿילאָן פֿון אלכּסנדריא.

פֿון די מזרח־לענדער, וואָס זענען פֿאַרבליבן אויסערהאַלב דעם רוימישן ווירקונגס־קרייז, האָבן געוואוינט אידן צום מייסטן אין בבל, וואָס האָט זיך געפֿונען אונטער דער ממשלה פֿון די פּאַרטער. דאָ האָבן זיך געפֿונען נאָך זינט דער צייט פֿון דער פּערסישער איבערהערשאַפֿט אַ סך גוט איינגעאָרדנטע אידישע קהלות, וואָס וועגן זיי איז, איבעריגענס, ווינציג וואָס בעוואוסט ביז דער עפּאָכע פֿון די לעצטע חשמונאים. בשעת די פּאַרטער האָבן אַוועקגעפֿיהרט דעם אַראָפּגעזעצטן קעניג־כהן־גדול הורקנוס II קיין בבל, האָבן די דאָרטיגע אידן איהם געמאַכט פֿאַר זייער גייסטיגן פֿיהרער און האָבן איהם אָפּגעגעבן גרויס כבוד. איינער פֿון די כהנים־גדולים, וואָס הורדוס האָט בעשטימט אין ירושלים, איז געוועזן חננאל, אַ געבוירטיגער פֿון בבל. הלל, דער גרויסער תנא און בעשעפֿער פֿון דער תלמודישער יהדות, איז אויך געוועזן אַ בבלי. פֿון אַלע די דאָזיגע פֿאַקטען און אַנדערע אָנווייזונגען קאָן מען קומען צו דער מסקנה, אַז אין דער עפּאָכע, וואָס ווערט דאָ בעשריבן, זענען די אידן פֿון בבל געוועזן ניט קיין אונוויכטיגער טייל פֿון דעם אידישן ישוב אין די גלות־לענדער, הן אין כמות, הן אין איכות. ס'איז קיין ספֿק ניט, אַז ביי זייער גייסטיגער אָב־געזונדערטקייט פֿון דער אַרומיגער ווינציג־קולטורעלער בעפֿעלקערונג האָבן די אידן פֿון בבל איינגעהיט מעהר עלעמענטן פֿון זייער נאַציאָנאַלער אייגענאַרטיג־קייט, איידער די עגיפּטישע אידן, וואָס זענען אונטערגעפֿאַלן אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פֿון דער העלענישער קולטור. הלל הבבלי און פֿילון דער אַלעקסאַנדריער קאָנען דיענען פֿאַר די מוסטערן פֿון אָט די ביידע ריכטונגען אינ'ם אידישן פֿאָלק: פֿון דער נאַציאָנאַלער און פֿון דער אוניווערסאַלער.